חיים גראַדע

# צמח אַטלאַס

## [די ישיבה]

צווייטער
באַנד

אַרויסגעגעבן דורכן
יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד
אין לאָס־אַנדזשעלעס

* * *

דער ראָמאַן צמח אַטלאַס איז דורך מיר איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי כרכים בלויז מחמת טעכנישע סיבות. כמעט אַ העלפט פון צווייטן באַנד איז אַ דירעקטער המשך פון ערשטן, אָן אַ לענגערער הפסקה אין צייט און אָן אַן איבערבייט אין אָרט פון די געשעענישן, אין דער זעלבער אַטמאָספער און סביבה.

די פאַראינטערעסירטע אין יידישן בוך וויסן ווי פיינלעך־שווער עס קומט היינט אָן אַ מחבר אַרויסצוגעבן זיין שאַפונג. דער שרייבער דאַרף האָבן אַ סך שותפים צו אַזאַ אונטערנעמונג. דריק איך דאָ אויס אַ האַרציקן דאַנק מיינע לאַנג־יאָריקע חברים און גוטע פריינד, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די איצטיקע אויסגאַבע:

יוסף און אַניטאַ מילן פון יאָהאַנעסבורג; אַרטור און איידאַ שעכטער פון גרענד־רעפּידס; מאָרריס און יאָהאַנאַ לאַנגע פון קליוו־לאַנד; און אברהם בערניקער פון ווינדזאָר, צום אָנדענק פון זיין פרוי, מיין ליבע און ליכטיקע פריינדין נעלי, ע״ה.

די אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע פאַר אידישער פאָרשונג, וואָס האָט מיר צוגעטיילט איר הויכע פּרעמיע, אויפן נאָמען פון דע־טראָיטער ראַביי מאָרריס אַדלער, פאַרן ערשטן באַנד פון דאָזיקן ווערק וועגן ישיבה־לעבן — די אַקאַדעמיע האָט אויך פאַרן איצ־טיקן צווייטן באַנד זיך שטאַרק באַמיט און געקראָגן די מיטהילף פון דער ליטאַוער־פונדאַציע און איר חשובן פּרעזידענט הערי סטאַר.

מיט אַ גוט געפיל דערמאָן איך דאָ נאָך אַן אויסצייכענונג פאַרן ערשטן באַנד פון ראָמאַן: די ליטעראַטור־פּרעמיע אויפן נאָ־מען פון שמואל ניגער ביים קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע, וואו עס בליט אַ יידיש לעבן, אונטער דער פירערשאַפט פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה. לסוף וויל איך אויך דערמאָנען דעם יידיש־נאַציאָ־נאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין לאָס־אַנדזשעלעס. זיינע טוער, מיינע ידידים ורעים, זיינען געווען די ערשטע איניציאַטאָרן אַרויסצוגעבן צמח אַטלאַס. אַלע מיינע פריינד פון נאָענט און ווייט — מיין דאַנק און ליבשאַפט.

דער מחבר

דער מחבר דאַנקט זיין קאָלעגע, דעם פּאָעט אַלף כּץ,
פאַר זיין מיטאַרבעט ביים רעדאַקטירן דאָס בוך.

# 1

**דער מנהל פון וואַלקעניקער ישיבה־קטנה, ר׳ צמח** אַטלאַס, האָט אויפגעהערט זאָגן שמועסן אין מוסר און איז פאַרשאָטנט געוואָרן מיט טרויער, ווי אַן איינציקער נאָדל־בוים אויף אַ בערגל אין אַ טריבן טאָג, ווען נידעריק איבער זיין קאָפּ נעמט קריכן אַ פינצטערע כמאַרע.

זינט דער מחזה־אברהם, ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער, האָט דעם מנהל געוואָרנט, אַז כאָטש די תלמידים פאַרשטייען נאָך ניט די כוונה פון זיינע ווערטער, פאַרגעדענקען זיי די ווערטער גופא און וועלן זיך לסוף אָנשטויסן אַז ער איז ניט קיין פולער מאמין — איז אים מער ניחא געווען אינגאַנצן אויפהערן ריידן, איידער זיין אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט. ער איז אָבער יעדן טאָג אַריינגעקומען אויף אַ שעה אין ישיבה. דערנאָך איז ער אַוועק אין זיין חדר אין הויז פון ר׳ ישראל דעם שניידער, אָדער איז אַרויף אין בוידעם־שטיבל פאַר התבודדות. נאָך אָפּטער און לענגער האָט ער פאַרבראַכט אין עזרת־נשים פון דער קאַלטער שול. אומעטום האָט צמח זיך געמאַטערט מיט דער זעלבער שאלה: אפשר צוריקפאָרן אַהיים? און שטענדיק האָט ער זיך געענטפערט: ניין! אויב ער האָט ניט קיין מנוחה אין דער וועלט פון תורה, וועט ער עס אַוודאי ניט האָבן אין דער וועלט פון קרעמער און זיין ווייבס משפחה. ער טאָר זיך אויך ניט אָפּזאָגן

פון זיין אַחריות כלפּי דער ישיבה וואָס ער האָט געבויט, בפּרט אַז קיינער צווינגט אים ניט טאָן זאַכן וואָס ער וויל ניט.

דאָס ניט דאַרפן איבערטראַכטן ווי צו ריידן פאַר די תלמידים און דאָס זיין מיט זיך אַליין גאַנצע טעג, האָבן פריי געלאָזט צמחס ווידערשפּעניקע מחשבות. בחורוויז האָבן באָרד און פּאות פאַרוואַקסן זיינע ספקות. איצט זיינען די קשיות געוואַקסן אינאיינעם מיט זיין באָרד און פּאות, ווי די כפירה וואָלט פאַרקראָכן אונטער די וואָרצלען פון זיינע האָר. אַמאָל האָט ער זיך געגריבלט אין די חקירה־ספרים וואָס דערווייזן אַ סיבה ראשונה. איצט האָט ער געוואוסט אַז אַ גאָט על־פּי שכל איז ניט קיין רבונו־של־עולם פון האַרצן. נאָך ווייניקער איז ער זיכער געווען אין השגחה פּרטית. מען זאָל משפּטן לויט די טרערן פון די געדריקטע איז אפשר גערעכט די שיטה, אַז די השגחה פּירט די וועלט לויט אייביקע חוקים און איר איז קיין חילוק ניט, צי אַ מענטש צעטרעט אַ וואָרעם, אָדער אַ לייב פאַרצוקט אַ נביא. אויפן אייביקן ווײ־געשריי זינגט די נביאים און איוב פאַר־וואָס דעם רשע גייט גוט און דעם צדיק גייט שלעכט, האָבן רבותינו פון אַלע ציַיטן געענטפערט: דער שכר פאַר גוטס איז אויף יענער־וועלט. און ווי איז אויב ס'איז ניטאָ אַ יענע זייט? וואויל איז צו די תמימים וואָס גלייבן אין אַן עולם־האמת פונקט ווי זיי זיינען זיכער אין תורה מן השמים. אַן עדות, זאָגן זיי, איז די וועלט וואָס האָט געהערט די דונערן און געזען די ניסים פון מעמד הר סיני. יענער אָבער וואָס איז ניט געבענטשט מיט אַזאַ אמונה, קען אויך פרעגן אויף די מצוות וואָס מיר פאַרשטייען ניט זייערע טעמים. צמח האָט ניט געוואוסט צי זיין פאַרשטאַרקטער צווייפל איז אַ פּועל־יוצא פון זיינע דורכפאַלן אין לעבן, אָדער ער איז דורכגעפאַלן ווייל ער האָט זיך געוואַקלט. ער האָט בלויז ניט גע'ספקט אין דער תורה פון די בעלי־מוסר, אַז דער מענטש איז פון געבוירנ־טאָג שלעכט און קען דורך אַרבעטן אויף זיך ווערן גוט.

אין שטעטל האָבן זיך גענומען באַווייזן די שטענדיקע זומער־געסט — תלמידי־חכמים פון דער ליטע. צמח האָט אויך מיט זיי זיך געהאַלטן פון וויטן. ער האָט קיינמאָל ניט ליב געהאַט גדולים וואָס זוכן גדולה און גוט־באַצאָלטע שטעלעס פון כלי־קודש. חוץ דעם האָט ער געוואוסט אַז צווישן אים און די אַנדערע בני־תורה איז פאַראַן אַ נאָך טיפערער אונטערשייד. זיי זיינען מאמינים אָדער טראַכטן איבערהויפּט ניט אַריין אין עיקרים, בעת זיין אמונה איז אָנגערירט אין סאַמע וואָרצל. דערפאַר פילט ער זיך פּנים אל פּנים מיט אַזעלכע יונגעלייט מעשה אָפּנאַרער הלמאי ער טראָגט אַן איצטלא דרבנן, אַ באָרד מיט פּאות און איז אַ מנהל פון אַ ישיבה־קטנה. האָט צמח שטאַרק געציטערט, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוויסן וואָס אין אים קומט פאָר, מען זאָל אים ניט זאָגן אַז ער איז אַ צבוע — דער ערגסטער פלעק אויף אַ מענטשן אין זיינע אויגן. דער צווייטער ראש־

ישיבה, זיין חבר ר׳ מנחם־מענדל סגל, איז אויף אים קיין מבין ניט. דער איינ־ציקער וואָס וויס און פאַרשטייט וויפל ער מאַטערט זיך מיט זיינע ספקות איז דער מחזה־אברהם. אָבער דער מחזה־אברהם, זעט אויס, וועט שווייגן.

מורא געהאַט האָט צמח פאַרן נייעם וואַלקעניקער רב, ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא, און זיינע קינדער. דעם רבס זון און איידעם האָבן אים געקענט נאָך פון נאַווהאַרעדאָק גופא, פון די וואַנדער־יאָרן אין רוסלאַנד און שפּעטער פון פּוילן. צמח האָט געוואוסט אַז צו די אַלטע טענות קעגן אים זיינען צוגעקומען נייע. זונדל קאַנאַטאָפּער און ר׳ דובער ליפשיץ האָבן צעטראָגן צווישן חברים, אַז ווען זיי זיינען געקומען קיין לאָמזשע אים מחזיר למוטב זיין, האָט ער גערעדט כפירה. דאָס וואָס ער האָט נאָכדעם איבערגעלאָזט אַ רייכע היים און געמאַכט אַ ישיבה, איז קיין ראיה ניט אַז ער האָט זיך געביטן. קיין נאַוואַרעדקער וואָס פאַרט פאַרביי וואַלקעניק קומט ניט אַראָפּ צו אים אויף שבת. ער האָט אויך גוט באַ־מערקט אַז דער רב מיידט אים אויס, זיכער טוט ער עס אויפן אָנזאָג פון זיינע קינדער. איצט זיינען ביידע יונגעלייט אַראָפּגעקומען צום טאַטן צו גאַסט. און צמח האָט געמורמלט צו זיך מיטן לשון פון איוב: כי פּחד פּחדתי ויאתיני ואשר יגורתי יבוא לי. וואָס ער האָט פאַרויסגעפילט און פאַר דעם זיך געשראָקן איז מקוים געוואָרן.

דעם רבס זון, ר׳ סענדער שישלעוויצער, האָט נאָך בחורוויז גע׳שמט פאַר אַ כתבא־רבא. ער האָט פאַרשריבן דעם ׳אַלטן׳ ר׳ יוסף־יויזלס שמועסן אין מוסר און זיי שפּעטער אָפּגעדרוקט אין קונטרסים. ר׳ סענדער שישלעוויצער האָט געהאַט אַ ברייטע קיילעכדיקע צורה און אַ רונדע באָרד, אויסגעהאַמערט ווי פון קופּער. וועדליק זיינע פרישע דיקלעכע ליפּן, ווייס־ראָזלעכע באַקן און גרויסע פאַרחידושטע אויגן, האָט מען געקענט מיינען אַז ער איז אַ יונגערמאַן אַ תמים. נאָר אַז ער האָט אַ בחורל אָנגעקוקט, האָט יענער דערפילט ווי מען וואָלט מיט אַ פּראָפּנציער פון אים אַרויסגעצויגן אַלץ וואָס ער וויל באַהאַלטן. ערשט אַז ר׳ סענדער האָט דערזען ווי דאָס בחורל ציטערט פון זיין דורכדרינגלעכן בליק, האָט ער זיך מאָדנע צעלאַכט, גענומען דעם תלמיד אונטערן אָרעם און מיט אים שפּאַצירט דורכן בית־מדרש אַזוי לאַנג, ביז יענער האָט זיך דערפילט דערהויבן און באַגליקט פון אַזאַ כבוד און התקרבות.

אויך ר׳ סענדערס שוואָגער, דער שוואַרצער, דאַרער און בייניקער הערשל זשווירער, האָט גע׳שמט פאַר אַ בעל־מדרגה. ביידע שוואָגערס זיינען געזעסן אין נאַוואַרעדקער קיבוץ בית־יוסף אין מעזריטש. האָט דער מעזריטשער ראש־ישיבה צו יעדער צייט געקענט שיקן דעם זשווירער זיך וואַלגערן ערגעץ אין אַ שטעטל און דאָרט זיין אַ מחנך פון אָנפאַנגער. בעת הערשל זשווירער איז אָנגעקומען אין ישיבה־קטנה האָט ער אויף די תלמידים קיין רושם ניט געמאַכט.

זיינע שמועסן אין מוסר האָבן ניט פאַרמאָגט קיין עמקות, זיין שיעור אין גמרא האָט ניט געבליצט מיט חריפות. מען האָט אויך ניט געזען אַז ער זאָל זיצן און לערנען מיט התמדה. ער האָט זיך געקראַצט און אַרומגעדרייט איבערן בית־מדרש, אָדער איז געזעסן אין אַ ווינקל מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין אַ שטענדער און געדרימלט. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז דער קליינשטעטלשער מנהל האָט אים געבעטן דאַוונען אַ מעריב. דעמאָלט האָבן שוין אַלע איינגעזען ווער ס'איז דער כלומרשט פאַרשלאָפענער מחזק. דער זשווירער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל אויף די אַקסל, זיך צוגעשאַרט צום עמוד און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי 'והוא רחום' מיט אַזאַ התרגשות, אַז די תלמידים זיינען אַריינגעפאַלן אין אַן אַלולדיקער התלהבות אין אַ געוויינלעכן וואָכעדיקן, ווינטערדיקן אָונט ערגעץ־וואו אין אַ פאַרשנייטן ישוב. אויך וועגן הערשל זשווירערס חתונה האָט מען דערציילט גדלות. זיין מחותן, ר' מרדכי־אהרן שפּירא, דעמאָלט נאָך שישלעוויצער רב, האָט אים געוואָלט זאָגן וויפל ער קריגט נדן און וויפל יאָר קעסט. האָט דער חתן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. „ס'איז קיין חילוק ניט !" און גלייך נאָך דער חתונה איז ער אינאיינעם מיטן יונגן ווייבל צוריקגעפאָרן אין מעזריטשער ישיבה, לעבן אויף ראַזעוון ברויט און פאַסנע עסנס, אַבי בלייבן ביי תורה אויפן נאָוואַ־רעדקער שטייגער.

ר' מנחם־מענדל האָט דעם רבס זון און איידעם נאָך געקענט פון דער צייט בעת זיי אַלע זיינען געווען בחורים. דערזען די צוויי שוואָגערס אַריינקומען אין בית־מדרש, איז ער זיי אַנטקעגנגעלאָפן מיט שמחה. אָבער ווען ר' מנחם־מענדל האָט ביי ר' סענדער שישלעוויצער געבעטן זאָגן אין ישיבה אַ שמועס, האָט אים יענער געענטפערט, ער איז געקומען קיין וואַלקעניק צום טאַטן אויף דאַטשע, ניט זאָגן קיין שמועסן.

„אונדזער מנהל ר' צמח האָט לעצטנס אויפגעהערט ריידן פאַר די תלמידים. ער קומט איבערהויפּט וויניק אַריין אין בית־מדרש, ער זיצט ביחידות און לערנט מוסר," האָט ר' מנחם־מענדל זיך פאַרטרויט פאַר די אַלטע חברים. נאָרביידע האָבן אים גאָרניט געענטפערט, זיי האָבן זיך בלויז איבערגעקוקט און זיינען אַרויס פון בית־מדרש.

„ר' מנחם־מענדל סגל איז געבליבן דער זעלבער בטלן ווי בחורוייז. ער פאַרשטייט ניט אַז צמח לאָמזשער וואָס זיצט איצט, לויט זיינע רייד, און לערנט מוסר ביחידות, קען פונקט אַזוי לערנען מוסר אָן אַ היטל," האָט ר' סענדער געערעדט צום שוואָגער און ביידע זיינען פון שולהויף־בערגל אַרונטער צום בית־הרב.

צוזאַמענגנס איז דער רב מיטן זון און איידעם געווען צו גאַסט אין סמאָ־לאָרניע. ר' מרדכי־אהרן שפּירא האָט אויף זיין שטייגער געזאָגט דרוש־ווערט־

לעך, פּשטלעך; דער מחזה־אברהם האָט זיך שוויגנדיק צוגעהערט, צייטנווייז הויך אַ לאַך געטאָן און ווידער לאַנג געשוויגן.ביידע שוואָגערס האָבן געלאָזט ריידן דעם פאָטער און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון ר׳ אברהם־שעיה קאַסאָווער, זיי האָבן אים געזען דאָס ערשטע מאָל. ביי דער מסיבה איז אויך געזעסן חייקל. ער האָט נייגעריק באַטראַכט דעם רבס זון, מיט דער פרישער קיילעכדיקער צורה, און דעם איידעם, מיטן דאַרן בייניקן פּנים. חייקלען איז פאָרגעקומען אַז די צוויי נאָוואַרעדקער קוקן אויפן מחזה־אברהם מיט אַפשיי פאַר זיין לומדות, נאָר אויך מיט באַהאַלטענעם ביטול. ער איז דאָך אַן אַלט־מאָדישער תלמיד־חכם וואָס פאַרשטייט ניט קיין דיגעם ׳דערהער׳ אין מוסר.

דער רב האָט עטלעכע מאָל אָנגעקוקט מיט דוגזה דעם תלמיד־שוטה, וואָס האָט קיין שכל ניט אַרויסצוגיין ווען עלטערע ריידן. אָבער חייקל האָט זיך פון אָרט ניט גערירט, ער האָט געוואָלט אַלץ זען און הערן. דער רב האָט געקרעכצט: ער איז אין וואַלקעניק אַריינגעפאָרן ערשט ל״ג בעומר און די קהילה איז אים שוין געבליבן שולדיק אַ וואָך שכירות. אויב אַפילו מען זאָל אים צאָלן פּינקטלעך וועט אים אויך ניט קלעקן אויף חיונה. האָט ער געבעטן אַ הוספה און קהל איז גרייט געבן. דאַרף מען אָבער העכערן דעם אַפּצאָל אויף פלייש און די קהילה־לייט שרעקן זיך, אַז דאָס וועט אויפרעגן דעם פראָסטן המון.

„העכערן דעם אַפּצאָל אויף פלייש טאָר מען בשום אופן ניט,״ האָט דער מחזה־אברהם געזאָגט.

„ניט איך פאַרלאַנג עס,״ האָט ר׳ מרדכי־אהרן אויפגעהויבן ביידע הענט צו די אויערן און געשאָקלט מיט דער לאַנגער סיווער באָרד, ווי אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם אומזיסטן חשד. „די פרנסים ווילן סייווי העכערן דעם אַפּצאָל אויף פלייש. קהל האָט גרויסע הוצאות און בעלי־בתים צאָלן ניט דעם קהילה־שטייער.״

„דאַרפט איר מתרה זיין די קהילה־לייט און די קצבים, אַז איר וועט אויפן פלייש אויסרופן אַן איסור,״ האָט דער מחזה־אברהם באַקומען רויטע פלעקן אויפן פּנים. „אָפּגערעדט אַז ס׳איז אַן אומרעכט צו באַרייסן אָרעמעלייט, טאָר מען היינטיקע צייטן אַפילו ביי גבירים ניט נעמען צו־טייער פאַר כשר פלייש, ווייל זיי וועלן קויפן טרפות.״

ביידע שוואָגערס האָבן אויסגעזען שטאַרק פאַרחידושט פון מחזה־אברהמס שאַרפע רייד. דאָך האָבן זיי זיך ניט אַריינגעמישט אויס שרעק פאַרן פאָטער וואָס האָט זיך געקאָכט. „און איר וואָלט ניט מורא געהאַט אויסצורופן אַן איסור אויף פרנסים און קצבים אין אַ שטעטל וואו איר זייט נאָר־וואָס אַריינגעפאָרן?״ „אויב איך וואָלט געווען רב אין שטעטל וואָלט איך עס זיכער געטאָן,״ האָט דער מחזה־אברהם אָוועקגעלייגט אויפן טיש אַ שווערע פויסט.

חייקל האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צום שמועס און

געקוקט אויפֿן רבינס שווערער פּויסט. אים האָט ניט איינמאָל געוואונדערט, ווי קומען צום מחזה־אברהם אַזעלכע דיקע הענט און פֿליישיקע פֿינגער. געזען אַז דער תּלמיד־שוטה רירט זיך פֿאָרט ניט פֿון אָרט און אַז אויך זיין רבין פֿאַלט ניט איין אים הייסן אַרויסגיין, האָט ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא זיך אויפֿגעהויבן מיט אַ קרעכץ און איז אַרויס אין הויף, באַגלייט פֿון זיינע קינדער און דעם מחזה־אברהם. ווערדליק דער רב האָט מיטן שטעקן אין דער האַנט היינטער דער פֿלייצע געשאַרט נערוועז אין זאַמד, איז קענטיק געווען ווי עס קאָכט אין אים. חייקל האָט דורכן פֿענצטער געזען, דאָס דינגעניש פֿירט זיך דאָרט ווייטער און ס׳האָט אים פֿאַר־דראָסן וואָס ער איז ניטאָ דערביי. ער וואָלט פֿריער זיך גאָרניט פֿאָרגעשטעלט, אַז דער רבי וועט זיך אַזוי איינשטעלן פֿאַר וואַלקעניקער יידן, וואָס ער באַגעגנט זעלטן און שמועסט מיט זיי נאָך זעלטענער אַפֿילו ווען ער באַגעגנט זיי.

אויף דער פֿרישער לופֿט איינדרויסן האָט ר׳ מרדכי־אהרן שפּיראָס כּעס זיך אַ ביסל אָפּגעקילט. ער האָט ווידער געפֿרעגט אַ קשיה אויף אַ פּסוק און אים פֿאַרענטפֿערט מיט אַ שיינעם מגידישן משל. פּלוצעם האָט ער צום זון און איידעם אַ זאָג געטאָן, זיי זאָלן דערציילן וואָס זיי ווייסן וועגן וואַלקעניקער מנהל ר׳ צמח אַטלאַס. „איך האָב אַנוסטן ר׳ אברהם־שעיהן אָנגעדייט, אַז מיין ניט מישן זיך אין דער היגער ישיבה האָט אַ סיבה. דער היגער מנהל ר׳ צמח אַטלאַס איז...“

„אַן אדם גדול!“ האָט דער מחזה־אברהם אָפּגעשניטן ווי מיט אַ האַרבער התראה, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן זאָגן אַנדערש. „געוויס איז ר׳ צמח לאָמזשער אַ מענטש מיט גרויסע כּוחות, ער איז עס אַלעמאָל געווען,“ האָט ר׳ סענדער צוגעשטימט און זיין ברייטער שמייכל האָט אַריינגעקייטשט חן־גריבעלעך אין זיינע פֿולע באַקן.

„און איר זייט אין דער ישיבה אַריינגעקומען?“ האָט ר׳ אברהם־שעיה געפֿרעגט ביים רבס איידעם, וואָס איז אים געפֿעלן מיט זיין טויב־שטומען שווייגן. „יאָ, מיר זיינען אַריינגעקומען,“ האָט הערשל זשווירער געענטפֿערט מיט אומווילן צו שמועסן וועגן דעם ווייטער.

מען האָט געזען אַז דעם מנהלס אַמאָליקע חברים ווילן אים ניט באַריידן, ווילן אָבער אויך ניט האָבן מיט אים צו טאָן. דער מחזה־אברהם האָט געקראָגן אַ פֿאַרזאָרגט פּנים און גערעדט צום רב אַן אויפֿגערעגטער: ביי זיין ערשטן וויזיט אין סמאָלאַרניע האָט דער וואַלקעניקער מרא־דאתרא געזאָגט, ער האָט מורא ר׳ צמח אַטלאַס זאָל אים ניט רודפֿן. דאַרף דער וואַלקעניקער מרא־דאתרא זיך היטן, אַז פֿון שרעק ניט צו זיין קיין נרדף זאָל ער ניט ווערן קיין רודף.

„היכי דמי?“ האָט ר׳ מרדכי־אהרן זיך ווידער געגעבן אַ קאָך־אויף און געקוקט אויף די קינדער מיט רציחה הלמאי זיי שטייען ווי די לעמעשקעס. „ווי איז עס געמאָלט אַז פֿון שרעק ניט צו זיין אַ נרדף זאָל איך ווערן אַ רודף?“

„דער מהלך צווישן נרדף און רודף איז אין אַ כחוט־השערה. אין איין כהרף־עין קענען זיי זיך בייטן מיט די ראָלעס," האָט ר' אברהם־שעיה זיך געווענדט צו די יונגעלייט. אפשר וועלן זיי, די בעלי־מוסר, פאַרשטיין וואָס זייער פּאָטער פאַרשטייט ניט. „גלייך ווי דער געיאָגטער שטאַרקט זיך און ווערט דער נאָכיאָגער, פאַרלירט ער אין דער זעלבער מינוט זיינע פריערדיקע זכותים און דער בורא־עולם האַלט מיטן נייעם געיאָגטן, מעג ער אפילו זיין אַ רשע."

„מיר האָבן ניט בדעה דעם לאָמזשער שלעכטס צו טאָן, חס ושלום. מיר ווילן אים ניט ברענגען קיין שום היזק אויף קיין אופן," האָט הערשל אומזיכער אַ קוק געטאָן אויפן שווער. אָבער דער מחזה־אברהם האָט הייס געענטפערט, אַז אויב דעם מנהלס פריערדיקע חברים קומען ניט אַריין אין זיין ישיבה־קטנה, וועלן זיי דורך דעם אַרויסרופן קעגן אים אַ חשד סיי ביי די תלמידים סיי ביי די בעלי־בתים. אַזאַ אויסמיידן איז גלייך ווי רודפן עד חרמה. „מיר האָבן קיין אַנדער אויסוועג ניט," האָט ר' סענדער געענטפערט מיט אַן אָפּגעדרייטן קאָפּ, וואָס האָט זיינע ניט־דערזאָגטע ווערטער נאָך מער פאַרסודעט.

הערשל זשווירער האָט זיך צערעדט גיך און געדיכט. זיינע ווערטער האָבן זיך אַזש געשטופּט איינס איבערן אַנדערן, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ דרימל אינמיטן דאַוונען און וויל אָניאָגן די פאַרשלאָפענע תפילות: ר' מנחם־מענדל סגל האָט דערציילט, אַז ר' צמח האָט לעצטנס אויפגעהערט זאָגן שמועסן אין מוסר. האָט ר' מנחם־מענדל געבעטן ביי ר' סענדערן ער זאָל זאָגן אַ שמועס. אָבער ר' צמח אַטלאַס וואָלט עס זיכער אויסגעטייטשט אַז מען וויל אים אַרויסשטופּן פון ישיבה. נמצא אַז מען טוט אים גאָר אַ טובה וואָס מען מישט זיך ניט אַריין אין זיין הנהלה — האָט דער זשווירער גערעדט אַלץ גיכער און געדיכטער און איז ראַפּטאָם אַנטשוויגן געוואָרן, משמעות פון ניט געוואוינטשאַפט אַזויפיל צו ריידן.

„האָסטו יאָ באַדאַרפט זאָגן דיינע שמועסן, וויבאַלד מען האָט דיך געבעטן," האָט דער רב אַ געשריי געטאָן אויפן זון און זיינע אויגן האָבן געברענט פון כעס אויך אויפן איידעם דעם בטלן. ר' מרדכי־אהרן האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער גאָמבע, ווי ער וואָלט זיך גופא געוואָלט אַרויסשלעפּן פאַר דער באָרד פון סמאָלאַרניע, און איז אַרויס דורכן טויער, באַגלייט פון זון מיטן איידעם.

דער מחזה־אברהם איז שטיין געבליבן אינמיטן הויף אַ פאַרטראַכטער: קיין ספק ניט אַז די צוויי נאָוואַרעדקער יונגעלייט ווילן מיטן מנהל ניט האָבן צו טאָן, ווייל זיי טרויען ניט זיין פרומקייט. אָבער זיי האָבן נאָך עפּעס ניט דערזאָגט און זיך געהיט ניט צו דערצערנען דעם פאָטער. אויפן מחזה־אברהמס פנים איז דורך אַ לייכטער שאָטן פון שרעק און איבערראַשונג, ווי ער וואָלט אין אַ לויטערן זומער־טאָג דערזען אַרויספאַלן אַ גרויען נאָסן שניי. אַ פאַרשעמטער

שמייכל האָט געציטערט אין זיינע מויל־ווינקלען הלמאי ער האָט זיך עס גלייך ניט געכאַפּט:

ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא וויל אַז דער זון אָדער איידעם זאָל ווערן דער מנהל פון דער היגער ישיבה. מהאי־טעמא האָט ער אָנגעהויבן פון קרעכצן אויף זיינע קאַרגע שכירות און איז שפּעטער אַריבער צום היגן מנהל. אין זיינע אויגן איז עס אפילו יושרדיק. וויבאַלד אַז ער איז דאָ רב, דאַרף צו אים און זיינע קינדער אויך געהערן די ישיבה. אָבער דער זון און איידעם ווילן ניט משיג־גבול זיין אַן אַלטן חבר, פאַרט בעלי־מוסר! האָט דער מחזה־אברהם שפּאַטיש און פאַרדראָסיק אַ לאַך געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז די צוויי נאַוואַרעדקער זיינען מיטגעגאַנגען מיטן פאָטער זיך דערקונדיקן וואָס ער, דער דאַטשניק פון סמאָלאַרניע, טראַכט וועגן מנהל. ביסלעכווייז וועלן זיי זיך לאָזן פון פאָטער איבעררעדן און נאָך אין דעם אַריינטייטשן מסירת־נפש: ר׳ צמח אַטלאַס גיט ניט אַכטונג אויף די תלמידים, ער זאָגט ניט קיין שמועסן אין מוסר, די ישיבה קען זיך צעפאַלן, דאַרף מען ראַטעווען אַ מקום־תורה.

ר׳ אברהם־שעיה האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק ביים טיש אינמיטן הויף זיך אַ ביסל צו באַרואיקן. צוריקגערעדט, וואָס נעמט ער זיך צום האַרצן דעם מנהלס שלעכטע מערכה? אָט דער ר׳ צמח אַטלאַס איז אַ מוראַדיקער בעל־גאווה. אויב ער קען ניט פירן די ישיבה ווי ער וויל, רעדט ער בכלל ניט צו די תלמידים. ער זיצט במחשבים און שטעלט זיך אַליין אויס מען זאָל אויף אים זאָגן, אַז ער טויג ניט פאַר אַ מנהל. לויט זיין גאווה זעט מען אַז ער איז ניט קיין בעל־אמונה. אַ מענטש וואָס גלייבט אין אַ בורא־עולם איז ביי זיך ניט אַזאַ גדלן. ס׳איז ניט צו פאַרשטיין פאַרוואָס ער פאַרט בכלל ניט אַוועק פון וואַלקעניק, ער קומט פון אַ רייכער היים... ר׳ אברהם־שעיה האָט גערעדט צו זיך און געפילט אַז דאָס פּנים ברענט אים פון עגמת־נפש. ס׳האָט אים צערודערט און פאַרוואונדערט הלמאי ער פילט אַזאַ התקשרות צום הויכוואוקסיקן כמורנעם מנהל.

ר׳ אברהם־שעיה איז אַרויף אויפן גאַניק פון דער דאַטשע און איז ווידער שטיין געבליבן, פאַרקוקט אויף זיינע שפּיץ־פינגער: ער איז גרייט גיין אין שטעטל צום מנהל און אים זאָגן, אַז דורך זיין שווייגן מאַכט ער זיך קאַליע. אָבער אָט דער ר׳ צמח איז בטבע אַ בר־פלוגתא, אַ מענטש אָן פּשרות, אַ גוואַלדיקער עקשן און מיט שטורעמדיקע הרגשים. אויב מען זאָל קומען מיט אים איינטענהן, קען ער נאָך מחמת ביטערניש אַ זאָג טאָן עפּעס וואָס מען טאָר ניט הערן און מען זאָל אים שוין מוזן נעמען רודפן, על־פּי־דין רודפן און דערווייטערן פון ישיבה. איז פון זיין טובה וועגן גלייכער ניט גיין צו אים און אים גאָרניט זאָגן.

# 2

**זינט נאָך שבועות** האָבן אין וואָלקעניק זיך געגומען צונויפ־פאָרן דאָטשניקעס — עלטערע און יינגערע בני־תורה. מיט יעדן צוגעקומענעם אורח איז אין שטעטל געוואָרן פריילעכער. די בעלי־בתים האָבן איבערגעמאָלט די זומער־שטיבלעך, אַרומגעפּוצט דאָס מעבל, געלופטערט דאָס בעטגעוואַנט. געוואַשענע שויבן האָבן בייגעריק אַרויסגעקוקט צום וועג, ווי אַ כלה אויף די בוידן מיט די מחותנים צו איר חתונה.

די ערשטע האָבן זיך באַוויזן די קלעצקער לערנער, בחורים מיט אין אַ זייט־פאַררוקטע קאַפּעליושלעך, מיט אַ פעסטן טראָט און אונטערגעהויבענע אַקסל — שטאַרקע יונגען אין דער מלחמתא של תורה. זיי האַלטן פון דורכאַקערן גרינט־לעך די סוגיא, ניט פון פאַרפרומטער קוועטשעניש. כדי אַרויפצופירן קלעצק אויפן דרך־המוסר, האָט סלאָבאָדקע אַמאָל אַריינגעשיקט אירע בעסטע פערצן בחורים, כמנין י״ד החזקה פון רמב״ם. פון נאָוואַרעדאָק איז דעמאָלט אַראָפּגעקומען ר׳ יוסף־יויזל הורוויץ מיט זיינע ׳קאָזאַקן׳. האָט קלעצק מקבל געווען צו לערנען יעדן טאָג אַ פערטל שעה מוסר — ותו לא מידי, מער גאָרניט.

אינאיינעם מיט די קלעצקער בחורים איז אויף דאַטשע אויך געקומען זייער ראש־ישיבה, אַ יידעלע אַ ברעקל מיט אַ קליין בערדל און קורצינקע פאות. מחמת דעם גרויסן רבנישן קאַפּעליוש מיט די ברייטע ראַנדן, זעט ער אויס עלעהיי אַ שוואָם. ער שפּאַנט גיך, רעדט נאָך גיכער — און איז פאַרט ניט בכוח אָנצוזאָגן די חידושים וואָס שטורעמען אין זיין מוח. וויפל די תלמידים זאָלן זיך ניט אָפּשרייבן די פינגער צו פאַרצייכענען כאָטש די ראשי־פּרקים פון זיינע אויפטוען אין לערנען, קענען זיי אים ניט נאָכהאַלטן. אויפן קלעצקער ראש־ישיבה זאָגט מען, ער בלעטערט דורך אין מוח ש״ס בבלי און ירושלמי נאָך גיכער ווי דער ווינט בלעטערט דורך דיביימער אין וואַלד. שטופּן זיך אַרום אים זיינע תלמידים האָפערדיק און ריידן מיט יעדן קער און ווענד:

ווילסטו לעבעדיקייט אין לערנען, פאָר קיין קלעצק.

דעם חפץ־חיימס תלמידים פון ראַדין זיינען על־פּי־רוב הויכע, דאַרע, מיט אויסגעצויגענע בלייכע פּנימער. אַפילו אויף דאַטשע ריידן זיי מיט אַ קול דממה דקה און גייען אין וואַלד שפּאַצירן מיט דער כוונה צו שטאַרקן דעם גוף פאַר דער תורה, ווי זיי גייען אינדערפרי צום דאַווענען און ווי אין ראַדין צום אַלטן רבין אויף אַ שמועס. שבת בייטאָג זיצט דער ניינציק־יעריקער חפץ־חיים אויפן געלעגער, אונטערגעבעט מיט קישעלעך, און אויפן טיש ליגט אַ גרויסער אָפענער חומש מיט רש״י. אויף נידעריקע בענקלעך זיצן אַלטע תלמידי־חכמים, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן אויף שבת צום רבן של כל בני הגולה. הינטער די פּלייצעס

פון די אורחים שטייען בחורים צדיקים מיט פאַרמאַכטע מיילער. דער סבא־קדישא קרעכצט. „אַיי, אַיי, קינדערלעך, היינט־מאָרגן קומט משיח און יידן זיינען נאָך ניט גרייט." די גרוי־בערדיקע יידן זיפצן־מיט, און הינטער זייערע געבויגענע רוקנס שאָקלען זיך די תלמידים, ווי דינע גוסביימלעך בעת אין וואַלד איז אַ שטורעם און עס קרעכצן אַלטע דעמבעס. די יונגע חפץ־חיימניקעס האָבן אמונה אין רבינס נבואה אַז היינט־מאָרגן קומט משיח און זיי לערנען די מסכתות פון סדר קדשים, ווי מען ברענגט קרבנות אין בית־המקדש.

דער סבא־קדישא פאַרט ניט אויף דאַטשע, איבער זיין הויכן עלטער האָט מען מורא אים פון אָרט צו רירן. אויף דאַטשע פאָרן זיינע זין, איידעמס און אייניקלעך. צווישן די יורשים האָט זיך לאַנג געפירט אַ שטילע מחלוקת ווער עס זאָל ווערן דעם חפץ־חיימס ממלא־מקום. די עלטערע בחורים האָבן בכלל ניט געוואָלט הערן אַז עמעצער זאָל ווערן דער מנהיג פון ישיבה מיטן כוח פון חזקה און ירושה, באשר־בכן ער הענגט זיך אָן אין די צווייגן פון גרויסן בוים, דער גברא־רבא איז זיין טאַטע, שווער אָדער זיידע. די יינגערע תלמידים האָבן געקריגט אויף די עלטערע און צווישן זיך גופא האָבן די יינגערע זיך אויך געקריגט. אַ טייל תלמידים האָבן גע׳טענהט אַז זיי דאַרפן אַ ראש־ישיבה אַ חריף, בקיאים זיינען זיי אַליין. די קעגנער האָבן געענטפערט אַז זיי דאַרפן אַ ראש־ישיבה אַ בקי, חריפים זיינען זיי אַליין. דער דריטער צד האָט פאַרלאַנגט אַ מנהל־רוחני און דער פערטער צד האָט געמאָנט אַ מנהל־גשמי. אַזוי ווי דער אַלטיטשקער חפץ־חיים לעבט נאָך און אַן אָפענע מחלוקת איז אַ חרפה פאַר דער גאַנצער משפחה, איז מען לפנים וועגן דורכגעקומען אַז אַלע יורשים זאָלן אָנפירן די ישיבה. אָבער אינ־דערשטיל פירט זיך ווייטער די קאָנקורענץ און יעדער פון די מנהיגים האָט זיך זיינע בחורים וואָס ער פירט־מיט אויף דאַטשע.

פאַר אַ זייטיקן איז שווער זיך אָנצושטויסן ווער פון די יורשים איז דער ראש־ישיבה און ווער דער משגיח, ווער איז דער מנהל־רוחני און ווער דער מנהל־גשמי. אַלע זיינען זיי יידן ברייטפּלייציקע, מיט געדיכטע בערד און פאַר־וואַקסענע פּנימער ביז די אויגן, מיט אַרויסגערוקטע בייכער און שווערע געזעסן. די שפּאָגל־נייע געהאַקטע קאַפּאָטעס פּלאַצן אויף זיי פון פאָרנט און פון הינטן. זיי שפּאַצירן דורכן שטעטל מיט געמאָסטענע טריט, הוסטן־אָפּ מיט ישוב־הדעת. די גרויסע האָריקע נאָזלעכער אָטעמען איין געשמאַק דעם טרוקענעם סאָסנע־ריח. ביי יעדן דריטן טראָט שטעלט מען זיך אָפּ. פאַר אַ תלמיד־חכם פּאַסט ניט צו לויפן, בפרט אַז מען איז אויף דאַטשע און סע ברענט ניט. יעדער פון די מנהלים האַלט אין דער רעכטער האַנט אַ שירעם און זיין לינקע האַנט איז בעת־מעשה פאַרלייגט הינטער דער פּליצע, ווי אויף דער לינקער זייט ביי אים וואָלט געווען שבת־קודש. אַז די זון נעמט באַקן, צעשפּרייטן דעם חפץ־חיימס יורשים די

שירעמס אויך איבער די באַגלייטערס, איטלעכער אויף די תלמידים פון זיין צד. צייטנווייז בייגט אָן דער מנהל־רוחני דעם קאָפּ צו אַ פלינקן בחור וואָס שעפּטשעט אים עפּעס אַריין אין אויער ווען דעם מנהל־גשמי. דער עלטערער הערט אויס דעם ייִנגערן און שמייכלט אונטער די וואָנצעס, וואָס נעמען אים בייסן און רייסן ווי די ציין פון אַן אייזערנעם קאַם. דאָך איז ער אַ כובש את יצרו און רעדט ניט קיין לשון־הרע אויפן שוואָגער אָדער שוועסטערקינד, ער ענטפערט בכלל גאָרניט. אָבער ווען דליק ער האַלט דעם שוואַרץ־זײַדענעם שירעם אויסגע־שפּרייט איבערן קאָפּ פון באַריידער, קען זיך יענער אָנשטויסן וויפל זיין שעפּ־טשעניש האָט נושא־חן געווען ביי זיין מנהל.

אויף דאַטשע דרייט זיך אויך אַרום אַ ראש־ישיבה אָן תלמידים, אַ ייד וואָס זאָגט אַ שיעור אין באַראַנאָוויטש אָדער סלאָנים, אַ באַריידעוודיקער און פריילע־כער, מיט אַ צעכראַסטעטע האַרץ און פאַרשלומפּערטן טלית־קטן. ער גייט אום מיט אַ פּראָסטן גראָבן שטעקן פון אַ ישובניק און שטעלט זיך אָפּ ריידן מיט יידישע דאָרפס־לייט, וואָס שלעפּן אויף פורלעך קלעצער פאַר דער טאַקטור־פאַבריק. מען זעט אים שטיין ביי שטאָלן בעת יידענעס מעלקן בהמות. מען האָט אים אַפילו געזען שטיין אינמיטן מאַרק און גלעטן אַ פערד. ער האָט קראַנקע רויטע וויעס און גוטמוטיקע וואָסערדיקע אויגן, פול מיט קינדישער פאַרגאַפונג. לויט זיין באָרד, לחלוטין ניט אויסגעדריבלט און ניט אויסגעפליקט ווי ביי אַ חריף, דערקענט מען גלייך אַז ער מישט ניט ש״ס ווי מיט אַ קאָכלעפל און קוועטשט זיך ניט צופיל ׳אויפן אָרט׳. ער זאָגט אָפן אַז ער האַלט ניט פון די ניימאָדישע בעלי־הבנה און פון זייער אַריינקלערן אין שורש פון נידון, צי דער איסור חמץ בפסח, אַשטייגער, איז אַ דין־גברא אָדער אַ דין־חפצא. פאַר אַזעלכע דיבורים פון עפּעס דאָרט אַ ייד וואָס זאָגט אַ שיעור פאַר ייִנגלעך אין אַ באַראַ־נאָוויטש צי אַ סלאָנים, דרייען זיך די קלעצקער מופלגים פון אים אָפּ מיט ביטול ווי פון אַ דרדקי־מלמד. נאָר דעם ראש־ישיבה מיטן שטעקן פון אַ ישובניק אַרט עס ניט. ער שפּאַצירט אין וואַלד אַליין און גלאָצט אויף דיביימער, בייגט זיך אַרונטער באַטראַכטן אַ גרינעם גראָז־פּעכער, אַ בלימל, אַ פּאָזימקע, אַ ווערעמל, און מורמלט מיט התפעלות: נפלאות הבורא! נפלאות הבורא!

די פרינצן פון די לערנער אין דער ליטע זיינען די ישיבה־לייט פון דער מיר. זיי גייען אַפילו אין וואַלקעניקער זאַמדן אין געפּרעסטע אָנצוגן און היטן זיך אַז אַ שטויבעלע זאָל אויף זיי ניט פאַלן. זיי שרייבן מיט אַמעריקאַנער גאָלדענע פּילפעדערס, האַלטן די ברילן אין פלאַכע לעדערנע שיידלען, טראָגן אויף די הענט זייגערלעך מיט געצירטע רימענדלעך. אויך אַ ייִנגערער בחור, ווייבאַלד ער לערנט אין דער מיר, קוקט ער זיך פריער דריי מאָל אום ווער עס רעדט צו אים, איידער ער ענטפערט. און אַז ער ענטפערט שוין אַ וואָרט, קנייטשט ער מיטן

שטערן. „איר פאַרשטייט?" ווי אין אַלץ וואָס ער זאָגט וואָלט געשטעקט אַ טיפער רעיון. גאָר מפורסם איבער דער וועלט איז ישיבת־מיר מיט אירע עלטערע בחורים. כאָטש ניט איינער פון זיי איז שוין אַ בן־ארבעים, איז שווער צו געפינען פאַר זיי פּאַסיקע שידוכים. אָדער דער בּדן איז ניט געגוג גרויס פאַרן מירערס תורה, אָדער די כלה איז צו אַלט פאַר זיין יצר־הרע. פון זיצן אַזוי לאַנג אויף די ישיבה־בענק זיינען די פאַרזעסענע בחורים געוואָרן פויל, ליגן אָפּ האַלבע טעג אויף די סטאַנציעס און לייענען וואַרשעווער בלעטער. זיי שפּאָרן אָפּ געלט פון דער באַקומענער חלוקה און קלייבן ספרים, אָנצוגן, שניפּסן. אין וואַלקעניק זיצן די מירער אויף די וועראנדעס און עסן קעז, סמעטענע, פיינקוכנס, טאַפּן זיך אָן אויפהער די נאַקנס און גלעטן זיך די נעט־אויסגעשאָרענע באַקן, צי זיי האָבן זיך פּאַפּראַוועט. אין וואַלד ליגן די מירער אין טיפע האַמאַקן און זיינען מעיין אין חקירה אָדער אין קבלה־ספרימלעך, וואָס זיי ברענגען־מיט עקסטרע פאַר דאַטשע־צייט. אָבער אַז אַ ייִנגערער קומט־צו און וויל אַ קוק טאָן אין ספרל, זאָגט אים דער עלטערער.

„ס'איז ניט פאַר אייך, טראַכנבראָדער, איר זייט נאָך צו יונג. קוקט דערווייל אַרייַן אין אַ קצות־החושן."

קען מען זיך שוין פאַרשטעלן ווי מירער עלטערע פילן זיך זינט אין ישיבה איז געקומען אַ חברה תלמידים אַזש פון אַמעריקע. די אַמעריקאַנצעס האָבן געלט, נאָר ניט קיין ברעקל דרך־ארץ. זיי הענגען אויף אין בית־מדרש די מאַנטלען אויף פרעמדע הענגערס און שליידערן אַוועק די קאַלאָשן. פאַר ניט אָפּהיטן די תקנות צאָלט מען קנס לכל הפּחות צען גראָשן. לאָכן די אַמעריקאַנצעס און צאָלן צוואַנציק. זיי גייען אַרום מיט צעשפּיליעטע רעקלעך און צעעפנטע קראַגנס, קאָלירטע שניפּסן מיט רעדער ווי די גלגלים באַמבלען זיך אויף זייערע העלדזער. זיי שעמען זיך ניט ברבים אַרויפּציען די הויזן און קלינגען מיט פולע קעשענעס קליינגעלט. אין אַ היץ טוען זיי פראַסט־פּשוט אויס די רעקלעך. זיי טראָגן די קאַפּעליושלעך אַראָפּגערוקט נידעריק איבער די האַרטע שטערנס, די געדיכטע צעפּאַטלטע טשופּרינעס פאַלן זיי אַראָפּ ביז צו די אויגן. ביים ריידן האַלטן זיי צווישן די ציין קיי־גומע. ביי די אַמעריקאַנצעס איז רעכט אַריבערשרייען איינער צום צווייטן: דזשעק! דזשאָו! שפּרינגען ווי די בעק און זיך בוכצען מיט די קולאַקעס — אינמיטן גאַס. איז קיין חידוש ניט אַז ווען אַן עלטערער מירער זעט עס, האָט ער ניט וואו זיך אַהינצוטאָן פון חרפּה.

דער היפוך פון אָט די בחורים פון אַריבער דעם אוקינוס זיינען די דייטשישע. זיי גייען אָנגעטאָן אַקוראַטנע, טראָגן ברוינע שיך מיט דאָפּלטע פּאָדעשוועס און רעקלעך פון דיקער וואָל מיט ברייטע קלאַפּעס. זיי זיינען שטאַרק פרום און בטבע גוטמוטיקע. נאָר אַז אַ דייטשישער געפינט ניט זיין גמרא אויף זיין שטענ־

דער, ווערט ער אַן אָנגעצונדענער. אַלע פראַנקפורטער און האַמבורגער האָבן אין דער היים געענדיקט גימנאַזיעס, ממילא ציט זיי ניט צו לייענען טרייף־פסולס. אָבער זיי פעלט שאַרפקייט, זייער מוח ,כאַפּט' ניט. זאָגט אַ ליטווישער אַ גלייכ־ווערטל, גלאָצן די יעקעס תמעוואַטע און פאַרשטייען ניט. טאָמער זאָגט אַ דייטשישער אַ חכמה, לאַכט בלויז ער אַליין. אַן אַמעריקאַנער תלמיד קען זיך נאָך ביים דאַווענען צעשאָקלען מיט אימפּעט, ווי אַרויסצוטרייסלען פון זיך דעם עזות־פנים, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון יענער זייט ים. אָבער אַ דייטשישער תם שטייט ביים דאַווענען גלייך ווי אַ סטרונע. זאָגן טאַקע די בעל־הביתטעס פון זייערע קוואַרטירן.

„פיינע ערלעכע בחורים, נאָר אַן זאַלץ."

סיי פון די אַמעריקאַנער סיי פון די דייטשישע האָט מען נאָך אין ישיבה נוצן. זיי זיינען על־פּי־רוב אָפּגעשטאַנען אין לערנען און דינגען אָרעמע ליטווישע ישיבה־לייט, וואָס גיבן זיי צו פאַרשטיין אַ שווערע סוגיא. נאָכן קריגן סמיכה וועלן זיי צוריקפאָרן אין זייערע פאַרגויאישטע לענדער און דאָרט מרביץ־תורה זיין. אָבער בפירוש גאָרניט האָט מען פון די פּוילישע.

אין די רייכע חסידישע שטיבער פון לאָדזש און וואַרשע איז אַריין אין דער מאָדע צו שיקן די זין אויף אַ פּאָר יאָר אין אַ ליטווישן מקום־תורה. דרייען זיך אין דער מיר אַרום יונגע חסידים אין קליינע היטעלעך און געפּוצטע שטיוועלעך. זיי טראָגן ווייכע ווייסע קרעגעלעך אינמיטן וואָך, סאַמעטענע זשופּיצעס מיט זיידענע גאַרטלען לכבוד שבת. מען קען שוין באַציטנס אָנזען די געדיכטע בערד וואָס וועלן אַרומוואַקסן זייערע פּנימער, די צוקונפטיקע נגידישע היימען און גרויסע געשעפטן וואָס זיי וועלן פירן, דעם אויבנאָן וואָס זיי וועלן פאַרנעמען ביי די רביאישע טישן. האַלטן זיך די פּוילישע מיט תקיפות, שפּאַנען אַרום ביים דאַווענען, די גראָבע פינגער פון ביידע הענט פאַרשטעקט אין גאַרטל. זיי בלייבן שטיין אינמיטן בית־מדרש און שאָקלען זיך מיט אימפּעט פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס, און ביי עלינו שפּייען זיי אויס — גלייך אויף דער פּאָד־לאָגע. פאַר שפּייען אין ישיבה אויף דער פּאָדלאָגע צאָלט מען קנס ביז אַ האַלבער זלאָטע. אָבער אַז דער ממונה אויף אָפּהיטן די ריינקייט מאָנט קנס ביי די חסידים, לאַכן זיי אים אַריין אין פּנים און זאָגן אים ,דו'. דער ממונה, אַן איידעלער זאַמעטער בן־תורה וואָס דוצט ניט אַפילו אַ יינגל, בלייבט שטיין אַ צעטומלטער, און די פּוילישע קערן זיך פון אים אָפּ ווי פון קהלשן באָק אויפן שול־הויף.

איינמאָל אין וואָך זאָגט דער משגיח פון מירער ישיבה אַ שמועס אין זיין אייבער־שטיבל. שטופּן זיך אַהינצו די פּוילישע ווי ביים רבינס טיש, נאָר קיין הנאה פון דער שטופּעניש האָבן זיי ניט. ביים רבינס טיש ליאַרעמען אויף זיי

אַלטע חסידים. „שייגאַץ! קריגסט פּעטש!" און זיי ענטפערן אָפּ מיט העזה. אָבער די מירער עלטערע בחורים לאָזן זיך פון די פּוילישע אָפּשטופּן, קוועטשן בלויז מיט די אַקסל און קוקן דורך די ברילן מיט קאַלטע ליטווישע אויגן. בעת דער משגיח רעדט, איז אין שטיבל שאַ־שטיל ווי אין אַן אויער. די מקורבים שטייען אַרום אים מיט פאַרסודעטע פּנימער — סתרי־תורה! צען מאָל רייסט דער משגיח איבער אינמיטן שמועס און שעפּטשעט. „אין שטיבל איז אַ טשאַד, דאָ איז אַ מוראַדיקער טשאַד." די מקורבים קנייטשן מיט די שטערנס און שעפּטשען אים נאָך. „אין שטיבל איז אַ טשאַד, דאָ איז אַ מוראַדיקער טשאַד." די פּוילישע זיינען ניט קיין מבינים אויף דער עמקות פון משגיחס שמועס און ניט זיי פילן דעם טשאַד — וויפל זיי שמעקן ניט און ציען ניט מיט די נאָזלעכער. אַ חסידל האַלט ניט אויס און שטורכעט מיטן עלנבויגן דעם משגיחס אַ מקורב.

„וואָס זאָגט ער דאָרטן? יאָך פאַרשטאַי ניט זאַן ליטוויש לושן."

ציטערן די מירער עלטערע, אויף דאַטשע זאָל זיך ניט מיטשלעפּן אַן אַמע־ריקאַנער צי אַ פּוילישער און מען וועט פון אים האָבן בזיונות. מיט ראַדינער ריידן נאָך די מירער געציילטע ווערטער, בעת אויף קלעצקער קוקן זיי בכלל ווי אויף יינגלעך. די קלעצקער פון זייער זייט לאַכן פון די מירער בעלי־גאווה מיט די גאָלדענע פּילפּעדערס, אַז זיי האָבן ניט קיין אייגענע שיטה אין לערנען. ישיבת־מיר לעבט אויף ׳תורה שבכתב׳, אויף טיעטראַדקעס מיט פאַרשריבענער תורה פון ר׳ חיים בריסקער, ווייל דער מירער ראש־ישיבה האָט קיין צייט ניט צו זאָגן אַ שיעור אין לערנען. ער מוז אַפילו זומער־צייט זיך וואַלגערן אין אַמעריקע און זאַמלען געלט אויסצוהאַלטן זיינע פאַרזעסענע בחורים וואָס פּאַשען זיך אויף דאַטשע.

פונדעסטוועגן הערשט צווישן די לערנער פון די פאַרשידענע ישיבות שלום און ליבלעכקייט, זאָל זיין אַז לפנים וועגן. אָבער אַלע ווי איינער זיינען אין פּחד אַז אין שטעטל זאָלן פּלוצעם ניט אָנפאַרן בוידן מיט נאַוואַרעדקער מוסרניקעס.

פון דער פּראַקטיקע אויף אַנדערע רבנישע דאַטשעס ווייס מען, ר׳ יוסף־יויזלס תלמידים לאָזן זיך אַראָפּ מחנותווייז און באַפאַלן דאָס שטעטל ווי אַ היישעריק. אויך נאַוואַרעדקער גייען לעצטנס אָנגעטאָן אַרטיק און פירן זיך מיושבדיק. נאָר די שאַרפע בעלי־מוסר צווישן זיי גייען נאָך אַלץ אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. זיי טראָגן צעקנאָדערטע הויזן, אויסגעריבענע רעקלעך מיט לעכער אויף די עלנבויגנס, צעקנייטשטע און פאַרפעטסטע קאַפּעליושן, צעקרימטע שיך, לאַנגע פאַרגעלטע טלית־קטנס. הגם זיי קומען אויף דאַטשע און אָפּרו, ווייסן זיי ניט פון קיין רו. זיי מאַכן אינמיטן תמוז — אַ יום־כיפּור. די לערנער פון די אַנדערע ישיבות דאַוונען אין וואַלד מנחה און שאָקלען זיך ביי דער תפילה בלחש נאָך שטילער פון די ביימער. מיטאַמאָל דערהערט מען ווי אַ נאַוואַרעדקער האָט

זיך צעגוואַלדעוועט, פּאַטשט מיט די הענט אין שטאַם און שלאָגט זיך קאָפּ אָן בוים. נאָר דער גרעסטער פאַרגעניגן פון נאַוואַרעדקער איז, אַרומרינגלען אַ מירער בן־תורה און אים נעמען אַריינזאָגן, אין גוטן מוט כלומרשט. טאָמער ענטפערט יענער אַ וואָרט, נעמט מען אים דערלאַנגען אויף אַן אמת:

אין דער מיר פוצט מען זיך ווי דאָרפישע שקצים אין אַ חגא. אין דער מיר טראָגט מען גרויסע טשופּרינעס, אַקוראַט ווי פערד טראָגן גריוועס. אין דער מיר איז מען מטהר דעם שרץ בק״ן טעמים. מען פאַררופט זיך אויף אַ גמרא אַז אַ תלמיד־חכם וואָס מען געפינט אַ פלעק אויף זיין בגד איז חייב מיתה. אָבער פאַר פלעקן אויף דער נשמה האָט מען אין ישיבת־מיר קיין מורא ניט — שרייען די נאַוואַרעדקער און דער באַפאַלענער קען פון זיי ניט אַנטקומען, ווי ער וואָלט אָנגערירט אַ בינשטאָק, אָדער אַריינגעשטעקט די הענט אין אַ מוראַשניק.

# 3

אין אַ זומערדיקן האַלבן טאָג זיינען דער מחזה־אברהם און חייקל דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען געגאַנגען זיך באָדן. מיט אַ דעקע אונטער־צושפּרייטן און צווי האַנטעכער אויפן אָרעם, האָט חייקל שפּאַצירט פּאַמעלעך און דער מחזה־אברהם האָט זיך אויף אים לייכט אָנגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל. די אויגן פאַרזשמורעט קעגן דער זון, האָט ער ווי שטענדיק אַריינגעטראַכט אין לערנען. דער תלמיד האָט באַמערקט אַז אויך ווען דער רבי שמועסט מיט מענטשן, שווימט ער אַרויס פון דער סוגיא וואָס ער לערנט בלויז אויף אַ ווייל און שווימט דאָרט באַלד צוריק אַריין. זיין פּנים זעט אויס ווי אַ וואַלד פאַרהאַנגען מיט אַ וואַרעמען נעפּל, ווייט און נאָענט אין דער זעלבער צייט. אַמאָל שווייגט ער לויטער און שטיל ווי אַ טיפע אָזערע, אַמאָל שווייגט ער האַרט און טרוקן ווי אַ שטיינערנער באַרג. דער הר סיני פון חומש זעט מסתמא אויס ווי דעם רבינס גרויסער נאַקעטער שטערן...

זיי זיינען געגאַנגען מיט דער איינגעטראָטענער גראָז־סטעזשקע, פּאַזע די פאַרזייטע גרינס־פעלדער. צוגלייך מיט דער סטעזשקע האָט זיך געצויגן דער געל־זאַמדיקער שליאַך און אין ליכט פון האַלבן טאָג געפינקלט ווי אַ באַשאָטענער מיט גלאָז־שפּליטערס. די צעבלעטערטע און זוניק־אויסגעזאָטענע גרינס־פעלדער האָבן זיך געגרענעצט מיט אַ הויכער וואַנט פון דינע בעריאָזעס. די צווייגן האָבן זיך געוויגט פאַרדרימלט און אין דער ווייט זיך צונויפגעגאָסן מיטן זילבערלעך־ווייסן האָריזאָנט. אויפן באַרג איבערן וועג זיינען די טונקל־גרינע סאָסנעס גע־

וואָרן אַלץ געדיכטער, פֿאַרצווייגטער, שוואַרץ־בלוי. פֿאַרביי חייקלס נאָז האָט דורכגעשימערט אַ בין און אין שלעפֿערדיקן האַלבן טאָג נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ בייזן שטאַלענעם געזשום. פֿון וואַלד האָבן מיט קלינגעוודיקע קולות זיך איבערגערופֿן יונגע פֿויערטעס ביים קלייבן שוואַרצע יאַגדעס. אַ פּאָר בוטשאַנעס האָבן נידעריק דורכגעפּאַטשט מיט טרוקענע און האַרטע פֿליגל. אין איין כהרף־עין זיינען זיי אַריבער די פֿאַרזייטע שטחים און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ זומפּיקער לאָנקע. צוויי שקצימלעך האָבן מיט אַ געהוק און געשריי געטריבן איבערן שליאַך אַ ברוינע קו מיט שוואַרצע פֿליאַמעס אויף די קנעכלעך. די קו האָט אויפֿגעשטעלט דעם עק ווי אַ שטעקן און ניט געוואָלט גיין. איין שייגעצל האָט די בהמה פֿאַרויס־געשלעפּט מיט אַ שטריק ביי די הערנער און דאָס צווייטע שייגעצל האָט אונטער־געיאָגט פֿון הינטן מיט אַ צווייגל. חייקלען האָט זיך געוואָלט אַרויסלאָזן אַ געשריי סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין. אים האָט זיך געגלוסט פֿאַנאַנדערויאָגן זיך איבער דער בריק, אין איין אויגנבליק זיך אויסטאָן — און באָדן אין וואַסער! נאָר ביי דער זייט איז געגאַנגען דער רבי און אין מחשבה זיך דורכגעשמועסט מיט תנאים. צווישן די צוויי קנייטשן אויף זיין שטערן איבערן נאָז־וואַרצל איז געווען איינגע־שלאָסן זיין וועלט: דער סדר זרעים מיט די פּירושים פֿון רמב״ם און דעם בעל־התוספֿות משאַנץ.

„ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף דיר, חייקל. צוליב מיר מוזסטו גיין מיט קליי־נינקע טריטעלעך. דו ווייסט? איך האָב יינגלווייז ווינציק געשטיפֿט. ווילט זיך מיר אָפּטמאָל אַנקלאַפּן אין אַ פֿרעמדער שויב און זיך באַהאַלטן,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געזאָגט און זיין שמייכל האָט געלויכטן ווי דאָס פֿענצטער פֿון אַ שטיבל וואו מען איז געבאָרן געוואָרן און וואָס מען האָט נאָך יאָרן פֿון צעשיידונג ווידער דערזען.

דער רבי און תלמיד זיינען פֿאַרביי דעם גרויסן הויף פֿון דער טאָקטור־פֿאַבריק. ביי די רויטע ציגלנע בנינים האָבן ווי אינמיטן נאַכט געברענט עלעקטרי־שע לאָמפּן מיט אַ געלבלעך־שטויביקער שיין. דאָס פֿאַרשטיקטע גערויש פֿון די זעג־מאַשינען ביים שניידן די קלעצער האָט זיך געהערט ווי דאָס סאָפּעניש פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו, בעת ער נעמט גיין פּאַמעלעך און זעצט מיט פּאַרע. קעגנאיבער דער פֿאַבריק, ביים ראַנד פֿון וואַלד, איז געשטאַנען אַ נידעריקע און לאַנגע היל־צערנע שטוב מיט אַ סך פֿענצטער, דאָרט האָבן געוואוינט דאַטשניקעס, ישיבה־לייט. זיי זיינען געזעסן אויף דער ווערענדע און הויך געשמועסט, געלאַכט. דערזען פֿאַרבייגיין דעם מחזה־אברהם, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן און אים נאָכגעקוקט. האָט ער גענומען שפּרייזן מיט גרויסע און אייליקע טריט, די לערנער זאָלן אים ניט פֿאַרהאַלטן. ערשט ווען ער איז אַרויף אויף דער היל־צערנער בריק איבערן טייך, האָט ער ווידער פֿאַרפּאַמעלעכט די טריט און מיט

אַ צעשיינט פּנים זיך צוגעהערט ווי די בני־תורה אויף דער וועראַנדע באַנייען דעם איבערגעריסענעם פּריילעכן שמועס. „טייערע בחורים,״ האָט ער געמורמלט און זיינע אויגן האָבן געלויכטן פון גליק. חייקל האָט געוואוסט אַז דער מחזה־אברהם האָט די ישיבה־לייט זייער ליב. וועגן איין בן־תורה זאָגט דער מחזה־אברהם, אַז ער וואַקסט אַ גאון, וועגן אַ צווייטן אַז ער איז אַ מצוין אין מידות, וועגן אַ דריטן אַז ער איז אַן איש־הרוח. אָבער אין פּנים לויבט ער ניט די בחורים און איז צופרידענער אַז זיי באַזוכן אים ניט.

ביי אַן אויסבייג פון טייך, פאַרשטעלט מיט געדיכטע קוסטעס און אַרונטער־געהאַנגענע ווערבעס, האָבן די ישיבה־לייט זיך יעדן פאַרנאַכט געבאָדן אינגאַנצן נאַקעטע. אין האַלבן טאָג איז דאָרט קיינער ניט געווען. חייקל האָט אויסגעשפּרייט אויף דער ערד די דעקע און ר׳ אברהם־שעיה האָט פלינק אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דאָס כאַלאַטל נאָך איידער ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט. ער האָט פאַרגלייזט די אויגן צום הימל, ווי ער וואָלט אַפילו דאָס באָדן זיך מכוון געווען לשם שמים, און אויסגעטאָן איבערן קאָפּ דעם טלית־קטן. אויך חייקל האָט זיך אַראָפּגעזעצט און אויפגעשנורעוועט די שיך. נאָר ער האָט זיך גלייך צוריק אויפגעשטעלט און געקרעקעט אַז ער פאַרטראָגט ניט צו זיצן אויף דער ערד, ער האָט ליב אַ קאָרטש פון אַ בוים. דאָ זיינען אָבער ניטאָ קיין אָפּגעזעגטע ביימער, סיידן אַ ביסל וויטער.

„דו זאָלסט זיך קיין עצה ניט געבן?״ האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך געוואונ־דערט. „מען ברעכט אָפּ אַ בוים און מען זעצט זיך אַוועק. קענסט שווימען?״ חייקל האָט געענטפערט אַז יאָ, אַ ביסל. „ווי קומט צו דיר אַזאַ ענוות? דו זאָלסט זאָגן ׳אַ ביסל׳?״ האָט ר׳ אברהם־שעיה פון אים ווייטער געשפּאָט און זיך פאַרענדיקט אויסטאָן.

חייקל האָט זיך אָפּגערוקט אַלץ וויטער. מיט אים איז געשען אַ משונהדיקע זאַך, וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין בעת־מעשה און אויך שפּעטער וועגן דעם מחמת שעמעוודיקייט מיט קיינעם ניט גערעדט: ער האָט ניט געוואָלט זען דעם רבין אַ נאַקעטן. ער האָט זיך געזידלט אַז דאָס איז ווילד, נאַריש, מיטן טאָטן אין מרחץ גייט ער דאָך יאָ. אויך די ישיבה־לייט גייען זיך באָדן אינאיינעם מיט זייערע ראשי־ישיבות. דאָך האָט ער בשום אופן ניט געקענט ביי זיך פועלן אויפהייבן די אויגן און אַ קוק טאָן אויפן נאַקעטן מחזה־אברהם. חייקל האָט זיך אויסגעטאָן אין אַן אָפּגעלעגענעם ווינקל און איז ראַפּטאָם אַריינגעשפּרונגען. ער האָט געמאַכט נורקעס, זיך איבערגעדרייט אויפן רוקן, אַרויסגעוואָרפן פאַרויס די הענט און געלייגט קלאַפּטער. נאָר ער האָט זיך געהיט ניט צושווימען נאָענט צום פּלאַץ וואו דער רבי איז געשטאַנען ביזקל האַלדז אין טייך און געשטויסן דאָס וואַסער מיט די הענט עס זאָלן אויפקאָכן כוואַליעס.

אויף צוריקוועגס פון באָדן זיך איז ר׳ אברהם־שעיה געגאַנגען נאָך געלאַסענער און געשמייכלט קעגן דער זון, וואָס האָט געטריקנט זיינע אויסגעצוואָגענע באָרד און פאות. ביי דער סמאָלאַרניע איז פון וואַלד אַרויס אַ פּאָרל. דער יונגערמאַן, מיט שוואַרצע וואָנצעלעך און שיטערע האָר אויפן קאָפּ, האָט געטראָגן אַ געקעסטלטן אָנצוג מיט אַרויפגענייטע קעשענעס. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קאַפּעליוש און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געפירט אונטערן אָרעם אַ פרוי — נידעריקער פון אים, מיט ברייטע אַקסל און אַ פוללייביקע. איר פליישיקער גוף און די לויז־פאַרקנעפּלטע אָנגעגאָסענע בריסט האָבן זיך געכוואַליעט אונטער איר דין קלייד פון בעזש קאָליר, באַמאָלן מיט זומער־פייגעלעך, באַשפּרענקלט מיט קווייטן און בלעטער. אירע האָר האָבן געבלענדט ליכטיקבלאָנד, די ליפּן — רויט אָנגעשמירט, אירע באַקעטע אָרעמס ביז די אַקסל האָבן געבלאַנקט ברוינהויטיק און פריש. אין האַנט האָט זי געטראָגן דעם קאַוואַלירס שטעקן און מיטן שווערן אָנגעקוואָלענעם גוף זיך אויף אים אָנגעשפּאַרט. בעת דאָס פּאָרל האָט זיך מיט חייקלען אויסגעגליכן, האָט ער אויך דערזען אירע גרינלעך־אונטערגעשמירטע אויגן. פּלוצעם האָט די פריילין זיך אָפּגערופן צו איר באַגלייטער הויך אויפן קול.

„די ווילדע לייט מיט די בערד און פאות פאַרפּלייצן דעם וואַלד, ניטאָ קיין אָרט וואו פון זיי זיך אויסצובאַהאַלטן.״

לויט איר אויסשפּראַך האָט חייקל פאַרשטאַנען, אַז אין דער היים און אין קאָמפּאַניע רעדט זי פּויליש; איצט האָט זי מיט אַ כיוון גערעדט יידיש, כדי דער ייד מיט דער באָרד זאָל פאַרשטיין וואָס זי זאָגט. דער קאָכאַנעק מיט דער זיסער צורקע און די פּאַניענקע האָבן אין וואַלד ניט געשפּונען קיין ציצית, האָט חייקל אויפן שטעל אַ טראַכט געטאָן. קנאה און קנאות האָבן אין אים אויפגעקאָכט אינאיינעם און ער האָט אויסגעשריען.

„אייך געפעלן ניט קיין יידן מיט בערד און פאות? טאָ פאַרשטעלט זיך די אויגן; אויך אייער זיידע המן און עלטער־זיידע פּרעה האָבן פיינט געהאַט יידן.״

„וואָס זאָגט ער?״ האָט דער יונגערמאַן געפרעגט ביי דער פריילין אויף פּויליש און זיינע שוואַרצע וואָנצעלעך האָבן זיך גענומען באַוועגן ווי ווערעמלעך. חייקל האָט זיך צום פּאָרל אַ רוק געטאָן נעענטער, גרייט אויף אַ קריג און אַפילו אויף אַ געשלעג. נאָר ער האָט דערזען ווי דער רבי לויפט האַסטיק אַריין אין הויף פון סמאָלאַרניע. האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אָניאָגן דעם רבין, אַ דערצאָרנטער וואָס דער פּראַנט דאָרט וועט אַוודאי מיינען אַז ער האָט זיך דערשראָקן.

„ביסט ניט קיין בן־תורה,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה אויסגערופן און איז אַרויף אויף דער ווערענדע פון דער דאַטשע.

„און ווי ענטפערט אַ בן־תורה?״ האָט חייקל פאַרפּרעסט די הענט אין

פויסטן, ווי ער וואָלט נאָך בדעה געהאַט צוריקלויפן צום פּאָרל מיטן געהעריקן ענטפער.

„אַ בן־תורה ענטפערט אינגאַנצן ניט," האָט ר' אברהם־שעיה אַ געשריי געטאָן און איז אַריין אין שטוב.

אַוונט־צייט איז פון גאָפּט־לאָמפּ אויפן טיש געפאַלן אַ קאַרגע שיין אויפן בעטל וואו ר' אברהם־שעיה איז געלעגן, די קורצזיכטיקע אויגן אַריינגעטאָן אין זיין קליין גמראלע. מחמת גרויס אָנשטרענגונג אַרויסצובאַקומען דעם ריכטיקן פּשט פון דער משנה, האָט ער מיט ביידע פויסטן געדריקט די שלייפן און זיך צעזונגען מיט אַ שרייאיק ביטער קול, ווי ער וואָלט טענות געהאַט צום רבונו־של־עולם הלמאי זיין תורה איז אַזאַ שווערע. דערנאָך איז ער געבליבן זיצן אָן באַוועגונג און ניט אַרויסגעלאָזט קיין קלאַנג פון מויל. זיינע אויגן האָבן געלויכטן קאַלט און טיף. חייקל האָט זיך שטום געוויגט איבער דער גמרא און געטראַכט, אַז דער מחזה־אברהם האָט געוויס חרטה וואָס ער האָט אים צו זיך אַריינגענומען, ער האַלט אים פאַר אַ בחור מיט אַ גרויס מויל.

„קום עסן," איז ר' אברהם־שעיה לסוף אַרונטערגעקראָכן פון בעטל. „איך וויל ניט," האָט חייקל אַ מרוקע געטאָן. זאָל דער רבי וויסן אַז ער האָט פיינט ווען מען שרייט אויף אים. ר' אברהם־שעיה האָט קורץ אַ לאַך געטאָן און איז אַרויס פון חדר.

נאָכן עסן איז דער מחזה־אברהם צוריקגעקומען, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול ביים נידעריקן פענצטער און איז ווידער געבליבן זיצן אָן באַוועגונג. גאָט אין הימל! ער טראַכט שוין ווייטער אין לערנען! האָט חייקל אין זיך אויסגעשריען. אַז אויך ער געפינט זיך אין חדר און איז הונגעריק, האָט דער רבי זעט אויס פאַרגעסן. זיין אַ תלמיד ביים מחזה־אברהם איז שווער און נודנע. חייקל האָט זיך אַרומגעקוקט ווי ער וואָלט געזוכט הינטער אַ קראַטע. אין דעם האָט דעם רבינס שוועסטער הדסה געעפנט די טיר און אים געבעטן אַריינקומען עסן, זיין מאַלצייט שטייט גרייט. חייקל האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט דער רבי געהייסן דער שוועסטער אים בעטן עסן, און דאָס מאָל האָט ער געפאָלגט.

הדסהס מאַן איז מיטגעפאָרן מיטן מירער ראש־ישיבה קיין אַמעריקע קלייבן געלט. די לערנער פון דער מיר האָבן אויך אָן דעם ראש־ישיבה גוט פאַרבראַכט אויף וואַלקעניקער דאַטשע, אָבער הדסה האָט אָן דעם מאַן זיך קוים אָן עצה געגעבן מיט דער גרויסער משפחה. דאָך האָט מען קיינמאָל ניט געהערט אַז זי זאָל שרייען אויף אירע בלאָנדע ייִנגעלעך, אויף אירע שוואַרץ־חנעוודיקע מיידע־לעך מיט די שיטערע ציינדלעך. זי האָט געזאָגט אַ וואָרט, אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל — און דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט. בעת הדסה און איר ברודער ר' אברהם־שעיה האָבן צווישן זיך גערעדט, האָט עס אויסגעקוקט ווי זיי וואָלטן

זיך געשושקעט.ביידע האָבן ניט אַרויסגעזאָגט קיין הויך וואָרט. ציטנווייז איז זי ניט אַרויס פון שלאָפצימער און מען האָט געהערט איר הוסט פון הינטער פאַרמאַכטע טירן. אַ דאָקטאָר איז געקומען און אַוועק, דאָס שטוב־מיידל איז געלאָפן אין דער שטעטלשער אַפּטייק נאָך רפואות, בערעלע האָט דער מאַמען אַריינגעטראָגן די וואַרעם־פלאַש, ר׳ אברהם־שעיה איז פון דער שוועסטער אַרויס אַ פאַרזאָרגטער. אָבער אַלץ שאַ־שטיל, ווי בסוד־סודות.

נאָכן אָפּליגן אַ פּאָר טעג אין איר צימער איז הדסה ווידער אַריינגעקומען צום עסן. זי איז געזעסן ביים טיש מיט אַ טוך אויף די אַקסל און אונטערגעציטערט פון קעלט אינמיטן זומער. איר פּנים האָט אויסגעזען בלווילעך, די פולע ליפּן — פאַרטריקנט, איר גאָמבע איז אַראָפּגעהאָנגען שלאַבערדיק, נאָר אירע גרוי־ליכטיקע און קלוגע אויגן האָבן געשמייכלט. חייקל איז געווען פאַרכישופט ניט אַזוי פון איר אויסזען ווי פון איר מלכותדיקער באַנעמונג, און זי האָט געפילט אַז איר יעדע באַוועגונג ווערט ניט פאַרלאָרן פון זיין בליק. דער ברודער האָט איר דערציילט וועגן חייקלס ווילדלעכן כאַראַקטער און זיינע כשרונות. די שוועסטער האָט געטראַכט אַז דער ברודער קען נאָך ניט זיין תלמיד צו־גוט, און אַז דער יונגער בחור קען נאָך זיך אַליין ניט. דער בחור זאָל ניט זען ווי באַליידיקט זי איז פון זיין נייגעריקן נאָכקוקערישן בליק, האָט הדסה אים שטענדיק אַנטקעגנ־געשמייכלט מוטערלעך און גינציק. אָבער דאָס האָט אים געמאַכט נאָך אומרואיקער און ער האָט זיך געשעמט אַנצורירן די מאכלים. הדסה האָט אים באַדאַרפט דערמאָנען ער זאָל זיך ניט פאַרטראַכטן, דאָס עסן ווערט קאַלט. און גערעדט האָט זי צו אים אויפן זעלבן געלאַסענעם אופן ווי זי רעדט צו אירע קינדער.

איצט איז חייקל געזעסן אַליין אין עסצימער אַ ברוגזער און דערשלאָגענער. ער עסט און צאָלט ניט, ער איז דאָ אַן איבעריקער, אַ פרעמדער. ער איז ניט קיין בן־הרב און זיי זיינען מיוחסים, פאַרליידן זיי ניט זיינע זיטן. דער רבי האָט דער שוועסטער מסתמא דערציילט ווי ער האָט אָפּגעזידלט דאָס פּאָרל ביים טויער און אויך זי באַדויערט געוויס וואָס מען האָט אים אַריינגענומען. אַ סימן האָט ער, זי האָט צוגעגרייט פאַר אים וועטשערע ווי פאַר אַ הונגעריקן און איז אַרויס פון חדר. אויפן געדעקטן טיש איז געשטאַנען אַ שיסעלע שטשאַוו, פאַר־ווייסט מיט סמעטענע און פאַרבראָקט מיט האַרטן קעז, צוויי אָפּגעקאָכטע אייער אין אַ טעצל, אַנגעשניטן ברויט אין אַ קערבל און אַ טשייניק מיט טיי. חייקלען איז ניט איינגעגאַנגען דאָס עסן. האָט ער אויף גיך געשלונגען און פאַרטרונקען, אָפּגעבענטשט און איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

אַ געדיכטע זשומעניש האָט זיך געטראָגן פון די הויכע גראָזן, אַ קוואַקעריי פון די זומפּיקע לאָנקעס. פון די פעלדער איז פּאַמעלעך אויפגעשטיגן אַ ווייסער נעפּל, זיך אויסגעשפּרייט איבער די ביימער־שפּיצן און איז אַרויפגעשוואומען

ביז איבערן אויסגעקילטן קוימען פון דער סמאָלאַרניע. פון די קנוילן נעפּל האָט זיך אויסגעשיילט אַן אויסדאַכטעניש — די ווייס־הויטיקע פּוללייביקע פּריילין; איר באַגלייטער מיט די שוואַרצע וואָנצעלעך איז געבליבן פאַרשלונגען אין טומאַן. חייקל האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, ווי צו אַנטלויפן צום רבין פון די אומ־ריינע געדאַנקען — און דורכן פענצטער פון עסצימער דערזען דעם רבינס שוועסטער אָן אַ קאָפּטיכל.

ער האָט קיינמאָל פריער די בעל־הביתטע אָן אַ קאָפּטיכל ניט געזען. האָט ער מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעקוקט אירע פאַנאַנדערגעוויקלטע שוואַרצע האָר ביז די אַקסל. הדסה האָט מיטביידע הענט אַ טאַפּ געטאָן דעם טשייניק אויפן טיש, מיט אַ טישטעכל איבערגעדעקט דאָס ברויט אין קערבל, און אַרויסגעטראָגן אין קיך דאָס ליידיקע געפעס פון טיש. געטאָן האָט זי אַלץ אין איילעניש, ווי אין שרעק אַז די ווענט און דער באַלקן זאָלן צו־לאַנג ניט זען אירע אָפּגעדעקטע האָר. נאָכן צעוואַשן אין קיך דאָס געפעס, איז זי ווידער דורכגעגאַנגען דורכן עסצימער צו זיך אין שלאָפצימער. בעת־מעשה האָט זי אומרואיק געדרייט מיטן קאָפּ און צעוויקלטן האָר־קנויל, געגליכן צו אַן איבערגעשראָקענעם פויגל אין באַבלעטערטער געדיכטעניש. אַזעלכע פרומע צניעותדיקע מענטשן ווי דער מחזה־אברהם און זיין שוועסטער האָב איך נאָך אין מיין לעבן ניט באַגעגנט, האָט חייקל געטראַכט און איז אַריין אין רבינס חדר אַן אויסגעשטורעמטער. ער האָט זיך געשעמט סיי מיט זיין פאַרבאָרגענער רויער גלוסטעניש צו דער פעטער דאַטשניצע סיי מיט זיין אַרויסשפּרינגען קעגן איר און איר באַגלייטער.

אויסגעמוטשעט פון לערנען, איז דער מחזה־אברהם אַ גאַנצע וואָך איינ־געשלאָפן אין די לייכטע זומערדיקע מלבושים. בלויז פרייטאָג־צונאַכט איז ער מיט אָנשטרענגונג אַרונטערגעקראָכן פון געלעגער און זיך אויסגעטאָן. אויך דאָס מאָל האָט אים חייקל געטראָפן ליגן אויפן בעט אין כאַלאַטל, הויזן און זאָקן, און לעבן אים איז געלעגן אָפן זיין קליין גמראלע. אויף דער רעכטער דלאָניע, וואָס האָט אונטערגעשפּאַרט די פּאַטילניצע, האָט ער געהאַלטן אויסגעשפּרייט אַ קלאָר־ווייס באָזטיכל. טאָמער טראַכט ער פון שלאָף דברי־תורה, זאָל ער מיט דער האַנט ניט אָנרירן די האָר פון קאָפּ.

אינדערפרי האָט חייקל געפונען צוקאָפּנס נאָך אַ קישן. דער רבי האָט געזען אַז ער ליגט נידעריק, האָט ער אים אונטערגעלייגט זיין קישן. פאַרוויקלט אין טלית און מיטן פּנים צו דער וואַנט, האָט דער מחזה־אברהם געדאַוונט מיט גרויס דביקות. ביי איין תפילה האָט ער דעם קאָפּ פאַרריסן צום סופיט און די הענט פאַרפרעסט אין פויסטן, ווי ער וואָלט זיך געריסן אין די פאַרמאַכטע טויערן פון הימל. ביי אַ צווייטער תפילה האָט אין זיין קול אָפּגעקלונגען די הכנעה ווי אויך די שמחה פון איינעם וואָס האָט גאָרניט און דאַרף גאָרניט, ווייל ער האָט דעם

תענוג צו ריידן פּה אל פּה מיט זיין באַשאַפער. ביי דער שמונה־עשרה איז ער פאַרזונקען אין אַ טיפן שטילשווייגן. חייקלען האָט זיך געדאַכט אַז דער רבי האָט איבערגעלאָזט דעם גוף איינגעוויקלט אין טלית, און זיין נשמה איז אַוועק איבער באַרג און טאָל, אַהינצו וואו די זון איז פריער אויפגעגאַנגען אַ גרויסע, אַ קיילעכ־דיקע, אַ שטראַליקע. די באַנאַדלטע צווייגן פון די סאָסנעס אויפן באַרג קעגן פענצטער האָבן זיך אָנגעצונדן ווי גרינגאָלדענע מנורות. ר׳ אברהם־שעיה איז אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה און גלייך גענומען אויסטאָן די תפילין. איינמאָל האָט אים חייקל געפרעגט, פאַרוואָס זאָגט ער ניט די תפילות פון נאָך שמונה־עשרה, האָט ער געענטפערט.

„מער האָב איך קיין כוח ניט.״

ביים פרישטיק האָט אים דער רבי דערמאָנט, ער דאַרף גיין אין שטעטל באַזוכן דעם טאַטן. אויפן וועג דורכן וואַלד האָט חייקל געטראַכט, אַז כאָטש דער רבי דערמאָנט אים וועגן אָפּגעבן כיבוד־אב, האָט ער זיין טאַטן ניט ליב ווייל ער איז אַ משכיל. חייקל האָט אַרויפגעקוקט צו די באַבלעטערטעביימער און געוואָלט טרעפן ווי זיי הייסן. בעת ער האָט נאָך געוואוינט ביי פריידע וואַראָביי, איז ער אָפּטמאָל געגאַנגען מיטן טאַטן שפּאַצירן הינטערן שטעטל. דער טאַטע האָט די טונקל־בלויע ברילן אַרויפגערוקט אויפן שטערן, און אים געוויזן מיטן שטעקן וועלכער בוים ס׳איז אַ דעמב, אַ קליאָן, אַן אָלכע, אַ נוס־ביימל. אָבער דער רבי, הגם ער איז טאָג און נאַכט אַריינגעטאָן אין סדר זרעים, קוקט ער זיך ניט אום אויף אַ בוים אין וואַלד, אויף אַ קוסט ביים וועג, אויף אַ פלאַנץ אין פעלד. ער לערנט די דינים וועגן די צמחים פון ארץ־ישראל ווי ער לערנט די דינים פון ברענגען קרבנות, ווען משיח וועט קומען און מען וועט אויפבויען דעם בית־המקדש.

# 4

**דער הכנסת־אורחים** ווערט זומער־צייט פול מיט אָרעמע־לייט וואָס גייען איבער די הייזער. נאָר אין דער צווייטער העלפט פון הכנסת־אורחים שלאָפן נאָך אַלץ די ישיבה־ייִנגלעך, ווי זיי האָבן דאָרט גענעכטיקט ווינטער. האָט מלכקע ווילנער אין אַ פאַרנאַכט דאָרט דערזען הערצקעס טאַטן, דעם טאַבאַק־סוחר וואָס האָט נאָך מיט אַ יאָר צוריק אים אָנגעטאָן ציצית און אַ קוש געטאָן אין קאָפּ. אָבער דאָס מאָל האָט הערצקעס טאַטע אויסגעזען ווי איינער פון דער מחנה שנאָרער, אָפּגעריסן און פאַרוואַקסן. פון שרעק האָט זיך מלכקע פון אים באַהאַלטן. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט שוין גאַנץ וואַלקעניק גערעדט וועגן ווילנער בעל־הבית, וואָס איז דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער אַראָפּגעקומען ניט צו דערלאָזן, אַז זיין ווייב פון אַרגענטינע זאָל אַוועקפירן מיט זיך זייער ייִנגל. אַלע האָבן געוואוסט אַז דער ייִד האָט ניט אויסגעפירט, דער זון איז אַוועקגעפאָרן מיט דער מאַמינקען, מיט דער שלאַק אין קאָטקענעם מאַנטל און צוויי זילבערנע פוקסן. אויך דעם טאַטן פון אָט דעם בן־סורר־ומורה האָט מען אין וואַלקעניק ניט געדענקט צום גוטן. אָבער קיינער האָט זיך ניט געריכט אַז ער וועט אין אַ קורצער צייט זיך אַראָפּקייקלען צו אַזאַ טרויעריקן מצב.

וואָווע באַרביטאָלער האָט געבעטלט אין די בעל־הבתישע הייזער, אין די געוועלבער אויפן מאַרק, ער איז אויך אַריינגעקומען אין איינפאָרהויז וואו ער איז ווינטער־צייט איינגעשטאַנען. דער בעל־הבית און די בעל־הביתטע פון אַכסניא האָבן געוואוסט אַז ער איז אין שטעטל, דאָך האָבן זיי אים קוים דערקענט. ער איז געווען אָנגעטאָן קרוע־בלוע, באַדעקט מיט שטויב, די באָרד אַ קנויל שפּינוועבס. פונדעסטוועגן האָט דער בעל־הבית אים באַהאַנדלט מיט כבוד, געבעטן זיצן און געפרעגט צי ער וויל ניט מיט זיי אינאיינעם עסן אָנבייסן. הערט ער פון זון אין אַרגענטינע? ווי אַזוי איז ער געקומען צו אַזאַ מצב? נאָר דער געוועזענער טאַבאַק־סוחר האָט זיך ניט צוגעזעצט און ניט געוואָלט עסן קיין אָנבייסן. ס'איז אים אַ שאָד די צייט, האָט ער געזאָגט. פון זון הערט ער ניט, פאַראָרעמט איז ער געוואָרן איבער זיין אייגענער שולד, אָבער ער שעמט זיך ניט צו זיין אַ חוזר על הפּתחים.

דער בעל־אכסניא האָט דעם יורד געגעבן אַ גאַנצע זלאָטע און די בעל־הביתטע האָט אים מיטגעגעבן אַ חלה, אַ האַלבן לאָקשן־טייגעכץ, אַ קאַלט שטיק פיש — אַלץ וואָס ס'איז איבערגעבליבן פון שבת. דער ייִד האָט דאָס עסנוואַרג אַריינגעלייגט אין טאָרבע און פאַרן אַוועקגיין זיך אויסגעפרעגט וואו עס וואוינט דער מוליער ביי וועמען זיין הערצקע האָט געגעסן שבת. גלייך ווי ער

איז אַרויס האָט די בעל־הביתטע פאַרבראָכן מיט די הענט און זיך צעוויינט. „וואָס עס ווערט פון אַ מענטשן!" ער אַליין זאָל זיך אויך ניט צעוויינען, האָט דער בעל־הבית אַ געשריי געטאָן. „יידענע, פלאַנכע ניט. אין לעבן טרעפט אַלץ." פונדעסטוועגן זיינען מאַן און ווייב ניט געווען זיכער, אַז די נויט טרייבט דעם ווילנער סוחר אומגיין איבער די הייזער. עפּעס האָט זיך זיי געדאַכט אַז דאָס איז ביי אים אַ וויסטער שפּאַס, אַ משוגענע שפּיל. אָט וועט ער צוריקקומען און מיט אַ געלעכטער צוריקשליידערן אין פּנים די געשענקטע זאַכן. אַז ער איז אַ משונה־דיקער און האַמעטנער מענטש האָט מען דאָך געוואוסט פון דעם וואָס ער האָט זיין ווייב ניט אָפּגעשיקט קיין גט פופצן יאָר נאָכאַנאַנד און געפּייניקט זייער זון. איז ווער ווייס וואָס ער איז איצט אויסן? אויך אַנדערע וואַלקעניקער האָבן אים נאָכגעקוקט סיי מיט באַדויערונג סיי מיט חשד: איז ער ניט אַרונטער פון זינען? וויל ער ניט אַרויסרופן צו זיך רחמנות, ווי ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַרויסגערופן חוזק און בייזע רייד? אַלעמען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, אַז ער פאַראַדירט מיט דער טאָרבע און טראָגט זי אונטערן אָרעם מיט אַזאַ כבוד ווי אַ שיינער בעל־הבית טראָגט אונטערן אָרעם דעם טלית־זאַק.

צוויי מאָל האָט דער מוליער סראָלייזער פון אים זיך אויסבאַהאַלטן, דאָס דריטע מאָל האָט אים דער בעטלער געפּאַקט. סראָלייזער איז אויפגעשפּרונגען מיט שרעק, ווי אַ בר־מינן פון בית־עולם וואָלט געקומען אים וואַרגן. „איך בין ניט שולדיק," האָט ער געגוואַלדעוועט. „דער הערצקע איז אַ ממזר, אַ מסור, און די מאַמע זיינע איז אַ נפקא. זיי האָבן ביידע געמעגט דערטרונקען ווערן, איידער זיי זיינען אַריבערגעשוואומען דעם ים קיין אַרגענטינע."

„שילט זיי ניט, איר זייט ניט שולדיק, הערצקע און זיין מאַמע זיינען ניט שולדיק, איך בין שולדיק," איז וואָווע באַרביטאָלער שטיין געבליבן ביי דער טיר און אויסגעשטרעקט די הענט. „שענקט אַ נדבה."

סראָלייזער האָט נאָכדעם אין בית־מדרש פאַר אַ געזעמל בעלי־בתים זיך געשוואָרן, אַז ווען הערצקעס טאַטע דערלאַנגט אים אין פּרצוף מיט אַן אייזערנער הענטשקע, וואָלט עס אים אַזוי ניט פאַרגלושעט ווי די אויסגעשטרעקטע האַנט נאָך אַ נדבה. ער האָט זיך ביים געפאַלענעם בעל־הבית געבעטן: ר' וואָווע, עסט ביי מיר, שלאָפט ביי מיר, איך וועל אייך באַהאַנדלען ווי אַ לייבלעכן ברודער. און יענער? ניין און ניין! ער וויל בלויז אַ נדבה. האָט ער אים דערלאַנגט אַ פינפערל. גיט אים יענער דאָס פינפערל צוריק און זאָגט, אים קומט ניט אַזויפיל. איין זלאָטע האָט ער יאָ גענומען. „אוי, אַן אומגליקלעכער טאַטע! דאָס האַרץ ווערט מיר פאַר אים צעריסן!" האָט דער מוליער געאויקעט און די בעלי־בתים האָבן זיך איבערגעקוקט: זע נאָר דעם גנב דעם בעל־רחמים! פריער האָט ער דער יידענע פון אַרגענטינע געהאָלפן אַוועקנעמען דאָס יינגל און אומגליקלעך מאַכן

דעם טאָטן, איצט באַקלאָגט ער אים. דער פּאַסער האָט זיך געריכט אַז דער צעמישטער טאַבאַק־סוחר וועט אים אויסבייסן דעם גאָרגל, דער מאַרעוויכער ווייס אַז עס קומט אים דורסן. האָט ער זיך אויסגעקויפט מיט אַ זלאָטע.

דער אַלטער שוחט ר׳ ליפּע־יאָסע און זיינע בני־בית האָבן גוט געדענקט ווי דער ווילנער בעל־הבית איז ווינטער־צייט אַריין צום מנהל ר׳ צמח אַטלאַס, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געוואוינט ביי זיי. דאָס מאָל איז ער אַריינגעקומען און אויפן מנהל אַפילו ניט געפרעגט. ער האָט אויך ניט געבעטן קיין נדבה, ער האָט געבעטן עסן. ביים שוחט האָט מען געוואוסט אַז אַנדערשוואו וויל ער אַ מינוט ניט זיצן. האָט מען זיין בעטן עסן אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן. אָבער ער האָט זיך אויפגעפירט מיט דער חוצפּה פון אַ שלעפּער בן שלעפּער. ער האָט געכליאָ־בעט די זופּ און געשלונגען דאָס פלייש, פאַרלאַנגט נאָך אַ טעלער זופּ און נאָך אַ שטיק פלייש. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך געפלייסט אַרויסרופן צו זיך עקל, אויספּרואוון די שטוביקע ווי לאַנג זיי וועלן קענען מיט אים אויסזיצן. דער אַלטער שוחט, זיינעביידע טעכטער און דער קוואַרטיראַנט ר׳ מנחם־מענדל סגל זיינען געבליבן זיצן רואיק. נאָר דווקא דער ייִנגערער שוחט יודל, וואָס דאָס ווייב האָלט אים פאַר אַ שטיק ברוד, ער האָט געפילט אַז אים איבלט צום ברעכן, אים קערט די גרינגע גאָל, ער וועט עס ניט אַריבערטראָגן. אָבער ער האָט מורא געהאַט זיך אויפצוהייבן פון טיש, דער שנאָרער זאָל אים ניט מאַכן אַ וויסטע סצענע.

מיט דער קענטיקער כוונה זיך נאָך מער צו דערנידעריקן, האָט וואָווע באַרבי־טאָלער דערציילט ווי ער איז געוואָרן אויס טאַבאַק־סוחר און גענומען האַנדלען מיט תשמישי־קדושה, טליתים, ארבע־כנפותן, פּעקלעך ציצית, ביז ער האָט איינגעזען אַז ער וועט פון דעם ניט האָבן קיין חיונה. האָט ער געגרינדעט אַ חברה ׳בית־לחם׳ צו באַזאָרגן געפאַלענע בעלי־בתים מיט מתן בסתר, ברויט אויף אינמיטן וואָך און חלה אויף שבת. ער איז געווען אי דער גבאי פון דער חברה אי דער צונויפקלייבער און אי דער פאַרטיילער. נאָר אין ווילנע איז שוין דאָ אַ חברה פאַר מתן־בסתר און מיט אַן ענלעכן נאָמען, ׳פּת־לחם׳. האָבן די גבאים פון יענער חברה זיך צעגוואַלדעוועט, אַז ער מאַכט זיי קאָנקורענץ און נעמט פאַר זיך מער ווי ער פאַרטיילט צווישן אַנדערע. „מילא, האָבן זיי ביי מיר אַן עוולה אַז איך נעם פאַר זיך מער וויפל איך פאַרטייל צווישן אַנדערע!" און דער געוועזענער סוחר האָט אויסגעשטשירעט די ציין ווי דאָס פלעגט טאָן זיין הערצקע.

דער אַלטער שוחט האָט אים געגעבן אַ נדבה. ר׳ מנחם־מענדל סגל, ווידער, האָט ניט געקענט ביי זיך פועלן שענקען אַ נדבה אַ ייִדן, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געווען אַ ברייטער נדבן און אים גופא געצאָלט שכר־לימוד פאַר לערנען

מיט חייקל ווילנער. וואָווע באַרביטאָלער איז אָבער געשטאַנען מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט ווי ער וואָלט געמאָנט אַ חוב, ביז ר׳ מנחם־מענדל האָט אים דערלאַנגט אַ מטבע. ער האָט אַפילו ניט קיין קוק געטאָן וויפל ער קריגט און איז אַרויס פון שטוב אַן אַ גוטע־נאַכט.

די מאַנסלייט ביים טיש האָבן זיך צערעדט, אַז דער ווילנער בעל־הבית האָט משמעות גענומען אויף זיך אַ תשובה. נאָר אַ מענטש וואָס וויל אָפּקומען פאַר זיינע זינד פאָדערט ניט און דערציילט ניט וועגן זיך קיין עזותדיקע געשיכ־טעס. חנה־לאה, יודל דעם שוחטס וויב, האָט זיך געשושקעט מיט דער יינגערער שוועסטער ראָניע, וואָס האָט אויסגעזען זייער פאַראומערט. ס׳האָט זי טיף געקרענקט הלמאי צמח קומט ניט אַריין אַ קוק טאָן כאָטש אויף אירע קינדער. פון די שמועסן צווישן די מאַנסלייט ביים טיש האָט זי געוואוסט, אַז צמח אַטלאַס קומט אַלץ ווייניקער אויך אין ישיבה. ער זיצט אָפּגעזונדערט אין מוסר־שטיבל אויפן בוידעם, אָדער אין עזרת־נשים פון דער קאַלטער שול. ראָניע האָט געפילט אַז דעם טאַבאַק־סוחרס באַוויזן זיך אין שטעטל האָט אַ שייכות צו זייער געוועזענעם קוואַרטיראַנט און אַז צו זיינע פריערדיקע ליידן וועלן איצט צוקומען נייע.

נאָך דעם באַזוך ביים שוחט איז וואָווע באַרביטאָלער אַוועק צו זיין אַלטן ווילנער פריינד ר׳ שלמה־מאָטע דעם מלמד. ביי חייקלס טאַטן האָט ער ניט געשפּילט דעם בעטלער און זיך ניט געמאַכט משוגע. ר׳ שלמה־מאָטע האָט צו אים גערעדט אינדערשטיל און מיט קלעמעניש, ווי ביידע וואָלטן ווייטער געפירט דעם שמועס, וואָס זיי האָבן אַמאָל אָנגעהויבן אין ווילנער שענק אויפן ראָג יאַטקעווער גאַס.

„ס׳טויג ניט, ר׳ וואָווע, אייער אויפפירונג טויג ניט. פופצן יאָר האָט איר געלעבט מיט דער נחמה, אַז אייער אַנטלאָפענע אין אַרגענטינע פייניקט זיך, ווייל זי קריגט ניט פון אייך קיין גט און אירע קינדער פון צווייטן מאַן זיינען ממזרים. אָבער אַז די קאָנפראַדע איז געקומען פון אַרגענטינע און איר האָט דערזען ווי ווייניק זי איז באַזאָרגט, וואָס אירע קינדער פון צווייטן מאַן זיינען לויטן יידישן דין ניט כשר, באַשטראָפט איר דערפאַר זיך גופא. אַמאָל האָט איר זי סיי פיינט געהאַט סיי געבענקט נאָך איר; איצט דערגייט איר זיך אַליין די יאָרן נאַכסאָל איר האָט פון איר פאַנטאַזירט. ס׳טויג ניט, ר׳ וואָווע, ס׳טויג ניט.״

„און מיר איז גוט אַזוי, זייער גוט,״ האָט הערצקעס טאַטע געלאַכט. „אייער חייקל לערנט נאָך אין ישיבה ביי דעם ר׳ צמח אַטלאַס ?״

„ניין, מיין זון לערנט ניט מער ביי אים.״

„וואָס ? ער האָט ניט געקענט איינהאַלטן אויך אייער זון ? און וואָס טוט ער איצט, אייער חייקעלע ?״

„חייקל לערנט איצט ביי אַ גרויסן תלמיד־חכם וואָס געפינט זיך אין וואַלקע־

ניק אויף דאַטשע,״ האָט דער מלמד געענטפערט נאָך אַ לאַנגער קווענקלעניש צי ער זאָל עס דערציילן.

„און מיין זון לערנט ביי קיינעם ניט, ער לייגט אַפילו קיין תפילין ניט,״ האָט וואָווע אויסגעזונגען אומעטיק און מיט צוויי פינגער געקלאַפּט אין טיש. „נו, איך וועל גיין. איך וועל נאָך צו אייך אַריינקומען, ר׳ שלמה־מאָטע. איך וועל נאָך אויך זען חייקלען און זיין איצטיקן רבין.״

„זיין איצטיקער רבי איז אַ גרויסער וואויללערנער און אַן איידעלער ייד, אָבער אַ שלאָפער, אַ קרענקלעכער, מען טאָר אים ניט אויפרעגן. אַפילו רבנים און פריינד באַזוכן אים זעלטן, כדי ניט איינצומאַטערן,״ האָט דער מלמד געטענהט אַלץ אומרואיקער, נאָר דער אורח האָט געלאַכט. „איך האָב פאַר אייער זון געדונגען דעם פריערדיקן רבין ר׳ מנחם־מענדל סגל, מעג איך קענען אויך זיין איצטיקן רבין.״

ביים אַרויסגאַנג איז ער שטיין געבליבן קעגן דער בעל־הביתטע. די לאַנגע דאַרע פריידע האָט אים אָנגעקוקט מיט גוטע נאַרישעוואַטע אויגן. לויט זיין הילוך און אויסזען דאַרף דער ייד זיין אַ בעטלער. מערניט וועדליק ר׳ שלמה־מאָטע פאַרברענגט מיט אים דאַרף ער זיין אַ שיינער בעל־הבית. אין דער ערשטער רגע האָט וואָווע באַרביטאָלער געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט בעטן אַ נדבה אויך ביי דער אָרעמער יידענע. אויפן מלמדס פנים האָט זיך געמאָלן תחנונים, דער אורח זאָל אים ניט פאַרשעמען פאַר דער בעל־הביתטע. האָט וואָווע די אויפגעהויבענע האַנט געלאָזט צוריקפאַלן און זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן מיט דער פריילעכער פאַרשייטקייט פון אַן אָפּגעלעבטן בעל־עבירהניק, ווען ער וויל בשתיקה אַ קניפּ טאָן אַ דינסטמיידל אין הינטער־חלק.

## 5

**דער אַלטער מלמד** איז די נאַכט שלעכט געשלאָפן. ביי אים איז געבליבן צו שיקן אינדערפרי די בעל־הביתטע מיט אַ בריוול צום זון אין סמאָלאַרגיע, ער זאָל זיך ריכטן אויף וואָווע באַרביטאָלער. נאָר דעם גאַנצן פרימאָרגן איז קריינדל ניט אַרויס פון שטוב, און ר׳ שלמה־מאָטע האָט מורא געהאַט בעטן ביי דער בעל־הביתטע אַ טובה בעת די טאָכטער איז אין דער היים, זי זאָל ניט נעמען שרייען צו דער מאַמען. „בהמה, וואָס לאָזסטו זיך אויסנוצן!" איז דער זקן געזעסן אויפן ראַנד פון געלעגער און טריב געטראַכט: אַמאָל איז ער ניט נתפעל געוואָרן פאַר רדיפות פון רבנים, קעגנער פון השכלה. ער האָט זיך אויך ניט געבויגן פאַר רייכע בעלי־בתים, זיי זאָלן אים אָפּגעבן די קינדער פאַר תלמידים. איצט מוז ער ציטערן פאַר אַ מויד אַ שלאַק, זי זאָל אים ניט הייסן זוכן אַ דירה אַנדערשוואו.

מען זאָל פון איר ניט אָפּלאַכן, ווי פון דער פאַרקלאָגטער קעכין לייטשע בעת איר וואַרשעווער חתן האָט זי פאַרלאָזט, האָט קריינדל זיך גענומען פריינדלען מיט די שטעטלשע דינסטמיידלעך און אינאיינעם מיט זיי אָפּגעלאַכט פון באַנק־קוועטשער חייקל, איר מאַמעס געוועזענעם קוואַרטיראַנט. אמת, האָט זי געזאָגט, פריער האָט זי טאַקע געמיינט אַז כאָטש ער לערנט אין ישיבה איז ער אַ היינט־וועלטיקער. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגעזען אַז ער איז אַ כניאָק. ער זאָל ניט זיין קיין כניאָק וואָלט ער דאָך ניט געוואָרן קיין אונטער־שמש ביים רב אין סמאָ־לאַרגיע. „איך לאָז זיין טאַטן וואוינען ביי אונדז פון רחמנות וועגן," האָט קריינדל דערציילט אירע חברטעס. אָבער אינדערשטיל האָט זי מיט דער מאַמען זיך געקריגט און געשיפעט. „יידענע, דו מיינסט אַז איך זע ניט ווי דו ביסט פאַרליבט אין דיין ר׳ שלמה־מאָטען? דו נעמסט דאָך פון אים די אויגן ניט אַראָפּ!"

פריידע האָט די טאָכטער אָנגעקוקט ווי אַ משוגענע. ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן! מערניט אַז מען האָט אַ מאַן אַ בורילע און אַ שטיק גולם וואָס לעבט מיט אַ גויע אין דאָרף, איז דעם אמת גערעדט טאַקע אַ פאַרגעניגן צו האָבן אין שטוב אַ קלוגן און געלערנטן ייד מיט אַ שיינער ווייסער באָרד. אויף ר׳ שלמה־מאָטען רוט דאָך די שכינה, זיין הויכער שטערן לויכט דאָך ווי די זון. אויך חייקלען האָט פריידע ליב געהאַט. כאָטש זי האָט באַדויערט וואָס ער האָט זיך אַרויסגעקליבן, איז איר געפעלן וואָס ער וואוינט און לערנט ביי אַ גרויסן רבין. בעת ער איז געקומען צום טאַטן צו גאַסט, איז פריידע שטענדיק געשטאַנען אין דער קיך, די לאַנגע דאַרע הענט פאַרלייגט אויפן פאַרטעך, און אים נאָכגעקוקט מיט אָפּשיי, ווי ער אַליין וואָלט שוין געווען אַ גרויסער רבי.

ר׳ שלמה־מאָטע האָט דער בעל־הביתטע אַריינגעשושקעט, אַז ווען די טאָכטער

וועט אַוועקגיין, דאַרף ער זי שיקן אין אַ וויכטיקער שליחות צום זון אין וואַלד. פריידע האָט פאַרשטאַנען, אַז די שליחות האָט אַ שייכות צום וויזיט פון אָפּגעריסענעם ייד מיט דער צעשויבערטער באָרד, וואָס האָט ר׳ שלמה־מאָטען שטאַרק צערודערט. די מאַמע האָט אומגעדולדיק געוואַרט, די מויד זאָל אַוועקגיין צו אירע חברטעס. נאָר קריינדל, ווי זי וואָלט זיך עפּעס אָנגעשטויסן און געוואָלט טאָן אויף להכעיס, האָט זיך אַרומגעדרייט אין איר אַלקערל און אונטערגעזונגען. וואָס געמיטלעכער די מויד האָט אונטערגעזונגען, אַלץ אומעטיקער האָט פריידע אַרויסגעקוקט אויפן וועג וואָס פירט צום דאָרף ׳דער שוואַרצער קאָוואַל״, וואו איר מאַן בענציע־משומד לעבט מיט אַ גויע און גיט איר אַוועק זיינע פאַרדינסטן. מיטאַמאָל האָט זי דערזען עמעצן אָנקומען און אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט אַ דערפרייטע.

„ר׳ שלמה־מאָטע, אייער זון גייט!״

דער זון איז געזעסן קעגן טאַטן און אויסגעהערט די מעשה וועגן טאַבאַק־סוחר. אין דער זעלבער צייט האָט קריינדל אין אַלקערל זיך הויך צעזונגען. „געלט איז דאָך קיילעכדיק, קיילעכדיק, געלט גייט אַוועק״. חייקל האָט געוואוסט אַז דאָס זינגט זי קעגן אים, אַז ער קוואַפּעט זיך אויף אַ כלה מיט אַ גרויסן נדן. נאָר חייקל האָט איצט געהאַט בילכערע דאגות און זיך ווי געבעטןביים טאַטן ער זאָל אים ניט שרעקן מיטן טאַבאַק־סוחר.

„פאַרוואָס זאָל וואָווע קומען אין סמאָלאַרניע מאַכן אַ סקאַנדאַל ? אין ווילנע אין ר׳ שאולקעס קלויז האָט ער דאָך פאַר אונדזביידן געוויינט, אַז ער אַליין איז אין אַלץ שולדיק. די מאַמע און אויך זיין ווייב מינדל האָבן געזאָגט, אַז ער איז זיך מבזה ווייל ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה.״

„ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה,״ האָט דער טאַטע מיט כעס נאָכגעקרימט דעם זון. „נאָר דיינע ווילדע מוסרניקעס און נאַרישע ווייבער קענען זיך איינריידן, אַז אַ מענטש קען דורך נאַכט ווערן אַן אַנדערער. זיין וויינען אין ווילנע און שלאָגן זיך אין האַרצן על־חטא מיינט נאָך גאָרניט. אָדער ס׳איז דעמאָלט געווען ביי אים אַ מינוט אַזאַ, אָדער ער האָט שוין דעמאָלט געשפּילט טעאַטער. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, אין האַרצן האַלט ער זיך נאָך אַלץ פאַרן גערעכטן. פריער האָט ער כדי צו קענען וואָיעווען געשיכורט, איצט געפעלט אים כדי צו קענען וואָיעווען זיין אַ בעטלער.״

קריינדל האָט שוין געזונגען אַ צווייט לידל. „היינט איז ביי מיר, מאָרגן ביי דיר, שפּעטער ביי אַנדערע פיר. מיט קיין געלט טאָר מען ניט שטאָלצירן, מען קען עס לייכט פאַרלירן.״ אָבער כאָטש די מויד האָט אים געשפּילקעוועט, האָט חייקל נאָך אַלץ געטראַכט וועגן טאַבאַק־סוחר, ניט וועגן איר. „איך פאַרשטיי ניט ווי מען גייט איבער די הייזער בעטן נדבות, כדי צו קענען וואָיעווען.״ דער

טאַטע האָט אים געענטפערט מיט אַ נידעריק קול, קריינדל זאָל ניט דערהערן.

„די זינגערקע איז שוין איינמאָל אַ מויד אַ צאַצקע! אָבער ווען אַזאַ בחורעץ ווי דו ווערט אַ בעל־מלאכה און דאַרף ניט גנבענען אַ קוש, זוכט ער אויס אַ פיין מיידל, ניט אַזאַ מרשעת... דו פאַרשטייסט ניט, זאָגסטו, ווי מען גייט עס איבער די הייזער כדי צו קענען וואַיעווען? און דו ביסט דען ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ר׳ צמח אַטלאַס, ווייל דו האָסטו דערפילט אַז דו וועסט פונקט ווי ער קענען בושעווען? דו האָסט שוין פאַרגעסן, נאָר דער טאַבאַק־סוחר געדענקט אַז דו האָסט געהאָלפן פאַרשלעפּן זיין הערצקען. ניט אומזיסט האָט ער זיך ביי מיר אויסגעפרעגט ביי ווענען דו לערנסט. דיין רבי איז אַ ייד וואָס וועט ניט וועלן אויסשטיין קיין סקאַנדאַלן. דאַרפסטו אים אַלץ דערציילן פריער, און אַז דו וועסט דערזען דעם טאַבאַק־סוחר אָנקומען, דאַרפט איר ביידע, דו און דיין רבי, אַנטלויפן דורכן פענצטער אין וואַלד אַריין.“

די לעצטע ווערטער האָט ר׳ שלמה־מאָטע אַרויסגעזאָגט ניט אָן שפּאָט. חייקל האָט אים געהאַט דערציילט, אַז ווען ער דערזעט אין סמאָלאַרניע אַריינקומען רבנים און ישיבה־לייט, טוט ער אַ זאָג: געסט גייען! און דער מחזה־אברהם אַנטלויפט דורכן נידעריקן פענצטער אין וואַלד אַריין. דער אַלטער משכיל און מלמד האָט געהאַלטן, אַז ווער עס ווייכט אַזוי פון מענטשן קען ניט זיין קיין מורה־דרך פון אַ יונגן בחור, וואָס מען דאַרף אים ווייזן אַ וועג אין לעבן. נאָר אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט וואָווע באַרביטאָלער איז עס דווקא אַ גוטער אויסוועג.

דערווייל האָט קריינדל פאַרענדיקט אויסזינגען נאָך אַ לידל, אַז היינטיקע ייִנגעלעך טאָר מען ניט טרויען אַזוי ווי די הינט אויף דער גאַס. בעת־מעשה האָט זי זיך איבערגעטאָן און פלוצעם זיך באַוויזן פון צווישן די פאַרהענגלעך איבער איר אַלקערל אָן אויסגעפּוצטע, אין אַ ראָז קליידל מיט פעלדעלעך, אין אַ שטרויענעם הוט מיט ברייטע ראַנדן. זי האָט געטראָגן ווייסע הענטשקעס, אַ ווייסן האַנט־בייטל, און ווייסע שיך אויף אַזעלכע הויכע קאָרקעס אַז זי האָט שיער ניט דערגרייכט דעם נידעריקן באַלקן. ר׳ שלמה־מאָטע האָט ניט ווילנדיק אַ פּאַטש געטאָן מיט די ליפּן פון חוזק. אויף פריידע, אין קיך ביים שיילן קאַרטאָפל, איז שטיין געבליבן מיט אָן אָפן מויל: אינמיטן העלן טאָג, ווען אַלע יונגען און מוידן זיינען ביי דער אַרבעט און דאָס שטעטל פּוסטעוועט, אַזוי זיך אויסצופּאַרעַן פאַר די וואַלקעניקער זאַמדן? אָבער קריינדל האָט זיך געאיילט עלעהיי אַ גאַנצע מחנה חתנים וואַרטן אויף איר. זי האָט דערזען חייקלען און זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרוואונדערטע, כלומרשט גאָרניט געוואוסט אַז ער געפינט זיך אין שטוב.

„זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! וואו מען זייט אים ניט, דאָרטן וואַקסט ער, און

אומעטום מאַכט ער אַן צרות. סראַלייזער זאָגט אויף אים, אַז דאָס האָט ער איינ־איינעם מיטן משוגענעם ראש־ישיבה פּאַרנאַרט קיין וואַלקעניק דאָס יינגל, וואָס איז דערנאָך אַוועקגעפאָרן מיט דער מאַמען קיין אַרגענטינע און דעם יינגלס טאַטע איז פון צער אַרונטער פון זינען. איצט איז דער גערירטער ייד אַראָפּגעקומען אין שטעטל און גייט אַרום איבער די הייזער בעטן נדבות.״

„ס׳איז שוין אָך־און־ווי צו דיר, אַז דו חברסט זיך מיטן גנב סראַלייזער און זיין קאָמפּאַניע,״ האָט פרײדע אַ געשריי געטאָן, מיטן קיך־מעסער אין איין האַנט און דעם ניט־דערשאָבענעם קאַרטאָפל אין דער צווייטער האַנט. מיט וועמען דען זאָל זי זיך חברן, מיט אַ באַנקקוועטשער? האָט קריינדל געוויזן מיט אירע ווייסע הענטשקעס אויף חייקלען. די מזלדיקע יאָר זאָל זי האָבן אויף וויפל אַן אַרבעטער־יינגל האָט אין זיך מער ערלעכקייט פון אַלע באַנקקוועטשער אינאיינעם. און פאַרן אַרויסגיין האָט זי נאָך צוגעגעבן מיט אַ האָפערדיק געלעכטערל, אַז אַלעמען אויף צעפּלאַצעניש גייט זי איצט אויף אַ ראַנדקע מיט אַ קאַוואַליער פון סראַלייזערס קאָמפּאַניע.

ס׳איז נאָך ניט אַריבער קיין מעת־לעת זינט חייקל האָט שאַרף אָפּגעענטפערט דעם פאָרל ביים טויער פון סמאָלאַרניע, אין די אויערן האָט אים נאָך געקלונגען דעם מחזה־אברהמס געשריי אויף אים. „אַ בן־תורה ענטפערט אינגאַנצן ניט!״ האָט ער קריינדלען איצט פאַרשוויגן. דער טאַטע האָט אים באַטראַכט מיט אַן אויג־ווינקל און זיך שטיל אָפּגערופן.

„איך וועל שרייבן דער מאַמען אַז אונדז קומט אַ מזל־טוב. חייקל, וועל איך איר שרייבן, האָט ביי זיין נייעם רבין געהאַט אַ גרויסע פּעולה, ער האָט זיך אויסגעלערנט פאַרשווייגן.״

אויף צוריקוועגס פון טאַטן האָט חייקל זיך אָפּגעשטעלט אויפן שול־הויף. איטלעך מאָל ביים פאַרבייגיין די קאַלטע שול אויפן בערגל, מיט די געטורעמטע דעכער און פילפאַרמיקע פענצטער, האָט זי אים אויסגעזען ווי נחס תיבה אויפן באַרג אַררט. דאָס מאָל האָט ער ניט געהאַט דעם קאָפּ פאַר אַזעלכע דמיונות. אַ מינוט האָט ער זיך געקווענקלט און איז באַלד דורך דער נידעריקער טיר אַריין אין עזרת־נשים אַ קוק טאָן צי דער מנהל זיצט דאָרט. דער מנהל איז טאַקע געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ שטענדער מיט אַ מוסר־ספרל, ווי ער וואָלט פון שול ניט אַרויס זינט חייקל האָט אים דאָרט געטראָפן מיט אַ צייט צוריק. זיינע באַקן זיינען געוואָרן איינגעפאַלענער, די גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געקוקט ווי אַריינגעזעצטע איידל־שטיינער וואָס פינקלען — און זענען גאַרניט. דער ווילנער האָט געקרעכצט ווי אַן אַלטער ייד ביים קומען אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע: געוויס וויס שוין דער מנהל אַז הערצקעס טאַטע איז אין וואַלקעניק און בעטלט נדבות. אין שטעטל רעדט מען אַז דאָס האָבן זיי ביידע, דער מנהל און ער, דערפירט

דעם יידן צו אַזאַ מצב. איז וואָס זאָל ער טאָן אויב דער ייד וועט קומען אין סמאָלאַרניע און אים מאַכן אַ סקאַנדאַל?

„וואָס זאָלט איר טאָן?" האָט צמח איבערגעפרעגט ווי פון שלאָף. „וואָס קענט איר טאָן? מיר קענען דאָך ניט לייקענען אַז מיר ביידע האָבן געבראַכט אַהער הערצקען."

„איך האָב זיך דאָך ניט געוואָלט מישן. האָט איר מיר געזאָגט אַז אויב איך וועל אייך ניט העלפן, וועל איך ניט זיין קיין אמתער נאָוואַרעדקער און וועל זיך גופא קיינמאָל ניט מוחל זיין הלמאי איך האָב געזען אַ חבר בצרת נפשו און אים ניט געהאָלפן. האָב איך אייך געפאָלגט. איז פאַרוואָס זאָל איך איצט ליידן?" האָט חייקל געבעבעט. דער מנהל האָט אים ווידער געענטפערט מיט אַ פאַר־חלשט קול.

„איר זייט גערעכט, וואָס איר זאָגט איז אמת. אָבער איצט איז דאָך שוין פאַרפאַלן."

„מיין טאַטע האַלט אַז וואָוו באַרביטאַלער שפילט טעאַטער. פריער האָט ער כדי צו קענען וואַיעווען געשיכורט, איצט איז ער כדי צו קענען וואַיעווען געוואָרן אַ בעטלער."

„אייער טאַטע איז גערעכט, ער פאַרשטייט אַן עסק," האָט דעם מנהלס פּנים אויף אַ רגע אויפגעהעלט מיט אַ געשליפענעם שמייכל און זיך באַלד אויסגעלאָשן.

חייקל האָט ניט געוואוסט הלמאי דער מנהל איז אין אַזאַ יאוש. ער האָט אָבער געפילט אַז דורך זיין אַוועקגיין פון ישיבה האָט ער צו דעם צוגעהאָלפן. ר' צמח פרעגט אים אַפילו ניט ווי אים גייט אין לערנען ביים נייעם רבין, זאָגט אים אויך מער ניט קיין איין שלעכט וואָרט. און חייקל איז אַרויס פון דער קאַלטער שול נאָך דערשלאָגענער ווי ער איז אַריין.

אויף דער שול־גאַס איז אים אַנטקעגנגעקומען מלכקע ווילנער. לעולם איז מלכקע געווען שטאַרק ברוגז נאָכסאָל דער מחזה־אברהם האָט ניט אים גענומען פאַר אַ תלמיד. פונדעסטוועגן האָט ער זיך מיט זיין עלטערן בן־עיר שטאַרק דערפרייט און אים גלייך פאַרטרויט אַ סוד:

אין דער צווייטער העלפט פון הכנסת־אורחים, וואו עס נעכטיקן די פרעמדע אָרעמעלייט, נעכטיקט אויך אַ ייד וואָס גייט אַרום איבער וואָלקעניק מיט אַ קאַטערינקע און אַ שטייגל. אויפן שטייגל זיצט אַ גרינער פּאַפּוגיי, צוגעטשעפּעט מיט אַ קייטעלע ביים פיסל, און אין שטייגל געפינט זיך אַ גרויסע ווייסע מויז, וואָס ציט פון אַ קעסטעלע אַרויס מזל־קוויטלעך. ער האָט ביטול־תורה, נאָר קען זיך ניט העלפן, האָט מלכקע געקרעכצט. אים ציט ווי מיט צוואַנגען צום גרינעם פּאַפּוגיי וואָס פּלאַפּלט ווי אַ מענטש, און צו דער מויז מיט די שאַרפע ציינדלעך וואָס עסט פון דער האַנט. אים איז אויך מוראדיק טשיקאַווע צו וויסן וואָס אין די

מזל־קוויטלעך שטייט געשריבן. אָבער דער בעל־הבית פון דער קאַטערינקע און פון די בעלי־חיים איז אַ שלעכטער. אויב מען גיט אים ניט קיין צען גראָשן, לאָזט ער ניט אַ דריי טאָן דאָס הענטל פון שפּיל־קאַסטן און לאָזט ניט די מויז אַרויסציען כאָטש איין קוויטעלע. „איך האָב אים שוין אָפּגעגעבן אַלע מיינע צענער־לעך, אפשר דריי זלאָטעס וואָס די מאַמע האָט מיר געשיקט אויף זייטיקע הוצאות," האָט מלכקע געזיפצט ווי אַן אַלטער פּרוש וואָס איז זיך מודה אַז ער איז דורכ־געפאַלן אין אַ נסיון.

„און הערצקעס טאַטן זעסטו אין הכנסת־אורחים?" האָט חייקל געפרעגט. „איך האָב געהערט אַז ער וואוינט דאָרט. האָסט מיט אים גערעדט?"

מלכקע האָט דערציילט אַז פריער האָט ער זיך פון הערצקעס טאַטן אויס־באַהאַלטן, אַזוי האָט אים יענער איבערגעשראָקן מיט זיינע ווילדע אויגן און אָפּגעריסענעם הילוך. אָבער נעכטן ביינאַכט שטייט ער אַזוי לעבן דער קאַטערינקע און די מויז ציט פאַר אים אַ קוויטל. ערשט ער דערפילט ווי מען גלעט אים איבערן קאָפּ. קוקט ער זיך אום און זעט אַז ס'איז הערצקעס טאַטע, דער טאַבאַק־סוחר האָט אים אויסגעפרעגט וואָס ער מאַכט און אים געמוסרט, אַז פאַר אַ לערנער פּאַסט ניט צו ציען מזל־קוויטלעך. אַ פעלד־מויז, זאָגט ער, קען דעם מענטשנס מזל ניט אַרויסציען. דער מענטש ציט אַליין אַרויס זיין מזל לויט דעם ווי ער פאַרדינט זיך. מלכקע האָט ווידער גענומען אונטערקרעכצן: וואָס טוט מען אַז אים ציט פאַרט צו די בעלי־חיים, בפרט צום פּאַפּוגיי. ער איז אַ גרינער, מיט אַ געלן טשוב און קרומען שנאָבל. דער קאַטערינשטשיק זאָגט אַז דער פּאַפּוגיי איז אַלט אפשר הונדערט יאָר.

„און וועגן מיר האָט וואָווע באַרביטאַלער דיך געפרעגט?" האָט אים חייקל איבערגעריסן. „ער האָט מיר געזאָגט אַז ער וועט ווייס ביי וועמען איר לערנט און אַז ער וועט גיין צו אייער רבין. ער האָט מיר אויך געזאָגט אַז פאַרן אָוועקפאָרן וועט ער מיר געבן אַ שיינע מתנה," האָט מלכקע עניוותדיק אַראָפּגעקוקט אויף זיינע הענטעלעך מיט די קליינינקע פינגערלעך. „פאַרוואָס וועט ער דיר געבן אַ שיינע מתנה, ווייל דו שפּילסט זיך מיט אַ מויז?" האָט חייקל געפרעגט מיט חשד. ער האָט געוואוסט אַז דאָס צדיקל האָט ניט פיינט צו באַריידן און ער האָט פאַרן טאַבאַק־סוחר גריילעך געקענט אויספּלוידערן די מעשה וועגן אים, חייקלען, און פריידע וואַראַבייס טאָכטער. „זאָג דעם אמת, וואָס האָסטו אים וועגן מיר דער־ציילט, אַז ער האָט דיר דערפאַר צוגעזאָגט אַ מתנה?"

מלכקעס אויגן, אַ מינוט פריער נאָך באַלויכטענע מיטן חלום וועגן גרינעם פויגל, האָבן זיך אָנגעצונדן פון כעס. „אַ זאַך וואָס אַלע ווייסן איז ניט קיין לשון־הרע, און איך האָב ביי הערצקעס טאַטן קיין מתנה ניט געבעטן. ער אַליין האָט זיך אָפּגערופן אַז ער וועט מיר געבן אַ מתנה, ווייל ער איז זיכער אַז איך וועל

בלייבן ביים לערנען, אָבער איר, האָט ער געזאָגט, וועט ביים לערנען ניט בלייבן." און מלכקע האָט זיך פון זיין עלטערן בן־עיר אָפּגערוקט מיט בייזע צעפּייערטע אייגעלעך.

הייסט עס אַז הערצקעס טאַטע וועט קומען אין סמאָלאַרניע, האָט חייקל געטראַכט. נאָר ער האָט ניט געוואָלט זיך טרייסלען פון פחד באַצייטנס, האָט ער גלייך ביים אַריינקומען אין רבינס חדר געעפנט די גמרא און גענומען זאָגן: גופא, היה מדבר עם האשה על עיסקי גיטה וקידושיה... ר׳ אברהם־שעיה איז געשטאַנען אַנטקעגן מיט זיין קליין גמראלע אין דער האַנט און פון חייקלס ציטער אין קול דערקענט אַז ער איז שטאַרק צעטראָגן. "וואָס איז געשען? וואָס מאַכט דיין טאַטע?" האָט ער געפרעגט. "קיין וואַלקעניק איז געקומען וואָוו באַרביטאָ־לער!" האָט דער תלמיד אַרויסגעפּלאַצט און דערציילט ווער ס׳איז וואָוו באַר־ביטאָלער, פאַרוואָס ער איז אַ דם־שונא דעם מנהל און אויך אים, חייקלען. ר׳ אברהם־שעיה האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן, פול שרעק און שטוינונג, זיין שפּיץ נאָז איז בלייך געוואָרן.

"דו ביסט אַ פּרא־אדם און דער מנהל איז אַ פּרא־אדם," האָט ער געצויגן מיט די אַקסל און געלאַכט אַ דערצאָרנטער. "אַלע יינגלעך לערנען שוין תורה, נאָר אָט דעם טאַבאַק־סוחרס יינגל, וואָס איז חשוד אין גנבה, ווי דו זאָגסט, ער איינער האָט דעם מנהל און דיר אויסגעפּעלט אין ישיבה?"

"איך ווייס אויף זיכער אַז וואָוו באַרביטאָלער קלייבט זיך קומען אין סמאָ־לאַרניע סקאַנדאַלעווען," האָט חייקל אויסגערופן און געוואַרט אַז דער רבי זאָל פון שרעק אַ צאַפּל טאָן. ר׳ אברהם־שעיה האָט גאָרניט געענטפערט ווי ער וואָלט ניט דערהערט. ער האָט עפּעס לאַנג נאָכגעטראַכט און געזאָגט.

"ר׳ צמח אַטלאַס איז אַ גיבור, אָבער אַ גיבור אינדרויסן פון זיך, בעת אַ גיבור לויט דער תורה איז אין זיך, אַ כובש את יצרו. אויך פאַר איינעם וואָס וויל גיין אויף מסירת־נפש האָט די הלכה אָפּגעשטעלט גרענעצן צוליב וואָס מען מוז זיך מוסר נפש זיין און פאַר וואָס מען טאָר ניט אָפּגעבן דאָס לעבן. ברענגען אַ יינגל אין ישיבה איז קידוש־השם. אָבער ברענגען אַזאַ סאָרט יינגל און נאָך קעגן דעם ווילן פון טאַטן, ווערט פון קידוש־השם אַ חילול־השם. און אַפילו דער גרעסטער גיבור, אויב ער ווייס ניט וואו זיך אָפּצושטעלן, איז אַ פּרא־אדם."

"איז וואָס וועט זיין ווען וואָוו באַרביטאָלער וועט זיך דאָ באַווייזן, מיר וועלן אַנטלויפן אין וואַלד?" האָט דער תלמיד געוואָלט וויסן.

"איך ווייס נאָך ניט וואָס עס וועט דעמאָלט זיין," האָט דער רבי געענטפערט און מיטן גראָבן פינגער פאַנאַנדערגעקעמט די וואָנצעס. "נו, לאָמיר לערנען. דו ווייסט? ביסט ממש אַ גאון אויף אויסגעפינען אויסריידן, אַז די צייט זאָל אַוועק אין ניוועץ. גופא, היה מדבר עם האשה על עיסקי גיטה וקידושיה..."

# 6

די מומע צערטעלע איז געשטאָרבן, זי האָט זיך גע־ לייגט שלאָפן און איז ניט אויפגעשטאַנען... צמחס אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, ער האָט דעם פעטער זימלס בריוו שוין ניט דערלייענט. די הענט פאַרלייגט צוקאָפּנס, איז ער לאַנג אָפּגעלעגן אין די מלבושים אויפן בעט, אין חדרביים שניידער ר׳ ישראל, און זיך דערמאָנט זיין צוריקקער פון ישיבה אַהיים קיין לאָמזשע. די נידעריקע און ברייטע מומע צערטעלע איז געשטאַנען ביים טיש און אים אונטערגערוקט דאָס ברויט־קערבל, אים דערלאַנגט אַ זאַלץ־מעסטל. אירע אויסגעהאָרעוועטע טרייע הענט און קליין איינגעדאַרט קעפּל האָבן אונטער־ געציטערט פון זיקנה. הינטער איר איז געשטאַנען דער פעטער זימל, אַ לאַנגער אויסגעקילטער קוימען, און אַרויפגעקוקט צום באַלקן ווי צום הימל. אויך די שוועסטערקינדער האָבן לכתחילה אים פיין באַהאַנדלט. איצט האָסן אים די שוועסטערקינדער, די שוואָגערס זיינען אים שונאים, דאָס ווייב איז קעגן אים פאַרביטערט. און פאַרוואָס זאָל סלאָווע ניט זיין קעגן אים פאַרביטערט? זי איז געקומען קיין וואַלקעניק אים אַהיים נעמען, האָט ער זי געלאָזט צוריקפאָרן אַ פאַרשעמטע.

בלויז ראָניע דעם שוחטס איז אים נאָך געבליבן גינציק און זאָרגט זיך פאַר אים, כאָטש ער האָט אויך זי פאַרשעמט און באַליידיקט. נעכטן איז ראָניע אומגעריכט אַריינגעקומען מיט אירע צוויי יינגעלעך און דערציילט דער בעל־ הביתטע, אַז זי איז פאַרבייגייענדיק אַריין מיט די קינדער, ווייל זינט ר׳ צמח האָט זיך פון זיי אַרויסגעקליבן פרעגן זיך די קינדער שטענדיק אויפן פעטער. די בעל־הביתטע האָט אָנגעקלאַפּט ביי אים אין טיר און אַריינגעלאָזט דעם שוחטס טאָכטער מיט די יינגעלעך. „אָט איז דער פעטער!״ האָט זי אויסגערופן צו די קינדער און צו אים אינדערשטיל גיך אַ זאָג געטאָן, אַז אין וואַלקעניק געפינט זיך דער טאַטע פון בחורל, וואָס איז מיט זיין מאַמען אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע. דער ייד זעט אויס האַלב משוגע, אָדער מאַכט זיך משוגע, און ווער ווייס מיט וועלכע פּלענער ער טראָגט זיך אַרום. צמח האָט באַמערקט אַז ראָניע איז נאָך מאָגערער געוואָרן און זעט אויס יינגער. זי האָט זיך נייגעריק אַרומגעקוקט אין צימער צו זען ווי ער לעבט. „צו וואָס דערצייל איך עס אייך? געוויס ווייסט איר אַז דער ייד איז אין שטעטל,״ האָט זי געזאָגט אַ פאַררייטלטע, אַ כאַפּ געטאָן די קינדער ביי די הענט און איז אַרויס פון חדר.

אַ בלאַסער און פאַרחלומטער שמייכל האָט סודותדיק באַלויכטן צמחס פּנים. אים איז גוט געווען צו ליגן אויפן געלעגער און טראַכטן וועגן ראָניע

דעם שוחטס. באַלד איז דער שמייכל איינגעזונקען אין די קנייטשן פון זיינע מויל־ווינקלען. ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט דעם פאַרגאַנגענעם ווינ־טער זיך געראַנגלט ניט דורכצופאַלן אין נסיון מיט איר. און וואָס איז פון דעם אַרויסגעקומען? ער האָט אויסגעבראַכט די כוחות בייצוקומען דעם יצר־הרע צו אַן אשת־איש און דער ברען פון מוסר האָט זיך אין אים אויסגעקילט. ער פרירט אינמיטן זומער סיי אין זיין צימער סיי אין בית־הכנסת.

צמח האָט געגומען דערלייענען דעם פעטערס בריוו. ר׳ זימל אַטלאַס האָט געשריבן אַז די קינדער בעטן אים ער זאָל זיך אַריבערקלייבן צו זיי. ווייל ער ניט אַוועק פון שטוב, ווייל אָפּטמאָל דאַכט זיך אים אַז צערטעלע איז נאָך מיט אים; און אַז ער וועט אַוועק צו קינדער וועט זי איבערבלייבן אין שטוב איינע אַליין. אָבער ניט תמיד דאַכט זיך אים אַז זיין אַלטיטשקע איז נאָך מיט אים. דעמאָלט פילט ער די אבלות אין איטלעך ווינקעלע און פאַרשטייט וואָס ער האָט פריער ניט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט ניט אָפּגעשאַצט זיין גליק אין לעבן. ווען ער קען עס איצט צערטעלען פאַרבייטן אין געוועלב, זי זאָל גיין צו די הורטאָווניקעס נאָך סחורה, אָדער גיין אין שטוב אָפּקאָכן וועטשערע! אַזוי איז שוין די טבע פון מענטשן. גייט אים גוט, איז ער קיין מבין ניט אויף זיין גליק; און ווען ער כאַפּט זיך אַז ער האָט באַדאַרפט דאַנקען דעם הטוב־והמטיב פאַר זיין מעסטל מזל, איז שוין צו־שפּעט צו פאַרריכטן.

יאָרן־לאַנג האָט דער משונהדיקער פעטער זימל געחלומט פון ווערן אַ פרוש. אויך אים, דעם פלימעניק, האָט ער געעצהט חתונה האָבן מיט דער ערשטער כלה פון אַמדור און גלייך נאָך דער חתונה ווערן אַ פרוש. שפּעטער האָט דער פעטער געחלומט פון ווערן אַ נע־ונדניק און אויך אים געראָטן טאָן דאָס זעלבע. איצט באַדויערט דער זקן הלמאי ער האָט ניט אָפּגעשאַצט ווי גוט אים איז געווען אינאיינעם מיט זיין צערטעלען, און ער וואָרנט אים, דעם פלימעניק, ער זאָל צוריקגיין צום ווייב איידער עס ווערט שפּעט.

נאָך האַלבן טאָג איז צמח אַוועק אין דער קאַלטער שול. ער איז ווידער געזעסן אין עזרת־נשים און געוואוסט, אַז אויף יענער זייט אין דער מאַנסבילשער שול הענגט אויף אַ זייל דער טאָוול מיט די דרייצן אני־מאמינס און קוקט אויף אים דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל. יאָ, ער איז מודה, אים פעלט אמונה אין אַ בורא־עולם. איז צוליב וואָס זיצט ער דאָ? ער האָט געחלומט פון תלמידים וואָס קענען פאַרשטיין אַ טיפן שמועס און האָבן ניט קיין מורא איבערצוטראַכטן אַפילו וועגן סאַמע עיקר. לערנען אַ שטיקל גמרא מיט ייִנגלעך אָנפאַנגער איז ניט פאַר אים. מזלו גרם אַז ער זאָל זיך דאָ פאַרפלאָנטערן און ניט קענען אויספּלאָנ־טערן, ביז מען וועט אים ניט אַ שטויס טאָן פון דרויסן.

ער איז געבליבן זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַן אָנגעשטרענגט פּנים.

זיין געדעכעניש איז אַרונטערגעקראָכן אין די אייגענע טיפן און זיך דאָרט געגראָבן, ווי מען קריכט אַרונטער אויף אַ לייטער אין קעלער פון דער שול און מען זוכט אין די בערג צעפליקטע בלעטער, אין די שטויסן פאַרפוילטע שיימעס. פּלוצעם האָט ער דערהערט אַ וויכע טאָפּטשעניש פון טריט. די וואַנט פון עזרת־נשים איז אַרויסגעקומען אַנטקעגן אַ הויכן פּאַרקאַן פון אַ גרינס־גאָרטן. צווישן וואַנט און פּאַרקאַן האָט זיך געצויגן אַ טיפער גראָבן באַוואַקסן מיט קראָפּעווע. צמח האָט אַרויסגעקוקט אינדרויסן דורך אַ פענצטערל מיט פאַרשטויבטע שייב־לעך: אין גראָבן איז ביז צו דער העלפט אין קראָפּעווע געשטאַנען וואָווע באַרביטאָלער.

אין ערשטן אויגנבליק איז צמח אָפּגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער. ער האָט זיך אויפן טאַבאַק־סוחר געריכט און אים דערוואָרט. נאָר זיין דם־שונאס קריכן דורכן גראָבן האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט בדעה געהאַט אַנצופאַלן פון הינטן מיט אַ האַק. באַלד האָט זיך צמח אַנגעשטויסן, אַז דער טאַבאַק־סוחר האָט ניט געפונען די זייטיקע נידעריקע טיר פון ווייבער־שול און איז פאַרקראָכן אין פאַרוואַקסענעם גראָבן. צמח איז מיט עטלעכע ברייטע שפּרייזן אַרויס אינדרויסן.

„איר זוכט אַוודאי מיך, קומט אַריין."

מיט אָפּגעבריטע הענט פון קראָפּעווע און מיטן פאַרוואַקסענעם צערייצטן פּנים צווישן די הויכע שטעכיקע גראָזן, האָט וואָווע באַרביטאָלער אויסגעזען ווי אַ חיה־רעה. נאָר ווען דער מנהל האָט אים אַ רוף געטאָן, האָט ער זיך פריילעך צעלאַכט און גענומען אַרויסקריכן. צמח איז צוריק אַריין אין עזרת־נשים און זיך אַוועקגעזעצט הינטער זיין שטענדער. וואָווע באַרביטאָלער איז אים נאָכגע־גאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק קעגנאיבער. אַ לאַנגער ברודיקער טלית־קטן איז פון אונטער דער צעפליקטער קאַפּאָטע אים אַראָפּגעפאַלן איבער די קני. ער האָט געטראָגן אַ האַרטן שוואַרצן קאַפּעליוש מיט אַן אַרומגעריסענעם ראַנד, גרויסע קרומע שיך באַדעקט מיט שטויב. אַ פוילעניש האָט געשלאָגן פון אים, אַ געשטאַנק און שוייס פון אַ מענטשן וואָס שלאָפט וואָכנלאַנג אין די מלבושים. ער האָט מיט ברודיקע נעגל זיך געקראַצט די צעשטאָכענע הענט און זיין פּנים האָט זיך געקרימט פון הנאה וואָס דאָס קראַצן פאַרשאַפט אים. זיינע צעפּיבערטע אויגן האָבן געגלאַנצט פון תענוג און אויך פון ליבשאַפט צו זיין קרבן — פאַר דעם וואָס ער קען זיך מיט אים אָנשפּילן איידער ער פאַרצוקט אים.

„איך האָב געהערט אַז איר קומט זעלטן אַריין אין ישיבה. זינט איך קען אייך טראַכט איך, אַז איר מאַכט חרוב אַלץ צו וואָס איר רירט זיך צו. האָב איך מורא געהאַט אַז איר וועט אויך חרוב מאַכן די ישיבה. איצט הער איך און זע אַז די ישיבה איז אַ דאַנק גאָט געבליבן אַ ישיבה און נאָר איר זייט חרוב. עפּעס קוקט איר מיר אויס ווי אַ סטראַשידלע אין פעלד, אַ וואַקסענער גולם. דאָס

נעמט איך שוין דער איבערשטער אָפּצאָלן פאַר דעם וואָס איר האָט מיך דער־פירט צו בעטל־ברויט. אויף מיר האָט מען נאָך רחמנות און מען שענקט מיר אַ נדבה, בעת אייך האָט מען דאָ ליב ווי אויגן־ווייטאָג.״

וויפל צמח האָט לעצטנס זיך ניט אָנגעשטרענגט אַרויסצורייסן זיך פון גליוועזר, איז עס אים ניט געלונגען. איצט האָבן זיך אין אים געטאָן אַ וועק־אויף אַלע כוחות. ער האָט דערפילט אַ פּאַרטייעטע פרייד, אַ טונקעלן אָנזאָג אויף אויסלייזונג. אויב דער טאַבאַק־סוחר וועט אים אַרויסשטופּן פון שטעטל איז אדרבא ואדרבא!... צמח האָט געענטפערט רואיק און אַפילו מיט אַ שמייכל, ווי ער וואָלט זיך מיט זיין שונא פאַרוועט, וועד פון זיי וועט דער ערשטער ניט אויסהאַלטן און נעמען שרייען.

„ניט איך האָב אייך דערפירט צו בעטל־ברויט, אייער פאַרדאַרבענער כאַראַק־טער האָט אייך דערפירט צו דעם. און אייער זון האָט אייער בלוט. איר ווייסט ניט פון מחילה, און אויך ער האָט ניט געקענט פאַרגעסן, אַז איר האָט אים געממיתט. ער האָט ניט קיין צוטרוי צו אַ ייד מיט באָרד און פאות, ווייל איר טראָגט אַ באָרד און פאות. ער האָט ניט מיטגענומען קיין אַרגענטינע קיין ארבע־כנפות און תפילין, ווייל איר טראָגט ציצית און לייגט תפילין. ליב געהאַט האָט ער נאָר זיין מאַמעס ברידער, די ווילנער אונטערוועלט־מענטשן, ווייל איר האָט זיי פיינט געהאַט. איבער דעם האָט ער אויך אין וואַלקעניק זיך געחברט דווקא מיט האַלבע און גאַנצע גנבים. דער זון האָט נקמה גענומען אין אייך, ווי איר האָט נקמה גענומען אין זיין אַנטלאָפענער מאַמען דורך פייניקן אים, דורך ניט אָפּשיקן זיין מאַמען אַ גט, און ווי איר זייט איצט אַראָפּגעקומען נקמה נעמען אין די וואַלקעניקער יידן.״

„איך בין אַראָפּגעקומען נקמה נעמען אין די וואַלקעניקער יידן?״ האָט וואָווע זיך געוואונדערט, נאָר זיינע אָפּלאַכערישע אויגן האָבן צוגעשטימט אַז דער מנהל האָט געטראָפן.

„נקמה נעמען אין די וואַלקעניקער יידן און דער עיקר, פאַרשטייט זיך, נקמה נעמען אין מיר. די היגע יידן האָבן דאָך צוגעזען און געשוויגן ווען אייער יידענע פון אַרגענטינע האָט אַוועקגענומען הערצקען. אַ טייל בעלי־בתים האָבן נאָך געהאַלטן, אייך קומט מען זאָל פון אייך אַוועקנעמען דעם זון. איז זאָלן זיי אַלע זען אַז איר זייט פון צרות געוואָרן אַ עני ואביון און זאָלן אַלע זיך פילן שולדיק קעגן אייך! איך בין בטוח אַז אויב איר וואָלט זיך אָנגעשטרענגט, וואָלט איר נאָך געקענט פירן געשעפטן. אייך איז אָבער מער ניחא צו גיין איבער די הייזער, די וועלט זאָל זען צו וואָס שלעכטע מענטשן האָבן אייך דערבראַכט. דאָרט וואו איר פילט אַז איר וועט מאַכן אַ גרעסערן רושם דורך אָפּשפּילן אַ געבראָכענעם בעל־תשובה, דאָרט זאָגט איר אַז איר אַליין זייט אין אַלץ שולדיק און שלאָגט זיך אין האַרצן חטאתי. נאָר וואָס איר זאָלט ניט טאָן האָט מען ניט צו אייך קיין

צוטרוי. מען פילט אַז איר פּראַוועט קאָמעדיאַנטישע שטיק. איר זייט געוואָרן אַ קאָמעדיאַנט."

„אמת, איך בין געוואָרן אַ קאָמעדיאַנט," האָט וואָווע באַרביטאַלער געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ שיכור וואָס באַדויערט ביים אויסניכטערן זיך דאָס פאַרשקלאָפּט זיין צום ביטערן טראָפּן. פון זיין פּנים זיינען פאַרשוואונדן די לצנישע העוויות און ער האָט זיך צערעדט מיט אַ טרויעריק קול:

יאָ, איצט איז ער אפשר אַ קאָמעדיאַנט, איצט איז ער זיכער אַ קאָמעדיאַנט. אָבער בעת ער איז נאָך הערצקעס אַוועקפּאָרן אַרומגעגאַנגען אין ווילנע און פּאָר אַלעמען גערעדט אַז דער שולדיקער איז בלויז ער אַליין, דעמאָלט האָט ער עס געמיינט אויף אַן אמת. דערוואָרט האָט ער אַז גוטע פריינד וועלן אים טרייסטן. זיי וועלן אים זאָגן אַז כאָטש ער האָט אין לעבן געמאַכט פעלערן, זיינען אויך אַנדערע שולדיק אין זיינע צרות. האָט מען אים אויסגעהערט און צוגעבאָמקעט, טאַקע, טאַקע, ער אַליין איז זיך אין אַלץ שולדיק. איידעלערע מענטשן האָבן געשוויגן, איינציקע האָבן אים געפּרואווט באַרואיקן אַז ער איז ניט דער ערגסטער. אַפילו אַ בלינדער האָט געקענט זען אַז זיי זאָגן עס פון יוצא וועגן, מיט אַ האַלב מויל, עס קלעקט זיי קוים געדולד אים אויסצוהערן. ער האָט באַמערקט אַז ווי לאַנג ער האָט סקאַנדאַלעוועט, האָט מען פאַר אים מורא געהאַט, אַנדערע האָבן אים אויך געגעבן גערעכט. נאָר זינט ער האָט גענומען זיך אַליין באַריידן, האָט מען זיך איבערגעוואונקען מיט חוזק, מען האָט פון אים אָפּגעלאַכט ווי פון אַ לאָ־יוצלח, מען האָט זיך פון אים אָפּגעדרייט ווי פון אַ שוטה. כאָטש אין די ספרים שטייט געשריבן, אַז בעסער זיין אין די אויגן פון מענטשן אַ שוטה איידער אַ רשע, לאַכט מען פון שוטה אַ סך מער ווי מען האָט פיינט דעם רשע. אויך ווען ער האָט זיך נאָך מיט אַלעמען אַרומגעקריגט, האָט ער טיף אין האַרצן זיך געהאַלטן פאַר שולדיק און זינדיק קעגן גאָט און לייט. ער האָט זיך אין דעם ניט געוואָלט מודה זיין, ווייל ער האָט נאָך דעמאָלט געגלייבט אין זיין נצחון. אָבער בעת ער האָט איינגעזען אַז ער האָט פאַרשפּילט און זיך גענומען שלאָגן על־חטא אַז ער איז שולדיק, האָט מען זיך פון אים אָפּגעקערט. אויב ניט אויף באַריידן אים, דאַרף מען אים ניט, איז ער אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא, מעג ער איינעמען אַ מיתה משונה. האָט ער זיך געזאָגט: זיי וועלן עס ניט דערלעבן, מער וועט ער זיך על־חטא ניט שלאָגן.

# 7

**וואָווע באַרביטאָלער** איז אַנטשוויגן געוואָרן און איז געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, מיט אַרויסגעשטעלטע צעשפּרייטע פּיס. אויך צמח אַטלאַס האָט לאַנג געשוויגן אַ פאַרצאָגטער. דער טרויער אין איטלעכן פון זיי האָט איינעם קעגן צווייטן געמאַכט נאָך פיינטלעכער, פאַרביסענער. דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך האָט אַריינגעגלאָצט די מאַנסבילשע שול, אַ קאַלטע, אַ פּוסטע. ביי דער וואַנט אינדרויסן פון עזרת־נשים האָבן די הויכע גראָזן זיך געוויגט אומעטיק און שטיל. ביידע יידן האָבן אויסגעזען עלעהיי צוויי מתים זיצן אין אַ אוהל אויף אַ בית־עלמין און קריגן זיך איבער עוולות פון דער צייט ווען זיי זיינען נאָך ניט געווען קיין שוכני־עפר. די תאווה פון אַריינזאָגן האָט אין צמחן זיך אַזוי צעברענט, אַז די שוואַרצאַפּלען האָבן זיך אים איבערגעדרייט אין די אויגנלעכער.

„פון אייערע רייד זע איך, אַז איר זייט נאָך מער לץ און קאָמעדיאַנט ווי איך האָב גערעכנט. דער אמתער בעל־תשובה האָט די גרעסטע הנאָה גראָד ווען מען איז אים מבזה. אָבער איר האָט אויף קיין איין סעקונדע ניט ערלעך חרטה געהאַט אויף אייערע מעשים־תעתועים. איר אַליין האָט נאָר־וואָס דערציילט, אַז בעת איר האָט פאַר מענטשן געוויינט און זיך געשלאָגן על־חטא, האָט איר דערוואַרט מען זאָל פאַר אייך פאַלן כורעים און זיך בעטן: ר׳ וואָווע, האָט רחמנות אויף דער וועלט און וויינט ניט. ר׳ וואָווע, רעדט ניט אויף זיך קיין שלעכטס. ר׳ וואָווע, אַ תינוק בן־יומו איז ניט אַזוי אומשולדיק ווי איר, כאָטש איר האָט פופצן יאָר אייער צווייט ווייב ניט אָפּגעשיקט קיין גט. איר זייט אויך ניט שולדיק, ר׳ וואָווע, אין דעם וואָס איר האָט ביי אייער דריט ווייב אַראָפּגעריסן דאָס שייטל פון קאָפּ און אוממענטשלעך זי פאַרשעמט פאַר אַ בית־מדרש מיט יידן. אָט אַזעלכע ווערטער האָט איר געוואָלט הערן פון אַלע וואָס האָבן זיך צוגעקוקט ווי איר שלאָגט זיך על־חטא. און ווייל מען האָט אייך ניט געטרייסט אַז איר זייט אומשולדיק ווי אַ טויב, האָט איר גענומען שפּילן אַ בעטלער. וואָס זאָגן צו אייער בייער ראָלע דער זון און די טאָכטער פון אייער ערשטער פרוי? מסתמא האָבן זיי ניט וואו זיך צו באַהאַלטן פון חרפּה. און דאָס טאַקע ווילט איר. איך בין זיכער ווי איצט איז האַלבער טאָג, אַז אַקוראַט ווי איר ווילט נקמה נעמען אין מיר און אין וואַלקעניקער יידן, ווילט איר אויך נקמה נעמען אין זון און טאָכטער פון דער ערשטער פרוי, ווייל זיי זיינען אַנטלאָפן פון שטוב איבער די שטענדיקע סקאַנדאַלן. איר ווילט אַז אייערע קינדער זאָלן זיך באַגראָבן פון חרפּה וואָס זיי האָבן אַ טאַטן אַ שנאָרער. קאָמעדיאַנט וואָס איר זייט!"

„איך קען ניט ריידן מיט אַזאַ משוגענעם אימפּעט ווי איר, איך בין דאָך

ניט קיין מוסרניק. איך וויל וויסן, אַ מוסרניק קען נאָר זאָגן, אָדער ער קען אויך הערן?" האָט וואָווע זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן. „אַוודאי קען אַ מוסרניק אויך הערן," האָט צמח אויסגערופן מיט משונהדיקער פרייד און נייגער. „אַ מוסרניק קען האָבן חסרונות נאָך מער פון אַנדערע מענטשן. איין מעלה האָט ער, ער קען הערן דעם אמת און ניט ווערן אויפגעקאָכט. איז וואָס האָט איר מיר צו זאָגן?" אָבער דעם טאַבאַק־סוחר איז דאָס ריידן ניט אָנגעקומען לייכט. די ווערטער זיינען אים שווער געקראָכן דורך דער קעל, ווי דאָס גאַנצע מאַטערניש פון זיין לעבן וואָלט אים אַריין אין גרגרת.

„ווי האָט איר געמעגט מיך שלעפּן ביי די לאַצן און רופן רשע־מרושע ווייל איך האָב פאַרשעמט מיין ווייב? איר אייער ווייב האָט דאָך נאָך מער פאַרשעמט! איך קען זיך פאַרענטפערן, בעת איך האָב פאַרשעמט מיין מינדלען בין איך געווען זייער פאַרביטערט און דערצו נאָך טויט־שיכור. אָבער איר, מוסרניק, איר האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגער און שיינער פרוי פון אַ פיינער משפחה און נאָך דער חתונה זייט איר פון איר אַנטלאָפן, ווי קאָנפראַדע איז אַנטלאָפן פון מיר. פון דעם זע איך..."

„יאָ, וואָס זעט איר פון דעם?" האָט צמח אַזש געפיבערט פון גלוסטעניש אַז מען זאָל אים זידלען וואָס שטאַרקער הלמאי ער איז ניט אינאיינעם מיטן ווייב.

„פון דעם זע איך אַז איר זייט אין ר' שאולקעס קלויז מיך באַפאַלן, ניט ווייל איך האָב פאַרשעמט מיין מינדלען, נאָר ווייל איר האָט ליב זיך אַריינצומישן דאָרט וואו ס'איז אַ פלאָנטערניש, אַ צרה. איר לעבט־אויף ביים פירן אַ קריג, אַן קריגערײַ ווייסט איר ניט צו וואָס איר לעבט אויף דער וועלט. איר האָט אַהערצו פאַרשלעפּט מיין הערצקען, ווייל איך בין געווען קעגן. איר האָט אַהערצו פאַרשלעפּט חייקלען, ר' שלמה־מאָטע דעם מלמדס, ווייל אויך זיין טאַטע איז געווען קעגן. אָבער אַזוי ווי איר האָט ביידע ממזרים צוגעצויגן דורך בונטעווען זיי קעגן די טאַטעס, ניט דורך איידלקייט און תורה, זיינען ביידע אַוועק פון אייך, הערצקע מיט זיין מאַמינקען קיין אַרגענטינע, און ר' שלמה־מאָטעס בענקאַרט צו אַן אַנדער רבין. מען זאָגט, אַ גרויסער לערנער און אַ הייליקער ייד. איך וועל נאָך מיט אים ריידן וועגן זיין תלמיד... דערווייל האַלט איך ביי אייך. בעת איר האָט פון מיר אַרויסגעריסן הערצקען האָט איר געוואוסט, אַז איך האָב אים פאַרשפּאַרט אין אַ סקלאַדיק פאַר גנבה. איך האָב אייך דעמאָלט אויך דערציילט, אַז זיין מאַמעס ברידער, די אונטערוועלטניקעס, לויערן אויף אים. האָט איר מיר צוגעזאָגט אים אָפּצוהיטן — און גאָט זאָל אייך אַזוי היטן ווי איר האָט געהאַלטן אייער צוזאָג! אַז ווי האָט איר געקענט האָבן דעם קאָפּ אַכטונג צו געבן אויף מיין זון, בעת איר האָט געהאַט אין זינען גאָר עפּעס אַנדערש," האָבן וואָוועס האַלב־צוגעשלאָסענע אויגן זיך געעפנט, פול מיט רויכיקע פלעמלעך.

„וואָס האָב איך געהאַט אינזינען?" האָט צמח געפרעגט און דאָס האַרץ אין אים האָט זיך אָפּגעשטעלט פון שרעק, צי מען האָט זיך ניט דערוואוסט וועגן זיין נסיון מיט ראַניע דעם שוחטס.

„זיך קריגן מיטן ווייב האָט איר געהאַט אינזינען, איז ווי האָט איר געקענט האָבן דעם קאָפּ אַכטונג צו געבן אויף מיין זון?"

וואָווע באַרביטאָלער האָט דערזען אַז דער מנהל איז צעטומלט, איז אויף זיין פאַרוואָקסן פנים דורכגעלאָפן אַ תאווה־ציטער פון נקמה־דאָרשט און ער האָט געגומען אויסמאָלן ווי ער וועט שבת ניט לאָזן לייענען אין דער תורה, ביז מען וועט אים ניט אויסהערן. ער וועט גאָרניט פּאַרלאַנגען, בלויז די בעלי־בתים זאָלן אים אויסהערן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן זייער מנהל און ראש־ישיבה. אָט דער צמחקע אַטלאַס, וועט ער זאָגן, האָט איינמאָל אָפּגעלאָזט אַ שידוך...

אויב ער וואָלט געוואוסט וועגן ראָניע דעם שוחטס וואָלט ער מיין נסיון מיט אַ אשת־איש ניט פאַרשוויגן, האָט צמח געטראַכט און לייכטער אָפּגעאָטעמט. „אַזוי? אַזוי? איר וויסט אַפילו אַז איך האָב אָפּגעלאָזט אַ שידוך?" האָט ער געלאַכט מאָדנע באַגליקט. „יאָ, איך ווייס. און דערציילט האָט עס מיר אַ לערנער פון ישיבה, אַזוי שטאַרק זייט איר באַליבט ביי אייערע תלמידים," האָט אים וואָווע אָנטקעגנגעלאַכט. „שבת אינדערפרי דאַוונט מען דאָ אין דער שול אַן ערשטן מנין, איז וואו וועט איר מעכב־הקריאה זיין, אין בית־מדרש אָדער אין דער שול?" האָט דער מנהל אים נאָך מער געהעצט און גערייצט. „וועל איך פריער ניט לאָזן לייענען אין דער שול און נאָכדעם וועל איך גיין אין בית־מדרש," האָט וואָווע געענטפערט.

„איז גוט," האָט דער מנהל זיך אויפגעשטעלט שוין אינגאַנצן פריי פון באַפאַלענעם פחד. „שבת אינדערפרי וועל איך דאַוונען מיטן ערשטן מנין אין דער קאַלטער שול און נאָכדעם וועל איך צום לייענען אַריבערגיין אין בית־מדרש, כדי איר זאָלט מיך האָבן פאַר די אויגן ווען איר וועט די בעלי־בתים דערציילן ווער איך בין. זייט איר צופרידן?"

אויך וואָווע האָט זיך אויפגעשטעלט. דורכן פענצטערל אין דער מאַנסבילשער שול האָט ער דערזען דעם זייל ביי דער בימה און דעם טאָוול מיט די י"ג עיקרים. אויף זיין פנים האָט זיך אויף אַ מינוט צעלייגט זיסע רו, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ בייזן חלום אַ באַלויכטענער פון פרימאָרגן־זון. אָבער גלייך ווי ער האָט זיך אויסגעדרייט צום מנהל האָט ער ווידער באַקומען אַ צערייצטן פּרצוף.

„איך וויל איר זאָלט וויסן זיין, אַז כאָטש איך האָב איך געהאַלטן פאַר אַ

ניט צו־אײדעלן און ניט צו־קלוגן מענטשן, האָב איך אײך געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן און גערעכטן מענטשן. איר נעמט זיך אָן די קריוודע פון אַ פאַרשעמטער פרוי און איר זײט גרײט זיך מקריב זײן פאַר קינדער וואָס לערנען תורה. דער־פאַר האָב איך זיך אײנגעבראָכן איטלעך מאָל בעת איר זײט אויף מיר אַרויפ־געשפרונגען. אָבער אַז איך האָב זיך דערוואוסט ווי איר, דער מאַנער ביי אַנדערע, באַציט זיך צו אײער אײגן ווײב, און אַז לעצטנס קוקט איר זיך אַפילו ניט אום אויף אײערע תלמידים — וועט איר מיר באַצאָלן פאַר אַלץ. מײן אַנטלאָפן ווײב האָב איך ניט מוחל געווען די יסורים און בושה וואָס זי האָט מיר פאַרשאַפט, וועל איך אײך, אַ פרעמדן, מוחל זײן? איך וועל זיצן אין וואַלקעניק און אײך דערגײן די יאָרן, ביז איר וועט מוזן אַנטלויפן. איך שווער דאָס אײך, ווי ס׳איז דאָ אַ רבונו־של־עולם. איך גלײב אין רבונו־של־עולם. איך לײג יעדן טאָג תפילין און נאָכן דאַוונען זאָג איך, אני מאמין באמונה שלמה שהבורא יתברך שמו הוא בורא ומנהיג לכל הברואים,״ האָט וואָווע געוויזן מיטן פינגער אויפן טאָוול אויף יענער זײט פון פאַרקראַטעוועטן פענצטערל. „איך גלײב אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און אַז ער וועט אײך פאַר מיר באַצאָלן.״

„זעט איר, אַז איר גלײבט אין גאָט האָב איך געוואוסט,״ האָט זיך צמח געשטיקט פון שנאה. „איך האָב געוואוסט אַז אַזאַ רשע־מרושע ווי איר דאַרף נאָך אויך דעם רבונו־של־עולם פאַר אַ שותף צו זײנע מעשים. אַזאַ בעל־תאווה ווי איר דאַרף נאָך אויך האָבן אַ צוזאָג אויף עולם־הבא. וואָלט איר ניט געווען קײן קאָמעדיאַנט און ליגנער לגבי זיך גופא, וואָלט איר זיך געשעמט צו גלײבן אין אַן אל רחום וחנון און אַלײן זײן אַ רוצח. ווי אַ מענטש האָט צווײ אויגן, האָט איר אין לעבן צווײ משוגעתן: תאווה און דאָרשט נאָך נקמה. איר זײט דאָך שוין אַ ייד אַ זקן. אָבער אַפילו נאָך אײער טויט, ווען פון אײך וועט מער קײן שריד ופליט ניט בלײבן, וועלן נאָך אַלץ לעבן מיט אַן אײגן לעבן אײער ניט־געשטילטע תאווה און ניט־געשטילטע נקמה. איר זײט אַ מאמין אין דעם אלוקי־ישראל און האָט הערצקען געשלאָגן מכת־רצח פאַר ניט אָנטאָן אַן ארבע־כנפות. איר האָט אַלע ווילנער יתומים באַזאָרגט מיט ציצית. נאָר דאָס אַלץ איז קײן פרוטה ניט ווערט. איר זאָלט אַפילו אונטער אײער טלית צעגײן פון טרערן, איר זאָלט באָדיי אַזוי לאַנג זיך שלאָגן על־חטא, ביז איר וועט קריגן אַ האַרץ־פעלער; איר זאָלט זיך אויסוואַלגערן וואו־נאָר אַ הקדש און לעבן אויף בעטל־ברויט אַלע אײערע יאָרן — האָט עס קײן שום האַפט ניט. מקיים זײן מצוות איז ניט שווער, לערנען יום ולילה תורה איז ניט שווער, גלײבן אין אַ רבונו־של־עולם אויפן אופן ווי איר גלײבט עס איז ניט שווער, ס׳איז אַפילו גרינג, אַ מחיה. שווער איז, זיך אָפּזאָגן פון אײגענעם כאַראַקטער, שווער איז, ניט נאָכגעבן זיך אין די חיהשע פאַרלאַנגען. גײט און זאָגט עס אין מײן נאָמען דעם רב פון סמאָלאַרניע. איך ווײס דאָך אַז

איר קלייבט זיך אַהינצו זיך נוקם זיין אויך אין חייקלען, אין אַ יונג בחורל וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק. דאָס האָב איך אויף אים אַרויפגעצוואונגען ער זאָל מיר העלפן ברענגען אייער הערצקען אין וואַלקעניק. נאָר איר ברענט פון נקמה און ווילט אים פּאַריאָגן פון זיין רבין, ווי איר ווילט מיך פּאַריאָגן פון שטעטל. איז ווען איר וועט זיין ביים דאַטשניק פון סמאָלאַרניע, זאָלט איר אים זאָגן וואָס פאַר אַ ווערדע ביי מיר האָט אייער אמונה אין אַ רבונו־של־עולם און אייער לייגן תפילין. און אַז איר וועט עס אים זאָגן, פאַרזיכער איך אייך אַז ער, דער גאון און צדיק, וועט האַלטן מיט אייך, ניט מיט מיר.״

„מיט חייקלס רבין האָט איר זיך שוין אויך צעקריגט? איר זייט זיכער אַז ער וועט האַלטן מיט מיר? איז גוט, איך וועל אים איבערגעבן וואָס איר האָט געזאָגט,״ האָט אַ שמייכל זיך צעבליט ווי קראָפּעווע אין די קנייטשן פון וואָווע באַרביטאָלערס שטעכיק־פאַרוואַקסן פּנים.

„און ווען איר וועט שבת פרי ניט לאָזן לייענען אין דער תורה, זאָלט איר אויך די בעלי־בתים דערציילן וואָס איך טראַכט וועגן אייער אמונה אין רבונו־של־עולם. איצט גייט פון דאַנען, ביז שבת וויל איך מער אייער פּרצוף ניט אָנקוקן.״

„איך גיי, איך גיי,״ האָט וואָווע פריילעך אַ שפּאַן געטאָן אויף זיינע קרומלעכע פיס. „און געדענקט מיין שבועה, איך וועל ניט אָפּטרעטן ביז איך וועל אייך ניט פאַרטרייבן פון ישיבה און פון שטעטל.״

גלייך ווי צמח איז געבליבן אַליין איז ער צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צום ברעטל פון זיין שטענדער און זיך צעקרעכצט: ער איז קראַנק און אויסגעפייניקט. ער וואָלט איצט באַדאַרפט אויסרוען די מידע גלידער אין זאָל ביי דער מומע צער־טעלען און זי זאָל אים איינדעקן מיט איר פאַטשיילע, ווי זי האָט עס געטאָן בעת ער איז צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער פון וואַלגערן זיך אין דער פרעמד. ער איז דאָ נאָך עלנטער פון וואָווע באַרביטאָלער אין וואַלקעניקער הכנסת־אורחים. זאָל עס זיך שוין ענדיקן, זאָל אים הערצקעס טאַטע דאָ אַזוי ענג מאַכן אַז ער זאָל מוזן פון דאַנען אַנטלויפן.

אויפן שול־הויף איז געשטאַנען וואָווע באַרביטאָלער און געחלומט מיט אָפענע אויגן ווי זיין הערצקע זיצט אין בית־מדרש און לערנט תורה. די זון האָט דעם אַלטן געבאַקן אין פּנים, פון זיין שטערן איז גערונען שוויס, די פיס האָבן זיך אים געבראָכן פון אַרומשלעפן זיך. נאָר די זינגעוודיקע קולות פון די לערנער אין ישיבה האָבן אים צום אָרט געשמידט. ער האָט קוים אָפּגעריסן די פיס פון באָדן ווי פון צעגליטן צעמענט, און מיט אַ צעוואַקלטן טראָט זיך אַוועקגעלאָזט צום הכנסת־אורחים.

אויף אַ היפּשן מהלך איז אים נאָכגעגאַנגען גדליה זאַנדאַקס איידעם, אַ

פאַרפּוצטער אין אַ העלן שטרויענעם קאַפּעליוש, אין זומער־שיך אויף רימענדלעך. געגאַנגען איז ער פּאַמעלעך און ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען. ערשט ווען דער אָפּגעריסענער ייד איז אַריין צווישן צוויי רייעןביימער, האָט אים יוסף וואַרשע־ווער אָנגעיאָגט.

„נו, איר האָט אים געזאָגט וועגן זיין ערשטער כלה און וועגן ווייב? ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן סקאַנדאַל וואָס איר וועט אים אָפּשפּילן שבת ביים לייענען?"

„איך האָב אים אַלץ געזאָגט, נאָר ער האָט זיך ניט דערשראָקן," האָט וואָווע געוואָרטשעט. „ער האָט זיך שוין איינמאָל דערשראָקן! ער מאַכט אַן אָנשטעל אַז ער האָט קיין מורא ניט," האָט יוסף טריאומפירט בייז און האָפּערדיק. וואָווע האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיין שווערן מוטנעם בליק. „און פאַרוואָס זייט איר אים אַ שונא? איר האָט דאָך אין זיין ישיבה געטאָן אַ גוטן שידוך."

יוסף וואַרשעווער האָט פון גרויס כעס געביסן די דינע ליפּן און גערעדט אין איילעניש, אין שרעק עמעצער זאָל ניט אונטערקומען: אויסער וואָס דער מנהל איז אים פריער דערגאַנגען די יאָרן פאַרוואָס ער האָט ניט חתונה געהאַט מיט דער קעכין לייטשע, האָט ער אים לעצטנס נאָך מער באַליידיקט. יוסף האָט שוין ניט געקענט הערן פון שווער גדליה זאַנדאַק, אַז ער איז אַן אומזיסטער פּרעסער. האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו ווערן אַ משולח פון אַ גרויסער ישיבה, ווי דאָס איז עזריאל וויינשטאָק, דער איידעם פון היגן שוחט. מען זאָל אים אָנטרויען אַזאַ שליחות, דאַרף ער האָבן אַ רעקאָמענדאַציע אין וועד־הישיבות. פּונקט איצט געפינט זיך אין וואַלקעניקער סמאָלאַרניע אויף אַ דאַטשע אַ ייד וואָס מען רופט אים דער מחזה־אברהם, אויפן נאָמען פון זיינע ספרים, און זיינער אַ בריוו צום וועד־הישיבות וואָלט געעפנט טיר און טויער. אין ווי יוסף האָט עס ניט געוואָלט, האָט ער פאַרט געמוזט גיין צום מנהל אים בעטן ריידן מיטן דאַטשניק פון סמאָלאַרניע. האָט אים דער מנהל געענטפערט. „אויף מיין בקשה וועט אייך דער מחזה־אברהם קיין בריוו ניט געבן, און מען טאָר אייך טאַקע ניט טרויען. אויב איר האָט געקענט אָפּנאַרן אַ יידישע טאָכטער, קענט איר אויך צונעמען געלט וואָס מען איז מנדב אויף אַ ישיבה." אָט מיט די ווערטער האָט דער מנהל צו אים גערעדט. וועט ער אים פאַרגעבן און פאַרגעסן? זאַנדאַקס איידעם האָט זיך אומגעקוקט צי מען זעט אים ניט שטיין מיטן בעטלער.

„אָבער איך וועל אויספירן דאָס מייניקע, איך וועל אַרומפאָרן איבער דער וועלט; און ווען איך וועל זיין אין אַרגענטינע, וועל איך אייך ברענגען אַ גרוס פון אייער זון."

„אַזאַ חברהמאַן ווי דו וואָלסט אין אַרגענטינע געקענט זיין אַ רב ביי מיין קאָנפראַדען מיט איר מאַן," האָט דער אָפּגעריסענער ייד זיך אַ שאָקל געטאָן

זאַנדאַקס אײדעם גלײַך אין פּנים. „אויך גנבים האָבן רבנים, און דו װאָלסט זיכער געפּסקנט אַז קאָנפּראַדעס ממזרים פון צװײטן מאַן זײַנען כשרע קינדער.“

„איך העלף אײַך קעגן אײַער שונא און איר זידלט מיך?“ האָט יוסף װאַר־שעװערס דין פּנים מיט דער מילכװײַסער הויט געציטערט פון אויפרעגונג. „איר זאָלט זיך ניט דערװעגן זאָגן אַ װאָרט, אַז דאָס האָב איך אײַך דערציילט װעגן מנהלס פּירונגען. מער פעלט מיר ניט! טאָמער װעט איר דערמאָנען מײַן נאָמען, װעל איך לײקענען שטײן און בײן.“

„האָב קײן מורא ניט, דיך װעל איך פאַר קײן עדות ניט אַרויסשטעלן. איך און דײַן מנהל זײַנען אָפֿענע ערלעכע שונאים, אָבער דו ביסט אַ זשוליק!“ האָט דער בעטלער אַ ריטשע געטאָן און יוסף װאַרשעװער האָט זיך אָפּגעטראָגן אַ פאַרציטערטער. װאָװע האָט קוים געשלעפּט די מידע פיס צום הכנסת־אורחים און געברומט צו זיך: אַזאַ מזל זאָל ער האָבן, דער משוגענער מוסרניק, װאָס פאַר אַ תלמידים ער האָט אַרויסגעגעבן.

## 8

אַן אורח איז פאַרנאַכט אַרײַנגעקומען אין הויף פון סמאָלאַרניע און זיך אַרומגעקוקט. חײקל האָט אים דערזען פון װעראַנדע און איז אַרײַנגעפאַלן צום רבין אַן אָטעם. „ער גײט! װאָװע באַרביטאָלער גײט!“ דער תלמיד איז גרייט געװען העלפן דעם רבין אַרויסקריכן דורכן נידעריקן פענצטער אין װאַלד אַרײַן. „בלײַב זיצן!“ האָט ר׳ אברהם־שעיה שטרענג אַ זאָג געטאָן און איז אויך אַלײן געבליבן ליגן אויפן בעטל װי פריער. „איך טראַכט גאָר־ניט צו אַנטלויפן,“ האָט חײקל געמרוקעט און זיך אַראָפּגעזעצט בײַם טיש איבער דער גמרא.

װאָװע באַרביטאָלער איז אַרײַן מיט אַ געאײלטן טראָט, יום־טובדיק־אויפגע־ראַמט און אונטערברומענדיק אַ ניגונדל. ער האָט פײַנטלעך אַ קוק געטאָן אויף חײקלען און מיט הכנעה זיך אויסגעדרײט צום רב, װאָס האָט גענומען אַרונטער־קריכן פון געלעגער.

„האָט קײן פאַראיבל ניט, רבי, װאָס איך שטער אײַך. איך בין אַ ייִד אַן אָרעמאַן און גײ איבער די הײַזער,“ האָט ער גערעדט נעבעכדיק, נאָר זײַנע אויגן האָבן כיטרע געלאַכט, װי בײַ אַ פּורים־שפּילער װאָס װײס אַז אַלע װײסן, אַז זײַן באָרד פון מרדכי־הצדיק איז אַ צוגעקלעפּטע. מיט אַ פלינקער האַנט־באַװעגונג האָט ער פון בוזעם־טאַש אַרויסגעכאַפּט אַ צונויפגעלײגט בײַגעלע פּאַפּיר און עס אויסגעשטרעקט צום מחזה־אברהם. „אין אָט דעם כתב זאָגט אַ װילנער רב אויף

מיר עדות, אַז איך בין אַמאָל געווען אַ שיינער בעל־הבית, נאָר איך בין פאַר־אָרעמט געוואָרן. און יידן, רחמנים בני רחמנים, דאַרפן מיט מיר מטיב זיין. לייענט, רבי.״

„איך גלייב איך אָן דעם כתב.״ דאָך האָט דער מחזה־אברהם לאַנג אַריינגע־קוקט אין בייגעלע פּאַפּיר, ווי ער וואָלט דאָרט געציילט די אותיות. „אמת, אין בריוו שטייט אַז איר זייט אַ מחוסר־לחם.״ און ער האָט דעם יורד צוריקגעגעבן דעם כתב.

„זעט איר, רבי, אַז איך זאָג ניט קיין ליגן. פונדעסטוועגן געפינען זיך אין וואָלקעניק יידן וואָס גלייבן ניט אַז איך בין אַ מחוסר־לחם. מיר גלייבט אַפילו ניט מיין אַלטער ווילנער באַקאַנטער ר׳ שלמה־מאָטע דער מלמד, זיין טאַטע,״ האָט ער מיט אַ פינגער אַ וויז געטאָן אויף חייקלען. „אייער תלמיד האָט אייך מסתמא דערציילט ווער איך בין און ווי איך בין געקומען צו מיין מצב.״

„יאָ, איך האָב געהערט. און וואָס קען איך טאָן פאַר אייך?״

„וואָס קענט איר טאָן פאַר מיר?״ האָט דער אורח אומגעריכט אַ געשריי געטאָן, ווי אַרויסצורייסן דאָס הויז פון דער צוגעפּאַלענער נאַכטיקער שטילקייט. „איר פאַר מיר קענט גאָרניט טאָן, פון אייך פאַרלאַנג איך גאָרניט, איך וויל נאָר זיך באַקענען מיט אייך נעענטער. איידער איך בין פאַראָרעמט געוואָרן האָב איך געזאָרגט פאַר אָט דעם תלמיד אייערן ער זאָל ניט אויסוואַקסן אַ גאַסן־יונג. איך האָב אים געדונגען אַ רבין, דעם זעלבן ר׳ מנחם מענדל וואָס איז איצט אין וואָלקעניק אַ ראש־ישיבה. וויל איך אויך קענען זיין נייעם און גרעסערן רבין. אמת, חייקעלע, אַז איך האָב דיר געדונגען אַ רבין און דו האָסט אויף מיר אויפגעהויבן אַ שטענדער, וויל איך האָב דיר געהייסן ווייזן די ציצית? איר הערט, רבי? אַ יינגל וואָס פאַרמעסט זיך אויף אַן עלטערן ייד מיט אַ שטענדער וועט קיין לערנער ניט בלייבן, קיינמאָל אין לעבן ניט! איצט שטומט ער, איצט מאַכט ער דעם אָנשטעל פון אַ צדיקל, נאָר איך ווייס ווי ס׳קאָכט אין אים. ס׳איז זיין גליק וואָס ער געפינט זיך ביי אייך אין שטוב, איך וואָלט זיך איצט מיט אים אויסגעצאָלט...״

„היט זיך! ער קען ווידעראַמאָל אויפהייבן אַ שטענדער. און אויב קיין שטענדער איז ניטאָ, קען ער אַ כאַפּ טאָן פון טיש דעם אָנגעצונדענעם נאַפט־לאָמפּ,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה כלומרשט געשפּאַסט. נאָר זיין קול האָט געקלונגען מיט אַ האַרבער התראה, אַז דער אורח זאָל זיך ניט דערוועגן אויפהייבן אַ האַנט. וואָוּ באַרביטאָלער איז שטיין געבליבן אָן לשון און אויך חייקל האָט געשטוינט. ער האָט פאַרשטאַנען דעם רבינס וואונק ער זאָל זיך ניט לאָזן אָנרירן.

„ער וועט אַמאָל נאָך אויפהייבן אַ שטענדער אויך אויף אייך. איך מיין ניט דווקא אַ שטענדער, איך מיין אַז ער וועט טאָן פונקט פאַרקערט ווי איר לערנט

אים,״ האָט וואָווע נאָך געפּרואווט אַרויפשרויפן דאָס קול, אָבער ער איז געוואָרן אַלץ מער און מער צעטומלט. ער האָט קענטיק זיך ניט געריכט, אַז דער רב וועט אַזוי וויניק נתפעל ווערן פאַר זיינע סטראַשונקעס. אַ רגע האָט נאָך ר׳ אברהם־שעיהס אונטערשטע קינבאַק געצוקט און געציטערט. מיטאַמאָל האָט ער זיך פריילעך צעלאַכט, ווי ביז איצט וואָלטן ער און דער אורח זיך בלויז געחכמהט.

„אַוודאי איז חייקל אַ שייגעץ און אַ עקשן. וואָס איך זאָל ניט זאָגן, זאָגט ער פונקט פאַרקערט. איר האָט שוין געגעסן וועטשערע? פון שטעטל אַהערצו איז אַ מהלך רב און איר זייט געוויס הונגעריק.״ וואָווע האָט זיך נאָך מער פאַרלאָרן, דער מילדער טאָן און די פשטות פון בעל־הבית זיינען אים בייגעקומען. נאָר אויב ניט בושעווען, האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך און ווי צו ריידן. „איך בין ניט הונגעריק,״ האָט ער געמרוקעט. „אָבער פון אַ גלאָז טיי וועט איר זיך דאָך ניט אָפּזאָגן,״ האָט דער בעל־הבית אויסגערופן. „פון אַ גלאָז טיי וועל איך זיך ניט אָפּזאָגן,״ און וואָווע האָט מיט די פינגער זיך געקעמט די צעפּלאָשעטע באָרד. ר׳ אברהם־שעיהס ריידן צו אים ווי צו אַ געהויבענעם גאַסט, האָט אין אים געוועקט דעם חשק זיך צו האַלטן בכבודיק.

אין עסצימער, מיטן עלעקטרישן לאָמפּ איבערן טיש, איז וואָווע באַרביטאָלער אַ פּאָר מינוט געזעסן אַליין און שטאַר געקוקט אויפן טישטעך. ר׳ אברהם־שעיה איז אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז טיי און מזונות אויף אַ טעצל. דער גאַסט האָט אַ שעפּטשע געטאָן ׳שהכל׳, פּאַמעלעך געזופּט פון גלאָז טיי און מיט אַ כמאַרנעם אויסזען זיך צוגעהערט צום רבס ווערטער.

„אויף אַזעלכע ווי חייקל זאָגט די גמרא, הזהרו בבני עניים שמהן תצא תורה. ער איז ביי דער תורה אַ יחסן, ווייל ער איז אַ זון פון אָרעמע טאַטע־מאַמע, מוז איך מיט אים זיין ווייכער און אָפּגעהיטער ווי מיט אַ זון פון פאַרמעגלעכע עלטערן, אָדער ווי מיט אַ בן־הרב. מחמת זיין אָרעמען אָפּשטאַם און נאָך אַנדערע סיבות איז ער ביי זיך געפאַלן, כאָטש ער זעט ניט אויס צו זיין אַ נכנע. דערפאַר קען געמאָלט זיין ער זאָל אַרויסשפּרינגען דווקא קעגן זיין בעל־טובה. דער נביא ירמיה זאָגט, עקב הלב מכל ואנוש הוא, מי ידענו, דעם מענטשנס האַרץ איז אָפּנאַרעריש און שוואַך, ווער קען זיך צו דעם דערגרונטעווען? נאָר דער בוחן־כליות קען אויספאָרשן אַ מענטשנס האַרץ. דאַרף מען וואַרטן ביז חייקל וועט זיך דערפילן זיכער אין דער תורה, וועט דער בעל־העזה אין אים פון זיך אַליין זיך אויסוועפּן. די תורה וואָס לערנט דעם מענטשן אַז ער איז עפר־ואפר, שטאַרקט אים אָבער אויך און דערהייבט אים.״

„און איר גלייבט אַז ער וועט בלייבן ביים לערנען?״ האָט דער גאַסט געפרעגט.

„אויף זיכער ווייס איך ניט. וויבאַלד אָבער זיין הנהגה ווערט בעסער פון טאָג צו טאָג, דאַרף מען גאָר אַזוי ווייט ניט אַריינטראַכטן וואָס פון דעם וועט אַרויסקומען שפּעטער. כשאני לעצמי בין איך בטוח, אַז אויב אַפילו ער זאָל ניט בלייבן ביי תורה, וועט די תורה בלייבן ביי אים און אין אים."

דער טאַבאַק־סוחר האָט ניט געקענט אָפּרייסן זיין שווערן דורכדרינגלעכן בליק פון רב וואָס רעדט צו אים פאַרטרוילעך ווי צו זיין גלייכן. אויב אַזאַ ייד האָט אַ געפּיל פאַר אַ באַד־יונג פון יאַטקעווער גאַס, וועט ער דאָך האָבן ניט ווינציקער איינזעעניש מיט אַן אַלטן צעבראָכענעם מאַן. וואָווע באַרביטאַלער האָט האַסטיק דערטרונקען דאָס גלאָז טיי, געבראָכן מיט די פינגער די האַרטע קיכלעך און זיי געכראָמשקעט מיט אַפּעטיט ווי נאָך אַ לאַנגן תענית. ר׳ אברהם־שעיהס מחשבות האָבן אין דער מינוט געגישטערט אין קיך־אַלמער וואו עס שטייען קאַלטע מאכלים: וואָס צו עסן איז דאָרט דאָ, נאָר וויבאַלד דער אורח האָט פריער געזאָגט אַז ער איז ניט הונגעריק, איז גלייכער אים ניט בעטן וואָשן זיך צום עסן, ער זאָל ניט טראַכטן אַז מען באַהאַנדלט אים ווי אַ יורד.

„איר דאַרפט ניט פאַרשעמען די פּירות," האָט ר׳ אברהם־שעיה געוויזן אויף די עפּל. „מאַכט אַ ברכה."

דעם קאָפּ און די פּלייצעס האָט דער מחזה־אברהם געהאַלטן נידעריק אַראָפּ־געלאָזט צום טיש און זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט די שאָטנס. בלויז זיין הויכער געוועלבטער שטערן האָט געלויכטן גאָלד־געלבלעך קעגן עלעקטרישן לעמפּל. אויך דער אורח איז געזעסן אַן איינגעוועבטער אין דער נאַכטיקער חושכניש. ער האָט מיט אַ מעסער געשניטן פון אַן אָפּגעשיילטן עפּל און געקייט אַ שטיקל מיט אַ ווינקל פון פאַרמאַכטן מויל. דאָס האָט זיין פּנים אויסגעקרימט אין משונה־דיקע העוויות, ווי ער וואָלט זיך אַליין נאָכגעקרימט אין שפּיגל.

„און וואָס זאָגט איר צו דעם היגן ראש־ישיבה ר׳ צמח אַטלאַס? איר האָט דאָך מסתמא געהערט וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן. ער האָט זיך געמעגט אַריינמישן אין מיין לעבן און אָפּרייסן פון מיר מיין זון?"

„ניט נאָר האָט ער ניט געטאָרט, דאָס איז פון אים אויך געווען דער גרעסטער שטות. איך פאַרשטיי ניט זיין הנהגה, סיידן ער איז פּראָסט־פּשוט אַ ווילדער מענטש און אין זיין ווילדקייט דערגייט ער ביז נאַרישקייט." ר׳ אברהם־שעיה האָט געזאָגט וואָס ער טראַכט. אָבער דערביי האָט ער אויך געהאַט אַן אויסרעכענונג, אַז ער טוט דעם מנהל אַ טובה דורך באַריידן אים. וואָס מער ער וועט דעם פאַרביטערטן בעל־הבית געבן געגרעכט, אַלץ מער וועט זיך זיין שנאה אָפּקילן.

„איך האָב געמיינט אַז ווען ער וועט מיך דערזען אין מיין געבראָכנקייט וועט ער מיר בעטן מחילה פאַר חרוב מאַכן מיין לעבן. האָט ער מיך נעכטן

געזידלט נאָך מער ווי אַמאָל.״ וואָווע באַרביטאָלער האָט מיט אַ פינגער געקלאַפּט אין דער ליידיקער טיי־גלאָז און זיינע אויגן האָבן זיך צעברענט. „נו, אויב איך בין אַזאַ אַכזר און רוצח ווי ער זאָגט, וועט ער מיר איצט פאַר אַלץ באַצאָלן. איך וועל אים דאָ אַזוי ענג מאַכן, ביז ער וועט מוזן פון דאַנען אַנטלויפן.״

ר׳ אברהם־שעיה האָט זיך צוגעהערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט דער לינקער האַנט אויפן שטערן. ער האָט געבענקט נאָכן תענוג פון ליגן אויפן בעטל און אַריינטראַכטן אין אַ מחלוקת צווישן תנאים פון דער משנה. דער מנהל און אַט דער ייד וועלן באַדיי איינער דעם צווייטן אומברענגען, אַבי ניט אָפּטרעטן. ר׳ אברהם־שעיה האָט געפילט אַז דאָס מאָל קען ער זיך ניט זאָגן: ער מישט זיך ניט אין אַ מחלוקת, ער איז אַ חלוש, ער וויל ניט מבטל זיין פון לערנען. דאָס מאָל מוז ער זיך יאָ מישן, פון דער מחלוקת קען אַרויסקומען אַ גרויסער חילול־השם. אויסער דעם איז אים איצט נאָך מער ווי פריער אַ רחמנות אויפן מנהל, מען מוז אים מציל זיין.

„אויב איר ווילט דווקא דעם ר׳ צמח אַטלאַס פּאַריאָגן פון שטעטל, וועט איר עס אויספירן, נאָר זיך אַליין וועט איר דורך דעם צעברעכן נאָך מער.״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געזאָגט נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן.

„פאַרוואָס זאָל עס מיך צעברעכן נאָך מער?״ האָט וואָווע אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן, פאַרלאָפן מיט רויטקייט פון געפּלאַצטע בלוט־אָדערלעך.

„ווי לאַנג איר האָט דאָס אייערקע ניט אויסגעפּירט, מיינט איר אַז נקמה וועט אייך אָנזעטיקן. אָבער נקמה איז ניט קיין יידישע מידה און וועט אייך צעברעכן נאָך מער.״

דאָס שווייגן פון נאַכטיקן וואַלד האָט אַריינגעפינצטערט דורכן פענצטער. דער געלבלעכער לאָמפּן־שיין און די שאָטנס פון עסצימער האָבן נאָך מער פאַר־טיפט און פאַרסודעט ר׳ אברהם־שעיהס שעפּטשעניש. וואָווע האָט מיט אַ פּאַר־טייעטן פחד געקוקט אויפן אָפּגעצערטן רבין און געטראַכט: ער איז גערעכט! ווען איך וואָלט מיט יאָרן צוריק קאָנפראַדען אָפּגעשיקט אַ גט, וואָלט זי ניט געווען געקומען פון אַרגענטינע צונעמען הערצקען. און אויב זי וואָלט יאָ געקומען, וואָלט ער ניט אַוועקגעפאָרן מיט אַזאַ פיינטשאַפט צו מיר.

„אין אַ מחלוקת ניט לשם־שמים איז ניטאָ קיין אמתער געווינער וואָס האָט נחת פון זיין נצחון,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך אויפגעשטעלט מיט געהויקערטע פלייצעס און אַריינגעלייגט אַ דלאָניע אין אַ דלאָניע. „פון אַלץ וואָס איך האָב וועגן אייך געהערט און זע איצט אַליין, איז קיין ספק ניט אַז איר זייט אַ בעל־יסורים. אָבער אויך ר׳ צמח אַטלאַס איז אַן אומגליקלעכער מענטש, אומגליקלעך איבער זיין כאַראַקטער.״

„ער איז נאָך אַלץ דער זעלבער משוגענער. איך האָב אייך שוין געזאָגט

אַז ער האָט נעכטן מיך געזידלט מיט נאָך ערגערע ווערטער ווי אין ווילנע, בעת ער האָט פון מיר אָפּגעריסן מיין זון,״ האָט אויך וואָווע זיך פּאַמעלעך אויפגע־שטעלט. „ער האָט אייך געזידלט ווייל ער פילט זיך קעגן אייך שולדיק,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געענטפערט, פאַרמאַטערט פון שמועס. „אין דעם, רבי, בין איך מיט אייך ניט מסכים, ער האַלט זיך טאַקע פאַרן גערעכטן, און ווי איך וועל ניט האַנדלען וועל איך אין זיינע אויגן בלייבן דער אוממענטש, דער בעל־עוולה,״ האָט וואָווע יאושדיק אַ פּאָכע געטאָן מיט דער שווערער האַנט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. „אייך דאַרף ניט אָנגיין וואָס ער טראַכט, איר דאַרפט טראַכטן וועגן זיך און אייער שלוות־נפש,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געזאָגט אַ דערפרייטער וואָס דער אורח גייט אַוועק.

זיי זיינען אַרויס פון שטוב אויף דער ווערענדע און זיך אָנגעשטויסן אין דער געדיכטער פינצטערניש וואָס האָט צונויפגעגאָסן אין איין טינט־אָפּגוס דעם הויף מיטן באַרגיקן וואַלד קעגנאיבער. אין אַזאַ חושכניש טאָר מען אַ מענטש ניט אַוועקלאָזן, האָט ר׳ אברהם־שעיה געטראַכט און דערפילט אַ בייסיקן שווייס אויפן האַלב־נאַקעטן קאָפּ. וואָס וויל מען פון זיין לעבן! ער איז געווען דעם מנהלס סניגור קעגן וואָלקעניקער רב מיט זיין זון און איידעם. היינט אַ גאַנצן אָוונט האָט ער פאַר אים באַדאַרפט זיין אַ מליץ־יושר ביי אַן אדם קשה כברזל. זאָל ער נאָך אָט דעם שווערן ייד פאַרהאַלטן ביי זיך איבער נאַכט? אָבער אַ מינוט שפּעטער האָט דער מכניס־אורח שוין געהאַלטן דעם אורח ביים אָרעם און צו אים גערעדט, אַז אין אַזאַ חושך־מצרים וועט ער דעם וועג אין שטעטל ניט טרעפן און ער מוז בלייבן שלאָפן אויף דער דאַטשע.

„האַ?״ האָט וואָווע איבערגעפרעגט מיט אַ פאַרטויבט קול. „דער מנהל זאָגט דאָך אַז איך בין אַ רשע־מרושע, אַן אכזר, אַ רוצח, ווילט איר איך זאָל ביי אייך בלייבן שלאָפן?״

„אַ מענטש קען קעגן זיך אַליין ניט עדות זאָגן אַז ער איז אַ רשע,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געלאַכט און זיין פּנים האָט אין שטאָק־פינצטערניש געפלאַמט פון בושה הלמאי ער האָט אַן אויגנבליק זיך געערגערט וואָס דער אורח וועט ביי אים דאַרפן נעכטיקן.

# 9

## דער געפּאַלענער בעל־הבית איז געשטאַנען אינמיטן

ר׳ אברהם־שעיהס חדר מיט אַ פֿאַרהויבענעם קאָפּ און זיך צוגעהערט צו די אייגענע מחשבות, ווי צו פֿאַרהוילענע קולות פֿון נאָכטיקע מרחקים. פֿון הינטערן טיש־לאָמפּ האָט אויף אים געקוקט חייקל און ניט געוואוסט וואו מען וועט הערצקעס טאָטן לייגן שלאָפֿן. אין צימער געפֿינען זיך בלויז צוויי בעטן. אייגנטלעך, פֿאַרוואָס זאָל ער דאָ שלאָפֿן? מיט וואָס האָט ער ביים רבין נושא־חן געווען? אָבער וואָוועס באַרביטאָלער האָט צו חייקלען ניט גערעדט און אויף אים ניט געקוקט.

ר׳ אברהם־שעיה איז אַרויס צו דער שוועסטער נאָך בעטגעוואַנט און איז צוריקגעקומען אַ באַלאָדענער מיט אַ קישן, אַ קאָלדרע, ליילעכער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן תּלמיד און אים שטרענג געפֿרעגט פֿאַרוואָס ער האָט פֿון געלעגער נאָך ניט צוגענומען זיין בעטגעוואַנט. צום אורח האָט ער גערעדט ווייך, אַז ער זאָל קיין פֿאַראיבל ניט האָבן וואָס ער וועט שלאָפֿן ניט באַקוועם. דער אורח האָט געשוויגן און איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינמיטן חדר אַ פֿאַרוואונדער־טער, פֿאַרקוקט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אין דער פֿינצטערניש. חייקל האָט זיך אויסגעבעטן אויף דער לאַנגער באַנק ביים טיש און נאָכדעם געוואָלט אויסבעטן וואָוועס באַרביטאָלערס געלעגער. ר׳ אברהם־שעיה האָט אים אָפּגעשטופּט און אַליין אויסגעבעטן. פֿון ניט־געוואוינטשאַפֿט צו אַזאַ אַרבעט האָט ער זיך איינגעמאַטערט. „איך בין אַ שלעכטע בעל־הביתטע,“ האָט ער געלאַכט און געזאָגט דעם גאַסט אַז ער קען זיך שוין אויסטאָן. אויב ער דאַרף אַרויס אינדרויסן, וועט אים חייקל ווייזן דעם וועג. וואָוועס האָט ווידער גאָרניט געענטפֿערט און זיך אַראָפּגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון געלעגער מיט אַן אויסזען ווי ער וואָלט איבערגעטראַכט, צי דאָס אַלץ איז אויף דער וואָר.

ר׳ אברהם־שעיה וואָס האָט שטענדיק געלערנט אויף זיין געלעגער ביז נאָך האַלבער נאַכט און איז געוויינטלעך איינגעשלאָפֿן אין די מלבושים, האָט דאָס מאָל זיך אויסגעטאָן און איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן צודעק, ווי ער פֿלעגט עס טאָן בלויז פֿרייטאָג־צונאַכט און יום־טוב. חייקל האָט פֿאַרשטאַנען אַז דער רבי וויל ניט שטערן דעם אורח און אַז אויך ער דאַרף טאָן דאָס זעלבע. איז אים פּונקט דאָס מאָל באַפֿאַלן אַ ווילדע התמדה און ער האָט זיך ווייטער שטום געשאָקלט איבער דער גמרא. „פֿאַרלעש דעם לאָמפּ און לייג זיך שלאָפֿן,“ האָט ר׳ אברהם־שעיה אַ געשריי געטאָן.

חייקל האָט אַ בלאָז געטאָן אויפֿן נאַפֿט־לאָמפּ מיטן גאַנצן אָטעם און

פֿאַרשוויגענעם כעס. ער האָט זיך אויסגעטאָן אין דער פֿינצטער און זיך אויסגע־צויגן אויף דער האַרטער שמאָלער באַנק. ווען מען זאָגט אים פֿריער אַז ער וועט דאַרפֿן שלאָפֿן אָן אַ שעניק, וואָלט ער אַוועק אין שטעטל. געקרענקט וואָס הערצקעס טאַטע האָט געהערט ווי דער רבי שרייט אויף אים, איז ער אויך אינמיטן נאַכט גרייט געווען אַנטלויפֿן אין וואַלד. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ פֿון קישן און זיך צוגעהערט מיט פֿאַרשפּיצטע אויערן, זיכער אַז ניט דער אורח שלאָפֿט און ניט דער רבי שלאָפֿט. וואָווע באַרביטאָלער האָט זיך צעהוסט און ווייך־שליימיק געפּאַטשט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט אין מויל קיין איין צאָן ניט געהאַט. נאָכן אויסהוסטן זיך האָט ער טיף אָפּגעזיפֿצט און איז געבליבן ליגן אָן באַוועגונג. חייקל האָט לאַנג ניט געקענט איינשלאָפֿן. אים האָט זיך געדאַכט אַז פֿון וואָווע באַרביטאָלערס שוויַגן איז די לופֿט אין חדר געוואָרן געדיכט ביז דערשטיקט צו ווערן.

יעדן פֿאַרטאָג האָט ר׳ אברהם־שעיה געדאַוונט הויך אויפֿן קול; דאָס מאָל האָט ער מתפּלל געווען אין זיך, ניט אויפֿצואוועקן דעם אורח. בעת חייקל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט איז דער מחזה־אברהם ניט געווען אין חדר, ער האָט פֿאַר־קירצט דאָס דאַוונען כּדי אויסלייען דעם אורח זיין טלית און תּפֿילין. וואָווע באַרביטאָלער האָט פּאַמעלעך באַוועגט מיט די ליפּן און קענטיק ווייטער געטראַכט זיינע פֿאַרטייעטע בייזאַכטיקע מחשבֿות. גלייך ווי ער איז אויסגעשטאַנען שמונה־עשׂרה איז דער מחזה־אברהם אַריינגעקומען און אים פֿאַרבעטן אויף פֿרישטיק.

דער אורח און דער מכניס־אורח זיינען געזעסן אין עסצימער איינער קעגן אַנדערן, געגעסן געקאָכטע אייער און ניט געשמועסט. נאָכן טרינקען טיי און אָפּבענטשן, האָט וואָווע באַרביטאָלער אַ מורמל געטאָן אַז ער וועט שוין גיין. ר׳ אברהם־שעיה איז אים אַרויס באַגלייטן ביז אויף יענער זייט טויער פֿון סמאָ־לאַרניע, ביים שליאַך וואָס פֿירט צום שטעטל. דער יורד האָט פֿון בוזעם־קעשענע אַרויסגענומען אַ פּעקעלע פּאַפּיר־געלט.

„איך וועל פּרואוון צוריק ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך, איך וועל פּרואוון צוריק ווערן אַ סוחר. וויל איך ניט אָנרירן דאָס געלט וואָס איך האָב צונויפֿגע־קליבן פֿון נדבֿות. צעטיילט עס, רבי, צווישן אָרעמעלייט אָדער צווישן לערנער, גיט וועמען איר ווילט.“

„פֿאַרוואָס דאַרף איך ווערן אייער גבאי אָדער שמש אויף טיילן צדקה? צדקה דאַרף יעדער ייד אַליין טיילן,“ האָט ר׳ אברהם־שעיה געשמייכלט.

דער וואַלד קעגנאיבער האָט געלויכטן מיט אַ קרוין אויפֿן קאָפּ — די זון איז געשטאַנען איבער די ביימער־שפּיצן אַ קיילעכדיקע, אַ שטראַליקע. די סאָסנעס האָבן געפֿינקלט מיט מילי־מיליאַסן גרינגאָלדענע נאָדלען, באַפּערלט מיט טוי. אָבער וואָווע באַרביטאָלער איז געשטאַנען אַ פֿינצטערער מיט אַ געראָנצלטן

שטערן, ווי ער וואָלט ניט געדענקט וואו ער דאַרף גיין. ער האָט דאָס פּאַפּיר־געלט צוריק אַריינגעלייגט אין בוזעם־טאַש און זיין פּנים איז געוואָרן נאָך צעקנייטשטער.

„איך האָב געטאָן אַ נדר און געגעבן אַ שבועה אַז איך וועל ניט אַוועקפאָרן, ביז איך וועל פון דאַנען ניט פאַריאָגן אָט דעם צמח אַטלאַס.״

„איך בין אייך מתיר נדר און נעם אויף זיך די עבירה פון ברעכן די שבועה,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַרצן. „איר דאַרפט אויך ניט פאַרגעסן אַז איבער דער מחלוקת קען חרוב ווערן די ישיבה. וואָס פאַר אַ טענות איר זאָלט ניט האָבן צום פירער פון ישיבה, דאַרפן איבער דעם ניט ליידן יידישע קינדער וואָס לערנען תורה.״

וואָווע האָט זיך אָפּגעדרייט און לאַנג געקוקט אויפן שליאַך. ווען ער האָט דעם קאָפּ ווידער אויסגעדרייט, איז זיין פּנים נאַס געווען פון טרערן.

„ניין, רבי, איך וועל זיך ניט נוקם זיין אין אַנדערע יידישע קינדער דערפאַר וואָס מיין הערצקע לייגט ניט קיין תפילין. מיט אַלץ האָב איך שלום געמאַכט, מיט איין זאַך קען איך ניט שלום מאַכן און ניט פאַרגעסן. איך קען ניט פאַרגעסן ווי איך האָב אויפן ווילנער וואָקזאַל זיך געבעטן ביי מיין זון ער זאָל מיטנעמען אָט דאָס תהילימל,״ האָט וואָווע פון צעקנאָדערטן איבערראָק אַרויסגענומען אַ ספרל אין שוואַרצע טאָוועלעך און עס געהאַלטן אויף ביידע דלאָניעס. „זאָג יעדן טאָג אַ קאַפּיטל תהילים פאַר מיר, דיין טאַטן, און אויך פאַר דיין מאַמען וואָס האָט געזינדיקט קעגן גאָט און מיר, האָב איך זיך ביי אים געבעטן. האָט ער דאָס תהילימל מיר צוריקגעשטופּט, און זיין מאַמע, זי איז דערביי געשטאַנען, זי האָט זיך נאָך געפרייט און געלאַכט. אָט דאָס קען איך ניט פאַרגעסן, און ביזקל טויט וועל איך עס ניט פאַרגעסן.״ וואָווע באַרביטאָלער האָט דאָס ספרל צוריק אַריינ־געלייגט אין מאַנטל־קעשענע, אַרונטערגעווישט מיט דער האַנט די טרערן פון פּנים אין באָרד אַריין און גערעדט שוין רואיקער. „איך ווייס ניט פאַרוואָס אָט דער צמח אַטלאַס זיצט אַ פאַרטרויערטער אין דער קאַלטער שול. ער זעט אויס ווי אַ פאַרטריבענער גילגול. איך האָב געהערט אַז ער קומט אַריין זעלטן אויך אין ישיבה. נאָר בעת ער האָט מיך געזידלט איז ער געוואָרן אַן אויפגע־לעבטער. אייער אמונה, האָט ער געשריען צו מיר, אייער אמונה אין אַ רבונו־של־עולם און אייער לייגן יעדן טאָג תפילין האָבן ביי מיר קיין ווערדע ניט, און גייט זאָגט עס אין מיין נאָמען דעם רב פון סמאָלאַרגיע, וועט אויך ער האַלטן מיט אייך, האָט ער געשריען צו מיר. איך זע אַז ער איז דאָ מיט אַלעמען אויף מעסער־שטעך און, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, ער אַליין וועט ברענגען אַ חורבן אויף זיין ישיבה. איך אָבער וויל אים אין דעם ניט העלפן. איך וועל אייך פאָלגן, רבי, און מער ניט האָבן מיט אים צו טאָן. קיינער האָט נאָך מיט מיר ניט

געדעדט אַזוי ווי איר און מיך ניט באַהאַנדלט ווי איר... גיט מיר, רבי, אַ ברכה.״

ר׳ אברהם־שעיה האָט דערפילט אַ קאָפּ־שווינדל: דער מנהל זוכט אָנצוצינדן אַ שׂרפה. נאָר טראַכטן איצט וועגן דעם האָט ער קיין צייט ניט געהאַט. ער האָט אין געדאַנק געוואויגן און געמאָסטן, צי ער דאַרף מיטן ייד ריידן וועגן זיין ניט גע׳גט ווייב אין אַרגענטינע. אויב ער וועט איצט שווייגן, וועט די שכינה אים אָנקלאָגן פאַרן בורא־עולם, אַז כדי זיך ניט צו פאַרשטערן די מנוחה האָט ער פאַרקוקט אויפן חטא פון אַ אשת־איש.

„ווי איך זע, רבי, ווילט איר מיר קיין ברכה ניט געבן, איר האַלט אַז איך בין עס ניט ווערט,״ האָט דער געפאַלענער בעל־הבית געשאָקלט מיטן קאָפּ. „איך האָב גערעכנט אַז איר וועט מיך בענטשן.״

„איך בין ניט קיין גוטער־ייד און קען ניט בענטשן. דער אב־הרחמן וועט אייך בענטשן, אויב איר וועט אים פאָלגן.״ ר׳ אברהם־שעיהס געשטאַלט איז געוואָרן קלענער, איינגעשרומפּענער, זיין קול — נידעריקער און געבראָכענער. „די חכמים זאָגן, מצווה גוררת מצווה, איין גוטע זאַך ציט־מיט די אַנדערע. און ווען איר וועט מוחל זיין דעם מנהל וועט איר איינזען, אַז אויך אַנדערע אַלטע פאַראיבלס האָבן ניט די ווערט איר זאָלט איבער זיי גורם זיין צו אַ שווערער עבירה, וואָס אַ יידישע טאָכטער באַגייט יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע רגע, אַזוי לאַנג ווי איר גיט איר ניט קיין ספר־כריתות. און אויב איר וועט זי לויטן דין פון דער תורה פריי לאָזן, וועט זי מער ניט העצן קעגן אייך אייער זון. ער וועט זיך דערמאָנען אַז איר האָט אים געהאַלטן אין אַ חדר און אפשר ווידער נעמען לייגן תפילין. גייט לחיים ולשלום, דער סומך־נופלים זאָל אייך העלפן.״

ר׳ אברהם־שעיה האָט אים געדריקט די האַנט און איז האַסטיק צוריק אַריין אין הויף. ס׳איז געווען איבער זיין טבע אַזויפיל איינצוטענהן און געבן ברכות.

אין זעלבן פאַרנאַכט איז וואָוע באַרביטאָלער אָוועקגעפאָרן, אויף מאָרגן פרי האָט מיט אים ווידער געקאָכט וואַלקעניק ווי ביי זיין אָנקומען. מען האָט זיך דערציילט, אַז דער אָפּגעקומענער בעל־הבית האָט זיין טאָרבע מיטן צונויפגעקליבענעם עסנוואַרג איבערגעלאָזט אין הכנסת־אורחים פאַר אַנדערע בעטלער, און דאָס צונויפגעזאַמלטע געלט האָט ער אַריינגעטראָגן צום שטעטלשן רב אויף צדקה. ער האָט אויך געדענקט אָפּצוגעבן מלכקע ווילנער די צוגעזאָגטע מתנה — דאָס תהילימל וואָס הערצקע האָט ניט געוואָלט מיטנעמען קיין אַרגענטינע. נאָר מלכקע, זעלדע דער בלעכערקעס, האָט זיך געפילט שטאַרק אָפּגענאַרט: וואָס איז ער, אַ בעל־עגלה וואָס זאָגט בין מנחה למעריב אַ קאַפּיטל תהילים? ער איז שוין אַ פאַרזיכניק און מאַכט אייגענע תורה.

וואָוע באַרביטאָלער איז ניט אַריין זיך געזעגענען אַפילו מיט זיין אַלטן

ידיד ר׳ שלמה־מאָטע דעם מלמד. חייקל האָט דעם טאַטן דערציילט וועגן טאַבאַק־סוחרס נאַכט אין סמאָלאָרניע און ר׳ שלמה־מאָטע איז לאַנג געזעסן אַן איבער־ראַשטער, ביז ער האָט אויסגערופן. „איך האָב געהאַט געקלערט, אַז אויב דיין רבי אַנטלויפט פון רבנים וואָס קומען צו גאַסט, וועט ער דאָך אַוודאי אַנטלויפן פון דעם טאַבאַק־סוחר וואָס קומט מאַכן סקאַנדאַלן. זע איך אַז איך האָב זיך אויף דיין רבין ניט געקענט.״ אָבער ווען דער מנהל ר׳ צמח האָט געהערט די בייס, אַז דער יורד האָט געטיילט אַלץ וואָס ער האָט צונויפגעקליבן, האָט דער מנהל זיך פאַרקרימט מיט עקל: אַ קאָמעדיאַנט! ער האָט געוואָלט אָנמאַכן אַ רעש מיט זיין אָוועקפאָרן ווי מיט זיין אָנקומען. אין שטעטל האָט מען אויך געוואוסט, אַז אין דער לעצטער נאַכט איידער דער הייזער־גייער האָט פאַרלאָזן וואָלקעניק האָט ער געגנעכטיקט אין סמאָלאָרניע. צמח האָט זיך אָנגעשטויסן אַז דאָס האָט דער מחזה־אברהם געפּועלט ביי הערצקעס טאַטן ער זאָל ניט מאַכן קיין סקאַנ־דאַלן. און צמח איז ווידער געבליבן זיצן אַ מתבודד אין עזרת־נשים פון דער קאַלטער שול — זיין מקום־מקלט און פּריוואַטע תפיסה.

# 1

**דער סעזאָן פֿון שוואַרצע יאַגדעס**, זוניק־דורכזיכטיקע פֿאַרעטשקעס און ווייַנרויטע פֿליישיקע קאַרשן איז נאָך ניט פֿאַרבײַ, ווי ס'איז שוין געקומען די צייַט אויף פֿלוימען מיט טונקל־בלויע הויטן. מען האָט זיי געקענט קויפֿן אויפֿן עמער בזיל־הזול. נאָר צווישן שבעה־עשר־בתמוז און תשעה־באב מאַכן פֿרומע ייִדן ניט קיין שהחיינו אויף אַ פּרי, עסן ניט קיין פֿליישיקס, גייען זיך ניט באָדן. זייַנען בעלי־בתּים אָפּגעקומען מיט שוואַרץ ברויט, פֿאַרווייקט אין שטשאַוו און פֿאַרווייסט מיט אַ ביסל מילך. פּוטער, קעז און סמעטענע האָט מען געהאַלטן פֿאַר די דאַטשניקעס. די טעג זייַנען געשטאַנען הייסע, דער שטויב פֿון די וועגן איז געקראָכן אין האַלדז. אויף די פֿעלדער האָט געברענט די אַרבעט און פּויערים זייַנען ניט געקומען אין שטעטל, דער מאַרק האָט געפּוסטעוועט. איז דער דור הישן געזעסן אויף די זון־אָנגעגליטע גאַניקעס פֿון די שטיבער, אויף די טרעפּלעך פֿון די געוועלבער, און אין האַרצן האָט די טורקלטויב פֿון דער פֿאַרוואָגלטער שכינה געברומט, איכה ישבה בדד...

דער יונגער דור איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ נאָך שווערערן און ניכטערן אומעט. די טאַקטור־פֿאַבריק הינטערן וואַלד האָט ניט געהאַט וואו אָפּצוזעצן איר סחורה. די שנייד־זעגן האָבן מער ניט געסאָפּעט אין די נעכט, מען האָט אויפֿגע׳

הערט אַרבעטן אין דריי שיכטן. צוגעוואוינט צו דער פּיפּעריי פון די סירענעס, האָבן שטעטלשע בחורים זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג צו דער מינוט אויך אָן די סיגנאַלן און געהאָרכט ווי די פאַבריק הינטערן וואַלד שטומט מיט אַ פּיינטלעכער שטומעניש. בייטאָג האָט די פאַבריק יאָ געאַרבעט. נאָר מיטן אויסנאַם פון אַ צענדליגג עלטערע יידן, האָט דער פאַרוואַלטער איבערגעלאָזט בלויז די דאָרפישע פּויערים, זיי פאַרצעוועון פאַר ביליקער און בונטעוועון זיך ניט. געבן צו פאַר־דינען פּושעי־ישראל איז קיין מצווה ניט, האָט געטענהט דער פאַרוואַלטער — אַ חסידישער יונגערמאַן פון פּוילן, מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד און פייערדיקע אויגן. ביים דאַוונען צווישן די קאַלטע און שטייפע ליטוואַקעס האָט ער איינער זיך געשאָקלט ווי אַ בוים אין שטורעם. ער האָט ליב געהאַט אורחים ביי זיין טיש זיבן טעג אין דער וואָך, אָבער ניט פאַרטראָגן קיין בונטאָווטשיקעס. די וואַלקעניקער בחורים, אָפּגעזאָגטע פון דער אַרבעט, האָבן אים באַרעדט אַז ער קריכט צו שיקסעס, און פון שנאה צו אים האָבן זיי פיינט באַקומען די שטעטלשע פרומאַקעס אינאיינעם מיט די געקומענע דאַטשניקעס בני־תורה.

די דאַטשניקעס זיינען געזעסן אויף די ווערענדעס און געגעסן זאַפטיקע רויטע רעטעכלעך, גרינעם ציבל פאַרבראָקט אין סמעטענע; יונגינקע קאַרטאָפל־לעך אין פּוטער; פּאַטעלניעס פיינקוכנס — גרויס, קיילעכדיק און לויטער ווי די זון. זיי האָבן געטרונקען פעטן געדיכטן קאַקאַאָ און צוגעביסן זעמעלעך, אָנגעפילט מיט קעז; פּוכיקע בולקעלעך, באַשאָטענע מיט צימרינג און צוקער. אויף דער עצה פון זייערע בעל־הביתטעס האָבן זיי געטרונקען גאַנצענע טוצן רויע אייער. די בעל־הביתטעס האָבן פאַר זיי אויך איינגעקויפט זיסע קורטשענ־טעס, געבלאָזן גרויסע עופות אין די הינטנס צי זיי זיינען גענוג פעט. יידן האָבן זיך געחידושט: וואויללערנער עסן פליישיקס אין די דריי וואָכן? אויף דעם האָבן די יידענעס געענטפערט אַז זייערע דאַטשניקעס טוען וואָס די דאָקטוירים הייסן, און ווי מיר ווייסן איז פּיקוח־נפש דוחה שבת. בעלי־בתים האָבן גערעדט מיט די וואויללערנער גופא. האָבן יענע געענטפערט די עם־האַרצישע פרעגער, אַז ניט עסן קיין פליישיקס פון שבעה־עשר־בתמוז ביז תשעה־באב איז אַ מנהג, ניט קיין דין, און אַ יש אומרים אַז דער מנהג איז אויף די ניין טעג פאַר תשעה־באב, ניט אויף די גאַנצע דריי וואָכן. אַ פּאָר וואַלקעניקער בחורים האָבן זיך אָפּגעשוואָרן, אַז זיי האָבן ביי דער מומען אין שטוב געזען אַ באַנדע ישיבה־בחורים עסן באַהאַלטענערהייט אין תענית פון שבעה־עשר־בתמוז. אָבער מען האָט די באַריידער גלייך צוגעמאַכט די מיילער.

„מסתמא האָבן זיי אויף דעם אַ היתר פון די ראשי־ישיבות. זיי לערנען תורה און תורה שוואַכט־אָפּ די כוחות פון אַ מענטשן. אַזוי שטייט געשריבן. היינט וואָס גלייכט איר זיך צו זיי? זיי מעגן.“

„מעגן מיר אויך!" האָבן די יונגען געענטפערט און זיינען אַרויס פראַנק און פריי מיט די מוידן, אַרומגענומען ביי די טאַליעס. די מוידן האָבן געוויגט די ברייטע באַקעס און מיט אַ פאַרשייט להכעיס־פייערל אין די אויגן געלאַכט אין גאַל אַריין די אַלטע ווייבער אין די פאַרוקן, וואָס האָבן זיי נאָכגעקוקט פון די גאַניקעס.

וואַלקעניקער טעכטער זיינען געוואַקסן גרויס און פוללייביק, ווי אָנגעקוואָלענע אוגערקעס אין לבנה־נעכט. פון די נידעריקע שטיבלעך האָבן דורך די פאָרהענגלעך אויף די פענצטער אַרויסגעקוקט כלה־מוידן מיט בריסט ווי קיר־בעסן, מיט פנימער ווי אויפגעיוירעט טייג. ווי די צעוואַקסענע זונרויזן פאַרזעצט אין קליינע וואַזאָנעס, אַזוי זיינען די אָרעמע היימען צו־ענג געווען פאַר די בתולות מיט די גרויסע גופן און דיקע צעפ, פאַרפלאָכטן אויף סטענגעס. פון ניט האָבן וואָס צו טאָן און וואו צו גיין, זיינען די שטעטלשע מיידלעך גלייך אויפן פרימאָרגן געבליבן זיצן מיט בליי אין די גלידער און אַראָפגעלאָזטע קעפ. פאַרנאַכט איז מען אַרויס צו דער בריק זיך טרעפן מיט בחורים. מען האָט געשיילט קערלעך און דאָס שאָלעכץ געשפיגן אין וואַסער אַריין, צום וויפלטן מאָל געהערט די זעלבע בעל־עגלהשע וויצן און געפאַטשט די יונגען איבער די הענט, זיי זאָלן ניט קריכן וואו מען דאַרף ניט. פון איינליבן זיך אויף אַן אמת און חתונה האָבן, האָבן די בחורים ניט געטראַכט. בראַזיל האָט זיך זיי געחלומט, קיין אויסטראַליע האָבן זיי געוואָלט פאָרן, אַבי זיך אַרויסרייסן פון שטעטל. די יוגנט איז אַרומגעגאַנגען אויף הינטערשטעטלשע וועגן און געקוקט אויף דער שקיעה וואָס פאַרקייקלט זיך און פאַלט אַריין ווי אַ שטיין אין די קאַלטע בלויע אָזערעס, דאָרט ערגעץ וויַיט וואו דער הימל לאָזט זיך אַרונטער און דער שליאַך פאַרבלאָנדזשעט צו דער ליטווישער גרענעץ. פון גרויס לאַנגווייל האָבן די בחורים פאַרלאָרן דעם אינטערעס אַפילו אין טאַנצן. האָבן מיידלעך געטאַנצט איינע מיט דער צווייטער און דערביי צוגעזונגען, צוגעקלאַפּט מיט די הויכע אָפּצאַסן. די כלות אָן חתנים האָבן זיך געקליבן אין הויז פון אַ חברטע אַרום אַ פאַרזשאַווערטן גראַמאָפאָן מיט אַ גרויסער טרובע. געגליכן צו אויסגעשטאָפּטע פייגל מיט גלעזערנע אויגן, איז מען געזעסן און זיך צוגעהערט ווי די געשפּאָלטענע פּלאַסטינקע שפּילט־אויס מיט אַ גרילץ דעם אויסגעריבענעם וואַלס, דרייט זיך אָבעראַמאָל און ווידעראַמאָל ווי עס דרייען זיך די וואַלקעניקער דריי טייכן, ווי אין מוח דרייען זיך די געדאַנקען אַרום די אויסגערונענע האָפענונגען פון חתונה האָבן, אַ שטוב פירן. צו לעצט האָבן אויך די מיידלעך זיך שוין געפוילט צונויפקלייבן זיך צום טאַנץ. מען איז געבליבן זיצן אין דער היים, אַרויס־גענומען פון קופערט דעם אָנגעגרייטן אויסשטייער און געציילט די טישטעכער, ליילעכער, האַנטעכער, וועש און אונטערקליידלעך מיט אויסגעהאָפטענע שפּיצן,

ביז אין שטוב איז געוואָרן טונקל און מען איז געבליבן זיצן מיטן אויסשטייער אין די אָפּגענומענע הענט: צוליב וואָס און פֿאַר וועמען? וואו זיינען די חתנים?

מיטן אָנקום פֿון די ישיבה־לייט אויף דאַטשע האָט זיך אין די מיידלשע הערצער פֿאַרגנבעט אַ האָפֿענונג: די לערנער זיינען אַזעלכע אידעלע, ברענגען קיינמאָל פֿון די ליפּן ניט אַרויס קיין גראָב וואָרט, איז וואָס שאַט עס צו האָבן פֿאַר אַ מאַן אַ יידישן מענטשן? און וועמען אַרט עס אַז ער וועט אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה זיך לאָזן וואַקסן אַ באָרד? אָבער איינגיכן האָבן די מיידלעך זיך אַרומגעזען, אַז זיי קענען אויף די זומער־געסט אויסרעכענען נאָך ווייניקער ווי אויף די היימישע בחורים. די לערנער ריידן אַפֿילו ניט מיט אַן אָרעם מיידל. קוקן קוקן זיי דווקא יאָ, פּרעסן מיט די אויגן די מיידלשע היפּטן, די נאַקעטע ליטקעס און פֿיס. מען זעט אַז דאָס חיות גייט זיי אויס אַרויפֿצולייגן אַ האַנט אויף אַן אַנטבלויזטער פּלייצע, די סלינע רינט זיי פֿון מויל. נאָר אַז עס קומט צו חתונה האָבן, טראַכטן זיי פֿון רייכע שידוכים. אָפּצוטאָן די פֿיינע בעלי־בתים ווי אויך די אייגענע טאַטע־מאַמע, האָבן די מוידן זיך אַרומגעשלעפּט מיט די יונגען ביז נאָך האַלבער נאַכט און זיי געהעצט קעגן די פֿרומע לידיק־גייער, די אָפּגעפּרעסענע דאַטשניקעס.

פֿאַרנודעטע און פֿול מיט רוגזה אויף דער גאַנצער וועלט, האָבן די יונגען געזוכט אַ קריג מיט די היימישע און מיט די פֿרעמדע ׳גאָטס גנבים׳. אויסגע־נאָגט פֿון די היצן און פֿון טרויער אויף חורבן ירושלים, האָבן די פֿרומע בעלי־בתים פֿון זייער זייט געברענט פֿון כעס אויף די מופקרים, וואָס וואַלגערן זיך מיט חצופֿות בייטאָג אין וואַלד, ביינאַכט אין הויכן גראָז ביים ברעג טייך. דאָס פֿייער פֿון מחלוקת איז לסוף אויסגעבראָכן אומגעריכט און גראָד דורך אַזעלכע וואָס דאַרפֿן לעשן שׂרפֿות — דורך די וואַלקעניקער פֿייערלעשער.

איבער די גרויסע היצן האָבן אין דער אומגעגנט געברענט וועלדער. אַ פֿלאַקער האָט פֿאַרצערט טרוקענע צווייגן, טעג נאָכאַנאַנד געסמאַליעט די קאָרע פֿון שטאַמען און איז דערנאָך פֿאַרקראָכן אויף אַ זומפּיק־פּייכטן שטח, זיך שוין געהאַלטן ביים אויסלעשן. בלויז אַ רויך האָט זיך נאָך פּאַמעלעך געוויקלט אַרויף צום בלויען הימל. פּלוצעם איז אָנגעלאָפֿן אַ ווינט און דאָס פֿייער אַריבערגעוואָרפֿן אויף אַן אַנדער וואַלד־שטח. אין אַזאַ צייט האָט זיך די וואַלקעניקער פֿייער־לעשער פֿאַרגלוסט מאַכן אַ פּראָבע ווי מען לעשט אַ שׂרפֿה. האָבן זיי נאָענט צום טייכברעג אונטערגעצונדן אַ שטויס האָלץ. די חברה איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן מיט פּאָמפּעס, געשלעפּט לייטערס, געאַרבעט מיט העקלעך, געשאָסן וואַסער פֿון די קישקעס און געליאַרעמט. „רייס אַרונטער דעם דאַך!" „וואַרף אין די וואַנט!" די אַרומיקע עלטערע וואַלקעניקער האָבן לכתחילה זיך געוויצלט און זייערע שטעכווערטלעך זיינען געפֿאַלן ווי פֿונקען אויף די פֿאַרהאָרעוועטע פֿייערלעשער.

מעשה שטן האָט דער ווינט אַ טראָג געטאָן די פלאַמען, אויפן טייך איז געפאַלן אַ רויטער אָפּגלאַנץ. ווייבער מיט קינדער אויף די הענט און בעלי־בתים וואָס זיינען דערביי געשטאַנען האָבן זיך צעשריען. „ראַטעוועט! אונדזערע הילצערנע הייזער וועלן באַלד זיך אָנצינדן אויף אַן אמת!" די פייערלעשער האָבן זיך דערשראָקן און קוים פאַרשטיקט די צעברענטע שייטן האָלץ. צעפלאַמטע, פאַררייכערטע און צעקאָכטע איבערן דורכפאַל, האָבן די פּאָזשאַרניקעס זיך דערנאָך אַ וואָרף געטאָן מיט די העקלעך אויף די אַרומיקע בערדיקע יידן. „געבריכטע, וואו קריכט איר?" און יענע האָבן געענטפערט. „גייט אין דער ערד מיט אייער טעאַטער!" נאָך דער מעשה האָט די קאָמאַנדע זיך פאַרזאַמלט אין געהיים און צוגעגרייט אַ פּלאַן ווי אויפצוריכטן זייער געפאַלענעם אָנזען און פאַראיינס זיך נוקם זיין אין די 'קרומע רוקנס'.

בעלי־בתים זיינען אין האַלבן טאָג געזעסן אויף די בענק ביי די שטיבער צי ביי די געוועלבער און זיך געשאָקלט אין דרימל. שוויס־טראָפּנס זיינען גערונען הינטער די אויערן און פון שטערן ביז אונטער דער גאָמבע. נאָר די הענט האָבן זיך ניט געהויבן אַרומווישן די פאַרשוויצטע פּנימער און אַראָפּ־טרייבן פון די נעז די פליגן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַרזונקענע אין אַ שמונה־עשרה פון זשומעניש. די היץ האָט אויך איינגעשלעפערט די לערנער ביי די גמרות, פון בית־מדרש האָט זיך ניט געהערט קיין קול. מיטאַמאָל האָט אַ זעץ געטאָן אַ קעסל־פּויק, ס'האָט אָפּגעהילכט אַ שאַלעניש. פון אַ הינטער־געסל ביים טייכברעג האָט אַרויסגעמאַרשירט דער אָרקעסטער פון די פייערלעשער און זיך פאַרקירעוועט צו דער שול־גאַס. פאָרויס איז געגאַנגען דער קאַפּעלמייסטער — הינטערוויילעכץ, מיטן פּנים צו די שפּילער, און מיט די הענט דיריגירט די מוזיקאַנטן. איינער האָט הין־און־צוריק גערוקט די רערן פון טראָמבאָן, אַ צווייטער האָט מיט אַלע פינגער געאַרבעט אויף דער קלאַוויאַטור פון קלאַרנעט, אַ דריטער האָט געבלאָזן אין דער גרויסער טרובע, אַ פערטער האָט געזעצט אין די טאַצן, און נאָך איינער, אַ קורצפיסיקער אין דער לעצטער ריי, האָט באַראַבאַנעוועט אין פּויק. דער ערשטער נאָך דער קאַפּעליע איז געגאַנגען דער קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער, אין אַ הימל־בלויען מונדיר און גלאַנציקע שטיוועלעך, אַ באַהאַנ־גענער מיט זילבערנע שנורן און פרענדז, מיט פייפעלעך און מעדאַלן. דאָס רימענדל פון זיין היטל, פאַררוקט אָן אַ זייט, האָט ער אַרונטערגעצויגן אונטער זיין שטייפער גאָמבע, ווי ביי אַ פּוילישן אולאַנער. הינטערן קאָמענדאַנט האָבן מיט געמאָסטענע טריט געשפּאַנט בחורים מיט פּירקאַנטיקע פּלייצעס און גע־זונטע קיילעכדיקע צורות. זיי האָבן געטראָגן קאַסקעס אויף די קעפּ און העקלעך אָנגעהאַנגען אויף גאַרטלען ביי די לענדן. איינער פון זיי האָט אויפן רעכטן אַרבל געטראָגן אַ ברייטן לייוונטענעם אָרעמבאַנד מיט אַ רויטן קרייץ.

פון זיין לינקער זייט איז אַרונטערגעהאַנגען אַ טאַש פון אַ סאַניטאַר צו ראַטעווען די אָפּגעברענטע. די קאַסקעס פון די פייערלעשער און די בלאָז־אינסטרומענטן פון אָרקעסטער האָבן געפינקלט אין דער זון, צוריקגעבליצט מיט מעש און קופּער קעגן די שטראַלן. די מעטאַלענע קולות פון די טרובעס האָבן זיך ווי פאַרוועט מיט די טאַצן און קעסל־פּויק, ווער פון זיי וועט מער פאַרליאַרעמען און פאַרטויבן דאָס שטעטל.

וואָלקעניק האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. בעלי־בתים האָבן זיך געטשוכעט פון דרימל און געגלאָצט צום הימל, ווי אליהו הנביא וואָלט דאָרט געפאָרן אין זיין רייטוואָגן און געבלאָזן שופר אָנצוזאָגן, אַז משיח קומט דאָס יאָר נאָך פאַר תשעה־באב. פון זיין שטוב פאָזע וועג איז דער אַלטער שוחט ליפּע־יאָסע אַרויסגעלאָפן אין די גאַטקעס, אין אַ באַפּעדערטער יאַרמלקע און מיט טויט־שרעק אין די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם. דערזען די פּאָזשאַרניקעס, האָט ליפּע־יאָסע אַ ריטשע געטאָן מיט אַלע כוחות פון אַן אויסגעדינטן שוחט און חזן.

„מופקרים! אין די טעג פון חורבן ירושלים גייט איר מיט מוזיקע?" און זיינע אויפגעהויבענע הענט האָבן געציטערט, ווי פון אונטער זיין חלף וואָלט זיך אַרויסגעריסן אַ געבונדענער אָקס. אָבער דער קאָמענדאַנט האָט צו דער קאָמפּאַניע אַ געשריי געטאָן, פאַר אַ סימן מען זאָל ניט ענטפערן. „איינס־צוויי! איינס־צוויי!" און די חברה האָט מיט אַ פּאַראַדנעם טראָט זיך פאַרקערעוועט צום מאַרק. דאָרט זיינען שוין פון ביידע זייטן וועג געשטאַנען בעלי־בתים און זיי נאָכגעשאָלטן. נאָר די מוזיקאַנטן האָבן ווייטער געשפּילט, די יונגען האָבן הויך געהויבן די פּיס און קיין וואָרט ניט געענטפערט. זיי האָבן דערגרייכט דאָס זייעריקע. די שטעטלשע האָבן איצט געזען, אַז די פּאָזשאַרניקעס קענען אין געהיים צוגרייטן אַ פּאַראַד נאָך בעסער ווי אַ פייער־פּראָבע. פּלוצעם איז די קאַפּעליע אַנטשוויגן געוואָרן און די ראָטע האָט ראַפּטאָם אויפגעהערט הייבן די פּיס.

אַנטקעגן זיי האָבן זיך געהוידעט אויפגעשטעלטע שוואַרץ־זיידענע שירעמס. דאָס זיינען די פרומע זומער־געסט געגאַנגען אין וואַלד איינזאַפּן דעם פרישן געזונטן סאָסנע־ריח און וויגן אין די האַמאַקן. יעדן אויפגעשטעלטן שירעם, זיך צו שיצן קעגן דער זון, האָט געטראָגן אַן עלטערער ראש־ישיבה אָדער משגיח, און פון זיינע ביידע זייטן האָבן אַרונטערגערוקט די קעפּ צוויי ייִנגערע ישיבה־בחורים, ווי שוואָמען וואָס וואַקסן אין פאַרשאָטנטן צופוסנס פון אַ ברייט־צעצווייגטן בוים. דערזען די מכבי־אש און אַרום זיי די שטעטלשע יידן, זיינען די דאַטשניקעס שטיין געבליבן — אַ מחנה קעגן אַ מחנה. פון איין זייט יונגען אין מונדירן און שטיוול, אין קאַסקעס און מיט העק, ווי זעלנער מיט באַגנעטן; פון דער צווייטער זייט תלמידי־חכמים אין סורדוטן, אין ווייכע קאַפּעליושן. פאַר־

שעמט פאַר די איידעלע יונגעלייט וואָס זיינען עדות פון זייער חרפה, האָבן די בעלי־בתים געשאָקלט מיט די קעפ און זיך געקלאָגט אויף שטום־לשון: איר זעט אונדזער מערכה? ווינד און ווי ווער עס זיינען אונדזערע יורשים! די וואויל־לערנער האָבן געשוויגן און, מיט אַ קוים־קענטיקן שמייכל אין די מויל־ווינקלען, זיך געררוקט פאַזע וועג. אָבער זייער קאַלט־גאווהדיק שווייגן און דאָס וועלן זיך אַרויסרוקן, האָט די פייערלעשער אויפגערייצט אַ סך מער ווי די קללות פון די בעלי־בתים. די יונגען האָבן זיך אַרויסגעבראָכן פון סטראַי און אַ האָגל געטאָן אויף די דאַטשניקעס.

„דאַרמאָיעדניקעס! אַרעמעלייט גיבן געלט אַז זיי זאָלן זיצן און לערנען, פאַשען זיי זיך אויף דאַטשע. זעט נאָר די גראָבע בייכער! זיי זעען דאָך אויס ווי אַ סטאַדע בהמות וואָס גייען פאַרנאַכט צוריק פון פעלד מיט פולע אייטערס."

פון פחד זיינען די זומער־געסט שטיין געבליבן מיט אָפגענומענע הענט און פיס. די בעלי־בתים האָבן זיך אויף די פייערלעשער אַרויפגעוואָרפן מיט די פויסטן. „משומדים! איינגעזונקען זאָלט איר ווערן!" ערשט דעמאָלט האָבן די דאַטשניקעס אויסגענוצט די מהומה און געגומען לויפן צום וואַלד מיט צעדרייטע, צעבויגענע און אַרונטערגעלאָזטע שירעמס, ווי אַרונטערגעשאָסענע פייגל מיט צעשפרייטע פליגל.

די אויסגעבראָכענע מחלוקת אינמיטן שלעפעריקן תמוז־טאָג האָט אַרומגע־כאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל און זיך פאַרנומען אויף וואָכן־לאַנג ווי אַ וואַלד־שרפה. איין טאָג האָט דער קריג געברענט שטאַרקער, אַ צווייטן טאָג איז ער געוואָרן שוואַכער, אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך אויפסניי צעפלאַקערט. אין גרעסטן גרימצאָרן אויף די פאָזשאַרניקעס זיינען געווען די בעלי־בתים פון די זומער־שטיבלעך און די בעלי־עגלות וואָס פירן פאַסאַזשירן פון באַן. זיי האָבן מורא געהאַט אַז די דאַטשניקעס וועלן זיך צעלויפן און איבעראַיאָר וועט שוין קיינער ניט קומען. אויך דער מוליער סראָלייזער מיט זיין קאָמפּאַניע זיינען געגאַנגען קעגן די פייערלעשער. סראָלייזער און זיינע בלאָטע יונגען האָבן אין אַ קריג שטענדיק געהאַלטן מיט די פרומע. פון דער אַנדערער זייט איז צו די פייערלעשער דאָס מאָל צוגעשטאַנען די יוגנט פון ביבליאָטעק.

די שדים פון ביבליאָטעק, ווי מען רופט זיי אין שטעטל, זיינען חוצפהניקעס מיט אַ שאַרפן חיתוך־הדיבור און אָפענע אַפּיקורסים. זיי מישן זיך ניט אין דער שטענדיקער אַמפּערניש צווישן מזרחי־לייט און אַגודהניקעס, וויילביידע צדדים זיינען די זעלבע שוואַרץ־מאַהניקעס. בעת אין שטעטל האָט זיך געפירט דער פאַרצויגענער קריג ווער עס דאַרף זיין וואַלקעניקער רב, אַן אַלטמאָדישער אָדער אַ געבילדעטער, האָבן די ביבליאָטעקניקעס געזאָגט, ווער דער רב זאָל ניט זיין וועט ער סייווי האַלטן מיט די ספּעקולאַנטן און די בלוט־זויגער. בעלי־

בתים האָבן געוואוסט אַז אָט די רייד שטאַמען פון באַלשעוויק מאירקע פּאַדוואַל פון פּאַנאַשישאָק.

פּאַנאַשישאָק איז אַ יידישער דאָרף אויף יענער זייט גרענעץ, ביי די ליטווי־נער. פון דאָרט שטאַמט מאירקע, וואָס איז קינדווייז געבליבן אַ יתום און האָט זיך אויסגעוואַלגערט אין וואַלקעניקער חדרים, ביז ער איז אונטערגעוואַקסן און אַ פּאָר יאָר געלערנט אין בית־מדרש פאַר־זיך. ווערליק בעלי־בתים דער־ציילן, האָט מען נאָך יינגלווייז געזען אַז ער איז אַ ממזרוק. פונדעסטוועגן האָט מען אים אויסגעהאַלטן צוליב זיין עילוי׳שן קאָפּ, מען האָט געהאָפט אַז ער וועט זיין אַ גדול בישראל. אָבער ער האָט אַוועקגעוואָרפן לערנען און איז געפאָרן קיין ווילנע אַרבעטן אין אַ טאַרטאַק ביי דער ווילייע. אין ווילנע האָט ער זיך צונויפגעחברט מיט די לינקע און איז אַריינגעפאַלן אין תפיסה. נאָכן אָפּזיצן, איז ער צוריקגעקומען קיין וואַלקעניק און אַוועק אַרבעטן אין דער טאַקטור־פאַבריק, וואו ער האָט גלייך גענומען בונטעווען די אַרבעטער. איבער אים האָט עס דער פאַרוואַלטער, דער פּוילישער ייד, אָפּגעזאָגט די וואַלקעניקער בחורים און געלאָזט ביי דער אַרבעט די דאָרפישע פּויערים.

מאירקע פּאַדוואַל איז אַ קליינוואוקסיקער, מיט אַ נידעריקן פאַרוואַקסענעם שטערן און אַ בייזן בלינצל אין די האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן. בעת ער ווערטלט זיך מיט אַ קעגנער, שטייט ער פון יענעם אָפּגערוקט אויף אַ שפּאַן, איין פוס פאָרויס, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אַהינטער, ביידע הענט פאַררוקט אין די הויזן־קעשענעס. אָט פאַר זיין האַלטן שטענדיק די הענט פאַררוקט אין די הויזן־קעשע־נעס און בייזן בלינצל אין די אויגן, האָבן וואַלקעניקער בעלי־בתים מער מורא ווי פאַר זיינע שאַרפע ענטפערס. עפּעס דאַכט זיך זיי, מאירקע פּאַדוואַל קען קאַלט און פון קאַטאָוועס וועגן אונטערצינדן די שטאָט.

שבת־חזון אינדערפרי איז אין בית־מדרש הינטער דער בימה געשטאַנען די פייערלעשער־קאָמאַנדע אינאיינעם מיט דער חברה פון ביבליאָטעק און מען האָט פריילעך אַרומגעטומלט. בעת דער בעל־קורא האָט געלייענט די הפטורה מיטן ניגון פון איכה, זרע מרעים בנים משחיתים, האָבן בעלי־בתים געשאָקלט מיט די קעפּ אַהינצו וואו די מופקרים שטייען: זיי טאַקע מיינט עס דער נביא ישעיהו! אָבער די יונגען האָבן געלאַכט די בעלי־בתים גלייך אין פּנים אַריין. נאָכן דאַוונען זיינען די טובי־העיר שטיין געבליבן לעבן די פייערלעשער און גערעדט צו זיי מיט גוטן.

„כאַמולעס! איר האָט דאָך אַלעמאָל געהאַט אינזינען מושטירן זיך, שפּריצן מיט די וואַסער־קישקעס און בלאָזן אין די טרובעס. אין פּאָליטיקע האָט איר דאָך זיך קיינמאָל ניט געמישט. טאָ ווי קומט עס אַז איר זאָלט אין די דריי

וואָכן אַרויסגיין מיט מוזיקע און נאָך באַפאַלן לערנער, וואָס דאָס שטעטל לעבט פון זיי? זאָגט וואָס ווילט איר."

די פּייערלעשער האָבן זיך געקראַצט אין די פּאַטילניצעס, זיך איבערגעקוקט און געענטפערט, זיי ווילן געלט אויף נייע וואַסער־פּאָמפּעס, אויף בלאָז־אינסטרו־מענטן און צו פּראַווען אַ גרויסע סעודה. פּאַרוואָס עפּעס זאָל נאָר חברה־קדישא פּראַווען יעדער יאָר אַ סעודה? חברה־קדישא באַגראָבט די טויטע און חברה מכבי־אש ראַטעווען די לעבעדיקע.

בעת דעם שמועס איז פון זיין מזרח־שטאָט אַרונטער ר׳ הירשע גאָרדאָן. דאָס געזעמל הינטער דער בימה האָט אים פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג, איז ער שטיין געבליבן און זיך צוגעהערט מיט איין אויער. בעלי־בתים האָבן אויף אים געקוקט און געוואַרט אַז ער זאָל ענטפערן די פּאָזשאַרניקעס. „און וואָס ווילט איר?" האָט ר׳ הירשע זיך אויסגעדרייט צו דער ביבליאָטעק־חברה.

פאַרויס האָט זיך אַרויסגערוקט משה אָקון, מיט זיין לאַנגער פיגור און אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן האָט ער טאַקע אויסגעזען ווי אַ דאַרער פיש. ווי הויך ער האָט זיך ניט געפּלייסט צו ריידן, האָט מען אַ צען טריט פון אים גאָרניט געהערט, בלויז געזען ווי ער עפנט און פאַרמאַכט דאָס מויל. זיין גיין און שטיין האָבן דערמאָנט די ווייכע באַוועגונגען פון פלאַנצן אין וואַסער. געערעדט האָט ער מיטן לשון פון כלל־טוער און פאַרזיצערס אויף קאָנפערענצן. נאָך הייסע דעבאַטעס אין וואָלקעניקער קלוב, האָט משה אָקון געלייענט זיינע אייגענע פאַרפאַסטע צווישן־פּאַרטייאישע רעזאָלוציעס. איצט האָט ער גענומען דאָס וואָרט און דערקלערט, אַז די ביבליאָטעק איז פּרינציפּיעל קעגן אַ רעליגיע־זער קהילה און קעגן דער הערשאַפט פון די כלי־קודש אין אַלגעמיין. אָבער ביז מען וועט ענדערן די קהילה־קאָנסטיטוציע, רוקט די ביבליאָטעק אַרויס דריי פאָדערונגען. ערשטנס, אַ פאַרשטייער פון ביבליאָטעק זאָל זיין פאַרטראָטן אין אַ דעמאָקראַטיש־געוויילטער קאָמיסיע וואָס רעווידירט די קהילה־קאַסע. צווייטנס, אין בודזשעט מוז אַריינגעשטעלט ווערן אַ פּאָזיציע אויסצוהאַלטן די וואָלקע־ניקער דראַמאַטישע גרופּע, און דריטנס, די קהילה מוז פון אירע רעסורסן געבן געלט איינצוקויפן נייע ביכער.

„און אויב די קהילה וועט אייך ניט נאָכגעבן, וואָס וועט איר טאָן?" האָט ר׳ הירשע גאָרדאָן פון איבער די ברילן אַרויפגעקוקט צום לאַנגן בחור. „וועלן מיר אַזוי לאַנג קעמפן, ביז מיר וועלן אונדזער קאַמף דערפירן צו אַ זיגרייכן סוף," האָט משה אָקון געענטפערט. „קעמפט," האָט ר׳ הירשע צוגעשטימט און צו די פּייערלעשער האָט ער געזאָגט, אַז זיי וועלן קריגן געלט אויף אַ וואַסער־פּאָמפּע און אַפילו אויף אַ סעודה. אויך פאַר דער ביבליאָטעק איז די קהילה גרייט געבן געלט, אויפן תנאי אַז מען זאָל פאַרן געלט קויפן האָלץ און

פאַרברענען אַלע ביכער. גאָרדאָן איז אַרויס פון בית־מדרש און די בעלי־בתים פון זיין צד זיינען אים ווי געווייינלעך נאָכגעלאָפן. זיין עלטערער שוואָגער, עלציק בלאָך, איז נאָך געבליבן אין בית־מדרש און זיך געגומען קאָכן, אַז מזרחי איז יאָ פאַר געבן געלט איינצוקויפן העברעאישע ביכער. ר׳ הירשע גאָרדאָן קען בכלל ניט ריידן אין נאָמען פון דער קהילה, ער איז ניט קיין ראַטמאַן. אומזיסט האָט עלציק בלאָך געגוואַלדעוועט, די בעלי־בתים האָבן אַפילו ניט געהערט וואָס ער זאָגט, אַזוי אַנגעשטרענגט האָבן זיי געקוקט און זיך צוגעהערט צו מאירקע פאָדוואָל פון פאַנאַשישאָק. ער האָט אויף זיין שטייגער געריידט רואיק, מיט די הענט אין די קעשענעס און בייזן בלינצל אין די האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן:

זיי, די וואָלקעניקער עקספּלואַטאַטאָרס, מיינט עס דער נביא ישעיהו מיט די ווערטער ׳קציני סדום׳, פירער פון סדום. און ווען דער זעלבער ישעיהו זאָגט, ווער דאַרף אייערע תפילות, אייערע הענט זיינען איינגעריכט אין בלוט, מיינט ער ווידער די וואָלקעניקער בלוט־זויגער. שריך סוררים וחברי גנבים, די פּרנסים זיינען אוזורפּאַטאָרס און אַ באַנדע גנבים. כלו אוהב שוחד ורודף שלמונים, איטלעכער האָט ליב כאַבאַר און יאָגט זיך נאָך געצאָלט. מאירקע האָט נאָך געוואָלט דערמאָנען וואָס דער זעלבער ישעיהו זאָגט וועגן אופן ווי וואָלקעניקער באַהאַנדלען דעם יתום און די אלמנה. נאָר די בעלי־בתים האָבן זיך זייטיק אַרויסגערוקט פון בית־מדרש און איטלעכער האָט ביי זיך געטראַכט: אַזאַ יתום האָט ניט באַדאַרפט אויסוואַקסן; שענערע מענטשן פון אים פוילן אין דער ערד.

# 2

**שבת־נחמו אינדערפרי** זייַנען פון יידישן דאָרף דעקשנע געגאַנגען קיין וואַלקעניק צום דאַוונען צוויי מנינים יידן. אויף די אַקסל האָבן זיי געטראָגן די פאַרלאַטעטע טליתים וואָס אינדערוואָכן, הויכע געוואַנטענע היטלען, אויסגעטראָגענע סורדוטן און שווערע שטיוול, באַדעקט מיט גרויען שטויב. וויפל די ישובניקעס האָבן ניט איינגעצויגן די רימענס, האָבן זיך די הויזנס קוים געהאַלטן אויף די איינגעפאַלענע לענדן. זייערע שיטערע סיווע בערד האָבן אויסגעזען ווי די דאַרע שיטערע זאַנגען אויף די דעקשנער ברויט־פעלדער, פול מיט שטייַנער און פאַרטריקנטע ערד־גרודעס. די אויסגעצערטע פנימער האָבן זיך געקנייטשט פון וואָכעדיקע דאגות, אַן אומעט האָט פאַרטונקלט די אויגן אין לויטערן אינדערפרי פון שבת־נחמו. די מאָגערע ערד, וואָס דער רוסישער קייסער ניקאָליי דער ערשטער האָט פאַרטיילט צווישן די זיידעס, האָט נאָך ביי די אייניקלעך אויסגעזויגן די קליי פון די ביינער. וויפל מען האָט אויף די פעלדער ניט געהאָרעוועט, האָט ניט געקלעקט קיין ברויט ביזקל נייעם שניט, קאַרטאָפל און בוריקעס איבערן ווינטער. האָבן די קאָלאָניסטן אַראָפגעלאָזט ביימער אין וואַלד און די גרויסע דיקע שטאַמען געשלעפט מיט וועגעלעך אין טאַקטור־פאַבריק. זיי האָבן אויך געפרואווט מזל מיט האָדעווען בינען און פאַרקויפן האָניק. נאָר די הויפט־פרנסה פון יעדער משפחה איז געווען אַ גייסטיק־קראַנקער קוואַרטיראַנט.

די דעקשנער פאַציענטן זייַנען שטילע פאַרפאַלענע מרה־שחורהניקעס און קומען פון פאַרמעגלעכע משפחות וואָס צאָלן פאַר זיי חודש־געלט. פאַראַן אין דעקשנע מעלאַנכאָליקער וואָס דרייען זיך דאָרט אַרום איבער דריי צענדלינג יאָר. קומט אין דאָרף אַ פרעמדער, פאַרהאַלט אים יעדער מטורף אין אַ באַזונדער ווינקעלע. איינער דערציילט אים ווי ווייב און קינדער האָבן אים געוואָלט פאַר׳סמען, אַ צווייטער פרעגט אים צי די וועלט איז נאָך משוגע. אָבער זעלטן פאַרבלאָנדזשעט אין דעקשנע אַן אורח, און אויף די אייגענע בעלי־בתים קוקן זיך די באַזעסענע מער ניט אום. שמייכלען זיי און ריידן מיט די הענט צו זיך אַליין. זיי שפרייזן פאַר׳מוח׳טע דורך דער לאַנגער דאָרפישער גאַס, זיצן אויף בערגלעך מיסט ביי די שטאַלן, אויף די טרעפלעך פון די הייזער, און מאַכן משונהדיקע העוויות מיט די פנימער, ביז די נאַכט דעקט זיי צו מיט פינצטערניש. פון דער צייַט ווען זיי זייַנען געווען מיט לייטן גלייַך, לעבט נאָך אין פאַרטונקלטן זכרון פון די צעמישטע איין העלע שעה, ווי אַ ליכט־פאַס אויפן האָריזאָנט, בעת ערד און הימל זייַנען שוין איין גוס פינצטערניש. ביסלעכוויַיז לעשט זיך אויס

אין געדעכעניש פון די קראַנקע אויך דער איינציקער העלער פלעק. זיי דערפילן ווי אויף זייער לייב קריכט די נאַכט, אַ האַריקע נאַסע חיה, און זיי לאָזן אַרויס אַ פּחד־געשריי. דאָס צווייטע געשריי איז נאָך אַנגסטיקער און ווילדער. ביים דריטן מאָל איז דאָס שרייען באַגלייט מיט ציין־קריצעניש, מיט אַ וויסט געלעכ־טער וואָס ברעקלט זיך און קרישלט זיך, ווי זייער מוח וואָלט זיך צעפאַלן. אויסגעלאָדענע פון די גוואַלדן, בלייבן זיי זיצן דורכגעשווידערטע, צוקן און ציטערן ביז זיי ווערן פאַרגליווערט. און ניט איינמאָל טרעפט אַז דער בעל־הבית געפינט אינדערפרי דעם קוואַרטיראַנט אַ פאַרשטאַרטן אויף אייביק, ווי אַ זשוק וואָס איז ביינאַכט פאַרפראָרן געוואָרן. בלייבט אויך דער ישובניק שטיין אַ פאַרגליווערטער און טראַכט פון פּאַציענטס קרובים, וואָס וועלן זיך פרייען מיט דער ידיעה אַז זיי דאַרפן מער ניט צאָלן. און פון דער אייגענער משפחה טראַכט דער ישובניק, אַז ביז ער וועט קריגן אַ נייעם קוואַרטיראַנט וועט ער מיט זיינע בני־בית מוזן צוליידן.

כאָטש דעקשנע האָט אַן אייגן שולכל, גייען די קאַלאָניסטן לכבוד יום־טוב און אין אַ חשובן שבת דאַוונען אין וואַלקעניקער בית־מדרש. זיי ווילן אויף אַ פּאָר שעה זיך דערוויטערן פון זייער אומעטיקן ישוב. זיינען זיי לכבוד שבת־נחמו געקומען אין שטעטלשן בית־מדרש און זיך אויסגעזעצט אַרום טיש ביי דער מערב־וואַנט. דאָס מאָל האָבן די דעקשנער אומזיסט געוואַרט צו הערן אַ זיסן קול־נגינה און חזנישע שטיקלעך. אין בית־מדרש האָט זיך געטומלט, מען האָט געערעדט אויף אַלע בעלי־בתישע בענק, און דער שליח־ציבור ביים עמוד, יודל דער שוחט, האָט די תפילות אָפּגעכאַפּט. וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן דער עולם, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן דער טומל. צו קריאת־שמע האָט געקאָכט ווי אויף אַ יאַריד ; בעת דער שטילער שמונה־עשרה האָט ניט געהאָלפן דאָס פּאַטשן אין די שטענדערס עס זאָל ווערן שטילער. ערשט צו קריאת־התורה איז געוואָרן אַ ביסל רואיקער. די ביבליאָטעקניקעס פון הינטער דער בימה זיינען אַרויס אינדרויסן אויף אַ באַראַטונג.

די חברה פון ביבליאָטעק האָט געהאַט אַ גאַסט, דן דוניעץ, וואָס לערנט אין ווילנער תרבות־סעמינאַר און קומט זומער־צייט אויף אַ פּאָר וואָכן קיין וואַלקע־ניק צו די עלטערן. זיין טאַטע איז דווקא אַ שטילער ייד, אַ סאַדאָווניק. ער זיצט אין בית־מדרש אין אַ ווינקעלע און נעמט די אויגן ניט אַרויס פון סידור, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק הלמאי דער זון איז דער היפוך פון אים אין כאַראַקטער און אויפפירונג. דן דוניעץ שלאָגט מיט דער היץ פון אַן אונטער־געהייצטן קעסל. ביים ריידן פאַלט אים די שוואַרצע פּאַטליע האָר אַרויס פון ווייס־בלויען תרבות־היטעלע. ער וואַרפט מיט די לאַנגע הענט און זיינע אויגן גליען מיטן פיבער פון די נאָך ניט־אויסגעטריקנטע זומפּן אין דער חלוצישער

מדינה. גאַליק לאַכט ער אויס די וואַלקעניקער יידן וואָס וואַרטן מען זאָל זיי צוטראָגן אַן ארץ־ישראל — אַן אתרוג אין אַ זילבערנער פושקע. אויף אַ מדינה וואו עס קאָפּעט מילך און האָניק וואַרטן זיי. אויף אַ משיח וואָס וועט אַריינרייטן אויף אַ ווייס אייזעלע אויפן מיסט־בערגל פון וואַלקעניקער שול־הויף האָפן די קרעמערלעך. אָבער אויך פון דער שטעטלשער יוגנט האָט דן דוניעץ ניט קיין נחת. אַמאָל איז אין שטעטל געווען ׳אַ חלוץ׳, לעצטנס איז אויס מיטן חלוץ, ווייל די אומלעגאַלע עליה האָט זיך אָפּגעשטעלט. און וואו איז אויסדויער? פרעגט דן דוניעץ. דאָך חברט ער זיך מיט די לינקע פון דער ביבליאָטעק, און זיי האָבן אים איצט אויסגעקליבן ער זאָל זיין דער רעדנער פאַר דער מאַסע אין בית־מדרש. אַזוי ווי ער איז אַ תרבותניק און רעדט העברעאיש, וועלן די קלייינבירגער האָבן צו אים מער צוטרוי. דערצו נאָך איז ער אין שטעטל אַ גאַסט. בעלי־בתים האָבן צו אים ניט אַזעלכע טענות פאַר ניט־לייטישער אויפפירונג ווי צו די היימישע. מען האָט אים נאָר אָנגעזאָגט ער זאָל זיך ניט קאַכן, מען זאָל הערן וואָס ער רעדט.

אַלע ווייסן אַז שבת־נחמו איז אַ ציוניסטישער שבת און דער מפטיר קומט דעם ראש פון וואַלקעניקער מזרחי, עלציק בלאַך. האָט דעם מפטיר גאָר געקראָגן זיין שוואָגער דער אגודהניק דורך אַן אויסרייד, אַז ער האָט יאָרצייט נאָך אַ זיידן צי אַן עלטער־זיידן. ר׳ הירשע גאָרדאָן האָט געלייענט אַן טראָפּ, מיט אַ הייזעריק קול, און ביי דעם פסוק ׳על הר גבה עלי לך מבשרת ציון׳ האָט ער זיך ביטער צעוויינט. עלציק בלאַך איז אַזש אונטערגעשפּרונגען: ווי האָט עס אַ ייד אַזעלכע פאַרשטאָכענע אויגן! ער איז דאָך אַ שונא־ציון! אָבער ר׳ הירשע האָט געוויינט פון יסורים וואָס די מזרחי־לייט שלעפּן אויך דעם נביא ישעיהו אין זייער אַפּיקורסישער חבריה. אין דער מינוט האָבן פון דרויסן אַריינמאַרשירט די ביבליאָטעקניקעס און אַקסל ביי אַקסל זיך געגומען רוקן צום ארון־קודש, ווי איינצונעמען אַ פעסטונג. ר׳ הירשע האָט אויף זיי אַ קוק געטאָן פון איבער די ברילן, פאַרקאַפּעט מיט טרערן, און ווייטער געלייענט פון פאַרמעט, ביז ער האָט פאַרענדיקט די הפטורה און אָפּגעזאָגט די ברכות. דער עולם אין בית־מדרש האָט געוואוסט, אַז די ביבליאָטעקניקעס פאַרלאַנגען מען זאָל איינעם פון זיי לאָזן ריידן. האָבן די מתפּללים אויסגעדרייט די קעפּ צו דער בימה און געוואַלט זען ווי ר׳ הירשע וועט דאָ האַנדלען. צו דער פאַרוואונדערונג פון אַ סך בעלי־בתים, האָט ר׳ הירשע אַ וואונק געטאָן דעם שליח־ציבור ער זאָל דערווייל ניט נעמען די ספר־תורה צום היכל. די מופקרים ווילן ריידן? זאָלן זיי ריידן! דן דוניעץ איז אַרויף אויף די ארון־קודש־טרעפּלעך און אָנגעהויבן ריידן.

„דער מדרש זאָגט...״

ר׳ הירשע גאָרדאָן האָט נאָך פריער געהאַט אָפּגערעדט מיט זיין צד, מען

זאָל די מופקרים זיך לאָזן אויסשרייען, וועט מען נאָכדעם קענען רואיק דאַוונען מוסף. און אַז עס וועט קומען צו געבן געלט אויף ביכער, וועט מען זיי געבן מכות. אָבער דער תרבותניק זאָל נאָך האָבן די חוצפּה אָנצוהייבן מיט אַ מדרש האָט זיך ר׳ הירשע ניט געריכט. דאָס בלוט האָט אים זעץ געטאָן אין די שלייפן, זיין פּנים איז רויט געוואָרן.

„מדרשים זאָגסטו? און ציצית טראָגסטו? ווייז אַז דו טראָגסט ציצית ווי איך און די אַנדערע יידן אין בית־מדרש," האָט גאַרדאָן געגוואַלדעוועט און מיט ביידע הענט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער זיין קאַפּאָטע דעם טלית־קטן.

דן דוניעץ האָט זיך פאַרלאָרן און אויך זיין פּאַטליע האָר האָט ווי מורא געקראָגן אַרויסצושפּרינגען פון אונטער זיין ווייס־בלוי היטעלע. געענטפערט אַנשטאָט אים האָט מאירקע פּאַדוואַל פון פּאַנאַשישאַק.

„און וואָס איז ציצית, אַ חובת־גברא אָדער אַ חובת־טלית?"

„וואָס ציצית זאָל ניט זיין, ביסטו אַ באָלשעוויק און אַ קאַטאָרזשניק. האָסט ניט באַדאַרפט דערלעבן אַרויסצוגיין פון תפיסה," האָט ר׳ הירשע געגוואַלדעוועט נאָך העכער און אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויף דן דוניעץ. „שלעפּט אים אַראָפּ!"

ביים ארון־קודש איז אויסגעוואַקסן סראַלייזער מיט זיין חברה בלאַטע יונגען. עלציק בלאָך האָט זיך צו זיי אַ וואָרף געטאָן. „לאָזט אים ריידן! מזרחי וויל ער זאָל ריידן! מזרחי איז פאַר דעם אַז די קהילה זאָל יאָ געבן צושטייער אויף העברעאישע ביכער. ביי ר׳ הירשען פרעגן מיר ניט, ער איז ניט קיין ראַטמאַן אין קהילה." אָבער גאַרדאָן האָט דאָס מאָל געשריען אויסער זיך. „שלעפּט אים אַראָפּ, דעם תרבותניק!" און זיין צד האָט אים אונטערגעהאַלטן. „אַראָפּ! אַראָפּ!"

דן דוניעץ איז שוין געקומען צו זיך, זיך געהיצט און געפּאַכעט מיט די הענט. „די וואַלקעניקער יידן געפעלט בעסער צו קלאָגן אויפן חורבן בית־המקדש, איידער אויפבויען ארץ־ישראל. אַבי זיי זאָגן, ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים. ליגנער! זיי מיינען עס דען? דער וואַלקעניקער גלות געפעלט זיי בעסער ווי שיבת־ציון." מער האָט דן דוניעץ ניט באַוויזן צו זאָגן. הענט האָבן זיך געטאָן צו אים אַ ציי־אויס און אין איין אויגנבליק איז ער אַרונטער־געפלויגן. אַן אונטערוועלטניק איז מיט אַלע פינף האַרטע פינגער פאַרפאַרן דעם אינטעליגענט משה אָקון אין דער באַק. „געשטאַרבענער, וואו קריכסטו?" „איך פּראָטעסטיר," האָט משה אָקון שטיל געענטפערט און מיט די נעגל פון ביידע הענט זיך איינגעגראָבן אין אונטערוועלטניקס פּנים, וואָס איז גלייך פאַר־גאָסן געוואָרן מיט בלוט. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. די בלאַטע יונגען, מיט פאַרבעלמעטע אויגן און אייזערנע קולאַקעס, האָבן זיך געשלאָגן קאַלט און ניכטער, שווייגנדיק און אָן כעס, נאָר מיט אַ טאָלק. זיי האָבן דערלאַנגט געניטע קלעפּ אויף טרוקן, מיט אַ קני אין בויך, מיט אַ פויסט אונטערן האַרצן, מיטן קאָפּ

אונטער יענעמס גאָמבע. די חברה פון ביבליאָטעק האָט צוריקגעשלאָגן אויף בלינד, מיט רציחה, מיט שוים אויף די ליפּן. זיי האָבן געהויבן שטענדערס, געהאַקט מיט שווערע גמרות איבער די קעפּ, געשטויסן מיט די עלנבויגנס, געקאָפּעט מיט די פיס. זיי האָבן נאָר געוואָלט אויסקאַלופּען אויגן, צעראַצן און צעקראַצן פּנימער, אויסבייסן די גאָרגלען און דערהרגענען די אונטערוועלטניקעס, אויף טויט דערהרגענען.

אויך אויף די בעל־הבתישע בענק האָט געברויזט, ווי גרויסע מיל־רעדער וואָס דרייען זיך אין וואַסער. ר׳ הירשעס צד האָט זיך געקריגט מיטן צד פון עלציק בלאָך, און אַנדערע יידן האָבן געשריען אַז פון זייערטוועגן מעגן אַלע צדדים גיין כּף־הקל. יעדער שבת איז אַן אַנדער חתונה און זיי מוזן עסן פאַר־שטיינערטן טשאָלנט. שטיינער זאָלן זיי עסן, די טומל־מאַכער! צווישן צוויי בעלי־בתים האָט געהאַלטן ביי פּעטש. איינער האָט געשריען, „וואָס שפּאַרט איר זיך אַזוי איין מיט די הינטערשטע פיס פאַר די אַפּיקורסים?“ און דער צווייטער האָט אים אָפּגעענטפערט. „איר רעדט און אַ הונט בילט איז ביי מיר אַלץ איינס. מיין זון איז ביי אייך אַן אַפּיקורס?“ דער אַלטער שוחט ר׳ ליפּע־יאָסע האָט געפּאַטשט אין שטענדער און געריטשעט מיט אַלע כוחות. „ממזרים! ס׳איז דאָך חילול־שבת!“ דער שניידער און ישיבה־עסקן ר׳ ישראל האָט געקרעכצט מיט פאַרמאַכטע אויגן. „אוי לעינים שכך רואות!“ דער רב, ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא, איז געשטאַנען אַ צונויפגעהויקערטער, זיינע קליינע שאַרפע אייגעלעך זיינען אומגעלאָפן ווי אַ חיהלע אין אַ פאַסטקע. ער האָט פאַרשאָלטן דעם טאָג ווען אים איז איינגעפאַלן אויסצובייטן שישלעוויץ אויף וואַלקעניק. דער רב האָט פאַר־שטאַנען אַז שפּעטער וועלן אַלע צדדים האָבן טענות צו אים הלמאי ער האָט מורא געהאַט זיך אַריינמישן און איינשטילן די מחלוקת. בלויז איין יוסף וואַר־שעווער, איינגעוויקלט אין זיידענעם טליתל, האָט פון געשלעג אָנגעקוואָלן. אים איז קיין חילוק ניט געווען ווער וועמען עס ממיתט, אַבי מען ממיתט זיך, אַבי מען מזיקט זיך, אַזוי פיינט האָט ער געהאַט גאַנץ וואַלקעניק מיט אַלע אירע בעלי־בתים. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אויסצושרייען: אוי גוט! זייער גוט! אים האָט נאָר פאַרדראָסן פאַרוואָס זיין שווער גדליה זאַנדאַק איז ניט אין רעכטן מיטן פון געשלעג.

צו אַלעמענס שטוינונג איז סראָלייזערס קאָמפּאַניע ביסלעכווייז אָפּגע־טראָטן פאַר דער חברה פון ביבליאָטעק. די שטאַרקע יונגען האָבן זיך דער־שראָקן פאַר דער ווילדער רציחה פון די אינטעליגענטן, און נאָך מער — פאַר זייערע סטראַשונקעס ביים קריגן און געבן קלעפּ. „מוסרים! מיר וועלן אייך אַלעמען אויסשיסן ווי די הינט!“ „פערד־גנבים! זאָל נאָר קומען די רעוואָלוציע, וועט דער פּראָלעטאַריאַט זיך מיט אייך ספּראַווען!“ פון די בעל־הבתישע בענק

האָט מען נאָך אויף די וואוילע יונגען געליאַרעמט: „די הענט וועלן דיר אָפּדאַרן, אויב דו וועסט אָנרירן מיין זון!" „רוצח! וועסט ביי מיר פאַרפוילט ווערן אין תפיסה!" „מעסער־שטעכער! קעגן וועמען ווייזט איר גבורה, קעגן אײדעלע יונגעלייט? „געוואַלד, יידן, וואָס שוויגט איר? זיי מאַכן אונדזערע קינדער פאַר קאַליקעס!"

„מיר נעמען זיך אָן פאַר דער הייליקער תורה און איר באַפאַלט אונדז נאָך? טפו זאָלט איר ווערן!" האָט דער צעפּאַרעטער און צעדראַפּעטער סראָלייזער אַ שפּיי געטאָן אויף די בעלי־בתים און געהייסן זיינע צע'דמ'טע יונגען אָפּטרעטן.

אויך די זיגער זיינען אַרויס צעבוכצעטע, מיט אונטערגעהאַקטע זייטן, דורכגעווייקט אין שוויס, פאַרסאָפּעטע. זיי האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּציען דעם אָטעם, ווי דער צעפּאַטלטער דן דוניעץ האָט אַ וויז געטאָן אויף ר' הירשע גאָרדאָן. „ער האָט געהייסן מיך אַראָפּשלעפּן פון ארון־קודש, וועלן מיר אים אַראָפּשלעפּן פון דער בימה!" און די גאַנצע חברה האָט ווי אַ סטייע וועלף זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער בימה. „פּרואווט נאָר!" האָט ר' הירשע אויסגעטאָן דעם טלית און זיך געגרייט אײנער אַליין זיך קעגנשטעלן, ווי שמשון הגבור קעגן די פּלישתים. דער בית־מדרש האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויגט און צעהוידעט. אַ ייד האָט אַ געשריי געטאָן. „איר וועט שלאָגן דעם רבס אײדעם?" אַ צווייטער ייד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ. „געוואַלד! זיי וועלן אַראָפּוואַרפן אויף דער ערד די ספר־תורה!"

פון די הינטערשטע בענק זיינען אַרויס פּורמאַנעס, וואָס הייבן אונטער מיט איין אַקסל אַ פולן וואָגן; קצבים וואָס דרייען מיט די הוילע הענט דעם אָקס ביי די הערנער ביז ער פאַלט אום. זיי זיינען אַרויף אויף דער ביבליאָטעק־חברה מיט אַ געהוקע. „מיר לאָזן פון אייך אַ נאַס אָרט!" און די בחורים זיינען געפלויגן צו דער טיר, ווי אַ שטורעם־ווינט וואָלט זיי אַראָפּגעקייקלט פון אַ באַרג. פויסטן האָבן זיי געשטויסן אין די נאַקנס, געהאַקט אין די זייטן. אײדער זיי האָבן זיך נאָך אַרומגעקוקט האָט מען זיי שוין אַרויסגעשליידערט אין פּאָליש. דן דוניעץ האָט אויף אַ רגע נאָך באַוויזן זיך אַרויסצורייסן פון אַ פּאָר געזונטע ידים און אַ געשריי טאָן.

„פאַנאַטיקער! דער נביא ישעיהו פון 'נחמו נחמו עמי' איז ניט דער ישעיהו בן אמוץ, נאָר אַן אַנדער ישעיהו. עס זיינען געווען צוויי ישעיהס, דריי ישעיהס..."

„גיי און ברעך רוק און לענד!" האָט אים דער בעל־עגלה דערלאַנגט אַ טראַסק אַרויס פון בית־מדרש און פאַרהאַקט די טיר.

די דעקשנער זיינען די גאַנצע צייט געזעסן ביים הינטערשטן טיש און זיך קיין ריר ניט געטאָן. ערשט אַז דער עולם האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט און ר' הירשע האָט געהייסן זיך שטעלן דאַווענען מוסף, האָט איין ישובניק זיך אויסגע־

דרייט צום שכן און ווי פון חלום אַרויסגערעדט, אַז ווען זיי בלייבן דאַוונען אין דעקשנער שולכל וואָלטן זיי מער הנאה געהאַט. דער צווייטער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און נאָך צוגעגעבן, אַז אין פאַרגלייך מיט וואַלקעניקער שרייער זיינען די דעקשנער משוגעים שטילע מענטשן. און ביידע דאָרפס־יידן זיינען ווידער פאַרזונקען אין אומעטיקן שטילשווייגן.

## 3

**די שמשטע פון הכנסת־אורחים** האָט דערלעבט אַ גוטע צייט. חוץ אירע שטענדיקע קוואַרטיראַנטן, די לערנערלעך, האָט זי זומער־צייט צו באַדינען די אָרעמע מדינה־גייער, וואָס שלאָפן אין דער צווייטער העלפט פון הכנסת־אורחים. די איבעריקע פרייע שעהן פון טאָג פאַרברענגט זי אויפן בית־עולם. בעת דער שניי צעגייט און די ביימלעך אויפן גוטן אָרט צעבליען זיך מיט ראָזע קנאָספּן, נעמט סאָיע־עטל אַרומגיין צווישן די מצבות ווי אַ גבירטע איבער אירע קאַלטע סאַליעס וואָס זיינען ווינטער־צייט צוגעמאַכט. שוין יאָר־צענדלינגער ווי זי איז די פעלד־יידענע, דאָך קוקט זי נאָך אַלץ אַ פאַרגאַפטע אויף אַ שטיין, באַצירט מיט משה רבנוס לוחות, אויף אַ פּאָר אויסגעקריצטע הענט וואָס דוכענען, אַ סימן אויף אַ נפטר אַ כהן. זי איז נאָך אַלץ פאַרחידושט פון אַן אויסגעשניצטער מנורה, פון אַ מגן־דוד, פון געדרייטע זיילעכלעך און אויסגעקלאַפּטע בלומען מיט בלעטער וואָס באַפּוצן אַמאָליקע מצבות. די אויפ־שריפטן קען סאָיע־עטל ניט לייענען. זיי זיינען אויף לשון־קודש, אָן נקודות, און אַ סך אותיות זיינען אָפּגעשפּרונגען, אָפּגעמעקט. דער אמת איז, איר איז קיין חילוק ניט וואָס אויף די שטיינער שטייט געשריבן. סאָיע־עטל קען די נעמען און דעם יחוס פון די נפטרים אַ סך בעסער ווי זי קען די לעבעדיקע וואַלקע־ניקער פון די יינגערע דורות. אַמאָל בלייבט זי שטיין אין שול־גאַס אַנטקעגן אַ בחור און טראַכט: וועמענס אייניקל קען ער זיין? אויך דער בחור קוקט אויף דער אַלטיטשקערס הויכן געקאָרבטן שטערן און אים דאַכט זיך, ער זעט פאַר זיך אַ פאַרצייטיקע מצבה, פאַרקריצט מיט אַ כתב וואָס ער קען ניט לייענען.

סאָיע־עטל האָט שטענדיק אַרבעט אויפן פעלד. דאָ דאַרף זי אויסגלייכן אַ ברעטל אויפן קבר פון אַן אביון, וואָס זיינע יורשים האָבן קיין געלט ניט געהאַט אים צו שטעלן אַ שטיין. דאָ דאַרף זי אָפּרייבן דעם גרינלעך־געלבלעכן מאָך פון אַ מצבה. זי דאַרף אָנטראָגן שטיינדלעך אויפן אוהל פון אַ צדיק. אַז אַ יידענע געדענקט ניט דעם קבר פון אַן עלטער־פעטער, גייט סאָיע־עטל פאַרויס

דורך הויכע גראָזן, דרייט זיך צווישן קוסטעס, באַוואַקסן מיט ווילדע בערעלעך, און כיכיקעט גוטמוטיק, זי פֿאַרשטייט ניט ווי מען געדענקט ניט דעם קבר פֿון אַ קרוב. אָבער אַז די קרובה צעוויינט זיך און צעשרייט זיך אויפֿן בערגל פֿון עלטער־פֿעטער, ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר פֿאַר איר קראַנק קינד, פֿאַרגייט אין אַ געוויין אויך סאָיע־עטל. פֿון איר קעל קומען אַרויס מאָדנע קוויטשיקע קלאַנגען, ווי זי וואָלט צווישן די שטומע מצבות פֿאַרלאָרן דאָס קול. אויף צוריקוועגס טראַכט די אויסגעוויינטע און באַרואיקטע יידענע, אַז סאָיע־עטל איז אַ מאַמע צו די לעבעדיקע, ניט וויניקער ווי צו די טויטע. מערניט איבער איר טיפֿער עלטער און שטענדיקן אַליין־זיין איז זי שוין אַ ביסל אויסגעוועפּט, ניט אויסגע־רעדט זאָל עס זיין. נאָר סאָיע־עטל פֿילט זיך לחלוטין ניט עלנט, הגם זי האָט איבערגעלעבט דעם מאַן און אַלע קינדער. זומער־פֿאַרנאַכט זיצט זי אויף דער באַנק לעבן בית־עולם־טויער, קוקט אַריבער איבערן טייך אין שטעטל און בעט ביים באַרעמהאַרציקן, אַז ס'זאָל ניט אָנקומען דער שוואַרצער ארון, באַגלייט פֿון אַ מחנה יידן. אַנשטאָט קברים אויפֿן פֿעלד, זאָלן אין בית־מדרש זיך מערן יונגינקע לערנערלעך וואָס קומען שלאָפֿן אין הכנסת־אורחים.

אָבער לעצטנס איז די זקנה זייער אומרואיק. זי איז געוואוינט געווען, אירע קוואַרטיראַנטן זאָלן אין די אָוונטן לערנען אויפֿן קול פֿון גרויסע ספֿרים, אָדער גיין שפּאַצירן ביים ברעג טייך. מיטאַמאָל האָבן זיי אויפֿגעהערט גיין שפּאַצירן און זי האָט אויך מער ניט געהערט זייער זיסן ניגון. האָט סאָיע־עטל פֿון איר אָפּגעצאָמט שטיבל אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרונעס צווישן די ברעטער צו די לערנערלעך און געזען, אַז אַ טייל פֿון זיי זיצן אַרום טיש, אַנדערע ליגן אויף די געלעגערס, און אַלע לייענען עפּעס שטאַרק פֿאַרטיפֿט. זיי זייענען אַזוי אַריינ־געטאָן אין לייענען אַז זיי הייבן ניט אויף די קעפּ פֿון די בלעטער. בלויז פֿון צייט צו צייט קוקן זיי זיך איבער מיט פֿאַרסודעטע פּנימער און טוען אַ קוק צו דער טיר, ווי אין מורא אַז אַ פֿרעמדער זאָל ניט אַריינקומען.

די שמש'טע האָט באַמערקט און פֿאַרגעדענקט דעם אויסזען, דעם פֿאָרמאַט און די טאָוולען פֿון די ספֿרימלעך, וואָס די ישיבה־ייִנגלעך לייענען שאַ־שטיל. אויף מאָרגן בייטאָג ביים אויפֿראַמען די שלאָפֿשטוב פֿון די לערנער האָט זי די באַמערקטע ספֿרימלעך ניט געפֿונען ליגן אויפֿן טיש אינאיינעם מיט די גמרות, חומשים און סידורים. סאָיע־עטל האָט פֿאַרשטאַנען אַז די ייִנגלעך באַהאַלטן דאָס וואָס זיי לייענען אין די קעסטלעך און אַז דאָס מוזן זיין בריוונשטעלער . . . דער זקנה איז געוואָרן מאָדנע אומעטיק. אָבער ווען זי האָט גענומען צורעכט מאַכן דעם איבערדעק אויף מלכקע ווילנערס געלעגער, האָט איר צעאַקערט פּנים זיך צעשיינט פֿון נחת. אירע לאַנגע דאַרע הענט, באַדעקט מיט אַ געדיכטער נעץ פֿון אָדערן, האָבן געגלעט זיין קישעלע ווי דאָס קעפּל פֿון אַן אוראייניקל. סאָיע־

עטל האָט ליב געהאַט דאָס ייִנגעלע מיט די פולע ראָזע בעקלעך, ווייל ער איז דער גרעסטער מתמיד פון אַלע לערנערלעך און זייער אַ פרומינקער. אַז ער קומט אַמאָל אַריין צו איר אין שטיבל נאָך אַ קוביק טיי, מוז זי דעם קוביק טיי אַוועקשטעלן אויף דער באַנק, ווייל ער נעמט ניט פון אַ יידענעס האַנט.

די אַלטיטשקע האָט אויפגעהויבן מלכקעס קישעלע, עס איבערצוקלאַפּן און מאַכן פוכיקער, האָט זי דאָרט געפונען ליגן אַ ספרל אָן טאָוועלעך און אָן אַן איינבונד. גלייך ווי די שמשטע האָט עס גענומען אין האַנט, האָט זי דערפילט אַז דאָס איז ניט פון די מאַנסבילשע ספרים און אויך ניט פון די ווייבערשע תחינות אויף עברי־טייטש. ס'איז עפּעס צו־גרינג און האָט אַ צו־וואָכעדיקן אויסזען פאַר אַ יידישן ספר. סאָיע־עטל האָט מיידלוויז זיך געלערנט לייענען און שרייבן מיט אַ גריפל אויף אַ טאָוול, נאָר זי האָט זיי לאַנג ניט גענוצט. אירע תפילות אויף לשון־קודש און עברי־טייטש קען זי אויף אויסנווייניק. האָט זי זיך איצט באַדאַרפט אָנשטרענגען כדי צונויפצושטעלן די איינציקע אותיות אין גאַנצע ווערטער. די געדרוקטע בוכשטאַבן אויפן שער־בלאַט זיינען געווען גרויסע און שוואַרץ־פעטע. האָט זי זיך גערוקט פון אות צו אות, ביז זי האָט לסוף איבערגעלייענט: פּי...פּיטי...פּיטיגרילי.

די זקנה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי אַ הון הייבט אויף דעם קאָפּ פון זאַמד וואו זי געפינט ניט קיין קערנער. דערנאָך האָט זי זיך ווידער פאַרטיפט אין אויפשריפט אויפן טיטל־בלאַט, ביז די צונויפגעפּאָרטע אותיות זיינען איר פאַר די אויגן געבליבן הענגען אויף דריי שורות אין דער לופט, ווי פייגעלעך וואָס זיצן אויף טעלעגראַף־דראָטן.

פּיטיגרילי

דער גאַרטל פון צניעות

און אַנדערע דערציילונגען

אָבער וואָס די ווערטער מיינען צוזאַמען האָט סאָיע־עטל ניט פאַרשטאַנען און זי האָט דעם בריוונשטעלער צוריק אַוועקגעלייגט אונטער מלכקעס קישעלע.

אין אָוונט האָט זי ווידער געקוקט דורך די שפּאַרונעס און געזען, אַז די קוואַרטיראַנטן זיצן פונקט ווי נעכטן אַרום טיש, אַנדערע ליגן אויף די געלע־גערס, און אַלע לייענען פאַרטיפט. אין הכנסת־אורחים איז אַריינגעקומען אַ בחור מיט אַן אָנגעפּאַקטן לייוונטענעם זעקל. די שמשטע האָט דעם מאירקע פּאָדוואַל פון פּאַנאַשישאָק ניט געקענט, ממילא האָט זי ניט געוואוסט צו פרעגן, ווי קומט דער גרעסטער שטעטלשער אַפּיקורס צו פרומע לערנערלעך. זי האָט זיך אָבער געחידושט וואָס די ישיבה־ייִנגלעך באַהאַלטן ניט פון פרעמדן די בריוונשטעלער. זיי רינגלען אים נאָך אַרום מיט פריילעכע פּנימער, גיבן אים אָפּ די אויסגע־לייענטע ביכלעך און ער גיט זיי אַנדערע וואָס ער נעמט אַרויס פון זיין זעקל.

וועגן וואָס זיי שושקען זיך האָט סאַיע־עטל ניט געקענט הערן, זי האָט בלויז געזען אַז זיי האָבן צווישן זיך סודות. און גלייך ווי דער ׳פּאַקנטרעגער׳ איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן די לערנערלעך זיך ווידער אַוועקגעזעצט לייענען.

מאירקע איז מיטן אָפּגענומענעם פּעקל ביכער צוריקגעגאַנגען צו דער ביבליאָטעק און מיט הנאה זיך געריבן די שטעכיקע קינבאַק. נאָכן אַרויסוואַרפן אים און זיין חברה פון בית־מדרש, האָט ער פאַר די חברים אַנטוויקלט אַ פּלאַן ווי מען דאַרף די רעאַקציע באַקעמפן פון דרויסן און אויפרייסן פון אינעווייניק. ער האָט זיך באַקאַנט מיט די ייִנגערע ישיבהניקעס און גענומען פאַר זיי איבער־זאָגן אויף אויסנווייניק גאַנצע בלעטער גמרא מיט שאַרפע פּשטלעך וואָס ער האָט געדענקט פון אַמאָל. אַז ער האָט געזען ווי ער האָט דורך זיין חריפות און בקיאות געוואונען זייער ייִנגלשן צוטרוי, האָט ער זיי גענומען איבעררײדן צו לייענען ביכער. אַיי, די גמרא זאָגט דאָך, ווער עס לייענט ספרים־חיצונים פאַרלירט זיין עולם־הבא? ווייס מען פון דער גמרא און פון די אַרומיקע מפרשים, אַז דערמיט מיינט מען אַז מען טאָר די ספרים־חיצונים ניט לייענען פאַר אַ גרויסן ציבור און מען טאָר אויף זיי ניט האַרעווען ווי אויף די כתבי־הקודש. אָבער לייענען ביחידות מעג מען... און מאירקע האָט איבערגעגעבן זיינע חברים. „די קלויזניקעס גייען אויף דער ווענטקע."

ער האָט זיך אָבער גיך אַרומגעזען אַז די קליינע קלויזניקעס זיינען גרויסע פּחדנים און נאָך גרעסערע היפּאָקריטן. ער האָט געמיינט אַז נאָכן איבערלייענען אַ פּאָר ביכער וועלן זיי זיך צעלויפן פון בית־מדרש. זעט ער אַז ביינאַכט לייענען זיי טאַקע, נאָר בייטאָג זיצן זיי אין בית־מדרש איבער די גמרות און שאָקלען זיך. וואַרטן ביז אַ פּאָר בחורימלעך וועלן קאַליע ווערן און אַוועקוואַרפן לערנען, האָט מאירקע פאַדוואַל באַטראַכט פאַר אַ קנאַפּן נצחון. ער האָט געוואָלט ׳צעלייגן׳ די גאַנצע ישיבה מיטאַמאָל. כאָטש ער האָט די קלויזניקעס הייליק צוגעזאָגט, אַז קיין בן־אדם אין שטעטל וועט פון זייער לייענען ניט וויסן, האָט ער אַ וואונק געטאָן צו זיינע חברים אַז זיי מעגן דערציילן. יענע האָבן וועגן דעם גערעדט מיט די טאַטעס: די קהילה האָט זיך אָפּגעזאָגט שטיצן די ביבליאָטעק, ווייל ביכער פירן אַראָפּ פון פרומען וועג; די היגע ישיבה־בחורים קענען זיך גאַר־ניט אָפּרייסן פון די ביכער. מען האָט וועגן דעם איבערגערעדט אין בית־מדרש און בעלי־בתים זיינען געקומען צום ראש־ישיבה ר׳ מנחם־מענדל: סטייטש! יידן שניידן זיך די פינגער אויסצוהאַלטן די לערנער, איז אַנשטאָט זיצן על התורה ועל העבודה, לייענט מען טרייף־פּסולס?

ר׳ מנחם־מענדל האָט נאָך פריער באַמערקט, אַז די תלמידים פון זיין כיתה זיינען לעצטנס ניט צוגעגרייט צום שיעור און היטן בכלל ניט אָפּ דעם סדר אין ישיבה. האָט ער געטראַכט אַז שולדיק אין דעם איז קודם־כל דער מנהל,

ער קומט בכלל מער ניט אַריין אין בית־מדרש. אויסער דעם היט מען זומער־צייט ניט אָפּ דעם סדר אויך אין גרויסע ישיבות. אָט זיצן אין וואָלקעניק אויף דאַטשע די בעסטע בחורים פון דער מיר, קלעצק און ראַדין. האָבן די תּלמידים פון זיין כיתּה זיך פאַרקוקט אויף די גרויסע און אויך זיי בטלען. אָבער ווען ר׳ מנחם־מענדל האָט דערהערט אַז אין זיין ישיבה־קטנה האָט זיך גאָר אַריינגעכאַפּט די מגפה פון ספרי־מינים, איז ער געוואָרן אַ פאַרציטערטער. גלייך ווי די קוואַרטיראַנטן פון הכנסת־אורחים זיינען געקומען צום לערנען, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון בית־מדרש און איז מיט גיכע קליינינקע טריטעלעך אַוועק אין הכנסת־אורחים.

אין די נאָוואַרעדקער ישיבות איז אַן אָנגענומענע זאַך, אַז אַן עלטערער בעל־מוסר זאָל נישטערן אין קעסטל פון אַ ייִנגערן בחור, צי ער האַלט דאָרט ניט קיין טרייף־פּסול. מען כאַפּט אַפילו איבער בריוו, כדי זיך דערוויסן אויב דער תּלמיד קלאָגט זיך ניט פאַר די עלטערן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ ישיבה וואו מען לערנט צופיל מוסר, אַז ער קריגט אַ קליינע חלוקה, אַ שלעכטע סטאַנציע. דערוויסט זיך אַ בחור אַז מען עפנט זיינע בריוו און ער מאַכט אַ גוואַלד: ס׳איז דאָך בחדר״ג, אַ חרם פון רבינו גרשום ניט צו עפענען קיין פרעמדע בריוו! — ענטפערט אים געלאַסן דער מנהל אָדער דער ראש־הוועד. „להגדיל תורה מעג מען, מיר וויסן בעסער.״ בעת מנחם־מענדל סגל האָט בחורוויז געלערנט אין נאָוואַרעדאָק, האָט ער אַזאַ פּירונג ניט געקענט סובל זיין. דערפאַר האָבן שאַרפע בעלי־מוסר, פון אַ צמח לאַמזשערס שניט, אים געהאַלטן פאַר אַ בעל־הבתיש פרומען בחור מיט אַ השגה אַזוי זיך... איצט האָט ר׳ מנחם־מענדל אַליין געמוזט שפּיאָנירן זיינע תּלמידים.

סאַיע־עטל איז געשטאַנען אינמיטן שלאָפשטוב מיט אַ בעזעם און געקערט. ר׳ מנחם־מענדל האָט געוואוסט אַז די שמשטע איז אַן ערלעכע ייִדענע, האָט ער זי געפרעגט וואָס די קוואַרטיראַנטן טוען אין די אָוונטן. פון איר איבערגעשראָקענעם אויסזען און שווייגן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַלץ וואָס ער האָט געהערט וועגן זיינע תּלמידים איז אמת. „און מלכקע ווילנער?״ האָט ער געפרעגט. „ער לייענט פּיטיגרילי, דער גאַרטל פון צניעות, און אַנדערע דערציילונגען,״ האָט סאַיע־עטל אַ קריי געטאָן מיטן קול פון אַ בלעכענעם האָן און אַרויסגענומען דאָס ביכל פון אונטער מלכקעס קישעלע. ר׳ מנחם־מענדל האָט זיך געקרעקט מיטן משונהדיקן נאָמען: ווי זאָגט זי, פּי... פּיטי... פּיטיגרילי? נאָר אַזוי גיך ווי ער האָט אין ביכל איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות דאָ און אַ פּאָר שורות דאָרט, האָבן די האָר פון קאָפּ זיך אים געשטעלט קאַפּויער: דאָס איז דאָך אַפילו ניט קיין אַפּיקורסות, נייערט סתּם זנות, ניבול־פּה. און מלכקע לייענט עס? אויף

זיכער? יאָ, יאָ, דאָס איז דער בריוונשטעלער וואָס מלכקע לייענט, האָט די שמשטע מיטן בעזעם אין האַנט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ר׳ מנחם־מענדל האָט די שטיק מוקצה מחמת מאוס אַ וואָרף געטאָן אויף מלכקעס געלעגער און גענומען זוכן אונטער אַנדערע צוקאָפּנס. די אַנדערע לייענער זיינען געווען אָפּגעהיטער און ניט געהאַלטן קיין ביכער אונטער די קישע־לעך. דער ראש־ישיבה האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אַרויסגעשלעפּט קעסטלעך פון אונטער די געלעגערס. פון ערשטן קעסטל האָט ער אַרויסגעצויגן אַן אָפּגענוצט און צעשאָטן בוך, ווי להבדיל אַ סידור וואָס אַלע דאַוונען אין אים. ער האָט איבערגעלייענט דעם נאָמען ׳די ווילדע צילקע׳ און אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס. וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישע מעשה? ער האָט געהערט פון אַ ווילדער קאַטשקע; פון אַ ווילדער צילקע הערט ער דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. פון אונטערן צווייטן געלעגער האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ געפּלאָכטן קערבל אויף אַ הענגשלעסל. די שמשטע האָט אַ צעקלעמטע זיך צוגעקוקט ווי דער רבי דרייט דאָס שלעסל מיט זיינע בלייכע דאַרע פינגער און שטופּט דאָס קערבל צוריק אַרונטער אונטערן בעט, ער קען עס ניט עפענען. דערפאַר האָט ער פון אונטערן דריטן געלעגער אַרויסגעצויגן אַן אָפן לעדערן טשעמאָדאַנטשיקל, וואו סאַמע אויבנאויף איז געלעגן אַ גרויס דיק בוך אין רויטע טאָוולען, ׳די אָפּשטאַמונג פון מענטש׳. ר׳ מנחם־מענדל האָט אויפן שער־בלאַט און אויף די זייטן אינע־ווייניק דערזען צייכענונגען פון אַלערליי פייגל, עקדישן, מאַלפּעס, ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אַז דאָס מוז זיין פון יענע ביכער וואו מען שרייבט אַז דער מענטש שטאַמט פון אַ מאַלפּע. האָט ער דאָס בוך צוריק אַריינגעוואָרפן אין טשעמאָדאַנטשיקל מיט אַ פאַרקרימטער העוויה אויפן פּנים, ווי ער וואָלט אין האַנט געהאַלטן אַ נאַסן שרץ. באותו רגע האָט ער אין טשעמאָדאַנטשיקל דערזען ליגן נאָך אַ בוך. דער לייענער איז, קיין עין־הרע זאָל אים ניט שאַטן, אַ גרויסער שקדן, ער לייענט צוויי מיטאַמאָל, האָט ר׳ מנחם־מענדל קרום געשמייכלט. אָבער דער נאָמען פון בוך, ׳פּאָליטישע עקאָנאָמיע׳, האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. אַפּיקורסות און ניבול־פּה איז נאָך ווייניק, לייענט מען נאָך קאָמוניסטישע ביכער קעגן דער מלוכה. מער האָט דער ראש־ישיבה ניט געוואָלט זוכן, פאַר אים האָט שוין געקלעקט פאַרדראָס און בזיון.

ער איז שטיין געבליבן אינמיטן שלאָפשטוב ביים טיש און טרויעריק גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, מספּיד געווען די ספרים וואָס די בני־תורה האָבן געלאָזט ליגן פאַרשעמטע. ער האָט אַ בלעטער געטאָן אַ ווילנער ש״ס־גמרא, געצערטלט אַ קליין דין ספרל, דעם מסילת־ישרים, אויפגעהויבן אַ גרויסן חומש מיט רש״י — און ווידער דערזען אַ בוך. פון טאָוול, איבערגעצויגן מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועטן גרינלעכן לייוונט, האָט אויף אים געקוקט אַ מענטשעלע אין שפּאָקולן, מיט אַ

צוגעשאַרן בערדל. פון אַט דעם מחבר האָט ר׳ מנחם־מענדל יאָ געהערט. ס׳איז דאָך דער מענדעלע מוכר־ספרים, דער ראש־וראשון פון אַלע זשאַרגאָנישע שריי־בער, און די שטיק טרפות הייסט ׳די קליאַטשע׳. ר׳ מנחם־מענדל אַליין האָט אָט דעם וואָזשנעם חיבור קיינמאָל אין האַנט ניט געהאַלטן. ער האָט אָבער געהערט דערציילן, אַז דער מחבר איז דאָרט מחרף ומגדף קהל, רבנים, שיינע יידן — אַלעמען! און אָט דעם מענדעלע, שם רשעים ירקב, האַלט עס אַ נאָוואַ־רעדקער בן־תורה צוזאַמען מיט אַ מסילת־ישרים, מיט אַ גמרא און אַ חומש? און ווער פון די בני־תורה קען עס זיין דער קורא נכבד פון אַזאַ אַנטיקל? דער אַראַנער? דער פּאָדבראָדזער? צוריקגעשמועסט איז קיין חילוק ניט וועלכער תלמיד עס לייענט דעם ימח־שמוניק, וואָס פאַרגלייכט די כנסת־ישראל צו אַ קליאַטשע אַ פגירה, און ווער עס לייענט אַז דער מענטש שטאַמט פון אַ מאַלפּע, צי גלאָט אַ ביכל פול מיט ניבול־פה.

דער ראש־ישיבה איז אַרויס פון הכנסת־אורחים אומעטיק־פאַרטראַכט און אַזוי פאַמעלעך, ווי האַסטיק ער איז אַריינגעקומען. די אַלטע שמשטע איז געבליבן שטיין אינמיטן שלאַפשטוב, אַנגעשפּאַרט אויפן בעזעם, און פאַר די אויגן געזען דאָס גוטע אָרט. בעת די ביימער און הויכע גראָזן שושקען זיך דאָרט, ווייס סאַיע־עטל אַז די נפטרים גיבן זיך עס איבער וואָס אין שטעטל קומט פאָר, כאָטש קיינער קומט זיי ניט דערציילן. איצט שאָקלען זיך און שעפּטשען די הויכע גראָזן אויפן פעלד, אַז די לערנערלעך זייִנען אַראָפּ פון גלייכן וועג און אַז זייער רבי האָט פון דעם גרויסע יסורים.

פאַרנאַכט האָט ר׳ מנחם־מענדל באַדאַרפט זאָגן דעם שיעור פאַר זיין כיתה. אַנשטאָט אַרומריידן די סוגיא, האָט ער זיך לאַנג געשאָקלט אַן אויפגערעגטער און לסוף געפרעגט ביי די תלמידים: וואָס וואָלטן זיי געזאָגט וועגן איינעם וואָס עסט טרפות און בענטשט דערנאָך מיט גרויס כוונה ברכת־המזון? וואָס וואָלטן זיי געזאָגט וועגן איינעם וואָס פאַסט מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, נאָר עסט יום־כיפור? שרייען און פּאַטשן אין שטענדער איז ניט געווען אין ר׳ מנחם־מענדלס טבע. האָט ער גערעדט מיט אַ ציטערדיק קול און זיך געטרייסלט פון כעס, בלייך פון קלעמעניש: ווי שעמען זיך ניט בני־תורה לייענען ביכלעך, פול מיט כפירה און ניבול־פה, און דערנאָך לערנען גמרא, לערנען ספרי־מוסר. אויף אַ מינוט האָבן די תלמידים זיך פאַרלאָרן; באַלד זייִנען זיי צו זיך געקומען און געהאַט אַ גרייטן ענטפער: די דאַטשניקעס בני־תורה פון דער מיר, קלעצק און ראַדין לייענען פראַנק און פריי וואַרשעווער בלעטער און קיינער זאָגט זיי ניט קיין בייז וואָרט. ר׳ מנחם־מענדל האָט זיך געריכט אַז לכתחילה וועלן די תלמידים לייקענען שטיין און בייך, שפּעטער וועלן זיי זיך שלאָגן חטאתי. שרייען זיי גאָר אַז מען מעג, זיי זייִנען מטהר דעם שרץ.

„און וואָס זאָגסטו, מלכקע?" האָט זיך ר׳ מנחם־מענדל געווענדט צו זעלדע דער בלעכערקעס בן־יחידל, דעם אײדעלן לערנערל מיט די דאַרע פּלײצקעלעך, וואָס איז זיך געזעסן מיט אַ פֿאַרפֿרומט־עניוותדיקן אויסזען, ווי ער וואָלט צו דער חברה לײענער גאָר קײן שײכות ניט געהאַט. „דו ווילסט דאָך אויסוואַקסן אַ גאון און אַ צדיק, לײענסטו גאָר אײנעם אַ פּיטיגרילי, דער גאַרטל פֿון צניעות, און נאָך אַנדערע דערצײלונגען?"

„אין פּרקי־אבות שטײט דאָך, ודע מה שתשיב לאפּיקורוס," האָט מלכקע געענטפֿערט אויפֿן אָרט. „און וואָס צו ענטפֿערן אויף אַ קשיה אין דער גמרא ווײסטו שוין?" האָט ר׳ מנחם־מענדל אים מיט צוויי פֿינגער אַזוי אַ קניפּ געטאָן אין אָרעם אַז מלכקע האָט זיך פֿאַרקרימט פֿון ווײטאָג. „דו לײענסט ברודיקע ביכלעך און לײגסט נאָך אַרײן די טומאה אין דער טהרה, אַז דיר גײט אין לעבן צו וויסן ווי מען דאַרף ענטפֿערן אַן אַפּיקורס."

זיך צעווײנען ווי אַ קלײן ייִנגעלע האָט זעלדע דער בלעכערקעס בן־יחידל מער ניט געפּאַסט. האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און געלאָזט וויסן אַז ער פֿאָרט אַהײם. ר׳ מנחם־מענדל האָט זיך דערשראָקן ניט אויף קײן קאַטאָוועס, מלכקע זאָל טאַקע ניט אַוועקפֿאָרן און די אַנדערע זאָלן אים ניט נאָכטאָן. איז ער מער ניט באַשטאַנען אויף זײן כבוד פֿון אַ ראש־ישיבה און גענומען בעטן בײַ מלכקען מחילה. ר׳ מנחם־מענדל האָט געזען אַז פֿאַר אים האָבן די תּלמידים ניט קײן מורא און דרך־ארץ. ער מוז אַרײַנגײן צום רבס זון און אײדעם, די נאָוואַרעדקער גדולים, זײ זאָלן ראַטעווען די ישיבה.

## 4

### די ביכלעך זיינען נאָך ערגער פון די בנות מואב,

וואָס האָבן פאַרפירט די בני־ישראל אין מדבר. אָבער עס איז ניטאָ קיין קנאי, קיין פינחס וואָס זאָל זיך אָננעמען דעם כבוד התורה און אָפּהאַלטן די מגפה. האָט ר׳ מנחם־מענדל געטענהט צום רב. ר׳ מרדכי־אהרן שפירא האָט ניט פאַרטראָגן, אַז בעת ער עסט זאָל אַ פרעמדער אים אַריינקוקן אין די אויגן. דערצו נאָך האָט ער געגעסן קאַלטע פיש און געציטערט אַז אַ ביינדל זאָל זיך אים ניט שטעלן אין קעל.ביים טיש זיינען אויך געזעסן דער זון און איידעם אינאיינעם מיט די ווייבער — יונגע רביצנס מיט ווייס־אָפּגעקאַלכטע פּנימער. די בני־בית האָבן מיטגעציטערט מיטן טאַטן ער זאָל ניט אַראָפּשלינגען אַ פיש־ביינדל. צו אים, דעם נייעם וואַלקעניקער רב, איז דערגאַנגען אַז ר׳ הירשע גאָרדאָן, דער איידעם פון אַלטן רב, העצט די בעלי־בתים הלמאי ער מישט זיך ניט אין קריג מיט די ביבליאָטעקניקעס. ר׳ מרדכי־אהרן האָט זיך שוין פאַר־געשטעלט ווי ער בלייבט אָן חיונה. די קהילה וועט אים מער ניט צאָלן קיין שכירות, בעל־הביתטעס וועלן אויפהערן קויפן ביי זיין רביצן בענטש־ליכט אויף שבת און הייוון אויף חלה. ער וועט וויינען און קלאָגן אויפן טאָג וואָס ער האָט אויסגעביטן שישלעוויץ אויף וואַלקעניק. טאָמער איז אים נאָך ווייניק אַ הירשע גאָרדאָן אויף זיין קאָפּ, האָט נאָך צו אים טענות אַ מנחם־מענדל.

„ניט מיין עסק. דער מנהל ר׳ צמח אַטלאַס דאַרף זאָרגן פאַר דער ישיבה,״ האָט דער רב אַרומגעווישט מיט אַ סערוועטקע די קלעפּיקע פינגער.

ר׳ מנחם־מענדל האָט גענומען מאַנען ביים רבס זון און איידעם: זיי זיינען דאָך נאַוואַרעדקער מצדיקי־הרבים און פאַרן מחזק זיין ישיבות אין די שטעטלעך. פאַרוואָס זשע קומען זיי קיינמאָל ניט אַריין אין דער וואַלקעניקער ישיבה־קטנה זאָגן אַ שמועס, משפיע זיין אויף די תלמידים? „דער שווער האָט דאָך אייך שוין געענטפערט, אַז דער מנהל דאַרף זיך דערמיט פאַרנעמען, ניט מיר,״ האָט דעם רבס איידעם זיך אָפּגעטאָן מיטן גאַנצן אימפּעט פון זיינע ביינערדיקע פּלייצעס. ר׳ מנחם־מענדל האָט געוואַרט וואָס עס וועט ענטפערן דער בן־הרב, דער גרויסער נאַוואַרעדקער בעל־רעיון און כתבא־רבא. ר׳ סענדער שישלעווי־צער, מיטן קיילעכדיקן ראָזלעכן פּנים און שטענדיק־צעבליטן שמייכל אויף די פרישע ליפּן, האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס מאָל מוז ער עפּעס זאָגן. האָבן זיינע בולטע, כלומרשט קינדיש־פאַרוואונדערטע אויגן פּלוצעם אַ גלאַנץ געטאָן מיט אַ גלעזערנער שאַרפקייט און שאַרף איז אויך געוואָרן זיין קול: ער קען גאָרניט העלפן, נאַוואַרעדאָק האָט נאָך ניט פאַרגעסן וואָס ר׳ צמח אַטלאַס האָט בשעתו אָפּגעטאָן.

„אָבער ער איז דאָך שוין לאַנג אַ חוזר־בתשובה," האָט ר' מנחם־מענדל אויסגערופֿן און דערמאָנט אַ פּסוק פֿון נביא יחזקאל, אַז אַפֿילו דעם רשע גמור ווערן ניט פֿאַררעכנט זיינע פֿריערדיקע זינד, אויב ער האָט חרטה מיטן גאַנצן האַרצן. די צוויי שוואָגערס האָבן זיך איבערגעשמייכלט און גאָרניט געענטפֿערט. דער רב האָט געקוקט מיט רוגזה אויפֿן זון און איידעם נאָכסאָל זיי האָבן אָנגענומען פֿולע מיילער מיט שטומעניש. זיי האַלטן ניט פֿון מנהל, דאָך האָבן זיי מורא מיט אים אָנצוהייבן ווייל דער מחזה־אברהם איז אויף זיין זייט. און דער מחזה־אברהם, זאָגן זיי, איז ניט אַזאַ שטילער מענטש ווי ער זעט אויס.

„ר' אברהם־שעיה קאָסאָווער לאָזט דאָך אויף דעם ר' צמח אַטלאַס קיין שטויבעלע ניט פֿאַלן, ער האַלט דאָך מיט אים שטאָל און אייזן. טאָ גייט צו ר' אברהם־שעיה קאָסאָווער און דערציילט אים וואָס אין ישיבה קומט פֿאָר," האָט דער רב געשריען צו ר' מנחם־מענדלען. „און צו דעם ר' צמח אַטלאַס זאָלט איר זאָגן: ממה נפשך! ווייל ער בלייבן מנהל אויף ווייטער, דאַרף ער אַכטונג געבן אויף די תלמידים. ווייל ער אָבער בלייבן זיצן אין התבודדות אין דער קאַלטער שול, אָדער אין קהלשן בוידעם־שטיבל, טאָ זאָל ער זאָגן אַז ער איז מער ניט דער מנהל און מיר וועלן אויף זיין אָרט געפֿינען אַן אַנדערן, אפֿשר אַ בעסערן פֿון אים."

אין סמאָלאָרגיע איז ר' מנחם־מענדל ניט געגאַנגען, דער מחזה־אברהם האָט דאָך שוין איינמאָל פֿאַראיבל געהאָט פֿאַר זיין קומען זיך קלאָגן. איז וואָס וועט ער אויפֿטאָן מיטן קלאָגן זיך ווידעראַמאָל? ער וועט דעם מחזה־אברהם בלויז מבטל זיין פֿון לערנען און נאָך בלייבן דער בעל־לשון־הרע. אָבער צום מנהל וועט ער יאָ אַריינגיין און ריידן תכלית. ר' מנחם־מענדל האָט אויפֿגעזוכט זיין חבר אויף דער סטאַנציע אָוונט־צייט. ער האָט געעפֿנט די טיר אין מנהלס חדר און איז אַריין אין פֿינצטערניש. צמח איז געלעגן אויפֿן בעט אין די קליידער. דער בלוילעכער נאָכט־שיין האָט זיך געמינעט אויף זיין אָפּגעצערט פּנים, וואָס האָט אַרויסגעבלייכט פֿון דער פּעכיק־שוואַרצער צעוואָקסענער באָרד. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט און אַראָפּגעלאָזט די פֿיס פֿון בעט.

„פֿאַרוואָס צינדט איר ניט אָן קיין פֿייער? איר זייט, חלילה, ניט געזונט?" האָט ר' מנחם־מענדל געפֿרעגט. „געזונט, נאָר דאָס פֿייער שטערט מיר," האָט דער מנהל געענטפֿערט אומפֿריינדלעך. ר' מנחם־מענדל האָט געלאָזט די טיר האַלב אָפֿן, אין חדר זאָל פֿאַלן אַ ליכטיקייט פֿון דער צווייטער שטוב, זיך אַראָפּגעזעצט אין האַלב־טונקל אויף אַ שטול נאָענט צום אַריינגאַנג און גענומען דערציילן וואָס אין ישיבה טוט זיך. אַ ווייל איז צמח געזעסן אַן אויפֿגעטרייסלטער און געמורמלט. „די גאַנצע ישיבה האָט זיך אַריינגעלאָזט אין לייענען ביכער?" באַלד איז ער ווידער אַריינגעפֿאַלן אין זיין שטימונג פֿון אָנמאַכט.

„לעת־עתה בין איך אין אַזאַ מצב רוחני אַז איך קען גאָרניט טאָן."

„טאָ זאָגט זיך אָפּ!" איז ר' מנחם־מענדל אויפגעשפּרונגען פון שטול. „עד היום ווייס איך ניט וואָס מיט אייך האָט דאָ פּאַסירט. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אויב איר פילט זיך ניט מער בכוח אָנצופירן די ישיבה, זאָגט זיך אָפּ!"

„יאָ, יאָ, די ישיבה דאַרף האָבן אַ בעסערן מנהל ווי איך בין," האָט צמח צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מרה־שחורהדיק, ווי אַ דעקשנבער חולה־רוח. „אַז איר וועט זיך אָפּזאָגן, וועט מען זוכן און געפינען אַן אַנדער מנהל," האָט ר' מנחם־מענדל אויסגערופן און תמימותדיק־אָפנהאַרציק דערציילט פון זיין שמועס מיטן רבס קינדער. „מען וועט לאַנג ניט דאַרפן זוכן," האָט צמח אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אין קאַרגלעכער שיין פון דער צווייטער באַלויכטענער שטוב האָבן זיינע אויגן זיך צעפינקלט מיט שוואַרצן קויל. „ידעתי, גם ידעתי אַז דעם רבס זון און איידעם זיינען בעלנים איבערצונעמען מיין ישיבה. און וואָס נאָך האָבן זיי אייך וועגן מיר געזאָגט, סענדער שישלעוויצער און הערשל זשווירער?"

„קיינער האָט אייך אין בית־הרב, חלילה, ניט באַרעדט. פאַרקערט, דער רב האָט דערציילט אַז דער מחזה־אברהם איז אייער מליץ־יושר, לאָזט אויף אייך קיין שטויבעלע ניט פאַלן," האָט ר' מנחם־מענדל געענטפערט. אָבער מיט זיינע ערלעך־אַרויסגעפּרעפּלטע ווערטער האָט ער נאָך פאַרערגערט. „זייט איר, הייסט עס, מודה אַז סענדער שישלעוויצער און הערשל זשווירער זיינען געגאַנגען אין סמאַלאַרגיע ריידן קעגן מיר, אַלאָ דער מחזה־אברהם האָט זיך פאַר מיר איינגעשטעלט. ואנכי לא שמעתי בלתי היום אַז דער מחזה־אברהם איז מיר אַזאַ ידיד־נפש, אַז ער איז מיין מליץ־יושר," האָט צמח גערעדט מיט אַ בייז שפּאָטיש קול און פאַרשטופּט בײדע הענט צווישן די צונויפגעפּרעסטע קני וואָס האָבן אונטערגעציטערט. „איך פאַרשטיי וואָס אָט די צוויי שוואָגערס, מיינע אַמאָליקע חברים, זיינען אויסן! קענט איר זיי איבערגעבן אין מיין נאָמען אַז זיי וועלן מיך ניט ירשענען. איך האָב געגרינדעט די ישיבה, איך בין געווען און בלייב דאָ ראש־ישיבה און מנהל."

„אדרבא ואדרבא, בלייבט ערשטער ראש־ישיבה און מנהל! איר זאָלט נאָר צוריק אַריינקומען אין ישיבה זאָגן שמועסן אין מוסר און אַכטונג געבן אויף די תלמידים," האָט ר' מנחם־מענדל אויסגערופן. אָבער ווי ער האָט גענומען ריידן וועגן דער מלחמה וואָס מען דאַרף אָנפאַנגען מיט די ביכלעך, איז דער מנהל ווידער געבליבן אַפּהענטיק און נאָכאַמאָל געזאָגט, אַז אין זיין איצטיקן מצב־רוח קען ער גאָרניט אויפטאָן. „איז וואָס וועט זיין?" האָט ר' מנחם־מענדל געפרעגט און צמח האָט געענטפערט. „גאָרניט וועט זיין, די תלמידים וועלן אַזוי לאַנג לייענען די נאַרישע מעשיות, ביז דאָס וועט זיי מיאוס ווערן און זיי וועלן צוריקגיין צו די גמרות."

דער קליינוואוקסיקער און דאַרינקער ראש־ישיבה איז דורך דער שול־גאַס געגאַנגען צו זיין סטאַנציע מיט אַ פאַרטונקלטן מוח, ווי אין זיינע אויגן און קאָפּ וואָלט אַריינגעדרונגען גאָר דאָס חושכניש פון מנהלס צימער. אויסער ר׳ מנחם־מענדלס צרות אין ישיבה, הערט זיין ווייב ניט אויף זיך קלאָגן אין אירע בריוו צו אים, אַז זי קען מער ניט זיין אַליין, און ער בענקט מוראדיק נאָך זייער יינגעלע. אויך אויף דער סטאַנציע ביי ר׳ ליפע־יאָסען איז לעצטנס אַ גיהנום. די שוחטקע קריגט זיך מיטן מאַן אַ סך מער ווי פריער, און איר טאַטע ר׳ ליפע־יאָסע שרייט צום איידעם מיט ווילדן כעס אַז ער וועט ניט אויספירן. וואָס דער איידעם יודל וויל און וועט ניט אויספירן, הייבט ר׳ מנחם־מענדל ניט אָן צו וויסן. על־כל־פנים וועט ער די ישיבה אויף הפקר ניט איבערלאָזן און ניט צוריקפאָרן קיין ווילנע. ער וועט זאָגן אַ שיעור ווי לאַנג תלמידים וועלן אים קומען הערן. און צו די בעלי־בתים וועט ער זאָגן, ער האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקענט קעגן דער מגפה פון די ביכלעך. מער טאָן קען ער ניט.

יונגע ווייבלעך זיינען געזעסן אויף די גאַניקעס און זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב. די שוחטקע חנה־לאה איז אין אַ נאָווינע ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן און גייט אַרום צווישן שכנות מיט פאַרבראָכענע הענט: דאָס האַרץ זאָגט איר אַז דאָס מאָל וועט זי האָבן אַ יינגל און איר יודל שיקעוועט זיך צו זיין דער מוהל. האָבן ווייבער געלאַכט פון חנה־לאהס מורא, אַז איר מאַן דער שלימזל זאָל ניט פאַרשניידן דעם בן־זכר ווי ער מאַכט טריף אַ קעלבל. מערניט אין ר׳ מנחם־מענדל, דעם שוחטס קוואַרטיראַנט, האָט ניט געוואוסט הלמאי ר׳ ליפע־יאָסע און זיין טאָכטער גוואַלדעווען לעצטנס אויפן יינגערן שוחט, ווי ער האָט ניט פאַרשטאַנען פון וואָס די יידענעס אויף די גאַניקעס איז אַזוי גוט אויפן האַרצן אַז זיי לאַכן אָן אויפהער.

ביסלעכווייז זיינען די שטעטלשע זיך צעגאַנגען אין די שטיבער. אין בית־מדרש האָבן זיך געלאָשן די לאָמפּן, בעלי־בתים זיינען אַהיים געקומען פון לערנען. די בית־מדרש־פענצטער האָבן אויסגעזען ווי פאַרצויגענע מיט וואָלקנס צער. סוף חודש מנחם־אב נעמען בני־תורה אַריינקומען אין ישיבה אויך אין די אָוונטן, מתמידים פאַרזיצן ביז נאָך האַלבער נאַכט. איצט האָט די ישיבה געפּוס־טעוועט, אַ פינצטערניש האָט געהויערט אין אַלע ווינקעלעך. די תלמידים זיינען געזעסן אין די קוואַרטירן צי אין הכנסת־אורחים און געלייענט ביכער. אַנשטאָט אין דער נאַכט זאָל זיך הערן אַ קול־תורה, האָט פון די קוסטעס ביים ברעג טייך זיך געהערט אַ פאַרשייט געלעכטער, יעדע ווייל האָט אָפּגעהילכט אַ מיידלשער קוויטש. פאַרלעך פון דער ביבליאָטעק־חברה זיינען דאָרט געלעגן ווי ווילדע קאַטשקעס אין טשערעט. די אַלטע מצבות אויפן אַנדערן ברעג טייך האָבן זיך פאַרגראָבן טיפער אין גראָז און פינצטערניש, ניט צו הערן דאָס פאַרסודעטע

שושקעניש, דאָס אויסגעלאַסענע קושעניש און הונגעריקע מרוקעניש. די הויכע געוויקסן איבער די קעפּ פון די באַהאַלטענע בחורים און מיידלעך האָבן זיך מיטגעוויגט, תאווהדיק מיטגעפיבערט, דאָס וואַסער איז צוגעפאַלן צום ברעג מיט אַ שטילן געפּליעסק פון פאַרשטיקטער דורכגעציטערטער גלוסטעניש.

נאָך האַלבער נאַכט האָבן די פּאָרלעך געגומען אַרויסקריכן פון דער פאַר־וואַקסענער פאַרהוילעניש. יונגען און מוידן, אַרומגענומען ביי די טאַליעס אָדער ביי די אַקסל, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום מאַרק־פּלאַץ. זינט מען האָט די ביבליאָטעקניקעס שבת־נחמו אינדערפרי אַרויסגעוואָרפן פון בית־מדרש, איז אין שטעטל אומגעגאַנגען אַ ניי ווערטל, ר׳ הירשע גאָרדאָנס אויסגעשריי צו דן דוניעץ. „מדרשים זאָגסטו? און ציצית טראָגסטו?״ נאָך האַלבער נאַכט שטעלן זיך די ביבליאָטעק־שדים אויס אין אַ שורה אַנטקעגן ר׳ הירשעס מייערל, מאַירקע פּאָדוואַל טוט אַ פּאָכע מיט דער האַנט ווי מיט אַ שווערד, און די גאַנצע חברה לאָזט אַרויס אַ פּול־ברוסטיקן געשריי, ווי אַ פּאָלק סאָלדאַטן אויף אַ פּאַראַד.

ברוך אתה ד׳ אלוקינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מצות ציצית.

„ציצית!״ הילכט עס אָפּ איבערן פּוסטן מאַרק און צווישן די שטיבער, ווי ניט־גוטע וואָלטן דאָרט אַרומגעשפּרונגען. פון ערגעץ־וואו לויפט אָן אַ שטויבי־קער ווינט, כאַפּט אונטער דאָס געשריי און טראָגט זיך אַוועק איבערן שטעטל מיט אַ געפּילדער. „ציצית! ציצית!״ דער עכאָ צעפּאַלט זיך מיט אַ געשאַל און געקנאַל ביז אויף יענער זייט פון די הילצערנע בריקן. „ציצית! ציצית!״ ווי די טויטע וואָלטן זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ גוואַלד, אַז ס׳קומט די צייט פון תחית־המתים און מען זאָל זיי ברענגען אויפן בית־עולם טלית־קטנס מיט כשרע ציצית.

ר׳ הירשע גאָרדאָנס ווייב זעצט זיך אויף אויפן געלעגער אַ באַשלאָגענע מיט שוויס. יעדע נאַכט דערוואַרט זי די ווילדע קולות און ציטערט־אויף בעת זי דערהערט זיי. אויך ר׳ הירשע זיצט אויף זיין געלעגער און וואַרגט זיך פון כעס. מיט פאַרהוילענע קולות אין דער נאַכט קען ער זיך ניט ראַנגלען. די מופקרים ווערטלען זיך. „מדרשים זאָגסטו? און ציצית טראָגסטו?״ און אָט דאָס ווערטעלע האָט אַראָפּגעריסן זיין אָנזען צווישן מענטשן אַ סך מער ווי די מחלוקתן וואָס ער האָט יאָרנלאַנג געפירט מיט זיינע קעגנער. אַפילו בעלי־בתים חרדים שמייכלען אונטער די וואָנצעס פון נאַרישן גראַם וואָס האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט בשוגג, בעת ער האָט אַ געשריי געטאָן צום שייגעץ דן דוניעץ. ר׳ הירשע רייסט זיך די באָרד, קריצט מיט די ציין און ברומט אַריבער אין דער פינצטער צום ווייב.

„און דו ביסט נאָך באַשטאַנען אַז ביינוש זאָל בלייבן איבערן זומער אין שטעטל. אין קאַמעניעץ וואָלט ער געזעסן און געלערנט, דאָ דרייט ער זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס מיט זיין געשניצט שטעקעלע.״

דאָס ווייב וויל ניט אויפרעגן דעם מאַן נאָך מער, שווייגט זי און טראַכט אַז ער איז טאַקע אַ האַרטער ייד, ווי מענטשן זאָגן. ביינוש איז דאָך פון הירשעס ערשטער פרוי, זאָל זיין אָפּגעשיידט. פונדעסטוועגן באַהאַנדלט זי דעם שטיפזון ווי אַן אייגן קינד און האָט געזאָגט איר מיינונג, אַז וויבאַלד ביינושל איז געבליבן אין שטעטל אַ שטיק צייט נאָך פסח אַרויסצובאַגלייטן דעם זיידן, דעם אַלטן וואַלקעניקער רב, קיין ארץ־ישראל, טאָ זאָל ער שוין בלייבן איבערן גאַנצן זומער און קומען צו די כוחות. ער איז אַ שוואַך בחורל, אַ סך אָפּגעשלאָפּטער פון די אַנדערע לערנער וואָס זיצן אין וואַלקעניק אויף דאַטשע. איינמאָל אין לעבן האָט הירשע איר געפאָלגט, ערגערט ער זיך און שרייט. „יידענע, תורה דאַרף מען לערנען אין דער פרעמד, זיך וואַלגערן און ווערן אויסגעריסן, דעמאָלט איז די תורה ליב און טייער.‟

טשאַרנע ליגט אין איר מיידלשן קעמערל, דעם קאָפּ פאַרגראָבן אין קישן און וויינט. זי האָט דעם טאַטן שטאַרק ליב און איז שטענדיק גרויס ביי זיך וואָס אַלע אין שטעטל האָבן פאַר אים דרך־ארץ. מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געביטן, זי שעמט זיך אַ גאַס דורכצוגיין. אַפילו אַז זי קומט אַריין צו אַ חברטע, קריגן די שטוביקע פריילעכע פנימער און ס׳גלוסט זיך זיי לאַכן. ווען וואָס אַ קאָמפּאַניע בחורים זאָלן ניט ריידן, הייבן זיי אָן מיטן ווערטל. „מדרשים זאָגסטו ? און ציצית טראָגסטו ?‟ וויינט טשאַרנע אין קישן און טראַכט, אַז זי וועט אַנטלויפן פון וואַלקעניק וואו די אויגן וועלן זי טראָגן.

אויך איר שטיפברודער ביינוש קען אויפן געלעגער, אין ר׳ הירשעס ספרים־חדר, ניט אַנטשלאָפן ווערן. ער שרעקט זיך אַז דער טאַטע זאָל אונטערן ספרים־אַלמער ניט געפינען די באַהאַלטענע ביכער. אין די פרימסטע רבנישע שטיבער לייענען איצט די קינדער פראַנק און פריי, נאָר ער מוז זיך היטן ווי פאַר פייער. די ביכער ברענגט אים מאירקע פּאַדוואַל אין וואַלד וואו זיי טרעפן זיך. קיינער וועט וועגן דעם קיינמאָל ניט וויסן, מאירקע פּאַדוואַל האָט עס אים הייליק צוגעזאָגט. אָבער ווען זיי וועלן ווידעראַמאָל זיך טרעפן אין וואַלד וועט ער פאַר־לאַנגען, אַז די חברה פון ביבליאָטעק זאָל אויפהערן מאַכן סקאַנדאַלן אונטער זיין טאַטנס פענצטער. אויב ניט, וועט ער מער ניט באַרגן קיין ביכער.

# 5

**דאָס יידישע דאָרף דעקשנע** האָט געהאַט אַן אייגענעם שוחט, וואָס האָט מיט די ישובניקעס אויך געלערנט משניות אינדערפרי, עין־יעקב אויפדערנאַכט. דער שוחט איז געשטאָרבן און אויפנעמען אַ נייעם האָבן די ישובניקעס ניט געקענט באַהויפטן. האָבן זיי געשיקט קיין וואַלקעניק שעכטן אַן עוף אויף שבת, ווי זיי זיינען אַהינצו געגאַנגען פרייטאָג אין באָד און יום־טוב צום דאַווענען. אָבער די דעקשנער האָבן שטאַרק געבענקט נאָך אַ רבין וואָס זאָל אין די אָוונטן לערנען אַ פרק עין־יעקב, זיי זאָלן ניט פאַרזינקען אין אומעט, ווי זייערע אָנגעדונגענע קעסט־קינדער, די פאַרפאַלענע מרה־שחורהניקעס. איז דער קאָלאָניסט גבריאל לעווין געגאַנגען קיין וואַלקעניק און דערציילט דעם ישיבה־עסקן, דעם שניידער ר׳ ישראל, אַז ער וויל דינגען פאַר אַ רבין איינעם פון די ישיבה־בחורים. ר׳ ישראל האָט אים געעצהט ער זאָל זיך ווענדן צום עלטסטן בחור, יואל אוזדער. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָט יואל אוזדער זיך אָפגעזאָגט. ער האָט באַרעכנט אַז בעת ער וועט גיין צופוס דריי וויאָרסט קיין דעקשנע און דריי וויאָרסט צוריק פון דעקשנע, וועט ער בלתי ספק פאַרשטויבן די שיך, די הויזן, דאָס רעקל וגם דעם קאַפּעליוש. לוינט עס אים ניט. דעמאָלט האָט דער שניידער דעם קאָלאָניסט געעצהט, ער זאָל ריידן מיט שיע ליפּנישקער. ער איז אַ גוואַלד פון אַ לערנער, אַן עילוי, מערניט אַביסל אַ ווילדלעכער. גבריאל לעווין האָט דעם שניידער געענטפערט, אַז פאַר דעם וואָס דער עילוי איז אַ ווילדלעכער האָט ער קיין מורא ניט. ער האָט אַפילו קיין מורא ניט צו האַלטן ביי זיך די משוגענע עלקע קאָגאַן פון ניי־סווענציאַן. שיע ליפּנישקער האָט גלייך איינגעשטימט. אַ שפּאַן טאָן דריי וויאָרסט איז ביי אים אַ געלעכטער. און פאַר ביטול־תורה האָט ער אויך קיין מורא ניט, אונטערוועגס קען ער אויף אויסווייניק איבערחזרן אַ האַלבע מסכתא בבא־בתרא.

שיע האָט זיך ניט געקוואַפּעט אויפן פאַרדינסט, אויף זאָגן תורה האָט ער זיך געקוואַפּעט. ביי אים אין קאָפּ האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ וועלט מיט חידושים אויך אויף אגדתא. פאַרשרייבן האָט ער קיין געדולד ניט געהאַט, האָט ער די חידושים געוואָלט אויסלאָדן בעל־פּה. ער האָט אָבער גיך איינגעזען אַז די קאָלאָניסטן פאַרשטייען זיך ניט אויף זיינע אויפטוען. פונדעסטוועגן האָט ער צו זיי ניט געשריען: שוטה בן פּיקהאָלץ! יאָקל בן פלעקל! ווי צו די בחורימלעך אין וואַלקעניקער ישיבה. ער האָט זיך געפלייסט מסביר זיין אַ מעשה פון עין־יעקב פאַר די אַלטע בערדיקע תלמידים אַזוי קלאָר און געלאַסן ווי ער האָט געקענט. ביסלעכוויַיז האָט ער מיט די ישובניקעס זיך גוט איינגעלעבט און אויס־

גערוקט דעם אויפֿדערנאַכט, ווען ער וועט זיצן אין דעקשנער שולכל און געבן זיינע יידן צו פֿאַרשטיין אַ מאמר חז״ל. די דאָרפֿס־לייט פֿון זייער זייט האָבן אַ היפּשן טייל פֿון דעם עילויס רייד ניט פֿאַרשטאַנען. נאָר לויט זיין וואַרפֿן מיט די הענט, דרייען מיט די אויגן און בייסן דאָס שוואַרצע בערדל מיט די קרומ־לעכע ציין, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַז ער דאַרף זיין אַ וואויללערנער אַ צאַצקע. מען זעט בחוש אַז דער מוח טראָגט אים. האָבן זיי געהאַט פֿאַר אים גרויס אָפּשיי און אַוועקגעקוקט פֿון זיין צעפֿאָרענעם הילוך, פֿון זיין אַרומגיין מיט אַ האַנטעך אויפֿן האַלדז אַנשטאָט אַן איבערהעמד.

ער זאָל ניט דאַרפֿן גיין אין שטעטל הין און צוריק, איז דער ליפּנישקער געבליבן אין דאָרף דריי טעג נאָכאַנאַנד, מאָנטאָג, דינסטאָג און מיטוואָך. ער האָט געגעסן און געשלאָפֿן אין דער גערוימער דירה ביי גבריאל לעווין. דער קאָלאָ־ניסט לעווין האָט ניט געהאַט קיין קינדער און איז געווען אין אַ בעסערן מעמד פֿון די אַנדערע דעקשנער. ער האָט פֿאַרמאָגט מער ערד, אַ פּאָר בהמות, ביינ־שטאָקן, און די משפּחה פֿון זיין ניי־סוועניציאַנער פּאַציענטקע האָט פֿאַר איר געצאָלט הונדערט מיט פֿופֿציק זלאָטעס אַ חודש.

עלקע קאָגאַן פֿון ניי־סוועניציאַן איז קראַנק געוואָרן נאָך איר ערשטן קימפּעט. בעת זי האָט ניט געבושעוועט, האָט פֿון איר אַרויסגעשטראַלט אַ שטילע פֿרייד, אַ גוטסקייט. זי האָט דער בעל־הביתטע געהאָלפֿן אין אַלע שטוביקע אַרבעטן און איר פּנים האָט דערביי חנעוודיק געלויכטן, ווי ביי אַ ליבלעכער פּלימעניצע וואָס קומט צו גאַסט פֿון מרחקים. עלקע האָט זיך געשפּילט ווי אַ קינד מיט דער קאַץ אין שטוב, מיטן הונט אינדרויסן, זיי געצערטלט און גערעדט צו די שטוביקע בעלי־חיים ווי צו מענטשן. זי האָט דערמאָנט דעם בעל־הבית ער זאָל צוּוואַרפֿן היי פֿאַרן פֿערד, אַרויסטרייבן די קי אויף פּאַשע. בעת די בעל־הביתטע האָט געמאָלקן די בהמות אין שטאַל, איז עלקע געשטאַנען און זיך צוגעקוקט אַ באַגליקטע, די הענט פֿאַרלייגט אויפֿן פֿאַרטעך. אָבער גלייך ווי איר מאַן, דער ניי־סוועניציאַנער עקספּעדיטאָר קאָגאַן, איז אינאיינעם מיט זייער ייִנגל אַראָפּגע־קומען קיין דעקשנע, איז עלקע געוואָרן אַ פֿאַרביטענע. זי האָט זיך פֿאַררוקט אין אַ ווינקעלע און געקוקט אויף אירע באַזוכער מיט שטומען טויט־שרעק. און אַז דער מאַן האָט צוגעשטופּט צו איר זייער ייִנגל אַ ביסל בעענטער, האָט זי גענומען ציטערן מיטן גאַנצן גוף, ווי מען וואָלט צו איר אַריינגעלאָזט אַ שרעקלעך חיהלע וואָס וועט אויסזויגן דאָס בלוט פֿון אירע אָדערן. דער ניי־סוועניציאַנער עקספּעדיטאָר האָט נאָכדעם געהאַט טענות צום בעל־הבית פֿאַרוואָס ער האָט אים געשריבן אַז עלקע איז שוין נאָרמאַל ווי אַלע נאָרמאַלע. גבריאל לעווין האָט זיך פֿאַרענטפֿערט אַז ער האָט געשריבן דעם אמת, עלקע איז טאַקע לעצטנס געווען געזונט און רואיק ווי זיין אייגן ווייב.

דער מאַן מיטן ייִנגל זייַנען אַוועקגעפאָרן און די גוטמוטיקע קראַנקע איז געוואָרן די ווילדסטע משוגענע אין דעם דאָרף פון האַלב־פאַרגליווערטע מעלאַנכאָליקער. זי האָט אַזוי געבושעוועט אַז מען האָט זי געמוזט פאַרשפאַרן אין אַ חדר מיט אַ פאַרקראַטעוועטן פענצטער. עלקע האָט דעם צעשויבערטן קאָפּ אַרייַנגעשפּאַרט אין דער קראַטע און אַרויסגעגוואַלדעוועט אינדרויסן. „נעמט אַוועק פון מיר דעם ממזר! איך וויל ניט האָבן קיין קינד, ס'איז ניט מייַן קינד. איך בין נאָך אַ מיידל, אַ מיידל, איך בין ניט קיין הור.” און אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט זי שוין געיאָמערט. „מייַן קינד! מייַן ייִנגעלע! גזלנים האָבן מיך אָפּגעריסן פון מייַן קינד.” אַרום פענצטער האָבן זיך געקליבן די אַנדערע חולי־רוח און אַרויפגעקוקט ווי עלקע בייַסט מיט די ציין די קראַטע. אַ טייל מרה־שחורהניקעס האָבן שטום געגלאָצט, אַנדערע האָבן הויך געלאַכט. אָבער די מערסטע זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין אַ גרימצאָרן און געריטשעט איבערן דאָרף מיט אַלע כוחות, מען זאָל אַוועקנעמען די שרייַערקע, זי איז דאָך אַ משוגענע! אַ משוגענע!...

נאָך אַ פּאָר טעג ווילדעווען האָט זיך עלקע באַרואיקט און דורכן פענצטער געשמייכלט צום שוואַרצן הונט, וואָס האָט צו איר אַרויפגעקוקט מיט קלוגע, געטרייַע, רויט־פייַכטלעכע אויגן. און ווייל זי האָט דעם הונט ניט געקענט גלעטן איבערן רוקן, האָט זי געגלעט די אייַזנס פון דער קראַטע. עלקע האָט האַרציק אַרויסגעלאַכט און גערעדט צו די מרה־שחורהניקעס, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער דער דאָרפישער גאַס און מער אויף איר קיין אַכט ניט געלייגט. דער בעל־הבית האָט זי אַרויסגעלאָזט פון קראַנקן־קאַמער און זי איז ווידער געוואָרן די שטילע פרייַלעכע נשמה, אַ קליין ווייַבעלע מיט לעקעלעך פון אונטערן קאָפּטיכל און אַ גוטינקע ווי אַ באָבע. אַ יאָר שפּעטער איז דער מאַן מיטן אונטערגעוואַקסענעם ייִנגל ווידער געקומען אויף אַ באַזוך און אַלץ האָט זיך איבערגעחזרט אויפסניי. דער מאַן האָט אויפגעהערט קומען און זיך געמיט צו קריגן אַ היתר פון מאה רבנים, ער זאָל קענען נאָכאַמאָל חתונה האָבן, ווייל אַ משוגענע קען מען ניט גטן.

אַפילו אַ וועלטלעכער מענטש, אַ גאַסט אין דאָרף, וואָלט זיך ניט אָנגעשטויסן אַז דאָס ווייַבעלע ביי גבריאל לעווין אין הויז איז אַ קראַנקע, אַפּשיטאַ שיִע ליפּנישקער וואָס האָט אויף נשים ניט געקוקט. אָבער עלקע האָט אויפן יונגן רבין יאָ געקוקט און געזען ווי ער שלינגט אין דעם מאָלצייט אין אַ פּאָר מינוט. זי האָט אויך געהערט ווי ער טענהט זיך אויס מיטן בעל־הבית הלמאי אין דעקשנער שולכל זייַנען ניטאָ געבוג ספרים. ער קען זיך ניט באַגיין אָן ספרים קיין איין מינוט, האָט עלקעלע געטראַכט אַ דערפרייטע, אַן אַנטציקטע, און אַוועקגעשטעלט אין זייַן שלאָפשטיבל אַן עמער וואַסער, אַ שיסל און אַ

קופּערנע קוואַרט, ער זאָל אינדערפרי ניט דאַרפן גיין פיר איילן אַן נעגל־וואַסער. און אַז שיע האָט אויף זיין שטייגער דורכגעשטורעמט פון איין חדר אין אַנדערן, האָט אים עלקע אָפּגעטראָטן דעם וועג און זיך צורעכט געמאַכט אויפן קאָפּ דאָס טיכל, ווי זי טוט פרייטאָג־צונאַכט בעת דער בעל־הבית מאַכט קידוש.

פונקט ווי די קראַנקע פאַרהאַלטן יעדן פרעמדן, האָבן זיי די ערשטע צייט פאַרהאַלטן אויך דעם ישיבה־בחור און איטלעכער האָט אים פאַרטרויט אַ משפחה־סוד, אָדער זיך געקלאָגט אויף די עוולות וואָס די וועלט האָט אים אָפּגעטאָן. שיע האָט פאַר די חולי־רוח געציטערט און די קאַלאַניסטן האָבן אים כסדר געמוזט באַרואיקן, אַז די קראַנקע רירן ניט אָן קיין פליג אויף דער וואַנט. שפּעטער האָבן די פּאַציענטן זיך אויף אים ניט אומגעקוקט מער ווי אויף די אַנדערע הימישע. זיי זיינען געשטאַנען פאַרשטומט און פאַרגלאָצט אויףביידע זייטן פון דער לאַנגער דאַרפישער גאַס, און דער ישיבה־בחור האָט זיך געטראָגן צווישן זיי מיטן אימפּעט פון אַ האַסטיקן שטראָם צווישן ברעגן, פאַרוואַקסן מיט געדיכט־פאַרפלאָנטערטע און אָפּגעשטאַרבענע פלאַנצן. בלויז איין מטורף, וואָלף קרישקי, האָט דעם ליפּנישקער אַ לאַנגע צייט ניט אָפּגעלאָזט.

דער רייכער בעל־הבית פון אַ שטעטל ערגעץ אין פּוילן האָט געהאַט אַ משוגעת, ניט איבערצולאָזן אויף אַ מינוט דעם גאַנצן שטויס פון זיינע אַלטע אָפּגעטראָגענע מלבושים זינט יאָרצענדלינגער. פון שרעק מען זאָל ביי אים ניט צוגנבענען אַ שמאַטע, האָט ער דעם גרויסן פּאַק מיטגעשלעפּט פון חדר צו חדר, צום טיש ביים עסן, אין בית־הכסא, אינדרויסן ביים שפּאַצירן, אין בית־מדרש, אומעטום וואו ער איז געגאַנגען. וואָלף קרישקי איז געווען אַ מיטל־וואוקסיקער און ברייטפּלייציקער, מיט וואָנצעס ווי אַ באַרשט, מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, וואָס איז דורך אַלע יאָרן אין דעקשנע ניט גרוי געוואָרן, און מיט אַ פּאָר לוסטיקע לצנישע אויגן פון אונטער שווערע אַראָפּגעהאַנגענע ברעמען — לחלוטין ניט ענלעך צו די אַנדערע פּאַציענטן, די פאַרגליווערטע שאָטנס.

שטענדיק ווען שיע ליפּנישקער איז אַרונטער פון גבריאל לעווינס הויז האָט אויף אים געוואַרט וואָלף קרישקי, מיטן פּאַק שמאַטעס ביי די פיס, און אים געפרעגט די זעלבע שאלה פאַרוואָס ער האָט ניט חתונה. דער עילוי האָט פון די קרומלעכע ציין אַרויסגעלאָזט דאָס צעקייטע בערדל, געגלאָצט אויפן פרעגער און זיך אַליין געחידושט: טאַקע פאַרוואָס האָט ער ניט חתונה? וואָלף קרישקי האָט אים כיטרע צוגעוואונקען מיט אַן אייגל: ווי געפעלט אים עפּעס עלקעלע? זי איז אַ פריש ווייבעלע ווי אַ וואַרעם קעלבעלע. אין עילוי׳ס מוח האָבן זיך אַ מיש געטאָן די הונדערטער בלעטער גמרא וואָס ער דאַרף נאָך איבערחזרן און ער האָט דעם שוטה בן פּיקהאָלץ געוואָלט אָפּזידלען פון קאָפּ ביז די פיס הלמאי ער איז אים מבטל פון לערנען. גראָד אין דער מינוט האָט וואָלף קרישקי אים

אַ פרעג געטאָן מיט חשד, צי ער וויל ביי אים ניט אַוועקשלעפּן אַ מלבוש. שיע ליפּנישקער האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ חסר־דעה און פאַרשוויגן. עטלעכע מאָל האָט וואָלף קרישקי אים געפרעגט, צי גבריאל לעווין מיט זיין יידענע זיינען אין שטוב, אָדער עלקעלע איז אַליין, אינגאַנצן אַליין? שיע האָט עס אויסגעטייטשט אַז דער חולה־רוח האָט מורא, גבריאל לעווין זאָל ביי אים ניט גנבענען פון באַרג שמאַטעס. האָט ער אים באַרואיקט אַז דער בעל־הבית מיט דער בעל־הביתטע זיינען אין פעלד ביי דער אַרבעט, און די עלקעלע איז אַליין, אינגאַנצן אַליין. שיע ליפּנישקער האָט שוין געהאַט באַמערקט אין שטוב די אשה און זיך געוואונדערט וואָס זי רעדט צו דער קאַץ ווי צו אַ לעבעדיקן בר־נש. „פּוסט־און־פּאַסטניצע, אַנשטאָט ליגן ביי די לעכער און כאַפּן מייז, גייסט אַוועק אויף גאַנצע טעג שפּאַצירן."

נאָך אַ צייט האָט אויך דער שמאַטע־קלייבער אויפגעהערט אָפּוואַרטן דעם ליפּנישקער, קיינער האָט זיך אויפן עילוי מער ניט אומגעקוקט און ער איז געווען פון דעם שטאַרק צופרידן. איז אים זייער געפעלן דאָס זיצן גאַנצע טעג אַליין אין דעקשנער בית־מדרשל און לערנען אָן איבעררייס. אויך מיט די נייטיקע ספרים האָט ער זיך אַן עצה געגעבן. ער האָט זיי אויסגעליען פון וואַלקעניקער בית־מדרש און צוריקגעבראַכט נאָכן דורכקוקן. אין שיעס מוח איז אויפגעקומען אַ פּלאַן, אַז אַנשטאָט קומען קיין דעקשנע בלויז אויף דריי טעג אין דער וואָך, זאָל ער זיך אַהין אַריבערקלייבן אינגאַנצן. אין וואַלקעניקער ישיבה גייט אים אַוועק אַ סך צייט אין ניוועץ. ער קען ניט אָפּיאָגן פון זיך די תלמידים וואָס פרעגן אים קשיות און ער מוז דריי מאָל אין טאָג גיין אין קיך עסן. אָבער דעם ערשטן מאָנטאָג נאָך ראש־חודש אלול, בעת שיע איז געקומען אין דאָרף און געוואָלט שמועסן מיטן בעל־הבית וועגן זיך באַזעצן אין דעקשנע לגמרי, איז ער פאַרציטערט געוואָרן פון ווילדע געשרייען, עלקע האָט ווידער געבושעוועט, אַ פאַרשפּאַרטע אין פאַרקראַטעוועטן קאַמער.

דער ישיבה־בחור זאָל זיך ניט שרעקן צו זיין מיט אַ משוגענער אונטער איין דאַך, האָט דער בעל־הבית קיינמאָל פריער וועגן עלקע קאָגאַן מיט אים ניט גערעדט. איצט האָט גבריאל לעווין דעם לערנער דערציילט ווער ס'איז זיין פּאַציענטקע און אין וואָס עס באַשטייט איר משוגעת. נאָר שוין באַלד אַ יאָר ווי זי איז רואיק און געזונט ווי אַלע געזונטע. פּלוצעם, דעם פאַרגאַנגענעם פרייטאָג פאַרטאָג, האָבן אים מיט זיין ווייב אויפגעוועקט ווילדע גוואַלדן. זיי האָבן עלקען געפונען זיך וואַלגערן אויף דער ערד, זיך שלאָגן מיט די פויסטן אין בויך און שרייען מיט באַנומענע קולות, אַז זי וויל ניט האָבן דעם ממזר, זי וויל ניט האָבן קיין קינד. עלקע איז שוואַנגער. אָבער ווער האָט עס געקענט טאָן? זיכער ניט עמעצער פון די עלטערע דאָרפישע בעלי־בתים און אַוודאי ניט

איינער פון די לעבעדיק־באַגראָבענע קראַנקע, וואָס געפינען זיך דאָ צענדליגער יאָרן. פון איר אַליין קען מען גאָרניט דערגיין, זי געדענקט גאָרניט, אויסער אַז זי איז שוואַנגער. דעם איינציקן ווען זי האָט אָנגערופן ביים נאָמען און שילט מיט טויטע קללות איז איר מאַן, וואָס איז אין דעקשנע ניט געווען איבער אַ יאָר צייט.

דער קאַלאָניסט גבריאל לעווין האָט געדינט אין סאָלדאַטן ביים רוסישן קייסער און אים איז געבליבן די רגילות צו טראָגן דאָס היטל אַ ביסל אָן אַ זייט. לויט זיין וואוקס און געשטעל האָט זיך געקענט דאַכטן אַז ער איז ניט קיין צו־אָפּגעהיטער ייד. אָבער דעקשנער און וואָלקעניקער בעלי־בתים האָבן געוואוסט אַז גבריאל איז ערלעך און פרום. זיין איינציקע טענה קעגן הימל איז, פאַרוואָס ער האָט ניט קיין קינדער, דערפאַר ליגט אים שטענדיק אויפן פּנים אַן אומעט. גבריאל האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט אין זיין שטוב געזוכט דעם שולדיקן. „איז ווער האָט עס פאַרט געטאָן? סיידן איך אַליין," האָט ער מיטביידע הענט געוויזן אויף זיך און איז שטיין געבליבן אָפּהענטיק, מיטן פאַרשטאַרטן אויסזען פון אַ דעקשנער מרה־שחורהניק.

„משוגעע מיינע שונאים! ביסט געדירט פון זינען?" האָט דאָס ווייב אַ געשריי געטאָן און אויך זי איז שטיין געבליבן אָן לשון אַנטקעגן ישיבה־בחור, וואָס האָט פון זיין זייט געקוקט אויפן בעל־הבית מיט דער בעל־הביתטע אַ שטום־דערשראָקענער.

אויפדערנאַכט האָט דער מנין דעקשנער יידן ניט געהאַט קיין געמיט צו לערנען עין־יעקב. גבריאל לעווין און די אַנדערע קאַלאָניסטן זיינען געזעסן אין בית־מדרשל אַרום טיש און זיך געבראָכן די קעפּ, ווער ס'האָט געקענט אָפּטאָן די נבלה. זיי האָבן אָבער גאָרניט געקענט צוטראַכטן און געמאָנט ביים יונגן רבין: ער איז דאָך אַ סך מאָל געבליבן אין שטוב, בעת דער בעל־הבית און די בעל־הביתטע זיינען אַוועק אין פעלד צו דער אַרבעט, האָט ער קיינמאָל ניט באַמערקט עמעצן אַריינקומען? ניט גבריאל לעווין און ניט די אַנדערע דעקשנער האָבן געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער יונגער רבי קען דאָ זיין דער שולדיקער. דעם ליפּנישקער אַליין איז נאָך ווייניקער פון אַלעמען געקומען אויפן געדאַנק, אַז מען קען אים חושד זיין מיט אַן אשת־איש וואָס איז נאָך דערצו אַ משוגענע. נאָר וויפל ער האָט ניט אָנגעשטרענגט דעם עילוי'שן קאָפּ האָט ער זיך גאָרניט געקענט דערמאָנען. אים, דעם חריף און בקי, האָט דאָך ניט געקענט איינפאַלן, אַז דער שמאַטע־קלייבער וואָלף קרישקי, וואָס האָט אים שטענדיק אָפּגעוואָרט אינדרויסן און געפרעגט צי די בעלי־בתים זיינען דאָ אין שטוב, אַז אָט דער מטורף זאָל אַריינקומען צו עלקען גלייך ווי ער, שיע, גייט אַוועק אין בית־מדרש.

די דעקשנער זיינען נאָך לאַנג געזעסן אַרום טיש אין שולכל און זיך געאַמפּערט וואָס מען דאַרף טאָן. איין צד האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף די גאַנצע זאַך איבערגעבן דער וואַלקעניקער גמינע, מען זאָל די שוואַנגערע צונעמען אין פּאָוויאַטאָוון שפּיטאָל און דורכפירן אַן אָפּעראַציע. בעסער אַלץ אַליין דערציילן, איידער מען זאָל דאַרפן ציטערן פאַר אַ מסירה. דער צווייטער צד האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף דעם סקאַנדאַל פאַרשטיקן און טאָן בשתיקה אַלץ וואָס מוז געטאָן ווערן, כדי די קראַנקע זאָל ניט האָבן דאָס קינד. טאָמער דערוויסט זיך די גמינע, וועט אַראָפּקומען אַ קאָמיסיע, פּאָליציי, די מעשה וועט דערגיין צו די קרובים פון די פּאַציענטן און זיי וועלן זאָגן: אויב דעקשנע קען אַפילו ניט פאַרהיטן פון אַ שוואַנגערשאַפט, איז ווער ווייס וואָס דאָרט קען זיך נאָך טרעפן. די צאָלער וועלן אָפּנעמען זייערע קראַנקע און דער ישוב וועט בלייבן אָן ברויט. די קאָלאָ־ניסטן האָבן צונויפגערוקט די קעפּ איבערן טיש און זיך געאַמפּערט אינדערשטיל, ווי אין שרעק פאַר די ווענט פון בית־מדרשל, און זייער רבי, דער ישיבה־בחור, האָט זיך שווייגנדיק צוגעהערט.

די גאַנצע נאַכט ביי גבריאל לעווין אין שטוב האָט שיע ליפּנישקער ניט געקענט צומאַכן קיין אויג, אַזוי שטאַרק האָט די פאַרשפּאַרטע געגוואַלדעוועט. דינסטאָג אינדערפרי האָט שיע געזאָגט דעם בעל־הבית אַז ער גייט צוריק אין שטעטל. מען האָט מיט אים געהאַט אָפּגערעדט וועגן די זומער־חדשים, תמוז און אָב. אין אלול זיינען צייטנווייז שלעכטע וועטערן און מען קען ניט גיין צופוס אַזאַ מהלך. פונדעסטוועגן וואָלט ער דאָ נאָך געבליבן, די וועטערן זיינען דערווייל גוט און אים געפעלן די היגע יידן. ער האָט אַפילו געטראַכט וועגן באַזעצן זיך אין דעקשנע מיט אַלעמען, אין וואַלקעניק האָט ער צופיל ביטול־תורה. איצט אָבער וועט ער אין דאַרף האָבן נאָך מער ביטול־תורה. ניט ער קען אַריבערטראָגן דער קראַנקערס גוואַלדן און ניט די בעלי־בתים האָבן איצט אינזינען דאָס לערנען. וועט ער צוריקגיין אין שטעטל.

גבריאל לעווין האָט ניט דערוואַרט אַזאַ אומגעריכטע צעשיידונג. אים האָט אַפילו פאַרדראָסן הלמאי דער לערנער, וואָס האָט ביי אים געלעבט צוויי חדשים אויפן שענסטן און בעסטן, לאָזט אים איבער בעת אַ צרה. דאָך האָט דער קאָלאָניסט אינאיינעם מיטן ווייב אַרויסבאַגלייט דעם ישיבה־בחור אויפן גאַניק און זיך מיט אים וואַרעם צעזעגנט. שיע איז אַרונטער פון די טרעפּלעך מיטן פּאַק ספרים אונטערן אָרעם. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אַ געיאָמער.

„חתן מיינער, וואו לויפסטו?"

דאָס האָט געשריען עלקע קאַגאַן. ערשט דעמאָלט האָט שיע ליפּנישקער גענומען לויפן צווישן די פעלדער אויף אַן אמת, ביז ער איז דערלאָפן צום וואַלקעניקער בית־מדרש און זיך גלייך אַרויפגעוואָרפן אויף דער גמרא, צו

פאַרטויבן מיטן ניגון פון לערנען דאָס געשריי פון דער משוגענער וואָס האָט אים נאָך געהילכט אין די אויערן. אָבער באַלד האָט זיך צו אים צוגעשאַרט ר׳ מנחם־מענדל און אים געפרעגט פאַרוואָס ער איז דאָס מאָל פון דעקשנע צוריקגעקומען דינסטאָג און ניט דאָנערשטאָג. „פאַרענדיקט דעם זמן,״ האָט שיע אַ בורטשע געטאָן. ער האָט ניט געוואָלט פטרן קיין צייט איבערצודערציילן די גאַנצע געשיכטע און זיינע שיקלדיקע אויגן האָבן אַ שפּרונג געטאָן פון רש״י צו תוספות, ווי דער אמורא ריש־לקיש פון דער גמרא איז אַריבערגעשפּרונגען פון איין טייכברעג צום צווייטן. ר׳ מנחם־מענדל האָט געפילט אַז ער מוז זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, ווי אין פסוק שטייט, דאגה בלב איש ישיחנה. „ליפּניש־קער, אין ישיבה איז אַ חורבן. צווישן די בני־תורה איז אַריין די מגפה פון לייענען ביכער און קיינער פּרוּווט אַפילו ניט די מגפה אָפּהאַלטן.״

אַרום צוועלף בייטאָג, ווען דער בית־מדרש איז שטענדיק געפּאַקט, האָבן איצט איבער די גמרות זיך געוויגט איינציקע תלמידים, ווי איינציקע זאַנגען אויף אַן אָפּגעשניטענעם קאָרנפעלד. אַ רגע האָבן דעם עילויס קאַסאָקלעכע אויגן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די פּוסטע בענק און מיטאַמאָל האָט ער גענומען שפּריצן מיט שוים, ריידן דיבורים וואָס ר׳ מנחם־מענדל האָט למחצה ניט פאַרשטאַנען: וואָס וויל מען פון זיין לעבן? דאָרט משוגעים און דאָ משוגעים. פון דעקשנע האָט ער געמוזט אַנטלויפן איבער אַ צעמישטער מעוברתער אשת־איש, און צווישן די וואַלקעניקער כותלי בית־מדרש איז אַריין די צעמישונג פון ספרי־מינים. אַ צעדרייטע וועלט! אַ וועלט פון מטורפים! און שיע ליפּנישקער האָט גענומען זופן פון דער גמרא, ווי אַ פאַרברענטער פון דאָרשט זופט פון אַ צעבער וואַסער. ר׳ מנחם־מענדל האָט זיך שטיל פון אים אָפּגערוקט און געטראַכט מיט קנאה אַז דעם עילוי איז גוט, ער טראָגט פאַר דער ישיבה קיין אחריות ניט.

# 6

מאירקע פאָדוואַל פון פאַנאַשישאָק האָט געוואָרפן אַן אויג אויף די צוויי עלטסטע ישיבה־בחורים, אויפן אוזדער און ליפּנישקער. ער האָט איינמאָל אָנגעיאָגט דעם אוזדער אויף זיין שפּאַציר לענג־אויס דעם ברעג פון דער מערעטשאַנקע און גענומען מיט אים איינטענהן, אַ בחור אין שידוכים מוז היינטיקע צייטן זיין אַ באַלעזענער. יואל האָט געקנייטשט מיטן שטערן אַרויפצו און אַראָפּצו, ווי בעת ער איז זיך מיישב צי ער זאָל געבן אַ הלוואה, און געענטפערט. „לייענט איר פאַר מיר איבער די ביכלעך און זאָגט מיר איבער בקיצור נמרץ וואָס דאָרט שטייט געשריבן.“ פאָדוואַל האָט דעם ישיבה־בחור געגעבן צו פאַרשטיין אַז דער עיקר איז דער סגנון, ניט דער עצם סיפור־המעשה. דעריבער מוז ער אַליין לייענען, זיין צוקונפטיקע כלה זאָל זען ווי אינטעליגענט ער איז. האָט אים דער פאַרזעסענער קלויזניק געענטפערט אַז ער זוכט ניט קיין באַלעזענע כלה, ביי אים איז עס גאָר אַ חסרון. „און וואָס אַ דועל איז ווייסט איר?“ האָט ער זיך שטייף אויסגעדרייט צום עצה־געבער.

„אַ דועל?“ האָט מאירקע אָנגעקוקט דעם בטלן, וואָס שטעקט נאָך אין דער פעאָדאַלער ראָמאַנטיק. „אַ דועל הייסט ווען צוויי מאַנסבילן שיסן זיך מיט פּיסטאָלעטן, אָדער שלאָגן זיך מיט שווערדן איבער אַ מיידל.“

„זעט איר! כאָטש איך לייען ניט, ווייס איך וואויל וועגן וואָס עס רעדט זיך אין אייערע ראָמאַנען,“ האָט יואל אויסגערופן מיט נצחון און אַלע קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן זיך אויסגעגלעט. „ווילט איר אַז איך זאָל מבטל זיין פון לערנען, כדי צו לייענען געשיכטעס וועגן יונגעלייט וואָס שטעכן זיך ווי רוצחים איבער אַ נקבה?“

אַ טיפּש, האָט מאירקע געטראַכט. אויב ער זאָל אַפילו אָט דעם אַלטן נאַרישן בחור מאַכן פאַר אַ לייענער פון ביכער, וועט ער אויך ניט אַוועקגיין פון ישיבה, ווי ס׳גייען ניט אַוועק די קוואַרטיראַנטן פון הכנסת־אורחים. גאַנץ וואַלקעניק ווייס שוין אַז די ישיבה־בחורים לייענען טרייף־פּסולס, דאָך קוועטשן זיי ווייטער די באַנק. אַ נצחון וואָלט געווען אַריינצושלעפּן דעם ליפּנישקער עילוי. ער איז אַ שטיק משוגענער און אַ ווילדער פּרומאַק, וואָלט ער מיט דער גאַנצער התמדה זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די ביכער — און אויס מיטן לערנען. וואַלקעניק וואָלט זיך איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פּיס אַרויף. נאָר ווי קומט מען צו אים צו? דריי טעג אין דער וואָך געפינט ער זיך אין דעקשנע און די אַנדערע טעג זיצט ער פון אינדערפרי ביז שפּעט אויפדערנאַכט אין וואַלקעניקער בית־מדרש. אַריינגיין צו אים אין בית־מדרש, בעת דאָרט דרייען זיך אַרום בעלי־

בתים און דער ראש־ישיבה מנחם־מענדל סגל, האָט מאירקע ניט געוואָלט. ערשט נאָכן ליפּנישקערס צוריקקומען פון דעקשנע מיט אַלעמען, בעת ער איז אין אַ פּרימאָרגן געלאָפן ווי אַ לאָקאָמאָטיוו פון קיך צוריק צום לערנען, האָט אים מאירקע באַמערקט און געטומען נאָכגיין. קיינער פון די אַנדערע ישיבה־בחורים איז נאָך ניט צוריקגעקומען פון עסן און די אָפּגעדאַוונטע בעלי־בתים זיינען זיך שוין צעגאַנגען פון בית־מדרש.

פּאַדוואַל האָט נאָך געדענקט פּשטלעך פון דער צייט ווען מען האָט אים פּאַרויסגעזאָגט, אַז ער וועט הייסן 'דער פּאַנאַשישאָקער עילוי'. האָט ער פּאַרן ליפּנישקער עילוי געזאָגט אַ שטיקל תורה, פאַרענטפערט מיט איין תירוץ דריי קשיות אין בבא־קמא, בבא־מציעא און בבא־בתרא. שיִע איז געוואוינט געווען אַז דאַטשניקעס פון דער מיר, קלעצק און ראַדין זאָלן אַריינקומען שמועסן מיט אים אין לערנען, נאָר אָט דער פּשטל־זאָגער האָט ניט אויסגעזען ווי אַ בן־תורה און זיין עצם אויפטו האָט געפּאַסט פאַר אַ יינגל. האָט שיִע אַ גוואַלדעווע געטאָן. „פּיפּערנאָטער, וואָס פּלוידערסטו!" און אין איין מינוט צעריסן יענעמס יינגלשן פּילפּול אויף די דריי 'בבאס', ווי ער וואָלט מיט די קרומע נעגל צעפּיצלט די קישקעלעך פון אַ הון, וואָס אַ יידענע האָט געבראַכט אויף פרעגן אַ שאלה. פּאַדוואַל האָט אָנגעשטעלט אַ פּנים אַז ער איז נבהל־ונשתומם.

„פּלאי־פּלאים! מיט אַזאַ גאונישן מוח וואָלט איר איינס און צוויי געקענט ווערן אַ פּראָפעסאָר. איר דאַרפט אָבער אַ ביסל זיך צולערנען לימודי־חול און לייענען ביכער."

שיִעס שיקלדיקע שוואַרצאַפּלען זיינען געקראָכן פון די וויסלען און די ציטער־דיקע וויסלען זיינען געקראָכן פון די אויגן־לעכער. אַן אַריבערגעבויגענער איבערן שטענדער מיט דער גמרא, האָט ער מיט די וויַיז־פינגער פון ביידע הענט געטיקעט אויפן מסית־ומדיח. „דו! דו! דו! איצט ווייס איך פון וועמען די דעקשנער משוגענע איז מעוברת. פון דיר איז זי מעוברת! וויבאַלד דו קענסט איבעררייִדן בני־תורה זיי זאָלן לייענען אַפּיקורסישע ביכלעך, קענסטו אויך מאנס זיין אַ נערה המאורסה ביום הכיפּורים! ביסטו עס דער יעניקער וואָס האָט בועל געווען די משוגענע אשת־איש. דו ביסט עס דער חובל ומזיק, דו ביסט עס דער שור שנגח. טפו זאָלסטו ווערן!" האָט שיִע אים אַ כראַקע געטאָן גלייך אין פּרצוף.

דער פאַרגלושעטער און צעמישטער מאירקע האָט אַרומגעווישט דאָס שפּייעכץ פון פאַרליאַפּעטן פּנים און זיך אַרומגעקוקט מיט טויטע אויגן, ווי ער וואָלט געזוכט אַן אייזן צו דערהרגענען דעם משוגענעם הונט. נאָר זיין כעס האָט אים ניט בלינד געמאַכט, ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַ געשלעג לוינט אים ניט. דער ישיבה־בחור איז שטאַרקער און ווילדער פון אים. „וועסט נאָך ביי

מיר ווינען,״ האָט ער אַ צישע געטאָן און איז אַרויס פון בית־מדרש, איידער די קלויזניקעס באַוויזן צוריקצוקומען פון פרישטיק.

ער איז געגאַנגען דורכן שטעטל מיט די הענט אין די קעשענעס און קאַלטע טריט, ווי ער וואָלט שפּאַצירט. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן אַז אים זעצט אין די שלייפן ווי מיט האַמערס: וואָס דאַרף ער טאָן דעם הונט אָפּצוצאָלן? אינאיינעם מיט חברה אים אונטערשלאָגן די אויגן, אונטערהאַקן די זייטן, אָפּרייסן אַ לונג — וואָלט ניט שלעכט געווען. אָבער אַז ער וועט עס דערציילן די חברים וועלן זיי נאָך פון אים לאַכן: ווער האָט דיר געהייסן אָנהייבן מיט אַ באָרוועסן? פאַרגעס וועגן אים! מאירקע האָט ניט געהאַט קיין טבע צו פאַרגעסן. ער האָט כלי־קודש און פרומאַקעס נאָך פיינט געהאַט פון דער צייט ווען ער האָט זיך געוואַלגערט אין וואַלקעניקער בית־מדרש און געגעסן טעג. וועט ער דעם ליפּנישקער אַוודאי פאַרגעדענקען און אָנלערנען. ער דאַרף נאָר רואיק באַטראַכטן וואָס ער האָט צו טאָן און קיינעם ניט זאָגן אַז יענער האָט אים אָפּגעכראַקעט.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די געסלעך, געטראָפן חברים, אַריין אין אַ פּאָר שטיבער, אומעטום האָט ער געהערט די זעלבע מעשה: אין דעקשנע האָט פאַרשוואַנגערט די קראַנקע עלקע קאָגאַן פון ניי־סווענציאַן און קיינער ווייס ניט פון וועמען. מאירקע פּאָדוואַל האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרשפּיצטע אויערן און שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער ליפּנישקער האָט צו אים געשריען, אַז וויבאַלד ער רעדט־אָן בני־תורה צו לייענען ביכער, איז ער געוויס דער זעלבער וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער משוגענער אין דאָרף. ביי אַ פאַרלייזיקטן קלויזניק מיט אַ פאַרדרייטן מוח לייגט זיך עס אויפן שכל.

אין אָוונט איז מאירקע אַריין צו די לערנער אין הכנסת־אורחים, ער האָט געוואָלט וויסן ווער פון דער באַנדע איז שוין גרייט אַוועקצוואַרפן די ישיבה. אָבער די ישיבהניקעס זיינען דאָס מאָל אים ניט אַנטקעגנגעלאָפן מיט פרייד און נייגער נאָך נייע ביכער. זיי האָבן אים גאָר אָנגעקוקט ברוגז און געפרעגט מיט ניט־באַהאַלטענעם פאַרדאַכט: ווער האָט אין וואַלקעניק צעפּויקט אַז זיי לייענען ביכער? זיי האָבן דאָך מיט אים אָפּגערעדט, קיינער זאָל וועגן דעם ניט וויסן. פּאָדוואַל האָט קאַלטבלוטיק געצויגן מיט די אַקסל: ער האָט קיין אַנונג ניט ווער ס׳האָט דאָס צעפּויקט און זיי דאַרף עס אויך ניט אַרן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז סוף זמן און זיי צעפאָרן זיך אין די היימען. דעם קומענדיקן זמן וועלן זיי בלייבן אויף די ערטער און אַוועקגיין אַרבעטן. זיי וועלן זיך בילדן און מאַכן באַוואוסטזיניק אויך אַנדערע, אַז אין אַ צייט פון אָרגאַניזירטן קלאַסנקאַמף טאָר קיינער ניט בלייבן אויף יענער זייט פון דער באַריקאַדע. איז וואָס קימערט זיי אויב מען ווייס אין וואַלקעניק אַז זיי לייענען ביכער?

די חברים פון ביבליאָטעק האָבן מאירקען פאַרויסגעזאָגט, זיין פּראָפּאַגאַנדע צווישן די קלויזניקעס וועט גאָרניט אויפטאָן. איצט האָט ער איינגעזען, די חברים זיינען גערעכט. די קוואַרטיראַנטן פון הכנסת־אורחים זיינען אים גע־שפּרונגען אין פּנים: זיי רעכענען גאָרניט אַנדערש ווי צוריקצוקומען אויפן נייעם זמן אין ישיבה! מלכקע ווילנער האָט געזאָגט, ס'איז בכלל די העכסטע צייט אויפצוהערן לייענען ביכלעך. ס'איז אָנהייב אלול, און אין אלול טוט מען אין נאָוואַרעדאָק אויף אַניאָגן העכער אין רוחניות. דער פּאָדבראָדזער האָט געזאָגט, ער וואָלט אויך אין אלול געלייענט. במה דברים אמורים? דאָס זאָל בלייבן אַ סוד. וויבאַלד אָבער ס'איז געוואָרן מפורסם, איז ניט כדאי אַז איבער ביכלעך זאָל דער ראש־ישיבה ר' מנחם־מענדל ווינען בדמעות שליש, אַז מען מאַכט חרוב די ישיבה. „ס'גייט נאָך צו ערגער," האָט זיך אָפּגערופן דער אַראַנער און דערציילט, אַז שיע ליפּנישקער איז היינט אומגעריכט צוריקגעקומען פון דעקשנע איבער אַ מעשה וואָס דאָרט האָט געטראָפן ביי זיין בעל־הבית גבריאל לעווין, וואו ער האָט געוואוינט. אין קיך ביים עסן האָט שיע ליפּנישקער געמאַכט די יינגערע מיט דער בלאָטע צוגלייך און געסטראַשעט צו צערייסן איטלעך ביכל וואָס ער וועט געפינען ביי אַ בן־תורה.

„שיע ליפּנישקער האָט אין דעקשנע געוואוינט ביי גבריאל לעווין?" זיינען מאירקע פאָדוואַלס אויגן געוואָרן טונקעלער. „און פאַרוואָס איז ער אַוועק פון דאָרט? וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער צו דער משוגענער וואָס האָט פאַרשוואַנ־גערט?" דער אַראַנער האָט געענטפערט, אַז דער גבריאל לעווין און די אַנדערע דעקשנער יידן זיינען פאַרנומען מיט זייער צרה, האָבן זיי איצט ניט דעם קאָפּ צום לערנען. פון וועמען די חולנית איז מעוברת ווייס מען ניט. למאי נפקא־מינה? ביי אַלע תלמידים וואָס שלאָפן אין הכנסת־אורחים איז געבליבן: קיין נייע ביכער דערווייל ניט נעמען.

„גוט, איך וועל אַן אַנדערש מאָל אַריינגיין אָפּנעמען די ביכער וואָס ליגן ביי אייך," האָט מאירקע פאָדוואָל אַרויסגעאיילט פון הכנסת־אורחים. אויף יענער זייט טיר אינדרויסן איז געשטאַנען סאָיע־עטל מיט אַ בעזעם אין דער האַנט. די שמשטע און פעלד־יידענע, וואָס קיינער האָט קיינמאָל פון איר קיין הויך וואָרט ניט געהערט, האָט איצט געקוויטשעט און געפאָכעט מיטן בעזעם.

„אַוועק פאַרשוק, ביסט אַ יוקס! דו פירסט אַראָפּ יידישע קינדער פון וועג!"

מאירקע האָט גיך פאַרבייגעשפּאַנט. אים פעלט נאָך אויס מען זאָל זיך דערוויסן, אַז אויסער וואָס דער ישיבה־בחור האָט היינט אויף אים אַ כראַקע געטאָן, האָט נאָך די קברנטע זיך אויף אים פאַרמאָסטן מיטן בעזעם. ער האָט געזען ווי זיין גאַנצער אויפטו צעפאַלט זיך און חברה וועט נאָך פון אים לאַכן. איצט אָבער

גייט צו בעסער, איצט וועט ער אויפרייסן די גאַנצע ישיבה מיט איינמאָל און אָנלערנען דעם משוגענעם הונט.

אין איינציקן גרויסן פּירקאַנטיקן צימער פון דער ביבליאָטעק זיינען אַ צענדליגג פּאַרלעך געזעסן אויף אַ באַנק לענג־אויס דער נאַקעטער וואַנט פון קלעצער, מיט מאָך און גראָז אין די שפּאַלטן, און זיך צוגעהערט צו אַ רעפעראַט. דער לאַנגער משה אָקון איז געשטאַנען אויף דער בינע און גערעדט וועגן דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע: מען וויל אונדז איינריידן, אַז די פראַנצייזישע רעוואָ־לוציע איז געוואָרן אויסגעפאָכטן אין קאָנווענט, וואו דער ׳באַרג׳, אָנגעפירט פון דאַנטאָן, און די דעפּוטאַטן פון די יאַקאָבינער־קלובן, אָנגעפירט פון ראָבעספּיער, האָבן אינאיינעם באַזיגט די זשיראָנדיסטן. אין דער אמתן איז די פראַנצייזישע רעוואָלוציע געוואָרן פאַרויסגעשטויסן פון די פאָלקס־מאַסן און פון די קאָמונעס אויף די פּאַריזער פּאַרשטעט, אָנגעפירט פון גרויסן טריבון מאַראַט, וועמען די היסטאָריקער פון דער בורזשואַזיע האָבן אומזיסט און אומגישט באַשולדיקט אין אַכזריות. דאָס אַלץ האָט קלאָר דערוויזן פּיאָטר קראָפּאָטקין, וואָס זיינע ווערק געפינען זיך אין וואָלקעניקער פאָלקס־ביבליאָטעק. די בחורים און די מיידלעך האָבן אַריבערגעקוקט צו די פּאָליצעס ביכער, וואו עס געפינט זיך אָט דער פּיאָטר קראָפּאָטקין, און נאָכדעם האָבן זיי ווידער געקוקט אויף משה אָקון מיט די אַרויסגעזעצטע אויגן פון אַ פיש אויף דער יבשה. חברה האָט געוואָלט זיך אַרויסלאָזן צום וואַסער־ברעג מיט די הויכע קוסטעס. דער רעפערענט האָט זיך דערמיט ניט גערעכנט און ווייטער גערעדט סאַרקאַסטיש וועגן די בורזשואַזע היסטאָריקער, ביז אין ביבליאָטעק איז אַריינגעקומען מאירקע פּאַדוואַל און אַלע צוהערער האָבן אויסגעדרייט צו אים די קעפּ ווי צו אַן אויסלייזער.

„אַ נייס אין שטעטל! אַ היגער קלויזניק, מען רופט אים שיע ליפּנישקער, אַ צעדרייטער, האָט דורכן זומער געלעבט אין דעקשנע און דאָרט צוגעשטעלט אַ בייכל אַ קראַנקער פרוי. זי איז שוואַנגער.״

די חברה האָט פון דער דעקשנער געשיכטע שוין געהערט, נאָר ניט אַז דאָס האָט געטאָן אַ ישיבה־בחור. „ס׳איז אמת, מאירקע, אָדער דאָס איז איינע פון די שטיקלעך וואָס דו האָסט ליב אַרויסצוואַרפן?״ פּאַדוואַל האָט געלאַכט אַז די גאַנצע מעשה גייט אים אָן ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי. ער דערציילט בלויז איבער וואָס מען רעדט אין שטעטל. דעקשנער קאָלאָניסטן זיינען גרויסע פּרומאַקעס. פונדעסטוועגן זיינען זיי זיכער, אַז די פּאַציענטקע עלקע קאַגאַן איז שוואַנגער פון קלויזניק. ער האָט מיט די קאָלאָניסטן געלערנט תורה און גע־וואוינט ביי גבריאל לעווין, וואו אויך די קראַנקע האָט געוואוינט.

אויף מאָרגן האָט מען וועגן דעם שוין גערעדט אין די שטיבער און אויפן מאַרק. מיט אַ טאָג פריער האָט מען נאָך רחמנות געהאַט אויף דער קראַנקער,

מען האָט זיך אויך געזאָרגט פאַר גבריאל לעווין און די אַנדערע דעקשנער יידן, וואָס קענען פאַרלירן זייער חיונה און נאָך האָבן צרות פון דער מאַכט. אָבער דער קלאַנג אַז דאָס זאָל האָבן געטאָן דער עילוי, דער גרעסטער מתמיד און פרומסטער בחור פון ישיבה, האָט אַלעמען אַזוי פאַרכאַפּט אַז מען האָט מער ניט געטראַכט פון די געליטענע. דאָס גערייד וועגן שולדיקן האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שושקעניש, ביז מען האָט גענומען ריידן אויפן קול, מיט שפּאָט און בייזער פריילעכקייט. שיינע בעלי־בתים האָבן זיך פון דער מעשה אָפּגעטרייסלט און זיינען מיט פאַרשוואַרצטע פּנימער אַוועק צום איידעם פון אַלטן רב. „אַ נייס דאָס איז אַז אַן עם־הארץ האָט פיינט אַ תלמיד־חכם און אַז אַ משכיל פאַרטראָגט ניט קיין פרומען ייד?״ האָט ר׳ הירשע גאָרדאָן געענטפערט מיט אַ צעפייערטער צורה פון אַ קופּערנעם לייב. „גייט אַרויס איבער דער שטאָט און שרייט קאַראַאול, אַז מען האָט אויף אַ גרויסן בן־תורה געמאַכט אַן עלילת־דם!״ געשטאַרקט פון ר׳ הירשעס ווערטער, זיינען די בית־מדרש־יידן אַרויס מיט אַ געשריי קעגן די יידישע בילבול־מאַכער וואָס זיינען נאָך ערגער פון די שונאי־ישראל. וועלכע דעקשנער האָבן עס געזאָגט אַז שולדיק איז דער ישיבה־בחור? און ווער פון די וואַלקעניקער האָט עס אַליין געהערט פון די דעקשנער?

„אַז מען קלינגט אין קלויסטער איז אַ חגא,״ האָבן די מאַרק־הענדלער געענטפערט און אַ גאַנצע חברה האָט אַוועקגעשפּאַנט קיין דעקשנע. דערזען אַ וואַלקעניקער קאָמפּאַניע אַריינגיין צו גבריאלן, האָבן קאָלאָניסטן פאַרשטאַנען אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער פּאַציענטקע און איז בוגע דעם גאַנצן דאָרף. זיינען זיי אויך אַריין צום שכן. די וואַלקעניקער מאַרק־לייט האָבן גערעדט וואויל־יונגעריש און היימיש. „וואָס מאַכסטו, גבריאל? האַלט זיך, גבריאל. וואָס הערט זיך ביי עלקען, זי בושעוועט נאָך?״ און די ניט־געבעטענע באַזוכער האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגעקומען מאַכן אַ טאָלק צווישן צעקריגטע גוטע־ברידער.

דעם בעל־הבית זיינען ניט געפעלן די אורחים וואָס מישן זיך אין פרעמדע געשעפטן. האָט ער געענטפערט קאַלטלעך אַז עלקע האָט מער קיין כוח ניט צו בושעווען. אַ יונג אין גאַליפע־הויזן מיט אַ פעלענעם אונטערנייעכץ צווישן די קני, האָט ברייט צעשטעלט די באַשטיוולטע פיס און פונקט אַזוי ברייט אַ זאָג געטאָן. „גבריאל, אין וואַלקעניק דערציילט מען אין דיין נאָמען, אַז דאָס האָט געטאָן דער ישיבה־בחור וואָס האָט געוואוינט ביי דיר.״ דער בעל־הבית האָט זיך געטאָן אַ שטעל־אויף אַ דערצאָרנטער. „איך האָב עס קיינמאָל ניט געזאָגט!״ אַלע אַרום טיש האָבן געוואַרט אַז ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן. אָבער דער בעל־הבית איז פּלוצעם אַנטשוויגן געוואָרן און געקוקט אַ דערשראָקענער אויף די דעקשנער קאָלאָניסטן, וואָס האָבן אויף אים צוריקגעקוקט אויך דערשראָקענע, ווי דער

פרעמדער וואָלט אַרויסגעזאָגט וואָס ס׳האָט זיי, די היימישע ישובניקעס, איבּ־דערשטיל געפּייניקט. „גבריאל, גיב לשון,״ האָט דער זעלבער געקומענער מאַרק־הענדלער פאַררוקט די הענט אין די געהאַקטע קעשענעס פון זיין בורקע.

דעם בעל־הבית האָט זיך געדאַכט, אַז די וואַלקעניקער הענדלער קוקן אויף אים מיט גלאַנציק־פעטע אויגן און פאַרקוועטשטע שמייכלען אין די מויל־ווינקלען. ביי אָט די פּראָסטע חי־וקימס איז רעכט, אַז אויב דאָס האָט ניט געטאָן דער ישיבה־בחור, האָט עס געטאָן ער, גבריאל. זיין ווייב איז אַן אַלטע יידענע, און עלקעלע, אַז זי איז רואיק, איז נאָך אַ יונג, שיין און געמיטלעך ווייבעלע. דעם בעל־הבית האָט עס נאָכאַמאָל אַ הייב־געטאָן פון אָרט אַרויסצוטרייבן די באַנדע וואָס איז געקומען אים פאַרצאַפּן בלוט. ער האָט זיך אָבער גלייך באַ־דענקט, מער פעלט אים ניט מען זאָל נאָך זאָגן, זיין קוואַרטיראַנטקע איז שוואַנגער פון אים. גבריאל האָט צעגומען די הענט און זיך מודה געווען, אים האָט טאַקע געוואונדערט הלמאי דער ישיבה־בחור איז אַוועק פון דעקשנע גלייך ווי דאָס אומגליק איז געשען. איך קען ניט אַריבערטראָגן אירע גוואַלדן, האָט דער ישיבה־בחור געזאָגט. איז ווער ווייס?

אויך די אַנדערע דעקשנער האָבן מיט די פאַרפאַרצעוועטע האַרטע פינגער געטאַפּט די שיטערע סיווע בערד, ווי מען טאַפּט פאַרצויגענע לישייעס, און אַריינגערעדט אין טיש: אַז דער יונגערמאַן איז אַ גרויסער וואויללערנער, דאָס זעט מען גלייך. מערניט איין זאַך פאַרשטייען זיי ניט. בעת דער בעל־הבית און בעל־הביתטע זיינען אַוועק אין פעלד צו דער אַרבעט איז ער דאָך געבליבן אין שטוב, איז ווי האָט ער עס קיינמאָל ניט באַמערקט ווער עס קומט אַריין און גייט אַרויס? מען האָט עס אים געפרעגט, האָט ער געענטפערט אַז ער ווייס ניט און איז גלייך אויף מאָרגן אינדערפרי אַוועק פון דעקשנע. ס׳האָט זיך אַריינגעמישט די גבריאליכע, אַ געבויגענע יידענע, הויט אוןביינער: צי דער יונגער רבי איז שולדיק ווייס זי ניט, מערניט איין זאַך קומט איר אויס מאָדנע. זי און גבריאל זיינען אַרויס אויפן גאַניק באַגלייטן דעם יונגן רבין, האָט אים עלקע דערזען דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל און געגומען נאָכשרייען: חתן מיינער, וואו לויפסטו?

„קינדערלעך, ס׳איז אויף דער האַנט אַז דאָס איז דעם ישיבה־בחורס אַרבעט,״ האָט אַ וואַלקעניקער אויסגעצויגן אַ דלאָניע, ברייט ווי אַ לאָפּעטע, און די אורחים האָבן זיך אויפגעשטעלט: מען ווייס שוין אַלץ! זיי זיינען צוריקגעקומען אין שטעטל און דערציילט, אַז דער אמת שווימט אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער. דער איינפאַל ווי דער צעדרייטער עילוי שפּילט אַ געהיימע ליבע מיט דער משוגענער איז אַלעמען שטאַרק געפעלן און מען האָט געחוזקט פון בינטל צעטומלטע בעלי־בתים, וואָס גלייבן ניט אַז דאָס האָט געטאָן דער ישיבה־בחור.

„אַזאַ שטיק גאָלד זאָלן מיר האָבן וואָס פאַר אַ גרויסן יצר־הרע דער לערנער האָט. וואָסי, זיין נשמה איז אַ ראַזשינקע?“

# 7

**דער ליפנישקער עילוי** האָט געזעצן ווי מען טייטלט אויף אים מיט די פינגער און מען שרייט אים נאָך. „חתן מיינער, וואו לויפסטו?“ איז ער ניט טויט ניט לעבעדיק אַריינגעפאַלן אין בית־מדרש און זיך באַהאַלטן הינטער דער גמרא. פאַרוואָס עפּעס לאַכט מען אָפּ פון אים מיטן לשון ווי ס'האָט אים נאָכגעשריען די משוגענע? דער ראש־ישיבה ר' מנחם־מענדל איז צוגעקומען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אים איבערגעגעבן, אַז דער רב בעט אים גלייך אַריינקומען. שיע ליפנישקער האָט געזעצן אַז אַלע בני־תורה אין בית־מדרש האָבן אויסגעדרייט צו אים די קעפּ, ווי ר' מנחם־מענדל וואָלט גערעדט אויף אין זייער נאָמען. דער עילוי האָט קיינמאָל פריער מיטן רב ניט געהאַט צו טאָן און דאָס האַרץ האָט אים ניט אָנגעזאָגט קיין גוטס. „וואָס וויל פון מיר דער רב?“ האָט ער געפרעגט מיט אַ ציטער אין קול און אין די קני. „דער רב וועט אייך שוין זאָגן,“ האָט ר' מנחם־מענדל געמורמלט און שיע איז אים נאָכגעגאַנגען צום בית־הרב מיט אַן אויסזען ווי מען וואָלט אים געפירט אין שעכטהויז.

די דאַטשניקעס בני־תורה זיינען אויף אלול צוריקגעפאָרן אין די ישיבות און אויך דעם רבס קינדער זיינען אַוועקגעפאָרן. אָן דעם זון און איידעם לעבן זיך, האָט דעם רב נאָך שטאַרקער געעגבערט הלמאי ער איז אַריין אין אַ שטעטל וואָס באָדט זיך אין מחלוקת. ר' הירשע גאָרדאָן האָט אים געשיקט זאָגן, אַז אויב ער וועט אויך דאָס מאָל מורא האָבן פאַר קהל און זיך ניט איינשטעלן פאַרן בן־תורה, וואָס מען האָט אויף אים געמאַכט אַ בילבול, וועט דער צד פון די חדרים פאַרפירן מיטן רב אַ קריג, ביז ער וועט מוזן עוקר זיין פון וואָלקעניק. דעם ליפנישקערס תמעוואַטקייט האָט דעם רב נאָך מער אויפגערייצט, ער איז אויפגעשפּרונגען אש־להבה. זיין גוף, דין ווי אַ נעדעלע, די שפּיציקע פּלייצעס און געדיכטע באָרד האָבן זיך געטרייסלט פון כעס: נישיים זשע איז דער יונגער־מאַן אַזאַ שוטה און בטלן, אַז ער ווייס ניט וואָס מען רעדט וועגן אים בראש כל חוצות? סוף־כל־סוף האָט שיע פאַרשטאַנען אין וואָס מען איז אים חושד. האָט ער אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און זיך גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ.

„ליאַרעמט ניט!“ האָט ר' מרדכי־אהרן שפּירא זיך פאַרשטעלט מיט ביידע הענט די אויערן; ער האָט פיינט געהאַט אַז אַ יידענע רייסט זיך די האָר פון

קאָפּ, אַפּשיטא אַ מאַנסביל. „איך בין אײַך ניט חושד און פֿאַר מיר דאַרפֿט איר זיך ניט פֿאַרענטפֿערן. זייט שבת פּרי מעכב די קריאה און שווערט בײַ דער ספר־תורה, אַז מען האָט אויף אײַך געמאַכט אַ בילבול. איר זאָלט אַפֿילו זײַן דער צדיק־הדור דאַרפֿט איר על־פּי־דין אַראָפּנעמען פֿון זיך דעם שם־רע. צו די בעלי־בתים רעדט, צום המון, צו די פּראָסטאַקעס, ניט צו מיר, ניט צו מיר," האָט זיך דער רב געטרייסלט און געקרימט. אויך ר' מנחם־מענדל האָט זיך אַרײַנגעמישט מיט אַ געבראָכן קול און אויסגעמוטשעט פּנים.

„קיין שום אמתער בן־תורה איז אײַך, ר' שיע, חס ושלום, ניט חושד, נאָר שטאָט זאָל זיך ניט צוהערן צו די מלשינים און צו פֿאַרהיטן פֿון אַ מוראדיקן חילול־השם, דאַרפֿט איר שבת אינדערפֿרי אין בית־מדרש שווערן, אַז איר זייט חף מפשע. והייתם נקיים מהשם ומישראל. אַזוי וואָלט איך געטאָן."

דער שמועס אין בית־הרב איז פֿאָרגעקומען פֿרײַטאָג פֿאַר האַלבן טאָג. דעם ליפּנישקער האָט שוין קיין געדולד ניט געקלעקט צו וואַרטן ביז אויף מאָרגן פֿרי. אַ באַדעקטער מיט שווייס און מיט אַ פֿאַרשלאָגענעם אָטעם, האָט ער גענומען אָפּשטעלן אויפֿן שול־הויף בעלי־בתים און ווייגען, אַז מען האָט אויף אים געמאַכט אַ בילבול. אַן עלטערער ייד האָט אים אויסגעהערט מיט פֿאַר־קוועטשטע אויגן און געפּויקט מיטן שטעקן אויף די ברוקשטיינער. „אַן אַקט! אַן אַקט! מען דאַרף די באַריידער עוקר מן השורש זײַן!" אַ צווייטער ייד האָט אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסל און עניוותדיק געענטפֿערט אַז ער מישט זיך ניט. אַ דריטער ייד האָט גראָד געוואָלט וויסן אַלע פּרטים און איז דערנאָך אַוועק מיט אַ פֿאַרקנייטשטן שטערן, ניט צו זאָגן אַ וואָרט, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ שופֿט וואָס דאַרף גרינטלעך און גענוי אַלץ דורכטראַכטן, איידער ער טראָגט אַרויס דעם פּסק־דין. די ישיבה־לײַט וואָס האָבן צוגעזען ווי דער עילוי לויפֿט נאָך בעלי־בתים און איז זיך פֿאַר זיי מבזה, האָבן פֿאַרשעמטע אָפּגעדרייט די קעפּ און גערעדט צווישן זיך וועגן אַוועקפֿאָרן פֿון ישיבה נאָך איידער דער זמן ענדיקט זיך. שיע האָט זיך אַרומגעדרייט אויפֿן שול־הויף מיט צעמישטע בליקן פֿון אַ דעקשנער חולה־רוח. ער האָט זיך ניט דערוועגט אַרײַנגיין אין בית־מדרש און איז ניט געגאַנגען אין קיך עסן. טאָמער האָט ער געזען דורכגיין אַ בן־תורה, איז ער מיט שרעק און הכנעה אָפּגעטראָטן פֿון וועג, ווי מען וואָלט שוין אויף אים אויסגערופֿן אַ חרם. אים האָט זיך געדאַכט אַז ער געדענקט ניט מער קיין איין וואָרט פֿון אַלץ וואָס ער האָט געלערנט, ווי אויך די תורה וואָלט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אים, ביז עס וועט ניט קלאָר ווערן אַז ער האָט ניט געהאַט קיין מגע־ומשא מיט דער אשת־איש.

צום ליפּנישקער האָט זיך דערנענטערט מאירקע פּאַדוואַל פֿון פּאַנאַשישאַק. צו אים איז דערגאַנגען, אַז דער ישיבה־בחור וויל שווערן פֿאַרן עולם אין בית־

מדרש אַז ער איז אומשולדיק. דאָס האָט מאירקען ניט געלוינט. אַז די שטעטלשע וועלן דערזען ווי דער פאַרשלומפערטער קלויזניק מיט די אויסגעקערטע אויגן שווערט ביי אַ ספר־תורה, וועלן זיי אים גלייבן. מאירקע האָט אַ וואונק געטאָן דעם לערנער ער זאָל אים נאָכגיין און שיע ליפנישקער איז הכנעהדיק אים נאָכגעגאַנגען.

„זעט איר, כאָטש איר האָט מיך געזידלט און באַליידיקט, בין איך אייך אַ פריינד," איז פאָדוואָל שטיין געבליבן אין אַ ווינקל לעבן דער קאַלטער שול, ביים גראָבן וואָס איז פאַרוואָקסן מיט קראָפעווע. „די כלי־קודש, די בעלי־בתים און די ישיבה־בחורים גלייבן אין אַלץ וואָס מען זאָגט אויף אייך. אָבער איך און מיינע חברים גלייבן ניט אין דעם, און איר האָט זיך נאָך אויף מיר געוואָרפן פאַר צוריידן אייך איר זאָלט לייענען ביכער."

„זייט מיר מוחל," האָט זיך שיע געבעטן, אַ געריירטער ביז טרערן וואָס דער בחור גלייבט ניט אין בילבול אויף אים. „איך בין אייך מוחל במחילה גמורה תיכף ומיד," האָט מאירקע גערעדט אויפן שטייגער פון בני־תורה וואָס בעטן זיך איבער ערב ראש־השנה. נאָר זיינע האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן האָבן געבליאַסקעט מיט שנאה. ער האָט דעם משוגענעם עילוי געוואָלט זען זיך צאַפלען. „זאָגט אַליין, האָט איר שכל? איך האָב אייך געוואָלט מאַכן פאַר אַ פראָפעסאָר, איז אייך בעסער געפעלן צו זיין אַ ברודיקער קלויזניק, אַ פאַר־לייזיקטער פרוש מיט אַרויסגעלאָזטע גאַטקעס־בענדלעך און פאַרשלומפערטע ציצית. זאָגט אַליין, האָט איר שכל?"

„ניין, איך האָב ניט קיין שכל," האָט דער ליפנישקער געפלאָנטערט פון שרעק, אַז אויך דער בחור זאָל ניט טראַכטן קיין שלעכטס וועגן אים. „דאָס איז דאָך אייער גליק וואָס איר זייט אַ טיפש. ווען איר זייט ניט קיין טיפש, נעם איך אייך אַראָפ דעם קאָפ פאַר שפייען מיר אין פנים. איצט הערט די עצה פון אַ מענטשן וואָס האָט יאָ שכל," און מאירקע האָט דעם ליפנישקער געראָטן ער זאָל ניט גיין שבת צום דאַוונען זיך פאַרענטפערן פאַרן עולם. קיינער וועט אים ניט גלייבן, מען וועט פון אַלע זייטן שרייען צו אים: אשת־אישניק! מען וועט אים אויסציען אויפן שוועל און אַלע וועלן טרעטן אויף אים. מען קען אים נאָך בינדן און איבערגעבן אין גויאישע הענט, אים פאַרשפאַרן אויף אַ סך יאָרן און אפשר אויפן גאַנצן לעבן אין תפיסה. ער ווייס וואָס עס קומט פאַר האָבן צו טאָן מיט אַ קראַנקער און מאַכן זי שוואַנגער? דאַרף ער באַצייטנס, נאָך היינט פריי־טאָג, אַנטלויפן פון שטעטל און זאָלן אים אַלע מנשק זיין. אַזאַ עילוי ווי ער איז וועט מען אויפנעמען בכבוד גדול אין יעדער ישיבה.

„אַז איך וועל אַנטלויפן וועט זיין אַ חילול־השם, אַ גרויסער חילול־השם. מען וועט זאָגן, אַ בן־תורה איז געקומען אויף אַן אשת־איש און איז אַנטלאָפן

פון דער שטראָף. וועל איך בלייבן און שווערן בנקיטת־חפץ, אַז איך האָב מיט איר ניט געהאַט צו טאָן. מען וועט מיר גלייבן," האָט שיע געמורמלט און די ציין אין מויל האָבן זיך אים געטרייסלט. „מען וועט אייך ניט גלייבן און איר ווייסט עס, דעריבער האָט איר אַזוי מורא," האָט מאירקע געלאַכט. „וועל איך זיך מוסר־נפש זיין, איך וועל גיין אויף קידוש־השם," האָבן דעם ליפּנישקערס בולטע שוואַרצאַפּלען געשיקלט און געציטערט.

„ביסט אַ גערירטער, דיין אָרט איז אין דעקשנע. איך פאַרשטיי ניט ווי אַפילו אַ משוגענע פרוי לייגט זיך מיט אַזאַ פאַרדריפּעטן און פאַרלייזיקטן ישיבה־בחור. ס'שטינקט דאָך פון דיר," האָט מאירקע אויסגעשפּיגן. „וואַרט, וועסט נאָך חרטה האָבן וואָס דו טוסט ניט ווי איך הייס דיר," האָט ער געמאַכט אַ פויסט און איז אַוועקגעגאַנגען.

אפשר טאַקע אַנטלויפן? האָט שיע זיך אַרומגעקוקט מיט בלאָנדזשנדיקע אויגן — און איז אָפּגעשפּרונגען אַהינטער. אין דער נידעריקער האַלב־אָפענער טיר פון עזרת־נשים איז געשטאַנען דער מנהל און געקוקט אויף אים, ווי ער וואָלט אים געהיט ער זאָל ניט אַנטלויפן.

אין זעלבן פרימאָרגן האָט דער ישיבה־עסקן און שניידער ר' ישראל גע־רעדט צו דעם מנהל אַזוי אויפגעבראַכט ווי נאָך קיינמאָל ניט פריער. „די תלמידים האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין לייענען ביכער — און איר שווייגט! מען האָט געמאַכט אַ וויסטן בילבול אויפן בעסטן בחור פון ישיבה, אויף אַן עילוי, אַ צדיק — און איר שווייגט!" איז צמח געזעסן אין עזרת־נשים פון דער קאַלטער שול און זיך אַליין געפרעגט: ווי לאַנג וועט ער שווייגן? מיטאָמאָל האָט ער דערהערט אַ שמועס אויפן זעלבן אָרט אינדרויסן, וואו אַנוסטן איז פאַרקראָכן דער ווילנער טאַבאַק־סוחר וואָווע באַרביטאָלער, בעת ער האָט געזוכט דעם אַריינגאַנג אין וויבער־שול. צמח האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען אַן אומבאַקאַנטן ריידן מיטן עילוי, וואָס האָט געהאַט אַ זייער דערשראָקענעם אויסזען. צמח איז צוגעגאַנגען צו דער האַלב־אָפענער טיר און זיך צוגעהערט צום שמועס. גלייך ווי מאירקע פאַדוואַל איז אַוועק, איז דער מנהל אַרויס צום ליפּנישקער.

„ווער איז דער בחור? פאַרוואָס רעדט ער אייך צו איר זאָלט אַנטלויפן און פאַרוואָס האָט ער אייך געזידלט?"

„רבי, זייט זיך אויף מיר מרחם, רבי," איז דער עילוי צוגעפאַלן צו אים מיט אַ געיאָמער. צמח האָט אים אַריינגעצויגן אין עזרת־נשים, אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און נאָכאַמאָל געפרעגט אויפן בחור אינדרויסן. שיע האָט דער־ציילט ווי דער בחור האָט אים געהאַט צוגערעדט ער זאָל לייענען ביכער, ווי ער האָט יענעם גערופן מסית־ומדיח און אויף אים אַ שפּיי געטאָן. איצט איז

יענער צו אים געקומען מיט אַ פּלאַן ער זאָל אַנטלויפֿן. שיע האָט זיך ווידער גענומען טרייסלען ווי אין אַ קדחת. „איך וועל ניט אַנטלויפֿן, רבי. איך וועל זיך מוסר־נפש זיין, איך וועל מקדש־השם זיין, רבי!"

קיינמאָל פֿריער האָט דער עילוי אויפֿן מנהל זיך ניט אומגעקוקט. ער האָט געהאַלטן אַז ער האָט נאָך ייִנגלוויז געקענט מער לערנען פֿון ר' צמח אַטלאַס, און פֿאַר אַ מוסר־זאָגער האָט ער בכלל קיין ברעקל דרך־ארץ ניט געהאַט. איצט האָט ער זיך צום מנהל געטוליעט און כסדר אים גערופֿן 'רבי'. צמח האָט אים באַרואיקט ער זאָל ניט מורא האָבן. ער דאַרף מאָרגן ביים דאַווענען יאָ ריידן פֿאַרן עולם. דער עולם וועט אים אויסהערן און האָבן צו אים צוטרוי. דער מנהל האָט דעם ליפּנישקער שוין ניט אָפּגעלאָזט און אים מיטגענומען צו דער פֿרייטאָג־צונאַכטיקער וועטשערע ביים שניידער ר' ישראל, וואו מען האָט אים אָנגע־קאָרמעט און געטרייסט. אָבער צמח אַליין איז געבליבן אַ ניט־געטרייסטער. ער האָט פֿאַרפּלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן און געלאָזט חיות־רעות אים צעטרעטן.

מיט אַ געמיט און אויסזען פֿון אַן אבל, וואָס טאָר נאָך ניט זאָגן קיין קדיש ווייל דער בר־מינן איז נאָך ניט געקומען צו קבורה, אַזוי איז שיע ליפּנישקער געשטאַנען שבת פֿרי אין בית־מדרש און געוואַרט מען זאָל ענדיקן לייענען אין דער תורה, ער זאָל קענען אַרויפֿגיין אויף דער בימה. פֿון איין זייט לעבן אים איז געשטאַנען דער מנהל ר' צמח, און פֿון דער צווייטער זייט — דער ראש־ישיבה ר' מנחם־מענדל. אַלע דריי האָבן געשוויגן און געוואַרט. נאָר די בעלי־בתים האָבן זיך שוין באַצייטנס געקרימט פֿון אומגעדולד און ווידערווילן אויסצוהערן דעם ישיבה־בחור. איין צד האָט ניט געוואָלט ער זאָל ריידן, אויף להכעיס די פּרומאַקעס און ר' הירשע גאָרדאָן וואָס ווילן ער זאָל זיך ריינוואַשן דורך אַ שבועה ביי דער ריינקייט. דער צווייטער צד האָט ניט געוואָלט צוזען ווי דער לערנער וויינט און שרייט אַז ער איז ריין פֿון זינד, עלעהיי אַמאָליקע צייטן בעת קהל האָט געקענט שטעלן אין קונע, געבן מלקות און לייגן אין חרם. ס'גייט צו ראש־השנה און יום־כיפּור, איז אויב ער האָט געזינדיקט, זאָל ער טאָן תשובה, און ווייטער איז ניט אונדזער עסק. דער דריטער און גרעסטער צד האָט סתם מורא געהאַט אַז ווען דער בחור וועט זיך שטעלן ריידן, וועט אויסברעכן אַ טומל און מען וועט ווידער האָבן אַ פֿאַרשטערטן שבת. איז גלייך ווי דער בעל־מפטיר האָט פֿאַר־ענדיקט די ברכות, האָבן צענדליגער בעלי־בתים אויסגעשריען צום חזן. „נעמט די ספר־תורה!" און דער גאַנצער עולם האָט אַ זונג געטאָן די תפילה וואָס מען זאָגט ביים צוריקטראָגן די ספר־תורה צום ארון־קודש. דער ערשטער האָט זיך פֿון בית־מדרש אַרויסגעשאַרט ר' מנחם־מענדל סגל. שיע ליפּנישקער, מיט צעמישטע אויגן און אַן אָפּגענומען לשון, האָט זיך אים נאָכגעשאַרט. דער לעצ־טער איז אַרויס דער מנהל — הינטערווייַלעכץ, ווי ער וואָלט ניט געקענט אָפּ־

רייסן די בליקן פון די געבויגענע רוקנס וואָס האָבן זיך פרום און שטום געשאָקלט, פאַרזונקען אין דער שטילער שמונה־עשרה.

מען האָט אָפּגעדאַווענט און דער עולם האָט רואיק געקענט אַהיים גיין עסן טשאָלנט, דאָך איז מען שטיין געבליבן אויף די ערטער. אַ טייל בעלי־בתים האָט באַנג געטאָן וואָס זיי האָבן דעם לערנער ניט געלאָזט זיך פאַרענטפערן, אַנדערע האָבן חרטה געהאַט הלמאי זיי האָבן זיך גופא באַגזלט פון אַן אומזיסטן טעאַטער. ר׳ הירשע גאָרדאָן איז צוגעגאַנגען צום רב און געטייטלט אויף אים מיט אַ פינגער.

„איר האָט ניט געטאָרט דערלאָזן אַריינגעמען די ספר־תורה אין היכל, ביז מען וועט דעם בן־תורה ניט אויסהערן. נאָכדעם האָט איר באַדאַרפט רײדן און מתרה זיין, אַז איר וועט אויסרופן אַ חרם אויף יעדן וואָס וועט איבערחזרן דעם בילבול. איר האָט עס אָבער ניט געטאָן פון גרויס פּחדנות. זייט איר פאַר מיר ניט מער וואָלקעניקער רב.״

„וואָס האָט איר צו מיין לעבן?״ האָט ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא זיך געקאָר־טשעט, ווי מען וואָלט זיך אויף אים פאַרמאָסטן מיט שטעקנס, און זיינע וואָסערדיקע לויפיקע אייגעלעך האָבן געשפּריצט מיט כעס. „איך אַליין האָב אמונה אַז דער בחור איז ריין, נאָר ווי קען איך פאַרשטאָפּן די מיילער ביי אַנדערע? ער האָט דאָך פאַרט געלעבט מיט דער חולנית אין איין הויז און די גמרא זאָגט, אין אפּוטרופּוס לעריות.״

ווי ר׳ הירשע האָט דעם רב ניט געזאָגט גוט־שבת, אַזוי האָט ער אים אויך ניט געזאָגט אַ גוטן־שבת. ער איז צוריקגעגאַנגען צו זיין ׳שטאָט׳ אויף דער אַנדערער זייט מזרח און געדעדט צום שוואַגער עלציק בלאָך, אַ פאַרע האָט אַזש געשלאָגן פון ר׳ הירשעס צעהיצטן פּרצוף.

„אַנשטאָט זיך איינשטעלן מען זאָל דעם געדודפטן לערנער לאָזן ריידן, האָט איר און אייער צד געשוויגן. זאָג איך אייך אַז דאָס וועט אייך ניט געשאָנקען ווערן. נאָך דאָ אַ בורא־עולם אויף דער וועלט!״

„וואָס האָט איר צו מיר?״ האָט עלציק בלאָך זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרצן און באַלד אויסגעצויגן ביידע הענט, ער זאָל קענען ציילן אויף די פינגער: בעת דער מיאַדלער רב האָט דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער געהאַלטן אַ דרשה, איז ר׳ הירשע געזעסן אויף זיין אָרט אין ווינקל פון ארון־קודש און מיט אַ כיוון געשנאָרכט אויפן קול, דער גאַנצער בית־מדרש זאָל זען און הערן ווי ער באַציט זיך צו אַ רב אַ מזרחי. וואָכן שפּעטער ביי דער דרשה פון מייסעגאָלער רב, אַ ייד אַ גאון און שוין ניט קיין מזרחי, האָט ר׳ הירשע אים צען מאָל איבערגעריסן אינמיטן ריידן, צו דערוויזן אַז דער מייסעגאָלער קען ניט לערנען און איז ניט ראוי צו זיצן אויפן וואָלקעניקער כסא־הרבנות. ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק,

שבת־נחמו. האָט ר׳ הירשע ניט געלאָזט ריידן אַ היימישן גאַסט אין שטעטל, דן דוניעץ פון תרבות־סעמינאַר, און דורך דעם גורם געווען אַ געשלעג אין בית־מדרש. איז ווער, ווער, ר׳ הירשע טאָר ניט האָבן קיין טענות וואָס מען האָט דעם ליפּנישקער עילוי ניט געלאָזט ריידן.

די בעלי־בתים האָבן אַנגעקוואָלן פון עלציקס קלוגן ענטפער, נאָר דעם שמייכל באַהאַלטן אין די קנייטשן פון די פּאַרוואָקסענע באַקן און הינטער די וואָנצעס. די דאַוונער האָבן פאַרשלאָסן די טליתים אין די קעסטלעך און גע־שמועסט צווישן זיך געמיטלעך, אַז אויפן ישיבה־בחור איז טאַקע אַ רחמנות. אויב ער האָט אַפילו געזינדיקט, זעט מען אַז ער וויל טאָן תשובה. אָבער אויפן קראַנקן וויבל און די דעקשנער קאַלאַניסטן, וואָס קענען איבער דער מעשה בלייבן אָן ברויט, איז נאָך אַ גרעסערער רחמנות. אויך דער מוליער סראַלייזער האָט אויס־געטאָן דעם טלית און געדרייט דעם אָקסענעם קאָפּ אין אַלע זייטן. ער וואָלט מער ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט פאַרכעוואַטע בעלי־בתים און יונגען אַפּי־קורסים, נאָר ס׳האָט געקאָכט אין אים קעגן דער אָפּגעטאָנענער עוולה. האָט ער הילכיק אַ שנייץ געטאָן די נאָז און אַרויסגעלאָזט אַ קול ווי אַ טרומייט.

„הערט איר, יידן, איר ווייסט אַז איך בין אַ ייִנגעלע אַ שד און האָב אַן אויג. ווען דער אָרעם־בחור איז געשטאַנען ביי די טרעפּלעך פון דער בימה און געוואָרט מען זאָל אים אַרויפלאָזן אויסריידן אַ וואָרט, האָב איך אויף אים די גאַנצע צייט געקוקט. זאָג איך אייך, אַז ער איז אומשולדיק ווי אַ טויב. איך גיב פאַר אים דעם קאָפּ,״ האָט סראַלייזער אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אַרום האַלדז און אויסגע־צויגן אַ פינגער. „דעם בילבול אויפן אָרעם־בחור האָט געמאַכט אַט יענער ממזר, ער און ניט קיין אַנדערער! וואָס אַרט אייך, יידן, פאַרלאָזט זיך אויף מיר!״

די בעלי־בתים האָבן זיך אויסגעדרייט אַ קוק טאָן אויף וועמען סראַלייזער ווייזט און דערזען הינטער דער בימה מאירקע פאַדוואָל פון פּאַנאַשישאָק. בעת דער ליפּנישקער און ביידע ראשי־ישיבות זיינען אַרויס פון בית־מדרש, האָט אויך גענומען צעקריכן חברה יונגוואַרג פון ביבליאָטעק און פון דער פייער־לעשער־קאָמאַנדע, אומצופרידן וואָס עס וועט זיין אַ שבת אָן פריילעכקייט. בלויז מאירקע איז געבליבן און אַנטקעגנגעשמייכלט דעם מוליער מיט קאַלטער פאַראַכ־טונג, ער וויל אים גאָרניט אַנטאָן דעם כבוד און ענטפערן. די מתפללים האָבן געטראַכט אַז סראַלייזער פלוידערט, אים פאַרדריסט וואָס דער מאירקע האָט אים שבת־נחמו ביים געשלעג צעקראַצט די צורה. אַפילו ר׳ הירשע גאָרדאָן האָט עס געהאַלטן פאַר אַ ווילדן איינפאַל. ר׳ הירשע איז דאָס מאָל אַרויס פון בית־מדרש אָן זיינע שטענדיקע באַגלייטער. ער האָט געפילט אַ פיינדשאַפט אויך צו די כלומרשטע קנאים. וואַלקעניק איז געוואָרן אַ עיר־הנדחת, אַ שטאָט וואָס דינט עבודה־זרה, מען טאָר דאָ ניט וואוינען.

אָפּגערוקט פון אים אויף אַ מהלך פון עטלעכע טריט, איז געגאַנגען מאירקע פּאַדוואַל און געשמייכלט דורך די האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן, ווי ער וואָלט געוואוסט אַז גאָרדאָן האָט אים עפּעס צו זאָגן. אין אַן אַנדער צייט וואָלט דער אײדעם פון אַלטן רב אויף אים זיך ניט אומגעקוקט; דאָס מאָל האָט ער ניט געוואָלט אַז דער באַלשעוויק זאָל זיך האַלטן פאַרן בעל־נצחון.

„הער, אויסגעוואַלגערטער טורמעניק, דו האָסט איבערגערעדט די ייִנגלעך פון ישיבה צו לייענען ביכער און אינאײנעם מיט דײַנע גאַסן־יונגען ליאַרעמסטו בײַנאַכט אונטער מײַנע פענצטער. זאָלסטו וויסן זיין אַז דאָס וועט דיר גאָרניט העלפן. אַזוי לאַנג ווי איך וועל וואוינען אין וואַלקעניק, וועט די קהילה ניט געבן קיין איין גראָשן אויף אײַנקויפן ביכער. און מיט נאָך אַ זאַך פריי איך זיך. ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קלײנער וואָרעם און בעלי־בתים האָבן דיר געגעבן עסן טעג, ווייל דו ביסט געווען אַ יתום און געלערנט אין בית־מדרש, האָב איך פאָרויסגעזען וואָס פון דיר וועט אויסוואַקסן און דיך קיינמאָל ניט אַרויפגעלאָזט אויף מיין שוועל.“

„פונדעסטוועגן האָט עס אייך גאָרניט געהאָלפן,“ האָט מאירקע געענטפערט קאַלטבלוטיק, מיט די הענט אין די קעשענעס. „ניט נאָר די ייִנגלעך פון דער היגער ישיבה־קטנה, אויך אייער בן־יחיד ביינושל, דאָס אייניקל פון אַלטן רב און דער לערנער פון קאַמעניצער ישיבה, אויך ער לייט ביכער פון ביבליאָטעק און באַהאַלט זיי אונטער אייער ספרים־אַלמער.“

און מאירקע האָט פאַמעלעך אַוועקגעשפּאַצירט ווייטער. זיין רואיקער שמייכל און געמיטלעך גענגעלע איז געווען אַן אָנשטעל. ער האָט ניט פאַרטראָגן מען זאָל אים דערמאָנען די יאָרן וואָס ער האָט זיך געוואַלגערט אין בית־מדרש און שטעטלשע יידן האָבן אים אויסגעהאַלטן. איצט האָט ער זיך געקילט דאָס בלוט אַז ער האָט דעם הירשע גאָרדאָן גוט אָפּגעצאָלט. זיין ביינושל האָט אַרויס־געשטעלט אַ פאָדערונג, מען זאָל אויפהערן שרייען אין די נעכט אונטער דעם טאַטנס פענצטער, אָדער ער וועט מער ניט לייען קיין ביכער. ווען ער איצט שרייען ביים טאַטן דעם גזלן נאָך העכער ווי די חברה פון ביבליאָטעק שרייט אונטער הירשע גאָרדאָנס פענצטער.

# 8

**נאָכן טשאָלנט,** די בעלי־בתים האָבן פֿאַרמאַכט די טירן און זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל, האָט קיינער ניט געזען און ניט געהערט וואָס עס טוט זיך ביים איידעם פֿון אַלטן רב. דאָרט האָט מען קיין טשאָלנט שוין ניט געגעסן. ר׳ הירשע האָט אום שבת אָפּגערוקט דעם ספרים־אַלמער און געפֿונען אַ דיק בוך ׳וועלט־געשיכטע׳, פֿול מיט בילדער פֿון משונהדיקע חיות און אַפּיקורסישע רייד שוין אויפֿן סאַמע ערשטן בלעטל, אַז די וועלט האָט זיך ניט אָנגעהויבן מיט ששת ימי־בראשית, נאָר מיט מיליאָנען יאָרן פֿריער. און מיט אָט דעם דיקן בוך האָט דער טאַטע געשלאָגן איבערן קאָפּ דעם קרענקלעכן אויס־געדאַרטן בן־יחיד, אים געממיתט אָן אויפֿהער. ביינוש האָט זיך געדרייט אין דרייען אונטער די קלעפּ, איז געוואָרן גרין און בלוי, אָבער ניט געשריען, בלויז געקרעכצט. ער האָט געדענקט אַז וואַלקעניק טאָר ניט וויסן וואָס ביי זיי אין שטוב טוט זיך. אויך ר׳ הירשעס ווייב און טאָכטער האָבן מיט די פֿויסטן זיך פֿאַרשטאָפּט די מיילער, ניט אַרויסצולאָזן קיין גוואַלדן. זייערע אויפֿגעריסענע אויגן, פֿאַרגאָסן מיט טרערן, האָבן געקוקט מיט טויט־שרעק אויף די צוויי הענט מיטן האַרטן בוך, וואָס האָבן זיך כסדר אויפֿגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט, ווי אַן אייזערנער שטייסל, איבער ביינושעס צונויפֿגעדרייטן גוף, ביז ער האָט אַ פֿאַל געטאָן אויף דער ערד מיט אויסגעשפּרייטע הענט און פֿיס. גאָרדאָנס ווייב און טאָכטער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן צעמזיקטן און אים פֿאַרשטעלט מיט די לייבער. „טאַטע, וועסט אים דערהרגענען!" „הירשע, בלוט ריינט פֿון אים!" און די ווייבער האָבן נאָך געמוזט אונטערהאַלטן אונטער די אָרעמס דעם שלעגער, וואָס האָט זיך געוואַקלט ווי ער וואָלט געקראָגן אַ קויל אין אונטערלייב.

בעת ווייב און טאָכטער האָבן געמינטערט ביינושן, האָט ר׳ הירשע זיך פֿאַרמאַכט אין אַ ווייטן חדר און זיך דאָרט אָפּגעוואַלגערט אַ פּאָר שעה. שפּעטער האָט ער אויסגעגלייכט אויף זיך די בגדים, אויסגעגלעט די צעשויבערטע באָרד, אַרומגעווישט דאָס פּנים און איז אַרויס אין גאַס. ער האָט שפּאַצירט שבתדיק־געלאַסן, די הענט פֿאַרלייגט אַהינטער, ווי נאָך אַ זיסן דרימל. נאָר אַנשטאָט אַריינגיין אין בית־מדרש צו מנחה, איז ער אַריין אין עזרת־נשים פֿון דער קאַלטער שול און געטראָפֿן וועמען ער האָט געזוכט, דעם מנהל פֿון ישיבה. זינט דעם פֿאַרגאַנגענעם ווינטער האָט אים צמח אויסגעמיטן, ער האָט ניט פֿאַרטראָגן ר׳ הירשע גאָרדאָנס תקיפֿות און ניט געטרויט זיין קנאות. איצט איז קעגן אים געזעסן אַ צעבראָכענער ייד און פֿון זיינע אויגן האָבן געטריפֿט טרערן.

„וואָלט מיין זון היינט געשטאָרבן, וואָלט איך כוח געהאַט ניט צו וויינען אום שבת. דאָס וואָס איז געשען איז פֿאַר מיר נאָך ערגער ווי ער וואָלט געשטאָרבן."

ר׳ הירשע האָט אַראָפּגעקוקט אויף די צעשפּרייטע פינגער, ווי ער וואָלט ניט געגלייבט אַז זיינע הענט האָבן צעשלאָגן ביז בלוט זיין בן־יחיד, און מיט אַ געבראָכן קול האָט ער דערציילט ווי מאירקע פּאַדוואַל האָט ביינושן איבערגע־רעדט לייענען כפירה. הייגט האָט דער זעלבער מאירקע פּאַדוואַל דערציילט אים, דעם טאַטן, אַז זיין זון באַהאַלט די ביכער אונטערן ספרים־אַלמער. „ביינוש איז אין קאָמעניעץ געווען פון די בעסטע תלמידים, דער ראש־ישיבה האָט מיר געשריבן אַז ער וואַקסט אַ גדול בישראל. איז ער געקומען אַהיים און אַריינגעפאַלן צו דער סיטרא־אחרא. דער ימח־שמוניק מאירקע פּאַד־וואַל באַרימט זיך נאָך, אַז דאָס האָט ער איבערגערעדט די קלויזניקעס לייענען ביכער, כדי די ישיבה זאָל זיך צעפאַלן. דער מוליער סראַלייזער האָט הייגט אין בית־מדרש געזאָגט, ער גיט דעם קאָפּ אַז דער בילבול אויפן לערנער שיע ליפּנישקער שטאַמט אויך פון מאירקע פּאַדוואַל. איך ווייס ניט צי דעם מוליערס חשד האָט אַ גרונט, פאַרוואָס זאָל ער עס טאָן? נאָר אַז דער ממזר, די ערד זאָל אים ניט טראָגן, קען אָפּטאָן אַזאַ נבלה, וועלן אַפילו זיינע בעסטע חברים ניט לייקענען. און שולדיק זייט איר, דער מנהל און ראש־ישיבה! איר זייט געזעסן סגור ומסוגר ווי אין יריחו, בעת צווישן אייערע תלמידים איז אַריין די מגפה פון לייענען ביכער. און איר זייט אויך ניט אַרויס פון באַהעלטעניש, בעת מען האָט געמאַכט אַ בילבול אויפן בעסטן בחור פון אייער ישיבה.״

אָבער אַז איך וועל אַרויס פון מיין באַהעלטעניש וועט וואַלקעניק אַ ציטער טאָן ווי קיינמאָל ניט פריער, האָט צמח געטראַכט. ער האָט געוואָלט אויסטראָגן אין זיך דעם גרימצאָרן וואָס לענגער, דער אויפרייס זאָל זיין וואָס שטאַרקער, האָט ער זיך געפּלייסט צו ריידן רואיק און ניכטער, ווי ר׳ הירשעס טרערן וואָלטן אים ניט גערירט.

„בעת איך און ר׳ מנחם־מענדל זיינען הייגט אינדערפרי ביים דאַוונען געשטאַ־נען לעבן ליפּנישקער, איז הינטער דער בימה געשטאַנען אָט דער מאירקע פּאַדוואַל מיט אַ פּנים פון איינעם וואָס האָט אָפּגעטאָן אַ גרויסע רשעות און פרייט זיך מיט זיין הצלחה. שיע ליפּנישקער האָט דערציילט, אַז אַנומלט האָט אים דער זעלבער געפּרואווט איבעררעדן צו לייענען ביכער און ער האָט דערפאַר דעם אַנרײדער אַ שפּיי געטאָן אין פּנים. נעכטן ביינאַג האָט אָט דער אחיתופל פאַר־לאַנגט פון ליפּנישקער ער זאָל אַנטלויפן פון שטעטל. לייגט זיך גריילעך אויפן שכל, אַז דער מאירקע פּאַדוואַל האָט פריער אויפן ליפּנישקער געמאַכט דעם בילבול און נאָכדעם אים געפּרואווט אָנשרעקן ער זאָל אַנטלויפן, ווי ער האָט פריער איבערגערעדט אייער זון צו לייענען ביכער און שפּעטער אים פאַר אייך פאַרמסרט.״

„אויב אַזוי איז ניט שלעכט, פאַר אַ בילבול קען ער פאַרפוילט ווערן אין

תפיסה," האָט ר' הירשע אויפגעלויכטן פון נקמה־פרייד. באַלד האָט זיך זיין פנים ווידער פאַררייכערט פון כעס און ווייטאָג. „איך קען אים זינט ער איז געווען אַ קליינער וואָרעם און איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ מבין אויף אים. זע איך אַז איר זייט אויף אים נאָך אַ גרעסערער מבין. פונדעסטוועגן האָט איר דערלאָזט אַז ער זאָל אין אייער ישיבה אָנמאַכן אַזאַ חורבן."

„איר זייט גערעכט, איך בין שולדיק און דורכאויס איך. אָבער איצט דאַרפן מיר טראַכטן וואָס מיר האָבן צו טאָן אויף להבא. פאַרפירן מיט דעם מאירקע אַ קריג איז ניט כדאי. ערשטנס, איז ער אַ נבזה, אַ לץ, אַ קליין חיהלע וואָס איז מסריח. צווייטנס, אויב מיר וועלן אים איינזעצן, וועט מען זאָגן אַז מיר האָבן געמסרט אַ יידישן בחור. דריטנס, מיר וועלן דורך דעם ברענגען אַ צרה אויף דעקשנער יידן, וואָס ווילן ניט אַז פאָליציי זאָל זיך דערוויסן וועגן דער פאַר־שוואַנגערטער. חוץ דעם איז אָט דער קליינער ירבעם בן נבט ניט אַליין, ער האָט אונטערשטיצער, און מען דאַרף אויסרייסן דאָס שלעכטס מיטן וואָרצל, ובערת הרע מקרבך. דאַרף מען פאַרברענען די ביבליאָטעק."

דער מנהל האָט ניט געוואָרט אויף ר' הירשע גאָרדאָנס ענטפער און ניט געקוקט וואָס פאַר אַ רושם זיינע ווערטער האָבן געמאַכט. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן דורך דער לענג פון ווייבער־שול, איז באַלד צוריקגעקומען און גענומען זעצן מיט דער פויסט אין זיין שטענדער.

„איך וועל שיע ליפּנישקערס שפיכת־דמים ניט פאַרשווייגן! איך וועל איינמאָנען זיין עלבון! פאַרברענען אַלע ביכער!"

זיינע וויסלען האָבן געבלאַנקט, די אויגן האָבן געפינקלט, ער האָט געשפּאַנט הין און צוריק און גערעדט אָן איבעררייס, ווי ער וואָלט מיט זיין שניידיק קול געוואָלט דורכזעגן די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך פון עזרת־נשים:

ווי אים טוט ניט ווי דאָס האַרץ פאַרן באַוואַלטן ליפּנישקער, טוט אים נאָך מער ווי פאַרן אויסגעלאַכטן אמת, פאַר דעם פאַרשפּיגענעם דין. אַז אַ בית־מדרש מיט יידן זאָלן ניט דערלאָזן אַ באַשולדיקטן זיך פאַרענטפערן — האָט ער זיך ניט געריכט! אַזוינס האָט ער זיך ניט פאַרגעשטעלט! און ווען ער האָט עס דערזען, האָט ער פאַרלאָרן דאָס לשון, ער האָט געפילט ווי דאָס האַרץ אין אים פּלאַצט, דער מוח צעפּאַלט זיך, אָבער ריידן האָט ער ניט געקענט. און ס'איז געווען מן השמים וואָס ער האָט ניט געקענט עפענען דאָס מויל. די בערדיקע רשעים וואָלטן אים פונקט ווי דעם ליפּנישקער ניט געלאָזט ריידן, אָדער אים אויסגע־הערט און אויסגעלאַכט. זיי וואָלטן ווילד געוואָרן פון רציחה ווען מען דערוויזט זיי, אַז אַלץ האָט אויסגעטראַכט מאירקע פּאַדוואַל פון פּאַנאַשישאָק. זיי האָבן מורא געהאַט ווי פאַר אַ שרפה, אַז אויב מען וועט דעם בן־תורה לאָזן ריידן, וועט מען דאָך מוזן איינזען אַז ער זאָגט אמת, ניכרים דברי אמת. די בערדיקע רשעים

אין די שבתדיקע טליתים ווילן דאָך ניט אַז דער בן־תורה זאָל זיין ריין פון זינד, זיי ווילן אַז דווקא ער זאָל עס האָבן געטאָן.

„פאַרוואָס זאָל אַ שטאָט מיט יידן וועלן אַז דווקא אַ בן־תורה זאָל זיין דער בעל־עבירה מיט דער קראַנקער אשת־איש?" האָט ר' הירשע נאָכגעקוקט דעם מנהל, וואָס טראָגט זיך היין און צוריק דורכן לאַנגן שמאָלן עזרת־נשים.

„ווייל זיי פאַרגינען אים ניט," האָט צמח אויף אַן אויגנבליק זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן שפּאַנען. די שאָטנס פון דער קאַלטער שול האָבן דורך טעג און וואָכן אים אַרומגעפּראַלן ווי אייז, אין זיין מוח איז שטיל געוועזן ווי אויף אַ בית־עולם. איצט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון גליווערניש און זיך אַזש פאַרכלינעט מיט דער שיכּרות פון כּעס, הנאה געהאַט פון פריי־געלאָזענעם גרימצאָרן וואָס ער האָט פון זיך אַרויסגעקאָכט:

די וואַלקעניקער ווילן אַז דער בן־תורה זאָל זיין דער חוטא, ווייל זיי פאַר־גינען אים ניט וואָס ער איז אַ עילוי, אַ מתמיד, אַ צדיק. זיי זיינען אים ניט מוחל הלמאי זיי מוזן פאַר אים האָבן דרך־ארץ. אַפילו דאָס אַרומגיין אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, דאָס ניט וועלן נהנה זיין פון עולם־הזה זיינען זיי אים מקנא. און עס קרענקט זיי ביזקל ביין וואָס אים אַרט ניט זייער האַלטן אים פאַר אַ ווילדן מענטשן. מער פון אַלץ פאַרגינען זיי אים ניט זיין עולם־הבא. זיי גלייבן דאָך באמונה שלמה אין אַ יענער־וועלט, און דער ליפּנישקער האָט זיך אָנגעגרייט עולם־הבא, אַזויפיל עולם־הבא! די וואַלקעניקער האָבן דעם ליפּנישקער באַזאָרגט מיט אַ כּזית ברויט און אַ האַרטן געלעגער, זיי האָבן קרעמעריש באַרעכנט אַז דאָס געשעפט לוינט זיך. זיי וועלן שותּפים צו זיין תורה און וועלן קריגן אַ שטיק שור־הבר, אַ חלק לויתן, אַ גאָלדענע שטול אין גן־עדן. איצט אָבער איז ביי זיי די שבעת ימי המשתּה. אי דער עילוי איז באַגאַנגען אַ האַרבע עבירה און איז נאָך זינדיקער פון זיי; אי ער איז צו שאַנד און שפּאָט, די אשת־איש איז דאָך אַ מטורפת; אי זיי מעגן אים פיינט האָבן, ווייל אַנשטאָט באַזאָרגן זיי מיט עולם־הבא פאַרן געשאָנקענעם כּזית ברויט האָט ער זיי גאָר אָפּגענאַרט. און זיי דאַרפן מער בכלל ניט אויסהאַלטן די לערנער, זיי דאַרפן זיך ניט לאָזן קאָסטן. אָט דאָס איז דער סאַמע עיקר, צו דעם האָבן זיי געצילט! — האָט צמח אַזוי לאַנג געזעצט מיט דער פויסט אין שטענדער, ביז ער האָט דערפילט אַ מישעניש אין קאָפּ און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק. נאָר זיינע ליפּן האָבן נאָך אַלץ פיבערדיק געמורמלט: לא יאומן כּי יסופּר, לא יאומן כּי יסופּר!

כאָטש ר' הירשע האָט ניט איינמאָל געזאָגט הויך אויפן קול אַז מען דאַרף די ביבליאָטעק פאַרברענען, האָט ער עס ניט געמיינט למעשה. דער מנהל מיינט עס טאָקע, ווייזט אויס אַז ער שטעלט זיך ניט פאַר וואָס פון דעם קען אַרויס־קומען. ער רעדט איבערהויפּט ווי אין קדחת, און עפּעס מאָדנע קאָפּויער, ניט

מיט שכל־הישר. אָבער די ביטערניש אויף די ביבליאָטעק־שדים וואָס האָבן אים דערפירט ער זאָל אַזוי אַכזריותדיק צעשלאָגן דעם איינציקן זון, האָבן גובר געווען ר׳ הירשע גאָרדאָנס שרעק פאַר דעם צו וואָס דאָס קען ברענגען. „און אויף וועלכן אופן רעכנט איר אייער פלאַן דורכצופירן?״ האָט ער געפרעגט. „די ביכער ליגן דאָך פאַרשלאָסן אין ביבליאָטעק. וועט איר קומען ביינאַכט אויפברעכן דעם שלאָס, פאַרפּאַקן די ביכער אין זעק און זיי שלעפּן אויף אייער קוואַרטיר פאַרברענען?״

„וועגן דעם האָב איך נאָך ניט געטראַכט,״ האָט דער מנהל געענטפערט.

„און איר וועט גאָרנישט צוטראַכטן. דער איינציקער וועג איז, פאַרטרויען דעם מוליער סראָלייזער ער זאָל עס דורכפירן,״ האָט ר׳ הירשע פון הינטער זיינע אויגן־גלעזער געהיט דעם מנהלס יעדע העוויה.

אויף אַ ווייל האָט זיך צמח פאַרוואָלקנט, אים איז ניט אָנגעשטאַנען פאַר אַ שותף אַ פאַרמיטלער פון גנבות און אויך אַ גונב נפש ומכרו. דער מוליער סראָלייזער האָט דאָך געהאָלפן דער יידענע פון אַרגענטינע און אירע ברידער פון ווילנע אַוועקפירן הערצקע באַרביטאָלער. פון דער צווייטער זייט איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ, מען מוז דאָ האָבן אַ בעל־דבר וואָס קען ברעכן שלעסער און אַרבעטן אין דער פינצטער. „איך בין מסכים,״ האָט דער מנהל אַרויסגעזייט דורך די ציין נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכטן. „דעם מוליערס אויפפירונג איז טאַקע ניט קיין פיינע, פונדעסטוועגן האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַרן ליפּנישקער און איז דורך דעם אַליין אַ שענערער מענטש פון די וואָלקעניקער בעלי־בתים.״

„אויב סראָלייזער וועט צושטימען, וועט ער פאַרלאַנגען מען זאָל אים גוט באַצאָלן און אויך אַ צוזאָג, קיינער זאָל ניט וויסן אַז ער האָט עס דורכגעפירט. באַצאָלן וועל איך אים, אָבער איר פון אייער זייט דאַרפט צוזאָגן אַז וואָס עס זאָל ניט געשען וועט איר ניט דערמאָנען קיין נעמען,״ האָט ר׳ הירשע געציילט די ווערטער. „איך נעם די אַחריות אויף זיך,״ האָט צמח געענטפערט פּונקט אַזוי פּאַמעלעך.

„מען זאָל זיך אָנשטויסן אַז איר האָט עס געטאָן, וועט איר מוזן עוקר זיין פון וואָלקעניק,״ האָט ר׳ הירשע גערעדט ווייטער — און איז אויף אַ מינוט שטיל געבליבן פון דערשטוינונג. דער מנהל האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַן אויפגעשיינט פּנים ווי ער וואָלט זיך גאָר דערפרייט מיט דער התראה, אַז ער וועט מוזן פאַרלאָזן וואָלקעניק. „אויב אייך קימערט ניט פאַר זיך, דאַרפט איר פונדעסטוועגן געדענקען אַז דאָס קען שטאַרק שאַטן דער ישיבה. איך זאָג עס אייך, כדי איר זאָלט שפּעטער צו מיר קיין תרעומות ניט האָבן.״

ערגער קען ניט זיין! האָט זיך צמח ווידער אַ ריס געטאָן פון אָרט: אויף אַ בחור אַן עילוי און אַ צדיק האָט מען געמאַכט אַ בילבול. די אַנדערע

בני־תורה קומען ניט צום סדר. זיי לייענען ביכלעך אָדער בטלען סתם, און בעלי־בתים ריידן הויך אויפן קול, אַז מען דאַרף די ישיבה מער ניט אויסהאַלטן. מוז קומען אַן ענדערונג. מי לשם — אלי! ווער פון די תלמידים ס'איז אַן אמתער בן־תורה וועט ווייטער זיצן און לערנען, ווער פון די בעלי־בתים ס'איז אַן אמתער ירא־וחרד וועט ווייטער שטיצן די ישיבה, און די איבעריקע מעגן אָפּפאַלן. אויב אָבער ר' הירשע האָט מורא, איז גלייכער זיך אָפּזאָגן פון גאַנצן פּלאַן.

דער איידעם פון אַלטן רב האָט געענטפערט מיט האַרצווייטאָג, אַז ר' צמח איז אין וואַלקעניק אַ פרעמדער, אַרט אים ניט אויב ער זאָל מוזן פון שטעטל אַוועקפאָרן. ער, הירשע גאָרדאָן, האָט דאָ אָפּגעלעבט אַ לעבן און האָט דאָ זיין משפחה, וויל ער ניט האָבן קעגן זיך גאַנץ שטעטל. היינט אינדערפרי צום דאַוונען האָט ער געזען, מען קען זיך אויך ניט פאַרלאָזן אויפן צד פון בעלי־בתים חרדים. נאָר אויב מען וועט זיך פאָרט דערוויסן אַז ער האָט דן געוועזן לשרפה די טרייפענע ביכער, איז זאָל מען זיך דערוויסן! ער האָט ניט מער קיין אמונה אַז זיין זון וועט אויסוואַקסן אַן ערלעכער ייד; אַ מאַירקע פאָדוואַל פון פאַנאַ־שישאָק וועט ביינוש אויסוואַקסן. „איך דאַרף זיך זעצן שבעה נאָך מיין לעבעדיקן בן־יחיד, ווי איך בין געזעסן שבעה נאָך זיין געשטאָרבענער מאַמען.” און ר' הירשע גאָרדאָן האָט זיך אויפסביי צעוויינט מיט הייסע טרערן, וואָס זיינען אים גערונען איבער די באַקן און זיך באַהאַלטן אין זיין באָרד, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט הלמאי זיי פאַלן אום שבת.

# 9

**דער וואַלד האָט געפּוסטעוועט.** זינט די דאַטשניקעס זיינען צוריקגעפאָרן אויף אלול און די ישיבות איז בטל געוואָרן דער מנין אין וואַלד־שטיבל. דער מחזה־אברהם האָט געדאַווענט מיטן מנין ביים פאַבריק־פאַר־וואַלטער. די מתפּללים זיינען געווען האָרעפּאַשניקעס וואָס ציען שווער חיונה פון וואַלד און פאַבריק, ווי מען ציט פּעך פון קאָרטשעס. אַפילו ווען זיי האָבן הויך געזאָגט פון די סידורים, האָבן זייערע געדאַנקען און געמיטער געשוויגן פאַרזאָרגטע און פאַרמאַטערטע. שטעטלשע בייס האָט זיי ניט אינטערעסירט, זיי האָבן בכלל ניט ליב געהאַט צו שמועסן. אויך חייקל איז לעצטנס ניט געגאַנגען אין שטעטל, דער טאַטע האָט אים געהייסן קומען זעלטענער, כדי אויסצומיידן סצענעס מיט דער בעל־הביתטעס טאָכטער. האָט מען אין סמאָלאַרניע גאָרניט געוואוסט אַז וואַלקעניק שטורעמט מיט אַ מעשה ליפּנישקער.

חייקל איז מיט יעדן טאָג אַלץ ווייניקער געזעסן ביים רבין אין חדר איבער דער גמרא. ער האָט אַרומגעבראָדזשעט אין וואַלד און זיך געלערנט בלאָזן אין אַ געדרייטן שופר — גאָלד־געלבלעך און דורכזיכטיק ווי האָניק. ביים תוקע מיט דער זילבערנער באָרד פון ר׳ שאולקעס קלויז אין ווילנע פאַרהאַקן זיך די תקיעות פּונקט ראש־השנה צו שופר בלאָזן. האָט חייקל געחלומט ווי ער פאַרבייט דעם תוקע און ביי אים גייט דער שופר ווי אַ פידעלע. די בעלי־בתים מיט די טליתים איבער די קעפּ גלאָצן אויף אים פאַרוואונדערטע, זיין מאַמע קוקט אויף אים דורכן פאָרהענגל פון ווייבער־שול. אָבער מער נאָך ווי פון דער פאָרשטעלונג ווי ער בלאָזט שופר אין אַ געפּאַקטער קלויז, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ווידערקולות אין פּוסטן וואַלד.

תקיעה! דער עכאָ הילכט־אָפּ לאַנג און אויסגעצויגן, ביז עס ווערט ווידער שטיל. דאָס פאַרצווייגטע גרינע געדיכטעניש הויערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. שברים! חייקלען האָט זיך געדאַכט אַז ער האָט אין דעם מאָכיקן פאַר־טייעניש אויפגעוועקט אַן אומגעהײַער, האַלב־מענטש האַלב־חיה, וואָס ליגט דורות־לאַנג אין באַהעלטעניש און ענטפערט אָפּ מיט אַ האָריק־פאַרוואָקסענעם מויל. ריידן אַ מענטשלעך וואָרט קען ניט דער אומגעהײַער, יאָמערט ער אַז עס רייסט ביים האַרצן. תרועה! פאַרשייטע פריילעכע קלאַנגען זיינען אַרונטער־געשפּרונגען פון צווייגן, אַרויסגעקראָכן פון אונטער קוסטעס און זיך געלאָזט לויפן ווי באָרוועסע קונדסים. אשרי העם יודעי תרועה! האָט חייקל זיך צעזונגען מיטן ראש־השנהדיקן ניגון און אויפסניי גענומען בלאָזן מיטן גאַנצן כוח, אַן אויפגעיויכצטער פון פרייד, אַ פאַרשיכורטער פון די עכאָס. ער האָט געהערט ווי אין וואַלד שאַלט עס און קנאַלט. אים האָט זיך געדאַכט אַז די צעשאָקלטע

ביימער זאָגן פאַרדבקעט דעם יהי־רצון פון נאָך שופר בלאָזן. ביסלעכווייז האָבן זיך די הילכיקע ווידערקולות איינגעשטילט און חייקל איז איבערגעוועלטיקט געוואָרן פון אַ סודותדיקן שטילשווייגן.

אויף די נאָדל־קרוינען פון הויכוואוקסיקע סאָסנעס האָט געשפּילט און געציטערט פריהאַרבסטיקע זונשיין, גינגאָלדיק, מילד, צאַרט און אומעטיקלעך. די טונקל־גרינע ביימער האָבן חייקלען אויסגעזעזן פאַראומערטע און פאַרבענקטע נאָך די ישיבה־לייט, וואָס פלעגן זיך צודריקן מיט די שטערנס צו די שטאַמען ביים דאַווענען מנחה. חייקל איז ביז צו די קני געקראָכן אין הויכן פּאַפּראַטניק, וואָס איז פון בלאַנק־גרין פּאַמעלעך אַריבער אין העל־געל. ער איז שטיין געבליבן אויף אַ פּלאַץ, געדיכט באַשאָטן מיט פאַרוועלקטע נאָדלען און אַראָפּגעפאַלענע אויסגעטריקנטע שישקעס. דערנאָך איז ער אַרויף אויף אַן אויסגעהאַקטן וואַלד־שטח, פאַרלייגט מיט אָפּגעזעגטע ביימער און קלעצער, אַרויסגעשיילטע פון דער קאָרע. ס'האָט דאָרט געשמעקט מיטן פייכטן ריח פון דורכגערעגנטע פּאַלעווינעס. ער איז ווידער אַריין אין וואַלד־געדיכטעניש און דערזען אַן אויסגעשפּרייטן טעפּעך פון זילבערנעם מאָך, ערטערווייז דורכגעפלעקט מיט אַ ראָסט־רויטלעכן קאָליר. מיטאַמאָל האָט אַ בלענד געטאָן אַ שטרעקע, פאַרפלייצט מיט האַרבסטיק־צעבליטן לילאָוון ווזאָזש, ווי פון צווישן די געדיכטע געוויקסן וואָלט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַ געהיימע אָזערע, מיט אַ פיאָלעטענעם הימל אין איר שפּיגל. ער האָט ווייטער געוואָנדערט און דערזען אַ שטיק באָדן, באַשפּרענקלט מיט פאַרביקע שוועמלעך, ווי אַ מחנה קאַרליקעס אין ברייטע קאַפּעליושן. זיי זיינען גיפטיקע, האָט ער גע־טראַכט — און אַזש אַ געשריי געטאָן פון פרייד. צופוסנס פון אַ הויכן דיקן בוים זיינען געוואַקסן די פּרינצן פון די שוואָמען, דריי באָראָוויקעס, ווי דריי גיבורים, מיט שטייפע ברוינע קעפּ און דיקלעכע שטאַמען. חייקל האָט געוואוסט, אויב ער וועט די באָראָוויקעס ברענגען צו דער קריסטין פון דער סמאָלאַרניע וועט זי אים זייער דאַנקען. זי וואָלט די שוואָמען געפּרעגלט אין פעטס אויף אַ סקאָווראָדע און געמאַכט פון דעם אַ גאַנצן מאָלצייט. נאָר אים איז אַ שאָד געווען אויסצורייסן די שיינע און שטאַרקע באָראָוויקעס — ביימער בזעיר אַנפּין.

ער האָט פון פייכטן פּנים אָפּגעווישט אַ פאַרטראָגענעם שלייער פון שפּינ־וועבס און זיך געחקירהט אין מאמר פון פרקי־אבות, אַז ווער ס'איז מפסיק אין לערנען און זאָגט 'מה נאה אילן זה' איז אַ מתחייב בנפשו. ווי מען זאָל עס ניט פאַרטייטשן און פאַרגלעטן, פאַרשטייט ער נאָך אַלץ ניט ווי אַ תנא האָט עס געקענט זאָגן. ער קען זיך גאָרניט געניגן אָפּוואונדערן פון וואַלד און זיינע געוויקסן. אַשטייגער, דער אַלטער צעוואָקסענער דעמב אויפן בערגל ביי דער סמאָלאַרניע. וויפל דיקע עלנבויגנס און צעצווייגטע הענט מיט צווייגלעך ווי פינגער ער האָט עס, און אַזויפיל בלעטער, אַזויפיל בלעטער! דער דעמב זעט תמיד אויס אַנדערש,

לויט דעם ווי די זון באַלויכט זיינע איינגעזעגטע בלעטער. שפּעט אין אָסיען וועט ער ווערן אַ שטיק פּייער, אַן עמוד־האש. זיין שטאַם איז אַלט און צעוואַקסן, זיינע הונדערטיאָריקע וואָרצלען קריכן אַרויס פון דער ערד אויפן בערגל, ווי זיי וואָלט דערעסן דאָס ליגן דורות־לאַנג אויפן זעלבן אָרט און זיי ווילן כאַטש אַראָפּקריכן פון בערגל. היינט ווען מען גיט נאָך אַ טראַכט, אַז אין גרויסן וואַלד אַרום וואַלקעניק זיינען פאַראַן אפשר הונדערטער טויזנטערביימער, אַ טייל מיט נאָדלען און אַ טייל מיט בלעטער, אַזויפיל מינים קוסטעס און גראָזן, אַזויפיל סאָרטן פייגל און פירפיסיקע און קריכערס — קען מען דאָך אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן אין איין וואַלקעניקער וואַלד און יעדן טאָג זען נייע חידושים. נאָר אַז ער זאָגט עס דעם רבין, ענטפערט אים דער רבי: „פאַר מיר איז גענוג איין ביימל זיך צו באַהאַלטן אונטער זיין שאָטן פון דער היץ...״ וואו איז ער פאַרקראָכן? ער איז שוין ביי דער בריק אין שטעטל.

אַ מינוט איז ער געשטאַנען און זיך געקווענקלט: זיך צוריקקערן אָדער גיין ווייטער? ווייבאַלד ער איז שוין ביי דער בריק, וועט ער אַריינגיין אין שטעטל זען וואָס דער טאַטע מאַכט. חייקל האָט דעם געדרייטן שופר אַריינגעלייגט אין בוזעם־טאַש און געטראַכט, אַז דעם רבין פאַרדריסט הלמאי ער בטלט מער וויפל ער לערנט. נאָר אַנשטאָט אים אויסריידן, ווערטלט זיך דער רבי און שפּאַסט מיט אים. ער זאָגט צום רבין, „דער שופר גייט ביי מיר ווי אַ מזמור. אַז איר וועט מיך בעטן, וועל איך ראש־השנה זיין אייער תוקע.״ דער רבי נעמט ניט אַרויס די אויגן פון ספר און ענטפערט אים געלאַסן. „דער תוקע ביי אונדז אין פאַפּלאַווער קלויז איז אַן ערלעכער ייד און אַ מתמיד. ווי שטאַרק ער איז ניט פאַרנומען אין געוועלב, לויפט ער יעדע פרייע מינוט לערנען. און צו וואָס טויג דיר פטרן אַזויפיל צייט כדי צו זיין אַ גוטער תוקע? דו ווילסט דאָך אַז בעלי־בתים זאָלן זיך פאַר דיר שטעלן ווי פאַר אַ תלמיד־חכם, אָבער פאַר אַ בעל־תוקע שטעלט מען זיך ניט, ווי גוט ער זאָל ניט בלאָזן.״

חייקל איז געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און געזאָלט זיך אַרונטערלאָזן מיטן בערגל צו פריידע וואָראַבייס שטיבל. נאָר דער שול־הויף האָט געקאָכט מיט מענטשן, איז ער צוגעקומען נעענטער אַ קוק טאָן. אינמיטן אַ גרויסן צע־רודערטן עולם איז געשטאַנען שיע ליפּנישקער מיט אַ פאַרגעלטן אויסזען און פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל, ווי אַ פאַרמשפּטער צום טויט וואָס איז אין דער לעצטער רגע ניצול געוואָרן. אַזוי ווי חייקל האָט ניט געוואוסט פון שטורעם אין שטעטל, האָט געדויערט ביז ער האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. גערעדט האָט דער דעקשנער קאַלאַניסט גבריאל לעווין:

שוין איבער דריי צענדליגג יאָר ווי אַלע אין דעקשנע און וואַלקעניק קענען דעם וואָלף קרישקי און ווייסן זיין משוגעת, אַז וואו ער זאָל ניט שטיין און גיין

שלעפּט ער מיט אַ פּאַק אַלטע מלבושים, פון שרעק מען זאָל ביי אים ניט אַוועקנעמען אַ שמאַטע. איז ער נעכטן אינדערפרי אַריינגעלאָפן צו גבריאל לעווין מיט אַ גוואַלד. „אייער פּאַציענטקע איז אַ גנבטע, זי האָט ביי מיר צוגעגנבעט אַ סאַמעטענע קאַמזעלקע.“ און ער האָט דורכויס געוואָלט זיך אַריינרייסן אין קאַמער, וואו עלקע זיצט אַ פאַרשפּאַרטע זינט זי האָט פאַרשוואַנגערט און אָנגעהויבן בושעווען. פרעגט ער ביי וואָלף קרישקי: ווי אַזוי האָט עלקע געקענט ביי אים אַוועקגנבענען אַ קאַמזעלקע? נאָר יענער פּאָכעט מיט די פויסטן און שרייט: זי! זי! זי איז אַן אויסגעלאַסענע צויג און האָט אים באַגנבעט. גבריאל האָט זיך שוין אָנגעשטויסן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. נאָר אים האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַ משוגענער קען מאַכן אַ בילבול אויף זיך אַליין, דער וואָלף קרישקי איז דאָך אַ ייד אין די טיפע זעכציקער. האָט גבריאל אויפגעשלאָסן עלקעס קאַמער און איז דאָרט אַריין אינאיינעם מיטן שמאַטע־קלייבער. עלקע, אויסגעמוטשעט און הייזעריק פון גוואַלדעווען טאָג און נאַכט, האָט די לעצטע טעג שוין געשוויגן. אָבער גלייך ווי זי האָט דערזען אַריינקומען דעם שמאַטע־קלייבער, האָט זי זיך אויפסניי צעשריען מיט די ווילדסטע קולות. „ראַטעוועט! ער איז אַ שד! אַ שד! איך וויל ניט האָבן קיין ממזר פון אַ שד!“ און וואָלף קרישקי האָט געטופּעט מיט די פיס, אַז זי האָט אים פאַרנאַרט צו זיך, בעת די בעלי־בתים זיינען געווען אין פעלד ביי דער אַרבעט, און האָט ביי אים צוגעגנבעט אַ סאַמעטענע קאַמזעלקע.

דער קאָלאָניסט לעווין האָט געטייטלט מיטן פינגער אויף אַ פּאָר וואַלקעניקער הענדלער. „איר זייט שולדיק!“ זיי זיינען געקומען קיין דעקשנע אים דערציילן, אַז זיין פּאַציענטקע איז טראָגעדיק פון ישיבה־בחור וואָס וואוינט ביי אים דריי מעת־לעת אין דער וואָך. די מאַרק־הענדלער האָבן געענטפערט, זיי זיינען גאָט די נשמה שולדיק. מען האָט איבערגעגעבן אין נאָמען פון די דעקשנער אַז דער חשד פאַלט אויפן ישיבה־בחור, זיינען זיי געקומען אין דאָרף זיך דערקונדיקן צי ס'איז אמת. „ס'האָט טאַקע אויסגעזען ווי אמת,“ האָט גבריאל לעווינס ווייב זיך אַריינגעמישט. די יידענע האָט דערציילט אַז עלקע קאָגאַן האָט איר מאַן ניט ליב געהאַט. אפשר איבער דעם איז זי נאָכן קימפּעט אַראָפּ פון זינען. איטלעך מאָל ווען איר מאַן מיטן יינגל זיינען געקומען קיין דעקשנע, האָט זי אויף ביידן געקוקט מיט שטומען פּחד פון אַ געיאָגטער חיה. דער ישיבה־בחור איז איר גראָד יאָ געפעלן, כאָטש ער איז אַן אָפּגעלאָזענער און טראָגט אַ באָרד. זי האָט אים שטענדיק נאָכגעקוקט מיט צונויפגעלייגטע הענט און אַן אויפגעשיינט פּנים. און ווען מיט איר האָט געטראָפן דאָס אומגליק האָט זי אים נאָכגעשריען. „חתן מיינער, וואו לויפסטו?“ איז ווער זאָל וויסן? — האָט די גבריאַליכע אויסגעפירט. ביז מען האָט אין קאַמער ניט אַריינגעלאָזט דעם

שמאַטע־קלייבער האָט דאָך עלקע ניט געדענקט ווער עס האָט זי טראָגעדיק געמאַכט.

„איר, רבי, זייט זיך אַליין אויך שולדיק," האָט צום ליפּנישקער געטענהט איינער פון די דעקשנער קאַלאַניסטן, וואָס זיינען עקסטרע מיטגעגאַנגען מיט גבריאל לעווין מחילה בעטן דעם ישיבה־בחור. „מיר פרעגן אייך אין שולכל ביים לערנען, צי איר האָט אין דער דירה וואו איר און די עלקע וואוינען געזען עמעצן אַריינקומען, ענטפערט איר אַז איר האָט קיינעם ניט געזען. פאַרוואָס האָט איר ניט דערציילט אַז אַרום שטוב האָט זיך אַלעמאָל אַרומגעדרייט וואָלף קרישקי? מען זאָגט דאָך אויף אייך, איר קענט צונויפבינדן אין איין פּילפּול אַלע גמרות אַ סך גיכער און בעסער ווי מען בינדט צונויף, להבדיל, אין איין טראַטווע די קלעצער אויפן טייך. האָט אייער שאַרפער מוח ניט געקענט צונויפבינדן דעם מטורף וואָלף קרישקי מיט עלקע קאַגאַן? אייך איז עס גאָרניט איינגעפאַלן?"

ניין, אים איז ניט איינגעפאַלן, האָט שיע ליפּנישקער קוים געצויגן דעם אָטעם און נאָך אַלץ אַרויפגעקוקט צום הימל מיט דאַנק און לויב צו דער השגחה־עליונה וואָס האָט אים מציל געווען: אמת טאַקע, דער קראַנקער ייד מיטן פּאַק אַלטע מלבושים פלעגט אים אָפּשטעלן און פרעגן, צי די בעלי־בתים זיינען אין דער היים אָדער אין פעלד ביי דער אַרבעט. דאָך איז אים ניט איינגעפאַלן חושד זיין דעם ר׳ וואָלף קרישקי, ניט פאַר דער געשיכטע און ניט נאָך דער געשיכטע. דער עילוי האָט זיך מודה געווען אַז ער האָט זיך געוואָלט אָנטאָן אַ מעשה. ער האָט עס ניט געטאָן, ווייל דעמאָלט וואָלטן אַלע פּה אחד געזאָגט אַז ער איז דער שולדיקער. ס׳קען זיין אַז ער וואָלט זיך ניט גערעכנט אַפילו דערמיט וואָס מען וועט זאָגן און וואָלט זיך גענומען דאָס לעבן, אַבי אויסגעלייזט ווערן פון די צרות. ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיין קיין מאבד עצמו לדעת, ניט צו פאַרלירן זיין חלק עולם־הבא.

# 10

**יוסף וואַרשעווער** האָט שוין ווידער, ווי פאַר דער חתונה, געטראָגן זיין לייכט מאַנטעלע מיטן אויפגעשטעלטן סאַמעטענעם קאַלנערל. ער האָט אויסגעזען נעבעכדיק־אויסגעבלייכט, מיט בלויע רייפן אונטער די אויגן. ער איז געזעסן ביים מחזה־אברהם אין חדר, די זון האָט אַריינגעשיינט, נאָר זיינע דינע הענט און שמאָלער קינבאַק האָבן אונטערגעציטערט פון קעלט, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַ ווינטערדיקן דרויסן. יוסף וואַרשעווער האָט דערציילט אַז דער מנהל האָט אים געמאַכט אַ שם פאַר אַן אַפּנאַרער, ווייל ער האָט ניט חתונה געהאַט מיט דער קעכין פון ישיבה. און אַט דער ר׳ צמח האָט דאָך אַליין אָפּגעלאָזט אַ שידוך מיט אַ מיידל, כאָטש ער האָט מיט איר געשריבן תנאים. אויך מיטן ווייב לעבט ער ניט בשלום, זי איז אין לאָמזשע און ער אין וואַלקעניק. איז ווי מעג ער מוסרן אַנדערע? בפרט אַז ער, יוסף וואַרשעווער, האָט מיט דער קעכין קיין תנאים ניט געשריבן און קיינמאָל גאָרניט צוגעזאָגט. איז ווי בלייבט, דער מחזה־אברהם וועט אים געבן אַ בריוו אין וועד־הישיבות, מען זאָל אים אַרויסשיקן פאַר אַ משולח אין אויסלאַנד?

דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק אַז ער לעבט אויף דער וועלט דורך די חסדי־הבורא כדי צו לערנען תורה לשמה, און אַז צוליב דעם דאַרף ער אָפּהיטן זיין געזונט און מנוחה, האָט ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער אויסגעאַרבעט אין זיך אַ כוח פון קענען אָפּשטופּן אַן ענין וואָס פאַרשאַפט אים עגמת־נפש. וויפל מאָל ער האָט ניט געהערט וועגן מנהלס שלעכטן משפחה־לעבן, האָט ער ניט געוואָלט וויסן קיין מער פרטים, זיך צו פאַרשפּאָרן יסורים. אָבער פּלוצעם האָט זיין האַרץ זיך אַ קער געטאָן קעגן מנהל. מיט אַן אומט פריער איז ר׳ אברהם־שעיה געזעסן ביז שפּעט אויפדערנאַכט און זיך צוגעהערט, מיט אַ בלייך־געוואָרענער שפּיץ נאָז און אַ טריקעניש אויף די ליפּן, וואָס חייקל דערציילט וועגן ליפּנישקער. ער האָט פאַרשטאַנען אַז ר׳ מנחם־מענדל איז צו אים ניט געקומען נאָך אַן עצה און נאָך הילף, ווייל ר׳ מנחם־מענדל ווייס פון נסיון אַז ער, דער דאַטשניק פון סמאָלאַרניע, וועט סייווי זיך איינשטעלן פאַר ר׳ צמח אַטלאַס. דער מחזה־אברהם האָט זיך געפילט שולדיק. ער אַליין טוט פאַר דער ישיבה גאָרניט און לאָזט אויך ניט דערוויייטערן דעם מנהל וואָס שטייט אין אַ זייט בעת זיין בית־מדרש ווערט חרוב.

„פאַרוואָס האָט ר׳ צמח אַטלאַס אָפּגעלאָזט דעם ערשטן שידוך און פאַרוואָס איז זוגתו ניט אינאיינעם מיט אים?“ האָט דער מחזה־אברהם געפרעגט.

גדליה זאַנדאַקס איידעם איז אונטערגעשפּרונגען און געענטפערט אויסער זיך פון כעס: דער בעל־מוסר ר׳ צמח אַטלאַס איז מער בעל־תכלית פון אים,

יוסף וואַרשעווער. דער בעל־מוסר האָט זיך באַצייטנס געכאַפּט, אַז דער מחותן וועט אים ניט אָפּגעבן דעם נדן און אַז ער קען קריגן אַ שענערע כלה. האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ רייכער און פרייער יפת־תואר. לכתחילה איז ער געגאַנגען אין אירע וועגן, ביז ער האָט זיך פאַרבענקט ווידער צו נעמען בעל־הבתעווען אויף תלמידים און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס ווייב. „איך האָב מיין ווייב ניט איבערגעלאָזט אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה. וועט איר מיר געבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו?" נאָר פון שאַרפן בליאַסק אין מחזה־אברהמס אויגן האָט יוסף פאַרשטאַנען אַז ער האָט נאָך ניט געפּועלט, האָט ער גענומען ריידן מיט טרערן אין קול: דער שווער דער פּראָסטאַק שרייט צו אים, אַז אויב ער קען ניט ווערן אַ כלי־קודש זאָל ער ווערן אַ קרעמער. „רבונו־של־עולם, קיין רוצח ווי קין בין איך דאָך ניט, איז טאָקע גדול עוני מנשוא? און אַז איך האָב ניט חתונה געהאַט מיט דער קעכין, טאָר מען צו מיר ניט האָבן קיין צוטרוי?"

„איך פאַרשטיי ניט מיט וואָס איז זיין אַ משולח שענער ווי זיין אַ קרעמער. אַ משולח איז זעלטן אין דער היים, און איר זייט דאָך ערשט נאָך דער חתונה," האָט ר' אברהם־שעיה גערעדט ווייך, ניט אויפצורעגן דעם יונגנמאַן נאָך מער. „אויף יום־טוב קומט מען אַהיים. אַזוי פירט זיך דער ייִנגערער אײדעם פון היגן שוחט, וואָס איז אויך אַ משולח פאַר אַ גרויסער ישיבה," האָט יוסף געענטפערט און נערוועז געטרייסלט מיט די דינע שפּיציקע קני אין די שמאָלע הויזן.

„איר דאַרפט קיינעם ניט נאָכטאָן. יעדערער דאַרף גיין זיין אייגענעם וועג, נאָר דער וועגווייזער דאַרף זיין די תורה," איז ר' אברהם־שעיה אַוועק זיך צולייגן אויף זיין בעטל. איצט האָט ער גערעדט מיט אַ קאַלט שטרענג קול און צונויפגעצויגענע ברעמען: ער ווייס גאָרניט וועגן די הכנסות און הוצאות פון דער מיר, קלעצק און ראַדין. וואָלט דאָך פּשוט געווען נאַריש ער זאָל פּלוצעם זיך אַריינמישן אין געלט־ענינים און שרייבן בריוו מען זאָל צונעמען אַ נייעם מענטשן. בכלל איז עס אַ ביטערע פּרנסה און ניט קיין בכבודיקע פּרנסה, סיידן מען טוט עס דורכויס לשם שמים. משולחים פעלן ניט, זיי פאָרן אין די זעלבע ערטער און קאָנקורירן צווישן זיך. אָפטמאָל ברענגט עס צו אַ חילול־השם. דערצו נאָך דאַרף מען ביי געלט זאַמלען זיין אַ גרויסער אויסטויגער. אַ מענטש אַ ביישן, אַ צו־איידעלער אָדער אויפגערעגטער מענטש, קען קיין סך ניט אויפטאָן. ס'איז גענוג ער זאָל האָבן איין דורכפאַל, און דער מוסד וואָס האָט אים אַרויסגעשיקט וועט אים גלייך אָפּזאָגן. למעשה וועט זיך סיווי ניט געפינען קיין ישיבה וואָס זאָל מסכים זיין אַרויסצושיקן אַ ניט־געניטן משולח; און להלכה, טאָר אַ יונגער־מאַן גאָרניט זוכן אַזאַ פּרנסה וואָס צעשיידט אים מיטן ווייב.

גדליה זאַנדאַקס איידעם האָט עס טיילווייז אַליין פאַרשטאַנען: און אויב מען וועט אים יאָ אָננעמען פאַר אַ משולח, איז ער שוין זיכער אַז מען וועט

אים שיקן קיין אַמסטערדאַם און לאָנדאָן, ווי דעם וואַלקעניקער שוחטס אײדעם? מען קען אים נאָך שיקן שנאָרען אין די אָרעמאַנסקע שטעטלעך פון דער ליטע. אויך דעם שוחטס אײדעם לעקט ניט קיין האָניק. אָט ווי ער איז ניט אַ גרויסער כיטראַק און קען אָנשטעלן אַ גע׳פּגרטע צורה, שפּיי אים אין פּנים וועט ער זאָגן אַז ס׳גייט אַ רעגן, איז ער פונדעסטוועגן איבער אַ סיכסוך מיט זיין ישיבה אַ שטיק צייט נאָך פּסח אָפּגעזעסן אין וואַלקעניק, און ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי ער זאָל אינגאַנצן ניט פאָרן. „איז גאָרניט, הייסט עס, קומט אויס, הייסט עס, אַז איך דאַרף ווערן אַ מאַרק־הענדלער, אַ קרעמער, טאַקע ווי דער שווער פאַרלאַנגט,״ האָט דער אורח געמאַכט אַ פאַרוויינטע העוויה. „איך האָב אייך שוין געזאָגט, כשאני לעצמי, זע איך ניט איין מיט וואָס אַ קרעמער איז ערגער פון אַ קהלשער שטעלע,״ איז דער מחזה־אברהם אַרונטערגעקראָכן פון בעטל זיך געזעגענען מיטן אורח און אים ווינטשן אַ כתיבה־וחתימה־טובה.

ווי לאַנג דער פאַרטרוילעכער שמועס האָט זיך געצויגן ביים רבין אין חדר, האָט חייקל זיך געמוזט אַרומדרייען אין הויף. סוף־כל־סוף איז גדליה זאַנ־דאַקס אײדעם אַוועק און חייקל האָט אים נאָכגעקוקט מיט שפּאָט: בחורוויז האָט יוסף וואַרשעווער געשטעלט קאַלטע טריטעלעך און זיך געריבן דעם קינבאַק אין סאַמעטענעם קאַלנערל; איצט גייט ער מיט געהויקערטע פּלייצקעלעך און הוסט מיט אַ בייז איינגעגעסן הוסטל.

דריי בייטאָג איז אין הויף פון סמאָלאַרניע ווידער געווען אַ גאַסט, יואל אוזדער. חייקל האָט אים דערזען פון ווערענדע און אויסגערופן אין זיך: דער ׳געזעצטער קאָפּ׳ גייט! אָנהייב זומער איז אין וואַלקעניקער ישיבה אָנגעגאַנגען אַ שקלא־וטריא הלמאי דער מחזה־אברהם האָט גענומען צו זיך דעם ווילנער. האָט דער אוזדער אויף דעם געענטפערט: ס׳איז פּראָסט־פּשוט, ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער דאַרף אַ משמש, אַ בחורל וואָס זאָל שלאָפן מיט אים אין איין חדר און אים נאָכטראָגן דעם האַנטעך צום טייך. דער ליפּנישקער עילוי האָט דעמאָלט גערעדט נאָך שאַרפער, אַז וואָס דער מחזה־אברהם איז ניט אויסן און וועמענס תלמיד דער ווילנער זאָל ניט זיין, איז ער סיי ווי אַן עם־הארץ גמור. ער קען אַפילו ניט קיין פינף הונדערט בלעטלעך גמרא אויסווייניק. איז וויל ער האָט אַנוסטן מזלזל געווען אין ווילנערס כבוד, האָט יואל אוזדער אים איצט גערופן ר׳ חייקל און געבעטן בכל מיני בקשות ער זאָל פרעגן ביי זיין רבין, צי מען קען צו אים אַריינגיין אויף אַ סוד כמוס. און ווען יואל איז שוין געזעסן אין מחזה־אברהמס חדר האָט ער נאָך לאַנג געקנייטשט מיטן שטערן אַרויפצו און אַראָפּצו, ווי בעת ער איז זיך מיישב צי ער זאָל יאָ אָדער ניט געבן אַ חבר אַ הלוואה, ביז ער האָט צולעצט ביי זיך געפּועלט ער זאָל דערציילן דעם סוד כמוס:

ביי זיין ערשטן באַזוך אין סמאָלאַרניע נאָך ל״ג־בעומר, האָט ר׳ אברהם־שעיה אים געפרעגט בעקיפין הלמאי ער האָט ניט חתונה. איז ער איצט, חצי אלול, געקומען מיט אַן ענטפער אויף יענער קשיה: ער האַלט ביים טאָן אַ שידוך מיט אַ וואָלקעניקערין, מיט דער קעכין פון ישיבה. קיינער אין שטעטל ווייס עס נאָך ניט, און ווען מען וועט זיך דערוויסן וועט עס פאַר יעדן זיין אַ פלא. אַפילו די כלה און איר מאַמע האָבן ניט געוואָלט גלייבן אין זיינע רייד, ווארום זיי האָבן פריער געהאַט אַ שלעכטע אָנלערנונג מיט אַן אַנדער בן־תורה. אַזוי ווי די מאַמע פון דער מדוברת איז אַן אָרעמע אלמנה איז ניט שייך צו ריידן וועגן קעסט און נדן. אויך פון יחוס איז ניט שייך צו ריידן. פונדעסטוועגן איז ער נאָכן אַריינטראַכטן אין ענין חדשים־לאַנג געקומען צו דער מסקנה אַז ס׳איז אַ גלייכע זאַך.

„ס׳איז די זעלבע וואָס האָט געזאָלט זיין דעם וואַרשעווערס כלה?״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געפרעגט. „דעם וואַרשעווערס כלה האָט געזאָלט זיין די יינגערע פון די צוויי שוועסטער און מיינע איז די עלטערע. איך וואָלט ניט גענומען די יינגערע פאַר דער עלטערער,״ האָט יואל אוזדער געענטפערט און זיך געחידושט פון וואַנען דער מחזה־אברהם ווייס עס אַלץ. דער מחזה־אברהם פון זיין זייט האָט זיך געחידושט פון עפּעס אַנדערש: ווערליק ער האָט געהערט, האָט דער אוזדער עד היום ניט חתונה געהאַט פון שרעק מען זאָל אים ניט אָפּנאַרן. איז פאַרוואָס נעמט ער פּלוצעם אַ טאָכטער פון אַן אָרעמער אלמנה און דערצו נאָך ניט קיין מיוחסת? „לפי דעתי דאַרף אַ בן־תורה יאָ טראַכטן וועגן אַ מעמד, ווייל ער אַליין איז ניט קיין פאַרדינער, און דער אָפּשטאַם איז וויכטיק כמעט ווי דער קרן גופא.״

אַוודאי, האָט דער אַלטער בחור געענטפערט, אויך ער האַלט פון געלט און יחוס, ווען מען ווייס אויף זיכער אַז מען ווערט ניט אָפּגענאַרט. אָבער על־פּי רוב בלייבט מען דער גענאַרטער. אָט האָט יוסף וואַרשעווער, אַנשטאָט דער קעכינס יינגערער טאָכטער, גענומען דעם נגיד גדליה זאַנדאַקס טאָכטער — און מוראדיק ניט געטראָפן. אַפילו דער מנהל ר׳ צמח האָט געמוזט אָפּלאָזן אַ שידוך. און וויפל ער, יואל, האָט זיך ניט געהיט, האָט אויך ער געמוזט איינמאָל מבטל זיין אַ תנאים.

„וואָס טוט זיך דאָ!״ האָט ר׳ אברהם־שעיהס פּנים זיך צעפלאַמט פון כעס און בושה. „בני־תורה וואָס ריידן שטענדיק וועגן מסירת־נפש פאַרן רבונו־של־עולם און אויך פאַר אַ חבר, פאַרשטייען ניט וויפל חילול־השם און שפיכת־דמים זיי באַגייען ביים צעגיין זיך מיט אַ כלה? יוסף וואַרשעווער האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך, דער מנהל ר׳ צמח האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך, און איר האָט אויך אָפּגעלאָזט אַ שידוך?״

די כלה איז געווען אַ טויבלעכע, האָט יואל זיך פאַרענטפערט, אַיי, פאַרוואָס האָט ער עס פריער ניט באַמערקט? ווייל ער אַליין הערט ניט צו־גוט פון וויטן, האָט געדויערט ביז ער האָט זיך געכאַפּט אַז די כלה איז מיט אַ מום... מען קען אויך ניט פרעגן פון יוסף וואַרשעווער אויפן מנהל ר' צמח. לא דמי להדדי! ווי מען שמועסט האָט דער מנהל ערשט נאָך תנאים זיך דערוואוסט אַז דער מחותן וועט ניט אָפּגעבן דעם נדן, די פּאָר יאָר קעסט און אַז ער איז סתם אַן אדם קשה. מיטן צווייטן שידוך האָט דער מנהל געטראָפן נאָך וויניקער, כאָטש זי איז פון אַ רייכער היים און האָט נאָך אַנדערע מעלות... און אָט אַזוי פּאַוואָלינקע איז יואל אוזדער צוריקגעקומען צום אָנהייב, ריכטיק ווי די גמרא זאָגט, מענין לענין באותו ענין: ער עסט אין קיך באַלד אַ יאָר צייט. ווייס ער אַז די מדוברת איז אַ שטילע טויב און אַ ביסל אַ געפּאַלענע ביי זיך, מחמת איר יינגערע שוועסטער האָט אויף זיך מער בעלנים. אָבער ביי אים איז זיין כלהס ניט נושא־חן זיין ביי וואַלקעניקער בחורים — אַ מעלה, ניט קיין חסרון. אַ ביסל געלט האָט ער אָפּגעשפּאָרט און זי זעט ניט אויס צו זיין אַן אויסברענגערקע. וועט ער נאָך דער חתונה, אם ירצה השם, פאָרן עם זוגתו שתחיה אין אַ כולל לערנען. טאָמער וועט ער ניט קענען אויספירן צו פאָרן אין אַ כולל, וועט ער עפענען אין וואַלקעניק אַ געוועלבל און ווערן אַ קרעמער.

אויף ר' אברהם־שעיהס באַקן האָט געשפּילט אַ ראָזלעכע פרישקייט, די מויל־ווינקלען האָבן געשמייכלט, די אויגן האָבן געלויכטן. וואָלט ער זיך ניט געשעמט אַרויסצואווייזן זיינע געפילן, וואָלט ער דעם אוזדער אַ קוש געטאָן אין קאָפּ פאַר דעם וואָס ער איז אַ איש תם וישר. ער האָט דעם חתן אַרויסבאַגלייט ביז אויף יענער זייט טויער פון סמאָלאַרניע און אים געדריקט די האַנט.

„אויב ביי אייך וועט זיין אַ מזל־טוב אָדער אַ תנאים איידער איך פאָר צוריק קיין ווילנע, וויל איך קומען צו דער שמחה."

אויף צוריקוועגס אין שטעטל האָט דער אוזדער אויף זיין שטייגער געשפּאַנט מיט אַקוראַטנע טריט, געשוויצט אין שטייפן קאַפּעליוש און אין צוויי־באָרטנעם רעקל מיט די וואַטע־אַנגעשטאָפּטע אַקסל. ער האָט געקנייטשט מיטן שטערן, פון אָנשטרענגונג האָט זיך זיין האַלדז אָנגעבלאָזן. פאַרוואָס עפּעס האָט דער מחזה־אברהם זיך אַליין פאַרבעטן אויף תנאים? תרתי משמע! האָט יואל פריילעך אויסגעזונגען: דער מחזה־אברהם וויל קומען אויף תנאים אי כדי אָנטאָן כבוד מיר, דעם חתן, אי כדי זען צי איך האָב גוט אויסגעקליבן.

# 11

**אַז עס קומט צו אַ שידוך,** זיינען וויניק בני־תורה אָפּ־געהיט אין ניט ברענגען אַ בת־ישראל צו בושת־פּנים. האָט ר׳ אברהם־שעיה געטראַכט נאָך יואל אוזדערס אַוועקגיין. ער האָט מער ניט געלערנט פאַר־זיך און אויך ניט מיטן תלמיד. ער האָט זיך פּרי געלייגט שלאָפן, נאָר ניט צוגעמאַכט קיין אויג. זיין קענען אָפּשטופּן פון זיך אַ מחשבה, וואָס פאַרשאַפט אים עגמת־נפש, איז אים דאָס מאָל ניט בייגעשטאַנען. דער באַזוך פון די צוויי יונגעלייט אין ערשטן האַלבן טאָג און דער געדאַנק וועגן נאָענטן צוריקפאָרן קיין ווילנע אויף ראש־השנה, האָט אים געצוואונגען צו טראַכטן וועגן זיין שווער לעבן אין דער היים. אין סמאָלאַרניע האָט בלויז זיין שוועסטער געוואוסט פאַרוואָס ער ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ אומעטיקער און פאַרטראַכטער. אָבער אַפילו מיט דער שוועסטער האָט ר׳ אברהם־שעיה וועגן דעם ניט גערעדט.

ווייל ער האָט געליטן אויפן האַרץ נאָך ייִנגלווייז און די דאָקטוירים האָבן ניט געגלייבט אַז ער וועט בלייבן לעבן, האָט די משפחה באַטראַכט זיין יעדן טאָג פאַר אַ נס. גלייך ווי ער איז עלטער געוואָרן האָבן זיינע רבנישע עלטערן זיך גענומען זאָרגן וועגן אַ צוגעפּאַסטן שידוך פאַר אים. אויסער זיין האַרץ־פעלער, איז דער קאָסאָווער מתמיד נאָך געווען אַ ניט־געוויינטלעך פרומער, אַ שער־מאַשינקע האָט זיך צו זיין בלאָנדער באָרד קיינמאָל ניט צוגערירט. אַזאַ יונגנמאַן איז תמיד שווער צו טאָן אַ שידוך, בפרט אַז די משפחה האָט פאַר אים געזוכט אַ כלה אַ פרנסה־געבעריןָ, ער זאָל קענען זיצן און לערנען. די אויסגע־זוכטע כלה איז טאַקע געווען אַ בריה אין געשעפט, אַ פרומע, בטבע אַ גוטע, אַ טרייע. אָבער גלייך נאָך תנאים האָט זיין משפחה זיך אַרומגעזען אַז ס׳איז אַ מקח טעות. די כלה איז עלטער פון צוואַנציק־יאָריקן חתן ניט בלויז אויף עטלעכע יאָר, ווי מען האָט פריער געהערט; זי איז כמעט דאָפּלט אַזוי אַלט ווי ער. אויך דער אָפּשטאַם איז אַ גאַנץ פּראָסטלעכער, און דער מחותן האָט ניט צו באַצאָלן אַפילו אַ דריטל פון צוגעזאָגטן נדן. דעם חתנס משפחה האָט פאַר־לאַנגט ער זאָל צוריקשיקן די תנאים. נאָר ער האָט געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש אַז ער וועט ניט פאַרשעמען אַ בת־ישראל. אויב זי איז טאַקע אויף אַזויפיל עלטער פון אים וועט דאָך איר בושת־פּנים זיין נאָך גרעסער. און זיי האָבן חתונה געהאַט.

אויף מאָרגן נאָך דער חופּה האָט יודעס אָנגעטאָן אַ גרויסן שווערן פאַרוק און גענומען רופן דעם מאַן ׳מיין אַלטיטשקער׳. זי האָט געהאָרעוועט אין געוועלב און געפלאַטערט איבער זיין געזונט. איר איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו פרעגן הלמאי זי דאַרף זיך מוטשען און זיין אַן אָרעמע שניט־קרעמערקע, בעת גרויסע

ישיבות ווילן איר מאַן פֿאַר אַ ראש־ישיבה. אַפֿילו ווען ער איז אין אַ מאַרק־טאָג אַריין אין געוועלב צוהעלפֿן, האָט זי אים געהייסן צוריקגיין אין בית־מדרש. יודעס האָט געוואָלט, ער זאָל זיצן און לערנען און זי זאָל אים באַדינען. אַנשטאָט זיך פֿרייען וואָס דעם מאַנס נאָמען וואַקסט, האָט זי זיך געבייזערט אויף זיינע מקורבים, ווי דער פּירסום וואָס ער קריגט וואָלט אים פֿון איר אַוועקגענומען. אַז אַ בכבודיקער אורח האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן, „רביצן, ווייסט איר כאָטש אַז ר׳ אברהם־שעיה איז אַ גאון־עולם?״ האָט יודעס אויף גיך אָפּגעווישט דעם נחת־דיקן שמייכל פֿון די ליפּן און געענטפֿערט, „מיר זיינען אָרעמע קליינע מענטשע־לעך, אַ דאַנק דעם אייבערשטן דערפֿאַר, אַבי מיין אַלטיטשקער איז געזונט.״ נאָר אַז אַ קונהטע האָט זיך צערעדט, „איך האָב געהערט זאָגן אַז איר האָט אַ מאַן אַ וואויללערנער אַ צאַצקע,״ האָט זיך יודעס צעשריען, „איך האָב פֿיינט יידענעס און דערצו נאָך אַ יידענע אַ חניפֿותניצע. איר זייט אַריין קויפֿן שטאָף אויף אַ קליידל? קויפֿט די שטאָף און גייט אייך געזונטערהייט.״

ר׳ אברהם־שעיה האָט ביסלעכווייז שלום געמאַכט מיטן ווייבס צו־טומלדיקן און פֿראַסטלעכן כאַראַקטער. ער האָט אָבער בשום אופֿן ניט געקענט זיך צוגע־וואוינען צו איר אומגיין מיט מענטשן. דער מחזה־אברהם האָט אויף אורחים ניט אויסגעקוקט, פֿונדעסטוועגן האָט ער זיי פֿיין אויפֿגענומען. אין באַשטימטע פֿאַלן האָט ער אַפֿילו געפֿילט, אַז ס׳איז זיין חוב זיך אַריינצומישן, געבן אַן עצה אָדער אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין. נאָר די רביצן האָט צו אים ניט אַריינגעלאָזט, און אויב ער האָט דורכויס געוואָלט אויפֿנעמען דעם אורח, האָט זי נאָך יענעמס אַוועקגיין געגעבן אַזאַ האַק־צו די טיר אַז ר׳ אברהם־שעיה איז געוואָרן אַ פֿאַר־ציטערטער. „יענער מיינט דאָך אַז דו האָסט זיך קוים דערוואָרט פֿון אים פּטור צו ווערן. טו עס ניט מער.״ ס׳איז געקומען דער הורטאָווניק פֿון דער מאַנופֿאַק־טור־סחורה און גערעדט ווייך, איידל: ער קען מער ניט וואַרטן, ער מוז צאָלן שטייערן און שניידט זיך די פֿינגער פֿאַר אַ גראָשן. ער ווייס אַז די רביצן האָט אַ מאַן אַ צדיק און וועט באַצאָלן... דער בעל־חוב האָט שוין ניט פֿאַרענדיקט, וואָרום יודעס איז אויף אים אַרויף מיט אַ געשריי. „ווער פֿרעגט אייך צי מיין מאַן איז אַ צדיק. גייט פֿון דאַנען, גייט!״ און ר׳ אברהם־שעיה האָט זיך ביי איר געבעטן. „וואָס האָסטו מורא, וואָס גוואַלדעוועסטו ווען מען זאָגט אַז איך בין אַ צדיק. זאָל מען זאָגן. מען וועט דאָך דורך זאָגן קיין עין־הרע מיר ניט געבן.״

פֿון דער צווייטער זייט איז יודעס פֿון אַן אורח אויף שבת אַ תלמיד־חכם ניט אָפּגעטראָטן. זי האָט אים כסדר דערמאָנט ער זאָל עסן און זיך ניט שעמען. דערביי האָט זי געטראַסקעט מיט די טעלער, געקנאַקט מיט די אָפּצאַסן און ניט אויפֿגעהערט אויספֿרעגן דעם גאַסט וועלכע מאכלים ער האָט ליב, ווי קאָכט זיין רביצן און צי ער האָט נחת פֿון די קינדער. ר׳ אברהם־שעיהס פּנים האָט

אַזש געברענט פון עגמת־נפש, און נאָכן אורחס אַוועקגיין האָט ער מיט איר איינגעטענהט: זי האָט דאָך געקענט זען אַז דער פאַרבעטענער איז אַן איידעלער שוואַכער ייד. אפשר האָט ער אַ קראַנקן מאָגן און טאָר קיין סך ניט עסן. נאָר אַז זי שטייט־צו, וויל יענער ניט פאַרשעמען די בעל־הביתטע און עסט איבער די כוחות. מען טאָר אויך ניט ביים אורח צופיל זיך אויספרעגן אויף ווייב און קינדער. עס קען דאָך געמאָלט זיין אַז ער האָט ניט קיין נחת פון קינדער. אַז מען פרעגט אים אָבער נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, צווינגט מען אים זאָגן ליגן, אָדער ער קען זיך צעוויינען. זיין אַזוי ווייט אויסגערעכנט און אָפּגעהיט האָט יודעס ניט געקענט און קיין געדולד ניט געהאַט. האָט זי דעם מאַן געענטפערט אַז אויב ער שעמט זיך מיט איר, זאָל ער מער קיין אורח אויף שבת ניט פאַרבעטן. אַן אַנדערש מאָל ווען ער האָט ווידער פאַרלאַנגט זי זאָל זיין מיט די געסט איידעלער, האָט יודעס אַפילו אַרויסגעפּלאַצט: זי ווייס אַז זיין משפּחה האָט ניט געוואָלט דערלאָזן צום שידוך און אַז ער האָט מיט איר חתונה געהאַט פון רחמנות וועגן. ווי אַ מאַן האָט ליב אַ פרוי האָט ער זי קיינמאָל ניט ליב געהאַט.

ער זאָל האָבן אַ לענגערן אָפּרו פון דער ליאַרעמדיקער אשת־חיל, איז די שוועסטער הדסה געזעסן מיט אים אויף דאַטשע ביז ערב ראש־השנה. אָבער וואָס נענטער ס׳איז געקומען צום צוריקפאָרן, אַלץ אָפטער האָט ר׳ אברהם־שעיה אָפּגעזיפצט און געטראַכט: פאַרפאַלן, ער טאָר קיין חרטה ניט האָבן וואָס ער האָט בימי בחרותו ניט געוואָלט נעמען אויף זיך דעם חטא פון מבייש זיין אַ יידישע טאָכטער. אויף איר אופן איז יודעס אַ צידקנית, הגם אים איז שווער, זייער שווער, און ער פילט פאָרט ניט צו איר קיין חיבה יתירה... האָט ער אויפגעציטערט איטלעך מאָל בעת ער האָט געהערט וועגן אַ בן־תורה וואָס האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך. פון אייגענעם נסיון האָט ער געוואוסט פאַרוואָס דאָס טרעפט צווישן לערנער. זיי טוען דאָך שידוכים דורך שדכנים און חתן־כלה זעען זיך בלויז אַ פּאָר מאָל פאַר תנאים. כאַפּט מען זיך ערשט שפּעטער אַז די כלה איז ניט קיין צוגעפּאַסטע, אָדער אַז דער מעמד איז ניט קיין זיכערער. אָבער וואָס ס׳איז אַן ענטפער פאַר סתם אַ בחור איז ניט קיין פאַרענטפערונג פאַר אַ בעל־מוסר. ר׳ צמח אַטלאַס אַ געלט־מענטש? ר׳ צמח אַטלאַס לאָזט אָפּ אַ שידוך פון שרעק אַז מען וועט אים ניט אָפּצאָלן דעם נדן?

ר׳ אברהם־שעיה האָט אַליין ניט געהערט ווי הויך ער האָט זיך צעקרעכצט. חייקל האָט זיך איבערגעוועקט פון לייכטן שלאָף און ס׳האָט זיך ביי אים אַרויס־געכאַפּט. „וואָס איז אייך, רבי?" אונטער די אויגן און אין געדאַנק האָט ער דעם מחזה־אברהם שטענדיק גערופן ׳רבי׳, נאָר ניט פּנים אל פּנים. ער האָט געפילט אַז דעם מחזה־אברהם איז עס ניט ניחא צו הערן אַפילו פון אים, דעם תלמיד. „מיר איז גאָרניט. דער יצר־הרע סטראַשעט מיך אַז אויב איך וועל איינשלאָפן,

קען איך נאָך פאַרשלאָפן די צייט פון לייענען קריאת־שמע.״ האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך שטיל צעלאַכט און דערציילט אַ מעשה מיט אַ בעל־הבית וואָס איז געקומען צום רב מיט אַ שאלה: וואָס טוט מען? ער קען אַ גאַנצע נאַכט ניט צוטאָן מיט קיין אויג פון שרעק טאָמער פאַרשפּעטיקט ער דעם זמן קריאת־שמע. האָט אים דער רב געענטפערט אַז דאָס לאָזט אים דער יצר־הרע ניט שלאָפן ביינאַכט, כדי ער זאָל איינשלאָפן אינדערפרי און טאַקע פאַרשפּעטיקן אויפשטיין צום דאַווענען. דאָס איז דעם יצר־הרעס קריאת־שמע! און דער רב האָט אויפן ייד גוזר געווען, ער זאָל בכלל אויפהערן לייענען קריאת־שמע, ביז ער וועט ניט אויפהערן זיך שרעקן. דער מוסר־השכל פון דער מעשה איז, אין הימל־זאַכן פּונקט ווי אין ערד־זאַכן מוז מען לעבן לויט איינגעשטעלטע חוקים. אויב מען איז זיך פאַר עמעצן מוסר־נפש איבער דער מאָס און דאָרט וואו מען מוז ניט, קען טרעפן אַז מען זאָל ווערן אַן אַכזר דווקא דאָרט וואו מען דאַרף אַרויסווייזן חסד און רחמים.

דער מחזה־אברהם איז אַנטשוויגן געוואָרן און איז אין זיינע מחשבות ווידער צוריקגעקומען צום מנהל ר׳ צמח וואָס האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך איבער געלט. אויך חייקל האָט מער ניט געקענט איינשלאָפן און געטראַכט, אַז וואָס פאַר אַ מעשה דער רבי זאָל ניט דערציילן איז עס אַ מעשה מיט אַ מוסר־השכל. ס׳וועט פון דעם זייער אומעטיק. דער מחזה־אברהם איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן רוקן. זיין באָרד, ביי טאָג אַ גאָלד־בלאָנדלעכע, האָט אין נעץ פון די קאַלטע לבנה־שטראַלן אָפּגעפינקלט מיט גרוי און זילבער, ווי די קאָרע פון אַן אָסינע־בוים. דער ווינט האָט דורכן פענצטער אַריינגעשאָטן הויפנס פאַרוועלקטע בלע־טער, אַנגעזאַפּט מיט אַ פייכטן האַרבסטיקן ריח. חייקל האָט אַריינגעאָטעמט דעם פרישן רויען ווינט און געוואָלט אַז דער חדר זאָל פול ווערן מיט אַ געווירבל פון בלעטער וואָס זאָלן זיך דרייען און דרייען. ער האָט אָבער מורא געהאַט אַז דער רבי זאָל זיך ניט צוקילן, איז ער אַרונטער פון בעט און פאַרמאַכט דאָס פענצטער. ער האָט זיך צוריקגעלייגט און אַריבערגערעדט פון זיין געלעגער.

„זינט די דאַטשניקעס זיינען זיך צעפאָרן און די זומער־שטיבלעך פוסטעווען, דאַכט זיך מיר יעדע נאַכט אַז דער וואַלד שטייט אַליין אינדרויסן אַ פאַרטרויער־טער, ער האָט ניט וואו זיך אַהינצוטאָן.״ ר׳ אברהם־שעיה האָט געהאַרכט און לאַנג געשוויגן, ביז ער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל אין קול. „ביסט נאָך מער בעל־דמיון ווי איך האָב געמיינט. אָפּטמאָל רעדסטו זיך אָפּ רייד ווי מיין פלימעניקל בערעלע. פונדעסטוועגן ביסטו געוואָרן איינגעהאַלטענער און גע־הובלטער.״

דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט גרויע כמאַרעס, אין חדר איז געוואָרן פינצטער. שפּעטער אַ ווייל זיינען די וואָלקנס צעקראָכן און אין שיין פון דער

אַרויסגעגאַנגענער פולער לבנה האָט חייקל דערזען די ביימער אויפֿן באַרג קעגנאיבער. זיי האָבן אים אויסגעקוקט ווי ריזן מיט פֿאַרהויבענע הענט צום הימל. באַלד האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס געלאַף פֿון די וואָלקנס, אַ שטומע באַוועגונג, אַ גיין און קומען פֿון וואָסערדיקע געשטאַלטן מיט משונהדיקע גרויסע קעפּ. זיי וואַנדערן וועלט־איין וועלט־אויס און ברענגען געהיימע ידיעות צו דעם וואָס זיצט אין העכסטן רקיע אויפֿן טראָנשטול.

„ווי דו, חייקל, האָסט נעכטן בייַנאַכט דערציילט, לייקענען סיי די וואָלקע־ניקער סיי די דעקשנער, אַז דאָס האָבן זיי אַרויסגעלאָזט די קלאַנגען אויפֿן ליפּניש־קער. און דער שכל איז מחייב אַז די שטעטלשע בעלי־בתים וועלן ניט מאַכן אַ בילבול אויף אַן עילוי אַ תמים. אויך די דאָרפֿישע יידן וועלן עס ניט זאָגן אויפֿן בחור וואָס קומט מיט זיי לערנען תורה. פֿון דער צווייטער זייט איז קיין ספק ניט אַז עמעץ האָט עס געטאָן און דורכויס במזיד. האָסטו ניט געהערט ווער דאָס קען זיין?"

„אויף צוריקוועגס פֿון טאַטן בין איך אַריין אין ישיבה, האָב איך דאָרט גע־הערט, אַז אַלע זיינען חושד דעם אָנפירער פֿון ביבליאָטעק. ער איז אַ געוועזענער בן־תורה און האָט די תלמידים וואָס שלאָפֿן אין הכנסת־אורחים איבערגערעדט צו לייענען ביכער."

„מאָרגן נאָכן שיעור דאַרפֿסטו גיין אין שטעטל זיך דערוויסן וואָס דאָרט טוט זיך," האָט ר' אברהם־שעיה אויסגעקלאַפּט דעם קישן, אפֿשר וועט עס אים העלפֿן אַנטשלאָפֿן ווערן. „וויבאַלד אין וואָלקעניק איז דאָ אַ כוח וואָס אַרבעט קעגן דער ישיבה, האָב איך מורא אַז די זאַך איז נאָך ניט געענדיקט."

חייקל האָט גענומען לאַכן און ריידן לעבעדיק ווי אין האַלבן טאָג: יואל אוזדער האָט אַ צונאָמען 'דער געזעצטער קאָפּ'. יוסף וואַרשעווער האָט נאָך פֿאַראַיאָרן ווינטער ביי אים גענומען אַ הלוואה פֿון אַנדערהאַלבן זלאָטעס און ניט אָפּגעגעבן. טענהט יואל אוזדער אַז דער וואַרשעווער האָט לכתחילה גענומען ניט אָפּצוגעבן, ווי ער האָט מלכתחילה ניט געטראַכט פֿון חתונה האָבן מיט דער קעכין לייטשע, גיטל דער געשטופּלטערס טאָכטער... דער תלמיד האָט נאָך ווייטער געפּלאַפּלט, נאָר דער רבי האָט ניט געענטפֿערט ווי ער וואָלט שוין געשלאָפֿן. מיט אַ ווינקל מוח האָט ער נאָך געטראַכט, מען טאָר דעם יוסף וואַרשעווער ניט שטעלן פֿאַר אַ נסיון און אים ניט אָנטרויען פֿרעמד געלט, בפֿרט געלט וואָס מען גיט אויף אַ ישיבה. אַ איש תם וישר איז יואל אוזדער. און דורך ר' אברהם־שעיהס צונויפֿגעקלעפּטע וויעס האָט זיך געזיפּט אַ שמייכל, אַ סימן אַז הינטער זיינע אויגן־דעקלעך איז נאָך ליכטיק, ווי ס'איז קלאָר און טיף דער הימל־בלוי, איבער די פֿאַרצויגענע וואָלקנס.

# 12

## דאָס פאַרברענען די טרייף־פּסולס האָט איבערגענומען

דער מוליער סראַלייזער. שבת־צונאַכט נאָך הבדלה האָט ר׳ הירשע גאָרדאָן אים געגעבן אַן אַדערויף אויף דער סומע וואָס ער וועט קריגן פאַר מאַכן אויף די ביכער בורא־מאורי־האש. פון זונטאָג פרי האָט צמח מער ניט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט, אים האָט געצויגן צווישן מענטשן. ער האָט אָבער דערזען דאָס פאַרקערטע וואָס ער האָט דערוואַרט:

וואָלקעניק האָט געיומטובט אינדערוואָכן, אַזוי האָט אַלעמען דערפרייט די בשורה־טובה פון די דעקשנער קאָלאָניסטן אַז דער ישיבה־בחור איז גאָט די נשמה שולדיק. אַ גאַנצן זונטאָג און אויך מאָנטאָג זיינען יידן געשטאַנען אויפן שול־הויף מיט אויפגעלויכטענע פּנימער און געשמועסט וועגן נס, וויבער האָבן זיך געווישט די אויגן פון גרויס שמחה וואָס דער אייבערשטער האָט מציל געווען אַ צדיק. „מען דאַרף דאָך צו זיינע פיס פאַלן און אים מחילה בעטן, אָפּבלאָזן דאָס אָרט וואו ער זיצט.״ אין בית־מדרש האָבן די יינגערע לערנער אַרומגערינגלט דעם עילוי און אים געגלעט, גערעדט צו אים דברי־תנחומים, און ער האָט זיי דאָס מאָל ניט אָפּגעטריבן. ער האָט נאָר כסדר אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ארון־קודש און געדאַנקט דעם בורא־עולם פאַר העלפן אים אין זיין נויט. ר׳ מנחם־מענדל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעשיינט פּנים און געטריבן די תלמידים צו דער גמרא, געגנוג געבטלט. דעם מנהל ר׳ צמח אַטלאַס האָט ר׳ מנחם־מענדל ניט געוואָלט באַמערקן; אויך די תלמידים האָבן צו אים ניט גערעדט, ווייל אים קימערט ניט מער פאַר דער ישיבה. זיכער אַז דער מוליער סראַלייזער האָט דאָס שטיקל אַרבעט מיט דער ביבליאָטעק שוין אָפּגעטאָן און ס׳איז צו־שפּעט צוריקצוכאַפּן, האָט צמח געשוויגן נאָך מיט מער פיינדשאַפט צום המון וואָס איז היינט פאַרן ליפנישקער, ווי דער זעלבער המון איז מיט אַ טאָג צוריק געווען קעגן אים.

די שטעטלשע האָבן גערעדט אַז די מעשה אויפן ישיבה־בחור האָט אויסגע־טראַכט מאירקע פּאַדוואַל פון פּאַנאַשישאָק, און בעלי־בתים האָבן געפרעגט ביי די ביבליאָטעקניקעס: מיט וואָס איז דער עוכר־ישראל מאירקע בעסער פון אַ שונא־ישראל וואָס מאַכט אַן עלילת־דם? חברה יונגוואַרג האָט אַרומגע־זוכט דעם ביבליאָטעקער וואָס האָט זיך אין ערגעץ ניט געוויזן. ערשט דינסטאָג איז ער אַרויס פון באַהעלטעניש און די חברים האָבן אים באַגעגנט מיט האַרבע דיבורים, אַז זיי האָבן אויף אים געהאַט אַ פאַרדאַכט נאָך אין יענעם אויפדער־נאַכט בעת ער איז געקומען מיט די נייס וועגן דעקשנע. איצט ווילן זיי דורכפירן אַ דעבאַטע, צי מען מעג אָנווענדן אוממאָראַלישע מיטלען אין קאַמף מיטן אַלגע־

מיינעם שונא. גערעדט אין נאָמען פון אַלעמען האָט, פאַרשטייט זיך, משה אָקון, דער לאַנגאָץ מיט די אַראָפּגעפּאַלענע הענט, אָפּגעשטאַרבענער צורה און אַרויס־געקראָכענע פאַרקילטע אויגן. „גוט, שמאַטעוואַטע אינטעליגענטן, איך וועל היינט אָוונט קומען צו דער דעבאַטע," האָט מאירקע געענטפערט און מען האָט געקענט זען אַז אים עסט די נכפה וואָס זיין פּלאַן פון צעלייגן די ישיבה איז דורכגעפאַלן.

ווי לאַנג דער ביבליאָטעקער האָט זיך ניט באַוויזן, זונטאָג אָוונט און מאָנטאָג, איז די ביבליאָטעק געווען צוגעמאַכט. ערשט דינסטאָג פאַרנאַכט, בעת מען האָט דאָס שטיבל געעפנט פאַר דער דעבאַטע, האָט מען דערזען די פּוסטע פּאָלי־צעס אָן ביכער. די חברה האָבן שטום און טעמפּ געגלאָצט אויף מאירקען. אַ היפּשע ווייל האָט אויך ער ניט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, מיטאַמאָל איז אים עפּעס איינגעפאַלן.

„דער שונא איז ניט איבערקלייבעריש אין מיטלען ווי איר, שמאַטעוואַטע אינטעליגענטן. קומט, איך וועל אייך ווייזן ווער דאָס האָט אָפּגעטאָן."

שיע ליפּנישקער איז שוין ווידער געזעסן און געלערנט מיט התמדה. זיינע יסורים און צידקות האָט די תלמידים אויסגעניכטערט פון יצר־הרע צו ביכלעך. פול מיט חרטה אויף דער גע׳פּטרטער צייט אויף דברים־בטלים, זיינען די תלמי־דים געזעסן עלנבויגן לעבן עלנבויגן און זיך געשאָקלט איבער די גמרות. אויך בעלי־בתים האָבן געשמאַק אונטערגעזונגען און זיך געשאָקלט איבער ספרים. וואָס נענטער צו ראש־השנה, האָבן יידן אַלץ אָפטער איבערגעלאָזט די געוועלב־לעך און מער פאַרבראַכט אין בית־מדרש. פּלוצעם האָבן זיך אַריינגעריסן די חברה פון ביבליאָטעק. פאַרויס האָט געשטורעמט מאירקע פאַדוואַל און אַלע יונגען הינטער אים, ווי אַ סטייע וועלף וואָס שפּרינגען איבער אַ פאַרקאַן צו אַ סטאַדע צעווייגעטוליעטע שעפּסעלעך.

„ער!" האָט מאירקע פאַדוואַל זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרסאָפּעטער ביי שיע ליפּנישקער. „ער האָט עס געטאָן!"

לערנער און בעלי־בתים האָבן אַרומגערינגלט דעם עילוי אים צו באַשיצן, און זיך צוגעהערט ווי דער ביבליאָטעקער באַווייזט שוואַרץ אויף ווייס אַז די ביכער פון ביבליאָטעק האָט צוגענומען ער, דער ליפּנישקער: נאָך זיין צוריק־קומען פון דעקשנע האָט ער אין קיך ביים עסן געסטראַשעט די יינגערע קלויז־ניקעס, אַז ער וועט מיט די אייגענע הענט צערייסן די טרייף־פּסולס וואָס זיי לייענען; און אַזוי ווי מען האָט אים דערנאָך באַשולדיקט אין דער עבירה מיט דער דעקשנער יידענע, האָט ער אַרויסגעגנבעט די ביכער כדי זיך נוקם זיין.

צמח וואָס איז די לעצטע פּאָר טעג ניט אַרויס פון ישיבה, זעט פון זיין ווינקל ווי דער גערודפטער בן־תורה קריגט ווידער אַ געפּייניקט פּנים. ר׳ מנחם

מענדל פּאַכעט מיט די הענט. „ווי האָט דער ליפּנישקער געקענט אַליין אַרויס־שלעפּן אַ גאַנצע ביבליאָטעק?" און מאירקע פּאַדוואַל ענטפערט אים. „איר האָט אים געהאָלפן! איר האָט ביי די קלויזניקעס וואָס שלאָפן אין הכנסת־אורחים געשלעפּט די ביכלעך פון די קעסטלעך. איר און אָט דער משוגענער עילוי!" אַ באַשיצטער פון חברים און עלטערע בעלי־בתים, גלאָצט שיע צום ארון־קודש מיט אַ שטום געשריי אין די אויגן: מאין יבוא עזרי? און די חברה פון ביבליאָטעק גוואַלדעווען צו אים אַריבער. „וואו זיינען די ביכער? באַהאַלטן אָדער צעריסן? ענטפער, כניאָק, וואָרום מיר וועלן דיך ממיתן!" און צמח אין זיין ווינקל חידושט זיך וואָס אויף אים ווייזט ניט קיינער.

„שטעלט זיך אַוועק ביי דער טיר און לאָזט די קלויזניקעס ניט אַרויס אין דרויסן, איך וועל גיין ברענגען דעם רב," האָט מאירקע פּאַדוואַל אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו דער חברה און איז אַרויס, באַגלייט פון אַ פּאָר חברים.

די יונגען האָבן זיך אויסגעשטעלט ביים אַרויסגאַנג, ניט אַרויסצולאָזן די לערנער. די בעלי־בתים אָרום ליפּנישקער האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיינען צוריקגעגאַנגען צו זייערע ספרים. אָבער ר׳ מנחם־מענדל מיט אַ מנין יינגערע מוטיקע תלמידים זיינען פון אים ניט אָפּגעטראָטן. דער בית־מדרש האָט זיך געגומען אָנפילן מיט קרעמער און בעלי־מלאכות וואָס זיינען געקומען דאַווענען מעריב. דער נייער סקאַנדאַל האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט איבער וואָלקעניק, קריינדל וואָראַביי איז אַריין אין שטוב מיט אַ טריאומף. „ווידער די קלויזניקעס!" און זי האָט דערציילט וואָס ס׳איז פּאָרגעקומען. ר׳ שלמה־מאָטע האָט געזען אַז פון כעס אויף זיין חייקלען ווערט קריינדל מיט יעדן טאָג, ווי אַ פליג סוף זומער, אַלץ בייזער און שטעכיקער קעגן די לערנער. אָבער דאָס מאָל האָט אויך אין אַלטן משכיל אויפגעברויזט דער כעס קעגן דער ׳לישכה השחורה׳ און, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן מיט דער ביינערנער גאָלקע, איז ער אַוועק אין בית־מדרש. גראָד דעמאָלט איז חייקל אָנגעקומען פון וואַלד און דערהערט אין שול־גאָס דעם טומל פון בית־מדרש, איז ער אַריין אינעווייניק און געטראָפן דעם טאַטן שטיין הינטער דער בימה. ר׳ שלמה־מאָטע האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און אַריבערגעקוקט צום מזרח־ווינקל. דאָרט איז געשטאַנען דער מנהל מיט אַ פּנים פון אַ טויב־שטומען וואָס זעט אָרום זיך אַן אומרואיקע באַוועגונג, נאָר ער פאַרשטייט ניט פאַרוואָס מען איז אומרואיק.

מאירקע און זיין קאָמאַנדע זיינען צוריקגעקומען מיטן רב. לויט ר׳ מרדכי־אהרן שפּיראָס געהויקערטע פּלייצעס און פאַרפרומטע העוויות וואָלט מען גע־קענט מיינען, אַז מען האָט אים אַריינגעבראַכט מספּיד צו זיין אַ גרויסן צדיק און די שוואַרץ־איבערגעדעקטע מיטה מיטן נפטר וואַרט שוין אויפן שולחן פון דער בימה. אין האַרץ האָט דער רב ווידער געשאָלטן דעם טאָג וואָס ער האָט איבער־

געלאָזט שישלעוויץ און איז אַריינגעפאָרן אין אַ שטעטל וואו יעדער טאָג איז אַן אַנדער מהומה. אָבער למראית־עין איז ער צווישן עולם געגאַנגען מיט דער פאַרקרעכצטער דביקות פון אַ גרויסן זאָגער אַ בעל־בכי. ער איז צוגעקומען צום עילוי און אים גענומען חוקר־ודורש זיין, צי ער ווייס עפּעס וועגן דער פאַרשוואונדענער ביבליאָטעק.

שיע ליפּנישקער האָט זיך צעוויינט ווי ביים ערשטן בילבול. דער רב דער כעסן איז גלייך אַרויס פון די כלים. „וואָס זייט איר עס פאַר אַ שלימזל אַז וואו אַ צרה זייט איר אינמיטן!" און אויף דער ביבליאָטעק־חברה האָט דער רב געשריען. „איר זייט משוגע צי חסר־דעה? איך זיינען ווייניק די נגישות וואָס ער איז פריער אויסגעשטאַנען?" ר' מרדכי־אהרן שפּירא האָט זיך דורכגעשטופּט צו זיין אָרט ביים ארון־קודש: מער וועט ער זיך ניט מישן! דעם רבס ווערטער האָבן אונטערגעכאַפּט עלטערע בעלי־בתים און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מאירקע פּאַדוואַל. „פּושע־ישראל! דיר איז נאָך ווייניק דער דעקשנער בילבול, מאַכסטו שוין אַ נייעם?" משה אָקון האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַז מען דאַרף זיין גערעכט אויך צום קעגנער.

„ער איז דאָך אַ פרומער, טאָ זאָל ער שווערן אַז ער האָט די ביכער ניט אָנגערירט."

דעם אַרומיקן עולם איז דער איינפאַל שטאַרק געפעלן און מען האָט גענומען שרייען: ריכטיק! זאָל ער שווערן ביים אָפענעם ארון־קודש מיט די ספרי־תורה אַז ער איז ניט שולדיק. בעת דער מעשה דעקשנע האָט ער געוואָלט שווערן, נאָר מען האָט אים ניט צוגעלאָזט; איצט וועט מען אים צולאָזן און אַלע וועלן אים גלייבן. שיע האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין אַנלען פון באַנק, מען זאָל אים ניט קענען שלעפּן צום ארון־קודש. ער וועט ניט שווערן, האָט שיע געוויינט און געשריען. ביי דער מעשה דעקשנע האָט ער געוואָלט געבן אַ שבועה, מען זאָל אים ניט חושד זיין אין אַן עבירה מיט אַן אשת־איש. אָבער די השגחה־עליונה האָט אים געוואָלט פאַרהיטן פון אַ שבועה, ווייל מען טאָר ניט שווערן אַפילו אויף אַן אמת, האָט מען אים דעמאָלט צו דער ספר־תורה ניט צוגעלאָזט. וועט ער איצט שווערן איבער טרייף־פּסולס? ער האָט די ספרי־מינים און ראַמאַנען ניט אָנגערירט, ער ווייסט אַפילו ניט וואו די ביבליאָטעק געפינט זיך. נאָר געבן אַ שבועה אויף נאַרישע מעשה־ביכלעך וועט ער ניט, בשום אופן ניט.

מאירקע פּאַדוואַל, דער געוועזענער ישיבה־בחור, האָט שיעס טענה פאַר־שטאַנען און געשמייכלט כיטרע. נאָר די חברה פון ביבליאָטעק האָבן קיין תורה ניט געלערנט און געיובלט: אַהאַ! דער קלויזניק שווערט ניט, איז אַ סימן אַז ער האָט עס געטאָן. אויך אַ טייל שטעטלשע יידן האָבן ניט פאַרשטאַנען הלמאי

דער לערנער וויל ניט שווערן. דער פולער בית־מדרש, ווי אַ צעהוידעטע שיף אין שטורעם, האָט זיך אַריבערגעבויגן אויף דער זייט פון ביבליאָטעק. יונגע־לייט האָבן געליאַרעמט: זיכער האָט ער עס געטאָן! און זקנים האָבן געקרעכצט: אַן אומגליק, אַן אומגליק, זינט אין שטעטל האָט זיך אַריינגעקליבן די ישיבה, האָט מען ניט קיין איין טאָג מנוחה.

דער וואַכעדיקער פרוכת אויפן ארון־קודש, די נאַקעטע טישן און די יידן אין די מאַרק־קליידער האָבן דעם האַלב־טונקעלן מקום־קדוש געמאַכט אויסזען ווי אַן אָנגעפּראַפּטער יאַריד. וואַלקעניקער האָבן געוואוסט אַז אַ מחלוקת אין שול דאַרף פאַרקומען שבת. מען האָט צייט, מען איז אויסגערוט און מען וויל אַ טאָג ניט וויסן פון דאגות פרנסה. אָבער אין אַ דינסטאָג אויפדערנאַכט, אלול־צייט, בעת דער דרויסן שמעקט מיט האַרבסטיקע רעגנס, דער ווינט יאָגט אין קאַרק און די זאָרגן פרעסן דעם מוח — האָט די מחלוקת אַלעמען אויפגערעגט. אַ יונגערמאַן מיט אַ פאַרריסן קולכל האָט מיט אַ ביינערדיקער פויסט זיך גע־שלאָגן אין האַרצן: זיין געלט! זיין בלוט! זיינע ביכער! די מעשה מיט דער משוגענער אין דעקשנע איז אים אָנגעגאַנגען ווי פאַראַיאָריקער שניי. נאָר אין ביבליאָטעק צאָלט ער חודש־אַפּצאָל און זיין גרעסטער פאַרגעניגן אין לעבן איז לייענען שבת אַ בוך. האָט מען עס ביי אים צוגענומען? די וועלט וועט זיך איבערקערן און די ביכער מוזן זיך אָפּגעפינען! „פאַר אַזאַ מעשה דאַרף מען די ישיבה־בחורים ציען די אָדערן איינציקווייז, מעסטן אויפן מעטער און וואַרפן פאַר די הינט,“ האָט זיך בנעימותדיק אָפּגערופן דווקא אַן עלטערער ייד מיט אַ פּאָר גוטע אויגן און אויסגעשאָרענע וואָנצעס. „פּאָליציי! פּאָליציי!“ האָט אַן אַנדערער געגוואַלדעוועט. אויב גאָטס גנבים מעגן גנבענען ביכער, מעג מען זיי מסרן און איינזעצן.

„מיר דאַרפן ניט קיין פּאָליציי, מיר אַליין וועלן זיי ממיתן, אונטערהאַקן די זייטן, אָפּשלאָגן די לונגען,“ האָבן די חברה געענטפערט און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די לערנער.

צמח האָט געזען ווי די יונגען רייסן פון די ישיבה־לייט די גמרות און שרייען. „איר האָט ביי אונדז צוגענומען די ביכער, וועלן מיר ביי אייך צונעמען די ספרים.“ אַ הויכוואוקסיקער האָט ר׳ מנחם־מענדלען געהאַלטן ביים בערדל און אויף אים געהוקעט. „ים־באַק, וואו זיינען די ביכער? איך מאַך פון אייך אַ קאַליקע!“ ר׳ מנחם־מענדל האָט אויפן יונג געקוקט מיט אַ פאַרגעלטן אויסזען און געשוויגן. מאַירקע פּאַדוואַל מיט זיין קאָמאַנדע האָבן באַלאַגערט דעם ליפּ־נישקער וואָס האָט זיך פאַרשטעלט מיטן שטענדער און געציטערט. צמח האָט אַרויסגעשפּאַנט פון ווינקל, מיטביידע אויסגעשטרעקטע הענט פאַרויס אַ שטויס געטאָן מאַירקע פּאַדוואַל אויף איין זייט און דעם שלעגער וואָס האָט געהאַלטן

ר׳ מנחם־מענדלען אויף דער צווייטער זייט. דעם מנהלס וואוקס און געשטעל האָט די חברה אויף אַ ווייל צעטומלט, זיין פּנים האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגע־שלייפטער האַקמעסער. „איר זאָלט זיך ניט דערוועגן אויפהייבן אַ האַנט,״ האָט ער אַ ברום געטאָן און איז אַרויף אויף די ארון־קודש־טרעפּלעך. דער טומל אין בית־מדרש איז איבערגעגאַנגען אין אַן איינגעהאַלטענעם געמורמל, ביז ס׳איז שטיל געוואָרן. דעמאָלט האָט דער מנהל הויך אויסגערופן.

„איך האָב עס געטאָן. ניט שיִע ליפּנישקער, ניט דער ראש־ישיבה ר׳ מנחם־מענדל און ניט קיינער פון די בני־תורה האָבן צו דעם אַ שייכות. קיינער האָט אַפילו ניט געוואוסט אַז איך האָב די ביכער אַרויסגענומען פון ביבליאָטעק און פאַרברענט.״

אַ קעלט האָט אַ בלאָז געטאָן אין בית־מדרש, ווי דאָס שטילשווייגן וואָלט זיך פאַרוואַנדלט אין אייז, צוגעדעקט די ווענט און אַרומגעפראָרן די הענגלייכטער. פּנימער האָבן זיך אויסגעצויגן פון דערשטוינונג. דער ערשטער איז געקומען צו זיך מאירקע פּאָדוואַל.

„און ווער האָט אייך געהאָלפן? איינער אַליין האָט איר עס ניט געקענט דורכפירן. און וואו האָט איר די ביכער פאַרברענט? דערציילט, וואו און ווי אַזוי האָט איר די ביכער פאַרברענט?״

דער מנהל האָט געשוויגן. דעם עולם איז געוואָרן אומהיימלעך פון זיין בלייך פּנים מיט די שוואַרצע אויגן, ווי צוויי אָפענע פינצטערע קעלערן. יידן האָבן זיך איבערגעקוקט צי ער איז ביים זינען. דער בעל־הבית פון מנהלס קוואַרטיר און ישיבה־עסקן, דער שניידער ר׳ ישראל, האָט זיך דערנעענטערט צום ארון־קודש, זיין קאָפּ מיט דער ווייסער באָרד האָט אונטערגעציטערט. „איר זייט אויף זיך מלשין, ר׳ צמח, ניט איר האָט עס געטאָן.״ פון עולם האָט מען אונטערגעהאַלטן דעם שניידער. „ער וויל ראַטעווען דעם שולדיקן, נעמט ער אַלץ אויף זיך.״

„איך שווער אייך אַז איך האָב עס געטאָן און איך וועל ניט שווערן פאַלש! איך האָב עס געטאָן ווייל די ביבליאָטעק איז געוואָרן דער מקור פון שלעכטס, אַ הייל פון הפקר־יונגען.״ דער מנהל האָט אויסגעשטרעקט די לאַנגע האַנט און געוויזן אויף מאירקע פּאָדוואַל. „אָט דער חוטא־ומחטיא האָט די יינגערע בני־תורה איבערגערעדט צו לייענען ביכער, און אויפן ליפּנישקער וואָס האָט אים פון זיך אָפּגעטריבן האָט ער געמאַכט אַ בילבול. האָב איך זיך געזאָגט, איך וועל דאָס שלעכטס אויסרייסן מיטן וואָרצל. אמת־פרומע און ערלעכע וועלן זיין פון דעם צופרידן, און יענע וואָס האַלטן מיט אָט דעם פאַרדאָרבענעם יונג פון פּאַנאַשי־שאָק, זאָלן זיי מיך פאַרשטיינען.״

„אָבער ווער עס האָט אים געהאָלפן זאָגט ער ניט,״ האָט מאירקע געלאַכט

ווי אַ מומר־להכעיס. „איך וועל אייך זאָגן ווער ס׳האָט אים געהאָלפֿן: הירשע גאָרדאָן האָט אים געהאָלפֿן! הירשע גאָרדאָן האָט שטענדיק געזאָגט אַז מען דאַרף די ביבליאָטעק פֿאַרברענען. נאָר אויך זיין בן־יחיד ביינושל האָט בסוד־סודות געליען ביי מיר ביכער, ביז זיין טאַטע האָט זיך דערוואוסט. איך ווייס אַז ער האָט זיך עס דערוואוסט. האָט ער איינאיינעם מיט אַט דעם אָנפירער פון ישיבה די ביכער אַרויסגעגנבעט און זיי פֿאַרברענט.״

יידן האָבן געדרייט די קעפּ אויף אַלע זייטן, ר׳ הירשע גאָרדאָן איז טאַקע ניט געקומען צו מעריב. די קאָץ ווייס אַז זי האָט גענאַשט, אויפן גנב ברענט דאָס היטל. צמח איז אַרונטער פון די ארון־קודש־טרעפּלעך און דער עולם האָט זיך אויפסניי צעשטורעמט. דער מנהל איז אין וואַלקעניק אַ פרעמדער און בעל־הבתעוועט דאָ ווי אין זיין טאַטנס וויינגאָרטן! דער מלמד ר׳ שלמה־מאָטע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום זון.

„נו? וואָס זאָגסטו איצט צו דיין ר׳ צמח אַטלאָס? ווי איך בין אַריין אין קלויז און אויף אים אַ קוק געטאָן, איז מיר גלייך איינגעפאַלן אַז פאַרברענען אַ ביבליאָטעק פּאַסט פאַר אים. דאָ אין שטעטל וועט קיין ישיבה מער ניט זיין.״

ווי שטאַרק חייקל איז ניט געוואָרן אויפגעבראַכט אויפן טאַטן פאַר די רייד וועגן מנהל, האָט ער באַלד איינגעזען אַז דער טאַטע האָט ריכטיק פאַרויסגעזאָגט. די חברה פון ביבליאָטעק האָבן געלאָזט וויסן דעם עולם, אַז פון מאָרגן אינדערפרי וועלן ביים בית־מדרש זיך בייטן וואַכטעס און ניט אַריינלאָזן די לערנער ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט. אויך הירשע גאָרדאָן וועט ניט קענען אַריינקומען צום דאַוונען, ניט אינמיטן וואָך און ניט שבת. און אַ באַיאוועקע וועט נאָך שטיין ביי זיין מאַנופאַקטור־געשעפט ס׳זאָל זיך איינעווייניק ניט אַריינקריגן קיין קונה.

# 13

**אַ שטעטלשע דעלעגאַציע,** דער רב ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא, דער ראש־ישיבה ר׳ מנחם־מענדל סגל, דער שניידער ר׳ ישראל און עלציק בלאָך, זיינען געזעסן אַרום טיש אינמיטן הויף פון סמאָלאַרניע. חייקל האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון דער דאַטשע און פאַרשטאַנען אַז דער רבי איז שטאַרק אויפגערעגט, אויב ער לאָזט די אורחים ביים טיש און שפּאַצירט הין און צוריק דורכן הויף.

דער מחזה־אברהם האָט אַרומגעשפּאַנט, די הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט און דעם קאָפּ אויסגעבויגן אַהינטער, ווי ער וואָלט געגאַרט אַז פון פאַרכמאַרעטן הימל זאָלן פאַלן קאַלטע טראָפּנס און אָפּקילן זיינע צעהיצטע מחשבות. אייגנטלעך האָט ער ניט געהאַט וואָס איבערצוטראַכטן. די אורחים האָב אים דערציילט אַז כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האַלט מיטן יונגן דור וואָס לאָזט די ישיבה־לייט ניט אַריין אין בית־מדרש. דער אויסוועג קען זיין נאָר איינער. דאָך האָט ער געוואָלט זיך אַ ביסל באַרואיקן און אָפּציען אויף אַ וויל דעם ענטפער, די יידן זאָלן ניט טראַכטן אַז ער האָט זיין לעצט וואָרט אַרויסגעזאָגט אין איילעניש, אין אַ מינוט פון כעס. ער האָט אויך געוואָלט פאַרשטיין ווי אַזוי דער מנהל איז געקומען צו אַזאַ געדאַנק, צו אַזאַ אַקט. נאָר ער האָט זיך צו גאָרנישט דערטראַכט און אַנשטאָט זיך צו באַרואיקן איז ער געוואָרן נאָך אויפגערעגטער. איז ער מיט האַסטיקע טריט צוגעגאַנגען צום טיש מיט די אורחים און אויסגערופן.

„טרייבט אים אַרויס. דאָס איז מיין עצה און פּסק־דין. לאָזט אים וויסן אַז ער איז מער ניט מנהל פון ישיבה און מוז גלייך אַוועקפאָרן פון שטעטל.” דער מחזה־אברהם האָט זיך אויסגעדרייט צום שניידער ר׳ ישראל. „און איר זאָגט אים אַז ער קען מער ביי אייך אין שטוב ניט וואוינען. גיט אים אַ טאָג אויף זיך איינצופּאַקן און אַרויסצוקלייבן.”

דער רב האָט זיך געאיילט מסכים זיין מיטן פּסק־דין. ער ווייס אָבער ניט, האָט ער געזאָגט, צי דאָס וועט ניט דערפירן צו אַ נאָך גרעסערער מחלוקת. דער מנהל האָט נאָך אַלץ בעלי־בתים וואָס האַלטן מיט אים. וואָלט ניט גלייכער געווען איבערצורעדן מיט אים מיט גוטן ער זאָל אַוועקפאָרן פון זיין טובה וועגן? חוץ מזה איז סתם ניט זיכער אַז די שדים פון ביבליאָטעק וועלן די ישיבה־יינגלעך אַריינלאָזן אין בית־מדרש, אויב אַפילו מען וועט דעם מנהל משלח זיין. זיי פאַרלאַנגען מען זאָל זיי אָפּקויפן אַנדערע ביכער. ר׳ אברהם־שעיה איז רויט געוואָרן, ווי שטענדיק בעת ער האָט עמעצן געהערט ריידן אַנדערש ווי ער טראַכט. דער רב האָט דאָך אויפן מנהל גערעדט דער ערשטער

נאָך אָנהייב זומער. וואָלט ער איצט לכל־הפּחות ניט באַדאַרפט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ בעל־רחמים.

„די קהילה דאַרף טאַקע די ביכער אָפּקויפן," האָט דער מחזה־אברהם גע־ענטפערט. „היינטיקע צייטן טאָר מען מיט אַזעלכע וועגן קעגן אַפּיקורסים און אַפּיקורסות ניט גיין, ווייל דאָס פאַרגרעסערט נאָך די שנאה און די עקשנות פון די פרייע. איז אויב מען וועט די ביכער אָפּקויפן און דער שולדיקער אין דער שרפה וועט מער ניט זיין אין שטעטל, וועלן די יונגעלייט פון דער ביבליאָטעק צו רו לאָזן די בני־תורה."

ר׳ מנחם־מענדל און דער שניידער ר׳ ישראל זיינען געזעסן פאַראומערטע, זיי האָבן געזען אַז דער מחזה־אברהם וויל ראַטעווען די ישיבה. נאָר ווער האָט עס אַ האַרץ אָפּצוזאָגן דעם גרינדער פון ישיבה? אויך דער מזרחי עלציק בלאָך האָט זיך ניט געפרייט מיטן פּסק־דין, כאָטש דער מנהל האָט ניט פיין געהאַנדלט, זייער ניט פיין. „אַ וועלט רעדט אַז מיין שוואָגער ר׳ הירשע גאָרדאָן האָט אָנטייל גענומען אין דער שרפה און ער וועט נייע ביכער ניט לאָזן אָפּקויפן," האָט עלציק בלאָך געזאָגט. „דער דעת־הקהל איז קעגן אים און מען דאַרף ביי אים ניט פרעגן," האָט ר׳ אברהם־שעיה אָפּגעשניטן.

„ר׳ הירשע גאָרדאָן איז מכריז ומודיע אַז פאַר אים בין איך מער ניט וואָלקעניקער מרא־דאתרא," האָט דער רב אָפּגעקרעכצט, געצויגן אַ האָר פון באָרד און געפרעגט מיט אַ ניגון: אָנגענומען אַז דער מנהל פאָרט אַוועק, ווער זשע וועט ר׳ מנחם־מענדלען העלפן פירן די ישיבה? אייגנער אַליין וועט ער זיך קיין עצה ניט געבן. ר׳ אברהם־שעיה וואָס האָט געוואוסט אַז דער רב איז אויסן אַריינצוזעצן זיין זון אָדער איידעם, האָט אומגעדולדיק אַ צי געטאָן מיט די אַקסל:

מי יאמר אַז אין וואָלקעניק דאַרף זיין אַ נאָוואָרעדקער ישיבה מיט אַ מנהל וואָס זאָגט שמועסן אין מוסר? עלטערע בחורים דאַרפן דאָ בכלל ניט זיצן, דעם ליפּנישקער דאַרף מען הייסן פון דאַנען אַוועקפאָרן וואָס פריער. נאָך אַלע יסורים און בזיונות וואָס ער איז דאָ אויסגעשטאַנען, איז וואָלקעניק פאַר אים מער קיין אָרט ניט. וואָלקעניק דאַרף זיין אַ מכינה פאַר אָנפאַנגער, פאַר ערשטע פאַר־זיכניקעס. אויף דעם איז פאַראַן אַ ראש־ישיבה ר׳ מנחם־מענדל, אַגב־אורחא איז שוין די העכסטע צייט אַז שטעטל זאָל אַראָפּברענגען ר׳ מנחם־מענדלס משפּחה. וועט ער זאָגן דעם שיעור פאַר די תלמידים פון דער עלטערער כיתה, און מיט די תלמידים פון דער יינגערער כיתה וועט לערנען יואל אוזדער. ער איז אַ גרויסער למדן, אַ פרומער, אַן ערלעכער, און ווערט אַ חתן פאַר דער עלטערער טאָכטער פון דער אלמנה וואָס קאָכט פאַר דער ישיבה. וויניק בני־תורה וואָלטן גענומען אַזאַ אָרעמע כלה. דאַרף יואל אוזדער בלייבן אין ישיבה און זאָגן אַ שיעור פאַר די יינגסטע. מען וועט דורך דעם אויך מפצה זיין די

אלמנה פאַר איר צער און בושה פון אַ בן־תורה, וואָס האָט חרטה געהאַט אויפן שידוך מיט איר ייִנגסטער טאָכטער. און וויבאַלד אַז דער אײדעם זאָגט אין ישיבה אַ שיעור, וועט די קעכין באַהאַנדלען די תלמידים ווי אײגענע קינדער.

דער רב האָט מיט אַלע פינגער פון דער האַנט געשפּילט אויפן הענטל פון שטעקן. זײַנע לויפיקע וואַסערדיקע אײגעלעך האָבן אויפגעקאָכט: ניט זײַן זון, ניט דער אײדעם, דער אוזדער גאָר? ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק באָרד אין מויל און אַזוי לאַנג געקײַט, ביז ער האָט צעקײַט דעם כעס און אים אַראָפּגעשלונגען. ער האָט ניט געוואָלט פאַרפירן אַ קריג פאַר די אויגן פון בעלי־בתים. דערצו נאָך האָט דער מחזה־אברהם פלוצעם איבערגעריסן דעם שמועס. „זײַט מוחל, רבותי, מער קען איך ניט פאַרברענגען מיט אײַך, מײַן געזונט לאָזט עס מיר ניט.״ און ער איז האַסטיק אַוועק צו דער ווערענדע פון דער דאַטשע.

די אורחים האָבן פאַרשטאַנען אַז דער מכניס־אורח מוז זײַן אויסער זיך, אויב ער האָט זיי אַפילו ניט באַגלייט ביז צום טויער פון סמאָלאַרניע. דער ערשטער האָט זיך געלאָזט גיין דורכן הויף ר׳ מרדכי־אהרן שפּירא און משונהדיק גיך געדרייט דעם שטעקן אין די פאַרלייגטע הענט הינטערן געבויגענעם רוקן: ווער איז ער, דער מחזה־אברהם, דער אלפס, וואָס ער רעדט ווי אַ פּוסק־אחרון? דער רב האָט נאָך באַדאַרפט הערן און פאַרשווייגן עלציק בלאָכס קעלבערנע התפּעלות. „אוי איז ער אַ שיינער ייִד, ר׳ אברהם־שעיה קאַסאָווער! איר זעט? ער האַלט ניט פון די ווילדע קנאים. אוי איז ער אַ פײַנער ייִד, אונדזער דאַטשניק פון סמאָלאַרניע! איר זעט? ער האַלט אַז מען דאַרף צוריק אויפשטעלן די ביבליאָטעק.״ הינטער זיי איז געגאַנגען אַ דערשלאָגענער ר׳ מנחם־מענדל. ס׳איז טאַקע די העכסטע צײַט אַז זײַן ווייב מיטן זונעלע זאָלן קומען קיין וואָלקעניק. נאָר דער אײבערשטער איז זײַן עדות אַז ער האָט ניט געוואָלט געהאָלפן ווערן דורכן מנהלס חורבן. דער לעצטער האָט זיך נאָכגעשלעפּט דער שנײַדער ר׳ ישראל. דער קאָפּ און די באָרד האָבן בײַ אים געציטערט, אין די אויגן זײַנען אים געשטאַנען טרערן. ער און זײַן ייִדענע האָבן דעם קוואַרטיראַנט ליב באַקומען ווי אַ לײַבלעכן זון. אין שטוב איז ר׳ צמח אַן אויסנאַמיקער אײדעלער מענטש. ער פאַרלאַנגט קיינמאָל גאָרניט און דאַנקט שטענדיק פאַר אַלץ. מערניט, זײַן מיט אים אונטער איין דאַך איז ניט צו־פריילעך. ער גייט אום אַ פאַרזונקענער אין טרויעריקע מחשבות. איז ווי קומט עס ער זאָל פּלוצעם אַרויסשפּרינגען און אָפּטאָן אַזאַ זאַך? און ווי פועלט מען בײַ זיך אים הייסן זיך אַרויסקלײַבן?

„איך האָב אים געהייסן אַרויסטרײַבן!״ איז ר׳ אברהם־שעיה אַרײַן אין שטוב מיט אַ געשריי און איז גלײַך אַוועק צו זיך אין חדר זיך לייגן אויפן בעטל. זײַן שוועסטער הדסה האָט דורכן פענצטער פון איר שלאָפצימער זיך צוגעקוקט

צום שמועס אויפן הויף. איצט איז זי אַריין צום ברודער און געשטאַנען איבער אים אָנגעבויגן מיט זאָרג. אויך חייקל איז דערביי געשטאַנען און געקוקט מיט שרעק אויפן רבין וואָס האָט שווער געאָטעמט. זיין נאָז און די קינבאַקן, די ברעמען, די מויל־ווינקלען און די וואָנצעס האָבן געצוקט און געציטערט.

דעם אַנדערן האַלבן טאָג און אויף מאָרגן איז ר׳ אברהם־שעיה אָפּגעלעגן אויפן בעטל אַ צונויפגעקאָרטשעטער. ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר און ניט געזען די שריפט פאַר די אויגן. אַ דערדריקטער וואָס דער רבי האָט געהייסן אַרויסטרייבן דעם מנהל, האָט חייקל טריב געשוויגן און געוואַרט אויפן טאָג פון צוריקפאָרן קיין ווילנע. אים האָט דערעסן דער פאַרוויינטער וואַלד, דער פאַרכמאַרעטער הימל. מילכווייסע נעפּלען זיינען פויל געקראָכן אַרויפצו, גרוי־האַרבסטיקע וואָלקנס זיינען פאַמעלעך און ווייכלייביק געקראָכן אַראָפּצו, געפויזעט אויפן בויך. מיטאַמאָל האָט אַ פאַל געטאָן אַ קרומער געדיכטער רעגן, אַ שניט געגעבן ווי מיט אַ קאָסע און באַלד זיך אָפּגעשטעלט. אויך ווען ס׳האָט ניט גערעגנט, זיינען פון די ביימער, פאַרליאַפּעט מיט פינצטערניש, געפאַלן אַן אויפהער גרויסע בלייענע טראָפּנס מיט אַ פאַרטייעטער זיפצעניש, אַז אויב אַפילו דער הימל וועט זיך נאָך אויסלייטערן איז שוין סיוויי נאָכן זומער.

דאָנערשטאָג אַרום האַלבן טאָג איז אַריין ר׳ אברהם־שעיהס שוועסטער און זיך אָנגעבויגן איבער זיין געלעגער מיט אַ שושקעניש. ער האָט אויפגעצאַפּלט און הויך געענטפערט. „ניין, זאָג אים אַז איך קען אים ניט אויפנעמען.‟ הדסה איז שטיין געבליבן אַ פאַרלאָרענע, ר׳ אברהם־שעיה האָט אַ געשריי געטאָן צום תלמיד. „זאָג דו דעם מנהל אַז איך קען אים ניט אויפנעמען. גיי און זאָג עס אים די מינוט!‟ חייקל האָט זיך ניט דערוועגט אַרויסריידן אַ וואָרט און איז אַרויס פון רבינס חדר. הדסה איז אים נאָכגעגאַנגען און איז גלייך אַריין צו זיך אין שלאָפצימער צו די קינדער.

דער מנהל איז געשטאַנען אויף יענער זייט שוועל מיט אַן אומגעדולדיק־בייז פּנים פון אַ בעל־חוב וואָס מען לאָזט אים וואַרטן אינדרויסן. חייקל האָט אַרויסגעשטאַמלט אַז דער מחזה־אברהם קען איצט קיינעם ניט אויפנעמען. אַן אויגנבליק האָט דער מנהל אים אָנגעקוקט פאַרחידושט, ווי ער וואָלט זיך ניט געגלייבט אַז דער ווילנער וועט האָבן די העזה אים איבערצוגעבן אַזאַ ענטפער. ער האָט האַסטיק און גראָבלעך אַוועקגעשאַרט דעם תלמיד מיט דער האַנט און איז אַריין אין שטוב. ניט געקוקט אויפן רעגנדיקן וועטער, האָט חייקל אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון רעקל און איז אַוועק אין שטעטל. אים האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויפן רבין הלמאי ער האָט אים געצוואונגען זאָגן דעם מנהל, וואָס די בעל־הביתטע פון שטוב און זיין שוועסטער האָט קיין מוט ניט געהאַט אים צו זאָגן.

צמח האָט דערוואָרט אַז די וואַלקעניקער יידן וועלן זיין קעגן אים. ער האָט זיך אָבער ניט גערעכט אַז דער רב וועט אים איבערגעבן, און נאָך מיט אַ רחמנות־פּנים דערצו, אַז דער מחזה־אברהם האָט באַפוילן ער זאָל תיכף־ומיד אַוועקפאָרן. דער בעל־הבית פון דער סטאַנציע, דער שניידער ר׳ ישראל, האָט אויסגעקרעכצט דאָס זעלבע וואָס דער רב, און זיין חבר ר׳ מנחם־מענדל האָט אים בכלל אויסגעמיטן. צמח האָט געזען אַז עס פאַלן פון אים אָפּ אויך די געציילטע בעלי־בתים וואָס האָבן נאָך פריער געהאַלטן מיט אים. אָבער אַוועקפאָרן פון וואַלקעניק אַן אָפּגעפרעגטער ביי אַלעמען האָט ער ניט געוואָלט. אָט דער דאַטשניק פון סמאָלאַרניע האָט אָנהייב זומער אויף אַ שטילן אופן אים דערוויטערט פון ישיבה און איצט הייסט ער אים נאָך משלח זיין? איידער ער פאָרט אַוועק האָט ער אָט דעם למד־וואָווניק עפּעס צו זאָגן! דעם מחזה־אברהמס אומווילן אים אויפצונעמען האָט אים נאָך מער דערצאָרנט און ער האָט זיך אַריינגעריסן אין חדר מיט אַ געשריי.

„איר האָט געהייסן מיך אַרויסיאָגן פון מיין ישיבה, נאָר טרעפן זיך מיט מיר פּנים־אל־פּנים האָט איר מורא. איך האָב זיך מוסר־נפש געווען פאַר תורה מער פון יעדן אַנדערן וואָס שרייבט חידושים און הערט זיך צו פון זיין ווינקעלע ווי די וועלט קלינגט מיט אים. ווער האָט אייך אויסגעקליבן און באַשטימט פאַר מיין שופט? ווי האָט איר געמעגט משפטן איידער איר האָט אויך מיך אויסגעהערט?״ און צמח האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק קעגנאיבער, ווי צו באַווייזן מיט נאָך עפּעס אַז אים אַרט ניט וואָס ער איז אַ ניט־געבעטענער און ניט־אָנגעלייגטער גאַסט.

דער בעל־הבית האָט ניט באַהאַלטן אַז ער איז אומצופרידן מיטן אורח און געענטפערט מיט אַ פאַרצאָגט פּנים, קאַלט און פאַמעלעך: דורכן פאַרברענען די ביבליאָטעק האָט דער מנהל דערפירט צו אַ חילול־השם און סכנה פאַר דער ישיבה. „די ביבליאָטעק האָב איך פאַרברענט, ווייל די פרייע האָבן צווישן די תלמידים פאַרשפּרייט דעם סם פון אַפּיקורסות און געמאַכט אַ בילבול אויפן ליפּנישקער,״ האָט צמח מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין דער באַנק צווישן זיינע צעשפּרייטע קני. „דורך אַ שׂרפה האָט איר געוואָלט אָפּהאַלטן די תלמידים פון לייענען ביכער און דערווייזן אַז דער ליפּנישקער איז אומשולדיק?״ האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך גענומען אַרונטעררוקן פון געלעגער מיט אַ פּאָר צעגליטע אויגן. „קודם־כל האָט איר דאָך באַדאַרפט גיין אין דאָרף וואו די מעשה איז פאָרגעקומען און חוקר־ודורש זיין אויפן אָרט. ווען איר טוט עס וואָלט מען אפשר מיט אַ פּאָר טעג פריער זיך דערוואוסט ווער ס׳איז דער אמתער שולדיקער און איר וואָלט פאַרשפּאָרט פאַרברענען די ביכער. איר אָבער זייט אין דאָרף ניט געגאַנגען און אַפילו אין שטעטל גופא האָט איר ניט דורכגעפירט קיין חקירה־

ודרישה. פריער האָט איר אַ לאַנגע צייט געלאָזט די ישיבה אויף הפקר און זיינע געזעסן אין התבודדות, ווי איר וואָלט געהאַלטן ביים מקבל זיין אַ נייע תורה. פּלוצעם זייט איר אַרויסגעשפּרונגען מיט פאַרברענען אַ ביבליאָטעק. לסוף האָט איר נאָך באַוויזן העלדישקייט און דערציילט ביים ארון־קודש אַז איר האָט עס געטאָן — איר, דער ראש־ישיבה און מנהל! דעריבער גלייב איך ניט אַז איר האָט עס געטאָן כדי צו ראַטעווען די בני־תורה פון לייענען ביכער און ווייל איר האָט זיך אַנגענומען פאַרן ליפּנישקער. ווער ס'איז אַ קנאי לשם־שמים וועט פון זיין פירונג אַרויסקומען אַ קידוש־השם און ניט קיין חילול־השם."

ר' אברהם־שעיה האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן חדר, צמח האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ גערונצלטן שטערן: טאָקע פאַרוואָס איז ער קודם־כל ניט געגאַנגען קיין דעקשנע אויספאָרשן דעם ענין? האָט ער זיך געפרעגט און געענטפערט אויפן קול: אַקוראַט ווי ער האָט ניט באַדאַרפט קיין באַווייזן אַז דער ליפּנישקער איז ניט שולדיק, האָט עס אויך יעדער אַנדערער געקענט וויסן פון בלויז אַ קוק טאָן אויפן גערודפטן בחור. נאָר די וואָלקעניקער בעלי־בתים האָבן געוואָלט אַז דער ליפּנישקער זאָל דווקא יאָ זיין שולדיק, ער זאָל דווקא יאָ זיין זינדיק, ווייל זיי פאַרגינען אים ניט זיין תורה און צידקות. מהאי־טעמא האָבן זיי שבת פרי אין בית־מדרש אים ניט געלאָזט ריידן פאַרן עולם. „ס'הייבט זיך גאָרניט אָן. זיי האָבן אים ניט געלאָזט ריידן פון מורא אַז דאָס דאַוונען וועט זיך פאַרציען און זייער טשאָלנט וועט קאַלט ווערן," האָט ר' אברהם־שעיה אַ לאַך געטאָן און ווייטער געשפּאַנט. „די שיטה פון די בעלי־מוסר אַריינצוטייטשן מי־יודע וויפל שלעכטס אין מענטשנס טראַכטונג און טואונג, איז פאַלש פון אָנהייב ביזקל סוף."

דער שפּאָט האָט צמחן אַ ברי געטאָן ווי קראָפּעווע, האָט ער געענטפערט: אויך ער האַלט ניט פון המון וואָס שאָקלט זיך ווי דער פּומפּעדיקל פון אַ זייגער אַהער און אַהין, באַלד מיט איין צד און באַלד מיטן צווייטן צד. פונדעסטוועגן וועט ער ניט זאָגן אויף אַן עדה יידן, אַז זיי האָבן ניט געוואָלט אויסהערן אַ נרדף ווייל עסן אַ וואַרעמען טשאָלנט איז ביי זיי וויכטיקער ווי דער אמת. אַזויפיל ביטול צו מענטשן האָט ער ניט. ער מאָנט פון אַנדערע וויפל ער מאָנט פון זיך. די הון וואָס איז טריף פאַר אים איז טריף אויך פאַר אַנדערע. „דער דרך־התורה איז צו זיין אַ מחמיר פאַר זיך און אַ מקיל פאַר אַנדערע," האָט ר' אברהם־שעיה אים איבערגעריסן. „און איך האַלט אַז פונקט ווי מען טאָר ניט מאָנען ביי אַנדערע מער וויפל מען מאָנט פון זיך, טאָר מען ביי אַנדערע ניט מאָנען ווייניקער וויפל מען מאָנט פון זיך," איז צמח אויפגעשפּרונגען און פאַרשטעלט דעם מחזה־אברהם דעם דורכגאַנג. „אויב אַ בעל־מדרגה מאָנט ניט ביי זיין חבר אַז אויך ער זאָל זיין אַ בעל־מדרגה, באַווייזט ער דורך דעם אַז אים אַרט ניט פאַר זיין חבר. ער האָט הנאה בלויז פון זיך און פון זיינע גוטע מעשים."

דער מחזה־אברהם האָט זיך געלאָזט פאַרשטעלן דעם דורכגאַנג. ער איז געשטאַנען און געשוויגן ווי ער וואָלט פאַרשוויגן אַ מענטש פון מאַרק. צמח האָט געוואוסט אַז יעדער בר־אורין וואָס וואָלט אים געהערט אַזוי ריידן צו ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער וואָלט געזאָגט, ער איז ניט ראוי צו זיין אַ ראש־ישיבה און מנהל. בנוגע דער ביבליאָטעק האָט ער שוין אַליין איינגעזען אַז ער איז דורכ־געפאַלן. הלוואי וואָלט ער פון וואָלקעניק אַוועק מיט חדשים פריער און ניט געוואָרט ער זאָל עס מוזן טאָן איצט, ווען ער איז אין אַלעמענס אויגן דער בעל־עוולה. נאָר ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער וויל אים נאָך דערוויזן אַז זיין גאַנצער וועג אין לעבן איז אַ פאַלשער, ער טראַכט קרום און האַנדלט איבערגעאיילט. האָט צמח פריי געלאָזט זיין כעס און זיך געלאָזט פון אים מיטשלעפּן, ווי פון אַ אַ שטראָם אין אַ קעסלגרוב. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק ביים טיש און מיט אַ פינגער געטייטלט אויפן מחזה־אברהם, וואָס איז שטיין געבליבן אינמיטן חדר אויסגעדרייט צו אים מיט אַ זייט און זיך צוגעהערט.

## 14

„איר האָט צו מיר אַ טענה, איך האָב איבערגעלאָזט די ישיבה אויף הפקר און בין אַ לאַנגע צייט געזעסן אין התבודדות, ווי איך וואָלט זיך געגרייט מקבל זיין אַ נייע תורה, חוזקט איר פון מיר. דאָס האָט איר דאָך מיך פאַרטריבן אין התבודדות! דאָס האָט איר דאָך מיך פאַרטריבן פון ישיבה מיט אייערע רייד, בעת איך בין דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז איך טאָר ניט זאָגן קיין שמועסן אין מוסר, ווייל פון מיינע שמועסן קענען די תלמידים ווערן אַפּיקורסים. און בעת איך בין געזעסן אין עזרת־נשים פון דער קאַלטער שול אין געצוואונגענער פרישות, האָב איך געטראַכט פון אַן אַנדער פּרוש וואָס באַהאַלט זיך פון מענטשן מיטן אייגענעם רצון און מיט שמחה. ער, דער פרייוויליקער פּרוש און מתבודד, דער פאַרבאָרגענער קדוש־וטהור, ער לערנט תורה לשמה, דאַוונט מיטן קאָפּ אין הימל און טראַכט הויכע געדאַנקען ווי אַ מלאך. איז צו וואָס באַדאַרף ער זיין אַ רודף אחר הכבוד און דער כבוד זאָל פון אים אַנטלויפן, בעת ער קען זיין אַ בורח מן הכבוד און דער כבוד זאָל אים נאָכיאָגן. ער זיצט זיך אין סמאַלאַרניע און ווייס אַז אויף יענער זייט וואַלד לויבט אים אַ וועלט, ווייל ער מישט זיך ניט אין מחלוקת, רעדט ניט קיין לשון־הרע און פירט זיך ניט ווי אַ מנהיג. ער ווייס אַז ער דערלייגט ניט צו דעם וואָס ער איז אַ נוח־לבריות. ווערט ער אַ נאָך גרעסערער צדיק און עניו. פאַר זיך איז ער אַ מחמיר און פאַר

אַנדערע אַ מקיל. ער ווייס ווי מען איז נושא־חן דערמיט וואָס מען איז פאַר זיך אַ מחמיר און פאַר אַנדערע אַ מקיל. ער רעדט קעגן רשעות, נאָר דעם רשע רופט ער ניט אָןביים נאָמען, ממילא טראַכט יעדער אַז ניט אים מיינט דער צדיק. אַלע פאַלן פאַר אים, דעם אוהב שלום ורודף שלום, פונקט ווי קיינער פאַרטראַגט ניט דעם איש ריב ומדון, וואָס אויסער אַ קריגערישער מענטש איז ער נאָך צייטנוייז אַ צעטומלטער מענטש. יאָ, מען מוז מודה זיין, פון שטענדיקן קריג מיטן שקר פאַרלירט מען צייטנווייז דעם גראָדן שכל, דעם קלאָרן חשבון. אָבער דער גאון און צדיק פון הינטערן וואַלד פאַרלירט ניט דעם גראָדן שכל און קלאָרן חשבון. ער דערפילט גלייך דעם דעת־הקהל און פסקנט מען זאָל דעם מנהל פאַרטרייבן, ווייל אַזוי וויל דער רב, די בעלי־בתים, דער המון.״

„ניט אמת,״ זיינען ר׳ אברהם־שעיהס ליפּן געוואָרן ווייס. „איך האָב ניט געזוכט צו געפעלן דעם היגן רב און די בעלי־בתים. איך האָב אָבער איינגעזען אַז ווי לאַנג איר וועט בלייבן אין שטעטל, וועט דער צד פון ביבליאָטעק רודפן די ישיבה. האָב איך געהייסן אייך מרחיק זיין כדי צו ראַטעווען אַ מקום־תורה. די צרה מיט אייך איז וואָס איר זייט צופיל דורכגעדרונגען מיט דער נאָוואַרעדקער שיטה פון ניט טרויען, פון זוכן אומעטום און אין אַלץ אַ נגיעה, דעם חטא פון אייגננוץ. דער בוחן־לבבות און די תורה האָבן צום מענטשן מער צוטרוי ווי אַ נאָוואַרעדקער בעל־מוסר. דער רב מעג פסקען זיין רביצין, צי איר הון אויף שבת איז כשר אָדער טריף, און די תורה שרעקט זיך ניט אַז ווייל דער רב איז אַ נוגע־בדבר וועט ער זוכן אַ היתר. אַ דיין מעג אַפילו זיצן ביי אַ דין־תורה צווישן צוויי מענטשן וואָס איינעם האָט ער געדן און דער צווייטער איז אים ניט ניחא. ווי לאַנג ס׳איז ניטאָ קיין חשד פון נעמען שוחד און פון אָפענער שנאה מצד דעם דיין צו איינעם פון די בעלי־דין, טרויט אים די תורה אַז זיין פסק־דין וועט זיין אַן ערלעכער. אויב מיר זאָלן אין אַלץ און אַלעמען זען די סיטרא־אחרא און אָננעמען אַז דער מענטש טאָר ניט טרויען ניט זיך און ניט דעם חבר, זיינען מיר דורך דעם מבטל יעדן משפט, יעדן בית־דין, אַפילו די סנהדרין. דער גאַנצער סדר־העולם ווערט דורך דעם איינגעבראָכן. ס׳איז ווי לעבן אין אַ טומאַן, מען זעט ניט דעם שכן, מען זעט ניט די אייגענע שוועל, אַפילו ניט זיך גופא. און איר, ר׳ צמח, איר האָט אויף דן זיין לכף חוב אויפגעבויט אייער גאַנצן יש. לאָזט מען דעם ליפּנישקער ניט ריידן, זעט איר אין דעם אַז אַ גאַנצע עדה יידן וויל אַז דווקא דער בן־תורה זאָל האָבן באַגאַנגען די עבירה מיט דער אשת־איש. איך בין אַ פרוש, זאָגט איר, כדי צו געפעלן מענטשן. איך האָב געהייסן אייך דערווייטערן פון ישיבה כדי אויסצונעמען ביי אייערע קעגנער. מילא, ונפשי כעפר לכל תהיה, נאָר בנוגע דער ישיבה זע איך איצט נאָך בעסער ווי פריער, אַז איר טאָרט ניט זאָגן קיין שמועסן אין מוסר גראָד ווייל אייער נוסח

און לשון געפּעלן יונגע בחורימלעך. איך הער אייך אָפּטמאָל אַרויסריידן פון חייקלען, ער איז נאָך אַלץ אייער תּלמיד מער ווי מיינער. אויך די אַריינזאָגענישן און 'דערהערן' וואָס איר האָט נאָר־וואָס אַרויסגעבראַכט, האָב איך שוין געהערט פון חייקלען. בעת איר זייט דאָ געווען אָנהייב זומער האָב איך אייך געעצהט, איר זאָלט אין די שמועסן פאַר די תּלמידים זיין מער באַרעכנט און אָפּגעהיט. האָט איר זיך בכלל צוריקגעצויגן פון ישיבה און פון אַכטונג געבן אויף די תּלמידים, ווייל אייך שטייט ניט אָן צו זיין באַרעכנט און אָפּגעהיט. איר זייט אַ מוראדיקער בעל־גאווה."

אַ מינוט האָט ר' אברהם־שעיה געשוויגן און אָנגעשטרענגט געקוקט אויף די שפּיץ פינגער, ווי שטענדיק ווען ער טראַכט וועגן עפּעס אָנגעשטרענגט. נאָכ־דעם איז ער צוגעקומען נעענטער צום מנהל און גערעדט פאַרטרוילעך, מיט אַן אַנגעבויגענעם קאָפּ.

„איר קענט מיר ווייטער זאָגן אַלצדינג וואָס איר טראַכט וועגן מיר און האָט חשק צו זאָגן. בינתיים לאָזט מיך אייך עפּעס פרעגן און דווקא וועגן אייער שטוביק לעבן. הגם דאָס איז ניט מיין דרך, איז דאָס מאָל אַנדערש. פאַרוואָס זייט איר אַוועק פון דער היים, איר האָט ניט געקענט אויסקומען מיט אייער ווייב, אָדער מחמת אַן אַנדער סיבה?"

„איר ווילט וויסן צי איך האָב אויך אין לאָמזשע זיך אַרומגעקריגט? יאָ, אויך אין לאָמזשע!" צמח האָט דערציילט ווי ער איז געוואָרן אַ שותּף אין מעל־געשעפט פון זיינע שוואָגערס און ניט געקענט פאַרטראָגן די צביעות פון דער סוחריש־בעל־הבתישער וועלט. אַ גרויסער קריג איז אויסגעבראָכן איבער אַ דינסטמיידל אַ יתומה, וואָס האָט פאַרשוואַנגערט פון עלטערן שוואָגערס זונדל. זיין ווייבס משפּחה האָט געזוכט פּטור צו ווערן פון דינסטמיידל און געוואָלט אַז זי זאָל האָבן דאָס קינד אין אַ דאָרף צווישן ערלים. האָט ער פאַר דער יתומה זיך איינגעשטעלט און ס'איז געקומען צו אַ שטילן סקאַנדאַל, ביז ער האָט געמוזט אַוועק פון דער היים. „איך וועל זיין צופרידן צו הערן אַז איך האָב געהאַנדלט ניט על־פּי דין און יושר. וועל איך וויסן אַז איך דאַרף צוריקפאָרן קיין לאָמזשע איבערבעטן מיינע שוואָגערס און מיר וועט זיין גוט, זייער גוט!"

„איר זייט גערעכט געווען, ניט אייערע שוואָגערס, נאָר אַוועקגיין פון דער היים האָט איר ניט באַדאַרפט." ר' אברהם־שעיה איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן און גוט דורכגעטראַכט וואָס ער האָט אָקאָרשט ערשט זיך דערוואוסט. דאָס פּנים האָט זיך אים אָנגעצונדן און זיינע אויגן האָבן דורכגעשטאָכן דעם מנהל. „איך פאַרשטיי אייך ניט! אין דער היים האָט איר פאַרפירט אַ קריג לטובת אַ גע־פלאָגטער יתומה. ווי חייקל האָט מיר דערציילט, האָט איר אויך אין ר' שאולקעס קלויז אין ווילנע זיך קעגנגעשטעלט דעם טאַבאַק־סוחר וואָווע באַרביטאָלער,

וויל ער האָט זייענדיק שיכור מבייש געווען זיין פּרוי פאַר אַן עולם יידן און איבער דעם איז צווישן אייך ביידן אַרויסגעקומען אַ שנאת־מוות. אין וואָלקעניק גופא האָט איר דערוויטערט אַ בן־תורה, וויל ער האָט ניט געהאַלטן זיין צוזאָג לגבי דער קעכין פון ישיבה און האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער, אַ רייכערער כלה. נאָר איר אַליין האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך איבער נדן ?"

ר' אברהם־שעיה האָט דערפילט אַ מישעניש אין קאָפּ און איז אַוועק אין ווינקל זיך לייגן אויפן בעטל אָפּרוען. צמח האָט פאַרשטאַנען אַז יוסף וואַרשעווער איז געווען אין סמאָלאַרניע זיך קלאָגן אויף אים און דער מחזה־אברהם האָט זיך צוגעהערט צו די טענות קעגן אים אַפילו פון אַזאַ אָרעמען נפש ווי גדליה זאַנדאַקס איידעמל.

„און אויב איר וואָלט נאָך תנאים זיך דערוואוסט, אַז דער מחותן וועט ניט אָפּגעבן דעם צוגעזאָגטן נדן און אַז אויך די כלה איז ניט צוגעפּאַסט, וואָלט איר יאָ חתונה געהאַט ?"

„איך האָב יאָ חתונה געהאַט," האָט ר' אברהם־שעיה געענטפערט מיט פאַרטריקנטע ליפּן. ער האָט קיינמאָל מיט קיינעם ניט גערעדט וועגן זיין שווער לעבן אין דער היים; איצט האָט ער געפילט אַז ער מוז ריידן. אָבער דערציילן געענוי ווי מען האָט אים אָפּגענאַרט איז געווען איבער זיינע כוחות, האָט ער בלויז געמורמלט. „אויך איך האָב ערשט נאָך די תנאים זיך דערוואוסט אַז דער שידוך טויג ניט פאַר מיר און אַז איך וועל כל־ימי אָפּקומען. אַזוי איז טאַקע געשען. מעודי לייד איך, דאָך האָב איך ניט חרטה וואָס איך האָב ניט מבייש געווען אַ בת־ישראל און מיט איר חתונה געהאַט."

דער מחזה־אברהם איז געבליבן ליגן צונויפגעקאַרטשעט אויף אַ זייט, איבער אים איז געשטאַנען אַנגעבויגן דער מנהל און געשוויגן. צמח האָט געפילט אַ גליווערניש אין די פיס, אין די קני, אין בויך. אים האָט זיך געדאַכט אַז אויב ער וועט באַלד ניט אַוועקגיין, וועט דאָס גליווערניש דערגרייכן זיין ברוסטקאַסטן און אָפּשטעלן דאָס האַרץ אין אים. האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער טיר און אַראָפּגעקוקט צו די טריט, ווי ער וואָלט געפּרוווט די פיס צי ער קען נאָך מיט זיי באַוועגן. ביים אַרויסגאַנג האָט ער דערהערט ר' אברהם־שעיהס תחנונימ־דיק קול.

„ווי לאַנג איך האָב געקענט האָב איך אויף אייך מגין געווען ביי די וואָלקע־ניקער, אויך ביים ווילנער טאַבאַק־סוחר וואָווע באַרביטאָלער. ער האָט ביי מיר געגעכטיקט, האָב איך ביי אים געפּועלט ער זאָל אייך ניט אָנטאָן קיין בזיונות. איצט איז גלייכער אַז איר זאָלט פון דאַנען אַוועקפאָרן. ס'איז בעסער פאַר דער ישיבה און אַ טובה פאַר אייך גופא. פאָרט אַהיים."

דער מנהל האָט גאָרניט געענטפערט, ער איז אַרויס אינדרויסן, געשטעלט

אַ פּאָר שפּאַן און איז שטיין געבליבן אינמיטן הויף. אויפן נאַקעטן טיש און אויף די צוויי שמאָלע לאַנגע בענק זיינען מיט אַ קלונג געפאַלן גרויסע רעגנטראָפּנס. צמח האָט אויפגעשווידערט. אים איז איינגעפאַלן אַז די גרויסע ליכטיקע רעגנ־טראָפּנס אויפן טיש זיינען דבורהלע נאָמיאָטס אויגן, אָנגעפילט מיט טרערן, ווי בעת ער איז אין אַמדור אַריין אין איר געוועלב און געזאָגט אַז ער פאָרט אַוועק. צמח איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער און געפילט אַז דער מלבוש אויף אים ווערט אָנגעזאָפּט מיט רעגנטראָפּנס — דבורהלעס שוואַרצאַפּלען...

דורכן פענצטער פון דער דאַטשע האָט אויף אים אַרויסגעקוקט ר׳ אברהם־שעיהס שוועסטער. באַלד איז הדסה אַרויס אויף דער וועראַנדע מיט אַ שירעם אין האַנט און פריינדלעך צו אים געשמייכלט. אַנשטאָט ער זאָל צוקומען נעמען דעם שירעם, איז צמח גיך אַרויס פון הויף. גלייך ווי ער איז אַריבער דעם וועג און אַריין אין וואַלד איז ער ווידער שטיין געבליבן אַן באַוועגונג. בלייענע טראָפּנס זיינען פון די סאָסנעס געפאַלן מיט אַ כליפּעניש, ווי אַ פאַרדריקט האַרץ וואָלט זיך באַפרייט פון פאַרשטיקטע זיפצן. אין כמאַרנעם אַרומיקן שטילשווייגן האָט ווען־ניט־ווען אַ קלאַפּ געטאָן אָן באָדן אַ האַרטע שישקע, אַ צווייג האָט אַראָפּגעשאָטן אַ הויפן נאָדלען. אַן אויסגעוואַקסענער יונגער פויגל, אויף הויכע פיס און מיט אַ שטייפן עק, האָט אַ פלאַטער געטאָן פון בוים צו בוים. אַן אויסגעצויגענער, מיט אַן אַרויסגעשטרעקטן קאָפּ אין דער הייך און אויפגעריסענע אויגן, האָט צמח זיך צוגעהערט צו דער שטומקייט פון דער האַרבסטיקער וואַלד־געדיכטעניש, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַ בת־קול.

מיט דער איינגעטראָטענער סטעזשקע איז אָנגעקומען חייקל, דורכגעקעל־טערט, דורכגענעצט און בייז וואָס ער האָט אין אַזאַ שלעכטן וועטער זיך באַדאַרפט שלעפּן אין שטעטל און צוריק. חייקל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן פון פחד. אַנטקעגן אים איז געשטאַנען דער הויכער שוואַרצבערדיקער מנהל און אויסגעזען ווי אַ פאַרהוילענער וואַלד־מכשף, אַ רואה ואינו נראה וואָס באַווייזט זיך אומגעריכט.

„ווילנער, איך האָב היינט אויסגעפונען אַז דער מחזה־אברהם איז נאָך גרע־סער ווי מען מיינט. נאָר פאַר אייך איז ער ניט קיין רבי, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל געזאָגט. פאָרט אין אַ ישיבה.״

ער איז אַוועק און דער פאַרשטומטער חייקל האָט אים נאָכגעקוקט ווי ער פאַרשווינדט צווישן די ביימער. בעת צמח איז אַרויס פון געדיכטעניש האָט שוין געטונקלט. דאָרט וואו דער וואַלד ענדיקט זיך, אויף אַ קורצן מהלך פאַר די ערשטע שטעטלשע הייזער און פאַר דער בריק איבערן טייך, האָט אים אַנטקעגנ־געפלאָטערט אַ שאָטן, אַ ווייבלעך געשטאַלט — ראַניע דעם שוחטס. פון איר פענצטער האָט זי אַרום האַלבן טאָג אים געזען פאַרבייגיין צום וואַלד און זי האָט זיך גלייך אָנגעשטויסן צו וועמען ער גייט, ווייל ביי איר טאָטן אין שטוב

האָט מען אַ סך גערעדט וועגן מנהל, וואָס דער רב פון סמאָלאַרניע האָט געהייסן אים אָפּזאָגן. אַ קורצע צייט שפּעטער איז ראָניע אַרויס פון שטוב און געוואַרט אויף אים, אַ באַהאַלטענע צווישן דיביימער, ביז זי האָט אים דערזען אָנקומען אויף צוריקוועגס און איז צוגעפאַלן צו אים מיט אַ געוויין: צמח!... אָבער ער האָט זי פון זיך ניט אָפּגעשטופּט, כאָטש ער האָט געדענקט אַז זי איז אַן אשת־איש און אַז ער האָט זיך אַרויסגעקליבן פון שוחטס הויז, ווייל זיי זיינען איינער פאַרן אַנדערן געווען אַ נסיון און אַ סכנה.

„גייט אַהיים, מען טאָר איך ניט זען מיט מיר,“ האָט ער זיך ביי איר געבעטן און מיט צער געקוקט אויף איר שמאָל פאַרטרערט פּנים, אַרומגעוויקלט מיט אַ טוך. „איך וויל ניט איר זאָלט אַוועקפאָרן,“ האָט זיך ראָניע צו אים צוגעטוליעט. „ווי לאַנג איר זייט אין וואַלקעניק איז מיר פאָרט פריילעכער, כאָטש זינט איר וואוינט ביים שניידער זייט איר קיינמאָל צו אונדז ניט אַריינגעקומען, אַפילו ניט אַ קוק טאָן וואָס מיינע קינדער מאַכן, קיינמאָל ניט,“ האָט זי אַרויסגעשלוכצט איר פאַרטייעטע קרענקונג. „פאַרוואָס האָט איר באַדאַרפט אָפּטאָן אַזאַ זאַך און זיך מאַכן אַלעמען פאַר שונאים? איך ווייס דאָך בעסער וואָס פאַר אַ ריינער און שטאָלצער מענטש איר זייט, אַ ריינער, שטאָלצער און גוטער.“

ער האָט געוואוסט אַז ער טאָר ניט דערלאָזן צו אַזאַ קירוב־בשר, נאָר ער האָט געגאַרט אַז אַ מענטש, כאָטש איין לעבעדיקער מענטש, זאָל אים מיטפילן. זיין באָרד האָט אָנגערירט אירע פאַרטרערטע באַקן, זיין קול האָט געזיפצט מיטן אומעט פון אַן אָסיען־ווינט צווישן האַלב־פאַרוועלקטע בלעטער. „זאָגט ניט אַז איך בין אַ ריינער און אַ גוטער. איך בין אַ פאַרפאַלענער מענטש!“ און ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַ פאַר׳יאושטער, ווי ער וואָלט חרטה געהאַט וואָס ער האָט זיך געפּייניקט בייצוקומען זיין גלוסטעניש און וויל איצט זיך לייגן מיט איר אין וואַלד אויף דער דורכגעווייקטער ערד. מיט ביידע שמאָלע דלאָניעס אָנגעשפּאַרט אָן זיין ברוסט, מיט האַלב־פאַרשלאָסענע אויגן און האַלב־געעפנטע ליפּן, איז אויך ראָניע פאַרזונקען אין אַ שטומער ווייטאָגלעכער אַנטציקונג, ווי זי וואָלט געוואַרט זיך אָפּצונעמען פאַרן פאַרלוירענעם גליק. אָט וועט ער זי אויפהייבן אויף זיינע שטאַרקע הענט און ערגעץ־וואו אַראָפּלאָזן, זאָל זיין באָדיי אויפן נאַסן גראָז, אַבי ער זאָל דערוואַרעמען אירע פאַרפרוירענע גלידער און זי איינשלעפערן. צמח האָט דערפילט אַז דאָס גליווערניש אין זיין לייב צעגייט, אַ זיסע שיכרות פאַרשווינדלט זיין מוח, דער נסיון קומט ווידער. האָט ער אויף איר אַ לעצטן אָטעם געטאָן „זייט געזונט“ און זיך אַוועקגעלאָזט צום שטעטל. ער האָט געוואוסט אַז ראָניע דעם שוחטס איז שטיין געבליבן ביים ראַנד פון וואַלד און קוקט אים נאָך מיט אַ פאַרוויינט פּנים. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך אומצוקוקן אַהינטער, ווי אין אַמדור בעת ער האָט זיין כלה דבורהלע נאָמיאָט

אַ זאַג געטאָן אַז ער פאַרט אַוועק און איז האַסטיק אַרויס פון איר געוועלב, ניט צו זען אירע פאַרטרערטע אויגן.

## 15

פרייטאָג פרי איז דער מנהל פאַרשוואונדן. ער איז מיט אַ קליין פעקעלע אונטערן אָרעם אַרויס פון זיין חדר, געדאַנקט דעם בעל־הבית מיט דער בעל־הביתטע פאַר דער קוואַרטיר, און נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זאָגן אַ וואָרט איז ער אַרויס פון שטוב. דריי פערטל פון זיינע חפצים האָט ער איבערגעלאָזט און מיט קיינעם זיך ניט געזעגנט. קיינער פון די שטעטלשע בעלי־עגלות האָט אים ניט געפירט צום וואָקזאַל. און וואַלקעניק האָט זיך לאַנג ניט געקענט באַפרייען פון דער פאַרשטעלונג ווי דער הויכער שוואַרץ־בערדיקער מנהל שפּאַנט צו פוס איבער וויסטע פעלדער צו דער באַן, מיט אַ קליין פעקעלע אונטערן אָרעם.

נאָך זיין פאַרשווינדן האָט די חברה פון ביבליאָטעק אָפּגענומען די שמירה פון בית־מדרש, די ישיבה־בחורים זאָלן ווידער קענען אַריינקומען דאַווענען, לערנען. אָבער דעם איידעם פון אַלטן רב האָבן די חברה ווייטער ניט אַריינ־געלאָזט אין בית־מדרש און אָוועקגעשטעלט אַ וואַך אויך ביי זיין מאַנופאַקטור־געוועלב אין מאַרק. יידן האָבן גאָר ניט געפּרוּווט אַריינגיין, פּויערים האָבן מורא געהאַט פאַר קלעפּ. די באַיוּווקע האָט געוואוסט אַז הירשע גאָרדאָן וועט ניט רופן פּאָליציי, מען זאָל אים ניט צוקלעפּן דעם נאָמען פון אַ מסור. שטעטלשע האָבן זיך אָפּן געפרייט מיט זיין מפּלה, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגענומען פאַר די יאָרן וואָס אַלע האָבן זיך פאַר אים געבויגן. אַפילו בעלי־בתים פון פרומען צד האָבן זיך פון אים אָפּגעטרייסלט.

מען זאָל אים ניט אַריינלאָזן אין בית־מדרש האָט זיך ר׳ הירשע גאָרדאָן ניט געריכט. דערצו נאָך ווערט ער בדיל־הדל, ער וועט בלייבן אַן אָנזעצער. וואַלקעניקער שטייען אַרום זיין געשעפט און דערמונטערן נאָך די יונגען וואָס לאָזן ניט אַריין צו אים קיין קונים. „גוט אַזוי. ער האָט פאַרברענט די ביכער וואָס מען האָט איינגעקויפט פאַר בלוטיקע גראָשנס, טאָ זאָל דאָס אים קאָסטן. אַז מען וועט אים שלאָגן איבער דער קעשענע, וועט ער פאַרשטיין וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.״ דעם ערגסטן גיהנום האָט ער אין שטוב גופא. די פּלוניתטע זיצט אַ בלייך־פאַרפראַרענע און שטומט. די טאָכטער קומט אַריין צום עסן מיט רויט־פאַרוויינטע אויגן, זי שעמט זיך ווייזן אינדרויסן. ביינוש גייט ניט אַרויס אין

גאָס און הוסט, ווי דער טאַטע וואָלט אים אָפּגעשלאָגן די לונגען. בעת ביינוש פאַרהוסט זיך, זעט ר׳ הירשע אַז ווייב און טאָכטער קוקן אויף אים ווי אויף אַ שונא, זיי קווען אָן וואָס דאָס גאַנצע שטעטל איז קעגן אים. אויבי איש אנשי ביתו, האָט ער געברומט צו זיך. אויב עס וועט אַזוי אָנהאַלטן, וועט ער מוזן אַנטלויפן פון וואַלקעניק ווי דער מנהל. און ער איז אַוועק צום מוליער סראָלייזער נאָך אַן עצה: וואָס טוט מען אַראָפּצונעמען פון זיך דעם באָיקאָט? אפשר האָט סראָלייזער פאָרט ניט פאַרברענט אַלע ביכער? דער מוליער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ קאַלט אייגל און געענטפערט, אַז אויב ער וועט אים באַצאָלן דאָפּלט ווי פאַר אַוועקנעמען די ביכער, וועט ער זיי אַלע צוריקברענגען אין ביבליאָטעק, אַ בלעטל וועט ניט פעלן. ר׳ הירשע האָט געמיינט אַז דער פּאַסער שיט אים נאָך זאַלץ אויף די וואונדן, נאָר סראָלייזער האָט זיך ניט געוויצלט, ער האָט גערעדט מיט אַ טאָלק און פון געשעפט.

בעת דער מוליער האָט צוגעפּאַסט אַ שליסל צום שלאָס אויפן ביבליאָטעק־שטיבל און אַוועקגעשלעפּט די ביכער אין זעק, כדי זיי צו פאַרברענען אין אויוון, האָט ער זיך אין דער לעצטער מינוט מיישב געווען: ס׳ברענט ניט. אָנהייבן מיט די לינקע יאַטן איז ניט אַרויספירן ביי אַ בעל־הבית אַ בהמה פון שטאַל, די חברה קענען אים אָפּליגן אַ קאַלטן. ס׳איז גלייכער אַז די סחורה זאָל דערווייל שטיין ביי אים אין די זעק. טאָמער דערקלייבט מען זיך צו אים, וועט ער אָפּגעבן מיט גוטן און פּטור אַן עסק. ערשט אַז ער וועט זען, אים איז מען ניט חושד, וועט ער דעמאָלט טראַכטן. אָבער אַפילו די יונגען פון זיין באַנדע, וואָס קוקן אים אויף די פינגער און יעדערער פון זיי איז דאָס ווייסל פון אויג, איז דאָס מאָל ניט איינגעפאַלן אַז ער האָט אַ חלק אין אָט דעם עסק. האָט דער מוליער קאַלטבלוטיק זיך צוגעקוקט ווי אין שטעטל רודלט זיך און ער האָט רואיק געטראַכט פון מסחר: וואָס טויג אים די ביכער פאַרברענען אַז ער קען זיי פּאַוואָלינקע אַוועקפירן קיין ווילנע און פאַרקויפן אַ מוכר־ספרים. סראָלייזער האָט אַריינגעקוקט אין דער גע׳לקחנ׳טער סחורה און אים איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אויף אַלע פאָדערשטע בלעטער און אויף יעדן צענטן זייטל איז געשטאַנען אַ גרויסער קיילעכדיקער שטעמפּל מיט פעטע אותיות ׳פאָלקס־ביבליאָטעק אין וואַלקעניק׳. די קלאָג איז פאַרטיק, קיין מוכר־ספרימניק וועט אַזאַ סחורה אין האַנט ניט נעמען, כאָטש נעם און פאַרברען! טויג אויך ניט. מען וועט זיך פרעגן פאַרוואָס ביים מוליער גייט פון אויוון אַ רויך ביז צום הימל. סראָלייזער האָט שוין פאַרגעסן אַז ער האָט זיך אָנגענומען דעם כבוד פון דער הייליקער תורה און שבת־נחמו אין בית־מדרש אָנגעפירט דאָס בלוטיקע געשלעג מיט די אַפּיקורסים. איצט האָט ער זיי געוואָלט פאָרלייגן אַז אויב מען וועט אים לייטיש באַפרידיקן פאַר דער טירחה, וועט ער אָפּזוכן די פאַרפאַלענע ביכער.

צוריקגערעדט, פון וואַנען איז ער זיכער אַז די ביבליאָטעקניקעס וועלן אים באַצאָלן פאַר זיין האָרעוואַניע? און אויב ער וועט ׳פאַרשיטן׳ דעם אײדעם פון אַלטן רב, וועט מען נאָך אויף אים זאָגן אַז זיין וואָרט איז קיין וואָרט ניט. ווי־באַלד אָבער אַז ר׳ הירשע איז אַליין צו אים געקומען מיט אַ קלאָגערייַ ער זאָל אים העלפן, קען ער אי בלייבן אַ פיינער מאַן אי פאַרדינען אַ כשרן גראָשן. ר׳ הירשע וועט צאָלן ווי אַ טאַטינקע.

דער מוליער איז אַרויס איבער וואָלקעניק מיט אַ פּזמון, אַז ער האָט אָפּגע־ראַטעוועט די ביבליאָטעק און דערציילט ווי די זאַך איז פאָרגעקומען: ווען דער אײדעם פון אַלטן רב איז אין אַ שבת־אויפדערנאַכט צו אים אַרײַנגעפאַלן אַ צעקאָכטער און גערעדט אויך אין נאָמען פון מנהל מיט די איבערגעדרייטע אויגן פון מלאך־המוות, אַז מען דאַרף די ביכער פאַרברענען — האָט ער, סראַ־לייזער, געזען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פּאָר משוגעים. אויב ער וועט זיי אָפּזאָגן וועלן זיי דינגען אַ גוי, אָדער אַליין מאַכן אַ שׂרפה. האָט ער זיי כלומרשט נאָכגעגעבן, אַוועקגענומען די ביכער פון ביבליאָטעק און דערבײַ געטראַכט, אַז ווען דער טומל וועט אַריבער, וועט ער די גנבה אָפּגעבן. פון גרויס פרייד מיט די אָפּגעזוכטע ביכער, האָבן די חברה פון ביבליאָטעק דעם פאַסער גוטברודעריש געקלאַפּט אין פּלייצע און אים געהויבן אין דער הייך, ווי מען הייבט שמחת־תורה דעם רב. „מוזיק! מוזיק! מיר וועלן די ביכער צוריקברענגען אין ביב־ליאָטעק מיט מוזיק!" בלויז דער ביבליאָטעקער, מאירקע פאַדוואַל פון פאַנאַ־שישאַק, האָט זיך ניט געפרייט. אַלץ איז אים איינגעפאַלן, אויסער אַז דער אונ־טערוועלטניק סראַלייזער האָט אַ האַנט אין דער גנבה. די וואָך פון ר׳ הירשע גאַרדאָנס געשעפט האָט מען אַרונטערגענומען, ער האָט שוין אויך געקענט אַרײַנ־קומען אין בית־מדרש. אָבער מען האָט זיך מער אויף אים ניט אומגעקוקט, ער האָט פאַרלאָרן דעם אָנזען.

זיין עלטערער שוואָגער עלציק בלאָך האָט זיך געאײַלט אין סמאָלאָרניע דערציילן דעם מחזה־אברהם, אַז דער מצב פון ישיבה פאַרן נייעם זמן איז געזיכערט. נאָך מער ווי אויפן שוואָגער, ר׳ הירשע גאַרדאָן, האָט עלציק בלאָך זיך געחידושט אויפן מנהל: ר׳ צמח אַטלאַס מאַכט שותפות מיט אַן אונטער־וועלטניק זיך אָנצונעמען דעם כבוד־התורה? זינט דעם מנהלס באַזוך איז דער מחזה־אברהם געלעגן קראַנק, ער האָט אין בעט אויך געדאַוונט. בעת דער בעל־הבית האָט גערעדט, איז דער מחזה־אברהם געזעסן אויפן געלעגער מיטן טלית אויף די אַקסל און זיינע אויגן פון הינטער די ברילן זיינען געוואָרן אַלץ שאַרפער. אויך נאָך עלציק בלאָכס אַוועקגיין האָבן ר׳ אברהם־שעיהס ווייסלען נאָך לאַנג געבלאַנקט פון כעס און ער האָט גערעדט מיט אַ שרייאיק קול צו חייקלען, וואָס האָט שווייגנדיק געליטן פאַרן מנהל.

„פון אַזעלכע בעלי־בתּים ווי ר׳ הירשע גאָרדאָן וויינען שטעטלשע רבנים בדמעות שליש. ר׳ הירשע גאָרדאָן איז ניט פון יענע וואָס טראַכטן איבער צי זייער קנאות שטאַמט ניט פון כעס אָדער קנאה. און מיט אַזאַ יידן האָט עס גע־מאַכט שותּפות דער בעל־מוסר ר׳ צמח אַטלאַס וואָס פּסלט אַפילו מסירת־נפש, אויב דערביי איז פאַראַן אַ זייטיקע כוונה. איז מילא, ר׳ הירשע גאָרדאָן אַ למדן און אַ יחסן. אָבער ווי ווערט עס אַ מנהל פון אַ ישיבה אַ בעל־ברית מיט איינעם וואָס ציט חיונה פון גנבה? ר׳ צמח טראַכט אַז ער דאַרף יעדן זאָגן דעם גאַנצן אמת און באַדיי זיך מיט אַלעמען צעקריגן. נאָר בלייבן אינגאַנצן אָן אַ חברותא קען ניט אַ מענטש. און יענער וואָס שטורעמט קעגן גאַנץ פיינע מענטשן, ווייל ער פאַרליידט ניט זייער באַגיין קליינע עוולות, וועט סוף־כל־סוף זיך חברן מיט לייט וואָס באַגייען גרויסע עוולות. און ר׳ צמח איז טאַקע געוואָרן אַ שותּף מיטן אָנפירער פון די לייט וואָס גייען מיט די פויסטן און אַפילו מיט מעסערס.“

חייקלען האָט זיך געדאַכט אַז דער רבי אויפן געלעגער, מיטן טלית אויף די אַקסל און אין דער הויכער יאַרמלקע, מיט דער געקרייזלטער באָרד און פאַרשפּיצטער נאָז, זעט אויס ווי אַ גרויסער פויגל אויף אַ בוים. כאָטש זיין פייגלשער אָנבליק איז פריילעכער און פרידלעכער פון מנהל ר׳ צמחס אויסזען, איז ער למעשה אַ סך האַרטער און שטרענגער פון דעם מנהל. חייקל האָט ניט געקענט פאַרגעסן ר׳ צמחס לעצטע ווערטער צו אים, אַז דער מחזה־אברהם איז נאָך גרעסער ווי מען מיינט, נאָר פאַר אים איז ער ניט קיין רבי. האָט ער עס דערציילט דעם טאַטן, בעת ר׳ שלמה־מאָטע איז שוין מיט איין פוס געשטאַנען אויפן וואָגן וואָס פירט פּאַסאַזשירן צום וואַלקעניקער וואָקזאַל. דער אַלטער מלמד האָט זיך אַ קער געטאָן צום זון. „אין דעם, זעסטו, איז דער משוגענער מוסרניק גערעכט געווען, ער קען זיך אויף דיר בעסער ווי דיין איצטיקער רבי.“ באותו רגע האָט די בעל־הביתטע, פריידע וואָראָביי, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און געוואונטשן דעם קוואַרטיראַנט ער זאָל פאָרן געזונטערהייט. אַרויסגיין אינדרויסן זיך געזעגענען מיט ר׳ שלמה־מאָטען האָט פריידע זיך געשעמט. די לעצטע פּאָר שיך וואָס זי האָט געטראָגן זיינען גראָד צעריסן געוואָרן מיטן אָנקום פון אָסיען.

נאָכן טאַטנס אַוועקפאָרן האָט חייקל מער ניט געהאַט קיין סיבה צו גיין אין שטעטל, אויך דאָס אַרומבראָדזשען אין וואַלד און בלאָזן שופר האָט אים דערעסן. איז ער אַ פאַרנודעטער געזעסן אין סמאָלאַרניע און אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער פון דער דאַטשע ווי פון אַ תּפיסה. כמאַרעס זיינען נידעריק און אין ענגשאַפט געקראָכן איינע איבער די אַנדערע. פון צייט צו צייט האָט אַ שפּריץ געטאָן אַ רעגן און באַלד אויפגעהערט, צו קיין געוויטער איז ניט געקומען. אויך דעם רבינס שוועסטער האָט אין אַזעלכע האַרבסטיק־טריבע און נאַסע טעג מער

ניט געוואָלט זיצן אויף דאַטשע. זי האָט אָבער געמוזט וואַרטן ביז דער פֿאַר־שלאָפֿטער ברודער וועט אַ ביסל צוריקקומען צו די כּוחות, מען זאָל קענען אַרויספֿאָרן. שבת אינדערפֿרי, אַ וואָך פֿאַר ראש־השנה, איז דער מחזה־אַברהם געגאַנגען דאַוונען אין מנין ביים פֿאַרוואַלטער פֿון דער טאַקטור־פֿאַבריק. אויפֿ־דערנאָכט נאָך הבדלה האָט ער אין שטוב געזאָגט, אַז ער גייט אין שטעטלשן בית־מדרש צו די ערשטע סליחות. ער האָט אָנגעטאָן אַ שווערן מאַנטל, טיפֿע קאַלאָשן און גענומען אין האַנט זיין שטעקן. חייקל האָט מיטגענומען אַ שירעם. זיי זיינען אַרויס פֿון דער סמאָלאַרניע האַלב עלף מיט דער אויסרעכענונג, אַז אויב אַפֿילו דער שפּאַציר אין שטעטל זאָל דויערן אַ שעה, וועלן זיי נאָך אַלץ אָנקומען אין בית־מדרש אַ האַלבע שעה איידער מען שטעלט זיך זאָגן סליחות.

# 16

**אינדרויסן איז געווען ווינטיק און פֿינצטער, אָבער** ס׳האָט ניט גערעגנט. זיי זאָלן ניט פֿאַרבלאָנדזשען אין חושכניש, זיינען דער רבי און דער תּלמיד ניט געגאַנגען מיט דער איינגעטראָטענער סטעזשקע דורכן וואַלד, נאָר מיטן ברייטן זאַמדיקן שליאַך, לענג־אויס דער הויכער וואַנט פֿון דיביימער. זיי זיינען שוין אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג ווי ס׳האָט פּלוצעם גענומען דונערן. אַ בליץ האָט אָפּגעשונדן אַ שטיק הימל און באַלויכטן די וואָלקנס וואָס האָבן זיך געשטויסן מיט די קעפּ, ווי ריזיקע צעווילדעוועטע חיות. דונערן האָבן געקראַכט אַלץ אָפֿטער און אַראָפּגעפֿאַלן ווי איינגעבראָכענע פֿעלדזיקע טערפּ. בליצן האָבן אָן אויפֿהער געצוקט דורך די כמאַרעס, ווי דער גאַנצער וואַלד מיט אַלע שטאַמען, וואָרצלען און צווייגן וואָלט זיך פֿייערדיק אָפּגעשפּיגלט אין הימל. אַ געדיכטער שטעכיקער רעגן האָט אַ פֿאַל געטאָן מיט אימפּעט. חייקל האָט איבערן רבין אויפֿגעשטעלט דעם שירעם און דער רעגנגוס האָט אין איין אויגנבליק דורכגעווייקט דעם אָנגעצויגענעם שטאָף.

„די יידן פֿון מנין האָבן אינדערפֿרי ביים דאַוונען געזאָגט אַז זיי גייען צו סליחות אין שטעטל. מוזן מיר אויך גיין, מען זאָל ניט זאָגן אַז מיר האַלטן ניט פֿון מתפּלל זיין בציבור,‟ האָט ר׳ אַברהם־שעיה געמורמלט און איז אַריבער אויף דער זייט פֿון וואַלד, זיך צו שיצן אונטער די ביימער. אָבער אויך דורך די געדיכטע נאָדל־צווייגן האָט דאָס וואַסער געפּלייצט אויפֿן קאָפּ און דערצו נאָך האָט ר׳ אַברהם־שעיה זיך געשראָקן אַז אַ בליץ זאָל ניט אַריין אין אַ דערבייאיקן

שטאָם, איז ער צוריק אַרויף אויפֿן שליאַך. חייקל האָט מיט ביידע אויסגעשטרעקטע הענט צוגעהאַלטן דעם אויפֿגעשטעלטן שירעם וואָס דער ווינט האָט פֿון אים געריסן. די דראָטן האָבן זיך אויסגעבויגן, די אייזערנע שפּיצן האָבן דורכגע־לעכערט דאָס זייד, דער רעגן האָט געפּליוכעט גלייך אין פּנים. פּלוצעם האָט אַ בליץ ווי אַ גרינער פֿליענדיקער שלאַנג אַ שפּרונג געטאָן איבער זייערע קעפּ און חייקל האָט פֿון שרעק אַרויסגעלאָזט פֿון האַנט דעם שירעם. דער ווינט האָט אים אין זעלבן אויגנבליק אונטערגעכאַפּט און פֿאַרטראָגן ווי אַ גרויסע שוואַרצע פֿלעדערמויז.

„פֿון שירעם איז געוואָרן אַ שמאַטע, ניט כדאי אים צו זוכן, לאָמיר צוריק־גיין," האָט דער תּלמיד געסאָפּעט, דורכגעווייקט און פֿאַרליאַפּעט. „צום שטעטל איז שוין נעענטער ווי צוריק אין סמאָלאַרניע און דער רעגן ווערט שוואַכער, ער וועט באַלד אויפֿהערן," האָט דער מחזה־אברהם געענטפֿערט טרויעריק־פֿאַרטראַכט, ווי אַרום וואָלט געווען זוניק־שטיל און ער זוכט אַ פֿאַרוואַקסענעם קבר אויף אַ בית־עולם. פֿון הימל האָט ווידער אַ בלענד געטאָן מיט קאַלטן ליכט און דער תּלמיד האָט דערזען דעם רבין שטיין אונטערן רעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, הכנעהדיק אָנגעבויגן אויפֿן שטעקן. חייקלען האָט זיך געדאַכט אַז אויך דער מנהל שטייט נאָך אין וואַלד דאָרט וואו ער איז געשטאַנען ביים אַרויסגיין פֿון סמאָלאַרניע, און אַז ער האָט עס ביי גאָט אויסגעבעטן דעם שטורעם ווען דער מחזה־אברהם וועט גיין צו די ערשטע סליחות. דער מחזה־אברהם וויס וועגן דעם און איז אויף זיך מקבל באהבה דעם גזר־דין.

דער רעגן האָט זיך ביסלעכוויז איינגעשטילט. בליצן אָן דונערן האָבן דורכגעשניטן דעם הימל — אַ מוראדיקע שטומע בריאה וואָס מאַכט משונהדיקע העוויות מיט איר ריזיק־צעפּייערט פּנים, קרימט מיט די אויגן און ליפּן, נאָר קען ניט שרייען. דער רבי מיטן תּלמיד האָבן זיך פּאַמעלעך גערוקט פֿאָרויס. זייערע מלבושים, אָנגעזאַפּט מיט וואַסער, זיינען שווער געוואָרן ווי בליי. זיי זיינען קוים אַריבער די בריק איבערן טייך ווי ס'האָט ווידער גענומען רעגענען אָן דונער־קנאַלן, געדיכטער פֿון פֿריער און מיט דער עקשנות פֿון אַן איבער־געלאָדן פֿאַרביטערט האַרץ, וואָס לאָזט זיך ניט טרייסטן און ברעכט כסדר אויס אין אַ געוויין, אַמאָל אויפֿן קול און אַמאָל מיט שטילע טרערן. אָבער אין שטעטל גופֿא האָט מען פֿון שלאַקסרעגן זיך געקענט באַשיצן. פֿון ביידע זייטן שליאַך האָבן זיך געצויגן צוויי רייען הייזער, שטרייפֿן שיין האָבן דורכגעציטערט דורך די פֿאַרלאָדנטע שטיבער. די שטעטלשע זיינען אַוועק צו די ערשטע סליחות און געלאָזט אין די שטיבער ברענען די לאָמפּן ביז זיי וועלן צוריקקומען. כדי איבערצוּוואַרטן דעם נייעם מבול, האָט חייקל זיך געלאָזט גיין צו אַ הויז ביים וועג און דער רבי איז אים נאָכגעגאַנגען.

אין דער פינצטערניש האָבןביידע ניט דערזען, אַז זיי זיינען אַרויף אויפן וואַלקעניקער שוחטס גאַניק. פון צעלעכערטן דאַך האָבן זיך געצויגן לאַנגע שנורן וואַסער־טראָפּנס גלייך אויף זייערע קעפּ. חייקל האָט דעם רבין גענומען ביי דער האַנט און אים אַריינגעצויגן אין פירהויז. זיי האָבן געטראָטן אין צעקראָכענעם צעפוילטן שטרוי און אַריינגעאָטעמט אַ דומפּיקע וואַרעמקייט. ס׳האָט געשמעקט מיטן ריח פון צוגעברענטער מילך, מיט פּאַרוואָשענע קינדישע ווינדעלעך. די טיר אין דער באַלויכטענער שטוב אַריין איז געשטאַנען אַ ביסל אָפן און אין פירהויז האָט זיך דייטלעך געהערט דער שמועס פון צוויי פרויען אין גרויסן עסצימער גלייך ביים אַריינגאַנג. די מאַנסלייט זיינען אַוועק צו סליחות, די קינדער זיינען געשלאָפן, האָבן ביידע שוועסטער, ראַניע און חנה־לאה, פריי צווישן זיך גערעדט.

„יאָ, איך האָב דעם מנהל ליב באַקומען זינט ער האָט זיך צו אונדז אַריינגעקליבן. איך האָב נאָך ניט געזען אַזאַ איידעלן מענטשן, אַזאַ העלדישן מאַן,״ האָט ראַניע געזאָגט מיט אַ הויך להכעיסדיק קול. „ער איז שטענדיק אומגעגאַנגען אַ שטאָלצער און טרויעריקער. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, נאָר מיט אויסגעגלייכטע אַקסל, ניט מיט געבויגענע און געהויקערטע פּלייצעס. און אַז ער האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף מיר, איז מיר הייס געוואָרן אין אַלע גלידער. פאַראַיאָרן אין די ווינטערדיקע נעכט, בעת ער איז זיך פאַרזעסן אין בית־מדרש, האָב איך אָנגעוואַרעמט זיין וועטשערע און בין געשטאַנען הינטער זיין רוקן אין דורכגאַנג פון דער קיך זיך צוקוקן ווי ער עסט. אָבער ווען ער האָט זיך געכאַפּט אַז איך קוק אים נאָך, האָט ער אויפגעהערט קומען שפּעט ביינאַכט און איך האָב געוויינט וואָס ער לאָזט מיך ניט אים באַדינען.״

„ביסט ניט ביי די געדאַנקען, ראַניע,״ האָט די עלטערע שוועסטער גערעדט מיט אַן איבערגעשראָקן, נידעריק קול. „ביסט ר׳ ליפּע־יאָסע דעם שוחטס טאָכטער, האָסט אַ מאַן און ביסט אַ מאַמע פון קליינע קינדער, האָסטו זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ. איך האָב געזען וואָס מיט דיר טוט זיך, כאָטש דו האָסט מיר אַ וואָרט ניט געזאָגט. דעריבער האָב איך גאָט געדאַנקט ווען ער האָט זיך אַריבערגעקליבן צום שניידער. די גאַנצע צייט זינט ער האָט געוואוינט ביים שניידער איז ער צו אונדז ניט אַריינגעקומען און דו האָסט אים געזען זייער זעלטן. אַזוי זאָגסטו. איז וואָס קלאָגסטו איצט אַז ער איז אַוועקגעפאָרן?״

„ווי לאַנג איך האָב געוואוסט אַז ער איז אין שטעטל איז מיר נאָך אַלץ גוט געווען, כאָטש ער איז צו אונדז ניט אַריינגעקומען; איצט איז מיין לעבן פּוסט און וויסט געוואָרן,״ איז ראַניע זיך פאַרגאַנגען אין געוויין, ווי זי וואָלט געוועזן דאָס ווידערקול פון האַרבסטיקן רעגן אינדרויסן. „נאָך אַ גליק וואָס עזריאל איז ניטאָ אין דער היים, איך וואָלט אים איצט ניט געקענט אָנקוקן.

פאַר די אויגן שטייט מיר צמח. אַ גלייכגילטיק צווישן זיי ביידן!" האָט זי אַרויס־געפּלאַצט אין אַ ביטער געלעכטער. „דער טייערער מאַן מיינער, דער טאַטע פון מיינע קינדער, דער משולח פון אַ ישיבה האָט געליבטע. אַלע אין שטעטל ווייסן אַז ער האָט אין אויסלאַנד צו טאָן מיט ווייבער, און אויך אונדזער טאַטע האָט זיך דערטראַכט צו דעם. דער טאַטע זאָגט גאָרניט, נאָר איך זע ווי ער קוקט אויף מיר און איך הער ווי ער קרעכצט אויף מיין מזל. אָבער צמח, אַזאַ שיינער מאַנספּאַרשוין און העלד, ער איז געטריי זיין ווייב. איך ווייס עס בעסער פון אַלעמען, איך ווייס אַפילו בעסער פון זיין ווייב ווי געטריי ער איז איר און ווי ערלעך ער איז. זי איז אַ קלוגע, זיין ווייב, אַ שיינע און אַ קלוגע, נאָר איך האָב זי פיינט. בעת זי איז פאַראַיאָרן ווינטער דאָ געקומען, האָב איך זי ליב געהאַט. אפשר האָב איך טיף אין האַרצן אויך דעמאָלט זי ניט ליב געהאַט, איך האָב זיך געצוואונגען זי ליב האָבן. איך האָב געמיינט אַז זי איז דאָ געקומען זיך באַזעצן. און ווער בין איך? אַ פרעמדע. איך האָב געוואָלט אַז צמח זאָל האָבן אַ שיין און קלוג ווייב וואָס איז אים גינציק. אָבער אַז זי האָט אים דאָ איבערגעלאָזט זיך וואַלגערן און איז אַליין צוריקגעפאָרן אין איר רייכער היים, האָב איך זי פיינט באַקומען, די צעבאַלעוועטע קראַסאַוויצע. איצט האָט זי אויסגעפירט, איצט איז ער צו איר צוריקגעפאָרן און זי האָט געזיגט. זי האָט אים ליב, איך האָב געזען אַז זי האָט אים ליב. דאָך וויל זי ניט צוליב אים זיך שיידן פון אַ לעבן אין וואווילטאָג, זי וויל ניט זיין דאָס ווייב פון אַן אָרעמען קליינשטעטלשן ראש־ישיבה. איך האָב זי פיינט! פאַרוואָס קומט איר אַזאַ מאַן, פאַרוואָס?"

„וועסט מיט דיין שרייען אויפוועקן די קינדער, רייד שטילער," האָט די עלטערע שוועסטער זיך געבעטן. „דו ווייסט דאָך וויפל איך האָב אויסצושטיין פון מיין שלימזל. פונדעסטוועגן איז יודל מיין מאַן און דער טאַטע פון מיינע קינדער פאַר גאָט און לייט. אין דיר אָבער איז אַריין אַ דיבוק, ניט דאָ געדאַכט. ס'איז דאָך היינט די ערשטע סליחות־נאַכט, ערב די פאַרכטיקע טעג. דיין אַלטער טאַטע וויינט זיך אויס די אויגן אויף אַ גוט יאָר, און דו האָסט אַזעלכע זינדיקע געדאַנקען. פאַרזינדיק ניט פאַר גאָט דיינע יונגע יאָרן."

„איך האָב סייווי פאַרשפּילט מיינע יונגע יאָרן, אַרט מיך ניט אַז איך וועל זיי אויך פאַרזינדיקן. אַ טאָג איידער ער איז אַוועקגעפאָרן האָב איך אים געזען פאַרבייגיין אויפן וועג צום וואַלד. איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער גייט צום בייזן רב פון סמאָלאַרניע וואָס האָט געהייסן אים אָפּזאָגן פון ישיבה און אַרויסטרייבן פון שטעטל. בין איך אַוועק צום וואַלד און דאָרט געוואַרט אויף אים ביז ער איז צוריקגעגאַנגען. איך בין דאָן צו אים צוגעפאַלן און מיך האָט מער ניט געאַרט וואָס ער וועט וועגן מיר טראַכטן. זאָל ער טראַכטן וועגן מיר דאָס ערגסטע, זאָל ער קוקן אויף מיר ווי אויף די ערגסטע. אָבער ער האָט אויף מיר

געקוקט מיט אַזויפיל טרויער און גוטסקייט אַז איך וועל עס ביז מיין טויט ניט פאַרגעסן. נאָר געבליבן איז ער דער זעלבער, ער האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן און איז אַנטלאָפן.״

„צו מיינע שונאימס קעפּ, צו זייער לייב און לעבן! מען האָט דאָך דיך געקענט זען. אפשר האָט מען דיך געזען? ביסט דאָך אַ משוגענע!״ האָט חנה־לאה אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. „איך דערקען דיר ניט, דו זעסט מיר מער ניט אויס ווי מיין יינגערע שוועסטער ראָניע. ביסט אַלעמאָל געווען אַ שטילע לאַכערקע, אַז אַ מאַנסביל האָט אויף דיר אַ קוק געטאָן ביסטו רויט געוואָרן ווי אַ קליין מיידעלע. איצט האָסטו אין זיך מער קיין בושה ניט. און וואָס האָסטו דערזען אין אים? ער איז דאָך טאַקע, ווי מען רעדט, אַ משוגענער מוסרניק. האָסט געהערט אין דיין לעבן אַז אַ ראש־ישיבה זאָל דעם 'מאַכער' און הענדלער מיט גנבות פון שטעטל דינגען צו פאַרברענען ביכער. קיין וואונדער ניט אַז דער רב פון סמאָלאַרניע האָט אים געהייסן אָפּזאָגן פון ישיבה און פון דער קוואַרטיר. דער טאַטע, אונדזער קוואַרטיראַנט ר' מנחם־מענדל און אַלע פיינע בעלי־בתים האַלטן דעם רב פון סמאָלאַרניע פאַר אַ הייליקן ייד און אויך פאַר אַ חכם. זיי זאָגן אַז אויב מען וואָלט דעם מנהל ניט אַרויסגעפּראַוועט, וואָלט אין וואַלקעניק מער ניט געווען קיין ישיבה. אפשר איז ער ניט קיין שלעכטער מענטש, נאָר ער איז אַ ווילדער מענטש. איך בין זיכער אַז אויך מיט זיין ווייב קומט ער ניט אויס ווייל ער איז אַ ווילדער.״

„וואָס ווייס דער רב פון סמאָלאַרניע און וואָס ווייסט איר אַלע וועגן צמחן,״ האָט ראָניע געענטפערט מיט אַ געשפּאָלטן קול, הייזעריק פון וויינען. „ווייס דער רב פון סמאָלאַרניע אַז צמח האָט מיין טייערן מאַן פאַרגעלייגט ווערן ראש־ישיבה? עזריאל האָט עס דעמאָלט, פּסח־צייט, איבערדערציילט אין שטוב און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער מנהל וויל אים דאָ מאַכן פאַר אַ ראש־ישיבה. אַפילו דו און דער טאַטע האָבן זיך ניט געכאַפּט פאַרוואָס צמח טוט עס. איך איינע האָב פאַרשטאַנען אַז ער וויל מאַכן מיין מאַן פאַר ראש־ישיבה און אים נאָך צוגעבן אַ טייל פון זיינע שכירות, כדי עזריאל זאָל ניט אַרומפאָרן און איך זאָל ניט זיין אַליין. אויך מיט זיין כעס און וועלן פאַרברענען די ביכער געפעלט ער מיר. ער האָט ניט געקענט פאַרשווייגן וואָס די אָפּלאַכער פון ביבליאָטעק האָבן אויפן ליפּנישקער בחור געמאַכט אַ בילבול. און אויך מיטן אופן ווי ער איז אַוועק פון שטעטל צו פוס מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם געפעלט ער מיר, אַלץ אין אים געפעלט מיר,״ איז זיך ראָניע ווידער פאַרגאַנגען אין געוויין, ווי דער ברונעם פון אירע טרערן וואָלט זיך כסדר אויפסניי אָנגעפילט מיט האַרבסטיקן רעגנוואַסער. „ווער איז ער, דער רב פון סמאָלאַרניע, וואָס האָט געהייסן אַרויסטרייבן אַזאַ איידעלן מענטשן? און אויב ער איז אַזאַ גרויסער צדיק, ווי מען

זאָגט אויף אים, האָט ער באַדאַרפט וויסן אַז ער האָט מיין לעבן פּוסט און וויסט געמאַכט.״

די גאַנצע צייט איז דער מחזה־אברהם געשטאַנען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און זיך צוגעהערט. ביי די לעצטע ווערטער האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון פירהויז און איז אַראָפּ פון גאַניק אונטערן געדיכטן רעגן. חייקל איז אים נאָכ־געגאַנגען און מינוטן־לאַנג ניט געפילט ווי ער ווערט דורכגעווייקט, אַזוי שיכור איז ער געווען פון אַן אויסטערלישן זיסן צער און פון ראַניעס ווערטער. ער האָט געפילט אַז ער וואָלט דעם נסיון מיטן שוחטס יינגערער טאָכטער ניט אויסגעהאַלטן און דערמיט זיך געשעמט פאַרן רבין. אין דער זעלבער צייט האָט אים הנאה געטאָן וואָס דער רבי האָט געהערט די האַרבע ווערטער קעגן אים פאַר אַרויסטרייבן דעם מנהל.

זיי זיינען אַריין אין שול־גאָס און זיך דערנעענטערט צום גרויסן בית־מדרש, וואָס האָט זיי אַנטקעגנגעלויכטן מיטן נעפּלדיקן שיין פון אַלע אַנגע־צונדענע לאָמפּן. דורך די פענצטער האָט זיך אַנגעזען אַ גרויסע עדה יידן מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, בכיות און יללות זיינען געשטיגן אַלץ העכער. מען האָט שוין געהאַלטן ביים סוף פון די סליחות. נאָר אַנשטאָט אַריינגיין אינעווייניק איז ר׳ אברהם־שעיה שטיין געבליבן אויפן שול־הויף. דאָס אייז־קאַלטע וואַסער האָט פון זיין האַרטן קאַפּעליוש אים אַראָפּגעפּלייצט אויפן פּנים און מיט פאַר־שטיקטע שלוכצן האָט ער נאָכגעזאָגט דעם בעל־תפילה ביים עמוד.

„אל תשליכנו מלפניך ורוח קדשך אל תקח ממנו.״

דער גוס־רעגן און די חושכניש, דאָס געוויין פון די יידן אין בית־מדרש, פון רבין אינדרויסן און פון שוחטס טאָכטער אין איר שטוב — אַלץ האָט חייקלען דורכגענומען. ער האָט געציטערט פון קעלט, נעץ און קלעמעניש, נאָר געשוויגן מיט פאַרהאַקטע ציין. ער האָט געפילט אַז דעם רבינס רחמנות אויף דער יונגער פרוי איז גרעסער ווי זיין פאַרדראָס אויף איר הלמאי זי גלוסט צו אַ פרעמדן מאַנסביל. אין דמיון האָט חייקל געזען ווי דעם מנהלס שאָטן בלאָנדזשעט נאָך אַרום ביים שוחט אין שטוב, אין דער קאַלטער שול, אין וואַלד אַנטקעגן דער סמאָלאַרניע; און אַז אויך דער מנהל איז איצט מתפלל אין ווינט וואָס רייסט ביימער, אין רעגן וואָס גיסט אַן אויפהער.

„אל תשליכנו מלפניך ורוח קדשך אל תקח ממנו.״

## 17

מיטן פעקל אונטערן אָרעם איז צמח אָנגעקומען אין אַמדור ביי גראָדנע. ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף דער איינציקער שמאָלער גאַס מיט די הייזער אין אַ האַלבן קרייז, ווי ער וואָלט אָנגעקומען צום צווייטן האַלבן קרייז פון זיין לעבן. געבראַכט אין שטעטל האָט אים דעם מחזה־אברהמס טענה אַז ער, וואָס מאָנט ביי אַלעמען ערלעכקייט און שטעלט זיך איין פאַר פאַרשעמטע פרויען, ער אַליין האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך און פאַרשעמט אַ בת־ישראל איבער נדן. איז ער געפאָרן קיין לאָמזשע מיט אַן אומוועג איבער אַמדור זיך דערוויסן וואָס ס'איז געוואָרן פון דבורהלע נאַמיאָט. נאָכדעם וועט ער צוריק־פאָרן צום ווייב און נעמען פירן אַ שטיל בעל־הבתיש לעבן.

ער האָט אָפּגעזוכט די אַכסניא וואו ער איז איינגעשטאַנען פאַר־צוויי־יאָרן. צמח האָט דעם ווירט דערמאָנט ווער ער איז און באַשטעלט אַ חדר. דער בעל־אַכסניא, ר' יעקב־יצחק, מיט דער גרויסער קאַלטענעוואַטער באָרד און האָר־בינטלעך אין די אויערן, האָט לויט אַלטער רגילות אונטערגעהויבן די פרומע פּלייצעס און געפרעגט ביים אורח צי ער איז ווידער געקומען מאַכן אַ ישיבה.

„איך פאַר מער ניט אַרום גרינדן ישיבות,“ האָט דער אורח אומעטיק געשמייכלט. „איך בין געקומען זיך דערוויסן וועגן ר' פאַלק נאַמיאָטס טאָכטער. איר געדענקט דאָך מסתמא אַז מיר זיינען געווען חתן־כלה. זי האָט חתונה געהאַט?“

אַז דער בעל־אַכסניא האָט אויפגעריסן דאָס מויל אָן ציין, האָבן זיינע וואָנצעס אויסגעזען — ווילדע צעקנאָדערטע געוויקסן ביים אַריינגאַנג אין אַ הייל. ער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעהוסט און עפּעס געקרעקעט, ווי ער וואָלט אָפּגעוואַרט אַז דער פרעגער זאָל פאַרגעסן וואָס ער האָט געפרעגט. „זי האָט חתונה געהאַט צי זי זיצט נאָך אַ מיידל? איר קענט דאָך ענטפערן,“ האָט צמח געמאָנט און דערפילט אַ דריקעניש אין ברוסטקאַסטן. „איך ווייס?“ האָט ר' יעקב־יצחק נאַרישעוואַטע געפינטלט מיט די אויגן. „ווערדליק מיר האָבן דאָ געהערט האָט איר דעמאָלט חתונה געהאַט אין לאָמזשע. פאַרשטיי איך אַז איר זייט אָדער אַ גרוש אָדער אַן אַלמן, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, און איר ווילט טאָן דעם פריערדיקן שידוך.“

„איך בין ניט קיין אַלמן און ניט קיין גרוש,“ האָט צמח דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן. ער איז דאָך יאָ אַ גרוש, און נאָך מער ווי פון אַ פרוי; אַ שטאָט האָט אים אַרויסגעטריבן. „איך האָב געטאָן אַ גוטן שידוך, נאָר מיר איז אָוועק שלעכט אין לעבן און איך זע אין דעם אַן עונש, ווייל איך האָב פאַרשעמט מיין ערשטע כלה. בין איך געקומען זי איבערבעטן און בין אויך גרייט צאָלן קנס איר פאָטער. אָבער קודם־כל דאַרף איך וויסן צי זי האָט חתונה געהאַט.“

דער בעל־הבית האָט נאָך מער געפּינטלט מיט די אויגן און געמעקעט אַז ער ווייס ניט וואָס ביי פאַלק נאַמיאָטן טוט זיך. אים קוקט בכלל אויס מאָדנע וואָס נאָך אַזאַ לאַנגער צייט האָט דער געוועזענער חתן זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף בעטן מחילה ביי דער געוועזענער כלה. „זי איז אייך געקומען צו חלום?“ דער בעל־אַכסניא איז פּלוצעם אַריין אין התפּעלות און גענומען פּאַטשן מיט די ליפּן: איי־איי־איי! ער געדענקט נאָך וואָס פאַר אַ גרויסער בעל־דרשן דער אורח איז, אויב ער וועט האַלטן אַ דרשה וועט מען אין בית־מדרש שטיין קאָפּ אויף קאָפּ. אָבער אויף נאַמיאָטן מיט דער טאָכטער זאָל ער זיך מער ניט נאָכפרעגן, וואָרום דאָס וועט אַלעמען פאַרקומען זייער משונהדיק. און דער בעל־הבית איז אין איילעניש אַרויס פון שטוב, שטאַרק פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן.

אין אַזאַ קליין שטעטל ווייס ניט דער ווירט פון איינפאָרהויז צי פאַלק נאַמיאָטס טאָכטער האָט חתונה געהאַט? עפּעס איז דאָ געשען וואָס דער ייד וויל ניט דערציילן. צמח האָט זיך געמוזט אַראָפּזעצן אויף אַ שטול, דער סופית און די ווענט האָבן זיך אים געדרייט פאַר די אויגן. ער דאַרף אַריינגיין אין אַ הויז וואו מען קען אים ניט און רואיק פרעגן אויף דער בשמים־קרעמערקע דבורהלע נאַמיאָט, וועט ער הערן דעם אמת. נאָר צמח האָט דערפילט אַז ער קען איצט ניט מאַכן אַן אָנשטעל און וואַרטן אַן איבעריקע סעקונדע, ער מוז גלייך אַלץ וויסן. וועט ער אַריינגיין צום געוועזענעם מחותן גופא, ווי שווער דאָס זאָל אים ניט זיין. און ער איז אַרויס פון דער אַכסניא מיט גיכע טריט, ער זאָל ניט באַוויזן חרטה האָבן. צמח האָט גוט געדענקט די אומהיימלעכע שטילקייט אין נאַמיאָטס חדרים, אָבער ניט ווי דאָס הויז זעט אויס פון דרויסן. האָט ער זיך אַרומגעדרייט ביי אַ שורה שטיבער און ניט דערקענט דעם אַריינגאַנג. פון די גאַניקעס און געוועלבער האָבן אים נאָכגעקוקט די שטעטלשע, זיי האָבן שוין קענטיק געהערט ווער ער איז און וועמען ער זוכט. אָנגעטאָן אין דער מאַמעס פאַטשיילע און אין גרויסע ניט־פאַרשנורעוועטע שיך, איז אַ קליין מיידעלע שטיין געבליבן צווישן צוויי קאַלוזשעס וואַסער און נייגעריק געקוקט אויפן פרעמדן. צמח האָט זי געפרעגט וואו עס וואוינט ר׳ פאַלק נאַמיאָט. „אָט דאָ וואוינט ער, דער אַלטער קנור,“ האָט דאָס מיידעלע באַוויזן אויף אַ שטוב און איז אַוועקגעשפּרונגען ווייטער.

די דירה איז געשטאַנען מיט פאַרלאָדנטע פענצטער און אַ צוגעמאַכטער טיר. פאַלק נאַמיאָט איז געוויס אַוועקגעפאָרן קיין גראָדנע, ווי מיט צוויי יאָר צוריק גלייך נאָך די תנאים, האָט צמח געטראַכט אַ דערפרייטער און אָפּגעאָטעמט לייכ־טער. ער האָט שוין געוואָלט צוריקגיין, נאָר יידן און יידענעס האָבן פון אַלע זייטן געטייטלט מיט די פינגער אַז דער בעל־הבית איז אין דער היים. מיט זייער פאַרגולמטן אויסזען און פינגער־טייטלעניש האָבן זיי אים, דעם פרעמדן, ווי

פאַרשטעלט דעם צוריקגאַנג. אין זעלבן אויגנבליק איז אים קלאָר געוואָרן אַז דבורהלע נאָמיאָט האָט נאָך ניט חתונה געהאַט, כאָטש ער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס ער איז אַזוי זיכער אין דעם. דאָך האָט ער זיך אין דעם אָנגעכאַפּט כדי זיך צו ראַטעווען פון אַ נאָך ערגערן פאַרגעפיל. צמח האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין דער פאַרשפאַרטער טיר און נאָך אַלץ געהאַפּט אַז קיינער וועט ניט ענטפערן. באַלד האָט ער דערהערט טריט, אַ קול ווי פון אַ טיפן אויסגעטריקנטן ברונעם האָט געפרעגט ווער עס קלאַפּט. אין דער געעפנטער טיר איז געשטאַנען פאַלק נאָמיאָט מיטן אייגענעם אויסזען ווי פאַר־צוויי־יאָרן: אַ לאַנגע אויסגעצויגענע צורה, שמאָלע אויגן־שפּעלטעלעך, איינגעשטריקט אין אַ נעץ פון קנייטשן, אַ מאָך־בינטל אויפן האַלדז אַנשטאָט אַ באָרד, און אַ נאַקעטע שפּיציקע גאָמבע. צמח האָט קוים געקענט אַרויסקוועטשן אַ פּאָר ווערטער פון די צונויפגעצויגענע שטימבענדער.

„איך בין אייער געוועזענער חתן, דער טאָכטערס חתן, צמח אַטלאַס.״

אַ מינוט־לאַנג האָט דער ייד געקוקט מיט אַ טעמפּן בליק. זיינע אויגן־שפּעלטעלעך האָבן זיך ברייט צעעפנט, זיין קינבאַק האָט געציטערט. צמח האָט איבערגעחזרט ווער ער איז און אַז ער איז געקומען בעטן מחילה ביי אים מיט דער טאָכטער פאַר די יסורים וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט. ער איז אויך גרייט צאָלן קנס פאַרן צער און בזיון...

„רוצח!״ האָט פאַלק נאָמיאָט אַ גוואַלדעווע געטאָן מיט אַלע כוחות. ער איז אַרויסגעלאָפן אינדרויסן און גענומען שרייען צו די שטעטלשע. „זעט ווער ס'איז געקומען! מיין געוועזענער חתן, דער רוצח פון מיין טאָכטער איז געקומען. מחילה בעטן, זאָגט ער, איז ער געקומען. מיין דבורהלע ליגט שוין אַנדערהאַלבן יאָר אין דער ערד, איז ער ערשט איצט געקומען בעטן מחילה ביי מיר און מיין טאָכטער. דער רוצח וייס אַפילו ניט אַז זי איז טויט, אַז ער האָט זי אומגעבראַכט.״

זקנים אין אַמדור האָבן געדענקט אַ מגפה און אַ חופה אויפן בית־עולם. ביי אַלעמען אין זכרון איז נאָך פריש געווען דער חורבן פון דער מלחמה. דאָס שטעטל האָט געהאַט אירע אומגעקומענע אין פּאָגראָמען, בעת עס האָבן זיך נאָכן קריג געביטן די מאַכטן, און הרוגים אויף דאָרפישע וועגן אויך אין שלום־צייט. אָבער קיינמאָל פריער האָט דער יידישער ישוב אין אַמדור ניט דורכגעלעבט טרויעריקע און אויסטערלישע סצענעס פון אַזאַ סאָרט. בעת דער רבנישער יונגערמאַן האָט דערהערט אַז זיין געוועזענע כלה איז געשטאָרבן, האָט ער זיך אויסגעצויגן לעבן איר שטוב מיטן פּנים אין דער האַרבסטיק־צעווייקטער ערד. פאַלק נאָמיאָט האָט איבער דעם לאַנגן אויסגעצויגענעם גוף אַריבערגעשפּאַנט צו זיך אין וואוינונג און פאַרשלאָסן די טיר פון אינעווייניק. אַרום הויכוואוקסיקן און שיינעם רב זיינען געשטאַנען בעלי־בתים, וייבער, און זיך ביי אים געבעטן

ער זאָל זיך אויפשטעלן. ער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט און אַפילו ניט געענטפערט. זיינען אויך די שטעטלשע שטיין געבליבן אַפּהענטיק, פאַרשטומטע, פאַרגליווערטע.

מיט אַ גראָבן שטעקן אונטערן אָרעם, איז פאַלק נאַמיאָט אַרויס פון שטוב צו מנחה. דערזען אַז דער געוועזענער חתן ליגט נאָך ביים שוועל, איז דער מחותן איבער אים אַריבער ווי איבער אַ נבלה. צמח האָט זיך אויפגעהויבן, דאָס פּנים און די באָרד איינגעשמירט אין בלאָטע, און פאַרשטעלט דעם מחותן דעם וועג. „זייט מיר מוחל." פאַלק נאַמיאָט האָט פון אונטערן אָרעם אַ כאַפּ געטאָן דעם גראָבן שטעקן און אים צעפּאָכעט איבערן קאָפּ פון מחילה־בעטער, וואָס איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און געוואַרט אויפן טויט־קלאַפּ. נאַמיאָט האָט זיך אָבער געכאַפּט באַצייטנס אַז אומברענגען אַ מענטשן לוינט אים ניט. האָט ער זיין געוועזענעם חתן אַ שפּיי געטאָן אין פּנים און איז אַוועק צום דאַוונען. צמח איז אים נאָכגעגאַנגען אויף אַ מהלך און איז שטיין געבליבן אינדרויסן, ווי מען וואָלט אים געאָסרט אַריינגיין אין אַ מקום־קדוש. יידן האָבן ניט ווייט פון אים זיך געקליבן אין קופּקעלעך און געקוקט, ריידן צו אים האָבן זיי זיך ניט דערוועגט. אויך ער האָט צו קיינעם אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. פאַלק נאַמיאָט איז אַרויס פון בית־מדרש און צמח האָט אים ווידער פאַרשטעלט דעם וועג. „זייט מיר מוחל." אַ האַלב־דערשטיקטער פון כעס, האָט נאַמיאָט געכאָרכלט און מיטביידע פויסטן גענומען דעם געוועזענעם חתן האַקן איבערן קאָפּ. די אַרומיקע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שלעגער. האָט דער געשלאָגענער זיי אָפּגעשטויסן און געוואַרט אַז דער ייד זאָל אים נאָך מער ממיתן. פאַלק נאַמיאָט האָט פון דער ערד אויפגעהויבן דעם אַראָפּגעפאַלענעם שטעקן און זיך געלאָזט לויפן אַהיים מיט אַ געשריי, אַז ער וועט דעם רוצח קיינמאָל ניט מוחל זיין.

צמח איז געגאַנגען אין אַכסניא און שטעטלשע יידן זיינען אים נאָכגעגאַנגען. ער איז געזעסן אויף אַ שטול אינמיטן חדר, אַרום אים זיינען געשטאַנען אַמדורער בעלי־בתים און אים געטרייסט אַז ער איז אין דבורהלעס טויט ניט שולדיק. זי איז געווען אַ קרענקלעכע, איז זי אַ האַלב יאָר נאָך זיין אַוועקפאָרן, אַרום פּסח־צייט, פּלוצעם פאַרשלאַפט געוואָרן און גיך געשטאָרבן. אויך דער אַלטער גמרא־מלמד, וואָס האָט בשעתו גערעדט דעם שידוך, האָט זיך געפונען אין אַכסניא און געשריען אַז דער חתן האָט געמעגט חרטה האָבן סיי על־פּי דין סיי על־פּי יושר. נאָך תנאים האָט ער, דער שדכן, גענומען הערן פון אַלע זייטן אַז דער מחותן וועט ניט אָפּגעבן דעם נדן און די צוגעזאָגטע קעסט. האָט ער געהאַט גרויס שברת־הלב וואָס ער האָט בלאי־יודעים געהאָלפן אָפּנאַרן אַ בן־תורה; און ווען דער חתן האָט שפּעטער אָפּגעשיקט די תנאים, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן, כאָטש דאָס האָט אים געקאָסט זיין שדכנות־געלט. די נאָזלעכער און די באָרד

פאַרשאָטן מיט געלן שמעק־טאַבאַק, האָט דער אַלטער גמרא־מלמד געגאַסן ביים אמת און געהילכט מיט אַ קוויטש.

„חתנים און כלות צעגייען זיך טאָג־איין טאָג־אויס, פונדעסטוועגן שטאַרבט מען ניט פון דעם. זי איז געשטאָרבן ווייל זי איז געווען אַ חולנית.“

דער בעל־אַכסניא, ר' יעקב־יצחק, וואָס האָט אַמאָל באַרעדט דעם אבי־הכלה פאַרן חתן שטילערהייט, האָט איצט גערעדט אויפן קול פאַר אַלעמען אַז פאַלק נאַמיאָט איז אַ קטלן, אַ הורג־נפש. ער האָט פאַרמוטשעט צום טויט דאָס ווייב און געשלאָגן מיט זיין גראָבן שטעקן די יינגלעך, ביז זיי זיינען אונטער־געוואַקסן און אַנטלאָפן קיין גראָדנע. זיי קומען קיינמאָל ניט קיין אַמדור און לאָזן אים ניט אַריבערטרעטן זייער שוועל בעת ער איז אין גראָדנע. בלויז אויף דער לוויה פון דער שוועסטער זיינען זיי געקומען און גלייך צוריקגעפאָרן, אפילו שבעה ניט געוואָלט זיצן אינאיינעם מיטן טאַטן. די זין האָבן פאַרשטאַנען אַז ער האָט פאַרפייניקט דבורהלען ווי אַמאָל זייער מאַמען. דער עיקר ברענט און בראָט אים וואָס ער האָט ניט געקענט חתונה האָבן נאָכאַמאָל. אַ ווייבל אַ קאָזאַק האָט זיך געקוואָפּעט אויף זיין געלט און געוואָרט ער זאָל חתונה מאַכן די טאָכטער. אָבער ווען מיט דער טאָכטערס שידוך איז געוואָרן אויס, האָט דאָס ווייבל אויס־געשפּיגן אויף נאַמיאָטס שפּיציקן פאַרהאָרטעוועטן קאָפּ און געשטעלט אַ חופּה מיט אַן אַנדערן. אָט דאָס ברענט און בראָט אים מער פון אַלץ.

צמח האָט גוט געדענקט ווי דער זעלבער בעל־אַכסניא האָט אים נאָך תנאים אַריינגעשושקעט אין אויער אַז די כלה איז אַ דערשלאָגענע און הכנעהדיקע, ווייל דער טאַטע האַלט זי אין שרעק. אַ ביסל אַ קרענקלעכע איז דבורהלע געווען; און בעת ער האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך האָט דער טאַטע זי געגנומען מוטשען נאָך מער אַז ער קען איבער איר ניט חתונה האָבן. האָט זי אַזוי לאַנג געליטן און שטיל געוויינט ביז דאָס חיות איז איר אויסגעגאַנגען. פון געדאַנק האָט צמח אויפגעשווידערט מיט אַלע גלידער און איז באַלד ווידער געבליבן זיצן אַ פאַר־שטיינערטער. אומזיסט האָבן די יידן געפּראוואוט שמועסן מיט אים פון עפּעס אַנדערש. דער אַלטער גמרא־מלמד האָט געפרעגט צי אים האָט זיך איינגעגעבן מאַכן אַ ישיבה־קטנה אין אַן אַנדער שטעטל, דער בעל־אַכסניא האָט געוואָלט וויסן ווער ס'איז זיין ווייב און איר משפּחה. צמח האָט אַ וואָרט ניט געענטפערט, אַ פאַרקוקטער אויף דער וואַנט קעגנאיבער. האָט דער ווירט פון איינפאָרהויז זיך איבערגעוואונקען מיט די בעלי־בתים און אַלע האָבן זיך פּאַמעלעך אַרויסגע־רוקט פון חדר. צמח האָט ווייטער געגלאָצט אויף דער וואַנט קעגנאיבער, ווי אין דערוואַרטונג אַז באַלד וועט זיך עפענען אַ געהיימע טיר און אים אַריינפירן אין דבורהלע נאַמיאָטס בשמים־געוועלב. איצט פאַרשטייט ער פאַרוואָס דבורהלע האָט ביים געזעגענען זיך געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע פאַרטרערטע אויגן.

זי האָט זיך מיט אים געזעגנט אויף שטענדיק, אויף אייביק. זי האָט געוואוסט אַז ער וועט צו איר ניט צוריקקומען און זי וועט שטאַרבן.

## 18

פון בית־עולם זיינען געגאַנגען כמאַרעס, ווי שוואַר־צער געדיכטער רויך פון גיהנום. „ער ליגט אויף איר קבר," האָבן יידן זיך געשושקעט און זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. אַמדור האָט דבורהלען כמעט ווי ניט באַמערקט ביים לעבן און פאַרגעסן גלייך נאָך איר טויט. ערשט די אויפפירונג פון איר געוועזענעם חתן האָט אין די הערצער אויפגעוועקט מיטלייד מיטן מיידל, מיט דער שטילער טויב, וואָס איז אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן. אָבער באַשולדיקט האָט מען ניט דעם חתן. „ער האָט דאָך ניט געקענט וויסן אַז דער טאַטינקע וועט זי טרייבן פון דער וועלט," האָבן די שטעטלשע צווישן זיך גערעדט און געשאָלטן פאַלק גאַמיאָטן.

אויפן פייכטן ערד־בערגל, באַדעקט מיט האַלב־פאַרוועלקטע גראָזן, איז צמח געלעגן און געפילט ווי זיין האַרץ זינקט אַראָפּ אין קבר. דער ווינט האָט אים אַריינגעפייפט אין די אויערן, געריסן פון אים די מלבושים און געשפּרונגען איבערן קאָפּ, ווי אַ חיה־רעה וואָס שפּילט זיך מיט אַ מענטשלעכן שאַרבן. אין זיין מוח האָבן געבלאָנדזשעט זכרונות און פאַנטאַזיעס ווי שטיקער נעפּל: זי וואָלט אים געווען אַ גוט, געטריי וויב. „צמח, גיי עסן," וואָלט זי געזאָגט צו אים און געשמייכלט אַ באַגליקטע וואָס זי דוצט אים. „שטיי ניט, צמח, אין געוועלב, גיי אין בית־מדרש." ווען ער איז אַ קרעמער אין איר אָרעם בשמים־געוועלבל וואָלט ער זיך ניט געקריגט מיט די קונים, ווי אין גרויסן מעל־געשעפט פון זיינע שוואָגערס, די ברידער סטופּעל. ער וואָלט איבערהויפּט קיין קרעמער ניט באַדאַרפט זיין. דבורהלע וואָלט איינגעשטימט ער זאָל ווערן אַ ראש־ישיבה אין אַ קליין שטעטעלע און ער וואָלט אַ גאַנץ לעבן געזעסן רואיק על התורה ועל העבודה. אַזאַ שטילע, איידעלע, גוטע און פרומע נשמה באַווירקט דעם מאַן אַז אויך ער זאָל זיין אַן אַנדערער.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען אירע תנועות און אַרט ריידן. קיין סך האָט ער ניט געדענקט פון איר, בלויז גלאַט־אַרויפגעקעמטע האָר, גרויע אויגן און אַ שמייכל, צייטנווייז קינדיש און צייטנווייז ווי ביי אַ צעקנייטשטער זקנה. ער האָט קוים עטלעכע מאָל זי געזען און גאַנץ ווייניק גערעדט מיט איר. אַ שטיק צייט נאָכן אָוועקפאָרן פון אַמדור האָט ער נאָך וועגן איר געטראַכט, אים

האָט ווי געטאָן הלמאי ער האָט זי פֿאַרשעמט. אָבער אַז דער טאַטע פּייניקט דבורהלען און אַז זי קען שטאַרבן פֿון צער און בענקשאַפֿט איז אים ניט איינגעפֿאַלן. ביסלעכווייז האָט ער די ערשטע כלה געגומען פֿאַרגעסן און דורכן גאַנצן זומער אין וואַלקעניק איז זי אים אַפֿילו מער צו חלום ניט געקומען, ווי זי וואָלט אויף יענער־וועלט געוואוסט אַז ער טראַכט ניט מער וועגן איר. איצט אַז ער טראַכט וועגן איר ווידער, הערט זי זיינע געדאַנקען און שמייכלט אַ באַטריבטע, ווי אין איר געשעפֿט ביי זייער געזעגעניש. קיין כעס אויף אים טראָגט ניט דבורהלע, זי איז אים אַפֿילו מוחל. אַ מענטש מיט אירע גוטע און טרויעריקע אויגן קען ניט אַנדערש ווי מוחל זיין. נאָר ער זיך אַליין איז ניט מוחל, קיינמאָל אין לעבן וועט ער זיך ניט מוחל זיין.

צמח האָט געפֿילט אַז ער דרימלט איין אונטערן געוואָי פֿון ווינט, וואָס פֿאַרבלאָזט אים מיט פֿאַרוויאַנעטע בלעטער. מיטאַמאָל האָט זיין פֿאַרשטייפֿטער גוף אויפֿגעציטערט פֿון פֿרייד. ער האָט דערזען ווי אַ פּרוי דרייט חנעוודיק מיטן קאָפּ, אירע באַקן ווערן פּורפּור־רויט און קריגן חן־גריבעלעך. צמח האָט געוואוסט אַז די פּרוי לאַכט עס צו אירע יינגעלעך פֿון גליק וואָס ער זיצט קעגן אירביים צווייטן עק טיש. האָט ער זיך געגעבן אַ ריס־אָפּ פֿון ערד־בערגל און איז אַרויס־געלאָפֿן פֿון בית־עולם. אויף זיין כלהס קבר האָט ער ניט געוואָלט חלומען פֿון ראָניע דעם וואַלקעניקער שוחטס טאָכטער. אויך ראָניע איז אַן עלובה און ס'איז אים אַ גרויסער צער אויף איר, נאָר זי איז פֿאָרט ניט קיין דבורהלע נאַמיאָט. פֿאַר דבורהלען וואָלט אַ פֿרעמדער מאַנסביל קיינמאָל קיין נסיון ניט געווען. זי וואָלט איינגעשטימט אַז דער מאַן זאָל זיין אַ פּרוש אין אַ שטעטל, אָדער אַ משולח, און זי זאָל אים זען בלויז איין מאָל אין אַ האַלב יאָר. מיט וויפֿל שמחה זי וואָלט עס דערוואַרט זיין קומען אויף יום־טוב אַהיים! אוי־ואבוי צו אים אַז ער האָט עס פֿריער ניט פֿאַרשטאַנען.

אויפֿן דריטן טאָג נאָך זיין קומען קיין אַמדור איז ער ווידער געלעגן ביי דער שוועל פֿון פֿאַלק נאַמיאָט, וואָס האָט פֿאַרהאַקט די טיר און איז ניט אַרויס אינדרויסן. בלויז פֿון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער און זיין לאַנגע צורה האָט אויסגעקנייטשט משונהדיקע העוויות פֿון געזעטיקטער נקמה. יידן האָבן זיך צוגעקוקט ווי דער רבנישער יונגערמאַן וואַלגערט זיך אין בלאָטע און געפֿילט אַז זיי גייען אַרונטער פֿון זינען. מען האָט ביי אים ניט געקענט פּועלן ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן ער זאָל זיך שטעלן. זיינען די בעלי־בתים אַריינגעפֿאַלן מיט אַ געשריי צום רב, הלמאי ער קוקט זיך רואיק צו ווי אַן אַלטער הונט גייט אין בלוט פֿון אַ תלמיד־חכם.

דער אַמדורער רב, ר' ברוך רובין, אַ ייד מיט אַ בייכל אונטער דער זיידענער קאַפּאָטע, אין גאָלד־באַראַמלטע ברילן און מיט אַ קאַלטן לומדישן קוק, האָט

שטענדיק געהאַט אינזינען וואָס עס פּאַסט יאָ און וואָס עס פּאַסט ניט פאַר אַ צורבא־מרבנן. בעת צמח איז מיט צוויי יאָר צוריק געקומען קיין אַמדור מאַכן אַ ישיבה־קטנה, איז ער דעם רב ניט געפעלן מיט זיינע נאָוואַרעדקער דרשות און מיטן ווערן איינס־צוויי אַ חתן פאַר פאַלק נאַמיאַטס טאָכטער. איצט האָט הרב רובין זיך נאָך מער געקרימט פון פּראָסטן און אַפילו גראָבלעכן אופן ווי דער נאָוואַרעדקער בעל־מוסר פּראַוועט תשובה. די רבנישע און ישיבהשע וועלט פון דער ליטע האָט שוין געקאָכט מיט דער מעשה וועגן וואָלקעניקער מנהל וואָס האָט געהייסן פאַרברענען אַ ביבליאָטעק און געמוזט עוקר זיין פון שטעטל. דער אַמדורער מרא־דאתרא האָט מיט אַזאַ סאָרט איבערגעאיילטן מענטש און בעל־מחלוקת ניט געוואָלט האָבן קיין שום מגע־ומשא. ער האָט אָבער ניט דערציילט זיינע בעלי־בתים די געשיכטע וועגן וואָלקעניק, כדי ניט פאַרגרעסערן דעם חילול־השם און מען זאָל אויך ניט האָבן צו זאָגן אַז ער באַרעדט אַ געפּלאָגטן תלמיד־חכם.

„אַז אַ בן־תורה קומט אין אַ שטאָט, גייט ער קודם־כל אַריין צום רב שמועסן אין לערנען און דערציילט נאָך וואָס ער איז געקומען. דער איצטיקער אורח האָט אַזוי ניט געטאָן," האָט ר' ברוך רובין געלאָזן אויסגעגלעט איטלעך הערעלע פון זיין ווייך־געקרייזלטער באָרד איבערן ציכטיקן האַלדז־קראַגן. „פונדעסטוועגן, אויב איר קענט ר' פאַלק נאַמיאַטן ברענגען אין בית־דין־שטוב, בין איך גרייט מיט אים ריידן ער זאָל דעם געוועזענעם חתן מוחל זיין."

דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום הויז, וואו צמח איז נאָך געלעגן אויף דער ערד. „הייבט זיך אויף!" און צענדליגער הענט האָבן אים אויפגע־שטעלט. די יידן האָבן גענומען ברעכן נאַמיאַטס פאַרריגלטע טיר און אַריינגע־גוואַלדעוועט אין די פענצטער. „שונא־ישראל, דער רב רופט אייך!" מען האָט אים געסטראַשעט מיט חרם און אַז מען וועט חרוב מאַכן זיין שטוב, אים אויס־רייכערן ווי אַ וועלפישע הייל. ער זאָל זען אַז מען מיינט עס, האָט מען פון ערגעץ־וואו געבראַכט צו שלעפּן אַ קלאָץ און גענומען זעצן אין דער פאַרשלאָ־סענער טיר. פאַלק נאַמיאַט איז אַרויסגעלאָפן אינדרויסן און זיך גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ מיט אַ גוואַלד, אַז איבער דעם חתן דעם רוצח איז זיין איינציקע טאָכטער געגאַנגען פון דער וועלט. דאָך האָט ער זיך פון המון געלאָזט שטויסן צום רב און צמח האָט זיך מיטגעשלעפּט. אין בית־הרב האָבן די שטעטלשע צו דבורהלעס טאַטן געשריען, אַז ער שיקט נאָך אַלץ אַרום שדכנים מען זאָל אים געפינען אַ יונג ווייבל. איז וועלכע פרוי וועט עס וועלן חתונה האָבן מיט אַ ייד וואָס האָט אַזאַ פאַרשטיינערט האַרץ? „וועל איך ניט חתונה האָבן, מוחל זיין דעם רוצח וועל איך ניט," האָט נאַמיאַט געענטפערט. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך

אויף אים אַ וואַרף געטאָן מיט די פויסטן. „פּראַצעגטניק! הויטשינדער! קיין איין בעל־הבית וועט איך ניט אָפּגעבן אַ גראָשן, ניט דעם פּראָצענט, ניט דעם קרן. איר הערט, בלויטזויגער!״ אַ ווייל האָט נאָמיאָט דערשראָקן געפּינטלט מיט די שמאָלע אויגן־שפּעלטעלעך. נאָר אַז ער האָט זיך דערמאָנט אין די וועקסלען און משכנות וואָס ער האָט אויף יעדן בעל־חוב, האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף פאַר די סטראַשונקעס ניט מורא האָבן. נאָמיאָט האָט אויף די זידלערייען מער ניט געענטפערט, ער האָט געשטומט ווי אַן אַריינגעזעצטע טעמפּע האַק אין אַ סוקוואַטן קלאָץ. די יידן האָבן איינגעזען אַז זיי קענען מיט אים גאָרניט אויפטאָן און געשפּיגן מיט עקל. ערשט אַז ס׳איז איינגאַנצן שטיל געוואָרן, האָט דער רב זיך געווענדט צום געוועזענעם חתן.

„על־פּי דין דאַרף מען בעטן מחילה דריי מאָל פאַר דריי עדות, און אויב דער בעל־דבר איז ניט מוחל איז מען מער ניט מחויב. לפי זה האָט איר יוצא געווען סיי על־פּי דין סיי לפנים משורת הדין.״

„איך וויל ניט יוצא זיין, איך וועל זיך וואַלגערן ביי זיין שוועל וואָכן און חדשים, ביז ער וועט מיר מוחל זיין.״

אויף די יידן איז געפאַלן אַן אימה פון די סצענעס וואָס שטייען זיי נאָך פאָר. אויך נאָמיאָט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן פון פּחד, ווי ער וואָלט דערזען אַז מען גייט אים פאַרמויערן אַ לעבעדיקן. אויב דער מערדער וועט בלייבן אין אַמדור און פראַווען שטיק, וועט ער, נאָמיאָט, זיך ניט קענען ווייזן אין גאַס איינצומאָנען חובות. האָט ער אומגעריכט פאַר אַלעמען גענומען שרייען אַז ער איז דעם רוצח מוחל אָן אַ פּרוטה קנס, בתנאי ער זאָל נאָך היינט אַוועקפאָרן פון אַמדור. „ער איז אייך מוחל,״ האָבן די יידן פריילעך געשריען צום אורח, ווי ער וואָלט נאָכאַמאָל געוואָרן אַ חתן און זיי גיבן אים אָפּ מזל־טוב.

אויף איין מינוט האָבן פאַר צמחס אויגן אַלע פּנימער פון די אַרומיקע זיך צונויפגעגאָסן אין איין פּנים. אַ מינוט שפּעטער איז פון יעדן פּרצוף געוואָרן גאַנצע דריי, ווי ער וואָלט די פאַרזאַמלטע געזען אין געפּלאַצטע שפּיגלען. בעלי־בתים האָבן צו אים גערעדט, געמאַכט מיט די הענט, נאָר ער האָט אויסגעזען אַ פאַרטויבטער, גלייך ער וואָלט געשטאַנען ביי אַ וואַסערמיל וואָס דרייט זיך אויף אַלע רעדער און פאַרהילכט די מענטשלעכע קולות. „אַזוי? דער מחותן איז מוחל?״ און אין זיינע אויגן האָט געברענט דער יאוש פון אַ קראַנקן וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ קאָשמאַר און דערזעט אַז די וואָר איז נאָך ערגער. די בעלי־בתים האָבן זיך איבערגעקוקט מיט חשד צי ער איז ביי די קלאָרע געדאַנקען. ביסלעכווייז האָט זיך דער בית־הרב אָפּגעליידיקט, ביים טיש זיינען געבליבן זיצן דער רב און ר׳ צמח אַטלאַס.

ר׳ ברוך רובין האָט זיך געהאַלטן פאַרן איסטניס וואָס די גמרא זאָגט וועגן

אים, זיין לעבן איז קיין לעבן ניט, ווייל ער קרענקט איבער און אים עקלט־אָפּ פון אַלץ וואָס איז ניט אײדל און ניט זויבער. האָט ר׳ ברוך רובין געצויגן די לענגלעכע ווייסע פינגער, ווי ער וואָלט זיי געמאָלקן, און גערעדט מיט אַ קאַלטן ירגזון: מען זאָל ביים בעטן מחילה זיך אויסציען אויף דער ערד, איז על־פּי דין ניט קיין חיוב. אַ תלמיד־חכם טאָר עס ניט טאָן אַפילו ווען ער וויל. אַזוי פּסקנט דער משנה־ברורה בפּירוש אין נאָמען פון גרויסע אחרונים. ביי אַ לעבעדיקן דאַרף מען בעטן מחילה דריי מאָל פאַר דריי עדות, ווי מען האָט שוין גע־שמועסט. ביי אַ נפטר דאַרף מען בעטן מחילה פאַר אַ מנין יידן. אָבער ס׳איז נאָך ניט געהערט געוואָרן אַז אַ באַוויבטער ייד, דערצו נאָך אַ תלמיד־חכם, זאָל זיך אויסציען און אַפּליגן אַ גאַנצן טאָג אויפן קבר פון זיין געוועזענער כלה. גראַד ווייל פאַלק נאָמיאַס האָט אים געזען זיך וואַלגערן אויף דער ערד, האָט ער געפונען אַ שעת־הכושר אין אים זיך נוקם צו זיין. ווען ער גייט ווי אַ תלמיד־חכם דאַרף גיין, מיט אַן אײדעלערן וועג, וואָלט ער זיך פאַרשפּאַרט הן דעם אייגענעם בזיון הן דעם בזיון התורה, און דער געוועזענער מחותן וואָלט אים נאָך פריער מוחל געווען.

„מיר איז ניט געגאַנגען אין אַרויסרייסן ביים מחותן אַ געצוואונגענע מחילה. אויב ער וואָלט מיר אַפילו פאַרגעבן מיטן גאַנצן האַרצן, בין איך זיך אַליין ניט מוחל. דעם בזיון האָב איך געזוכט, ניט די מחילה, און איך האָב געוואָלט אַז דער בזיון זאָל דויערן וואָס לענגער,״ האָט צמח גערעדט מיט אַ בייזן קנייטש אין די מויל־ווינקלען, פון אומגעדולד און ביטול צו אַלע וואָס האָבן צוגעזען ווי ער האָט זיך דערניידעריקט. און נאָך איידער דער געפּלעפּטער אַמדורער מרא־דאתרא האָט באַוויזן אים ענטפערן, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל־אויף און איז אַרויס פון בית־הרב.

ער איז געגאַנגען אין אַכסניא אָפּנעמען דאָס פּעקל און זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט ביי נאָמיאַס הויז — אַ פאַרהאַקטע אויף טיר און לאָדנס, בלינד און שטום ווי אַ חורבה. פון אַלע זייטן האָבן שטעטלשע יידן אים נאָכגעקוקט מיט שרעק ער זאָל ווידער זיך ניט לייגן ביי נאָמיאַס שוועל. צמח האָט אַוועק־געשפּאַנט ווייטער. אויב ער זאָל זיך איצט אויסציען אין בלאָטע, וועט ער אין די אייגענע אויגן אויסזען אַ קאָמעדיאַנט. אָבער ער זוכט ניט דעם בזיון פון אַ קאָמעדיאַנט, ווי דער ווילנער טאַבאַק־סוחר וואָס באַרביטאָלער דורך זיין אַרומ־גיין איבער די הייזער. צמח האָט געדענקט דעם מחזה־אברהמס ווערטער אַז ער איז אַ מוראדיקער בעל־גאווה. האָט ער זיך געוואָלגערט אין אַמדור אין בלאָטע כדי צו ברעכן זיין גאווה. נאָר מיט איין פּרט אין שבירת־המידות קען מען זיך ניט איבערמאַכן. אין נאָוואַרעדאָק האָט ער געלערנט אַז מען דאַרף אַ גאַנץ לעבן האָרעווען זיך צו ענדערן. הוי, צמח לאָמזשער, האָט ער גערעדט צו זיך, וועסט

נאָך דאַרפן אַ סך צייט זיך וואַלגערן און אָפּקומען, ביז דו וועסט קריגן אַ צעבראָכן האַרץ און קענען אויף זיך זאָגן, לב נשבר ונדכה, אלקים, לא תבזה.

## 19

סלאָוועס מאַן איז אַהיים געקומען און אין די גערוימע חדרים ביי די סטופּעלס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. ס'איז געוועזן אַרום ניין אינדערפרי.ביידע שוועגערינס, חנה און פרידע, האָבן זיך געשושקעט אין קיך, בעת זייערע מענער האָבן אויפן שוואָגער געוואַרט אין גאַסטצימער.

וואַלאַדיע איז דורך דער צייט געוואָרן נאָך בייכיקער און פולער, געדרימלט און געגענעצט גאַנצע אויפדערנאַכטן אין טיפן ווייכן שטול. אַ פּאָר מאָל דורכן אָוונט האָט ער אַ רוף געטאָן דאָס ווייב מיט גוטמוטיקן שפּאַס. „מאַדאַם סטופּעל?" און מער האָט ער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. חנה האָט געוואוסט אַז דער מאַן איז בלויז אויסן צו וויסן צי זי איז אין שטוב, ער זאָל ווייטער קענען רואיק זיך צוהערן צום איינטאָניקן טיקטאַק פון די גרויסע און קליינע זייגערס. די מנוחה זאָל אים ניט פאַרשטערט ווערן, האָט וואַלאַדיע אויפגעהערט זיך זאָרגן אַפילו וועגן סלאָוועס שלעכטן משפּחה־לעבן און וועגן די געשעפטן וואָס גייען לעצטנס באַרג־אַראָפּ. נעכטן ביינאַכט איז ער נאָך געזעסן קעגנאיבער דעם ווייב און אָנגעקוואָלן פון איר גרויסן גוף מיטן ראָזלעכן פּנים — נאָך אַלץ בלוט און מילך. אויך חנה האָט זיך שוין איינגעלעבט אין שטילשווייגן פון די ציכטיקע ליידיקע חדרים און זיפצט ניט מער פון בענקשאַפט נאָך אַ קינד. אָבער היינט פרי איז די רו מיט איינמאָל פאַרשוואונדן, וואַלאַדיע איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן. ווער ווייס וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר האָט דעם מוסרניק צוריקגעבראַכט.

דער עלטערער סטופּעל, נאָאום, איז דורך דער צייט געוואָרן נאָך אויפגעגע־רעגטער, שטענדיק געשריען אין שטוב און געשעפט הלמאי מען הערט ניט זיינע באַפעלן. איצט האָט ער זיך דערמאָנט די צרות וואָס ער האָט פון זיין בן־יחיד. און שולדיק אין דעם איז סלאָוועס מאַן! אויסגעריסן האָט ער באַדאַרפט ווערן איידער מען האָט אים אין שטוב אַריינגעלאָזט. זינט צמח האָט זיך איינ־געשטעלט פאַרן דינסטמיידל וואָס לאָלאַ האָט זיך מיט איר פאַרדרייט, איז לאָלאַ אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק זיך רייבן כלומרשט צווישן סוחרים און הולטייע־ווען דאָרט אויפן טאַטנס חשבון, ווייל דער אָנקל וואַלאַדיע לאָזט אים ניט אַריין אין געשעפט. נאָאום האָט שוין געוואָלט נעמען קאָכן, אַז ער איז אין געשעפט אַ גלייכער שותף און דאַרף ניט קיינעמס דערלויבעניש צו באַשעפטיקן

דעם זון. אין דעם האָבן פון קיך אַריינגעקוקטביידע ווייבער מיט פרעגנדיקע פּנימער, וואָלאָדיע האָט זיך אויפגעשטעלט.

„צייט אַרונטערגיין אין געשעפט. אַז עס וואָלט געווען גוטע נייס, וואָלט סלאַווע אַריינגעקומען אַנזאָגן."

צמח איז געזעסן אין זיין אַמאָליקן חדר, אָנגעטאָן אין מאַנטל און מיטן וועג־פּעקל ביי זיינע פיס אויפן דיל, ווי ער וואָלט אַריין בלויז אויף אַ וויל. צוגערוקט אויף אַ שטול נאָענט צו אים, האָט סלאַווע ניט פאַרהערט קיין איין וואָרט פון זיינע רייד און דערביי געהאַט אַ געפיל אַז כאָטש ער קוקט אויף איר, זעט ער זי ניט. בעת ער האָט דערציילט וועגן דער וואָלקעניקער ביבליאָטעק האָט זי אין זיך געשמייכלט. זי האָט דאָך די גאַנצע צייט דערוואַרט אַז ער וועט זיך צעקריגן מיט די בעלי־בתים פון דער שטעטלשער ישיבה. אָבער פון זיין דערציילונג וועגן אַמדור האָט זי געשווינדערט. סלאַווע האָט געקוקט אויף זיין צעכראַסטעטן הילוך און זיך געפרעגט: איז ער איר מאַן? אפשר איז זי שוין אויך אַן אַלטע יידענע אין אַ שייטל?

אין גרוי־האַרבסטיקן טאָג האָט סלאַוועס גלאַטער שטערן געשיינט מיט מאַטאָוון ליכט. איר הויכער האַלדז האָט פול און וואַרעם זיך אַרויסגעוויקלט פון סוועטער. אירע בלאָנדע האָר, אויפגעטורעמט איבערן רעכטן שליף, זיינען נאָך געווען קנויליק־געדיכט. זי האָט נאָך געבליט מיט אַ ווייסלעכן פּוך אויף די באַקן, מיט בלוילעכע וויסלען און מיט שיינענדיקע ציין פון צווישן אַזעלכע זאַפטיק־פרישע ליפּן, ווי זי וואָלט אויפגעגעסן אַ צייטיקן גראַנאַט־עפּל און זיך באַשפּריצט דאָס מויל מיט זיין ווייניקן זאַפט. גראָד וויל מיט צמחס ערשטער כלה פון אַמדור איז געשען אַזאַ אומגליק, האָט ער לויט סלאַוועס פאַרשטאַנד באַדאַרפט זיין גליקלעך וואָס זי, זיין ווייב, לעבט און זיצט לעבן אים. אָבער צמח האָט געהאַט אַן אויסזען פון איינעם וואָס איז לאַנג געשוואומען אין אייז־קאַלטן וואַסער און מיט די לעצטע כוחות זיך קוים אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ וויסט אינדזעלע, וואו ער קען בלויז איבערכאַפּן דעם אָטעם איידער ער וואַרפט זיך ווידער אַריין אין וואַסער שווימען צו אַ ווייט־ווייטן ברעג.

ער האָט געזאָגט אַז ער איז געקומען איר געבן אַ גט און וויל אַוועק אין דער וועלט זיין נע־ונד. נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט אַז ער האָט דער־פירט צום טויט פון זיין ערשטער כלה קען ער מער קיין משפחה־לעבן ניט פירן. סלאַווע האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין וואָס זי האַלט זיך נאָך אָן אים. צאַרט האָט ער קיינמאָל ניט געקענט זיין, דאָך איז ער איר אַלעמאָל געפעלן מיט זיין גבורה און ווייל ער איז געווען אַנדערש פון אַלעמען. היינט איז ער בלויז אַ צעבראָכענער ייד, אַ קרעכצער.

„דו קענסט זיך ניט שענקען פאַר יענער פון אַמדור, נאָר פאַר מיר קענסטו

זיך יאָ שענקען, פאַר מיר אַרט דיך ניט," האָט איר שטערן זיך גערונצלט. „דער־פאַר וויל איך דאָך דיך פריי לאָזן, איך זאָל ניט זיין שולדיק אויך אין דיין צעבראָכן לעבן," האָט ער געזאָגט. „די עוולה וואָס דו ביסט באַגאַנגען קעגן דיין ערשטער כלה קענסטו ניט פאַרגעסן, אָדער זי קענסטו ניט פאַרגעסן?" האָט סלאָווע געוואָלט וויסן און ער האָט געענטפערט ווי ער וואָלט זיך פאַרטרויט אַ שוועסטער: זינט ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דבורהלע נאָמיאָטס טויט האָט ער פּלוצעם פאַרשטאַנען אַז זי איז געווען זיין זיווג, זיין באַשערטע. צמח האָט אויסגעקוקט ווי אַן אבל פאַר וועמען ס'איז אַ טרייסט צו ריידן וועגן דער פאַרשטאָרבענער און דערציילן וואָס פאַר אַן ערלעכע, פרומע און גוטע נשמה זי איז געווען. ער האָט אַפילו דערציילט וועגן זיין כלהס איבערגעשראָקענעם שמייכל, וועגן אירע ליכטיקע גרויע אויגן, און אַז ער וועט קיינמאָל ניט פאַר־געסן איר בליק ביי זייער געזעגעניש, אַ בליק פון אַ מענטשן וואָס זעגנט זיך מיטן לעבן. זי האָט שוין דעמאָלט פאַרויסגעפילט אַז זי וועט שטאַרבן פון צער און בענקשאַפט, נאָר ער האָט ניט פאַרויסגעפילט. סלאָווע האָט זיך צוגעהערט מיט אַ דערצאָרנט, העל־בלוי פייערל אין די אויגן: ער ווייס ניט אַז מען טאָר אַזוי ניט ריידן צו אַ ווייב וועגן אַ פריערדיקער כלה, אָדער ער ווייס און אים אַרט ניט? און זע־נאָר מיט וויפל ליבשאַפט און בענקשאַפט ער רעדט וועגן יענער! אונטער דער צעוואָקסענער באָרד און פּאות קען ער נאָך זיין צאַרט און גינציק, אָבער צו אַנדערע, ניט צו איר.

„יאָ, ווען דו וואָלסט חתונה געהאַט מיט דער אַדמורער וואָלסטו פון איר ניט אַוועקגעפאָרן, ביסט אַוועקגעפאָרן פון שטוב ווייל דו האָסט געבענקט נאָך איר. און אפשר, וואָלסטו אויך זי איבערגעלאָזט ווי מיך... דו וואָלסט זי זיכער איבערגעלאָזט! דו רעדסט וועגן איר מיט אַזוי־פיל האַרץ ווייל זי איז געשטאָרבן; צו אַ לעבעדיקער קענסטו אַזוי ניט פילן, אַזאַ כאַראַקטער האָסטו שוין. אָבער ווי דו קענסט מיט דיין חרטה ניט אויפוועקן די געשטאָרבענע, קענסטו דורך אַ גט מיר ניט צוריקגעבן מיין צעפּטרט לעבן. איך וועל זיך נאָך איבערלייגן צי איך זאָל נעמען אַ גט, איך וועל אפשר קיין גט ניט נעמען."

„וואָס ווילסטו פון מיר?" האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט מיט תחנונים.

„ביסט דאָך נאָך אַ יונגע פרוי. וועסטו ווידער חתונה האָבן מיט אַ מאַן וואָס וועט דיר פּאַסן און וועסט זיין מיט אים גליקלעך."

וואָס וויל זי טאַקע פון אים? פּונקט אַזוי ווייס זי ניט וואָס זי וויל פון זיך גופא, פון דער משפחה און אירע פריינד. דורך דער קורצער צייט פון זייער צוזאַמענלעבן האָט צמח פאַרסמט איר האַרץ מיט ביטול צו געוויינלעכע מענטשן, קיינער געפינט ניט מער קיין חן אין אירע אויגן. „איך ווייס ניט וואָס איך וויל פון דיר," האָט זי נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכטן זיך פּלוצעם צעלאַכט און געגומען

ריידן גיך, גיך, אַז צמח פירט זיך אין דער אייגענער שטוב ווי אַ פרעמדער. זי וועט זיין מיטגעבראַכט פּעקל אַריינלייגן אין די ברודיקע וועש און ער זאָל גיין זיך אַרומוואַשן, עסן, זיך לייגן אָפּרוען. ער דאַרף אויך אַריינגיין צו אירע ברידער און שוועגערינס, אָדער זי וועט זיי אַריינרופן צו זיך. „דו פרעגסט זיך גאָרניט אויף סטאַסיען? אין וואָלקעניק האָסטו מיר פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס איך האָב ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך, און איצט פרעגסטו זיך גאָרנישט אויף איר?" האָט סלאַווע זיך אַרום אים געדרייט אין אַ האַלבן ענגן קליידל, אין פלאַכע שטוב־שיכלעך, און מיט שמחה אים דערציילט אַז סטאַסיע וואוינט מיט איר קינד אין אַ נאָענטן דאָרף צווישן יידן. צמח האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„פאַרן דינסטמיידל האָב איך זיך איינגעשטעלט ווייל זי איז אַ יתומה, נאָר אַז אויך מיין כלה אין אַמדור איז אַ יתומה האָב איך ניט געוואָלט געדענקען. סטאַסיע און איר קינד לעבן, אַ דאַנק גאָט וואָס זיי לעבן, אָבער דבורהלע נאָמיאָט ליגט אין קבר."

סלאַווע האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט קעגנאיבער אים, אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף זיינע קני און געפּרואווט ריידן רואיק, ניכטער: פון די אַמדורער יידן האָט ער דאָך געהערט אַז די דבורהלע נאָמיאָט איז פון שטענדיק אָן געווען אַ קרענקלעכע. איז הלמאי וויל ער דווקא זיך איינריידן אַז ער איז דער שולדיקער און נעמען אויף זיך אַ שטראָף פאַר אַ זינד וואָס ער איז ניט באַגאַנגען? „ביסט אַ קלוגע און איידעלע," האָט אַ מילדער שמייכל געלויכטן אין זיינע אומעטיקע אויגן. „בעת איך האָב זיך איינגעשטעלט פאַרן פאַרשוואַנגערטן דינסטמיידל, האָסטו פונדעסטוועגן מיר ניט פאַרגעוואָרפן אַז איך האָב נאָך ערגער געהאַנדלט, און מיט אַ כלה, ניט מיט אַ שטוב־מיידל."

אין זיין ריידן גוטס וועגן איר און באַשולדיקן בלויז זיך אַליין, האָט סלאַווע געזען ווי שטאַרק ער האָט זיך געביטן. זי האָט אויך געזען אַז ער ציט אַרויף אויף זיך די עלטער, ער וויל ווערן אַן אַלטער צעבראָכענער ייד. צמח האָט אויפגעהויבן פון דיל זיין פּעקל און זיך אויפגעשטעלט. „ווייסט דאָך מסתמא אַז די מומע צערטעלע איז געשטאָרבן און דער פעטער זימל איז אַליין. וועל איך וואוינען ביי אים ביז דו וועסט איבערטראַכטן צי דו ווילסט נעמען אַ גט און איך וועל קענען אָוועקפאָרן." אין די אָפּגעלאָזענע מלבושים און מיטן פּעקל אונטערן אָרעם האָט ער שוין אויסגעקוקט ווי אַ לאַנגיאָריקער אויסגעוואָלגערטער מדינה־גייער.

ערשט אָוונט־צייט ווען וואָלאָדיע איז אַרויף פון געשעפט צו וועטשערע, איז סלאַווע אַריינגעקומען מיט אַ מונטערן געפּלאַפּל. „ווייסט? צמח איז דאָך אָוועק וואוינען ביי זיין פעטער זימל." זי האָט נאָך אַרומגעטאַנצט פון טישל צו טישל און איבערגעדרייט וואָלאָדיעס זייגערס, ווי מיט דער כוונה אים צו

דענערווירן. דער ברודער האָט אויף איר געקוקט מיט אַ צעקאָכט פּנים און אויך די שוועגערין חנה האָט געשוויגן אַ געקרענקטע וואָס סלאַווע מאַכט נאָך אַן אָנשטעל אַז ס'איז איר פריילעך אויפן האַרצן. איז זי מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט און דער־ציילט אַלץ וואָס צמח האָט איבערגעלעבט אין אַמדור; איצט וויל ער אַז זי זאָל ביי אים נעמען אַ גט. פון דער מעשה מיט דער טויטער כלה איז דער פרומער חנהן באַפאַלן אַן אימה, ווי זי וואָלט אינמיטן נאַכט פאַרבייגעגאַנגען אַ בית־מדרש פול מיט מתים. נאָר וואָלאָדיע האָט געצויגן מיט די ברייטע געמויערטע אַקסל.

„איך זע אַז וויפל איך קען דיין מאַן, האָב איך אים נאָך אַלץ ניט געקענט. ער וועט שטענדיק זוכן פון אונטער דער ערד ווי דיר און אויך זיך אַליין צו פאַרשטערן דאָס לעבן. איז אַז ער לייגט דיר פאָר אַ גט, כאַפּ מיט ביידע הענט.״

סלאַווע האָט געשוויגן מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל אויפן פּנים. זי איז שטיל צוריקגעגאַנגען צו זיך, און נאָך איר אַוועקגיין איז פון איר געבליבן אַ דינער איידעלער ריח, ווי פאַרנאַכט פון בלאַסע בלומען. וואָלאָדיע האָט שוין פון דער וועטשערע קיין הנאה ניט געהאַט און זיך געדרייט דעם גאַנצן אָוונט אין טיפן שטול, ניט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן דעם גרויסן בויך. נאָכן אָפּשווייגן אַ פּאָר שעה האָט ער פאָרט ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט ביים ווייב: זי איז דאָך אַ פרויענצימער, טאָ זאָל זי אים זאָגן וואָס זיין שוועסטערקע זעט אין ווילדן מוסרניק. חנה איז רויט געוואָרן ווי זי וואָלט באַדאַרפט זיך מודה זיין אין אַ זינד.

„איכ'ל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב פריער סלאַווען ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט. פריער האָב איך געמיינט אַז זי איז אַ לייכטזיניקע, אַנדערע מיינען נאָך ביז איצט אַז זי איז אַ ווינט אין פעלד, אַן אויבנאויפיקע, אַ שפּרינגערקע. איז זי גאָר פונקט פאַרקערט זייער אַ סעריאָזנע און צוגעבונדענע. וואָס דו זאָלסט וועגן איר מאַן ניט זאָגן, איז ער פאָרט ניט קיין געוויינלעכער מענטש און סלאַווע וועט ביי אים קיין גט ניט נעמען, ווייל קיינער פון אירע ביי'ע באַקאַנטע געפעלט איר ניט ווי ער. אַזוי קומט מיר אויס וועדליק מיין נאַרישן שכל.״ און חנה האָט אויפן מאַן געקוקט מיט שרעק ער זאָל זיך אויף איר ניט צעשרייען אַז זי איז אַ דאָרפישע יידענע, אַ פרומע קו, אַ כשרע בהמה.

# 20

דער אַקטיאָר הערמאַן יאָפּע, אַ וואוקסיקער מאַנס־פאַרשוין מיט אָפּגעזילבערטע האָר איבער די שלייפן, האָט צו יעדן געשמייכלט מיט אַ פריילעכער צורה, גוטע אויגן און אַ ווייך מויל, וואָס האָט הנאה פון ריידן, לאַכן און קייען. אָנהייב סעזאָן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט פון וואַרשע מיט אַן אַנסאַמבל אין די גרעסערע שטעט. אונטערוועגס איז זיך די טרופּע צעפאַלן און הערמאַן יאָפּע איז אַרויסגעפאָרן אַליין איבער דער פראָווינץ מיט רעציטאַציעס, מיט כאַראַקטער־ראָלן פון אָפּגעשפּילטע פּיעסעס. אין לאָמזשע האָט ער שטאַרק אויסגענומען און די אָרטיקע האָבן אים פאַרהאַלטן צו רעזשיסירן אַ פאָרשטעלונג. אויף די פּראָבעס מיט די אַמאַטאָרן פון לאָמזשער דראַמאַטישן טעאַטער האָט ער זיך כסדר נאָכגעפרעגט. „פאַראַן ביי אייך עפּעס אַ פיין בעל־הבתיש הויז וואו מען קען אַריינקומען פאַרברענגען אַ פרייען אָוונט?״ מיט סלאַווע אַטלאַס האָט ער זיך באַקאַנט דורך אירער אַ פריינדין און מיט זיין געניטן קוק אָפּגעשאַצט, אַז אָט דאָס ווייבעלע איז ניט קיין פראָווינצער חיה. אויך סלאַווען איז געפעלן דער אַקטיאָר מיט די קלוגע גוטע אויגן און מיט דער היימישער, אָבער ניט צודרינג־לעכער באַנעמונג. זי האָט געוואוסט אַז אין לאָמזשע האַלט מען איר חתונה מיטן לערנער צמח אַטלאַס פאַר אַ קאַפּריז פון אַ רייכער צעבאַלעוועטער בת־יחידה און אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי זיך גטן. נאָר זי האָט דווקא אָפּגעהיט שטאַט און פאַרבעטן דעם אַקטיאָר בלויז אינאיינעם מיט אַנדערע געסט. איר אינטערעס אין זיינע שמועסן וועגן טעאַטער און וועגן מענטשן מיט טעאַטער־בלוט האָט זיך גיך אויסגעוועפּט. דאָך איז ער איר נאָך אַלץ געפעלן מיט זיינע שאַרפע ווערטלעך און נאָך מער מיט זיין שווייגן. בעת אַנדערע האָבן גערעדט און ער האָט זיך צוגעהערט, האָט זיך אויף זיין פּנים אויסגעלייגט דער אומעט פון אַ מענטשן וואָס לעבט שטענדיק אונטערוועגנס און זיין פּראָפעסיע איז אַלעמען צו פאַרווילן. היינט האָט סלאַווע געזאָלט גיין אויף הערמאַן יאָפּעס אַ וואָרט־קאָנצערט מיט אַ נייער פּראָגראַם. זי האָט געוואוסט אַז ער וואַרט אויף איר און זי האָט געוואָלט כאָטש אויף אַ פּאָר שעה פאַרגעסן איר שמועס איבערפרי מיטן מאַן.

דער לויזער וואָלענער שטאָף פון העל־גרויען קליידל און דאָס יאַקל מיטן האַלדז־קרעגעלע פון צוויי העלפטן, דורכגעצויגן איינע דורך דער אַנדערער ווי אַ פּעטליע, האָבן איר פיגור צוגעגעבן אַ ווייכע בייגעוודיקע ליניע. אירע האָר האָבן געכוואַליעט איבער די שלייפן, דער הויכער האַלדז האָט פריש געלויכטן קעגן רונדן קינבאַק, די אויגן זיינען געשוואומען אין אַ פייכטן בלוילעכן גלאַנץ.

דער מאַנטל און איר האַנטבייטל זיינען געלעגן גרייט אויף אַ שטול, אַ פּאָר האַלבע באָטן האָבן אַרויפגעקוקט צו איר פון דיל ווי צוויי קעצלעך. אָבער אין דער לעצטער מינוט פאַרן אָנטאָן דעם מאַנטל האָט זי דערפילט, זי האָט היינט ניט קיין געמיט צו הערן רעציטאַציעס. ס'איז אויך ניט פיין זי זאָל זיך ווייזן אין טעאַטער בעת אין שטאָט וויס מען אַז איר מאַן, דער ראש־ישיבה, איז צוריקגעקומען. סלאַווע איז געבליבן זיצן אויף דער קאַנאַפּע לויט איר גע־וואוינטשאַפט, די פיס אונטער זיך, און נאָך אַ פערטל שעה זיצן אַן איינגעוואַ־רעמטע איז זי שוין געווען צופרידן וואָס זי איז ניט געגאַנגען. זי האָט געקענט זיין מיט זיך אַליין און אָפּפרישן אין געדאַנק זכרונות, באַגעגענישן מיט מענטשן.

וואָלאָדיע זאָגט שטענדיק אַז צווישן זיינע פריינד געפינען זיך אַ סך פיינערע און קליגערע לייט ווי איר מוסרניק. האָט זיך סלאַווע באַפריינדעט מיטן תבואה־סוחר פייוול סאָקאָלאָווסקי, אַ מיטלוואוקסיקער מיט אַ שווערן טראָט און אַרויס־גערוקטן קאָפּ פאָרויס, ווי אַן אָקס ביים שטויסן מיט די הערנער. ער האָט געהאַט אַ צעפּאַטלטע טשופּרינע, אַ נידעריקן פאַרקנייטשטן שטערן, קליינינקע שפּיציקע אייגעלעך, ברייטע דלאָניעס און קורצע פינגער. סאָקאָלאָווסקי איז אַזוי אַריינ־געטאָן אין מסחר, אַז ער האָט נאָך ניט באַוויזן חתונה האָבן און האָט ליב צו דערציילן ווי ער לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן. „פּאַנאָוויע, איינמאָל גיי איך אַריין אין אַ געשעפט קויפן שטאָף אויף אַ מאַנטל. זינגט מיר דער פאַרקויפער אַ פּרייז אין טאָג אַריין. זאָג איך צו אים, ווערמען ווילסטו דאָ אָנציען? קוק מיר גלייך אין די אויגן!" בעת סאָקאָלאָווסקי האָט דערציילט האָט סלאַווע געלאַכט אָן אויפהער, ווי זי וואָלט זיך אָנגעציקט מיט זיין קלוגשאַפט. דער אַקטיאָר האָט צוגעמאַכט איין אויג, און מיטן צווייטן אויג, דאָפּלט גרויס, געוואונקען צו דער בעל־הביתטע. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זי לאַכט פון סוחרס נאַרישער מעשה. אָבער אויב דערביי איז געזעסן וואָלאָדיע, האָט ער זיך געדרייט אין שטול אַ געערגערטער. שפּעטער האָט ער צו דער שוועסטער געהאַט טענות.

„איך האָב דיר געזאָגט אַז איך האָב פריינד צווישן סוחרים פיינערע און קליגערע פון דיין מוסרניק. האָסטו מיר אויף להכעיס אויסגעקליבן אַ סוחר אַן אידיאָט. טאָמער וועט זיך סאָקאָלאָווסקי כאַפּן אַז דו לאַכסט פון אים, וועט ער מיר ווערן אַ דם־שונא."

פון שטיי־לאָמפּ מיטן אַבאַזשור איז געפאַלן אַ דינער קרייז ליכט אויפן טיש. אין פינצטערן דרויסן האָט אויף אַ דראָט אין דער לופט זיך געהוידעט אַן עלעקטרישער לאָמפּ. אונטער אים האָט דער בוים ביים פענצטער געוואָרפן מיט דער פייכטער טונקל־גרינער קרוין, דורכגעמישט מיט געלע בלעטער. אַ נעץ פון שיין און שאָטנס האָט זיך אַריינגעוויגט פון גאַס אין צימער און געציטערט אויף די טונקל־ברוינע טאַפּעטן. סלאַווע האָט פון איר ווינקל אַרויסגעקוקט

צום דרויסן און געטראַכט, אַז פּונקט ווי דער בוים קען ביז אין טיפן האַרבסט ניט אָפּטרייסלען פון זיך די בלעטער, אַזוי קען זי פון זיך ניט אָפּטרייסלען די דערמאָנונגען פון די פּאָר גליקלעכע חדשים מיט צמחן גלייך נאָך דער חתונה. ווער פון אירע נייע פריינד קען אים פאַרבייטן? אפשר דער העברעאישער לערער זבולון האַלפּערין?

אין לאָמזשע האָבן זיך געעפנט אָוונט־קורסן פאַר יונגע פרויען צו לערנען העברעאיש. סלאַווע האָט באַזוכט די לעקציעס, זיך צו דערמאָנען דעם עברית פון אירע פריִע מיידלשע יאָרן אין דער ביאַליסטאָקער גימנאַזיע. אַנשטאָט דאָס לערנען זאָל זי אַריינציען האָט זי אַריינגעצויגן דעם לערער. ער איז געוואָרן ביי איר אַן איינגייער. זבולון האַלפּערין האָט געהאַט דינע דורכזיכטיקע הענט און אַ לענגלעך דאַר פּנים מיט אַרויסגערוקטע קינבאַקן. די הויט אויף זיין פלאַ־כער גאָמבע האָט בלוילעך געגלאַנצט פון קראַצן צו־אָפט און צופיל מיט טעמפּע ראַזיר־מעסערלעך. אַז ער האָט זיך אַ שטיקל צייט ניט געגאָלט, האָבן זיינע האָר אויסגעזען ווי אויפגעשטעלטע נאָדלען. אין אָוונט ביי סלאַוועס טיי האָט ער כמעט שטענדיק געשוויגן און בלויז געשמייכלט מיטן ברייטן שניט פון זיינע ליפּן. ער האָט זיך, זעט אויס, געפילט ניט היימיש אין דער מסיבה פון אַן אַקטיאָר און אַ תבואה־סוחר, וואָס קאָנקורירן מיט אים ביי דער יונגער שיינער בעל־הביתטע.

דער ווינט אינדרויסן האָט זיך איינגעשטילט און דער צעשויבערטער בוים האָט זיך צוגעטוליעט צום פענצטער, ווי דער צוגעפאַלענער קאָפּ פון אַ מידן מענטשן. אויך סלאַווע איז שוין מיד געוואָרן פון טראַכטן. וואָלאָדיע זאָגט אַז זי האָט מיט אַ כיוון זיך צוגעקליבן אַ קאָמפּאַניע פון שלימזלניקעס, כדי איר מוסרניק זאָל אַרויסקומען שענער און בעסער פון זיי. ס'איז טאַקע אמת אַז ווען זי פאַר־גלייכט צמחן מיט אירע אַנדערע פריינד, צעקריכט ווי רויך איר גאַנצע אָנגע־זאַמלטע ביטערניש קעגן אים. איז פאַרוואָס זאָל זי אויסכאַפּן ביי אים אַ גט? צו יעדער צייט וואָס זי וועט עס וועלן, וועט ער זיך אָפּזוכן און זי באַפרייען, ניט צו האָבן אויף זיין געוויסן נאָך אַ זינד. אַלץ וואָס ער האָט אין לעבן געטאָן געדענקט ער אויף שטענדיק, בעת אַנדערע מענטשן פאַרגעסן זייערע מעשים גלייך אויף מאָרגן. האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַז ער מוז אָפּקומען אַ שטראָף פאַר דער פאַרשטאָרבענער כלה. איז ווי דאָס איז איר ניט איבערדריסיק, מוז זי ווידער וואַרטן ביז ער וועט זיך אויסלייטערן פון דער נייער משוגעת. סלאַווע איז געווען צופרידן וואָס צמח איז אַוועק וואוינען ביי זיין פעטער זימל. זי האָט אים ניט געוואָלט זען קיין דערשלאָגענעם און פאַרלאָרענעם. זי האָט נאָך אַלץ געוואָלט אים געדענקען ווי ער האָט אויסגעזען נאָך זייער חתונה מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק אין פרילינג־צייט, בעת זיי פלעגן ביידע אַרויסקוקן אויפן צעבליטן בוים ביים פענצטער.

# 21

**ביי ר׳ זימל אַטלאַס אין שטוב** איז מער ניטאָ קיין בעל־הביתטע וואָס זאָל אַרומווישן דעם שטויב פון די מעבל. אויפן אַלטן געשפּאָלטענעם קאָמאָד שטייען די משפּחה־פאָטאָגראַפיעס פון זקנים און זקנות, פאַרוועבט אין שפּינוועבס וואָס ציט זיך פון ברעמען און בערד, פון ווייבערשע שייטלען. אַ פּראָסטיקער טוי פרירט אויפן פאַרגרויטן שפּיגל אין קאַלטן זאַל. אויפן טיש אין עסצימער גליווערן אַ גאַנצע וואָך די שימל־פאַרגרינטע לייכטער, וואָס דער אלמן בענטש אין זיי ליכט פרייטאָג־פאַרנאַכט. אויפן טיש וואַלגערן זיך איבערגעבליבענע שטיקלעך חלה פון שבת ביז שבת. אַוודאי געדענקט ר׳ זימל ווען ס׳איז שבת און וואָך און דעם זמן פון דאַוונען, נאָר ער איז מתפּלל ווי מיט פרעמדע ליפּן און לייגט תפילין ווי מיט פרעמדע הענט. ער איז בכלל געוואָרן אַ פאַרביטענער. אַנשטאָט אַרויפקוקן לויט זיין אַלטער געוואוינטשאַפט צום באַלקן, קוקט ער איצט שטענדיק אַרונטער, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ אַרומגעזוכט זיין נידעריק־געוואַקסענע צערטעלע. יעדן טאָג קומט אַן אַנדער שנור אים אָפּקאָכן אַ געקעכטס און טענהט מיט אים הלמאי ער עסט ווייניק. ר׳ זימל ענטפערט ניט און קוקט אַרויס דורך די פאַרגרויטע שייבעלעך אַ פאַרחידושטער. ער ווייס ניט צי אינדרויסן איז תמיד בין־השמשות אָדער דאָס דאַכט זיך אים.

צמח האָט זיך צום פעטער אַריינגעקליבן אַזוי שטיל ווי ער וואָלט אַריינגעשלייכט אַ באָרוועסער. ער האָט דערציילט פון זיינע איבערלעבענישן און דער פעטער האָט געהאָרכט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, עלעהיי ער האָט נאָך פריער געוואוסט אַז אַלץ וועט געשען אַקוראַט ווי ס׳איז געשען. ר׳ זימל האָט אַ גאַנצן אויפדערנאַכט געשוויגן. דער פלימעניק האָט זיך אַליין גענומען עסן. דערנאָך האָט ער זיך געלייגט שלאָפן אין קאַלטן זאַל. דאָרט איז ער אויך געשלאָפן בעת ער איז דאָס ערשטע מאָל צוריקגעקומען פון אַמדור, אַ צעבראָכענער פון שידוך מיט דבורהלע נאַמיאָט, און די מומע צערטעלע האָט אים דעמאָלט צוגעדעקט מיט איר וואַרעמער פאַטשיילע. איצט זיינעןביידע ניטאָ, ניט די מומע צערטעלע און ניט דבורהלע נאַמיאָט. „טוב מותי מחיי,“ האָט ער געקרעכצט. „איך האָב גענוג געלעבט.“

אינדערפרי זיינען אין שטיבל מיטן נידעריקן באַלקן געשטאַנען איינגעוויקלט אין טליתים צוויי הויכע מרה־שחורהדיקע יידן און האָבן געדאַוונט, אויסגעדרייט איינער צום צווייטן מיט דער פּלייצע, פאַרזונקען אין אַ לאַנגער שטומער דבקות. דער פלימעניק איז געשטאַנען מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ צום באַלקן, דער פעטער מיט אַ געזונקענעם קאָפּ צום דיל. נאָך שמונה־עשרה האָבן זיי איינער צום צווייטן זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער און ר׳ זימל האָט זיך צערעדט מיט אַ יענוועל־

טיק קול: די קינדער ווילן אַז ער זאָל פֿאַרקויפֿן די שטוב און זיך אַריבערקלייבן צו זיי. די קינדער פֿאַרשטייען ניט אַז ווי לאַנג ער וואוינט אין דער זעלבער שטוב, פֿילט ער זיך נאָך אינאיינעם מיט זייער מאַמען. זי איז נאָך דאָ אין איטלעך ווינקעלע און ברוגזט זיך נאָך אויף אים הלמאי אַלץ אין שטוב איז אָפּגעלאָזט. בלויז דעם וואַנט־זייגער ציט ער אָן יעדן אויפֿדערנאַכט. בעת דער זייגער גייט, דאַכט זיך אים אַז אויך דאָס לעבן צווישן אים און זיין אַלטיטשקער גייט נאָך ווי אין די אַלטע ציטן. כל־זמן ער וואוינט אין זעלבן הויז, קומט עס אים פֿאָר ווי ער וואָלט צערטעלען איבערגעבעטן פֿאַר זיינע פֿאַנטאַזיעס אָוועקצוגיין פֿון דער היים און ווערן אַ פּרוש. זי האָט פֿון זיינע פֿאַנטאַזיעס כלומרשט אָפּגעלאַכט, נאָר פֿאַרדראָסן האָט עס זי זייער. דאָס ווייס ער און קען זיך ניט שענקען נאָכסאָל ער האָט איר פֿאַרשאַפֿט צער.

„איר, פּעטער, האָט בלויז געוואָלט אָוועקגיין פֿון דער היים, אָבער איך בין טאַקע אָוועק איין מאָל און איצט מוז איך אָוועקגיין אַ צווייט מאָל. קצתי בחיי, פּעטער, איך האָב פֿאַרשפּילט מיין לעבן מחמת גאווה," האָט דער פּלימעניק זיך איינגעוויקלט אין טלית נאָך מער, ווי אים וואָלט געשווידערט פֿון קעלט.

„און מיט וואָס ביסטו, צמח, זיכער אַז דאָס וואָס דו ווילסט טאָן איצט איז ניט מחמת גאווה?"

„איצט גיי איך אָוועק פֿון דער היים צום צווייטן מאָל כדי אַרויסצורייסן פֿון זיך די גאווה. די קראָפּעווע פֿון גאווה וואַקסט אין אַלע האָר־שפּאַלטן פֿון מיין לייב. פּטור צו ווערן פֿון אַט דער קראָפּעווע, מוז איך זיך וואַלגערן איבער דער וועלט, ווי אַ בעל־חי וואָס האָט אין פֿייער אָפּגעסמאַליעט די פֿעל, קייקלט זיך איבער דער ערד, רייבט אָן זאַמד און שטיין זיינע בראַנד־וואונדן. איר פֿאַרשטייט, פּעטער? איך האָב געהאַלטן אַז אַ מענטש דאַרף שטענדיק זאָגן דעם גאַנצן אמת זיך אַליין און אַנדערע. איז געקומען אויף מיר אַ שטראָף און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דורך פֿירן טאָג־איין טאָג־אויס מלחמות פֿאַרן קליינעם אמת פֿאַרזעט מען דעם גרויסן אמת. דערביי איז מען אויך ניט אַזוי ערלעך ווי מען מיינט. אַ תמים און בעל־רחמים פֿירט אויס זיין וועלט בעסער ווי איך האָב אויסגעפֿירט."

ר' זימל האָט פֿאַררוקט די הענט אין די אַרבל, זיין סיווע שיטערע באָרד האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ געדרייטן שפּיץ ווי אַ קרומער האָקן. אויך די ווערטער פֿון זיין מויל זיינען אַרויסגעקומען קרומלעך־שפּיציקע, בייז־שפּאָטישע.

„וויבאַלד דו זעסט איין אַז דו האָסט באַדאַרפֿט זיין מער תמים און בעל־רחמים, טאָ פֿאַרוואָס לאָזטו ווידער איבער דיין ווייב?"

דער פּלימעניק האָט אויף אים אַ קוק געטאָן אַזוי דורכגעציטערט פֿון פּחד, ווי ער וואָלט דעם פּעטער חושד געווען אַז ער האַלט אין די אַרבל פֿאַרשטעקט

אַ געשליפּענעם חלף. אָבער ר׳ זימל האָט שוין ווידער געהאַט אַ פאַרשטומטן און געליימטן אויסזען, גלייך ער וואָלט גאָרניט געדענקט אַז ער האָט עפּעס געפרעגט. צמח האָט אַראָפּגערעדט צו זיינע לאַנגע פּיס, זיי געגעבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיי וועלן מוזן זיין בע־ונד.

„צווישן מיר און מיין ווייב וועט שטענדיק שטיין מיין פריערדיקע כלה, דערפאַר וויל איך איר געבן אַ גט. נאָר זי וויל קיין גט ניט נעמען און איך מוז אַוועק פון דער היים אויך פון איר טובה וועגן. איך זאָל זי ניט פאַרמוטשען מיט מיין אבלות.״

פאַרנאַכט איז וואָלאָדיע געזעסן אין שטיבל און גערעדט צו דער וואַנט קעגנאיבער, ער זאָל ניט דאַרפן אָנקוקן דעם שוואָגערס מיאוסן פּרצוף. „הער, צמח, אין מיין שוועסטערס אומגליק בין איך שולדיק מער פון אַלעמען. איך האָב דיך אַריינגעפּירט אין אונדזער הויז און געבראַכט אַ צרה אויף אונדזער גאַנצער משפחה. נאָר דו האָסט, ווייזט אויס, אַ כוח משוגע צו מאַכן אויך אַנדערע. מיין שוועסטערקע וויל ביי דיר קיין גט ניט נעמען. איז וואָס קען איך טאָן?״ ער האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ טייסטער אָנגעשטאָפּט מיט געלט און דערציילט, אַז סלאַווע וויל ניט דער מאַן זאָל קומען מיט איר זיך געזעגענען. דאָך שיקט זי אים אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס, ער זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו פרעמדע מענטשן. וואָלאָדיע האָט געסאָפּעט און געפרייכט, ער וואָלט דעם מוסרניק געגעבן מיט אַ פויסט אונטערן האַרצן, ניט קיין געלט. אָבער צמח האָט אים אָן וואַקלעניש אָפּגעענטפערט אַז ער וועט קיין געלט ניט נעמען. דאָס וויל ער טאַקע, ער זאָל דאַרפן אָנקומען צו פרעמדע מענטשן.

דער מעל־סוחר האָט אויפגעהויבן די אויגן און אָנגעקוקט דעם שוואָגער. ער האָט נאָך אין לעבן ניט געהערט אַז אַ מענטש זאָל דווקא וועלן זיין אַ שנאָרער. וואָלאָדיע האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעלאַכט. דער בויך האָט זיך ביי אים אַזש גענומען טרייסלען, זיין ברייט פּנים איז געוואָרן רויט־פאַרשוויצט און זיך אָנגעבלאָזן פון אָנשטרענגונג — ניט אַ כראַקע צו טאָן דעם מוסרניק גלייך אין פּנים. ער האָט געכאַכאָטשעט, געווישט פון שטערן די גרויסע שווייס־טראָפּנס און געשאָלטן אין האַרצן דעם שוואָגער: אפשר וועט גאָט רחמנות האָבן און ער וועט ערגעץ אונטערוועגנס איינעמען אַ מיתה־משונה. צמח האָט גע־שטומט און געגליווערט, ווי ער וואָלט ניט געהערט קיין קלאַנג פון מעל־סוחרס געלעכטער, נאָר געזען פאַר זיך דעם ווייטן וועג וואָס ער דאַרף נאָך גיין. אין צווייטן חדר איז געשטאַנען דער פעטער זימל, אַן אַרבל פאַררוקט אין אַן אַרבל, און שטום אַראָפּגעקוקט אויף די שימל־פאַרגרינטע בענטש־לייכטער, ווי ער וואָלט שוין פון ווייטן וועג צוריקגעקומען צו אַ ווינטערדיקן, גרוי־אומעטיקן און אייביקן שבת בין־השמשות.

# 1

**אַ יאָר שפּעטער** איז דער מלמד ר׳ שלמה־מאָטע געלעגן אויפֿן טויטנבעט און אַרויפֿגעקוקט צום נידעריקן באַלקן מיט די ניט־געטינקעווטע געפּלאַצטע בעלקעס, פֿאַררייכערט און פֿאַרהאַנגען מיט גרויען שפּינוועבס. דער שכיב־מרע האָט שווער געאָטעמט און געפּרייכט, ווי דער בלאָזזאַק אין דער פּאָדערשטער שטוב וואָס דער הויף־ווירט האָט פֿאַרדונגען פֿאַר אַ שלאָסאַרניע. פֿון קראַנקנס געשוואָלענע פּיס איז גערונען וואַסער. ביים איבערלייגן אים אויפֿן געלעגער האָבן ווייב און זון באַדאַרפֿט אַריינרופֿן צו הילף די בעלי־מלאכה פֿון דער קוזניע. דער חולה האָט געשריען פֿון ווייטאָג מען זאָל אים פֿון אָרט ניט רירן און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון עלמערל ספֿרים, זיך מיט זיי געזעגנט. אַ קלאָציק־שווערער און די גאַנצע צייט אויפֿן רוקן ווי צוגעשמידט, האָט ער פֿון צייט צו צייט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום זון און מיט אָנשטרענגונג אַרויסגעבראַכט שטענדיק די אייגענע ווערטער. „דו וועסט זיצן אין קלויז און די מאַמע וועט פֿאַר דיר האָרעווען?‟ חייקל האָט ניט געענטפֿערט, ער האָט געזען אַז דער טאַטע וואַרט שוין אויפֿן מלאך־המוות. בעת דער גסיסה האָט ר׳ שלמה־מאָטע אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און מיט די לעצטע כוחות אַרויסגעכאָרכלט צום ווייב.

„ברענג מיך צו קבורה וואָס פריער, מאָרגן פרי, זאָלסט רו האָבן דעם שבתדיקן טאָג.״

דער מלמד איז געשטאָרבן דעם זעלבן טאָג, דאָנערשטאָג פאַרנאַכט. ער איז געלעגן אַן אָפּגעהויבענער אויף דער ערד אין דער פאָדערשטער שטוב, אונטער־געבעט מיט שטרוי און צוגעדעקט מיט אַ שוואַרצן מלבוש. אַרום אים זײַנען געשטאַנען קעסטלעך מיט געצייג און אײַזן־ברוכוואַרג, אַ מאַשין צו זעגן שטאָל, שרויפשטאָקן צוגעשרויפט צום וואַרשטאַט, שווערע פודיקע האַמערס, אַ קאָוואַדלע אויף אַ קלאָץ, אַ קאַסטן מיט קוילן, אַ בלאָזזאַק מיט אַ געטורעמט דעכל פון פאַרראָסטעטן בלעך. די שלאָסערס האָבן ניט געאַרבעט און זיך אַרומגעדרייט אין הויף ביי די פאַרשטויבטע פענצטער פון קוזניע, ווי פרומע בעלי־מלאכות אום חול־המועד. אין וואַרשטאַט זײַנען אַרײַנגעקומען שכנות מיט פאַרבראָכענע הענט. אויסטראָגערקעס פון קוישן סחורה האָבן דעם געשטאָרבענעם געבעטן ער זאָל פאַר זיי זיין אַ מליץ־יושר, און די אלמנה האָבן זיי געטרייסט אַז איצט איז דעם מאַן אירן גוט, ער איז זײַנס איבערגעקומען. די יידענעס האָבן אַרום נפטר אָנגעצונדן גרויסע יאָרצייט־ליכט. צוויי געדונגענע תהילים־זאָגער האָבן ביים בר־מינן צוקאָפּן זיך איבערגעזונגען אַ פסוק איבער אַ פסוק. אויף אַ נידעריק בענקעלע איז געזעסן וועלע די אויבס־הענדלערקע און זיך אויסגעטענהט מיטן מאַן. „זאָלסט, שלמה־מאַטע, אויף מיר קיין פאַראיבל ניט האָבן וואָס איך האָב דיך געהאַלטן אין אַ קאַמער אַן פרישער לופט, אַן ליכט פון טאָג.״ און צום זון האָט זי געטענהט. „זאָלסט אויף מיר ניט טראָגן קיין בייז האַרץ, מיין קינד, וואָס איך האָב אויף דיין טאַטן ניט גענוג אַכטונג געגעבן.״ חייקלען האָט זיך געדאַכט אַז דער טאַטע וויל דער מאַמען עפּעס ענטפערן, נאָר ער טאָר ניט ריידן ווייל ער איז אַ נפטר. הערט ער זיך צו און וויינט אונטערן שוואַרצן צודעק.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, שכנים פון הויף און גאַס האָבן אויפגעהערט אַרײַנ־קומען. וועלע האָט זיך שטום געשאָקלט אויף איר נידעריק בענקעלע, שוין אַן כוחות פון וויינען. די תהילים־זאָגער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ אויף די קאַלטע־נעוואָטע בערד און איינגעדרעמלט. אין שוואַרץ־פאַררייכערטן וואַרשטאַט איז געוואָרן שאַ־שטיל. די האַלב־אָפּגעברענטע יאָרצייט־ליכט אַרום בר־מינן האָבן זיך געשמאָלצן. די קנויטן האָבן געקנאַקט און די פלעמלעך האָבן זיך געוואָרפן, ווי די אַרומיקע פינצטערניש וואָלט זיי געוואָרגן. חייקל האָט געהאָרכט דאָס שטומעניש פון שטאָלענעם געצייג. אים איז פאָרגעקומען אַז די זעגן און פיילן בעטן ביים נפטר מחילה אויף זייער סקריפּעריי וואָס האָט פאַרהילכט זיינע רייד ביים לעבן, זיינע קרעכצן אויפן טויטנבעט. חייקל האָט דערפילט אַ שוידער אין רוקן, דער אָטעם איז אים פאַרפראָרן געוואָרן. אים איז איינגעפאַלן אַז איצט, בעת די מאַמע און די תהילים־זאָגער האָבן איינגעדרעמלט, וועט דער טאַטע

אָפּדעקן דעם שוואַרצן מלבוש פון איבערן קאָפּ און בייז צו אים אַ זאָג טאָן. „דו ווערסט זיצן אין קלויז און די מאַמע וועט פאַר דיר האָרעווען?" אין דער רגע האָט זיך געעפנט די גאַס־טיר און דאָס חושכניש אינדרויסן האָט ווי אַריינגעשטופּט וואָווע באַרביטאָלער.

נאָך זיין באַגעגעניש מיטן מחזה־אברהם אין וואַלקעניקער סמאָלאַרניע, איז וואָווע באַרביטאָלער צוריקגעקומען קיין ווילנע און געפּרוואווט אויפסניי האַנדלען מיט טאַבאַק. נאָר די הורטאָווניקעס און קונים האָבן מער ניט געהאַט צו אים קיין צוטרוי. האָט ער זיך ווידער גענומען צום פאַרקויפן טלית־קטנס, פּעקלעך ציצית. ער האָט אויך ווייטער געקליבן ברויט און חלה אין נאָמען פון זיין חברה בית־לחם — פאַר געפאַלענע בעלי־בתים און פאַר זיך גופא. ער איז אָבער געוואָרן אַ שטילער אָרעמאַן, ניט געגאַנגען אין שענק און זיך ניט אָפּגע־שטעלט שמועסן מיט אַלטע באַקאַנטע. ער איז אַפילו ניט אַריין מבקר־חולה זיין דעם לאַנג־יאָריקן פריינד, ר' שלמה־מאָטען דעם מלמד. האָט וואָווע אומגעריכט אַריינוואַקלען זיך אין הויז אַ שיכורער אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער אלמנה מיט איר זון. אויך די איבערגעוועקטע תהילים־זאָגער האָבן דערקענט אַז דער ייִד איז אַנגעטרונקען. וואָווע האָט אַ פּאַטש געטאָן אַ האַנט אין אַ האַנט און פריילעך אויסגערופן.

„געשטאָרבן ר' שלמה־מאָטע דער מלמד, טאַקע געשטאָרבן! די פרומע בעלי־בתים פון ר' שאולקעס קלויז וועלן אויף זיין לוויה ניט קומען. ער איז פון די אַמאָליקע משכילים און דערצו נאָך האָט ער זיך געחברט מיט מיר, דעם צוויי־ווייבערניק. איצט וואַרטן די שיינע בעלי־בתים און ווילנער רבנים פּטור צו ווערן אויך פון מיר. אָבער פון מיר וועלן זיי אַזוי גיך ניט פּטור ווערן. זיי אויף להכעיס וועל איך לעבן און לעבן, ביז איך וועל אַריבערלעבן די שטיק טומאה קאָנפראַדען."

וואָווע האָט זיך געשאָקלט אויף זיינע קרומלעכע פיס און די ווערטער האָבן שווער ווי שטיינער זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיין צונג: ר' שלמה־מאָטע האָט איינמאָל אין שענק ביי אַ גלעזל בראַנפן אים קלוג געעצהט ער זאָל קאָנפראַדען אָפּשיקן אַ גט. אויך דער צדיק פון וואַלקעניקער דאַטשע, דער מחזה־אברהם, ווי מען רופט אים, האָט אים צו דעם צוגערעדט. און נאָכן צוריקקומען פון וואַלקעניק קיין ווילנע האָט ער געטראַכט וועגן אָפּשיקן דער שטיק טומאה די צוועלף שורות. אָבער ער האָט עס ביי זיך ניט געקענט פּועלן, די קישקעס אין בויך האָבן זיך אים איבערגעדרייט. פאַר אַלע זיינע צרות און בזיונות זאָל ער קאָנפראַדען נאָך אָפּשיקן אַ גט, זי זאָל מעגן לעבן מיט איר אַרגענטינער מאַן?

„איך האָב גוט געטאָן, ר' שלמה־מאָטע, וואָס איך האָב איך ניט געפאָלגט," האָט וואָווע געשריען צום איבערגעדעקטן בר־מינן און זיך אַ קער געטאָן צו חייקלען. „דיין רבי האָט מיר געגעבן אַ ברכה אַז אויב איך וועל תשובה טאָן, וועל

איך נאָך געהאָלפן ווערן. און איך גלייב אים, דיין רבין. איך גלייב אין זיין ברכה אַז אויב איך וואָלט קאָנפראַדען אָפגעשיקט אַ גט, וואָלט איך צוריק געוואָרן אַ ייד אַ סוחר און מיין ממזר הערצקע אין אַרגענטינע וואָלט זיך דערמאָנט אַז איך בין אים אַ טאַטע. נאָר בעסער זיין אַן אָרעמאַן, באַדיי אַ בעטלער, און מיין ממזר זאָל פון מיר ניט וועלן וויסן, אַבי ניט באַפרייען זיין מאַמינקע. אין וואָלקעניק האָט קאָנפראַדע פון מיר געלאַכט אַז זי דאַרף ניט מיין גט. זי האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס, זי ווייס אַז לויטן יידישן דין זיינען די קינדער פון איר אַרגענטינער מאַן — בענקאַרטעס! און וואָס עלטער זי ווערט אַלץ פרימער ווערט זי, די אויסגעלאַסענע שטיק פלייש, איר ווילט זיך שטאַרבן אַ צידקנית. לעצטנס פרואוון ווידער אירע ברידער מיך איבעררריידן איך זאָל אָפשיקן אַ גט. אירע ברידער, די נאָוואָגראָדער גנבים, מאַכן דעם אָנשטעל אַז זיי ריידן ניט אין איר נאָמען. נאָר איך ווייס אַז דאָס פאַרקלאָגט זיי דעם קאָפּ זייער שוועסטער, די אַלטע נקבה... וואָס גלאָצסטו אויף מיר מיט דיינע גזלנישע אויגן?“

„זייט ניט מבייש דעם טאַטן, זייט ניט מבייש אַ נפטר,“ האָט זיך חייקל געבעטן מיט טרערן אין קול. „איצט איז ניט די צייט פאַר אַזעלכע געשיכטעס.“

„גראָד איצט איז די צייט!“ האָט וואָווע געגוואַלדעוועט מיט אַרויסגעקראָכענע אויגן. „איך בין דיין טאַטן ניט מבייש. דו האָסט אים מבייש געווען בעת דו האָסט אויף מיר, זיין אַלטן פריינד, אויפגעהויבן אין ר׳ שאולקעס קלויז אַ שטענדער און נאָך צוגעהאָלפן דעם משוגענעם מוסרניק פאַרשלעפּן מיין הערצקען. ווי איך האָב געהערט, איז אויפן משוגענעם מוסרניק דעם צמחקע אַטלאַס געקומען אַ וויסטער סוף. דער מחזה־אברהם האָט אים אַרויסגעיאָגט פון ישיבה און פון שטעטל. דיין רבי דער מחזה־אברהם איז אַ בעל־מופת. אָבער דיין טאַטע האָט ניט געגלייבט אַז דיין רבי איז אַ בעל־מופת. אַפילו איצט טויטערהייט גלייבט ער ניט אַז דיין רבי איז אַ בעל־מופת. און דו, חייקעלע, וועסט אויסוואַקסן אַזאַ אַפיקורס ווי דיין טאַטע.“

וועלע האָט נאָך באַוויזן אויפצושפּרינגען און זיך שטעלן צווישן וואָווע באַרביטאָלער און איר זון, וואָס האָט זיך אויפן שיכור אַ וואָרף געטאָן מיט די פויסטן. „האַלט זיך איין, פאַרשעם ניט דעם טאַטן,“ איז די מאַמע צו אים צוגע־פאַלן. פון גרויס האַרצווייטאָג וואָס איר געלערנטער מאַן מיט דער שיינער ווייסער באָרד ליגט אויף דער ערד צווישן אייזן־ברוכוואַרג און ווערט נאָך אָנגערופן אַפּיקורס, האָט וועלע זיך איינגעבראָכן אויף איר בענקעלע און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטיל געוויין. חייקל האָט מיטגעוויינט און איז אַריינגעלאָפן אין הינטערשטן קוזניע־קעמערל, ניט צו זיין מער דערביי ווי הערצקעס טאַטע בושעוועט. אויך די פאַרשלאָפענע תהילים־זאָגער מיט די צעקנייטשטע צורות האָבן זיך אַריינגעמישט: זיי האָבן נאָך ניט געזען און ניט געהערט מען זאָל

קומען טויט־שיכור אין הויז פון אַ בר־מינן און מאַכן סקאַנדאַלן! דער ייד, זעט אויס, טראַכט ניט אַז אויך ער וועט שטאַרבן.

„ניט פריער ווי קאָנפראַדע וועט איינגעמען אַ מיתה משונה!" האָט וואָווע געלאַכט, ווי דעם מלאך־המוות אויף להכעיס. ער האָט שווער געדרייט מיט דער צונג, אַז פאַר אים וואָלט געווען אַן אויסלייזונג צו פאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק. אָבער ער טאָר ניט שטאַרבן פריער פון קאָנפראַדען, זי זאָל זיך ניט פרייען מיט זיין טויט. „אַ ייד אַ חסר־דעה," האָט אַ תהילים־זאָגער געקוועטשט מיט די פּלייצעס. „אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ה׳," האָט ער אויסגעזונגען דעם ערשטן פּסוק פון קאַפּיטל, וואו ער און זיין חבר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אידער זיי האָבן איינגעדרעמלט. נאָר אַנשטאָט דעם אַנדערן תהילים־זאָגער, האָט אים מיטן צווייטן פּסוק געענטפערט וואָווע באַרביטאָלער. „אשרי נוצרי עדותיו, בכל לב ידרשוהו." און ער האָט זיך צעיאָמערט ווי אַ גילגול וואָלט אין אים געזעסן: אוי, גאָטעניו, איז ער מקנא די תמימי דרך! אַזעלכע יידן וויסן גאָרניט ווי גוט זיי איז. זיי טראָגן הכנעהדיק דעם שווערן יאָך פון לעבן, עסן רואיק זייער אָרעמען מאָלצייט און דאַוונען מיט כוונה. זיי גרייטן זיך אָן אַ סך אויף יענער־וועלט און געניסן אַ ביסעלע אויך פון דער־וועלט. ער אָבער קען ניט הנאה האָבן פון לעבן, כאָטש ער ווייס אַז ער דאַרף דאַנקען און לויבן דעם אייבערשטן וואָס יענע איז פון אים אַנטלאָפן. ער געדענקט דאָך וויפל חרפּות און בזיונות זי האָט אים אָנגעטאָן פאַר דער קורצער צייט פון זייער צוזאַמענזיין. ווען זי וואָלט דעמאָלט פון אים ניט אַנטלאָפן וואָלט דאָך היינט אויף אים געוואַקסן גראָז. פונדעסטוועגן קען ער ניט פאַרגעסן וואָס זי האָט אים אָפּגעטאָן און ער וועט מיט איר וואָיעווען ביז איר טויט, זי מוז קראַפּירן פריער פון אים.

דער שנאַפּס האָט ביסלעכווייז פון אים אויסגעדאַמפט אין שווייס און טרערן. ער האָט געעפנט די אויגן ווי פון היגער־פּלעט און דערזען דעם נפטר ליגן צווישן קעסטלעך געצייג, צופוסנס פון אַ האָרניע מיט אויסגעלאָשענע קוילן. „אָט דאָ האָט עס ר׳ שלמה־מאָטע באַדאַרפט אָפּלעבן זיינע עלטערע יאָרן?" האָט וואָווע באַרביטאָלער טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און מחילה געבעטן ביי דער אלמנה פאַר זיין אויפפירונג. „ווען איך האָב דערהערט אַז אויך מיין אַלטער איינציקער פריינד איז שוין ניטאָ, איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן נאָך ביטערער און איך האָב געמוזט אַריינגיין אין שענק אידער איך בין אַריין אַהער."
די טיר פון היגטערשטן קוזניע־קעמערל איז געשטאַנען אַ ביסל אָפן און חייקל, האַלב אויף דער וואַך האַלב אין שלאָף, האָט געזען וואָס עס טוט זיך אין וואַרשטאַט: די מאַמע שאָקלט זיך אויף איר בידעריק בענקעלע, וואָווע באַרבי־טאָלער שטייט און שוויגט אַ טרויעריקער, אָנגעשפּאַרט אָן לייטער ביי דער וואַנט, און אויך די תהילים־זאָגער זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פאַרשטומטע,

ווי אַלע וואָלטן פאַרלאָרן דאָס לשון אין דערוואַרטונג אַז באַלד וועט זיך דער געשטאָרבענער אויפֿזעצן...

דער פרייטאָג־פרי פון דער לוויה, אַ קאַרגע וואָך פאַר ראש־השנה, איז געווען אַ זוניקער, טרוקענער און קילער אלול־טאָג. דעם נפטר זיינען געקומען אַרויסבאַגלייטן אַמאָליקע פריינד וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי קינדער, אָדער אין מושב־זקנים: אַלטע משכילים מיט צוגעשווירענע בערדלעך, מיט פאַרגעלטע גומענע קראַגנס און אין אָפּגעקראַכענע האַרטע קאַפּעליושן. אָנגעשפּאַרט אויף שטעקעלעך און מיט קליינע טריטעלעך, האָבן זיי באַגלייט דעם ארון ביז זאַרעטשער בריק. אַרויפצוקריכן אויפן זאַרעטשער באַרג האָבן די אָפּגעשלאָפּטע פיס מער ניט געדינט. אויך קרעמער פון יאַטקעווער גאַס האָבן ביי דער בריק זיך פאַרקערעוועט צוריק צו די געוועלבלעך, זיך געאײלט צו ערב־יום־טובדיקער לייזונג. הינטער דעם אָרעמען קאַסטן, געשפּאַנט צו איין פערד, זיינען וויטער נאָכגעגאַנגען געציילטע הויף־שכנים און סחורה־אויסטראָגערקעס, וואָס האָבן מיטן מלמדס ווייב זיך געקריגט פאַר אַ קונה, נאָר דרך־ארץ געהאַט פאַר איר מאַן. אויך אַ פּאָר דערוואַטערדיקע בעלי־בתים פון ר' שאולקעס קלויז האָבן זיך מיטגעשלעפּט. די לומדים און פאַרפרומטע בעלי־בתים זיינען צו דער לוויה בכלל ניט געקומען, ריכטיק ווי וואָווע באַרביטאָלער האָט פאָרויסגעזאָגט. ער אַליין איז די גאַנצע צייט געגאַנגען, האַרט הינטערן ארון פון נפטר. אָבער חייקל האָט אַפילו ניט באַמערקט וואָס אַרום אים טוט זיך, אַזוי איז ער געווען פאַרטויבט פון ווייטאָג, שאַנד און גרימצאָרן אויפן רבין הלמאי ער איז ניט געקומען צו דער לוויה. אויך אין טהרה־שטוב אויפן פעלד, ווען דער מת איז שוין געלעגן אָנגעטאָן אין ווייסע תכריכים, ווי אַן אונטערגעזעגטער פאַרשנייטער דעמב, און וועלע האָט צום זון געיאָמערט. „געזעגן זיך מיטן טאַטן!" — האָט דער כעס אויפן רבין פאַרקלעמט חייקלס האַרץ נאָך ווייטאָגלעכער און ער האָט געשטומט מיט פאַרביסענע ציין.

ער האָט פאַרשטאַנען אַז דער מחזה־אברהם איז ניט געקומען צו דער לוויה, ווייל זיין טאַטע איז געווען אַ משכיל. איך וועל עס אים קיינמאָל ניט מוחל זיין! האָט חייקל געטראַכט. אָבער ווען ער איז נאָך שבעה זיצן צוריקגעקומען צום לערנען, האָט ער דעם רבין אַ וואָרט ניט געזאָגט, גראָד ווייל דאָס האָט אים אַזוי טיף ווי געטאָן. ער האָט געפילט אַז די קרענקונג האָט זיך פאַרקליבן אין זיין געביין, זיך אין אים פאַרהאַרטעוועט און פאַרשטיינערט. ער האָט שוין אויך פריער ניט איינמאָל געטראַכט, אַז אין גרונט גענומען איז דער היציקער און קריגערישער ר' צמח אַטלאַס אַ סך ווייכער און נאָכגיביקער פון ר' אברהם־שעיה קאָסאָווער, וואָס לערנט תורה לשמה, נאָר לשמה און דורכויס לשמה. אויך פאַרן געוועזענעם טאַבאַק־סוחר האָט חייקל געקראָגן מער איינזעעניש. וואָווע

באַרביטאָלער האָט פאַרגעסן אָדער זיך געמאַכט פאַרגעסן זיין איינגעבאַקענעם פאַראיבל אויף ר׳ שלמה־מאָטע דעם מלמדס זון און איז אָפּטמאָל אין ר׳ שאולקעס קלויז צו אים צוגעקומען מיט די זעלבע ווערטער.

„דיין טאַטע האָט אין לעבן ניט אויסגעפירט און אויך איך וועל, דאַכט זיך, ניט אויספירן. איך פיל אַז יענע פון אַרגענטינע וועט מיך אַריבערלעבן."

וואָוע באַרביטאָלער איז טאַקע געשטאָרבן מיט צוויי חדשים שפּעטער פון מלמד ר׳ שלמה־מאָטע. אין אַ ווינטיקן און קאַלטן טאָג פון סוף כסלו איז ער אומגעפאַלן אינמיטן גאַס, ווען ער האָט געטראָגן אַ גרויסן קאָשיק מיט צונויפּ־געבעטלטע שטיקער ברויט פאַר בעלי־בתים יורדים און פאַר זיך אַליין. בעת מען האָט זיך איבער אים אָנגעבויגן איז ער שוין געווען טויט און די צעשאָטענע שטיקער ברויט אויף די ברוקשטיינער האָבן ווי געקלאָגט נאָך אים.

אַ לוויה האָט ער געהאַט אַ גרויסע און טומלדיקע. ס׳זיינען געקומען אים באַגלייטן גבאים און מלמדים פון די תלמוד־תורהס, וואו ער האָט אין די גוטע יאָרן געטיילט אומזיסט ארבע־כנפותן פאַר די יתומים, און געפאַלענע בעלי־בתים וואָס האָבן גענומען מתן־בסתר פון זיין חברה בית־לחם, זינט ער גופא איז געוואָרן אַ יורד. אָבער דער גרעסטער טייל פון די מלווים איז באַשטאַנען פון איינגייער אין שענק וואו אויך ער איז געווען אַן איינגייער — וואוילע יונגען פון יאַטקעווער גאַס און פון די אַרומיקע זאַוואולקעס. „ער איז געווען אַ גוטער מענטש," האָט דער המון געזעדט און געזידלט די שיינע בעלי־בתים ווי אויך די ווילנער רבנים, ווייל קיינער פון זיי איז ניט געקומען צו ר׳ וואָועס לוויה אים מחילה בעטן נאָכסאָל זיי האָבן אים יאָרן־לאַנג דאָס בלוט פאַרצאַפּט פאַר ניט אָפּ׳גטן די אַרגענטינער יידענע. די גאַסיקע האָבן געגוואַלדעוועט. „גוט האָט ער געטאָן וואָס ער האָט זיך ניט געלאָזט בייגן. אָט דאָס איז אַ מאַנסביל!" ׳די סנחריבס׳, זעלדע די בלעכערקע און אירע דריי מוידן, זיינען געגאַנגען אין אַ שורה גלייך הינטערן ארון און באַווײנט דעם פאַרשטאָרבענעם ווי אַ לייבלעכן פאָטער. „ער האָט אונדזער מלכקען פאַר אַ מענטשן געמאַכט, ציצית אים אָנגעטאָן. זינט דעמאָלט לערנט אונדזער מלכקע אין ישיבה און וואַקסט אַ רב, אַ גאון און אַ צדיק." נאָר וואָווע באַרביטאָלערס זון און טאָכטער פון ערשטן ווייב זיינען נאָכגעגאַנגען פאַרשעמטע, באַטריבטע. זיי איז ניט אָנגעשטאַנען וואָס אויפן טאַטנס לוויה רעדט מען נאָך אַלץ וועגן זיין צווייט ווייב קאָנפראַדע. אַ נאָך מער פאַר־לוירענע און צעטומלטע האָט אויסגעזען זיין דריט ווייב, מינדל. זי האָט אַריבער־געצויגן די פאַטשיילע איבערן קאָפּ ביז צו די אויגן און זיך ניט דערוועגט צו באַווײנען דעם מאַן אויפן קול. מינדל האָט זיך געטוליעט צו ר׳ שלמה־מאָטע דעם מלמדס אלמנה, וואָס האָט זי געפירט אונטערן אָרעם ווי אַ שוועסטער. דערביי האָט וועלע זיך כסדר אומגעקוקט אַהינטער, צי איר חייקל איז חלילה ניט

אַוועק פון דער לוויה. ר׳ וואָווע, זאָל זיין אָפּגעשיידט, האָט דאָך אים געדונגען אַ רבין און אויפגעגייט אַן אַנצוג.

בעת מען האָט דעם בר־מינן אָנגעטאָן די תכריכים און פריינד זיינען אַריין אין טהרה־שטוב אים אַרויסטראָגן, זיינען זיי געבליבן אָן לשון. דער מת האָט געהאַט אַ לאַכעדיקן פּנים מיט פאַרשטשירעטע ציין, ווי עס פלעגט לאַכן און שטשירען מיט די ציין זיין זון הערצקע וואָס איז מיט דער מאַמינקע אַוועק קיין אַרגענטינע. די יונגען זיינען פון טהרה־שטוב אַרויס אויפן פעלד מיט אַ גדולה: דער טאַבאַק־סוחר פרייט זיך אויך טויטערהייט, ווייל ער האָט אויסגעהאַלטן די מלחמה מיט אַלע זיינע שונאים און דער ארורה אין אַרגענטינע ניט אָפּגע־שיקט קיין גט! די איידעלערע באַגלייטער האָבן אונטערגעקרעכצט הלמאי די הפקר־מענטשן לויבן דעם געשטאָרבענעם פאַר מעשים וואָס מען דאַרף פון זיין כבוד וועגן ניט דערמאָנען. וועלע די אויבס־הענדלערקע האָט אָפּגעזיפצט און געערדט צום זון.

„ס׳פּאַסט צו זאָגן, וואָס אַ מענטש ווינטשט זיך ביים לעבן דאָס קריגט ער נאָכן טויט. ר׳ וואָווע האָט אַזוי אויפגערודערט אַ וועלט מיט יענער פון אַרגענ־טינע, אַז אַלע ריידן נאָך פון איר ווי פון זיין ווייב. אָבער מינדל וואָס איז אים געווען אַ געטריי ווייב און אַזויפיל זיך פון אים אויסגעליטן, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, מינדל שטייט אַ פאַרשטויסענע און פרעמדע אויף דער לוויה פון אייגענעם מאַן.״

אויך דער מחזה־אברהם אין זיין ווינקל פון פּאַפּלאַווער קלויז האָט געהערט דערציילן וועגן וואָווע באַרביטאַלערס לוויה. אויף מאָרגן ווען דער תלמיד איז געקומען צום שיעור האָט דער רבי אים געפרעגט. „וואָס ביסטו, אַ לוויה־גייער? ס׳איז ביטול־תורה. חוץ דעם האָסטו, דאַכט זיך מיר, מיטן טאַבאַק־סוחר גאָרניט אַזוי גוט געלעבט.״ חייקל האָט זיך דערוואָרט אויף דער מינוט איינצומאָנען דעם עלבון פאַר זיין טאַטן וואָס דער רבי איז ניט געקומען אים באַגלייטן. „און איך בין געווען זיכער אַז אויך איר וועט קומען צו וואָווע באַרביטאַלערס לוויה. איר האָט דאָך אין וואָלקעניק אים געלייגט שלאָפן ביי זיך אין חדר.״ ר׳ אברהם־שעיה האָט צוגערוקט זיין קליין גמראלע צו די צעשמייכלטע אויגן.

„אין וואָלקעניק האָב איך געוואָלט ראַטעווען דיך פון טאַבאַק־סוחרס פּעטש און דעם מנהל ר׳ צמח פון בזיונות. דערפאַר האָב איך אים געלייגט שלאָפן אין מיין חדר. דערצו נאָך האָב איך גערעכנט אַז ער וועט מיך פאָלגן און אָפּשיקן דער אשה אין אַרגענטינע אַ ספר־כריתות. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן, דאַרף אַ בן־תורה ניט גיין אויף דער לוויה פון אַ יידן וואָס איז מבזה די תורה.״

„געוויס האָט וואָווע באַרביטאַלער זיך ניט געפירט ווי ער וואָלט זיך באַ־דאַרפט פירן לויט אייער השקפה,״ האָט חייקל אָפּגעענטפערט האָסטיק און דער־

צאַרנט. „ווען איר וואָלט אָבער זיך צוגעקוקט ווי מען לאָזט אַ מענטשן אַראָפּ אין קבר און מען פאַרשיט אים מיט ערד, וואָלט איר דעמאָלט ניט געטראַכט צי ער האָט אויסגעפּאָלגט דעם שולחן־ערוך און צי ער האָט געהאַט געגוג אמונת־חכמים."

חייקל האָט גלייך חרטה געהאַט אויף זיינע רייד. ער האָט דערזען ווי דעם רבינס קורצזיכטיקע אויגן זוכן עפּעס צו־פליסיק אין דף מיטן דראָבנעם רש"י־כתב, ער וויל מיט זיין קליין גמראלע זיך פאַרשטעלן דאָס פּנים וואָס צוקט פון קוים־איינגעהאַלטענעם געוויין. דער מחזה־אברהם האָט זיך צוגויפגעקאָרטשעט ווי אין שרעק פאַרן תלמיד וואָס וואַרפט אים פאָר, אַז צוליב קנאות פאַרן דין פאַרגעסט ער אין רחמנות.

## 2

**אויף יענער זייט בריק פון דער ווילענקע,** אַנטקעגן זאַרעטשער מאַרק, האָט ר' אברהם־שעיה קאָסאָווער געוואוינט אין אַן אונ־טערשטער דירה פון צוויי חדרים. פון דרויסן איז מען אַריין אין דער רביצנס שניט־געשעפט, און פון דאָרט איז מען דורך אַ האַלב־גלעזערנער טיר אַריינגע־קומען אין וואוינשטיבל. דער לאַנגער, שמאָלער און טונקעלער חדר פון פאַר־פאַלק אָן קינדער איז נאָך מער פאַרשאָטנט און פאַרטונקלט געוואָרן פון די מענטשן אין גאַס, וואָס זיינען כסדר פאַרבייגעגאַנגען דאָס איינציקע נידעריקע פענצטער. אין דער טיף פון חדר זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, פאַרשטעלט מיט אַ גרויסן קליידער־אַלמער. אין דער פאָדערשטער העלפט זיינען אַרום אַ האַלב־קיילעכדיקן טיש געשטאַנען עטלעכע שטולן, אַ קאַנאַפּע ביי איין וואַנט און אַ פּאָר פּאָליצעס מיט ספרים ביי דער צווייטער וואַנט.

אין דעם ווינטער פון זיין אבילות נאָכן טאַטן איז חייקל יעדן טאָג געגאַנגען אין פּאַפּלאַווער קלויז, אויף יענער זייט בריק פון דער ווילענקע. דער מחזה־אברהם האָט דאָרט געדאַוונט און געלערנט מיט אים אַ שיעור. פרייטאָג־צונאַכט איז חייקל געגאַנגען צום רבין אין הויז.

ווען די אויבס־הענדלערקע איז נאָך ליכט־בענטשן און נאָך די ערשטע פּאָר ביסנס אַוועקגעפאַלן אויפן בעט אין די קליידער, אַ טויט־מידע פון פּראַצע ביז אַ פערטל שעה פאַר דער שקיעה, אַז די מאַמע איז איינגעשלאָפן, איז חייקל געבליבן אַליין אין ענגן שטיבל און געהאָרכט דאָס שטומעניש פון די גליווער־דיקע שאָטנס אויף די ווענט. פון די הילצערנע געשפּאָלטענע בעלקעס זיינען אים איבערן קאָפּ אַראָפּגעהאַנגען שפּינגעוועבן. די טונקל־רויטע פלעמלעך פון

די בענטש־ליכט אין די קופּערנע לייכטערלעך האָבן געברענט מיט אַ וואָכעדיקן אומעט. קעגנאיבער דעם טיש איז געשטאַנען דעם טאַטנס אַלמער מיט ספרים וואָס האָבן אים אויסגעזען ווי אָפּגעריבענע אויפשריפטן אויף מצבות. די חקירה־ספרים פון שפּאַניע, מענדעלסאָנס תנ״ך אין דייטש, מיט יידישע אותיות, און די ביכער פון ליטווישע משכילים אין אַ מליצהדיקן לשון־קודש — האָבן צו חייקלס האַרץ ניט גערעדט. האָט ער אָנגעטאָן דעם שווערן וואַטאָון מאַנטל און איז אַוועק צום רבין.

אינדרויסן איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרפירערישער וועלט אויף יעדן שפּאַן. די עלעקטרישע לאָמפּן איבער די אַרויסגעשטעלטע בילדער לעבן די טעאַטערס אויף דער ברייטער גאַס האָבן אים פאַרבלענדט. ער האָט נאָכגעקוקט די מיידלעך אין פוטערלעך, באַשאָטן מיט צעפינקלטע שניי־שטערנדלעך, און אין הויכע גלאַנציקע שטיוועלעך. ער האָט אויך נאָכגעקוקט פאַרוואונדערט קאָמפּאַניעס בחורים: זיי שעמען זיך גאָרניט אַזוי הויך צו לאַכן אינמיטן גאַס? אָבער גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען צום רבין אין שטוב האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ציטערדיקע געהיימע שיין, אַ זיסע וואַרעמקייט און שטילקייט.

דער שיעור אין דער גמרא קידושין, וועגן אַ ייד וואָס איז מקדש אַ יידענע און זאָגט איר יאָ אָדער זאָגט איר ניט בפירוש אַז ער איז זי מקדש, האָט חייקלען אינטערעסירט ווייניקלעך. נאָכן אָפּלערנען אַ האַלבע שעה האָט זיך אים געוואָלט שמועסן, בפרט אַז שבת איז אַ מצווה זיך ניט אָנצושטרענגען. אַפילו די מסדרים פון ש״ס האָבן אינמיטן פון דער הלכה אַריינגעפלאָכטן שטיקער אגדתא, דער קאָפּ זאָל ניט פּלאַצן. חייקלען האָט נאָך אַלץ געאַרט די אַלטע קשיה: פאַרוואָס אייגנטלעך האַלט ניט דער מחזה־אברהם פון נאַוואַרעדאָק און פון מוסר? דער יסוד און עיקר פון נאַוואַרעדאָק איז — די מלחמה קעגן דער נגיעה, דער מענטש זאָל אין זיינע גוטע מעשים ניט האָבן קיין פּניה פון אייגננוץ. איז עס דען ניט קיין הויכע מדרגה? „אין דיין עצם זוכן צו פאַרפירן אַ שמועס וועגן פּניות ליגט די גרעסטע פּניה, זאָלסט ניט דאַרפן זיך אָנשטרענגען אַריינטראַכטן אין דער משנה,“ האָט ר׳ אברהם־שעיה אָפּגעזיפצט און דאָך זיך געלאָזט אַריינציען אין אַ שמועס וועגן מידות: ס׳איז אי אַכזריות אי שטות צו פּסלען דעם מענטשן וואָס זוכט זיין אייגענעם נוצן. וויבאַלד אַז זוכן דעם אייגענעם נוצן ליגט אין דער נאַטור פון יעדן בר־נש, מעג ער דאָס טאָן כל־זמן ער ברענגט ניט דורך דעם קיין שאָדן אַ צווייטן. ווער רעדט נאָך ווען איינער וויל קריגן אָנזען און גוטע פריינד דורך העלפן אַ חבר, אַ שכן, אַ פרעמדן — איז ער נאָך אַ שיינער מענטש, אַ בעל־מדרגה. אַקוראַט ווי מיר האָבן רחמנות אויפן נעמער, דאַרפן מיר אויך האָבן איינזעעניש מיטן געבער. פונקט ווי מיר וועלן ניט האָבן קיין טענות צום

גויטבאַדערפּטיקן הלמאי ער דאַנקט זיין בעל־טובה, קומט ניט צו פאַרשטיינען דעם בעל־טובה וואָס וויל מען זאָל אים דאַנקען.

נאָכן ערשטן דרימל אויף איר בעט הינטערן קליידער־אַלמער, איז ר׳ אברהם־שעיהס ווייב אויפגעשטאַנען דערלאַנגען טיי צום טיש. חייקל האָט די רביצן יודעס ליב געהאַט. ער האָט זי געהאַלטן פאַר אַ גוטער היימישער און פאַר־האַרעוועטער פרוי ווי זיין מאַמע. ער האָט אָבער געזען אַז דער רבי ליידט פון איר באַנעמונג אויף טריט און שריט; אַפילו פון איר טיי טרינקען מיט צו־גרויסע שלוקן, פון איר זעצן מיט די אַפּצאַסן בעת זי גייט, און דער עיקר פון איר אָרט ריידן. דער מאַן האָט יודעסן געהייסן זיך גרייטן פאַר אַן אורח אויף שבת, לסוף איז דער אורח אַוועק עסן ערגעץ אַנדערשוואו. די רביצן האָט האַסטיק געזופּט די קאָכיקע טיי, געבלאָזן מיט די דיקע אָפּגעבריטע ליפּן און גערעדט מיט אַ מאַנסבילש קול:

ווער איז ער, דער יחסן, דער גדול־הדור, דער איידלמאַן וואָס באַשטעלט אַ שבת און קומט ניט? קעקערע פון אים האָבן ביי איר טאַטן די שיך געפּוצט. זי איז אויפגעשטאַנען אין האַלבער נאַכט צוגרייטן פאַרן מר־בר־רב־אשי אַ מאָל־צייט, איצט דאַרף זי זיין חלק אַרויסוואַרפן פאַר די הינט אין מאַרק, פאַר די פאַרשוקעס. זי וויל פאַרשטיין, פון וואַנען האָט ער אין פאָרויס געוואוסט אַז דאָס עסן וועט אים ניט געשוועלן? זי זאָל אַזוי זיכער זיין מיט כל־טוב, ווי זי איז זיכער אַז דאָס איז אַ הויכער ברייטער ייד מיט אַ גרויסן בויך און אַ פעטן ׳זייט מוחל׳. געוויס טראָגט ער אַ טייערן סורדוט און געמזענע קאַמאַשן. מסתמא האָט ער אַ ברייטע באָרד, דיקע שוואַרצע וואָנצעס און אַ פּאָר שווערע געדיכטע ברעמען — אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים. נאָר אַז מען קוקט זיך גוט איין אין אים, זעט מען אַז ער האָט אַ פּאָר כיטרע אויגן און אַ פאַלש פּנים; אַז ער איז אַ פּוילער, אַ פּרעסער, און אַז דאָס ווייב האָט ביי אים געברענטע צרות, אויסגע־ריסענע יאָרן. האָט ער, דער מרנא ורבנא, מורא געקראָגן אַז ביי ר׳ אברהם־שעיהן וועט ער ניט האָבן גענוג צו פרעסן. און ער קען זיך נאָך איינמאַטערן ביים אַרויפשלעפּן זיך אויפן זאַרעטשער באַרג. ער קען נאָך צעקנייטשן דעם קאַפּע־ליוש ביים אַריינגיין אין נידעריקן שטיבל פון דער אָרעמער שניט־קרעמערקע. אַזאַ יוקס! אַזאַ חזיר!

דער אַכצן־יאָריקער חייקל האָט זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אויסצושרייען פון פרייד, אַזוי שטאַרק איז אים געפעלן דער רביצנס מאַרק־לשון, געמישט מיט לשון־קודש און תרגום־ווערטער. יודעס האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז טיי און עטלעכע מאָל איבערגעגאָסן פון גלאָז אין טעצל, דאָס זודיקע וואַסער זאָל זיך אַ ביסל אָפּקילן. איר כעס אָבער האָט זיך ניט אָפּגעקילט.

„קענסט מיר בשום אופן ניט זאָגן וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש ער איז, דער

אורח?" האָט זי געגוואַלדעוועט צום מאַן. „איך פרעג דאָך ניט זיין נאָמען, זאָג מיר כאָטש וואָס ער טוט, איז ער אַ רב? אַ ראש־ישיבה? צי סתם אַ בייזע אַנשיקעניש?"

„וואָס איז דער חילוק ווער ער איז און וואָס ער טוט?" האָט אויך ר' אברהם־שעיה געענטפערט מיט אַן אויפגעריסן שאַרף געשריי. „אַ ייד האָט ביי אונדז געזאָלט עסן שבת און איז אַוועק עסן אין אַן אָרט וואו אים איז מער האַנטיק, אָדער ווייל יענער איז זיינער אַ קרוב. דאַרפסטו דאָך זיין צופרידן, אויב דו האָסט געמיינט זיין טובה. אַז מיך אַרט עס ניט, וואָס אַרט עס דיך?"

די רביצן האָט געשאָקלט צו חייקלען מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט אים געפרעגט: נו, דאַרף זי ניט זיין פון אייזן עס אויסצוהאַלטן? און איז אַוועק הינטערן קליידער־אַלמער זיך אויסבעטן צום שלאָפן. דער רבי און תלמיד זיינען ווידער געבליבן אַליין, איינגעוועבט אין פאַרכטיקן און סודותדיקן ליכטשיין פון די נאָך־ניט אויסגעברענטע שבת־ליכט. ר' אברהם־שעיה, ווי זיין שרייען פריער מיט כעס וואָלט געווען אַן אָנשטעל, האָט זיך בנעימותדיק צעלאַכט: אַזוי זיינען מענטשן! לכתחילה טוען זיי כלומרשט אַלץ לטובת יענעם וואָס ברייטיקט זיך אין הילף. נאָר אַז יענער זאָגט זיך אָפּ פון זייער הילף, ווערן די בעלי־טובות אש־להבה. בעת מיר בעטן אין בענטשן נאָכן עסן, ונא אל תצריכנו השם אלקינו לא לידי מתנת בשר ודם, דאַרפן מיר אינזינען האָבן אַז קיינער זאָל אויך ניט דאַרפן אָנקומען צו אונדז. פון דעם זעט מען אַז די בעלי־מוסר זיינען ניט אינגאַנצן אומגערעכט וואָס זיי פאַרלאַנגען גוטע מעשים אָן אַן אייגננוציקער סיבה. אַ בשר־ודם אָבער זאָל גוטס טאָן בלויז צוליב גוטס, דאַרף אים גופא שוין גאָרניט פעלן, אַזאַ גביר־אדיר איז בלויז דער מענטש וואָס די חכמה פון דער תורה איז די שמחה פון זיין לעבן. אַזאַ גרויסער עושר איז נאָר דער בעל־בטחון.

חייקל זעט אַז אויך ווען דער רבי רעדט שיחת־חולין, אַפילו ווען ער טרינקט טיי און קייט מזונות, באַוועגן זיך זיינע וואָנצעס צניעותדיק־פרום, גלייך ער וואָלט געשעפּטשעט אַ תפילה. און ווי אַנדערש ער רעדט פון די בעלי־מוסר! דער וואַלקעניקער מנהל ר' צמח אַטלאַס האָט שטענדיק אַרויפגעפירט אויף דעם וואָס אין מענטשן טויג ניט און ווי בידעריק עס זיינען די וועלטישע. דער מחזה־אברהם זאָגט ניט אַז די וועלטישע זיינען שלעכטע לייט, נאָר אַז זיי האָבן קיין השגה ניט ווי גוט עס איז דעם פרומען. דער בעל־בטחון, זאָגט ער, איז ניט דער מענטש וואָס האָפט אַז עס וועט זיין ווי ער וויל; דאָס איז אַ האָפערדיקער מענטש. דער אמתער בעל־בטחון איז דער מענטש וואָס גלייבט אַז ווי עס זאָל ניט זיין און וואָס מיט אים זאָל ניט געשען, איז עס פון זיין טובה וועגן. כל מה דעביד רחמנא לטב עביד. די געבילדעטע און פרייע לאַכן: אונדזער ערד איז אַ שטויבעלע צווישן שטערן און מזלות, האָט ניט דער בורא־עולם עפּעס אַנדערש

צו טאָן ווי אַכטונג געבן אויף יאַנקל דעם שוסטער וואָס וואוינט אין אַ קעלערל אויף פּאַפּלאַווער גאַס? דער בעל־בטחון אָבער ווייס אַז ער האָט דעם גאַנצן בורא־עולם פאַר זיך אַליין, ווי איטלעך קינד האָט פאַר זיך דעם גאַנצן טאַטן. דער מאמין האָט אויך אָן אַ שיעור פרייד אין לעבן, ווייל ער זעט אומעטום און אין אַלץ די פּליאה, די חידה, דעם פאַרהוילענעם סוד פון יצירה. וויפל חכמת־אלקות און ליבשאַפט פון באַשעפער צום מענטשן ליגט עס אין אַ פאָר הענט! אַשטייגער, די פינגערלעך פון אַ קליין קינד. ווי זיי שפּרייטן זיך אויס, בייגן זיך, טאַפּן און גלעטן. און וואָס איז נאָך אַ גרעסערער סוד, וואָס קען זיין נאָך מער פאַרבאָרגענער וואונדער ווי אַן אָפן אויג? דאָס שוואַרצאַפּל זיצט איינגעפאַסט אין ווייסל און איז באַשיצט פון אויבן און אונטן מיט הערעלעך, קיין שטויב זאָל ניט אַריינפאַלן. וויפל חן און יופי און מחשבה שטראַלט עס אַרויס פון אַ מענטשלעך אויג! נאָר ווייל מען זעט אין איין טאָג צענדליגגער, הונדערטער פאָר אויגן, און ווייל אָפטמאָל קוקט מען אָן איינער דעם צווייטן מיט חשד און שנאה — פאַרגעסט מען צו דאַנקען דעם בורא־עולם פאַר באַשאַפן דעם מענטשן מיט אַזאַ פּאָר ניסימדיקע אויגן.

דער תלמיד איז ביים רבין געבליבן נעכטיקן און איז נאָך לאַנג געלעגן וואַך אויף דער קאַנאַפּע אין דער אויסגעלאָשענער שטוב. דורך די שפּאַרונעס פון פאַרלאָדנטן פענצטער האָט פון דרויסן זיך דורכגעזיפּט אַ בלוילעכע שיין און געציטערט אויף די פאָליצעס ספרים. טריט פון פאַרבייגייער האָבן געסקריפּעט אין שניי, ערגעץ־וואו אין דער נאַכט האָט עמעץ הויך געלאַכט. פון דער ווייט איז אָנגעשוואומען דאָס ווידערקול פון אַן אויסגעצויגן געשריי אַזוי מאָדנע הילכיק, ווי מען וואָלט אַראָפּגעשריען פון דער לבנה. אין חייקלס פאַרשלאָפענעם מוח זיינען געקראָכן געדאַנקען ווי שטיקער נעפּל. ער האָט ניט איינמאָל געזען ווי דער רבי קווועלט בעת זיין שוועסטערס קליין יינגעלע כאַפּט אים מיט די ווייכינקע פינגערלעך ביי דער באָרד, צופּט אים ביי דער נאָז. דעריבער זאָגט ער אַז די פינגערלעך פון אַ קליין קינד זיינען אַ גרויסער נס. חייקל האָט געהאַט געהערט אַז דעם רבינס ווייב איז ביי דער חתונה געווען אויף אַזויפיל עלטער פון אים אַז זי האָט ניט געקענט האָבן קיין קינד. אויך די רביצן אַליין האָט זיך חייקלען פאַרטרויט אַז איר אַלטיטשקער ליידט שטאַרק וואָס זיי האָבן ניט קיין בן־זכר. ווען קיינער הערט ניט, קרעכצט ער און זיין יעדער קרעכץ פאַרשטעכט זיך ווי אַ נאָדל אין איר לייב. אַזוי האָט די רביצן דערציילט דעם תלמיד און אים פאַרשוואָרן, ער זאָל זיך פאַרן רבין ניט אויסריידן וועגן וואָס זי האָט גערעדט מיט אים. איר צדיק, האָט זי געזאָגט, ציטערט און פלאַטערט אַז זי זאָל חלילה פאַר קיינעם זיך ניט קלאָגן אויף זייער שלעכטער מערכה. האָט חייקלען געאַרט אַ שטאַרקע קשיה: אויב ס'איז ווי דער מחזה־אברהם זאָגט, אַז דער בעל־

בטחון פרייט זיך מיט אַלץ וואָס מיט אים טרעפט, דאַרף דאָך דער מחזה־אברהם זיך גאָר פרייען מיט דעם וואָס ער האָט ניט קיין קינד...

פאַרטאָג האָט דער תלמיד זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שעפּטשעניש, איבער אים איז געשטאַנען אָנגעבויגן דער רבי, שוין אָנגעטאָן אין טלית. „ווילסט מיטגיין אין בית־מדרש?" אין געציילטע מינוטן האָט זיך חייקל אָנגעטאָן און געהאָלפן דעם רבין אַרויפציען דעם מאַנטל איבערן טלית. אין ווינטערדיקן דרויסן מיטן גרוילעכן שניי האָט נאָך געטונקלט, די גאַס האָט געפּוסטעוועט. בלויז אויפן ראָג איז געשטאַנען דער פּאָליציאַנט און געקלאַפּט אַ שטיוול אָן אַ שטיוול זיך צו דערוואַרעמען. פון פּאָליאַקס מויל איז געגאַנגען אַ ווייסע פּאַרע און זיך אָפּגעלייגט אויף זיינע וואָנצעס. ער האָט דעם ׳ראַבין׳ שוין געקענט און פריינדלעך געגריסט מיט אַ ׳דזשען־דאָברי׳.

פּאָפּלאַווער קלויז איז רחבותדיק, לופטיק און גרויס ווי דער ווילנער וואָקזאַל, להבדיל. קען מען ווינטער דעם גרויסן בנין ניט באַהייצן און מען דאַוונט אין חדר־שני. שבת פאַרטאָג איז אויך דער חדר־שני אויסגעקילט. נאָר דער ערשטער מתפלל, ר׳ אברהם־שעיה, פילט ניט די קעלט. ער פאַרוויקלט זיך איבערן קאָפּ אין טלית און פאַרזינקט גלייך אין פאַרדבקעטער שעפּטשעניש. חייקל קוקט אים נאָך און טראַכט וואָס דער רבי האָט אים אַנוסטן געזאָגט וועגן דאַוונען: די וועלט פאַרשטייט ניט ווי מען קען אַ גאַנץ לעבן זאָגן די זעלבע תפילות. די אנשי העולם טענהן, אַז אַפילו אַ משורר וואָס זינגט זיינע אייגענע שירים מוז כסדר מחבר זיין נייע שירים. יענע וואָס דאַוונען אַליין ניט האָבן קיין פאַרשטעד־לונג ניט, אַז בעת אַ ייד זאָגט מיטן גאַנצן האַרצן אַ קאַפּיטל תהילים, ווערט יעדער אַלטער פסוק דעם מתפלל'ס אייגענער און שפּאָגל־נייער פסוק, ווי די גאַנצע בריאה איז פאַרן מאמין יעדן טאָג אַ ניי־באַשאַפענע. איטלעכער בר־נש, אויב ער איז אַ מרגיש, האָט אַ טאָג אין זיין לעבן ווען ער שטייט אויף און טוט אַ קוק אויף דער זון מיט אַ פּאָר אויגן ווי ער וואָלט זי נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען. קיינעם קומט ניט אין קאָפּ עס זאָל זיך באַווייזן אַ נייע זון בפועל ממש. אַזוי נייטיקט זיך אויך ניט אין נייע תפילות איינער וואָס דאַוונט בלב ונפש.

אַ שרף, טראַכט חייקל, אַזוי איז דער רבי אויך מתפלל זומער פאַרטאָג אויף דאַטשע. אים איז קיין חילוק ניט זומער צי ווינטער, ביינאַכט צי בייטאָג, אַפילו צווישן זיין שבת און וואָך איז ביי אים ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד. ווי האָט ער עס דערגרייכט? זיכער ניט דורך האָרעוואַניע! ער איז פון געבוירנטאָג אַ מלאך. ער כאַפּט זיך אויף אינמיטן נאַכט, אינדרויסן איז אָסיען, ס׳גיסט אַן אומעטיקער רעגן. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט זיך דערפילט פאַרלאָזן און פאַרגעסן פון דער גאַנצער וועלט. ער אָבער פילט אַז ער איז מיטן רבונו־של־עולם וואָס האָט געוואָרט אויף זיין אויפשטיין. און אַרום איז אַזאַ שלווה,

ווי ס׳וואָלט שוין אָנגעקומען דער יום שכולו שבת. לויט דעם מחזה־אברהם דאַרף די גאַנצע וועלט באַשטיין פון אַזעלכע צוריקגעצויגענע מענטשן ווי ער איז. איטלעכער דאַרף טראָגן דעם יאָך, זיך ניט באַקלאָגן, און זיין אַריינגעטאָן בלויז אין רוחניות. ער לעבט אין אַ וועלט פון סאַמע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך, אין אַ וועלט פון אַן אייביקן פאַרטאָג און מוראדיקער שטילקייט, ווי אין דער שעה פון ערב תחית־המתים, בעת די שוכני־עפר וועלן וואַרטן אויפן קול פון שופר זיך אויפצוכאַפּן און אַרויסצוקריכן פון די גריבער.

נאָר וואָס מער דעם רבינס לעבן פון אַ פאַרהוילענעם צדיק האָט חייקלען פאַרגאַפּט און פאַרכישופט, אַלץ שולדיקער האָט ער זיך געפילט קעגן זיין פאַר־שטאָרבענעם טאַטן. ער האָט פאַר די אויגן געזען די ווינטערדיקע אָוונטן אין ר׳ שאולקעס קלויז: אַ מנין יידן ביים טיש לערנען אַ בלאַט גמרא. זקנים אין די ווינקלען און ביים אויוון לערנען פאַרוויין דינים, מדרש. זיי זיינען בייזע פרור־מאַקעס, אַמפּערן זיך, הוסטן און פרייכן, ביז זיי דרימלען איין. די צוגעשמאָלצענע ליכט איבער די שטענדערס שפּריצן מיט חלב, קנאַקן מיט די קנויטן, ווי זיי וואָלטן זיך גע׳כעסט הלמאי די בעלי־בתים שנאָרכן. צייטנווייז שטיפן צווישן זיך די אַלטע לייט, שטורכען זיך מיט די עלנבויגנס, שפּאַסן גוטמוטיק. אָבער אַלע וויַיכן זיי פון מלמד ר׳ שלמה־מאָטע און רופן אים שפּאָטיש ׳משכיל אל דל׳, ווייל ער, דער אויפגעקלערטער, איז אַן אָרעמאַן. זיצט דער טאַטע אין אַ ווינקעלע, ווי אין אַ טיפער געוועלבטער הייל, און זיין ווייכער טרויעריקער בליק דערציילט פון געדאַנקען וועגן אַ שווער דורכגעפאַלן לעבן. דאָך האָט ער ניט חרטה אויף זיין שיטה וואָס איז פונקט די פאַרקערטע פון מחזה־אברהם. חייקל האָט געוואוסט אַז דער טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט טריי צו דער השקפה פון זיינע יונגע יאָרן, אַז דער אויסדערוויילטער טאָר זיך ניט אָפּזונדערן פון פאָלק, און אַז יידן טאָרן זיך ניט אָפּזונדערן פון דער וועלט.

## 3

**צו צוואַנציק יאָר** האָט חייקל נאָך געהאַט קינדישע ליפּן, אַ פאַרטרוימטן בליק און אַ קיילעכדיק בלאַס פּנים ווי אַ פולע לבנה. אָבער מיט זיין גוף, געשטעל און גאַנג האָט ער אויסגעזען ווי אַ טרעגער־יונג מיט געמויערטע אַקסל, שווער ווי אַ שטיק בליי. וויפל ער האָט זיך ניט געוויקט אין לערנען און איבערגענומען די זיטן פון אַ ישיבה־בחור, האָבן די פריילעכע געשיכטעס צווישן יונגען און מוידן אויף יאַטקעווער גאַס פאַרטשאַדעט זיינע נעכט און טעג. אַן אויסגעמוטשעטער פון זינדיקע פאַרלאַנגען, איז ער אומגעגאַנגען אַ פאַרכמור־רעטער און געפיבערט פון תאווה אויך ביי דער גמרא. דער רבי האָט געשפּירט דעם געדרוך פון תלמידס פאַרבאַרגענע גלוסטונגען און געהאָרעוועט מיט אים אין תורה, אים צו ראַטעווען פון די שטרויכלונגען. חייקל האָט אויך געלייענט ביכער און זיי האָבן נאָך מער צעהיצט זיין כוח־הדמיון. צייטנווייז האָט ער זיך צוגעכאַפּט צום לערנען און דער רבי האָט געשטראַלט פון נחת. ביסלעכווייז האָבן די פאַר־ווערטע ביכער און דער יצר־הרע צו מיידלעך ווידער גענומען אויף אים די איבערהאַנט.

די צייט וואָס ער האָט געלערנט ביים מנהל ר׳ צמח אַטלאַס האָט אין אים איבערגעלאָזט אַ בענקשאַפט נאָך די שאַרפע רייד פון די בעלי־מוסר. איז חייקל אויף אלול געפאָרן צו די נאַווהאַרעדקער קיין נאַרעווע און איז דאָרט געבליבן ביז איבער סוכות. נאָכן צוריקקומען אויף ווינטער קיין ווילנע, האָט אים נאָך מער געדריקט די פוסטקייט פון גרויסן פאַפּלאַווער בית־מדרש, וואו ער איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין אַ ווינקעלע. ער האָט זיך אָבער געטרייסט אַז אין דער היים ביי דער מאַמען איז פאָרט בעסער ווי זיך וואַלגערן אין דער פרעמד, אַרומגיין אָפּגע־ריסן און פאַרוואַקסן, ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן, און ווערן שטענדיק דורכ־געשטאָכן פון אויגן וואָס שפּירן אים נאָך צי ער לייענט ניט קיין טרייף־פּסולס. ווען עס איז ווידער געקומען אלול, האָט ער יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווענען זיך געראַנגלט מיטן קול פון שופר, וואָס האָט אים דערמאָנט אַז עס דערנענטערן זיך די ימים־נוראים און אים געצויגן קיין נאַרעווע. ראש־השנה האָט חייקל פרום זיך געשאָקלט אין ר׳ שאולקעס בעל־הבתישן בית־מדרש. אָבער דער יצר־הרע האָט זיך מיט אים געריי צט. גראָד אין די עשרת־ימי־תשובה האָט ער געפיבערט מיט אומרייינער גלוסטעניש מער ווי אַ גאַנץ יאָר. אומגעריכט האָט אים דער רבי אינמיטן שיעור אַ פרעג געטאָן פאַרוואָס ער פאָרט ניט אויף יום־כיפּור קיין נאַרעווע.

„איך בין זיך טאַקע וועגן דעם מיישב,״ האָט דער תלמיד זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן, אַ פאַרמאַטערטער פון געראַנגל מיט זיך אַליין.

„אויב דו זאָלסט אַרויספאָרן מאָרגן גאַנץ פרי, וועסטו באַוויזן אָנקומען קיין נאַרעוווע פאַר כל־נדרי.״ און איידער חייקל האָט נאָך באַוויזן אַ טראַכט טאָן, האָט ר׳ אברהם־שעיה אים שוין געדריקט די האַנט. „פאָר און זיי מצליח.״

ס׳האָט אים אויסגעזען ווי דער רבי וואָלט זיך מיט אים געזעגנט אויפן גאַנצן ווינטער, ניט בלויז איבער די ימים־נוראים. ער האָט אויך פריער ניט איינמאָל געפילט, אַז דער מחזה־אברהם האָט חרטה וואָס ער האָט אים גענומען צו זיך. אָבער בלייבן אין נאַרעוווע אַ גאַנצן זמן האָט זיך חייקלען ניט געגלוסט. האָט ער אין דער נאַכט פון ערב־יום־כיפור זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, יאָ פאָרן אָדער ניט פאָרן. פון דער געגדזליאַרנע אין הויף האָבן ביז חצות זיך געטראָגן געשרייען פון מענטשן, היבער און הענער. ביי די יאַטקעס איז געווען אַ באַפאַל פון ווייבער וואָס האָבן געקויפט לעבעדיקע עופות צו שלאָגן כפרות און געשאָכטענע אויף זיך פאַרפאַסטן. חייקל האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע און זיך אָנגעשטרענגט איינצושלאָפן. פלוצעם האָט די מאַמע אים אַריינגעלויכטן אין פנים מיטן נאַפט־לעמפל אין איר האַנט.

„איך זע וואָס מיט דיר קומט פאָר. דו געפינסט זיך ניט קיין אָרט ווייל דיך ציט אין ישיבה, ווי פאַראַיאָרן. נאָר קומסטו אין ישיבה, ציט דיך צוריק אַהיים און צום רבין אין פאַפלאַווער קלויז. לעצטנס לערנסטו אַלץ ווייניקער און שלאָנדערסט אַרום פוסט־און־פאַס, אָדער דו לייענסט ביכער גאַנצע נעכט און האַלבע טעג. הלוואי זאָלסטו פון אַלע צוגעזאָגטע גליקן, אַז דו וואַקסט אַ גרויסער רב, כאָטש בלייבן אַ שטיקל ייד. פאָר אויף יום־כיפור און סוכות אין ישיבה.״

דער זון האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער און געענטפערט, אויב ער פאָרט קיין נאַרעוווע וועט ער דאָרט בלייבן דעם גאַנצן ווינטער. אַזוי וויל דער רבי און אויך אים ווילט זיך לערנען אין אַ ישיבה. אין ווילנע איז אים אָן חברים אין זיין עלטער זייער אומעטיק. און ווי לאַנג איז דער שיעור אַז די מאַמע זאָל אים אויסהאַלטן פון אירע קאָשיקעס? „נאַרעלע, צוליב דעם האָרעווע איך דאָך, איך זאָל דיך קענען אויסהאַלטן,״ האָט וועלע פון אים געלאַכט און געווישט די אויגן: אויב אָבער זיין רבי און אויך ער אַליין פאַרשטייען אַז אין ישיבה איז בעסער, טאָ זאָל ער בלייבן אויף ווינטער אין ישיבה. אַז ער וועט זיצן און לערנען אין נאַרעוווע, וועט איר אין ווילנע זיין אַ סך פריילעכער ווי איצט, בעת זי מוז צוקוקן ווי ער דרייט זיך אַרום אַ פאַראומערטער. ביי אים איז אָדער גאָר אָדער גאָרניט. אָדער ער האָט ניט געטרויט איר כשרות און זיך אויסגעפרעגט אין וועלכער יאַטקע זי קויפט פלייש, אָדער זי איז אין שרעק ער זאָל ניט אויסטאָן דאָס היטל אינאיינעם מיטן טלית־קטן. איז זאָל ער שוין בעסער זיין גאָר איידער גאָרניט.

ערב יום־כיפור פאַרטאָג האָט חייקל זיך איינגעפאַקט און איז אַוועקגעפאָרן.

מיד פון אַ גאַנצער נאַכט וואַך זיין, איז ער איינגעשלאָפן אין וואַגאָן־ווינקל און זיך איבערגעוועקט בלויז אויף אַ פּאָר מינוט, ווען ס׳איז דורכגעגאַנגען דער קאָנטראָליאָר פון די באַן־בילעטן. פאַרביי זיינע האַלב־פאַרדרימלטע אויגן האָבן זיך דורכגעטראָגן וועלדער, דערפער, ברינעמער, סטאַדעס קי, באַגלייט פון פּאַס־טעכער אין ברייטע קאָפּעליושן. אַלץ איז אָפּגעטראָטן הינטערוויילעכץ האַסטיק און אין אַ שווינדל־טאַנץ, ווי די וועלט וואָלט פון אים אַנטלאָפן וואָס מער ער דערנענטערט זיך צו דער ישיבה פון די מוסרניקעס.

קיין נאַרעווע איז ער אָנגעקומען אַ צוויי שעה פאַר כל־נדרי און איז פאַרפאָרן אין דער זעלבער סטאַנציע וואָס מיט אַ יאָר פריער. די בעל־הביתטע האָט פון גרויס איבערראַשונג אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און גענומען רופן די בני־בית. „זעט וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן!״ אָבער פון די קוואַרטיראַנטן, די ישיבה־בחורים, איז קיינער אין שטוב שוין ניט געווען. חייקל האָט זיך אויף גיך איבערגעטאָן לכבוד יום־טוב און איז אַוועק אין דער ישיבהשער קיך. אויפן וועג אַהינצו האָט ער זיך פאַרגעשטעלט די גרויסע אויגן פון זיינע חברים, בעת זיי וועלן אים דערזען. נאָר אויך אין קיך האָט ער די בני־תורה ניט געטראָפן, אַלע האָבן זיך שוין פאַרפאַסט און זיינען אַוועק אין ישיבה. דאָרט איז נאָך געזעסן און געקייט אָן אַפּעטיט איין משה חייט לאַהויסקער — אַ בחור מיט אַ לאַנגן האַלדז, אויסגעצויגן פּנים און אויפגעשטעלטע שטעכיק־געדיכטע האָר. זיין שמאָלער, הויכער און בולטער שטערן האָט זיך תמיד געראונצלט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט עפּעס צו דערמאָנען. זיינע אויגן פון אַ מוטנעם קאָליר האָבן פון אונטער די ברילן אויסגעזען דאָפּלט גרויס. ביים ריידן מיט עמעצן האָט ער יענעם אַריבערגעקוקט איבער די אַקסל, ווי ער וואָלט געהאַט אַ חשד אַז הינטער יענעמס פּלייצעס שטייט אַ לץ און קרימט אים איבער.

פון זיין באַזוך אין נאַרעווע מיט אַ יאָר פריער האָט חייקל געוואוסט, אַז משה חייט לאַהויסקער איז פון דער גרופּע תלמידים וואָס ר׳ צמח אַטלאַס האָט גע־בראַכט פון רוסלאַנד און מיט זיי אַנגעפירט, איידער ער האָט חתונה געהאַט. אַמאָל איז דער לאַהויסקער געווען פון די מבקשים; די לעצטע פּאָר יאָר איז ער קאַליע געוואָרן און זיינע פרום־געבליבענע חברים מיידן אים אויס. קומט ער בלויז אין ישיבה־קיך צום עסן און די איבעריקע צייט וואַלגערט ער זיך אויף זיין קוואַרטיר, אָדער זיצט אין קהילה־ביבליאָטעק איבער ביכער, אָדער שלעפּט זיך אַרום איינער אַליין איבער הינטערשטאָטישע גערטנער. ווען זיין אָרט לעבן דערעסט אים, נעמט ער ווידער אַריינקומען אין בית־מדרש און שטופּט זיך צו ׳אַ רעדל׳ פון בחורים וואָס שמועסן אין מוסר. אָבער ס׳איז געווען ער זאָל צולייגן אַן אויער און די שמועסער ווערן אַנטשוויגן, אַלע קענען אים פאַר אַן אַפּלאַכער. איצט איז ער געזעסן אין קיך אַ פאַראומערטער איינער אַליין. האָט ער זיך שטאַרק

דערפריייט מיטן פאַרשפּעטיקטן ווילנער אורח, און נאָכן אָפּעסן זיינען ביידע אַוועק אין ישיבה צו כל־נדרי.

אין די שמאָלע נאַרעווער געסעלעך האָבן בעלי־בתים צוגעשלאָסן די שטי־בער און מיט שווערע טליתים־זעק אונטער די אָרעמס זיך געאײַלט אין די שולן. מחמת מען טאָר יום־כיפּור ניט טראָגן קיין שיך מיט לעדערנע פּאָדעשוועס, האָבן יידן געשלאָנדערט אין קאַלאָשן איבער די קרומע שפּיציקע ברוקשטיינער. אויף די ראָגן האָבן פריינד זיך געדריקט די הענט, זיך געוואונטשן אַ גוט יאָר. ווייבער אין זיידענע שאַלן, די מחזורים איינגעוויקלט אין ווייסע טיכלעך, האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט שכנות און זיך געקושט, געכליפּעט. קינדער זיינען נאָכגע־גאַנגען די עלטערן מיט גרויסע שטילע אויגן, פול מיט ערנסט פון דער פאַרכטיקער שעה. אַפילו דער לאָהויסקער האָט געשפּרייזט שווייגנדיק, אַרומגע־כאַפּט פון דער יום־כיפּור־שטימונג, און דער ווילנער האָט אַזש געפיבערט פון אומגעדולד זיך צו טרעפן מיט חברים בני־תורה.

מיטאָמאָל זיינען די געסעלעך פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ גרויסער מחנה מוסרניקעס: דער נאַרעווער ראש־ישיבה און זיינע מקורבים; מנהלים פון ישיבה־לעך אין די אַרומיקע שטעטלעך און יונגעלייט רבנים; משגיחים וואָס פאַרזאָרגן די תלמידים מיט עסנוואַרג, קליידער, סטאַנציעס; עלטערע בחורים וואָס אַרבעטן מיט יינגערע אויף איבערברעכן די שלעכטע מידות. נאַוואַרעדקער עובדים און בעלי־מחשבה וואָס קענען ניט נאָר זען און הערן, נאָר דערזען און דערהערן... אַלע זיינען זיי איצט געגאַנגען צו כל־נדרי פון ראש־ישיבהס שטוב, וואו זיי האָבן זיך פאַרפאַסט. מיט צעברענטע פּנימער און אויגן, צעפלויגענע פּאות און בערד, צעפּאָכטע קאַפּאָטעס און לאַנגע ציצית — האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ טשאַטע שוואַרצע פייגל וואָלטן באַפאַלן די ענגע געסעלעך. דער לאָהויסקער האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ. נאָר דער ווילנער איז שטיין געבליבן אַ דערפריייטער פּאַזע די פאַרבייגייער און געוואַרט מען זאָל אים געבן שלום־עליכם.

דער ראש־ישיבה, ר' שמחה פיינערמאַן, האָט אַ קוק געטאָן אויפן לאָהויסקער און זיין פּנים איז רויט געוואָרן פון כעס. דערנאָך האָט ער מיט אַ האַלב־פאַרחידושטן האַלב־דערשראָקענעם אויסזען אָנגעקוקט דעם ווילנער און איז האַסטיק פאַרביי. הינטערן ראש־ישיבה האָט געשפּרייזט אַ צווייטער מיט פאַר־גלאָצטע אויגן, ווי ער וואָלט שוין געזאָגט כל־נדרי. אַ דריטער האָט ביידן אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק; אַ פערטער האָט געצויגן מיט די אַקסל, און דער גרעסטער טייל האָט פאַרבייגעשטורעמט ווי די צוויי בחורים וואָלטן גאָרניט געשטאַנען פּאַזע וועג.

חייקל האָט דערפילט אַז די פינגער פון די הענט זיינען אים אָפּגעשטאָרבן,

ער וויל זיי צונויפפּלייגן אין פּויסטן און קען ניט. אויך דער לאַהויסקער איז בלייך געוואָרן און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שפּיציק געלעכטערל.

„איצט, ווילנער, זייט איר אַ פאַרפאַלענער. מען האָט אייך געזען גיין מיט מיר."

פון פאַראַיאָרן אלול האָט חייקל געדענקט אַז דער לאַהויסקער איז אין אומחן. דאָך האָט מען אים דעמאָלט נאָך ניט באַהאַנדלט ווי אַ מוחרם, אַז אויך יענער וואָס גייט מיט אים זאָל זיין אין חרם. פון כעס און בושה פאַרן פינצטערן קבלת־פּנים האָט חייקל אַרויסגעמרוקעט, ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט און וועט זיך חברן מיט וועמען ער וויל. „דאָס וועלן מיר נאָך זען," האָט משה חייט לאַהויסקער ווידער אַ לאַך געטאָן אינאיינעם מיט אַ פאַרוואָרגענעם שלוכץ.

# 4

די נאַוואַרעדקער ישיבה אין נאַרעוו פאַרמאָגט ניט קיין אייגענעם בנין, די ישיבה־לייט דאַוונען און לערנען אין חנה־חייקעס בית־מדרש אויף ביאַליסטאָקער גאַס, און די בעלי־בתים נוצן דעם חדר־שני. שבת און יום־טוב ווען אין בית־מדרש קומען אַ סך בעלי־בתים, דאַוונען די לערנער אין אַ זאַל פון קהילה־בנין, לכבוד דעם אָנגעפּאַרענעם עולם אויף ימים־נוראים, גיט די קהילה אָפּ איר גרעסטן זאַל. דער ראש־ישיבה, ר' שמחה פיינערמאַן, שטייט אינמיטן דער מזרח־וואַנט לעבן אַריינגעשטעלטן קליינעם ארון־קודש און קוקט אויף די שורות בחורים וואָס טראָגן זיך אים פאַרביי. זיי לויפן מיט אימפּעט איינער הינטערן אַנדערן פון דער דרום־וואַנט ביז צו דער צפון־וואַנט, גיבן זיך האַסטיק אַ דריי־אויס און נעמען צוריקלויפן אויף דרום. אָט אַזוי וויקלען און קייטלען זיך לאַנגע רייען בחורים. די פּנימער פלאַקערן, די אויגן גליען, די לופט איז אָנגעלאָדן מיט פייער. ניט אומזיסט רימען זיך די נאַוואַרעדקער, אַז אין זייער בית־המוסר וואָלט אַ פויגל וואָס פליט דורך פאַרברענט געוואָרן פון היץ, ווי אין בית־מדרש פון יונתן בן עוזיאל. אַ גאַנץ יאָר לערנט מען מוסר אויפן קול, מען גוואַלדעוועט כדי אַריינצופאַלן אין התפעלות. אָבער פאַר כל־נדרי פאַרטויבט מען זיך ניט מיט געשרייען. יעדערער לערנט מיט אַ שטילן געברום און מאַכט זיך אַ קלאָרן חשבון־הנפש: מה חובתו של אדם בעולמו, מחמת וואָס לעבט אַ מענטש אויף דער וועלט און מיט וואָס קומט ער צום יום־הדין.

דער ווילנער און לאַהויסקער זיצן אין האַלב־טונקל אויף אַ באַנק נאָענט צו דער גאַס־טיר און באַטראַכטן דעם עולם. דער עלטסטער בחור פון ישיבה,

זונדל קאַנאַטאָפּער, וועמען חייקל געדענקט גוט פון פאַראַיאָרן, האָט נאָך ניט חתונה געהאַט. ער טראָגט נאָך אַלץ אַ קורץ בחוריש רעקל, כאָטש זיין לאַנגע געדיכטע באָרד האָט זיך נאָך מער צעוואַקסן. איטלעך מאָל ווען דער קאַנאַטאָפּער גייט אָנקוקן אַ כלה, שערט ער אָפּ די באָרד און דער בית־מדרש שטוינט: אָן די געדיכטע לאָקענעס האָט ער אַ פּנימל די גרייס פון אַן איינגעטריקנטער פייג, אַ גרוגרת דר׳ צדוק. אַזוי גיך ווי פון שידוך ווערט גאָרניט, פאַרלאָזט ער ווידער לאַנגע געקרייזלטע לאָקענעס. איצט לויפט ער מיט אַ קליין ספרל אין דער האַנט און ברומט אין זיך, ווי די האָר פון באָרד וואָלטן אים אַריינגעוואַקסן אין קעל און דאָרט צוגעשטיקט זיין לייבן־קול. בעת ער קומט נאָענט צום ווילנער און לאַהויסקער טוט ער אַ הוקע. „שובו לאשר העמיקו סרה, בני ישראל!" און ער טרעט גלייך אָפּ אויף צוריק, ווי ער וואָלט דערזען דעם אָפֿענעם גיהנום אונטער די פיס פון די צוויי ווידערשפּעניקע בחורים.

הינטערן קאַנאַטאָפּער לויפט דעם ראש־ישיבהס בכור, אַ יינגל מיט פלאַקסענע האָר ווי ביי אַ שייגעצל, מיט לאַנגע פאות אַרונטערגעדרייט הינטער די אויערן, מיט אַ פּאָר פולע ראָזע בעקלעך און העלע אויגן וואָס שטייען קיין רגע ניט אויף איין אָרט. מיט אַ קוויטשיק קולכל חזרט ער פּאָר חייקלען איבער דעם קאַנאַטאָפּערס פסוק. „שובו לאשר העמיקו סרה, בני ישראל! איר זייט פאַר־קראָכן, ווילנער, טוט תשובה, ווילנער!" און ער יאָגט זיך אַוועק אין קאַנאַטאָפּערס פוסטריט ווי אַ לאָשעקל נאָך אַ קליאַטשע.

יאַנקל פּאָלטאַוואַער איז אַן אייזערנער יונג מיט ברייטע אַקסל. ער האָט אַ מאַרמאָרנע גאָמבע, אַ געשניצטע נאָז און אַ פּאָר הייסע טונקל־ברוינע אויגן. בעת זיין בעל־הביתטעס יינגערע שוועסטער דערזעען אים, פאַלט זיי אַלץ פון די הענט. ער בריט זיי אָפּ מיט די אויגן. יאַנקל פּאָלטאַוואַער וויס אַז ער איז אַ שיינער, נאָר ער לאַכט זיך אויס פון דעם. נאָוואַרעדאָק האַלט, וויבאַלד אַ בעל־מוסר האָט דערגרייכט די מדרגה פון קענען גיין אָן אַ שניפּס און אָן אַ קראַגן, מעג ער שוין גיין מיט אַ שניפּס און מיט אַ קראַגן. יאַנקל האַלט בפירוש אַנדערש און טענהט צום וועד פון זיינע תלמידים, בר־מצווה־יינגלעך: איינמאָל פאַר אַלעמאָל, מען מוז אַרויסרייסן די וועלט פון זיך! איצט שטופּט ער זיך צווישן די בני־תורה מיט אַזאַ האַסט עלעהיי אין בנין וואָלט אויסגעבראָכן אַ שרפה און ער וויל זיך ראַטעווען דער ערשטער. וואָס נעענטער ער קומט צום ווילנער און לאַהויסקער, אַלץ ברייטער צענעמט ער די אָרעמס, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט ביידן אַריינכאַפּן אין די הענט און צעקוועטשן. מיטאַמאָל טוט ער אַ פראַסקע אַ דלאָניע אין אַ דלאָניע. „עיקר חיות האדם הוא רק בשבירת המידות, ואם לאו למה לו חיים!" און ער טראָגט זיך שוין צוריק ווי אַ שטורעם־ווינט, אַ וואָלקנבראָך, אַ שטראָם פון די בערג. פון הינטער אים יאָגט זיך אַרויס דעם

ראש־ישיבהס ייִנגל און אויך ער פּאַטשט אַ הענטל אין אַ הענטל. „דער עיקר חיות פון אַ מענטשן איז אין ברעכן זײַנע שלעכטע מידות. אויב אָבער איר, ווילנער, טוט עס ניט, פֿרעגט זיך, צוליב וואָס לעבט איר אויף דער וועלט?" און ער לאָזט זיך נאָכלויפֿן יאַנקל פּאָלטאַווער.

ברייטלעך און געלאַסן קייקלט זיך דער בילגרייער, אַ בחור מיט אַ גרויסן בויך, מיט אַ פֿעטער געלער טשופּרינע, מיט אַ געשטופּלט פּנים, אַ פֿליישיקער נאָז און גרויסע קרומלעכע ציין. דער בילגרייער איז מפֿורסם פֿאַר אַ למדן, ער טרייסלט פֿון אַרבל מיט רמב"מס און איז אָפּן מבטל די בעלי־מוסר. די נאַרעוווער עלטערע האָבן צום ראש־ישיבה טענות הלמאי דער בילגרייער קריגט די בעסטע קוואַרטיר און מער חלוקה ווי יעדער אַנדערער. ענטפֿערט דער ראש־ישיבה אַז ער קען זיך ניט העלפֿן. די מתנגדים פֿון נאָוואַרעדאָק זאָגן אַז אין נאַרעוווע עפּנט מען ניט קיין גמרא, מען טוט נאָר אין מוסר. באַדאַרף מען אַ בילגרייער צו באַווײַזן אַז ערשט אין נאַרעוווע קען מען אויסשטייגן אין לערנען. דער בילגרייער ווייס פֿון זײַן כּוח און קוקט אויף יעדערן מיט אַרויסרופֿעריש חוזק. אויך איצט שטייט ער קעגן ווילנער מיט די הענט אין די קעשענעס, דעם בויך אַרויסגע־שטעלט פֿאָרויס, און פֿון אונטערן אַרויפֿגערוקטן קאַפּעליוש פֿאַלט אים אויפֿן שטערן אַרונטער די פֿעטע געלע טשופּרינע. אין זײַן פֿליישיקן פּרצוף און געלאַ־סענער באַנעמונג איז פֿאַראַן עפּעס פֿון אַ בלאָטן, וואָס מעסט אָפּ רואיק און פֿויל די כּוחות פֿון קעגנער אײדער ער פֿאַרפֿירט אַ געשלעג. חייקל הערט ווי די יאַטקעוווער גאַס אין אים שרײַט און דערמונטערט אים ער זאָל דערלאַנגען אויף צוריק. די חרפּה וואָס ער איז היינט אויסגעשטאַנען קאָכט אים אויף און ער נעמט זיך שוין אויפֿשטעלן. נאָר דער בילגרייער גייט זיך רואיק פֿאַרבײַ און פֿון הינטן שווימט ווידער אַרויס דעם ראש־ישיבהס ייִנגל. ער קאַטשעט זיך מיטן בייכל פֿאָרויס און קרימט נאָך דעם בילגרייער אויך אין ריידן.

„פֿרעגט, ווילנער, צוועלף קשיות, וועל איך זיי פֿאַרענטפֿערן מיט איין תּירוץ. איר האָט געטאָן אין לערנען, אָדער איר האָט זיך אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַס אין ווילנע ווי דער לאַהויסקער אין נאַרעוווע?"

אין ערשטן אויגנבליק וויל חייקל דעם קליינעם נאָכקרימער אַ כאַפּ טאָן בײַם העלדזל — און ציט זיך באַצייטנס צוריק. מען וועט פֿון אים לאַכן: ווער עס פֿאַרפֿירט אַ קריג מיט אַ ייִנגל איז נאָך אַליין אַ ייִנגל. ער זוכט מיט די אויגן חברים פֿון פֿאַראַיאָרן און דערזעט זיי זיצן אויף אַ באַנק אין צווייטן עק זאַל. זיי קוקן אַריין אין מוסר־ספֿרימלעך און, ווי אים דאַכט זיך, ליגט אויף זיי אַן אומעט. חייקל פֿילט אַז זײַנע חברים פֿאַרדריסט הלמאי ער האָט גלײַך בײַם אַרײַנפֿאָר זיך באַוויזן אינאיינעם מיטן לאַהויסקער און זיי מוזן זיך האַלטן מיט אים פֿון ווײַטן. „איר זעט דאָרט דעם הויכן מיטן טלית איבערן קאָפּ?" שטורכעט

אים משה חייט מיטן עלנבויגן און ווייזט אים אויף איינעם וואָס שטייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. „ס׳איז אייער געוועזענער וואַלקעניקער מנהל צמח אַטלאַס, דער זעלבער וואָס האָט מיך יינגלוויז אַהערצו פאַרשלעפּט פון רוסלאַנד.״ און דער לאַהויסקער אָטעמט שווער, אַזוי שווער, ווי זיינע לונגען וואָלטן געווען אָנגעשטאָפּט מיט זאַמד.

אין די ישיבות פון דער ליטע האָט מען לאַנג גערעדט וועגן אַ נאַוואַרעדקער בעל־מוסר וואָס האָט געוואָלט פאַרברענען אַ ביבליאָטעק אין איין שטעטל און זיך געוואַלגערט אין בלאָטע אין אַ צווייט שטעטל, כדי אַרויסצוקריגן אַ מחילה פון געוועזענעם מחותן. מען האָט אויך געוואוסט אַז ער איז נע־ונד פון ישוב צו ישוב. אָבער ווען חייקל איז מיט אַ יאָר פריער געקומען קיין נאַרעווע אויף אלול און זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין וואַלקעניקער מנהל, האָט קיינער ניט געוואוסט געניי וואו ער געפינט זיך. ערשט אינמיטן פון פאַרגאַנגענעם זומער האָט ער זיך פלוצעם באַוויזן אין נאַרעווע, און נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת איז דער ראש־ישיבה געקומען צו דער החלטה, אַז איצט וועט צמח לאָמזשער מער קיין צרות ניט אָנטאָן. ער האָט זיך געגנוג אָנגעליטן און איז אַן אמתער חוזר בתשובה.

אַ הילכיקער פּאַטש אין שולחן איז מודיע אַז מען שטעלט זיך זאָגן כל־נדרי. די שורות מוסרניקעס, וואָס האָבן אַ מינוט פריער זיך געטראָגן פון וואַנט צו וואַנט, צעפאַלן זיך אין אַ כהרף־עין. זיי שטופּן זיך צו זייערע ערטער מיט פאַרדבקעטע פּנימער, איטלעכער טרעפט צו זיין פּלאַץ מער מיט די אויסגע־שטרעקטע הענט ווי מיט די פאַרגלייזטע אויגן.

נאָך כל־נדרי פּאַטשט מען ווידער אין שולחן אַז דער ראש־ישיבה וועט זאָגן אַ שמועס. ר׳ שמחה פיינערמאַן, אַ הויכער און שלאַנקער, מיט אַ רויט־גאָלדענער באָרד, ציט אַרויס די אָרעמס פון אונטערן טלית, ווי אַן אָדלער טוט אַ פאָכע מיט די שטאַרקע פליגל איידער ער לאָזט זיך פליען. ער שפּאַרט אָן ביידע עלנבויגנס אין ברעטל פון שטענדער און נעמט ריידן רואיק, הויך און קלאָר, מען זאָל אים גוט הערן אין אַלע ווינקעלעך. ער רעדט פון טאָן תשובה און אַז לכבוד דעם יום־הדין דאַרף יעדער בן־תורה נעמען אויף זיך אַ קבלה אויסצושטייגן העכער. אָבער דער ערשטער תנאי פון ווערן אַ העכערער מענטש איז אַ גוטע חברותא. אַפילו פון אברהם אבינו האָט זיך אָפּגעטאָן דער כוח פון נבואה אַזוי לאַנג ווי ער איז געגאַנגען אינאיינעם מיט זיין פּלימעניק לוט. ערשט נאָכדעם ווי לוט האָט זיך פון אים אָפּגעטיילט און איז אַוועק אַהינצו וואו עס האָט אים געצויגן די גאַנצע צייט, קיין סדום, דעמאָלט איז די נבואה צוריקגעקומען צו אברהם אבינו.

בעלי־מוסר ווייסן אַז דער שמועס־זאָגער קען ריידן פאַר אַ פולן בית־מדרש און אויסן זיין אַריינצוזאָגן איין בחור. דאָך ווילט זיך חייקלען ניט גלייבן אַז ר׳ שמחה פיינערמאַן זאָל ריידן צו אַזאַ גרויסן עולם — און מיינען אים.

אָבער דער לאַהויסקער שושקעט אים אין אויער. „איר האָט זיך, ווילנער, דער־וואָרט! איצט ווייסט איר שוין פאַרוואָס אויף אייך רוט ניט די גאָוואַרעדקער שכינה! איר חברט זיך מיטן שיכור לוט, מען האָט אייך באַגעגנט אינאיינעם מיט אַ סדומניק.״ חייקלען דערעסן דעם לאַהויסקערס גאַליקע רייד. „איך בין ניט געקומען מיט דער לעצטער באַן פאַר כל־נדרי, כדי צו הערן אייערע פירושים אויפן ראש־ישיבהס שמועס.״ דער לאַהויסקער ווערט אַנטשוויגן און קוקט צו דער טיר, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט אַנטלויפן, נאָר האָט מורא אַרויסצוגיין אַליין אין פינצטערן דרויסן.

ר׳ שמחה פיינערמאַן פאַרענדיקט דעם שמועס און וויגט זיך אַ היבשע ווייל אין שטילשווייגן. זיין לאַנגע, שמאָלע, גאָלדענע באָרד הענגט אַרונטער איבערן שטענדער ווי אַ יום־טובדיקער פּרוכת איבערן ארון־קודש. אין זאַל זאַמלט זיך אַן אָנגעלאָדענע און געשפּאַנטע שטימונג. די עלעקטרישע לאָמפּן ווערן פאַר־צויגן מיט אַ געלבלעכן נעפּל, ווי פאַרטונקלט פון דער אויסגעאָטעמטער היץ פון די לערנער וואָס וואַרטן אויפן אויסבראָך פון שטורעם, דער ראש־ישיבה זאָל נעמען זאָגן התעוררות. די בני־תורה פאַרשטעלן זיך די אויגן מיט די הענט ווי צו שמע־ישראל, מען זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען פאַר אַ חבר, אויב עס ווילט זיך וויינען. ר׳ שמחה פיינערמאַן הייבט אָן מיט אַ קלאָגעדיקן ניגון און דער עולם באַגלייט זיינע רייד מיט אַן איינגעהאַלטענער ברומעניש.

„מורי ורבותי, דער נביא זאָגט, והרשעים כים נגרש כי השקט לא יוכל, ויגרשו מימיו רפש וטיט. די אויפגעשטורעמטע כוואַליעס אין ים מיינען אַז זיי וועלן אַריבערגיין דעם ברעג ווייטער פון די פריערדיקע כוואַליעס. אָבער קיין כוואַליע איז נאָך ניט אַריבער ווייטער פון אָרט וואָס איז פאַרן ים אָנגעצייכנט משֵשת ימי־בראשית. דאָס אויפגעצאָטענע וואַסער וואַרפט נאָר אַרויס אָפּפאַל און שלאַם. וויפל דער מענטש זאָל זיך ניט אָנשטרענגען צו דערגרייכן מער פון יענעם וואָס איז געווען פאַר אים, איז נאָך קיינער ניט אַוועק פון דער וועלט ער זאָל האָבן דערגרייכט כאָטש אַ העלפט פון זיין פאַרלאַנג. דער מדרש זאָגט אַז אויך דער וועג פון תשובה איז געגליכן צום ים. ווי דער ים איז אָפן, איז דער וועג פון תשובה שטענדיק אָפן פאַר אַלעמען. ווינד־און־ווי איז אָבער צום מענטשן וואָס אַנטלויפט פון אַ סכנה אויף דער יבשה זיך צו ראַטעווען אויפן ים — און ווערט דערטרונקען. אוי־ואבוי איז צו יענעם וואָס ווערט געשטרויכלט אויפן וועג פון זיין תשובה. ער דאַרף אַ נייעם יום־כיפּור וואָס זאָל מכפּר זיין אויף דעם פריערדיקן יום־כיפּור.״

די ישיבה־לייט דערפילן אַ היץ אונטער די קליידער, פון אַלע זייטן גיט מען זיך אַ רוק נענטער צום ראש־ישיבה און מען בלייבט שטיין מיט פאַרקנייטשטע

שטערנס, פאַרגלאָצטע אויגן. דורכגענומען פון אַרומיקן אָנגעגליטן מיטברומען צו זיין קלאָגעדיקן ניגון, פאַרגייט זיך ר' שמחה פיינערמאַן נאָך העכער.

„מורי ורבותי, וויפל מיר זאָלן פאַר אַ מענטשן ניט טאָן, טוען מיר פאַר אים גאָרניט, אויב מיר זאָרגן ניט אַז ער זאָל האָבן אַ יענע־וועלט. וויפל מיר זאָלן זיך פאַר אַ חבר ניט מקריב זיין, גיבן מיר אים גאָרניט, אויב מיר גיבן אים ניט קיין נצחיות. און קענען מיר דעם בעל־יסורים ניט טרייסטן אַז דער שכר פאַר זיינע ליידן וועט זיין אַן אייביק לעבן, איז מיט וואָס מישטיינס געזאָגט קענען מיר אים טרייסטן? מורי ורבותי, דער 'אַלטער' פון נאָוואַרעדאָק פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז דער ערגסטער גזר־דין פאַר אַ מענטשן איז, דאָס ניט קענען זיך אָפּזאָגן פון דער אייגענער נאַטור. אָבער אַז דער מענטש שטרענגט זיך אָן בייצוקומען דאָס איינגעבוירענע שלעכטס, העלפט מען אים אויך פון הימל. איז לאָמיר מאַכן אַ תפילה אויף סייעתא דשמיא: אבינו מלכנו, קרע רוע גזר דיננו!" שרייט אויס דער ראש־ישיבה און די תפילה ווערט איבערגעחזרט פון גאַנצן עולם, ווי אַ דונער אין די בערג, וואו יעדער אָפּגרונט, שפּאַלט און שיפּוע ענטפערט מיט אַ הונדערט־פאַכיק ווידערקול.

„מורי ורבותי," דערהערט זיך ווידער דעם ראש־ישיבהס קול און די אַנדערע קולות נעמען אָפּשטיין, אויסגיין, ווי דער צעברעקלטער דונער אין הויכלאַנד ווערט פאַרפאַלן אין די תהומען. „מיר גלייבן באמונה שלמה אַז די וועלט ווערט געשפּייזט אין זכות פון צדיק, און מיר, מיר ווילן זיין צדיקים. קען דאָך אין פלוג עמעצער פון אונדז טראַכטן: היתכן! איך מאַטער זיך צו דערגרייכן שלימות, גיי אָפּגעריסן, הונגער, און די וועלט וואָס ווערט געשפּייזט אין מיין זכות לאַכט נאָך פון מיינע ציצית. ווער עס טראַכט אַזוי, איז זיכער ניט דער צדיק וואָס די וועלט ווערט געשפּייזט אין זיין זכות. די גמרא אין תענית דערציילט אונדז וועגן תנא רבי חנינא בן דוסא: בכל יום ויום בת־קול יוצאת ואומרת, כל העולם כולו ניזון בשביל חנינא בני, וחנינא בני דיו בקב חרובים מערב שבת לערב שבת. דער אמתער אדם־השלם באַגנוגנט זיך מיט אַ טאָפּ טרוקענעם באָקסער פון ערב שבת ביז ערב שבת. ער פאַרלאַנגט גאָרניט און איז אַפילו מקבל באהבה דעם בזיון פון דער וועלט וואָס לעבט אין זיין זכות. איז לאָמיר, ידידים ורעים, מיטן כוח פון רבים זיך דערשלאָגן כאָטש אויף איין טראָט נעענטער צו דער מחיצה פון רבי חנינא בן דוסא אין גן־עדן. לאָמיר איצט, אין דער שעה פון רחמים, ווען דער טויער איז אָפן, מאַכן נאָכאַמאָל אַ תפילה אויף סייעתא דשמיא: אבינו מלכנו, החזירנו בתשובה שלמה לפניך!"

דאָס זאָגן התעוררות איז געענדיקט, נאָר דער אויסגעבראָכענער שטורעם בושעוועט נאָך. ביי די ווענט אויף אַלע פיר זייטן איז געבליבן ליידיק. די בני־תורה האָבן ביסלעכוויז אַלץ מער זיך אָפּגערוקט פון די ערטער און זיך צונויפ־

געשפּאַרט אינאײנעם אַרום ראש־ישיבהס שטענדער. חײקל דערזעט זיך אַן אײנ־געקלאַמערטן צװישן בחורים װאָס האָבן פריער אָפּגעדרײט די קעפּ פון אים, אָדער אים אַרײנגעשריען אין די אויערן דברי־תוכחה. זונדל קאָנאָטאָפּער ברומט דורך פאַרקלעמטע צײן, שינדט פון זיך פּאַסן מיט אַ האַרט אויסגעשאַרפט קול װי אַ מעסער. זײן ברומעניש גיסט זיך צונויף מיט יאַנקל פּאָלטאַװערס אײ־אײ־אײ, װאָס גװאַלדעװעט אַזוי װי ער װאָלט ניט געגלײבט אַז אויף זײנע זינד איז נאָך פאַראַן אַ תשובה. אַ דריטער רײסט זיך אין הימל מיט אַ קינדיש־אויסגעװײנט קול, בעט זיך װי אַ יונג פײגעלע, װאָס האָט זיך געלאָזט פליען און איז קוים דערפלויגן צום נאָענטסטן ביימל, נאָר װייס ניט װי זיך אַנצוכאַפּן מיט די פיסעלעך אַן אַ צװײגל.

בלויז משה חײט לאַהויסקער שטײט אָפּגערוקט פון אַלעמען, נאָענט צום אַרויסגאַנג, און קוקט מיט אַ פאַרשפּיצט פּנים צום צפון־מזרח װינקל. דאָרט איז אויך דער הויכוואוקסיקער ר׳ צמח אַטלאַס שטײן געבליבן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, מיטן פּנים אויסגעדרײט צו דער װאַנט, מיטן טלית איבערן קאָפּ, און שרײט מיט אַן אויסגעצויגענעם טויבן געשרײ פון אײנעם װאָס זינקט שוין איבערן האַלדז אין װאַסער. „אבינו מלכנו, החזירנו בתשובה שלמה לפניך!״

# 5

**דער לאַהויסקער און דער װילנער** זײנען נאָך מעריב אַרויס די ערשטע. אין די אַנדערע שולן האָט מען אָפּגעדאַװנט פריער. בלויז ביים אָפענעם פענצטער פון אײן באַלויכטענעם פוסטן בית־מדרש איז נאָך געשטאַנען אַ זקן אין טלית און קיטל און געזאָגט תהילים. דאָס געסל האָט אויסגעזען װי אַ שמאָלער געדרײטער דורכגאַנג צװישן מצבות, און דאָס קול פון זקן האָט אָפּגעקלונגען בית־עולמדיק. צופרידן װאָס דער װילנער האָט קײן אַנדער ברירה ניט װי בלײבן אין זײן חברותא, האָט דער לאַהויסקער אים געבעטן מיטגײן אויף זײן קוואַרטיר. „כ׳װעל גײן. דערצײלט מיר אָבער װאָס אַזױנס האָט איר דאָס יאָר אָפּגעטאָן אַז מען מײדט אײך אויס,״ האָט חײקל געפרעגט און האַסטיק געשפּאַנט פאַרויס.

משה חײט ענטפערט מונטער אַז ער איז דורכן פאַרגאַנגענעם יאָר ניט געװאָרן מער אַפּיקורס, ער האָט זיך נאָר אויפגעהערט היטן. אין ישיבה־קיך ביים עסן זאָגט ער אָפן װאָס ער טראַכט װעגן די נאָװאַרעדקער בטלנים. זײנען די עלטערע בעלי־מוסר צוגעשטאַנען צום ראש־ישיבה מען זאָל אים אַרויסטרײבן.

דער ראש־ישיבה אָבער האָט זיך זיין אויסרעכענונג, ס׳לוינט אים ניט. אַזוי ווי ער, דער לאָהויסקער, איז אַ רוסישער און קען ניט צוריקפאָרן אַהיים דורך דער סאָוועטישער גרענעץ, וועט ער דאָך מוזן בלייבן אין נאַרעווע. ציטערט דער ראש־ישיבה מען זאָל אין שטאָט ניט זאָגן אויף די באַוואַרעדקער, אַז זיי האָבן אָפּגעריסן אַ זון פון די עלטערן און נאָכדעם אים געלאָזט אויף הפקר. פונדעסט־וועגן וואָלט זונדל קאָנאָטאָפּער און זיין באַנדע אויסגעפּירט. זיי טענהן אַז דער לאָהויסקער מאַכט קאַליע די יינגערע. נאָר זינט קיין נאַרעווע איז צוריקגעקומען צמח לאָמזשער, לאָזט ער אים ניט אָנרירן. משה חייט שטעלט זיך אָפּ אינמיטן גאַס און גיט דעם ווילנער צו פאַרשטיין מיט ביידע הענט.

„בעת דער לאָמזשער איז אַנטלאָפן אין דער וועלט און מיך איבערגעלאָזט אין ישיבה, בין איך נאָך געווען זייער פרום. איצט אַז ער איז צוריקגעקומען אַ בעל־תשובה כלומרשט און אויסגעפונען אַז איך בין אַראָפּ פון דרך־הישר, באַשולדיקט ער זיך אַז דאָס האָב איך אים נאָכגעטאָן. בעט ער זיך ביים ראש־ישיבה מען זאָל מיך ניט משלח זיין, אפשר וועל איך תשובה טאָן. און מיר דערציילט ער וועגן זיין דורכגעפאַלענעם לעבן, איך זאָל איינזען אַז לפתח חטאת רובץ, מען טאָר אין דער וועלט קיין פוס ניט אַרויסשטעלן.״

דער וואַלקעניקער מנהל זאָל זיך איינשטעלן פאַר איינעם וואָס רעדט קעגן מוסר? פרעגט זיך חייקל אַ פאַרוואונדערטער. הייסט עס אַז ר׳ צמח האָט זיך טאַקע געביטן. אָבער משה חייט איז לחלוטין ניט גערירט פון יענעמס זאָרג פאַר אים און ער שפּריצט מיט שנאה: אויסער וואָס צמח לאָמזשער האָט אָפּגע־לאָזט אַ שידוך מיט אייבער און חתונה געהאָט מיט אַ צווייטער, איז וועך וויס מיט וויפל נאָך ווייבער ער איז געשלאָפן. מען זאָגט אַז זיין ווייב האָט אים ליב אהבת־נפש. פאַרוואָס אייגנטלעך האָט זי אים ליב, אָט דעם האָריקן לאַנגאָץ מיט דער אויסגעבויגענער נאָז? סיידן מיר זאָלן זאָגן אַז ער האָט די יפהפיה פאַר־כישופט מיט די מעשיות וואָס ער האָט דערציילט ווי ער האָט אין רוסלאַנד אָפּגעריסן קינדער פון עלטערן און זיי פאַרשלעפּט איבער דער גרענעץ קיין פוילן. ניט געקוקט אָבער אויף זיין הצלחה ביי ווייבער, האָט ער פונדעסטוועגן קיין הנאה ניט פון לעבן. די הרהורי־תשובה זייגען אים, דעם קינדער־גנב און בעל־תאווהניק, באַפאַלן ווי מוראַשקעס און בייסן אים. אָהאָ, ווי זיי בייסן אים! אַ שעה נאָכן דאַווגען און פרישטיק, אַלע בחורים זיצן שוין ביי די גמרות, שטייט ער נאָך אין טלית און תפילין מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער וואַנט און שעפּטשעט: אוי, רבונו־של־עולם, וואָלט זי כאָטש זיך באַוויזן מיר אין חלום אַז איך זאָל זי קענען בעטן מחילה. איז ניט זי ווייזט זיך מיר אין חלום און ניט איך קען זי פאַרגעסן. אוי, רבונו־של־עולם, בעט דו ביי איר מחילה פאַר מיר און זאָג מיר אין איר נאָמען: סלחתי!

דער ווילנער פילט אַ דריקעניש אין ברוסט, אים ווילט זיך וויינען, דאָס האַרץ אין אים דרייט זיך איבער פון רחמנות צום אויסגעליטענעם מנהל און פון ווידערווילן צום לאַהויסקער. „ער איז דער צדיק און איר זייט דער רשע. די קנאה רעדט פון אייך, די קנאה וואָס ער איז געווען מער מוצלח ווי איר זייט." משה חייט לאַכט און ציט אַריין דעם קאָפּ אין די אַקסל, ווי אין שרעק אַז דער אויפגעצ־קאַכטער ווילנער זאָל אים ניט געבן אַ קלאַפּ.

„געוויס רעדט פון מיר די קנאה, די ווערעמדיקע קנאה. נאָר איך בין דאָך ניט שולדיק וואָס זיין ערשטע כלה איז געשטאָרבן און ער האָט פאַרשפּעטיקט בעטן ביי איר מחילה. איז ער געפאָרן אַהערצו און זיך געטרייסט אַז ער האָט נאָך אַנדערע זכותים ביים רבונו־של־עולם, ער האָט אָפּגעריסן קינדער פון די עלטערן און זיי געמאַכט פאַר בני־תורה. מיר וועט ביישטיין דער זכות פון לאַהויסקער בן־הרב אַז די טויטע כלה זאָל מיך אַזוי ניט פייניקן, האָט ער געטראַכט אויפן וועג אַהערצו. איז ער געקומען קיין נאַרעווע און דערזען אַז דער לאַהויסקער בן־הרב איז מער ניטאָ אין דער גרוב וואו ער האָט אים אַריינ־געוואָרפן און איבערגעלאָזט. לפי האמת ליג איך נאָך אַלץ אין דער נאַוואַרעדקער גרוב, איך ליג, נאָר אָן דעם רוח־המוסר. קלאָגט נעבעך דער לאָמזשער. די טויטע אַמדורער כלה און דער לעבעדיקער לאַהויסקער תלמיד לאָזן אים ניט רוען. ווילט איר אַז איך זאָל בלייבן אַ פאַרלייזיקטער קלויזניק, כדי דער אָנגעצ־זעטיקטער בעל־תאווה און איצטיקער כלומרשטער בעל־תשובה זאָל האָבן מנוחת־הנפש ?"

„טאָ גייט אַוועק פון ישיבה, ווער האַלט אייך דאָ !" רופט אויס חייקל און נעמט שפּאַנען נאָך האָסטיקער. „קומט אַרויף צו מיר, וועל איך אייך דערציילן ווער און וואָס מיך האַלט דאָ," בלייבט דער לאַהויסקער שטיין ביי אַ הויז מיט שמאָלע קרומע טרעפּ. חייקל גייט אים נאָך אַ צעבייזטער אויף זיך אַליין. דער ראש־ישיבה און די חברים האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט, ווייל מען האָט אים געטראָפן מיט אַ בחור וואָס איז אין ישיבה אָפּגעפרעגט. איז ער אַלעמען אויף להכעיס אָפּגעזעסן מיטן אָפּגעפרעגטן די גאַנצע צייט פון דאַוונען און איז אויך אַרויס מיט אים אינאיינעם, כדי צו ווייזן אַז ער ווערט ניט נתפעל. אַזוי האַנדלט אַ חדר־יינגל.

משה חייט עפנט די טיר פון זיין חדר און זאָגט אַז די בעלי־בתים וואוינען אין צווייטן עק קאָרידאָר, דערצו נאָך זיינען זיי אַ פּאָר אַלטע טויבע חושימס. קען מען ביי אים ריידן הויך און אַפילו שרייען וויפל דאָס האַרץ גלוסט. ביידע קומען אַריין אין אַ געדיכטער פינצטערניש, פול מיט שימל־געדוך, ווי אין אַ קעלער מיט פאַרטריקנט און צוגעפוילט אַלטוואַרג. אויפן סופיט גליט אויף אַ רויט אויג — אַ קליין עלעקטריש לעמפּל. „יום־כיפור צינדט איר אָן פייער ?

לאָזט מיך אַרויס!״ שרייט חייקל. „פֿאַרגעסן, אינגאַנצן פֿאַרגעסן,״ כאַפּט זיך משה חיים מיט ביידע הענט פֿאַרן קאָפּ און פּרוּווט אַפילו ניט באַהאַלטן דעם קאָמעדיאַנטישן גליטשיקן שמייכל. „צוריקגערעדט, גלייבט איר טאַקע אַז דער גיהנום אויף יענער־וועלט צינדט זיך אָן דורך אַן עלעקטריש לעמפּל אויף דער־וועלט? זעצט זיך, ווילנער,״ רעדט ער הכנעהדיק און איליק, מיטן פֿיבער און מיט דער שמחה פֿון אַ פֿאַרגעסענעם מענטשן וואָס דערזעט פּלוצעם אַן אומגע־ריכטן גאַסט.

דאָס צימערל איז ענג און קליין. ביי איין וואַנט שטייט אַן אייזערן בעטל, איבערגעצויגן מיט אַן אויסגעריבענער דעקע, און אַן אַלטער צעפּאַרענער בייכיקער קאָמאָד, פֿאַרלייגט מיט אַרומגעריסענע ביכער. די גאַנצע וואַנט קעגנ־איבער איז פֿאַרשטעלט מיט אַ גרויסן קליידער־אַלמער. האַרט צוגערוקט צום איינציקן פֿענצטער שטייט אַ טישל און אַ שטול.

„אַ מענטש וואָס איז מחלל יום־כּיפּור און דאָך קומט ער יעדן טאָג אין ישיבה־קיך עסן, אַזאַ מענטש האָט ניט קיין בושה און איך וואָלט ביי אייך קיין מינוט ניט געזעסן. נאָר איך וויל הערן אייער תּירוץ פֿאַרוואָס איר גייט ניט אַוועק פֿון ישיבה,״ זעצט זיך חייקל אַראָפּ אויפֿן שטול.

„איך האָב ניט וואוהין צו גיין,״ זעצט זיך אויך משה חיים אַראָפּ אויפֿן בעטל מיד און טרויעריק, ווי איינער וואָס איז אַ גאַנצן טאָג אומגעלאָפֿן נאָך אַ גמילות־חסד און איז אויפֿדערנאָכט אַהיים געקומען מיט גאָרניט. „צו צוויי־אונצוואַנציק יאָר זאָל איך זיך גיין לערנען אַ מלאכה? איך וואָלט עס אפשר אויך פֿריער ניט געקענט, איך בין דאָך אַ בן־הרב. פֿון טאַטן דעם לאָהויסקער רבֿ האָב איך געירשנט דעם חשק צו פּירן וויכּוחים, ניט קיין כּוח אין די הענט צו אַרבעטן. ניט נאָר צמח לאָמזשער, אויך מיין זיידע און טאַטע האָבן מיר דאָס האַרץ פֿאַרסמט. יעדן ערבֿ ראש־חודש ביים פֿראַווען יום־כּיפּור קטן האָט מיין זיידע, דער אַלטער לאָהויסקער רבֿ, זיך געשלאָגן על־חטא ביים זאָגן דעם ווידוי הגדול פֿון רבינו ניסים. ווער רעדט נאָך אַז ס'איז געקומען דער גרויסער יום־כּיפּור, האָט מיין זיידע אויף זיך אויסגעזוכט וואָס מער חטאים. ער האָט געגלייבט אַז ער האָט געזינדיקט לויטן אלף־בית און האָט זיך געשלאָגן על־חטא לויטן אלף־בית: אשמנו, בגדנו, גזלנו. אין דער צוואה האָט ער אָנגעזאָגט, מען זאָל אים נאָכן טויט שלעפּן איבער דער ערד, אויפֿהייבן און אַראָפּוואַרפֿן, אַרויפֿלייגן שטיינער אויפֿן האַרצן, ברענען די האָר אויף דער ברוסט, ער זאָל אָפּקומען אַלע סאָרטן מיתות בית־דין. אַקוראַט ווי דער זיידע, האָט זיך געשלאָגן על־חטא מיין טאַטע, דער יינגערער לאָהויסקער רבֿ. אויך ער האָט געגלייבט אַז ער איז באַגאַנ־גען די סאַמע האַרבסטע עבֿירות. האָבן זיי מיר אַריינגעשלאָגן אין האַרץ און מוח אַז איך בין זינדיק.״

„איר פֿלוידערט פֿון היץ!‟ דרייט זיך חייקל אויפֿן שטול און פּילט אין בויך אַ גרימעניש. „פֿון איין זייט צינדט איר אָן פֿייער אין יום־הקדוש, און פֿון דער צווייטער זייט דערציילט איר אַ מעשה אַז איר פּילט זיך זינדיק, ווייל אייער טאַטע און זיידע האָבן זיך געשלאָגן על־חטא.‟

„אָט! אָט! אָט!‟ פֿאַרכלינעט זיך משה חייט לאָהויסקער: יאָ, ער איז מחלל יום־כּיפּור און לייקנט אין אַלץ, אין נאַוואַרעדאָק, אין דער תּורה, אַפֿילו אין גאָט. פֿונדעסטוועגן פּילט ער זיך זינדיק. אַ סך מאָל ליגט ער דאָ אין דער קאַנורע אויפֿן געלעגער און חלומט פֿון אַלץ וואָס מען טאָר ניט. מיטאַמאָל דער־זעט ער דאָ אין באַגרעבעניש טאַטע־מאַמע און דעם זיידן. „ס׳ליגט דיר אין זינען פֿרעסן און טרינקען,‟ שרייט צו אים דער זיידע. „ביי אַ פֿרעסער און זויפֿער איז אויך גזלה קיין מניעה ניט, אַבי אָנשטאָפּן דעם בויך.‟ און דער טאַטע קרעכצט. „טראַכט ניט, מיין זון, פֿון מיידלעך, טראַכט פֿון זיין אַ פֿרומער ייד.‟ און די מאַמע וויינט. „קינד מיינס, דו ליגסט דאָך אָן אַ היטל.‟ נעמט זיך קאָרטשען דאָס האַרץ אין אים פֿון רחמנות צו די עלטערן. דער קאָפּ ווערט אים שווער ווי אַ שטיין פֿון ליגן אָן אַ יאַרמלקע, די האָר אויפֿן לייב שטעכן אים פֿון אומגיין אָן אַ טלית־קטן. „פֿון טאַטן און זיידן האָב איך געירשנט דאָס שלאָגן זיך על־חטא, געשלאָגן און געשמיסן האָבן זיי מיך ניט, דאָס האָט געטאָן מיין מלמד.‟ משה חייט קרימט זיך מיט אַ פֿאַראיבלט פּנים, ווי ער וואָלט זיך דער־מאָנט אין פּייכטע, ווייכע און גליטשיקע שרצים וואָס זיינען אים געקראָכן אויפֿן הוילן לייב. ער רוקט זיך אַרויף אויפֿן געלעגער, ביז זיין רוקן גרייכט צו דער וואַנט, און דערציילט וועגן לאָהויסקער מלמד:

דאָס איז ניט געווען עפּעס דאָרט אַ פֿאַרשמאָלצן יידל מיט אַ קאָלטענעוואַטער באָרד, מיט קופּערנע נעגל פֿון אַ שוחט און אויגן פֿון אַ מלאך־המוות. ער איז דווקא געווען אַ ברייט־צעוואַקסענער ייד, מיט אַ זויבערער באָרד און ציכטיקע קליידער. אַ רואיקער, מיט צוגעשוואַרצטע תּאווהדיקע וואָנצעס. דערצו נאָך אַ בעל־תּנ״ך, אַ בעל־דיקדוק. אַז אַ ייִנגל האָט זיך פֿאַרזינדיקט האָט דער מלמד ניט אַ כאַפּ געטאָן דעם קאַנטשיק און אים געהייסן זיך אויסטאָן. אַדרבא, ער האָט דעם תּלמיד אָנגעקוקט זייער פֿריינדלעך מיט אַ פּאָר גרויסע קלאָרע אויגן. דערנאָך האָט ער געלאַסן אויסגעקעמט מיטן גראָבן פֿינגער די צוגעשוואַרצטע תּאווהדיקע וואָנצעס, נאָך געלאַסענער אַרויסגענומען אַ צאַצקעדיק ביכעלע מיט אַ שנירעלע צווישן די בלעטלעך, און מיט אַ פֿאַרשפּיצטן בלייפֿעדער אַריינ־געשריבן אין ביכעלע מיט אַ געפּערלטן כּתב וויפֿל שמיץ ס׳איז צוגעקומען על חשבון פּלוני־אַלמוני. אויסגעטיילט די שטראָף האָט ער יעדן פֿרייטאָג, דאָס איז געווען זיין פֿאַרגעניגן ווי גיין אין באָד. ער האָט פֿאַרשלאָסן די טיר, פֿאַרהאַנגען די פֿענצטער און אין חדר איז געוואָרן שאַ־שטיל. דער מלמד האָט פֿאַר די

תלמידים געהאַלטן אַ דרשה, אָנגעהויבן מיט אַ פּסוק פֿון דער וואָך־סדרה און פֿאַרענדיקט מיט אויסרעכענען די חטאים פֿון יעדן תּלמיד. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. געשמיסן האָט ער פֿאַמעלעך, מיט קענטיקן נחת־רוח, און דערביי געציילט ווי דער כּהן־גדול ביי דער עבֿודה: אַחת ואַחת, אַחת ושתּים. ער האָט אין עסק אַריינגעצויגן אויך די יינגלעך. ס׳האָבן אים געהאָלפֿן אַ פּאָר חבֿרה־לייט וואָס האָבן אַ ווילע שפּעטער אַליין באַדאַרפֿט אַריינקריגן זייער חלק. משמעות אַז די הנאה צו זען ווי מען שמייסט אַנדערע איז צייטנווייז גרעסער ווי דער ווייטאָג און די בושה פֿון אַליין זיין אַ געשמיסענער. די עלטערן האָבן וועגן דעם ניט געטאָרט וויסן, און קליינוואַרג האָט געהאַלטן סוד. ס׳האָט געלוינט. מען האָט געוואוסט אַז אַ גאַנצע וואָך מעגסטו שטיפֿן, באַדעווען, אָבער פֿרייטאָג געהערט דיין הינטן צום מלמד.

„דער נמשל איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט גלייך אין אַלע פּרטים צום משל. מיין דרדקי־מלמד איז געווען אַ בעל־תּאווהניק און געזעצטער סאַדיסט, בעת צמח לאַמזשער איז אַ ווילדער און היציקער סאַדיסט. ער האָט מיך געשמיסן מיט זיין מוסר־קאַנטשיק, און מיינע תּמעוואַטע חבֿרים, די זעלבע וואָס מיידן מיך איצט אויס, האָבן פֿרום צוגעשאָקלט מיט די קעלבערנע קעפּ אַז זיי זיינען מסכּים.״ משה חייט קוקט צו דער טיר, ווי אין שרעק אַז אויף דער אַנדערער זייט קען זיך עמעץ אונטערהערן. „ביז צמח לאַמזשער איז צוריקגעקומען אין ישיבֿה, האָט ער זיך אָנגעזעטיקט מיט אַלע תּענוגים, בעת מיין וועלטישקייט איז אַ געמאַכטע, מיין חוצפּה אַן אַרויסגעשפּרונגענע. פּרוּוו איך זיך דערנעענטערן צו אַ מיידל, דאַכט זיך מיר אַז זי לאַכט פֿון מיר. אפֿשר לאַכט זי אויף אַן אמת... די תּאוות המישגל פּייניקט מיך.״

„האָט חתונה,״ זאָגט חייקל.

„ס׳וועט ניט העלפֿן,״ רופֿט אויס דער לאַהויסקער, ווי אים וואָלט פֿאַרשאַפֿט גרויס תּענוג וואָס ער קען נקמה נעמען אין זיך גופֿא. „אויב איך זאָל נעמען אַ ווייב און בעת תּשמיש־המיטה ניט מכוון זיין די הייליקע כּוונות; אויב דאָס באַהעפֿטן זיך מיטן ווייב וועט ניט זיין בקדושה וטהרה, ווי אין אַן אויסגעשאָקלטע פֿאַרדבקעטע שמונה־עשׂרה, נייערט איך וועל אויסן זיין די הנאה פֿון מיין גוף — דעמאָלט וועט מיין טיפּה זיין אַ טיפּה סרוחה און מיין צוקונפֿטיקער זון אָדער טאָכטער וועט געבוירן ווערן מיט די בלוטן פֿון אַ ממזר. מחלל זיין יום־כּיפּור האָב איך ניט קיין מורא, זיין אַ כּופֿר־בעיקר האָב איך ניט קיין מורא, איך רייד על השם ועל משיחו, איך בין אַ מסית־ומדיח, אַ מחרף־ומגדף, אַ ירבֿעם בן נבֿט, נאָר חתונה האָבן האָב איך מורא. די דיבוקים פֿון אַלע בעלי־מוסר זינט דורות זיינען אין מיר אַריין און שרייען זייער אייביקן געשריי: מען טאָר ניט! מען טאָר ניט! דערפֿאַר האָב איך די גאַוואַרעדקער אַזוי פֿיינט...״

„איר זייט אַ משוגענער! משוגע לאותו דבר, קעגן נאַוואַרעדאָק,״ גיט זיך חייקל אַ רוק אָפּ פון לאַהויסקער, ווי פון זיינע קעשענעס וואָלטן אַרויסגע־שפּרונגען זשאַבעס.

„ריכטיק, איך בין משוגע אויף נאַוואַרעדאָק,״ לאַכט משה חייט שטיל און אויפגערייצט. „לויטן שולחן־ערוך איז עס דאָס זעלבע ווי לויט די מוסר־ספרים. לעומקא דדינא טאָר מען קיין זאַך ניט, אויב מען האָט ניט דערביי קיין הייליקע כוונה. יעדע הנאה איז אַ חתיכה דאיסורא, אַ שטיק חזיר־פּעטס. אייך איז אָבער דערוויל נאָך זייער גוט. איר קומט קיין נאַרעוועו בלויז אויף אַ פּאָר וואָכן און אַנטלויפט צוריק אַהיים. אין ווילנע לעבט איר אויף אַ גאַס ביי די יאַטקעס, אַזוי האָט איר פּאַראַיאָרן דערציילט. מען קען אַפילו אויף אייער פּנים אָנזען אַז איר וואוינט אויף אַ פלייישיקער עולם־הזה־גאַס און אַז די פלייישיקע עולם־הזה־גאַס וואוינט אין אייך. נאָר פריער אָדער שפּעטער וועט די נאַוואַרעדקער תורה זיך אָפּזעצן אויך אין אייער לייב און לעבן. דעמאָלט וועט דער מוסרניק אין אייך פאַרמאַכן די כשרע יאַטקעס און בלייבן אין אייך וועלן די טרייפע יאַטקעס. איר וועט הנאה האָבן נאָר פון דעם וואָס מען טאָר ניט, ווייל קיין זאַך טאָר מען ניט. וועט איר פּונקט ווי איך הנאה האָבן בלויז פון דער זינדיקייט...״

דעם לאַהויסקערס מויל בלייבט אָפן, דאָס פּנים ציט זיך אים אויס, און זיינע אויגן, דאָפּלט גרויס, קוקן צו דער טיר. חייקל דרייט אויס דעם קאָפּ צום אַריינ־גאַנג און דערזעט דעם וואָלקעניקער מנהל, ר׳ צמח אַטלאַס.

# 6

**דער בעל־תשובה**, ווי מען רופֿט אים אין ישיבה, קומט אַריין אין חדרל. זיין באָרד איז ערטערווייז שוין גראָ, די קויל־שוואַרצע אויגן — נאָך טיפֿער און טרויעריקער, נאָר זיין הויכוואוקסיקער און שטייפֿער געשטעל איז נאָך ניט געבויגן. צמח זאָל ניט האָבן זיך וואו צו זעצן, שפּרינגט משה חייט אַרונטער פֿון געלעגער און פֿאַרכאַפּט דעם איינציקן שטול. חייט טוט אויס די ברילן און באַטראַכט אַנטקעגן עלעקטרישן לעמפּל די ליכט־פּונקטן וואָס טאַנצן אַרום אין די געשליפֿענע גלעזלעך. ער פּלייסט זיך אויסצוזען רואיק, אָבער זיין קינבאַק ציטערט, זיינע שטערן רונצלט זיך פֿון כעס. אויך חייקל איז צערודערט און הערט זיך צו אַ געפּלעפּטער ווי דער וואַלקעניקער מנהל בעט זיך.

„לאָהויסקער, האָט רחמנות אויף אייערע עלטערן. ביים געזעגענען זיך מיט אייך האָבן זיי ביטער געוויינט. דאָך האָבן זיי אייך אָפּגעלאָזט, אייך אויסצוהיטן איר זאָלט אין רוסלאַנד ניט אויסוואַקסן אַ יעווסעק, אַ כופֿר באלקי־ישראל. שטעלט אייך פֿאָר וויפֿל דער לאָהויסקער רב וואָלט געליטן ווען ער דערוויסט זיך אַז איר, זיין זון, זייט אַראָפּ פֿון דרך־הישר."

„איך ווייס אַז ווען ניט איר, וואָלטן מיינע עלטערן מיך ניט אַוועקגעשיקט זיך וואַלגערן אין דער פֿרעמד," טרייסלען זיך ביים לאָהויסקער די ציין אין מויל, ווי ער וואָלט אַרויס פֿון אייז־קאַלטן וואַסער. „ס'קען זיין אַז איר האָט געהאַט באַשלאָסן אַוועקגיין פֿון ישיבה נאָך אין רוסלאַנד. פֿונדעסטוועגן האָט עס אייך ניט געשטערט מיך אַרויסנאַרן פֿון דער היים און פֿאַרשלעפּן קיין פּוילן."

„ניט אמת. איך בין טאַקע שפּעטער געשטרויכלט געוואָרן, גדול עוני מנשוא, נאָר ווען איך האָב אייך געראַטעוועט פֿאַר דער תורה, האָב איך עס געמיינט לשם שמים. אַלע תלמידים וואָס איך האָב דעמאָלט מציל געווען פֿון רויטן שמד זיינען געבליבן ביי תורה. מערניט איר, דער בן־הרב, זייט אַרויס לתרבות־רעה און מאַכט נאָך קאַליע אַנדערע," וואַרפֿט ר' צמח אַ בליק אויף חייקל ווילנער. דער לאָהויסקער ענטפֿערט מיט אַ בייז שמייכעלע אויף די פֿאַרקאַשערטע ליפּן.

„אין רוסלאַנד האָט איר די עלטערן צוגעזאָגט אָפּצוהיטן זייערע קינדער; למעשה האָט איר די קינדער איבערגעלאָזט אויף הפקר. נאָכדעם ווי איר זייט אַוועק אין דער וועלט און רייך חתונה געהאַט, האָט איר זיך קיינמאָל ניט דערמאָנט אַז מען דאַרף דעם לאָהויסקער בן־הרב, צי אַן אַנדער פֿאַרשלעפּטן תלמיד, צושיקן אַ בגד ער זאָל ניט פֿוילן אין זיינע שמאַטעס. דער ראש־ישיבה האָט היינט ביי התעוררות געפּלאַנכעט, אַז די וועלט לעבט אין זכות פֿון צדיק און דער צדיק פֿאַרלאַנגט פֿון דער וועלט גאָרניט. אפֿשר האָט רבי חנינא בן דוסא

זיך באַגנוגנט מיט אַ טאָפּ טרוקענע באָקסער. אָבער אַקוראַט ווי איך וויל ניט אָפּקומען מיט טרוקענע באָקסער און בין רבי חנינאַן מוחל זיין מחיצה אין גן־עדן, אַזוי קענען אויך ניט די אַנדערע נאַוואַרעדקער, כאָטש זיי ווילן, זיך אָפּזאָגן פון אַ ביסל עולם־הזה. זיי זיינען מקנא די בחורים פון דער מיר, קלעצק און ראַדין, ווייל אין יענע ישיבות קריגט מען בעסערע קוואַרטירן, מער חלוקה־געלט און גאַנצע בגדים. אַי־אַי־אַי, אבינו מלכנו, זיינען די מבקשים מתפלל, גוואַלד געשריען, גוואַלד, מיר ווילן זיך אָפּזאָגן פון ברויט און גאַנצע פּלודערן, פון לחם לאכול ובגד ללבוש; זיי ווילן — און קענען ניט!״ טייטלט משה חייט מיט אַ פינגער אויפן דיל, ווי דאָרט וואָלט זיך געפונען אַן אונטערערדישע תפיסה מיט מוסרניקעס. „וויפל מאָל אין טאָג די מבקשים זאָלן זיך אַליין ניט באַגראָבן, אַז דער מענטש איז געקומען אויף דער וועלט צו פאַרזאָרגן זיך און אַנדערע מיט אַן אייביק לעבן, קענען זיי פאָרט זיך ניט אָפּזאָגן פון חיי־שעה איידער זיי טרעטן אַריין אין אייביקן לעבן,״ פאַרררייסט משה חייט דעם קאָפּ צום באַלקן, ווי אויך איבער אים וואָלטן זיך געפונען תפיסה־קאַמערן מיט נאַוואַרעדקער אַרעסטאַנטן. „איך קען אַ קינדער־כאַפּער וואָס זאָגט אַז ער איז געגאַנגען אויף מסירת־נפש פאַר דער תורה. פונדעסטוועגן האָט ער ניט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון אַ פּאָר זאַטע יאָר ביי אַ שווער אויף קעסט און האָט דערפאַר אָפּגעלאָזט אַ שידוך. ניט אַזוי, ר׳ צמח?״

אַן איבערגעשראָקענער קוקט חייקל אויף זיין וואַלקעניקער מנהל וואָס שטייט אינמיטן חדרל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און לאָזט זיך וואַשן. „איר זייט אַ חוצפּהניק, אַ מענטש מיט אַ קופּערנעם שטערן און אַ גזלניש האַרץ. ווען איך וויים פריער וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איר זייט, וואָלט איך מיט אייך ניט געגאַנגען,״ זידלט חייקל דעם לאָהויסקער. נאָר יענער, מיט די הענט אין די קעשענעס, ענטפערט שפּאָטיש.

„איך ברענט וואָס מען האָט אייך באַגעגנט אינאיינעם מיט מיר און איר האָט מורא אַז איר וועט בלייבן אויסגעשטעלט. איר וועט ניט קענען ממשיך זיין פאַראַיאָריקע שמועסן, די נאַוואַרעדקער וועלן מער ניט אַריינפאַלן אין קעלבערנער התפעלות פון אייערע טיפע רעיונות. איר זייט דאָך געקומען ריידן, ניט הערן. דעם אמת וועגן זיך ווילט איר ניט וויסן. און ווער פון די היגע בטלנים פאַרשטייט דען אייך צו זאָגן דעם אמת? איך בין דאָ דער איינציקער בעל־מוסר וואָס פאַרשטייט כוחות־הנפש. זאָג איך אייך, ווילנער, איר זייט אַ שטיק תם, אַן איבערגעאיילטער, אַ צעטומלטער. מען קען אייך לייכט אויפהעצן. מער פון אַלץ זייט איר אַ בעל־חלומות. איר שווימט אין פאַנטאַזיעס און ווילט ניט אַז די נעפּלען אַרום אייך זאָלן צעקריכן. איר שרעקט זיך פאַר איינעם וואָס טוט אייך אַ ברי מיט אַ געדאַנק און פאַריאָגט אייערע איינריידעניש. דעריבער

זייט איר אויף מיר אש־להבה, איך דערצייל אייך מער וויפל איר ווילט וויסן, וויפל איר קענט הערן. נאָר ניט שטענדיק וועט איר קענען בלייבן בלינד, די תורה פון בירור המידות וועט אייך ניט לאָזן זיין בלינד. איר זעט, ווילנער, ווי גוט איך קען זיך אויף כוחות הנפש און אַז איך האָב ממש רוח־הקודש פאָרויס־צוזאָגן דעם עתיד. דאָס באַווייז איך מיין אַמאָליקן ראש־הוועד ווי גרינטלעך איך האָב אויסגעלערנט זיין תורה פון קריכן יענעם אין האַרץ און געדערעם. איצט שטעלט זיך פאַר וויפל איך האָב איבערגעלעבט בעת ער, מיין ראש־הוועד, האָט מיך געפּאַלמעסט, געפערטלט, און איך האָב געמיינט אַז אַלץ וואָס ער זאָגט איז תורת אמת.״

„זיך אַליין האָב איך געפּאַלמעסט און געפערטלט נאָך מער; און אויב איר טוט מיר נאָך, טוט תשובה ווי איך,״ זאָגט צמח אַטלאַס. משה חיים גיט אים אַזש אַ שפּרונג אין פּנים.

„איך גלייב ניט אין אייער תשובה! און איר האָט עס מיך געלערנט קיינעם ניט צו גלייבן. לאָהויסקער, לאָהויסקער, האָט איר צו מיר געשריען, וועגט איר אייערע גוטע מעשים אויף דער וואָגשאָל פון דער תורה? אויב אויף דער וואָג־שאָל וואו איר וועגט אייערע גוטע מעשים איז צוגעקלעפּט אַ זעמדעלע אייגנגוץ, גיט איר אַ פאַלשע וואָג. לאָהויסקער, לאָהויסקער, האָט איר צו מיר געשריען, איר מעגט מקיים זיין אַלע מצוות און מנהגים. האָט איר אָבער דערביי אַ זייטיקע כוונה, וועט מען אויפן עולם־האמת אייך דערלאַנגען אַ זאַק מיט אייערע פאַר־ווערעמטע מצוות. לאָהויסקער, לאָהויסקער, האָט איר צו מיר געשריען, אַז איר זעט עמעצן שטיין מיט אַ טלית איבערן קאָפּ און זיך שאָקלען מיט פאַרגלאָצטע אויגן, קוקט אים נאָך, קוקט אים נאָך, צי אין זיינע פאַרגלאָצטע אויגן ברענט ניט דאָס אומריינע פייערל פון אַ כיטרער אויסרעכענונג. קוקט אים נאָך, צי זיין אויקען און קרעכצן און כאַפּן זיך ביים האַרצן איז ניט קיין פּורים־שפּיל. און קוקט אויך נאָך דעם בעל־תשובה, ווייל ביי אַ בעל־תאווה איז גיסן טרערן און זיין אַ חוזר־בתשובה — אויך אַ תאווה. אָט אַזוי האָט איר געשריען ביי אַ וועד, 'אַ רעדל', 'אַ בירזשע', בעת אונדזערע שמועסן זאַלבעצווייט ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, און איך בין אַ גוטער תלמיד! וואָלט איר צוריקגעקומען פון דער וועלט אַן אויסגעהונגערטער נאָך עולם־הזה, וואָלט איך אייער תשובה אפשר געטרויט. איר זייט אָבער צוריקגעקומען אַן איבערגעזעטיקטער מיט תענוגים, טרוי איך ניט אייער תשובה. כדי אייער כלומרשטע חרטה זאָל אין הימל דערהערט ווערן, ווילט איר אַז איך זאָל זיך פאַר אייך מקריב זיין? איך וויל זיך פאַר אייך ניט מקריב זיין!״

„איך בעט אייך ניט אַז איר זאָלט זיך מקריב זיין פאַר מיר. איך וואָרן אייך אַז איר וועט חרטה האָבן ווי איך האָב חרטה געהאַט.״

„וועל איך דעמאָלט ווערן אַ חוזר בתשובה, דערווייל וויל איך פּרואוון ווי איר האָט געפּרואווט," ענטפֿערט משה חייט, אויסגעבלייכט און איינגעמאַטערט פֿון קריג. „איך ווייס אַז איך האָב ניט קיין מוט צו מאַכן דעם ערשטן טריט אין דער וועלט. נאָר צוריק פֿרום ווערן וויל איך ניט און וועל ניט."

צמח לאָזט זיך גיין צו דער טיר מיט געבויגענע פּלייצעס; באַלד גלייכט ער זיך אויס און דרייט זיך ווידער אויס צום לאָהויסקער. ער טייטלט אויף אים מיט אַ לאַנגן פֿינגער און רעדט מיט אַ דומפּיק קול ווי פֿון אַ קעלער.

„געדענקט, איר וועט חרטה האָבן! גלייך ווי איר וועט אַריין אין קאָך פֿון דער וועלט וועט איר איינזען — מפּי עליון לא תצא הרעות והטוב! אַ מענטש נעמט זיך אַלץ מיט די אייגענע הענט. אויב איר וועט זיך נאָכגעבן בלויז איין מאָל, וועט איר מיט יעדן טאָג זיך נאָכגעבן אַלץ מער און מער, ווי אַ פֿרעסער מיט אַ צעצויגענער קישקע. די ברירה איז אין אייערע הענט בלויז דאָס ערשטע מאָל, כּל־זמן איר קענט נאָך ניט די נסתרות פֿון דער עבירה. טאָמער לאָזט איר זיך אַריינציען און גליטשט זיך אויס איין מאָל, וועט איר ווייטער געשטרויכלט ווערן, ביז איר וועט פֿאַלן און ברעכן רוק און לענד — ווי איך. דעמאָלט וועט איר אַליין איינזען אַז די עבירה און דער עונש בינדן זיך און איר וועט ווערן אַ בעל־תשובה. אָבער ערשט דעם בעל־תשובה איז ביטער ווי גאַל, ווייל ער טראַכט כּסדר וועגן דעם ווי ער האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט, און אַז ער האָט דורך אַ ביסל אָנשטרענגונג בייצוקומען זיינע גלוסטונגען געקענט אויסמיידן די גרויסע יסורים פֿון חרטה. אַזעלכע געדאַנקען זיינען עלול אַראָפּצופֿירן פֿון זינען. דער וועלטישער מענטש, אויב אים גייט זיך עפּעס ניט איין, טראַכט ניט אַז אַלץ קייטלט זיך און אַז דער שולדיקער איז ער. איר אָבער האָט געלערנט מוסר, וועט איר טראַכטן אַז איר און בלויז איר אַליין זייט אין אַלץ דער איינציקער שולדיקער, אָט אַזוי ווי איך טראַכט. בין איך אייך מתרה באַצייטנס, איר וועט חרטה האָבן!"

„איר זאָגט ליגן, איר טראַכט גאָרניט אַז איר זייט אין עפּעס שולדיק, איר זייט געוואָרן אַ כּלומרשטער בעל־תשובה, ווייל איר זייט בטבע אַן אַוואַנטוריסט!" בלייבט משה חייט שטיין אַן אויסגעצויגענער אויף די שפּיץ־פֿינגער און מיט אַ פֿאַרריסענעם האַלדז קעגן זיין הויכוואוקסיקן מדריך. „אין רוסלאַנד האָט איר געפֿירט אַ מלחמה מיט די יעווסעקעס. אין פּוילן האָט איר זיך אַרומגעטראָגן ווי אַ רוח פֿון שטאָט צו שטאָט גרינדן נייע ישיבות. בעת איר האָט ניט געהאַט וואו צו פֿאָרן און געמוזט זיצן אין נאַרעווע, איז אייך געווען טויט־אומעטיק. איר דאַרפֿט שטאַרקע איבערלעבונגען. האָט איר בלית־ברירה זיך אויסגעשטור־רעמט אין פּייניקן די תלמידים וואָס איר האָט מיטגעבראַכט פֿון רוסלאַנד. לסוף האָט אייך דערעסן צו זיין אַ יושב־אוהל און איר זייט אַוועק אויפֿרודערן אַ וועלט.

אָבער דאָס סאַמע גרעסטע גליק האָט אייך געטראָפן ווען איר האָט זיך דערוואוסט אַז אייער ערשטע כלה איז געשטאָרבן. איר האָט זיך אין אַמדור געוואַלגערט אין בלאָטע, כדי אַרויסצוקריגן כלומרשט אַ מחילה ביים מחותן, נאָר געוואָלט האָט איר אַז די וועלט זאָל מיט אייך קאָכן נאָך מער. מהאי־טעמא האָט איר זיך אויך אַוועקגעלאָזט אָפּריכטן גלות און זיך געמאַכט אַ שם פון אַ בעל־תשובה. איך ווייס נאָך ניט ווי לאַנג איר וועט אויסהאַלטן אין אייער נייער ראָל, ווייל אויפן האַרצן איז אייך שטענדיק פּוסט, עס נאָיעט אייך און טרייבט אייך צו זוכן איבערלעבונגען. ניט קיין קנאי און קיצוני זייט איר, ווי די מוסרניקעס מיינען, איר זייט פּראָסט און פּשוט אַן אַוואַנטוריסט!״

אַרום צמחס ליפּן קרייזלט זיך אַ מילדער שמייכל און זיינע אויגן קוקן מיט געלייטערטן אומעט אויפן חוצפּהדיקן תלמיד. ער לאָזט זיך צו דער טיר און חייקל באַגלייט אים. דער לאָהויסקער שרייט שפּאָטיש נאָך דעם ווילנער. „אַ פּאָר וואָכן אין יאָר איז ניט שווער צו זיין אַ מוסרניק. אויף ווי לאַנג זייט איר געקומען? אויף איבער סוכות, ווי פאַראַיאָרן, אָדער דאָס מאָל פאָרט איר צוריק גלייך נאָך יום־כיפּור?״ „דאָס מאָל בין איך געקומען אויפן גאַנצן ווינטער,״ ענטפערט חייקל און גייט איליק אַרויס אָניאָגן זיין וואַלקעניקער מנהל. ביידע שפּרייזן שוויגנדיק דורך די פינצטערע געסלעך, ביז זיי קומען אויף אַ ראָג, באַלויכטן פון אַ לאַמטערן.

„איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט אַז דער לאָהויסקער האָט אַזאַ מויל,״ פאַרענטפערט זיך חייקל. „איך האָב זיך יאָ פאָרגעשטעלט. איך קען אים און ווייס אַז זיין פאַרביטערונג פאַרטונקלט זיין שכל־הישר,״ רעדט ר׳ צמח שטיל און וויגט זיך, ווי ער וואָלט איינגעדרימלט שטייענדיק, אין שפּיל פון ליכט און שאָטן וואָס פאַלט פון גאַס־לאַמטערן. „אויך איר, ווילנער, רעכנט זיך מיט גאָרניט בעת איר ווערט אין כעס. אַזאַ לכל־הפּחות זייט איר געווען אין וואַלקעניק, אפשר זייט איר איצט אַנדערש.״

ביידע לאָזן זיך ווייטער גיין, ביז זיי קומען אָן צום הויף פון קהילה־בנין וואו די ישיבה דאַוונט ימים־נוראים. דורך די גרויסע פענצטער פון באַלויכטענעם פּוסטן זאַל זעט מען איינציקע בחורים זיך שאָקלען איבער מוסר־ספרים, ווי עס שאָקלען זיך אין ווינט איינציקע געבליבענע זאַנגען אויף אַ שפּעט־האַרבסטיקן פעלד. ר׳ צמח קלייבט זיך אַריינגיין אין בנין פון ישיבה וואַך זיין אַ גאַנצע נאַכט. ביים געזעגענען זיך לייגט ער אַרויף זיין האַנט אויף חייקלס אַקסל.

„דער נאַרעוווער ראש־ישיבה ווייס אַז איר האָט געלערנט ביי מיר אין וואַלקעניק. האָט ער היינט נאָך מעריב מיך געפרעגט, ווי קומט עס איר זאָלט זיך חברן מיט אַ לאָהויסקער, און איך האָב אים געענטפערט אַז איר זייט בטבע אַן ערלעכער, איר געטרויט יעדן וואָס גיט זיך אָן פאַר אַ פריינד.״ ער ווערט

אויף אַ ווייל אַנטשוויגן ווי ער וואָלט איינגעדרימלט. באַלד גיט ער זיך אַ טרייסל אָפּ פון באַפּאַלענעם גליוווער און זאָגט חייקלען אַ מאָדנעם 'דערהער'. „מיר האָבן זיך ניט געזען אַן ערך דריי יאָר. דורך אָט דער צייט בין איך געקומען צו דער מסקנא אַז דער יסוד פון אמונה איז רחמנות. ווער עס איז ניט קיין בעל־רחמים איז אַפילו זיין אמונה אין אַ רבונו־של־עולם אין דער בחינה פון עבודה־זרה ממש... גייט, ווילנער, זיך אויסרוען, מאָרגן איז אַ שווערער טאָג פון עבודה און תענית. אויף זיך אַליין טאָר מען אויך ניט זיין קיין אכזר."

חייקל איז טויט־מיד פון אַזויפיל איבערלעבונגען אין דעם קאַרגן מעת־לעת זינט ער איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים. שלעפּט ער קוים די פיס אויף דער סטאַנציע און טראַכט אַז דער מנהל איז געוואָרן לחלוטין אַן אַנדערער. ווי דער לאַהויסקער האָט עס אים געזידלט און ער האָט געשוויגן! דער לאַהויסקער ווייס אַז ער געהערט ניט מער צו דער ישיבה. ער האָט נאָר מורא אַוועקצוגיין. אָבער ער, חייקל, ווייס נאָך ניט וואו ער געהערט, אין ישיבה אָדער אין דער וועלט, איז ער אַ פרייער אָדער אַ פרומער. עלעהיי ער וואָלט געווען אַ בעל־חי וואָס לעבט אי אין וואַסער אי אויף דער יבשה. דאַרף ער בלייבן אַ זמן אין נאַרעווע און זיך קלאָר מאַכן וואו ער געהערט.

# 7

## וואָס פאַר אַ יום־כיפור אַזאַ שמחת־תורה, זאָגט מען

ביי די מוסרניקעס. דער גאַנצער עולם פאַרברענגט מוצאי שמחת־תורה ביים ראש־ישיבה אין שטוב. אין פאָדערשטן צימער איז דער עזרת־נשים. אויפן געדעקטן טיש מיט די אַרויסגעצויגענע קלאַפּעס שטייען קאַראַפינקעס מיט צע־פינקלטן זיסן ווין און טעלער מיט עפּל, פאַררייטלט ווי די באַקן ביי די פרויען אַרום טיש. צווישן די יונגע ווייבלעך אין מאָדישע היטעלעך, אין פאַרצירטע הויבן און מיט שיין־פאַרקעמטע פאַרוקלעך, זעען זיך אויך אָן מיידלשע קעפּ מיט שוואַרצע, בלאָנדע, רויטע האָר, פאַרדרייט אין רעדלעך אויף די פאַטילניצעס און אָנגעשטאָפּט מיט פאַרביקע קעמלעך. דאָס האָבן די רביצנס פון נאַוואַרעדקער יונגעלייט מיטגעבראַכט בעל־הבתישע טעכטער וואָס שטייען אין שידוכים. האַלטן די בתולות אין איין דרייען מיט די קעפּ, פאַרריכטן זיך די צונויפגעבייגלטע צעפּ און פאָכען אויף די צעהיצטע פּנימער מיט שניי־ווייסע שפּיצן־טיכלעך. זיי קוקן זיך אַרום פרעמדלעך, אַ ביסל איבערגעשראָקן, און די יונגע רביצנס מיט די מבינותדיקע בליקן זוכן פאַר זיי חתנים. נאָר די פרומע בחורים שמעקן זעלטן

אַריין אין עזרת־נשים. און מוז שוין אַ בן־תורה דורכגיין דעם חדר אינדרויסן אַרויס, גייט ער דורך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

דער איינציקער וואָס דרייט זיך דאָ אַרום פראַנק און פריי איז דער בילגרייער למדן מיט דער פעטער געלער טשופּרינע און די גרויסע שיטערע ציין. אויף זיין געשטופּלטן פּנים און ברייטער פלײשיקער נאָז ליגט דער ביטול פון אַ קענער, די העזה פון אַן אויסטויגער. ער איז אַ בקי אין אַלע אויסגערופענע רבנישע שידוכים ניט ווייניקער ווי ער איז בקי אין האַרבע קצות־החושנס. דער בילגרייער זוכט אַ מחותן מיט אַ סך געלט, מיט אַ גרויסער רבנות, און וואָס שייך ׳די מצבה׳, ווי ער רופט די כלה, איז ניט שייך צו ריידן. זי דאַרף זיין ניט קיין מיאוסע, לאַוו־דווקא אַ יפהפיה. אָבער אין עזרת־נשים ביים ראש־ישיבה אין שטוב געפינט ער גאָרניט, לחלוטין גאָרניט. דאָך דרייט ער זיך דאָ אַרום, ווייל אין די אַנדערע חדרים מיט די פאַרגלאָצטע מוסרניקעס איז אים נודנע אַפילו שמחת־תורה.

אין צווייטן חדר איז אַ געווימל פון בערד, יאַרמלקעס און קאַפּאָטעס. נאָוואַ־רעדקער יונגעלייט און עלטערע בחורים זיצן אַרום אַן אורח, אַ נאָרעווער בחור וואָס לערנט אין דער מיר און איז אַהיים געקומען אויף סוכות. איז ער מוצאי־יום־טוב אַריין צום נאָרעווער ראש־ישיבה פאַרברענגען. אָבער די נאָוואַרעדקער זיינען אים באַפאַלן ווי די וועלף און פליקן פון אים שטיקער, זאָגן אים אַריין אין דער זיבעטער ריפּ. דער גרעסטער בריה אויף אַריינזאָגן איז זונדל קאָנאָטאָ־פּער, ער גוואַלדעוועט מיט זיין לייבן־קול און טרייסלט מיט דער באָרד ווי שמשון הגבור מיט די לאָקענעס. דער אורח זעט אַז מען וויל אים דאָ צערייסן ווי אַ הערינג. טוט ער תמעוואַטע אַ פרעג וואָס פאַר אַ מסכתא מען האָט דעם פאַרגאַנגענעם זמן געלערנט אין נאָרעוו. „כתובות,״ ענטפערט דער קאָנאָטאָפּער טרוקן און פאַרלירט גלייך זיין לייבן־קול. ער ווייס אַז אין אַ שמועס אין לערנען איז ער אַ פאַרפאַלענער. דער אורח דערציילט אַז אויך אין דער מיר האָט מען דעם פאַרגאַנגענעם זמן גענטאָן אין כתובות און מען איז וואָכן־לאַנג געשטאַנען אויף איין סוגיא. דער בחור ברענגט אַ גמרא און פרעגט אַ קלאָץ־קשיה, דער רמב״ם פסקנט פּונקט פאַרקערט. אַדרבא, זאָלן די נאָוואַרעדקער אַריינזאָגער פאַרענטפערן דעם שווערן רמב״ם.

באותו רגע וואַקסט אויס אין חדר דער בילגרייער למדן. די הענט פאַררוקט אין די הויזן־קעשענעס, בייגט ער זיך אַריבער איבערן טיש און שפּאַרט זיך אָן מיטן גרויסן בויך אויפן קליינוואוקסיקן דאַרינקן קאָנאָטאָפּער, וואָס ווערט פאַרשטומט מיט אַן אַראָפּגעקוועטשטן קאָפּ, אַ דערדריקטער פון דער פלייִשיקער משא אויף זיך. דער בילגרייער ווייזט־אויף דעם אורח אַז זיין קשיה איז קיין קשיה ניט, מעיקרא דדינא פירכא, ס׳איז גאָרניט שבגאָרניט. „וואָס הייסט ס׳איז גאָרניט שבגאָרניט?״ ווערט דער נאָרעווער ילוד און מירער בן־תורה אַן אויפ־

געקאָכטער פון בילגריייערס ביטול אַ סך מער ווי פון אַלע נאַוואַרעדקער שטעכ־ווערטלעך. אַ מינוט שפּעטער שטייען שוין ביידע מופלגים און אַרבעטן מיט די הענט ווי ווינטמילן מיט די פליגל. דער אורח שפּרינגט פון דער הויט אַז נאַרעוווע פאַרדרייט דעם פּשט, נאָר דער בילגרייער מאַכט אויסצודרייען אַלע חידושים פון ישיבת־מיר, זאָגט אַז אַפילו דער כסף־משנה בכבודו ובעצמו האָט ניט פאַר־שטאַנען דעם רמב״ם... און קוקט זיך אַרום: ביידע וואוילערנער זיינען געבליבן אַליין. די מוסרניקעס זיינען זיך צעקראָכן מיט דער וואָרטשעניש פון חיות־רעות וואָס מען האָט ביי זיי אַרויסגעריסן אַ געשמאַקן ביסן פון פּיסק.

„מיט וועמען האָט איר זיך דאָ אָוועקגעשטעלט פאַרהערן אין לערנען, מיט אַט דער כנופיה? זיי קענען דען עפּעס חוץ זיך שליידערן ביים דאַווענען און שרייען אַי־אַי־אַי?" צעלאַכט זיך דער בילגרייער. „טאַקע, טאַקע," שאָקלט דער אורח מיטן קאָפּ. ער זעט אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ בחור אַ למדן. „און וועגן האָט איר באַוויזן?" פרעגט ער. „בעת זיי שרייען איבער די מוסר־ספרימלעך זיץ איך און לערן," פאַרשאַרצט דער בילגרייער די איבערשטע גראָבע ליפּ איבער די גרויסע שיטערע ציין. „פונדעסטוועגן האָט איר די קשיה ניט פאַרענטפערט," קנייטשט דער אורח מיטן שטערן. „אַ דאגה האָט איר! פונקט איצט איז די צייט זיך צו דינגען אין אַ שווערן רמב״ם?" דער בילגרייער נעמט זיך אויספרעגן וויפל אַזאַ בחור ווי ער קריגט חלוקה אין דער מיר, און וואָס הערט זיך מיט שידוכים, וואָס הערט זיך? צו די נאַוואַרעדקער אין נאַרעוווע קומען ניט קיין גרויסע רבנים און רייכע בעלי־בתים זוכן אַ חתן. אַהער קומען אונטער־שמשים כאַפּן מציאות פאַר פאַרזעסענע טעכטער.

די הענט פאַרלייגט אַהינטער אויפן סטאָן פון סורדוט, שפּאַנט דער ראש־ישיבה פון חדר צו חדר. ר׳ שמחהס פּנים איז ראָזלעך פריש, די גאָלדענע באָרד פינקלט, די העל־בלויע אויגן בליצן. אין וועלכן חדר ער באַווייזט זיך, ווערט גלייך פאַר אים אַ דורכגאַנג אין דער ענגשאַפט. ער קומט אַריין אין מיטלסטן חדר וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט יינגערע, זיין בליק פאַלט אויף חייקל ווילנער. אין ר׳ שמחהס אויגן צינדט זיך אָן אַ געהיים פייערל פון אַ באַהאַלטענעם שטי־פער. זומער־צייט אויף דאַטשע שווימט ער און לייגט קלאַפּטער בעסער פון אַלע ישיבה־לייט וואָס באָדן זיך מיט אים אינאיינעם. דער ראש־ישיבה קוקט זיך אום און נעמט זיך מעשה געשייטער קונדס אונטערגנבענען צום ווילנער.

אויף דעם גאַנצן יום־טוב סוכות האָבן חייקלס פריערדיקע חברים זיך געהאַלטן מיט אים פון ווייטן. זיצט ער צווישן צעהוליעטן עולם און טראַכט אַ פאַראומערטער אַז ער האָט אין נאַרעוווע שלעכט אָנגעהויבן, ער וועט דאַרפן צוריקפאָרן אַהיים. חייקל זעט זיך שוין ווי ער גולמט ווידער איינער אַליין אין גרויסן פוסטן פּאָפּלאַווער בית־מדרש אין ווילנע. פלוצעם דערפילט ער אַ שאַרפן

ווייטאַגדיקן קניפּ אין מוסקל פון רעכטן אָרעם. ער גיט זיך אַ דריי־אויס מיט כעס, גרייט צו געבן אויסגאָב דעם חוצפּהניק וואָס קנייפּט אים מעשה חדר־ייִנגל. די בחורים זינגען און טאַנצן פאַרדבקעטע, קוקן אַפילו ניט אויף אים. ווער זשע האָט עס געטאָן?

בלויז דער ראש־ישיבה וואָס איז אים אָקערשט פאַרבייגעגאַנגען קוקט אויף אים מיט אַ פריילעכן שמייכל און אין דער זעלבער צייט צופּט ער זיך אַ וואָנץ מיט קענטיקן פאַרדראָס, ווי איינער רעדט: אַ שייגעץ ביסטו און שמיץ קומט דיר, אלא כשאני לעצמי האָב איך ליב אַ בחור אַ שייגעץ. חייקלען ווערט לייכטער אויפן האַרצן, ווי ר׳ שמחה וואָלט אים מיטן קניפּ געעפנט אַ בלאָטער. ער שטופּט זיך דורך דורכן עולם צום ראש־ישיבה און דערציילט אים אַז ער וויל דעם קומענדיקן ווינטער לערנען אין נאַרעווע. אויך זיין רבי, דער מחזה־אברהם, וויל אַז ער זאָל בלייבן אין ישיבה. „מילא,“ ענטפערט ר׳ שמחה קאַלט נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן און גיט צו אַ ביסל פריינטלעכער: „וויבאַלד דער מחזה־אברהם פאַרלאַנגט עס, וועלן מיר זען.“ אומגעריכט צעלאַכט ער זיך און טוט כיטרע אַ פינטל מיט די העל־בלויע אויגן. ער האָט משמעות הנאה וואָס דער ווילנער האָט צוגענומען דעם ווייטאָגלעכן קניפּ און פאַרשוויגן. אַן אויגנבליק שפּעטער ווערט ער ווידער ערנסט און גלעט פּאַמעלעך די לאַנגע, שמאָלע, גאָלדענע באָרד ביז ער קומט צו איר שפּיץ. „תורה קענט איר דאָך שעפּן ווי פון אַ ברונעם ביים מחזה־אברהם, אלא אייער רבי איז אויסן איר זאָלט זיך געפינען אין אַ סביבה פון גוטע חברים,“ פאַרענדיקט ר׳ שמחה פיינערמאַן דעם שמועס און דער גייער אָנגענומענער תלמיד פאַרשטייט דעם רמז אַז ער זאָל זיך מער ניט חברן מיטן לאָהויסקער.

אויפן ראש־ישיבהס אַ וואונק ווערט חייקל גלייך אַרומגערינגלט פון זיינע פאַראַיאָריקע ידידים. יאַנקל פּאָלטאַווער, שיין, שטאַרק און ווילד ווי אַ יונג פערד אין סטעפּ, בעט זיך איבער מיטן ווילנער דורך אַ געגראַמט ווערטל. „אַ מענטש דאַרף קענען אויסהערן זיין אייגענעם חסרון, אויב ניט איז ער אַ שוטה און פאַרלאָרן.“ זונדל קאָנאָטאָפּער כאַפּט אָן חייקלען ביי דער האַנט. „קומט, ווילנער, טאַנצן. וטהר לבנו, וטהר לבנו לעבדך, לעבדך באמת!“

די ישיבה־לייט, צעפּאַלענע אין די ווינקלען טויט־מידע פון פריערדיקן טאַנץ, שטעלן זיך ווידער אויף און נעמען זיך אָן ביי די הענט. זונדל קאָנאָטאָפּער גייט בראש און פירט די ׳קייט׳ אַריין אין זייטיקן חדר, וואו דער בילגרייער און דער אורח פון מירער ישיבה שטייען נאָך און שמועסן. יאַנקל פּאָלטאַווער גיט זיי ביידן אַ כאַפּ מיט זיינע אייזערנע הענט — און דער בייכיקער געל־האָריקער בילגרייער, ווי אויך דער מירער בן־תורה מיטן גומענעם קראַגן און די שעפּסענע אויגן, דרייען זיך שוין אין טאַנץ, געגליכן צו צוויי שפּענדלעך

אין אַ שטראָם. דער קאַנאַטאָפּער גייט וויטער בראש פון דער קייט פון חדר צו חדר און פּאַנגט־אויס ווי מיט אַ נעץ אַלע בחורים און יונגעלייט. די שורה ווערט אַלץ לענגער און שלענגלט זיך דורך די דורכגאַנגען און קאַמערן, ביז זי קומט אָן אין פאָדערשטן ווייבערשן חדר.

די בעל־הבתישע טעכטער וואָס זיינען געקומען אָנקוקן חתנים זיצן פאַר־לאַנגווייליקט, אַ בחור באַוויזט זיך ניט, מען זאָל זאָגן, אויף אַ רפואה. דערזען די אַריינגעטאַנצטע וואויללערנער, ווערן די מיידלעך אויפגעלעבטע און נעמען זיך רייטלען. דער בילגרייער טאַנצט פאַרביי מיטן בויך פאָרויס, די אַקסל אויס־געבויגן אַהינטער און די האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן קוקן מיט גרינגשאַצונג אויף די נאַרעוועוער כלות, כאילו ער וואָלט געבלעטערט אַ חיבור פון עפּעס דאָרט אַ מחבר וואָס פאָרט אַרום איבער דער וועלט פאַרקויפן זיין ספר מיט בעל־הבתישע סברות, מגידישע דרשות. הינטערן בילגרייער בושעוועט יאַנקל פאַל־טאַוועוער, זעצט מיט די פיס אין דיל ווי מיט לאָמען און זינגט — די ווייבער גלייך אין פנים אַריין, ער ווערט ניט נתפעל פאַר ׳די געגנדז׳. נאָר די נאַרעוועוער כלות פאַר אים ווערן אויך ניט נתפעל. זיי ווייסן אַז כאָטש יאַנקל פאַלטאַוועוער איז אַ בילד־שיינער בחור, איז ער אָבער אַ פּרא־אדם און טראַכט איבערהויפּט ניט פון חתונה האָבן. דער בילגרייער טראַכט דווקא יאָ און איז אויך אַ געזעצטער מענטש. מען זאָגט אַז ער איז אַ גרויסער למדן און מען קען טאַקע אויף אים אָנזען אַז ער איז אַ קלוגער. וויל ער מען זאָל אים אָפּגילטן, כאָטש שיין איז ער ווי אַ מאַלפּע. אויפן ישיבה־בחור פון דער מיר לייגן די מיידלעך בכלל קיין אַכט ניט, ער איז אַ געבוירענער אין נאַרעווע און מען קען אים אין שטאָט פאַר אַ קנאַפּן חכם. אַפילו לויט זיין טרעטן געלאָסן און שאָקלען מיטן קאָפּ ווי אַ באָק מיט דער באָרד, זעט מען באַשיימפּערלעך ווי קלוג ער איז. זוכן די בעל־הבתישע טעכטער וויטער, אַ טייל מיט פאַרגנבעטע בליקן, אַ טייל מיט צוקער־זיסע שמייכלען אויף די פנימער, און ס׳העלפן זיי זוכן די יונגע רביצנס, גרויסע קענערקעס אין דער פּראַקטיקע פון שידוכים. נאָר פון מינוט צו מינוט ווערן די נאַרעוועוער כלות מער געקרענקט און ברוגז: די בחורים טאַנצן מיט פאַרמאַכטע אויגן און קוקן ניט אין זייער זייט.

אין איינעם פון די ליידיק־געבליבענע חדרים זיצט אויף אַ קאַנאַפּע צמח אַטלאַס און אָטעמט שווער. אים דריקט דער געדאַנק אַז אויב ער קען זיך ניט מיטפרייען מיט דער שמחה פון דער תורה, איז אַ סימן אַז ער איז נאָך אַלץ ניט קיין פולער מאמין. ווער ווייס צי זיין חרטה און תשובה איז ערלעך, אפשר איז געערכט דער לאָהויסקער וואָס גלייבט ניט אין זיין תשובה. צמח דערזעט צווישן די ליידיקע פלעשער אויפן טיש אַ פלאַש וואָס איז נאָך ביז אין דער העלפט מיט בראָנפן. אַרום שטייען קליינע קעלישיקלעך פאַר משקה און טיי־גלעזער פאַר

סאָדע־וואַסער. אָבער ער גיסט אָן אַ טיי־גלאָז מיט שנאַפּס און טרינקט אויס מיט איין צי, איידער עמעץ באַוויזט זיך אין חדר. ער שעמט זיך פאַר זיך גופא וואָס ער טרינקט אויפן שטייגער פון אַ שיכור, נאָר ער וויל באַדיי מיט גוואַלד ווערן אַ ביסל פריילעכער. ער דערפילט אַ ברענעניש אין קעל, אין די קישקעס, אַ גליווערניש אין מוח ווי אין קאַלטן פּוסטן פּאָליש הינטער פאַרשלאָסענע טירן. אין חדר וויקלט זיך אַריין די שורה ישיבה־לייט און דאָס מאָל לאָזט זיך צמח מיטשלעפּן — מיט אָפּגענומענע פיס, פאַרטונקלטע אויגן און אַ שטעכעניש פון שפּילקעס אין די שלייפן. די לערנער קומען ווידער אַריין אין ווייבער־חדר, די קייט דרייט זיך אַריין אַ רינג אין אַ רינג, בחורים נעמען איינע די אַנדערע אַרום ביי די אַקסל און טאַנצן, זינגען.

מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען, ווי דער מרה־שחורהדיקער און שלאַנקער מלך שאול, אַזוי שטייט צמח אַטלאַס אינמיטן פון די צונויפגעפלאָכטענע טענצער און שאָקלט זיך מיט — אַן אָפּגעריסענע טיר וואָס איז געבליבן הענגען אויף איין זאַוויעסע. די פרויען ווייסן די געשיכטע פון זיין לעבן און נעמען פון אים די אויגן ניט אַראָפּ. זיי הערן אויף פלאַפּלען צווישן זיך און שושקען זיך ניט מער. פון בעל־תשובהס הויך־מאַנסבילשן וואוקס, שאַרפער נאָז און שוואַרצע אויגן, וואו עס שפּילט שוין די אויסגעטרונקענע משקה, דערפילן די יונגע פרויען אַ היץ אין די נאַקנס. די קאָלירן אין זייערע באַקן בייטן זיך. צמח זעט דעם איינדרוק וואָס ער מאַכט און זיינע שוואַרצאַפּלען צעגליִען זיך. פון הינטער דער צעוואַקסענער באָרד בליצן אים די ציין אין מויל. ער גלייכט זיך אויס און אָטעמט טיף, אַלע אברים אין אים ווערן אָנגעשפּאַנט. פּלוצעם דערמאָנט ער זיך אין עפּעס, טוט ער אַ ציטער און פאַרשליסט אויף אַ מינוט די אויגן.

אין די יאָרן פון זיין נע־ונד האָט ער ניט איינמאָל געטראַכט אַז דעם אומחן אויף זיין אַמדורער כלה האָט ער נאָך געוואָרפן אויף די תנאים מיט איר. ער האָט דעמאָלט געקוקט אויף די שטעטלשע מיידלעך און דערזען אַז אַ סך פון זיי זיינען שענער פון זיין כלה און אויך ער געפעלט זיי, ער דאַרף ניט זיין ביי זיך געפאַלן. אָט פון יענעם זיך איבערקוקן מיטן ווייבערשן טיש האָט זיך אָנגע־פאַנגען זיין חרטה אויפן שידוך מיט דבורהלע נאַמיאָט, ביז ער האָט אָפּגעשיקט די תנאים. אויך איצט קוקן אויף אים אַ טייל פרויען מיט פאַרשייטע אויגן און קרימען מיט די ליפּן, ווי זיי וואָלטן אָפּגעשפּאָט פון זיין פייניקן זיך אין פרישות. און ער ווערט שוין ווידער פאַרגאַפט ווי אַמאָל פון פייכטע בלישטשענדיקע שוואַרצאַפּלען, פון שטייף־אָנגעצויגענע בלוזקעס, פון שוואַרצע מיידלשע האָר, פון גלאַטע ווייסע שטערנס ביי יונגע ווייבלעך. ער פילט אַז נאָך אַ מינוט — און ער וועט זיך צעלאַכן ווי אַ שד הלמאי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלץ וואָס מאַכט דאָס לעבן זיס. ער איז שוין געשטאַנען מיטן פוס אויפן גאָרגל פון זיין יצר־

הרע און שׂטן; איצט האָט דער יצר־הרע אים אויפסניי אָנגעכאַפּט ביים גאַרגל. משה חייט האַלט אים פאַר אַ פּאַרשוין וואָס דאַרשט נאָך אַוואַנטורעס. אָבער מער פון אַלץ איז ער קענטיק נאָך אַלץ ניט זיכער צי ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. בלויז דער וואָס גלייבט ניט אַז עפּעס איז נאָך דאָ אויך אויף יענער זייט פון לעבן, קען זיין אַזאַ בעל־תאווה און גלוסטן ווי ער נאָך עולם־הזה.

וואָכן־לאַנג שפּעטער האָט מען נאָך אין נאַרעווע גערעדט וועגן דער סצענע ביים ראש־ישיבה אין שטוב מוצאי־שמחת־תורה. דער בעל־תשובה האָט צעכראַס־טעט אויף זיך דאָס העמד, צעפּלאָכטן און צעשויבערט באָרד און פּאות. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם סורדוט, אויסגעקערט די אַרבל אויף דער לינקער זייט און דעם סורדוט צוריק אָנגעטאָן מיטן אונטערשלאַק אַרויף. אַרויסצורופן נאָך מער טומל און געלעכטער ביי די ווייבער, האָט ער די עקן פון דער געהאַק־טער קאַפּאָטע אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ און זיך גענומען דרייען געשווינד, געשווינד, ביז זיין גרויסער וואָלענער טלית־קטן מיט די לאַנגע ציצית האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ לופט־באַלאָן. די טענצער זיינען זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן און ער איז געבליבן אַליין אינמיטן חדר — אַ געווירבל פון הענט און פיס.

די פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט פאַרוואונדערט, מיט ווידערווילן און שרעק. זיי וואָלטן זיך צעלאָפן פון שטוב, נאָר זיי האָבן געזען אַז די אַנדערע ישיבה־לייט שטייען רואיק אַרום, פּאַטשן־צו מיט די הענט און זינגען. בלויז דער נאַרעווער ילוד וואָס לערנט אין דער מיר האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, און דער בילגרייער האָט זיך געקרימט פון עקל. דעם בעל־תשובה איז עס געווען ווייניק, ער האָט קענטיק געוואָלט עס זאָל קערן פון אים די גרינע גאַל. האָט ער דאָס העמד אויף זיך צעכראַסטעט נאָך מער, געמאַכט מיטן פּנים משונהדיקע העוויות און אַרויסגעלאָזט ווילדע הייזעריקע קולות. לכתחילה האָבן די ווייבער שטיל געכיכיקעט און באַלד אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הילכיקן געלעכטער, געקווי־טשעט, טרערן זיינען זיי גערונען פון די אויגן. זיי האָבן איינע די אַנדערע געשטויסן מיט די עלנבויגנס, זיך געבויגן איינדרייען און זיך צוגעהאַלטן מיט די הענט די פּנימער, זייערע באַקן זאָלן ניט אַרויסשפּרינגען פון צופיל כאַכאַטשען מיט אויפגעפּראַלטע מיילער.

„ער איז שיכור אָדער ער איז משוגע געוואָרן?"

חייקל האָט געוואוסט אַז דאָס רופט מען אין נאָוואַרעדאָק 'אַ פּרט אין צעשאַרן זיך'. בעת אַ בעל־מוסר דערפילט אַז דער יצר־הרע איז אויף אים שולט און שלעפּט אים צו זינד, פּאַרמיאוסט ער זיך מיט אַ כיוון אין אַלעמענס אויגן, כדי די וועלטישע זאָלן אים פון זיך אָפּשטויסן, אים אַריינלאָכן אין פּנים און ניט צולאָזן צו זייער טרייפענער עולם־הזה. דעריבער זיינען די נאָוואַרעדקער ישיבה־לייט געשטאַנען רואיק אַרום און צוגעפּליעסקעט מיט די הענט. אָבער חייקל

האָט געבערענט פון חרפה, ער האָט ניט געקענט צוזען ווי זיין וואַלקעניקער מנהל איז זיך מבזה. האָט ער זיך צו אים צוגעשטופּט און זיך גענומען בעטן.

„ר׳ צמח, וואָס טוט איר? ס׳איז אַ חילול־השם!״

מיט אַ בלאַס שווייסיק פּנים און מיט אַ נאַסער צעפּלאָשעטער באָרד, האָט צמח אויף אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט און צעעפנט אַ פּאָר גרויסע פאַרטראָגענע אויגן. ער האָט חייקלען אַרומגעכאַפּט מיט ביידע אָרעמס, צוגעדריקט צו זיך און אין אים אַריינגערעדט מיט אַ געבראָכן קול, אָנגעזאָפּט מיט טרערן. „זינגט מיט מיר אינאיינעם וטהר לבנו!״ ער האָט ווידער גענומען טאַנצן, נאָר זיינע אָפּגעשלאַפטע פיס האָבן זיך שוין געפּלאָנטערט. אין דער מינוט האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן די תלמידים פון זיין אַמאָליקן וועד. הינטער זיי זיינען צוגע־שפּרונגען נאָך אַנדערע בחורים. הענט האָבן זיך ווידער פאַרפּלאָכטן אויף אַקסל, פיס האָבן געטופּעט אין דיל.

„אַ חילול־השם איז בעת בחורים גייען שבת אין גאַס און רייכערן, אָבער ווען די גאַס לאַכט פון בני־תורה איז עס אַ קידוש־השם,״ האָט זונדל קאָנאָ־טאָפּער געשריען צום ווילנער. „מען דערגרייכט אַמאָל אַ העכערע מדרגה דורך אַ רקידה ווי דורך ווידוי,״ האָט געגוואַלדעוועט אַ צווייטער. „מען דאַרף קענען לערנען מוסר מיט התפּעלות ביים טאַנצן און דורך טאַנצן,״ האָט געזאָגט אַ דריטער. „מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסרייסן די וועלט פון זיך!״ האָט יאַנקל פּאַלטאַווער אַ דונער געטאָן און אַריינגעשטורעמט אין סאַמע מיטן פון צונויפגעפּלאָכטענעם עולם. פון די אינעווייניקסטע חדרים איז אַרויס דער ראש־ישיבה און צוגעהאָלפן זינגען. די בעל־הבתישע טעכטער האָבן אויפגעהערט לאַכן, די יונגע רביצנס האָבן געפּאַטשט מיט די הענט און די מאַנסלייט האָבן געזונגען אַלץ העכער, אַלץ דבקותדיקער נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, וטהר לבנו, וטהר לבנו לעבדך, לעבדך, לעבדך באמת.

# 8

**יאַנקל פאָלטאַווער**, פון ר׳ צמחס אויסגעוואַקסענע תּלמי־דים, איז צווישן נאַוואַרעדקער אַ שם־דבר. בעת ער יאָגט זיך אינדערפרי צום דאַווענען, טוט ער אויס דעם מאַנטל נאָך אינדרויסן און דער מאַנטל פליט אַריין אין בית־מדרש נאָך פאַר אים, קרייזלט אין דער לופט און זוכט אַן אָרט וואו אַראָפּצופאַלן. נאָכן דאַווענען דערטאַפּט יאַנקל אַן איבער־בגד, שלעפּט אים פאַרן קאָלנער איבער דער פאָדלאָגע און טוט אים אָן ערשט אויף דער דריטער גאַס. אויף מאָרגן קומט צו אים אַ חבר מיט אַ טענה אַז ער האָט אַוועקגעשלעפּט זיין נייעם מאַנטל. יאַנקל גיט גלייך אָפּ, נאָר דער מאָנער בלייבט אָן לשון. אין איין טאָג איז דער מלבוש געוואָרן צעקנאָדערט און פאַרשלומפּערט ווי אַרויסגעשלעפּט פון מיסטקאַסטן.

דאַרף מען אָבער ערגעץ־וואו גרינדן אַ ישיבה־קטנה און מען שיקט אַרויס יאַנקלען, גיט ער זיך אַ פּוץ־אויס, ביט צו דערקענען. ער געדענקט געניי ווער פון די עלטערע בחורים האָט אַ שיינעם אָנצוג, ווער אַ פּאָר ברוינע שיך, ווער אייבערהעמדער און שניפּסן. ניט אויסלייען אַ בגד וועט זיך אַ בעל־מוסר שעמען, בפרט אַז יאַנקל קען נאָך אַ זאָג טאָן אַז בעת ׳אַנדערע׳ קלייבן מלבושים אויף אָנקוקן כּלות און טראַכטן בלויז וועגן זיך, איז ער אַ מזכּה־הרבים, אַן עוסק בצרכי־ציבור. ליַיט מען אים די בגדים מיט אַ שווער געמיט און מען ציטערט ער זאָל ניט צוריקברענגען שמאַטעס.

אַ שעה פאַרן אַרויספאָרן באַווייזט זיך דער פאָלטאַווער אין בית־מדרש אַן אויסגעפּוצטער, אַפילו מיט אַ פּאָר אויסגעפּרעסטע זאַמשענע הענטשקעס אויף די הענט. ער גייט זיך דורך צווישן די בענק גאָר געלאַסן, דאָס מאַכט ער פּראָבע ווי מיושבדיק ער וועט זיך האַלטן אין שטעטל. פאַרפאַלן, פאַר בעלי־בתּים מוז ער טראָגן אַ שניפּס מיט אַ קראַגן ווי אַ פערד טראָגט אַ כאָמוט, אָדער ווי אַ הילצערנער צי גיפּסענער גולם וואָס מען טוט אים אָן אַ נייע מאָדע און מען שטעלט אים אַרויס אין פענצטער אַריינצונאַרן קונים. יאַנקל זאָרגט זיך, ער האָט ניט קיין געלט אויף אַ באַן־בילעט. נאָך אַריינטראַכטן אַ פּאָר מינוט אין זיין מצב מאַכט ער דעם פאַרקערטן אויספיר: אָן אַ בילעט איז נאָך געהויבענער, בטחון אָן השתדלות! ער פאַרקריכט ניט אין באַן אונטער אַ באַנק; ער טראָגט זיך פון וואַגאָן צו וואַגאָן ווי אַ רוח, ביז ער שטויסט זיך אָן מיטן קאָנטראָליאָר פּנים אל פּנים. גיט אויף אים יאַנקל אַזאַ קוק און קוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט אים שוין באַוויזן דעם בילעט אַ מאָל צען, און דער ערל טרעט אָפּ מיט אָפּשיי פאַרן יונגן פריץ מיטן שיינעם פאַרריסענעם אויסזען.

צוריק פון דער נסיעה קומט יאַנקל קרוע־בלוע, נאָר באַקרוינט מיט נצחון. ער האָט אין שטעטל געמאַכט אַ ישיבה־קטנה און נאָך געבראַכט פאַר דער נאַרע־ווער ישיבה־גדולה זעק מיט קאַרטאָפל, מעל, גרויפּנס, אַ באַלייע פיש, אַמאָל אויך געלט. דולדעט מען אין נאַרעווע זיינע ווילדע שטיק און דער ראש־ישיבה האָט בשתיקה אַפילו הנאה פון יאַנקלס שטיפעריייען. נייערט דעם פאַרגאַנגענעם זומער האָט ער אָפּגעטאָן אַ שקאָצעריי וואָס האָט דער ישיבה פאַרשאַפט חרפּות און דער ראש־ישיבה האָט אים געמוזט אויסריידן: לא זו הדרך!

זומער־צייט פאָרן די שלאָפע בחורים אויף דאַטשע אין וואַלד אַרום נאַרעווע. איז דער פאַלטאַווער אַראָפּגעקומען אויף אַ פּאָר טעג צו גאַסט צו חברים. אָן אַנדערער אויף זיין אָרט לייגט זיך אַריין אין האַמאַק און הוידעט זיך פאַמעלעך, אָדער קוקט אַריין אין אַ ספרל און כאַפּט אַ דרימל. ניט אַזוי יאַנקל. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן סאַמע שפּיץ פון אַ הויכער סאָסנע, מיט די שטאַרקע פיס זיך איינגעקלאַמערט אין די צווייגן און איז אַראָפּגעהאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ ווי אַ גרויסע שישקע. ער האָט נאָר מיט ביידע הענט צוגעהאַלטן די יאַרמלקע, זי זאָל אים ניט אַראָפּפאַלן פון פּאַטילניצע, און גענומען לערנען מוסר מיט אַ קול וואָס האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן וואַלד: עיקר היות האדם הוא רק בשבירת המידות, ואם לאו למה לו חיים. די קרענקלעכע דאַטשניקעס, מאַנסלייט מיט צעטרייסלטע נערוון און ווייבער מיט אָנגעבלאָזענע בייכער, האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי אַז זיי קענען עס ניט צוזען. ערשט דעמאָלט איז יאַנקל אַרונטערגע־קראָכן פון בוים, פלינק און געשיקט ווי אַ וועווערקע. ער האָט זיך פון דער שטיפעריי ניט געקענט אויסקויפן און געמוזט אַוועק פון דאַטשע. מיט דער מעשה האָט געקאָכט נאַרעווע און דער אַפּיקורס משה חייט לאַהויסקער האָט אין קיך ביים עסן געדרשנט.

„דאָס איז די תורה פון מוסר, הענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ איבער אַן אָפּגרונט און צוהאַלטן מיט ביידע הענט די יאַרמלקע, זי זאָל ניט אַראָפּפאַלן. יאַנקל פּאָל־טאַווער איז טאַקע אַ געבוירענער ווילדער. ער האָט אָבער אויך געהאַט פאַר אַ רבין צמח לאָמזשער וואָס האָט אים געגעבן אַ הכשר אויף ווילדעווען."

די בני־תורה האָבן אויף זייער שטייגער דעם לאַהויסקער פאַרשוויגן, אים ניט צו געבן אַן אויסרייד אויף נאָך מער לעסטערן. זיי האָבן זיך נאָר איבער־געקוקט נבהל־ונשתומם פון זיין חוצפּה. אַ מענטש שמעקט ניט אַריין אין ישיבה, דאָך קומט ער אין קיך צום עסן און לאַכט נאָך אָפּ פון קיבוץ וואָס לאָזט אים ניט אויסגיין פון הונגער.

יאַנקל פּאָלטאַווער פירט שוין אַ וועד פון ערשטע פאַרזיכניקעס, בר־מצווה־בחורימלעך. פון דער נאַוואַרעדקער תורה געפעלט אים מער פון אַלץ דאָס טאָן אויף אמיצות, ניט נתפּעל ווערן פאַר דער וועלט, און צו זיינע תלמידים רעדט

ער: ס׳טויג ניט, מורי ורבותי, ס׳טויג ניט. די וועלט ווערט מער ניט אויפגע־בראַכט פון אונדזער הנהגה. צווישן בית־מדרש און דער גאַס דאַרף זיין אַן אייביקע מלחמה, ווי צווישן די בני־ישראל און עמלק. מיר דאַרפן געדענקען אַז פונקט ווי יידן וואָלטן צווישן די אומות־העולם ניט אויסגעהאַלטן אָן אַ באַזונ־דערער תורה, אַזוי וואָלטן נאָוואַרעדקער ניט אויסגעהאַלטן צווישן סתם יידן אָן אַ באַזונדערער הנהגה. מיר דאַרפן זיך ריכטן אויף אַ סך נסיונות אין לעבן און באַצייטנס זיך לערנען ווי די נסיונות בייצוקומען. וואו וועט דער נאָוואַרעדקער נעמען כוח זיך ניט צו שעמען לייגן תפילין אין באַן, בעת די אַרומיקע מיטפאָרער וועלן הירזשען ווי די פערד? און אַז ער וועט נאָך דער חתונה ווערן אַ ראש־ישיבה אין אַ קליין שטעטל, ווער וועט אים שטאַרקן ניט נתפעל צו ווערן פאַרן רב און בעלי־בתים? ווער רעדט נאָך אַז דער נאָוואַרעדקער וועט נעבעך אַליין מוזן ווערן אַ רב ביי בעלי־בתים, אוי ואבוי צו אים, וואו וועט ער נעמען כוח צו זאָגן אַ תקיף דעם אמת גלייך אין פנים אַריין? צו דעם איז לערנען גמרא און אַפילו לערנען מוסר ניט גענוג. דאַרפן מיר זיך געוואוינען מבטל זיין די וועלט בתכלית הביטול. ביי אונדז אָבער איז צו־שטיל, מורי ורבותי.

נאָך אַזאַ שמועס צעוואַרפן זיך יאַנקלס תלמידים אין די ווינקעלעך, לערנען אַ פערטל שעה מוסר מיט התפעלות און לאָזן זיך נאָכדעם אַרויס איבער נאַרעווער גאַסן מיט די ציצית ביז די פיאַטעס, אין יאַרמלקעס אַנשטאָט אין היטלען — אַ וועלט זאָל לאַכן! און נאַרעווע לאַכט טאַקע. נאַרעווע זאָגט אויף זיך אַז זי איז קליין־פאַריז, אַזוי גייען דאָרט יונגען און מוידן אויסגעפּוצט. אין שטאָט זיינען אויך פאַראַן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. און אַז די יונגע מוסרניקעס ווייזן זיך אין גאַס אין זייער משונהדיקן הילוך, שרייען אַרבעטער זיי נאָך: „אומזיסטע פרעסער!" שטוב־שניידערקעס און פאַבריק־אַרבעטערינס לאָזן אויף אַ ווייל שטיין זייערע בחורים און רייסן זיך אַריין צווישן די לערנער, וואָס נעמען זיך טוליען איינע צו די אַנדערע פאַרלאָרענע, צעטומלטע. די מוידן ווייסן אַז אַ קלויזניק טאָר ניט אַנרירן אַ פרעמדע פרוי, לאַכן זיי פון די כניאָקעס און כאַפּן זיי מיט אַ כיוון פאַר די הענט. אין דער מינוט וואַקסט אויס יאַנקל פּאָלטאַווער, ער גייט די גאַנצע צייט פון הינטן כדי ניט צו לאָזן די תלמידים אַליין מיט דער וועלט — און די חצופות נעמען זיך קייקלען ווי רויטע פּאָמידאָרן, אויסגעשעפּטענע פון אַ קאָרב. צעשויבערטע און אַרומגעפליקטע, קוקן די מוידן אויפן שיינעם שטאַרקן יונג וואָס האָט זיי צעשליידערט אין אַלע זייטן. ניט צו קומען אויף לייטיש געלעכטער, טרעטן זיי אָפּ אינאיינעם מיט די קאַוואַליערן. נאָך אַזאַ נצחון, שיקט יאַנקל פּאָלטאַווער זיינע תלמידים אויף נאָך אַ גרעסערער פּעולה אין אמיצות. זיי קומען אַריין אין אַן אַפּטייק און פרעגן תמעוואַטע דעם אַפּטייקער צי ער האָט ניט צו פאַרקויפן נאַפט, שוועבעלעך, קעסטלעך אייזערנע טשוועקעס.

דער אַפּטייקער טשוכעט זיך, ער ווייס ניט צי די יונגינקע מוסרניקעס זיינען משוגע אָדער לאַכן פון אים. עלטערע ישיבה־לייט קוקן אויף דעם קרומלעך און משה חייט לאַהויסקער האָט ווידער פון וואָס צו ריידן אין קיך ביים עסן.

„וואָס וואָלט יאַנקל געטאָן ווען דער נאַרעווער אַפּטייקער האָט יאָ צו פאַר־קויפן נאַפּט, שוועבעלעך און אייזערנע טשוועקעס? וואָס וואָלט ער געטאָן ווען די גאַס וואָלט ניט אָפּגעלאַכט פון זיינע ייִנגלעך מיט די אַרויסגעלאָזטע ציצית? ס'וואָלט געוואָרן אויס מיטן גאַנצן נאַוואַרעדקער אויפטו. יאַנקל און די אַנדערע בטלנים זיינען זיכער, אַז די וועלט האָט גאָרניט קיין אַנדער דאגה אויסער אַריינקלערן, ווי פאַרנאַרט מען די ישיבה־בחורים אין נעץ. משוגעים! די וועלט דאַרף אייך אויף כפרות.“

אָנהייב זמן כאַפּן זיך צו צום לערנען אויך די מבקשים וואָס אַרבעטן תמיד אויף שבירת־המידות; יאַנקל עפנט ניט קיין גמרא און זיינע תלמידים טוען אים נאָך. אַ האַלבן טאָג שרייען זיי אין בית־המוסר און דעם אַנדער האַלבן טאָג גייען זיי איבער נאַרעווע ווייזן אויפטוען קעגן דער וועלט. אין דער ישיבה קומען זיי נאָר צו דער 'בירזשע', בעת יעדער עלטערער רעדט געלאַסן דברי כבושין פאַר צוויי ייִנגערע וואָס גייען אים נאָך פון ביידע זייטן, ווי לעמעלעך רייבן זיך ביי די פיס פון פאַסטעך. אין יאַנקל טראָגט זיך דורכן בית־מדרש ווי אַ שטורעם־ווינט און זיין חברה אַרום אים, טרעטן אַלעמען אויף די פיס, פאַכען מיט די הענט און פילדערן. „מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסרייסן די וועלט פון זיך! נאָך בעסער איז ווען מען לאָזט די וועלט לכתחילה ניט אַריין צו זיך, פאַרשפּאַרט מען שפּעטער זי אַרויסרייסן!“ עלטערע בחורים קלאָגן זיך פאַרן ראש־ישיבה הלמאי יאַנקל פּאַלטאַווער לאָזט ניט זיינע תלמידים פאַרברענגען מיט אַנדערע בעלי־מוסר. ענטפערט זיי דער ראש־ישיבה מיט אַ געשייטן פינקל אין די אויגן. „אויך ר' צמח לאַמזשער האָט אין זיין צייט געפירט אַ באַזונדערן חדר אין אונדזער בית־מדרש. גייט איצט דער תלמיד אין רבינס דרכים.“ ר' שמחה פיינערמאַן האָט משמעות קיין מורא ניט פאַרן פּאַלטאַווערס קאָנקורענץ, רודפט ער אים ניט ווי בשעתו דעם לאַמזשער.

אָנהייב ווינטער, ווען חייקל ווילנער איז שוין פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ תלמיד פון נאַרעווער ישיבה, איז צוגעקומען נאָך אַ ווילנער — מלכקע. ער האָט די פאַרגאַנגענע דריי יאָר געלערנט אין וואַלקעניקער ישיבה־קטנה ביי ר' מנחם־מענדל סגל און איז אויסגעשטיגן. מלכקע איז שוין אַלט געווען פערצן יאָר און האָט זיך אונטערגעהויבן אויך אין וואוקס, נאָר זיין פּנימל איז נאָך אַלץ געבליבן קינדיש־קיילעכדיק, מיט ראָזע בעקלעך. לויט זיין עלטער האָט ער געהערט צו יאַנקל פּאַלטאַווערס וועד. אָבער אַזוי גיך ווי מען האָט אים דאָרט אַריינגעזעצט האָט ער איינגעזען, אַז לגבי די אַנדערע תלמידים איז ער אין לערנען אַ מר־

בר־רב־אשי. יאַנקל פּאַלטאָוּוער פון זיין זייט האָט דערשמעקט אַז אין וועד איז אים צוגעקומען אַ בן־יחידל, אַ גדלן, אַן עקשן. האָט יאַנקל געלאַכט דאָס גרויסע געלעכטער: ער דרייט איבער אַ שטעטל מיט איין דריי און מאַכט דאָרט אַ ישיבה־קטנה, וועט ער ניט קענען איבערדרייען אַ ווילנער יינגל? ער האָט מלכקען פאַרשלעפּט אין אַ ווינקל און זיך צו אים אַ נעם געטאָן: לא קם ולא זע! אַקוראַט ווי מרדכי הצדיק האָט זיך ניט אויפגעשטעלט פאַר המן־הרשע, אַזוי דאַרף אַ בן־תורה ניט נתפּעל ווערן פאַר דער וועלט.

מלכקע ווילנער האָט צונויפגעצויגן די פליייצקעלעך און געענטפערט, לא דמי אהדדי. די חז״ל דערציילן אַז ביי המן בן המדתא אויפן האַרצן איז געהאַנגען אַ געצקע, האָט מרדכי הצדיק ניט געוואָלט זיך בוקן צו דער עבודה־זרה. נאָר וואָס פאַר אַ שכל שטעקט אין גיין דורך נאַרעווער געסלעך מיט אַרויסגעלאָזטע ציצית אַלע זאָלן לאַכן? מלכקע האָט זיך מודה געווען: אמת, אַ שטיקל צייט אין וואָלקעניק און אין ווילנע איז ער אַליין אויך אַרומגעגאַנגען מיט די ציצית אינדרויסן. נאָר זינט ער קען אָפּלערנען פאַר־זיך אַ בלאַט גמרא מיט תוספות, האַלט ער ניט מער פון טאָן די גאַסיקע מענטשן אויף להכעיס.

„רעדט איר דאָך ווי אַ מירער ישיבה־מאַן אָדער גאָר ווי אַ קלעצקער,״ קאַכט זיך ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד. אויב אַזוי, זאָגט ער, האָט דאָך דער ווילנער ניט באַדאַרפט קומען קיין נאַרעוו. ביי די נאָוואַרעדקער אין נאַרעוו דאַרף מען שטיין אויפן רוח. „איך בין געקומען פון אַ ישיבה־קטנה אין אַ ישיבה־גדולה לערנען,״ ענטפערט מלכקע טרוקן. פונדעסטוועגן קען ער נאָך פאָרט ניט ביי־קומען זיין אַלטע רגילות און אים קומען טרערן אין די אויגן. „אפשר זייט איר גערעכט, אפשר האָב איך באַדאַרפט פאָרן קיין ראַדין אין חפץ־חיימס ישיבה.״ פון אַזעלכע דיבורים כאַפּט זיך ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד פאַרן קאָפּ. „טאָ זאָגט אָפן אַז איר ווילט זיך אַ מעשה אָנטאָן, רחמנא ליצלן. אַ בחורל וואָס וויל איבער־בייטן נאַרעווע אויף ראַדין, איז ווי ער וואָלט גענומען אַ חלף און זיך געשאָכטן.״ נאָר דער קליינער בייסט די פרישע ליפּעלעך און האַלט זיך ווייטער ביי דאָס זייניקע. „איך בין ניט געקומען קיין נאַרעווע פראַוווען ווילדע שטיק, די שטאָטישע זאָלן פון מיר לאַכן. איך וויל הערן דעם ראש־ישיבהס חידושים און אויך מאַכן אייגענע תורה.״

מאַכן אייגענע תורה איז ער געקומען? רופט אויס ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד און נעמט דערלאַנגען דעם חוצפהדיקן תלמיד: אין פּסוק שטייט, כרביבים עלי עשב. זאָגט אויף דעם דער ווילנער גאון אַז תורה איז געגליכן צו רעגן. פאַלט רעגן אויף פרוכט־ביימער, וואַקסן פרוכטן; פאַלט רעגן אויף דערנער, וואַקסן דערנער. מלכקע ווילנער מיינט אַוודאי אַז מיט אַ פּשטל קען מען אַלץ פאַר־ענטפערן, מיט אַ פּילפּול קען מען אַלץ פאַרדרייען. אים חלומט זיך מסתמא אַז

ער וועט אין נאַרעווע זיין אַזאַ יחסן ווי אין וואַלקעניקער ישיבה־קטנה און ווי אין ווילנע ביי דער מאַמען. אַנשטאָט דערזען דעם אייגענעם חסרון, זעט ער חסרונות ביי חברים וואָס זיינען מקדש־השם... דאָ האָט מלכקע זיך צעוויינט און יאַנקל פאָלטאַוווער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. דאָס בן־יחידל קען נאָך טאַקע אַנטלויפן צום חפץ־חיימס שעפּסענע תלמידים קיין ראַדין און דער נאַרעווער ראש־ישיבה וועט האָבן צו אים אַ טענה. „איר צעטרייבט אונדזער בית־מדרש!” האָט דער ראש־הוועד גלייך גענומען צוריקדרייען: אַדרבא ואַדרבא! זאָל מלכקע טאָג ווי נאַכט זיין אַריינגעטאָן אין אָנשטאָפּן זיך אַ פולן בויך מיט ש״ס און פּוסקים. נאָר ביי זיך האָט יאַנקל פּאָלטאַוווער געטראַכט: דאָס צעפּיעשטשעטע בן־יחידל וועט נאָך ביי אים ווייזן אַזעלכע פּרטים אין ברעכן דעם אייגענעם רצון אַז אַ וועלט וועט זיך שאָקלען.

## 9

נאַרעווער בעלי־בתים האָבן לאַנג געוואָרטשעט קעגן דער נאַוואַרעדקער חברה, וואָס האָט פאַרכאַפּט חנה־חייקעס בית־מדרש אויף ביאַליסטאָקער גאַס: די מוסרניקעס האַקן מיט די פויסטן אין די שטענדערס און צעברעכן זיי. אַלע ספרים זיינען צעפּליקט און צעריסן. אין וועלכער צייט מען זאָל אין בית־מדרש ניט אַריינקומען, האַלטן זיי אינמיטן שמועסן און אינמיטן אַרומלויפן הין און צוריק. ווען זיצן זיי ביי די גמרות און לערנען? ביי דער שטילער שמונה־עשרה גוואַלדעווען זיי און וואַרפן זיך ווי אין נכפה. פאַרוואָס זיינען יונגע־לייט אַזעלכע מרה־שחורהניקעס? אָבער ביסלעכווייז האָבן די בעלי־בתים איינ־געזען אַז די מוסרניקעס האָבן אויך גרויסע מעלות. זיי זיינען איידעלע בחורים, פרומע, גוטהאַרציקע. אַ גאַנצע וואָך קומען זיי אָפּ מיט פּאָסנע עסנס, זעלטן זעט מען אין ישיבה־קיך אַ שטיקל פיש, אַ מאָגערן חלק פלייש. זיי גייען אַרום אָפּגעריסן און שלאָפן אין ענגשאַפּט אויף האַרטע געלעגערס. דאָך קלאָגן זיי זיך קיינמאָל ניט אויף זייער מצב. און די בעלי־בתים פון חנה־חייקעס בית־מדרש האָבן זיך באַטראַכט, אַז זיי דאַרפן גאָר זיין צופרידן וואָס לערנער זיצן אין זייער מקום־קדוש און דער קול־תורה ווערט דאָרט קיינמאָל ניט איבערגעריסן.

בלויז דער גבאי פון גמילות־חסדים־קאַסע, זושע סולקעס, האָט מיט די מוסרניקעס ניט שלום געמאַכט. זושע סולקעס האָט אין חנה־חייקעס בית־מדרש אַ ירושה־פּלאַץ פון טאַטן. זעצט זיך דאָרט אַוועק אַ ישיבהניק אַרומשניידן די נעגל און שניידט אויך אָפּ שטיקלעך האָלץ פון גבאַיס 'שטאָט' אויף אַריינוואַרפן

אין פייער, ווי דער מנהג איז. און וויפל מאָל געפינט סולקעס אין קעסטל פון זיין שטענדער אַ פּעקל ברודיקע וועש? אַ ישיבהניק האָט עס דאָרט איבערגע־לאָזט נאָכן צוריקקומען פרייטאָג בייטאָג פון מרחץ! אָבער וויפל זושע סולקעס זאָל ניט שרייען, טוען זיך די מוסרניקעס דאָס זייעריקע, כאָטש זיי פאַרשווייגן אים. דער ראש־ישיבה האָט אָנגעזאָגט: הזהר והזהר! ער וויל אָט דעם יידן ניט האָבן פאַר אַ שונא. אַפילו יאַנקל פּאָלטאַווער טוט זיך אָן אַ כוח און פאַרשוויגט אים.

דער ראש־הוועד און זיינע תלמידים זיצן אין חדר־שני פון חנה־חייקעס בית־מדרש. קומט אַריין דער גבאי מיט דער זילבערנער קייט פון זייגער איבער דער ברייט פון זיין קאַמזויל און מיט אַ בונט שליסלען אין דער האַנט. צוויי מאָל אין וואָך איז די גמילות־חסדים־קאַסע אָפן, ווייבער ברענגען אָפּ חובות און קריגן נייע הלוואות. טרייבט זושע סולקעס אַרויס די יונגע מוסרניקעס אינאיינעם מיט זייער אָנפירער. לכתחילה גיט ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד אַ וואונק צו די תלמידים אַז זיי זאָלן אים נאָכגיין אין גרויסן בית־מדרש. נאָר יעדע צען מינוט קומט ער צוריק אַריין מיט אַן אַנדער אויסרייד. איין מאָל זוכט ער כלומרשט אַ ספר, דאָס צווייטע מאָל קוקט ער זיך אַרום ווי אַ תלמיד וואָלט אים פאַרלאָרן געגאַנגען, דאָס דריטע מאָל גייט ער גלייך אויפן גבאי.

„ר׳ זוסע שולקעס, דער חדר־שני וועט נאָך לאַנג זיין פאַרנומען?" דעם גבאיס מילך־בלוי פנים ווערט צונטער־רויט. „איך האָב ניט איינמאָל אייך געזאָגט אַז איך הייס ניט ר׳ זוסע שולקעס, נאָר ר׳ זושע סולקעס. מיין נאָמען איז מיט אַ שין און מיין פאַמיליע־נאָמען מיט אַ סמך, ניט פאַרקערט." דער פּאָלטאַווער קוועטשט מיט די פּלייצעס. „וואָס איז דער חילוק אַ שין צי אַ סמך, אַבי איר ווייסט אַז איך מיין אייך. איך און מיין וועד דאַרפן דעם חדר־שני, וואַרטן מיר ביז איר וועט ענדיקן אויסטיילן די הלוואות."

יאַנקל דאַרף ניט אַזוי נייטיק דעם חדר ווי ס׳קאָכט אין אים וואָס דער גבאי פאַרצאַפּט בלוט אָרעמע ווייבער. בעת די יידענעס גייען דורכן גרויסן בית־מדרש צום שטיבל וואו דער גבאי זיצט, בלייבן זיי שטיין אין טונקל הינטער דער בימה. איינגעוויקלט אין ווינטערדיקע פאַטשיילעס און מיט שווערע וואָליקעס אויף די פיס, האָרכן די הענדלערקעס זיך איין אין זיסן קול פון דער תורה און פילן אַז דאָס אייז אין זייער לייב צעגייט, ווי זיי וואָלטן די פאַרפראָרענע הענט מיט די צעשפּאָלטענע פינגער געוואַרעמט אויף פייער־טעפּ. מיט קנאה טראַכטן זיי וועגן די מאַמעס פון די לערנער: גליקלעכע פרויען! ס׳וואַקסן ביי זיי טייערע קינדער, אַ נחת אויף דער־וועלט און פאַרזאָרגער אויף יענער־וועלט. נאָר לאַנג שטיין אין מאַנסבילשן בית־מדרש און צוקוקן ווי די בחורים שאָקלען זיך איבער די גמרות פאַרגינען זיך ניט די הענדלערקעס. זיפצן זיי אָפּ און לאָזן זיך גיין

צום גבאי אין שטיבל מיט אַ שווער געמיט, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען צו אַ בייזן פּריץ.

סולקעס זיצט ביים טיש און קוקט בלויז אויף די פינגער וואָס רוקן אים אונטער מטבעות. ברענגט אַ יידענע דעם פולן וואָכער, נעמט ער צו אָן אַ וואָרט צו ריידן, פאַרשרייבט אין בוך און לייגט די פּאָר זלאָטעס אַריין אין אַ קעסטעלע פון אייזן וואָס שטייט לעבן אים אויפן טיש. דערזעט ער ציטערדיקע צעקנייטשטע פינגער אויסציילן וויניקער וויפל ער דערוואַרט, הייבט ער אַ ביסל אונטער דעם קאָפּ און זאָגט דער יידענע, אַז ווען זי וועט קומען נאָך אַ נייער הלוואה וועט ער לייען אַ העלפט, ווייל זי צאָלט אַ העלפט. אויב אָבער סולקעס דערהערט אַן איבערגעשראָקן קול וואָס בעט ביי אים אַ נייעם גמילות־חסד, כדי צו קענען באַצאָלן אַ ראַטע פון פריערדיקן גמילות־חסד, הייבט ער אויף דעם גאַנצן קאָפּ און שטעלט אָן אַ פּאָר קאַלטע אויגן.

„איך לייג ניט די לעבעדיקע אויף די טויטע. ווי לאַנג איר באַצאָלט ניט דעם אַלטן חוב, קריגט איר ניט קיין גראָשן.“

די אָפּגעזאָגטע שווייגט הכנעהדיק און אויך די אַנדערע ווייבער האָבן מורא זיך איינצושטעלן פאַר דער שכנה. זיי קוקן זיך בלויז איבער און ריידן מיט די אויגן, אַז בעסער די ביטערע בלאָט פון גאָט איידער די זיסע פון מענטשן. יאַנקל פּאַלטאַוווער הערט זיך צו און האַלט זיך קוים איין. דער גבאי קוקט אויף אים פון דער זייט און טראַכט דערביי: וואָס דרייט ער זיך דאָ אַריין און אַרויס? ער זוכט צווישן די אַלטע יידענעס אַ כלה אָדער אַ צוקונפטיקע שוויגער? דער פּאַלטאַוווער שטורעמט אַריין אין גרויסן בית־מדרש און גיט אַ שפּרונג צו אַ פּאָר אַלטע בעלי־בתים וואָס לערנען אינאיינעם משנה־ברורה.

„קיין יידן מיט אַ בעסער האַרץ האָט איר שוין ניט געקענט אָפּזוכן? גייט טוט אַ קוק ווי אייער גבאי באַהאַנדלט אָרעמע ווייבער וואָס קענען ניט צאָלן. און פון דער אייגענער קעשענע איז ער קראַנק צו דערלייגן?“ קאָכט זיך דער ישיבה־בחור. „מען דאַרף דאָך על־פּי דין באַצאָלן, בפרט אַז דאָס איז אַ הלוואה אָן אַ משכון,“ טענהן די זקנים. „אויב מען האָט ניט, דאַרף מען ניט באַצאָלן!“ שניידט אָפּ דער פּאָלטאַוווער און דערציילט ווי עס פירט זיך צווישן נאַוואַרעדקער בעלי־מוסר: בעת איין חבר לײַט ביים צווייטן איז דער מלווה גלייך מפקיר אין האַרצן זיין געלט. טאָמער האָט יענער ניט צו באַצאָלן, זאָל עס ביי אים ניט זיין קיין גזילה. פאַר זיך דאַרף אַ מענטש וויסן, ער מוז אָפּגעבן; און פאַר אַ צווייטן דאַרף ער וויסן, דער צווייטער האָט ניט אָפּצוגעבן! און ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד גיט זיך אַ יאָג איבערן בית־מדרש אָפּגעפינען זיינע תלמידים. ער וויל זיי אַריינפירן אין חדר־שני ווייזן די גוטסקייט פון אַ וועלטישן יידן. די צוויי זקנים שאָקלען מיט די קעפּ און צווישן זייערע פינגער ציטערן די ליכט,

וואָס זיי האַלטן צו באַלויכטן דעם דראָבנעם געדיכטן רש״י־כתב פון משנה־ברורה: ס׳איז ווי אונדזערע הייליקע חכמים זאָגן, וואויל איז דעם וואָס גיט צדקה, ווי איז דעם וואָס דאַרף די צדקה צעטיילן. איבער דעם טאָקע וואָס סולקעס איז אַ האַרטער ייד האָט מען דאָך אים געמאַכט פאַר גבאי פון דער גמילות־חסדים־קאַסע.

זושע סולקעס האָט צו זיך אויף שבת גענומען מלכקע ווילנער און דערציילט די בעלי־בתים. „אָט דאָס ייִנגעלע פּילט זיך צווישן די ווילדע מוסרניקעס ווי אַ שפּאַסעלע צווישן וועלף. וועדליק זיין גיין אַקוראַטנע אָנגעטאָן, ריידן אידל און לערנען שטיל אין אַ ווינקעלע, דערקענט מען מיטן קוק אַז ער איז פון זייד און סאַמעט. איך באַהאַנדל אים ווי אַן אייגן קינד.״ אַז צו יאַנקל פּאַלטאַוווער איז דערגאַנגען דעם גבאיס באַרימעריי, איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. אַ תלמיד פון זיין וועד זאָל עסן שבת ביים בלוט־צאַפּער? און ער האָט מלכקען אָנגעזאָגט אַ שבת ערגעץ אַנדערשוואו. מלכקע האָט אָבער האַרטנעקיק אָרייַנגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די דינע פּלייצקעלעך און געענטפערט אַז ער האָט גאָרניט צום גבאי. אויסער דעם פיינעם שבת, פאַרבעט אים נאָך ר׳ זושע סולקעס אויף מלווה־מלכה.

„און אַרבעטן אויף צו זיין אַ בעל־מדרגה ווילט איר נאָך אַלץ ניט? איר קוועטשט זיך נאָך אַלץ גאַנצע טעג אויף גמרא מיט תוספות?״ האָט יאַנקל אַ ברען געטאָן מיט טונקל־ברוינע אויגן און זיין מאַרמאַרנע גאָמבע האָט געשוויצט. „אַפילו ר׳ צמח אַטלאַס, זאָגט מען, איז פול מיט חרטה וואָס ער איז ניט געזעסן און געלערנט,״ האָט מלכקע געדעדט אונטערן נעזל און געקוקט אויפן ראש־הוועד פילדייטיק, ווי ער וואָלט אים געוואָרנט אַז אויך ער וועט נאָך אַמאָל חרטה האָבן הלמאי ער האָט ניט געהאָרעוועט אויף גמרא מיט תוספות. דער פּאַלטאַוווער איז אַזוי געפּלעפט געבליבן פון קליינעמס חוצפה אַז ער האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר ביי זיך אָפּגעמאַכט: אָדער מלכקע ווילנער וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווערן אַן אמתער מבקש, אָדער ער וועט אים אַרויסוואַרפן פון וועד אויף צוויי שפּענדלעך. יאַנקלס שנאה צום גבאי איז געוואָרן נאָך גרעסער און ער האָט לאַנג ניט באַדאַרפט וואַרטן די שנאה אַרויסצואווייזן.

די הענדלערקעס האָבן אַלע צוזאַמען גענומען ברעכן מיט די הענט פאַר ר׳ זושע סולקעסן, ער מוז זיי לייען אַ ביסל געלט אויף איינקויפן סחורה. אַז זיי וועלן האָבן סחורה, וועלן זיי קענען אויסצאָלן סיי דעם פריערדיקן חוב סיי דעם נייעם. אויב ער וועט אויף זיי קיין רחמנות ניט האָבן, בלייבט זיי צו שפּרינגען פון בריק אין וואַסער. אָבער דער גבאי האָט ווידער געענטפערט, ביז מען וועט ניט סילוקן די אַלטע חובות וועט ער קיין נייע הלוואות ניט געבן. אַ למדן האָט

אים געזאָגט, מען טאָר אַפּילו לויטן דין ניט לייען קיין געלט צו אַזעלכע לייט וואָס מען ווייס אַז זיי וועלן ניט אָפּגעבן.

„איר זאָגט ליגן. דער אַכזר זייט איר, ניט די תורה!״ דערהערט זיך אַ געשריי און יאַנקל פּאַלטאַוועד שטופּט זיך דורך צום גבאי דורך דער קופּע ווייבער און זאָגט אים גלייך אין פּנים אַריין: די מנדבים פאַר דער חברה גמילות־חסדים פאַרלאַנגען ניט מען זאָל שינדן די הויט פון נויטבאַדערפטיקע. דער גבאי גיט ניט זיינע. „אמת, אמת, וואו תורה דאָרט איז חכמה,״ זיינען די יידענעס מסכים. „עזות־פּנים! דו וועסט מיר זאָגן אַ דעה ווי זיך צו פירן? איך וועל דיך מיט דיין גאַנצער באַנדע פאַריאָגן ווי די הינט פון בית־מדרש, און איך, יענטעס, אייך וועל איך קיין גראָשן ניט געבן,״ גוואַלדעוועט סולקעס און פאַרשליסט די רעכן־ביכער אין דער איינגעמויערטער קאַסע. דאָס אייזערנע קעסטעלע מיטן פּאַפּיר־געלט נעמט ער אונטערן אָרעם און גייט אַוועק.

די יידענעס רינגלען אַרום דעם ישיבה־בחור און נעמען טענהן: הלוואי וואָלט ער זיך ניט אַריינגעמישט, וואָלט מען ביים גבאי אפשר געפּועלט. איצט זיינען זיי פאַרפאַלענע. אַ טייל ווייבער ריידן צום לערנער אַפילו מיט כעס: יעדן ערב שבת גיבן זיי פאַר דער ישיבה פיש, פלייש און חלה. אויב זיי וועלן בלייבן אָן סחורה, וועט אויך די ישיבה הונגערן. „באַוואָרעדאָק איז גרויס דווקא וועו זי הונגערט!״ ענטפערט ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד, נאָר ער כאַפּט זיך גלייך אַז ער רעדט דאָ ניט פאַר זיינע תלמידים. באַרואיקט ער די אָרעמע ווייבער אַז דער גבאי וועט מוזן נאָכגעבן מיט גוטן צי מיט בייזן. „גייט מיט אים מיט גוטן, גלעט אים מיט די האָר אַראָפּ,״ בעטן אים די הענדלערקעס און שלעפּן זיך אַוועק ניט־געטרייסטע: ווי אַזוי קען דער יונגער רבי זיי העלפן, אַז ער אַליין גייט אָפּגעריסן און איז נאָך דערצו אַ היציקער? יאַנקל בלייבט שטיין אין האַלב־טונקעלן חדר אַ פאַרדאגהטער. ביי אים איז ניט קיין גרויסע זאַך אַריינפאַלן אין אַ שטעטל און דאָרט מאַכן אַ ישיבה־קטנה קעגן ווילן פון רב און די בעלי־בתים. אַפּשיטא אַז ער ווערט ניט נתפּעל פאַר דעם גבאי דעם אַכזר. מערניט דער ראש־ישיבה וועט ניט לאָזן אָנהייבן מיטן גבאי און זיין צד אויס מורא מען זאָל די ישיבה ניט אַרויסטרייבן פון חנה־חייקעס בית־מדרש. וויבאַלד אַזוי, האָט ער אפשר טאַקע ניט באַדאַרפט זיך אַריינמישן אין ענין פון די הענדלער־קעס. אָבער אַ טאָג שפּעטער האָט דער פּאַלטאַוועד געזען השגחה־פּרטית, ער זאָל דווקא יאָ פאַרפירן אַ קריג מיטן גבאי.

אין סאַמע קאָך פון אָנהייב ווינטערדיקן זמן האָט דער ראש־ישיבה, אַנשטאָט גרייטן שיעורים אין לערנען, באַדאַרפט זיך גרייטן אין וועג. די נאַוואַרעדקער קיבוצים בית־יוסף, אין דער ליטע, פּאָלעסיע, וואָלין און פוילן, האָבן שטענדיקע תרעומות צום וועד־הישיבות, אַז זיי טיילט מען אויס אַ פיל קלענערן געלט־חלק

ווי די ישיבות פון דער מיר, ראַדין, קלעצק און קאַמענעץ. האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן געמוזט פאָרן אויף אַן אַסיפה קיין ווילנע און די ישיבה האָט ער איבערגעלאָזט אונטערן אויפזיכט פון זיינע מקורבים, בראש מיט זונדל קאַנאַ־טאָפּער. יאַנקל פּאָלטאַוער האָט זיך דערפרייט: פאַר די מקורבים, בראש מיט זונדל קאַנאַטאָפּער, האָט ער קיין ברעקל מורא ניט, און ביז דער ראש־ישיבה וועט צוריקקומען, וועט די מלחמה מיטן גבאי דעם הויט־שינדער שוין זיין אַ געוואונענע.

# 10

זושע סולקעס האָט געוואָלט אָנלערנען די ווייבער וואָס האָבן קעגן אים געבונטעוועט, איז ער מאַנטיק אָוונט ניט געקומען זיצן אין גמילות־חסדים־קאַסע. אַנשטאָט אים האָבן די ווייבער געפונען דעם ישיבה־בחור מיט זיינע תלמידים. האָבן זיי אים אַרומגערינגלט מיט אַ יללה. „וואָס וועט זיין, רבי?" נאָר ער האָט האָפערדיק געענטפערט אַז ס׳וועט זיין גוט. זאָלן זיי מאָרגן פאַרנאַכט גיין צום גבאי אין געשעפט אים מאַכן אַ שוואַרץ־שבת. „מיר וועלן דאָרט אויך קומען," האָט ער געוויזן אויף זיין חברה, און גלייך ווי די יידענעס זיינען אָוועק האָט ער געמאָלדן די תלמידים: מאָרגן דאָוונט מען מנחה ביי זושע סולקעסן אין באַקאַליי־געשעפט. „איר וועט מיטגיין?" האָט ער געפרעגט ביי מלכקע ווילנער. „חלילה!" האָט מלכקע אַזש אַ צאַפּל געטאָן. „איך פאַרשטיי. איר ווילט ניט גיין קעגן בעל־הבית ביי וועמען איר עסט שבת." האָט ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד געזיפצט מיט באַדויערונג, עלעהיי ער וואָלט צוגעזען ווי אַ רב נעמט שוחד ביי אַ דין־תורה, און אויך די חברים פון וועד האָבן מלכקען גע־שטאָכן מיט די בליקן ווי מיט שפּילקעס.

יידענעס אין ברייטע יאַקעס, אַרומגעשנורעוועט מיט פאַרטעכער, האָבן דינסטאָג פאַרנאַכט זיך געצויגן אין אַ שורה צום גבאיס באַקאַליי־געשעפט — און שוין דאָרט געטראָפן אַ געזעמל וואָס האָט געקוקט ווי אויף אַ בייז וואונדער אויף אַ משונהדיק בילד:

יעדע פאָר מינוט עפנט זיך די טיר און זושע סולקעס שליידערט אַרויס אַ ישיבה־בחורל וואָס קוליעט זיך איבער אויפן פריש־אָנגעפאַלענעם שניי. דאָס בחורל הייבט זיך אויף און שטעלט זיך אָוועק ביים אַריינגאַנג פון געשעפט. דער־ביי פרעפּלט ער עפּעס מיט אַ פאַרדבקעט פּנים, ווי ער וואָלט געהאַלטן אינמיטן שמונה־עשרה און טאָר ניט מפסיק זיין. באַלד עפנט זיך די טיר נאָכאַמאָל און

ווידער פליט אַרויס אַ פּעקל — אַ בחור מיט צעפּלאָכטענע פּאות. אין דעם אויגנבליק רייסט זיך דער ערשטער אַריין צוריק אין געוועלב. דער קרעמער וויל אים פֿאַרהאַלטן, כאַפּט זיך אַריין אויך דער צווייטער. „יידן, ראַטעוועט! אַ היישעריק איז מיך באַפֿאַלן!" שרייט סולקעס. דער עולם פֿון דרויסן שפּאַרט זיך אַריין אינעווייניק און דערזעט ווי אַ האַלב טוץ בחורימלעך שטייען צעוואָרפֿן אין די ווינקלען און שאָקלען זיך. אַ ייד אַ גבר פֿון די אַריינגעקומענע טוט אַ כאַפּ ביי די קאָלנערס צוויי ישיבהניקעס און טרייסלט זיי. „וואָס פֿראַוועט איר דאָ פֿאַר אַ ווילדע שטיק? איר וועט באַלד ביי מיר פֿליען ווי די קנײדלעך." די לערנערלעך לאָזן ניט אַרויס קיין פּיפּס פֿון מויל, נאָר פֿאַר זיי שטעלט זיך איין אַ ישיבה־בחור מיט ברייטע פּלייצעס און אַ האַרטן קינבאַק. „רירט זיי ניט אָן!" זאָגט יאַנקל פּאָלטאַוווער און פֿון זיינע נאָזלעכער שלאָגט אַ פּאַרע ווי ביי אַ צעהיצט פֿערד. דער פֿרעמדער ייד איז צופֿרידן, ער וויל בעסער האָבן צו טאָן מיט אַ דערוואַקסענעם איידער מיט קינדער. „און ווער ביסטו?" פֿרעגט ער. צעליאַרעמען זיך די ווייבער אויפֿן גבר, אַז די הענט וועלן אים אָפּהינטערשטיין, אויב ער וועט אָנרירן דעם יונגן רבין וואָס נעמט זיך אָן פֿאַר זיי, און די ווייבער דערציילן די אַרומיקע ווי דער גבאי פֿאַרצאַפּט זיי דאָס בלוט.

„מען האָט מיר אָנגעטרויט די גמילות־חסדים־קאַסע אויף געבן הלוואות אָן פּראָצענט, ניט אַז איך זאָל צעטרענצלען דאָס געלט. איר וועט ביי מיר ניט אויספּירן," קלינגט זושע סולקעס מיטן בינטל שליסלען אין קעשענע, און צו די בחורימלעך שרייט ער. „לערנער זייט איר? באָלשעוויקעס אויף דער צווייטער זייט, זייט איר!" ער סטראַשעט אַז ער וועט רופֿן פּאָליציי, אָבער די ווייבער שרייען אים אַריבער. „איר וועט איבערענטפֿערן ייִדישע קינדער אין גויאישע הענט?" און זיי ווינטשן אים ער זאָל קומען אויף בעטל־ברויט. אויך דער פֿרעמדער ייד דער גבר גייט אַריבער אויפֿן צד פֿון די ישיבהניקעס און רעדט צום גבאי בנעימותדיק, אַז פֿאַר רופֿן פּאָליציי קעגן ייִדישע קינדער וואָס לערנען די הייליקע תורה, קען מען אים נאָך אָוועקטראָגן אין נאַסע ליילעכער. ער קאָווירט ניט. סולקעס ווערט טויט מיט די ביינער, דאָך מאַכט ער פֿון דעם אַ קאָטאָוועס, כאָטש מען זעט אַז ער קריגט שיער ניט די פּאַפּלעקציע: די מוסרניקעס ווילן שטיין אין זיין געשעפֿט און זיך שאָקלען? זאָלן זיי שטיין און זיך שאָקלען, ער האָט געדולד צו וואַרטן.

מיט די פּנימער צו די ווענט, פֿראַוועןן די בחורימלעך נאָך לאַנג אַ תּפֿילה אַריכתא ווי יום־כּיפּור. לסוף טרעטן זיי אָפּ דריי טריט אַהינטער, דרייען מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן און שפּייען אויס. יאַנקל פּאָלטאַוווער זאָגט דעם בעל־הבית ער זאָל זיך ניט זאָרגן. מאָרגן וועלן די בני־תורה ווידער קומען אין זיין געשעפֿט דאַוונען מנחה, אַזוי אויך איבערמאָרגן, ביז ער וועט נאָכגעבן, אָדער זיך אָפּזאָגן

פון גבאות. די בני־תורה גייען אַרויס אין גאַס און אַ גרויסער עולם באַגלייט זיי. די יידענעס זיינען זיכער אַז דער גבאי וועט מער קיין מלחמה מיט קינדער ניט פירן. מאַמישע פּנימער שיינען פון נחת. „אַ געזונט זיי אין די ביינדעלעך, פריער גאָט און דערנאָך זיי, אונדזערע לערנערלעך.״ אויך די מאַנסלייט באַוואונדערן די יונגע מוסרניקעס וואָס האָבן ניט קיין מורא פאַרן גבאי. יאַנקל פּאַלטאַוועדס תלמידים ריידן ניט קיין סך, זיי ציען מיט די אַקסל און ענטפערן בתמיה. „מיר וועלן נתפּעל ווערן פאַר אַ קרעמערל?״

אויף מאָרגן האָט האַלב נאַרעוווע זיך געלאָזט גיין צום גבאיס באַקאַליי־געשעפט צוקוקן וואָס דאָרט וועט פאָרקומען. האָט סולקעס אַלעמען אָפּגעטאָן און דעם טאָג בכלל ניט געעפנט זיין קלייט. אַזוי האָט ער אויך געטאָן אַ טאָג שפּעטער. ער איז אומגעגאַנגען צווישן בעלי־בתים און געפרעגט ביי זיי: ווייל ער לאָזט ניט צעטרענצלען קהלש געלט, קומט אים אַזויפיל בזיון און היזק? אָבער אויך יאַנקל פּאַלטאַוועד האָט ניט געשוויגן. ער האָט די ווייבער געשיקט צו די בעלי־בתים זיי פאַרקלאָגן די קעפּ, און ער אַליין האָט זיינע תלמידים אַרומגעפירט צווישן די עלטערע יידן וואָס לערנען אין בית־מדרש ביים טיש. זאָלן זיי זען ווי דער המן סולקעס האָט איין בן־תורה אויסגעדרייט אַ פּוס, אַ צווייטן האָט ער שיער ניט צעבראָכן אַ האַנט, אַ דריטן האָט ער צעדראַפּעט דאָס פּנים, אַ פערטן האָט ער סתם צעמזיקט און ביים פינפטן האָט ער צעריסן דעם טלית־קטן. די זקנים האָבן געפּאַטשט מיט די יאַסלעס: אָן אַקט! אָן אַקט! דעם גבאי גייט גאָרניט אין לעבן ס׳זאָל ניט פעלן צום חשבון פון דער גמילות־חסדים־קאַסע, ער האָט גלאַט הנאה פון ניט געבן. געזען אַז ער האָט אַ צד צווישן בעלי־בתים, האָט דער פּאַלטאַוועד פאַררופן אַ וועד פון זיינע תלמידים אין חדר־שני וואו פריער איז געזעסן סולקעס.

„נו, ווילנער, וואָס זאָגט איר איצט?״ גיט ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד זיך אַ דריי־אויס צו מלכקען. „אייערע חברים זיינען זיך מוסר־נפש און איר באַהאַלט זיך הינטער דער גרויסער ווילנער ש״ס־גמרא.״ מלכקע שווייגט, ער זעט אַז די חברים קוקן אויף אים ווי אויף אַ שרץ וואָס איז מוקצה מחמת מאוס. ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד שאָקלט זיך און פרעגט ביי די תלמידים: אין וואָס איז באַשטאַנען דער חטא פון שמשון הגיבור? אין פּסוק שטייט דאָך בפירוש, הימל האָט געוואָלט אַז שמשון זאָל האָבן צו טאָן מיט דער ערלית דלילה, כדי ער זאָל נאָכדעם קענען נקמה נעמען פון די פלשתים. היינט מיט וואָס האָט ער גע־זינדיקט?

„ווייל שמשון הגיבור אַליין האָט אויך געוואָלט האָבן צו טאָן מיט דער גויע דלילה, ניט נאָר ווייל הימל האָט אים געהייסן,״ שרייען די צאַן־קדשים און דער ראש־הוועד גיט עס צו פאַרשטיין מלכקען.

„די נגע־צרעת פון נגיעה האָט פאַרפירט דעם גרעסטן גיבור פון דער וועלט. אַזוי שטייט בפירוש אין מדרגת־האדם פון ר׳ יוסף־יויזל, דער ׳אַלטער׳ פון נאָוואַרעדאָק, זכרונו לברכה, און אין אונדזער בית־מדרש ווייס עס אַ תינוק בן־יומו. מערניט איר, ווילנער, ווייסט עס ניט, ווייל איר לערנט ניט דעם מדרגת־האדם. גמרא מיט תוספות לערנט איר, דעם מהרש״א און דעם מהר״ם זוברעוועט איר. איצט קענט איר, ווילנער, אַליין איינזען אַז איר זייט אַן אָפּגעפּרעגטער. אייערע חברים פירן אַ מלחמת־מצווה, אָבער איר האָט פאַרן גבאי מורא ווייל איר עסט ביי אים שבת. איז אויב אַזוי, זאָגט אָפּ און זאָל דער בית־מדרש איינמאָל פאַר אַלעמאָל וויסן דעם גאַנצן אמת.״

„גוט,״ ענטפערט מלכקע מיט אַ וואָרגעניש אין העלדזל. „מען זאָל ניט זאָגן אַז איך האָב מורא צו פאַרלירן מיין שבת, וועל איך טאָן וואָס אַלע טוען.״

זושע סולקעס קומט פרייטאָג פאַרנאַכט אין בית־מדרש צו קבלת־שבת און געפינט זיין מזרח־פּלאַץ אַרומגערינגלט מיט דער זעלבער חברה וואָס האָט באַלאַגערט זיין געשעפט. „די באָלשעוויקעס אויף דער צווייטער זייט קאַנ־פיסקירן שוין אויך מיין טאַטנס שטאָט?״ שרייט דער בעל־הבית. ענטפערט אים יאַנקל פּאָלטאַוווער אַז זיי ווילן אויסלייזן אַ טאַטן אויף יענער־וועלט פון אַ זון אַ רשע אויף דער־וועלט. סולקעס זעט אַז אַפילו די זקנים פון חנה־חייקעס בית־מדרש באַפאַלן אים, אַז ער האָט די לערנערלעך געמאַכט ברוין און בלוי, זיי הינקען און האָבן געשוואָלענע פּנימער. דערביי שטייען די יונגע מוסרניקעס און קלאָגן זיך ניט מיט אַ כיוון, כדי מען זאָל אויף זיי לייגן דעם נעבעך נאָך מער. אויך דער אָנפירער פון דער חברה רעדט ניט וועגן זיינע צעשלאָגענע תלמידים; וועגן די אָרעמע הענדלערקעס רעדט ער. זיי זיצן היינטיקן שבת אָן חלה, אָן פיש און פלייש, ווייל דער גבאי האָט זיי קיין הלוואה ניט געגעבן. אויפן עולם־האמת וועט מען ביי די בעלי־בתים מאָנען: אָט אַזוי האָט איר עס באַהאַנדלט יתומים און אלמנות? די אַלטע יידן ציטערן פאַרן יום־הדין און טענהן אויפ־געבראַכטע, אַז קיינער פאַרלאַנגט ניט פון גבאי ער זאָל שינדן די הויט פון אָרעמעלייט וואָס קענען ניט גלייך באַצאָלן.

סולקעס טרייסט זיך אַז צו קבלת־שבת קומען אויסגעוועפּטע בטלנים, די שיינע בעלי־בתים וועלן קומען מאָרגן אינדערפרי און האַלטן מיט אים. ער מאַכט אַ טראָט נעענטער צו זיין שטענדער — און בלייבט אַ פאַרגאַפּטער. ערשט איצט באַמערקט ער אַז אין דער חברה אַרום זיין שטאָט געפינט זיך אויך דאָס לערנערל וואָס עסט ביי אים שבת. ער שטייט צונויפגעקאָרטשעט און מיט אַ פרום פּנימל, כלומרשט אַ זייטיקער, נאָר ס׳איז קלאָר אַז אויך ער געהערט צו דער באַנדע. סולקעס איז פון דעם אַזוי דערשלאָגן אַז ער וויל מער ניט זיין דער געווינער, ווי מען וואָלט קעגן אים אַרויסגעשטעלט פאַר אַ פאַלשן עדות

זיין לייבלעכן זון. ער הייבט־אויף ביידע הענט איבערן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך פאַרשטעלט פאַר קלעפּ, און רופט אויס.

„אָט הערן אַלע: מער בין איך ניט גבאי פון דער גמילות־חסדים־קאַסע. נאָך שבת וועל איך אָפּגעבן די שליסלען. און איצט לאָזט מיך זיך שטעלן אויף מיין אָרט.״

גראָד ווייל ער זאָגט עס אַרויס אָן זידל־ווערטער און מיט אַ געבראָכן קול, באַפאַלט די זקנים אַ בייסעניש אין די בערד, פון חרטה וואָס זיי האָבן דערלאָזט מבייש זיין אַ יידן. אַפילו דער בעל־תפילה אויף דער בימה זינגט דעם לכוונה מיט אַ פאַרדראָסיק און פאַרשעמט קול. יאַנקל פאָלטאַווער גיט אַ וואונק צו די תלמידים זיי זאָלן אים נאָכגיין אין בנין פון קהילה, וואו די ישיבה־לייט דאַוונען שבת און יום־טוב, ווען חנה־חייקעס בית־מדרש איז באַזעצט מיט בעלי־בתים. „און וואו וועל איך עסן שבת?״ פרעגט שטיל מלכקע. „ביים זעלבן בלוט־צאַפּער סולקעס. ער האָט אייך זיכער ניט באַמערקט, איר האָט זיך דאָך באַהאַלטן הינטער אייערע חברימס פּלייצעס,״ ענטפערט ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד און מלכקע בעט דעם איבערשטן, ר׳ זושע סולקעס זאָל אים טאַקע ניט האָבן באַמערקט. דער פאָלטאַווער שפּאַנט פאָרויס פון זיין חברה אַ פאַרכמורעטער, גאָר־ניט דערפרייט מיט זיין נצחון. ער פאַרשטייט אַז די עלטערע בעלי־מוסר וועלן זיך אויף אים אַרויפוואַרפן, גרייט ער באַצייטנס זיינע ענטפערס.

די בעלי־בתים פון דער מזרח־וואַנט, די דעה־זאָגער וואָס קומען ניט אין די וואָכנטעג, האָבן שבת אינדערפרי זיך ביי סולקעסן געבעטן ער זאָל בלייבן גבאי. אַ צעקנייטשטער און מיט איינגעפאַלענע אַקסל, האָט סולקעס געענטפערט אַז מען זאָל אים אַפילו צו די פיס פאַלן, וויל ער מער ניט האָבן צו טאָן מיט די געלט־חשבונות פון דער קאַסע, מיט די ווייבער, און נאָך דאַרפן וואָיעווען מיט די מוסרניקעס. שבת־צונאַכט ווען די ישיבה־לייט זיינען פון קהילה־בנין צוריקגעקומען אין בית־מדרש, האָבן זיי דאָרט געטראָפן די בעלי־בתים פון דער מזרח־וואַנט און יענע האָבן צו זיי גערעדט מיטן לשון פון גבאי סולקעס. „באָלשעוויקעס אויף דער צווייטער זייט! מיר ווילן אייך מער ניט האָבן אין אונדזער מקום־קדוש. אויב איר וועט ניט אַוועקגיין מיט גוטן, וועלן מיר דינגען טרעגער זיי זאָלן אייך די ביינער צעברעכן.״ די עלטערע ישיבה־לייט האָבן פאַרשטאַנען אַז פון סטראַשונקעס ביז צום אַרויסוואַרפן פון בית־מדרש ממש איז נאָך ווייטלעך, נאָר קיין צרות וועלן ניט פעלן. חוץ דעם וועלן זיי זיך ניט אויסקויפן ביים ראש־ישיבה הלמאי זיי האָבן דערלאָזט צו אַזאַ מצב. זונדל קאָנאָטאָפּער און די אַנדערע פון דער הנהלה האָבן אַרומגערינגלט דעם פאָלטאַווער.

„איר מאַכט חרוב נאַרעווער ישיבה. פּאָרט קיין מעזריטש!״

יאַנקל זעט אַז ער האָט אָנגעאַרבעט אַ צרה, ענטפערט ער נאָך מיט מער

העזה ווי שטענדיק, אַז ער טראַכט שוין לאַנג פון אַריבערפאָרן קיין מעזריטש אינאיינעם מיט זיינע תלמידים. דאָרט געפינט מען נאָך אמתע נאָוואַרעדקער וואָס שטייען אויפן רוח אַ גאַנץ יאָר, ניט בלויז אין די ימים־נוראים. זונדל קאָנאָטאָפּער וויס זייער וואויל אַז דער ראש־ישיבה ר׳ שמחה האָט ליב אַ געפּאַקטן בית־מדרש. באַזונדער איז אים ניט ניחא אַז מעזריטש זאָל אַריבער־וואַקסן נאַרעווע מיט דער צאָל בני־תורה, דווקא ווייל אויך מעזריטש איז אַ נאָוואַרעדקער ישיבה. און יאַנקל פאַלטאַוועס תלמידים וועלן זיכער מיט אים מיטפאָרן, זיי זיינען אים איבערגעגעבן בלב ונפש. זונדל קאָנאָטאָפּער האַלט איין דעם כעס און פּרואווט ריידן מיט גוטן.

„דער יסוד פון מוסר איז, איבערמאַכן קודם־כל זיך אַליין. איר אָבער האָט אָנגעהויבן פון איבערמאַכן די וועלט. ווי קומט אַ בעל־מוסר זיך צו מישן צווישן בעלי־בתים?" יאַנקל ענטפערט מיט היץ אַז מען קען טאַקע ניט איבערמאַכן די וועלט, אויב מען איז ניט אַליין אַן אדם השלם. נאָר מען קען ניט ווערן קיין אדם השלם, אויב מען שטעלט זיך ניט איין פאַר באַוועלטע. ער הערט עס דאָס ערשטע מאָל אַז בעת אַן אכזר פּייניקט אָרעמע פרויען, טאָר אַ בעל־מוסר זיך ניט אַריינמישן. אַ שיין פּנים האָט די גוטסקייט וואָס איז באַשטימט דורכויס פאַר אייגענע. „די ווייבער וועלן אויך אויף ווייטער זיך אַן עצה געבן ווי ביז איצט, אָבער אַז מען וועט אונדז אַרויסטרייבן פון בית־מדרש, וועלן מיר ניט האָבן וואו זיך אַהינצוטאָן," קען דער קאָנאָטאָפּער לענגער ניט איינהאַלטן דעם כעס און הוקעט נאָך העכער. „ביי וועמען האָט איר גענומען רשות אַריינ־צושטעלן תלמידים ביים גבאי אין קלייט און אים ניט צולאָזן צו זיין פּלאַץ אין בית־מדרש?" נאָר יאַנקל פייערט גלייך אויף צוריק. „אין די קונטרסים פון ר׳ יוסף־יויזל הורוויץ, דעם אַלטן פון נאָוואַרעדאָק, האָב איך גענומען רשות. אויף די וועדים פון ר׳ צמח לאַמזשער האָב איך עס געלערנט."

„אַזוי רעדט!" טרייסלט זונדל קאָנאָטאָפּער מיט דער געדיכטער באָרד און זיינע קליינע דורכדרינגלעכע אויגן ווערן נאָך קלענער ווי אויך שטעכיקער. „זאָגט גלייך אַז איר מאַלפּעוועט נאָך אייער געוועזענעם מחנך, און ניט אַז איר טוט נאָך אונדזער רבין ר׳ יוסף־יויזל, זכרונו לברכה. אונדזער רבי האָט אונדז געלערנט בעל־פּה און אין זיינע ספרים, אַז ס׳איז ניט אַזוי דאָס טאָן ווי דאָס אַרומטאָן. איר אָבער קענט בלויז בושעווען, ווילדעווען, און איר נעמט זיך אַפילו ניט אָראָפּ קיין מוסר־השכל פון דעם ווי ר׳ צמח אַטלאַס האָט אויסגעפּירט."

דער קאָנאָטאָפּער און די אַנדערע עלטערע פון דער הנהלה רינגלען אַרום דעם בעל־תשובה און פאַרלאַנגען פון אים ער זאָל טאָן עפּעס צו האַמעווען זיין אַמאָליקן תלמיד. זינט צמח איז צוריקגעקומען קיין נאַרעווע, איז משה חייט לאַהויסקער געוואָרן נאָך מער מומר־להכעיס און יאַנקל פאַלטאַוועס נאָך מער

פרא־אדם. „דער פאַלטאַווער האָט פאַר מיר נאָך ווייניקער דרך־ארץ ווי פאַר אייך און אויפן לאַהויסקער האָב איך אַוודאי קיין השפעה ניט,” ענטפערט דער בעל־תשובה מיט אַזויפיל צער אין קול און אין די אויגן, אַז די עלטערע האָבן חרטה הלמאי זיי מאָנען ביי אים.

ס'איז נאָכן דאַוונען און פרישטיק, די בחורים שאָקלען זיך איבער די גמרות. אויף די בענק איז אַן ענגשאַפט, מען זיצט איינגעשפּאַרט עלנבויגן צו עלנבויגן, ס'דאַכט זיך אַז אויך די קולות קענען מחמת ענגשאַפט זיך קוים דורכשטויסן. אינדרויסן איז ווינטער און די פענצטער זיינען פאַרמאַכט. שלאָגט דער גמרא־ניגון זיך אָפּ אין די ווענט און פאַלט צוריק ווי אַ שטורמיש וואַסער פון אַ הויכן שטיינערנעם ברעג. ר' צמח איז נאָך ניט געגאַנגען איבערבייסן, ער שטייט אין מזרח־ווינקל אין טלית און תפילין און קוקט אַריין אין אַ ספר, מיט אַן עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויפן ברעטל פון דעם שטענדער. מיטאָמאָל נעמען זיינע אויגן לויכטן וואַרעמער. פון הינטער זיינע וואָנצעס קריכט אַרויס אַ שמייכל: ביי זיין שטענדער וואַקסט אויס מלכקע ווילנער. שטענדיק ווען דער וואַלקעניקער מנהל דערזעט זיין וואַלקעניקער תלמידל, דערמאָנט ער זיך ווי ער האָט איינמאָל ביינאַכט אים געפונען אַן איינגעשלאָפענעם אין חדר־שני פון שטעטלשן בית־מדרש און אים געטראָגן אויף די הענט לייגן שלאָפן ביי זיך אויף סטאַנציע. נאָר גלייך ווי דער ייִנגסטער תלמיד פון ישיבה נעמט ריידן, פאַרשווינדט צמחס שמייכל.

מלכקע דערציילט וויפל ר' יאַנקל דער ראש־הוועד האָט אים געמוטשעט ער זאָל אינאיינעם מיט די אַנדערע חברים פון דער חבורה ניט צולאָזן דעם גבאי אויף זיין פלאַץ אין בית־מדרש. נאָכדעם האָט ר' יאַנקל דער ראש־ישיבה אים נאָך געטריבן ער זאָל גיין צום זעלבן גבאי אויף שבת, ווי פאַראַכטאָגן און פאַר־צווייוואָכן. איז ווען ער איז געקומען פרייטאָג־צונאַכט צו וועטשערע, האָט ר' זושע סולקעס געהאַלטן אינמיטן קידוש. האָט ער מפסיק געווען אין קידוש און אים ביים קאָלנער אַרויסגעוואָרפן פון שטוב מיט אַ קללה, ער זאָל גיין אין דער ערד צוזאַמען מיט אַלע מוסרניקעס. מלכקע איז אַזוי צעקלעמט אַז ער שעמט זיך ניט מער פאַר די ישיבה־לייט ביי די גמרות וואָס וועלן אים זען וויינען ווי אַ קליין ייִנגעלע. ער רייבט זיך מיט די פויסטלעך די פאַרטרערטע אויגן און כליפּעט אויפן קול, אַז שולדיק איז ר' צמח וואָס האָט אין ווילנע אים איינגע־רעדט צו פאָרן קיין וואַלקעניק אין דער ישיבה־קטנה פון די נאָוואַרעדקער. דערפאַר איז ער אויפן היינטיקן ווינטער געקומען קיין נאַרעווע אין דער ישיבה־גדולה פון די נאָוואַרעדקער. ווען ער וואָלט געלערנט אין ראַדין אָדער קאַמענעץ, וואָלט ער ניט באַדאַרפט גיין צו אַ וועד און אויסשטיין אַזויפיל צרות.

אַן איבערגעבויגענער איבערן שטענדער, גלעט צמח מיט זיין ברייטער

דלאָניע מלכקעס פּאַרוויינט פּנימל, ווי אַמאָל אין שטעטל. „אַז איר וואָלט דעמאָלט מיט מיר ניט מיטגעפאָרן אין וואַלקעניקער ישיבה־קטנה, וואָלט איר אפשר בכלל ניט געבליבן ביי תורה. איך וועל זען מען זאָל אייך שאַפן אַ נאָך שענערן שבת ביי אַן אַנדער בעל־הבית.״ פון טרערן גייט מלכקע אַריבער צו רוגזה און ענטפערט, ער וועט מער ניט גיין עסן קיין טעג, ניט איינדערוואָכן און ניט שבת. ער וויל עסן אין דער ישיבה־קיך פּונקט ווי זיין בן־עיר חייקל ווילנער. ער וויל אויך ניט פּטרן גאַנצע טעג אויף שמועסן אין מוסר. און טאָמער וועט מען אים ניט נאָכגעבן, וועט ער אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה.

גלייך ווי דער תלמיד גייט אַוועק, גיבן צמחס אויגן אַ בלאַנדזשע איבערן בית־מדרש און דערזעען דעם פאַלטאַוועט שטיין אַליין הינטער דער בימה. יאַנקל קוקט אויס שלעכט געשטימט, ער ליידט פון דעם וואָס ער האָט פאַרשפּילט די מלחמה מיטן גבאי און איז נאָך אויך אָפּגעפרעגט אין ישיבה.

„וואָס טוט זיך מיט אייך, פאַלטאַוועער! איר רעדט איבער אַ יונג בחורל ער זאָל העלפן פאַרטרייבן דעם גבאי פון זיין שטענדער און נאָכדעם שיקט איר אים צום זעלבן גבאי אויף שבת ער זאָל אים אַרויסוואַרפן?״ צענעמט צמח די הענט פון גרויס פאַרוואונדערונג. „פאַרוואָס ניט? דורך דעם וואָס מלכקע ווילנער איז געגאַנגען צום גבאי אויף שבת האָט ער באַוויזן אַ פּרט אין אמיצות,״ ענטפערט יאַנקל מיט אַ פּאָר אַנגעצילעוועטע אויגן פון אונטער דעם בייז־געדרונצלטן שטערן. „די תנאים זיינען געגאַנגען אין מאַרק אָנגעטאָן אין תפילין אין אַ צייט פון גזירת־השמד, ווען די רוימער, ימח שמם, האָבן דערפאַר פאַרפייניקט צום טויט. דאַרפן מיר דאָך לכל־הפּחות זיך ניט שרעקן צו גיין מיט די ציצית אַרויס און ניט נתפּעל ווערן וואָס די גאַס לאַכט.״

„איר זאָגט עס מיר?״ קוקט אים אָן ר׳ צמח נאָך מער פאַרחידושט.

„איך דערמאָן אייך אייערע רייד בעת איך בין געזעסן אין אייער וועד,״ טוט יאַנקל אַ כאַפּ זיין מאַנטל פון פּאַק בגדים וואָס ליגט אַריבערגעוואָרפן איבערן פאַרענטש אַרום דער בימה. „וואָס איך האָב געלערנט ביי אייך לערן איך מיינע תלמידים, אָבער אָט דער מלכקע ווילנער פון אייער וואַלקעניקער ישיבה־קטנה האָט געהאַט די חוצפּה מיר צו זאָגן, אַז אויך ר׳ צמח אַטלאַס האָט חרטה הלמאי ער האָט געלערנט מוסר אַנשטאָט ש״ס מיט פּוסקים. זונדל קאָנאָטאָפּער פון זיין זייט האָט צו מיר געשריען אַז איך מאַלפּעווע אייך נאָך. נמצא אַז סיי די ייִנגערע סיי די עלטערע פאַרלייקענען אייער דרך, און פאַר אַ צולאָג קומט איר גופא צו מיר מיט אַ תביעה פאַרוואָס איך פיר זיך ווי איר האָט מיך געלערנט,״ פאַררוקט יאַנקל די פּיס אין די אייגענע אָדער אין אַ פּאָר פרעמדע פאַרשלומפּערטע קאַלאָשן און שטורעמט אַרויס פון בית־מדרש.

# 11

**דער עלטסטער פון ר׳ צמחס תלמידים** איז ראובן ראַטנער, אַ מצוין אין לערנען, אַ גוטע מידות און אַ בחור אַ מנגן. ביים פאַרציען אַ ניגון פאַרגיסן זיך אים די אויגן מיט טרערן. ביים אַרויסברענגען אַ רעיון עפנט ער און פאַרמאַכט די לאַנגע דאַרע פינגער, ווי ער וואָלט די מחשבה אָנגעטאַפּט בידים. אויך בעת אַ צווייטער רעדט, הערט ער זיך איין מיט אַזעלכע אויפגעלויכטענע אויגן אַז מען קען ביי זייער שיין ממש אָנוואַרעמען די הענט. בלויז ווען עס דרשנט אין קיך ביים עסן משה חייט לאָהויסקער, שמייכלט ראובן ראַטנער מיט ביטול און אויך מיטלייד, ס׳איז אים אַ רחמנות אויף אַ חבר וואָס בלאָנדזשעט. דאָס ברענגט אַרויס דעם לאָהויסקער פון געדולד און ער נעמט ריידן ווי אַ מומר־להכעיס. דעמאָלט הערט דער ראַטנער אויף שמייכלען און ציט זיך ביי די גרויסע אויערן־לעפּלעך, ווי ער וואָלט זיי געוואָרנט ניט צו הערן די לעסטערונגען.

כאָטש ראובן ראַטנער איז אַ מצוין, האָט ער ניט קיין מזל צו שידוכים. ביי די מחותנים איז ער דווקא יאָ נושא־חן. נאָר כלות טראַכטן געווייגלעך וואָס זייערע חברטעס וועלן זאָגן, און מיידלעך געפעלט ניט אַ בחור מיט אונטער־געהויבענע שפּיציקע אַקסל, מיט אָנגעבלאָזענע באַקן און גרויסע נאָזלעכער ווי ביי אַ טאָטער. לעצטנס האָט זיך אים ווידער געמאַכט אַ פיינער שידוך, די עלטערן געפעלט ער, נאָר די כלה ברעקלט זיך. זיצט ער ביי דער גמרא אַ דערשלאָגענער, לערנט אָן חשק. שמועסן וועגן דעם מיט חברים איז אים ניט ניחא, אָבער מיט זיין אַמאָליקן ראש־הוועד האָט ער אַ פּאָר מאָל גערעדט וועגן דעם וואָס ער איז אַ לא־יוצלח און תמיד פאַרענדיקט אויפן זעלבן אופן. „אפשר דאַרף איך גאָר זיין צופרידן וואָס איך בין ניט קיין בר־מזל אין שידוכים, איז מיין נסיון אַ קלענערער.” און ר׳ צמח אַטלאַס ווייס ניט ווי זיך צו פאַרענטפערן הלמאי כלות האָבן אים ניט אויסבראַקירט.

נאָך מער צער האָט ער פון אַ צווייטן תלמיד, שמשול קופּישקער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ פאַרקוועטשטער פרומאַק. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין תעניתים, אין פּראַווען סיגופים, לויפט כסדר זיך טובלען אין מקווה. פריער האָט ער געהאַלטן שמירת־הדיבור אלול־צייט, איצט שוויגט ער אָפּ גאַנצע וואָכן אויך אינמיטן יאָר. בלויז זיינע פאַרטריקנטע ליפּן פּרעפּלען אָן אויפהער, דאָס מאַכט ער השבעות קעגן כוח־הטומאה. ער איז אַ דראָבנינקער, מיט שיטערע וואַסער־דיקע אייגעלעך, מיט אַ שטעכיק געל בערדל און אַ פאַרגעלטן טלית־קטן ביז איבער די קני. דער קופּישקער עסט וויפל אַ פייגעלע און דער ראש־ישיבה

שרעקט זיך ער זאָל ניט פֿאַרשלאָפֿט ווערן. בעט זיך ביי אים דער ראש־ישיבה ער זאָל יעדן טאָג גיין שפּאַצירן, שמועסן מיט בעלי־בתים, אַריינגיין אַ ביסל אין מילי־דעלמא. נאָר דער קופּישקער מורמלט אַז ער האָט קיין צייט ניט. ער האָט נאָך ניט דערזאָגט קרבנות און איז אויך הינטערשטעליק אין אַ יום תהילים. חוץ דעם דאַרף ער ווידער לויפֿן טבילה, אים האָט געטראָפֿן אַ מקרה לא טהור. זאָגט אים דער ראש־ישיבה אַז דער וועג פֿון תשובה דורך פּייניקן זיך איז דער וועג פֿון אַן איש פּשוט. אַ בן־תורה קויפֿט אויס זיינע עבירות דורך זיצן און לערנען. דאָס איז דער דרך פֿון ווילנער גאון און זיינע תלמידים. בפֿרט היינטיקע צייטן אַז די דורות זיינען שוואַכע און דאָס אָפּקומען קען אין עבֿודת־הבורא ברענגען מער היזק ווי נוצן. אָבער שמשול קופּישקער הערט אַפֿילו ניט גוט וואָס מען רעדט צו אים, זיינע ליפּן פּרעפּלען גיך, גיך, און פֿון זיינע וואַסערדיקע אייגעלעך קוקט אַרויס דער פּחד פֿאַר ניט־גוטע, שדים, שדיכעס.

„פֿריער האָב איך געמיינט אַז ער איז אַ נאַר, אָבער פֿאַר זיך האָט דאָך שכל אויך אַ נאַר. בין איך געקומען צום אויספֿיר אַז דער קופּישקער איז פּראָסט־פּשוט משוגע," רעדט דער לאָהויסקער אין קיך ביים עסן און פֿאַראומרייניקט דעם אָרעמען כשרן טיש מיט זיין טרייפֿענעם געלעכטער, פֿול מיט גאַל און שנאה פֿון אַ געבונדענעם אשמדאי. „דעם קופּישקער וועט אַפֿילו דער מלאך־המוות ניט קענען איינבייסן, וואָרום ס'איז דאָך ידוע לכל באי עולם אַז כל־זמן מען האַלט אינמיטן דאַווענען אָדער לערנען, קען דער מלאך־המוות ניט צונעמען די נשמה, און שמשול קופּישקער האַלט שטענדיק אינמיטן זאָגן, זאָגט, זאָגט, זאָגט... פֿונדעסטוועגן בין איך מודה אַז דווקא ער, דער מטורף, געפֿעלט מיר. אונדזער תורת־חיים איז לפֿי האמת אַ תורה פֿון זיך אָפּזאָגן. איז אָדער מען גייט אויפֿן קופּישקערס וועג און מען זאָגט זיך אָפּ פֿון אַלץ, אָדער מען גייט אויף מיין וועג און מען זאָגט זיך פֿון קיין זאַך ניט אָפּ. ער און איך זיינען די איינציקע צוויי אויסגעהאַלטענע נאָוואַרעדקער, להיפּוך צו אונדזער געוועזענעם ראש־הוועד צמח לאָמזשער, וואָס איז אַ שוואַכלינג און אַ צבֿויאַק. בעת ער איז פֿון דער תורה אַוועק, איז ער ניט אַוועק אינגאַנצן; און אַז ער איז צוריקגעקומען אַ בעל־תשובה כלומרשט, וויל ער נאָך אַלץ ניט ווערן פֿרום ביזקל סוף, ווי דער קופּישקער מטורף."

נאָך אַזעלכע רייד פֿון לאָהויסקער אין קיך ביים עסן איז מען ווידער געקומען צום בעל־תשובה מיט אַ גוואַלד פֿאַרוואָס ער לאָזט דעם מופֿקר ניט אַרויסיאָגן. מיט אַ טויט־מידן אויסזען, ווי ער וואָלט באַדאַרפֿט צוריקגיין צו פֿוס דורכן גאַנצן וועג וואָס ער איז שוין דורכגעגאַנגען, האָט ר' צמח אָטלאַס גע־ענטפֿערט, אַז ווי לאַנג דער לאָהויסקער ווערט פֿאַררעכנט צו דער ישיבה, האַלט ער זיך נאָך פֿאַרט אָפּ פֿון געוויסע מעשים. אויב אָבער מען וועט אים אַרויס־

טרייבן, וועט ער זיך אַרונטערקייקלען עד שאול־תחתיה. אין דעם בעל־תשובהס אויגן האָט געברענט שוואַרצע מרה־שחורה און זיין באָרד איז אַראָפּגעהאַנגען ווי אַ געשאָכטענע.

„ניט שוין זשע פאַרשטייט איר ניט, רבותי, אַז דער לאָהויסקער וואַרט בכליון עינים מען זאָל אים אַרויסטרייבן? ער האָט מיר ניט איינמאָל געזאָגט, ער האָט מורא אַרויסצושטעלן אַ פוס אין דער וועלט, ווייל ער קען ניט פאַרדינען און ווייס ניט ווי מען פירט זיך צווישן וועלטישע. וויל ער מען זאָל אים פון ישיבה אַרויסשטופּן, כדי ער זאָל ניט האָבן קיין אַנדער ברירה ווי אַוועקגיין און ווערן אַ מחלל שם שמים בפרהסיא.“

דעם שורש פון אַלע קרומקייטן אין זיינע תלמידים האָט צמח געזוכט און געפונען אין זיך גופא. וואָס מער ער האָט געליטן אַלץ אָפטער האָט ער זיך געזאָגט, אַז די גאַנצע וועלט באַשטייט פון שפּיגלען וואָס ווייזן דעם מענטשן זיין אייגן לעבן. די גרעסטע יסורים האָט אים פאַרשאַפט דניאל האָמלער, דער סאַמע יינגסטער פון זיינע רוסישע תלמידים.

אין די פריערדיקע יאָרן האָט דער באַרעוווער ראש־ישיבה אים מיט ליבשאַפט גערופן דניאל איש חמודות. בעת דניאלקע האָמלער איז אָנגעקומען אין ישיבה האָט ער נאָך געטראָגן קורצע הייזלעך און געהאַט אַ פּאָר פולע געשפּרענקלטע בעקלעך וואָס האָבן זיך ווי געבעטן מען זאָל זיי קנייפּן. ער האָט געשטאַמט פון אַ גבירישער היים, ביי אים אין שטוב האָט מען ניט גערעדט קיין יידיש און ער האָט לאַנג ניט געקענט פטור ווערן פון האַרטן רוסישן 'ר'. ער האָט אָבער אויף זיך געאַרבעט ביז די ריש איז געוואָרן אַ ביסל ווייכער, ווי אין זיין קעל וואָלט זיך געבולבעט אַ קוועלכל. פון זיין סוחרישער משפחה האָט ער אויך געירשנט די קענטשאַפט פון בוכהאַלטעריע. גראָד ווייל ער האָט געשטאַמט פון אַ רייכער היים, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט מער ווי אַנדערע צו זיין אַ נאַוואַרעדקער מבקש און געהאָרעוועט אויף הטבה: זיך אָפּגעזאָגט לטובת אַ חבר פון אַ חלק פלייש אין קיך, פון אַ ליכטיקערן ווינקל אין בית־מדרש און אַפילו פון אַ בגד. נאָר אַז מען האָט ביי אים גענומען אַ חפץ אָן זיין וויסן, איז ער געוואָרן אש־להבה. מען האָט עס דערקענט לויט זיינע צעפלאַמטע באַקן, אונטערהוסטן און דרייען זיך איבערן חדר פון דער סטאַנציע. כאָטש דער נעמער האָט זיך פאַרענטפערט און דניאל האָט געשמייכלט: אדרבא ואדרבא! — איז די ריש פון דעם 'אדרבא' אַרויסגעקומען האַרט ווי שטיין. אַזאַ איז ער געווען בעת ער איז נאָך געזעסן אין צמח לאָמזשערס וועד, און דורך די לעצטע פּאָר יאָר איז ער געוואָרן נאָך אומפּרייַנדלעכער.

בעלי־מוסר האַלטן פון דעם 'ויש אומרים' אין פּרקי־אבות אַז ווער עס זאָגט, מיינס איז מיינס און דיינס איז דיינס — איז אַ סדומניק. אַפילו אַ בחור ניט קיין

בעל־מדרגה וועט ניט ווערן אין כעס, אויב אַ חבר פון סטאַנציע וועט אַנטאָן זיין מאַנטל ניט נעמענדיק פריער קיין רשות. אָבער דניאל האָמלער האָט מער ניט באַהאַלטן זיין פּאַראיבל ווען אַ חבר פון קוואַרטיר האָט פרייטאָג פאַרנאַכט גענומען פון זיין קעסטעלע שוואַוואָקס אויף אַרומפּוצן די שיך, אָדער זיין שטיקל זייף זיך אַרומצוואַוואַשן לכבוד שבת. ער האָט חושד געווען חברים אין נוצן זיין האַנטעך, ער האָט נאָכגעקוקט צי עמעץ האָט ניט אָנגעטאָן די צווייטע פּאָר שיך פון אונטער זיין בעט. לסוף האָט ער זיך שוין אויך ניט געשעמט ווערן אין כעס בעת מען האָט גענומען אַ שטיקל ברויט פון זיין פּאָליצקע אין קיך־עלמערל. טאָמער איז אַ קוואַרטיראַנט געקומען שפּעט ביינאַכט פון בית־המוסר, האָט אינדערפרי זיך דניאל שטאַרק געבייזערט. כאָטש די טיר האָט געעפנט אַ צווייטער, האָט ער געהאַט טענות אַז מען רייסט אים איבער דעם שלאָף. נאָך מיט אַ פּאָר יאָר פריער האָט ער אַ חבר אָפּגעגעבן זיין פּאַרציע פלייש; איצט האָט ער אין קיך ביים עסן נאָכגעקוקט צי מען גיט אים ניט קיין קלענערן חלק.

„וואָס איז פון אים געוואָרן?" האָבן חברים געפרעגט און דער לאָהויסקער מקטרג האָט געענטפערט. „ס'איז פון אים געוואָרן וואָס ער איז די גאַנצע צייט געווען. די נאָוואַרעדקער מיינען אַז דער מענטש קען זיך איבערברעכן; גיכער קען ער צעבראָכן ווערן ווי זיך איבערברעכן. אין האָמלער האָט זיך אָפּגערופן דער טאַטע דער סוחר און בעל־חשבון פון שלי שלי ושלך שלך. וואָלט ער ניט געוואוסט אַז אין רוסלאַנד בעל־הבתעווען די באָלשעוויקעס און אַז זיין טאַטע איז דאָרט איצט אַ שלעפּער, וואָלט ער דעם לאָמזשער פיינט געהאַט שנאת־מוות פאַרן אָפּרייסן אים פון דער היים."

„נאָר איך האָט געטראָפן אַן אומגליק וואָס איר געפינט זיך ניט ביי די באָלשעוויקעס. איר וואָלט דאָרט געוואָרן אַ קאָמיסאַר מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט," האָט יאַנקל פאָלטאַווער אַריבערגערעדט פון קעגנאיבער טיש. „איך וואָלט אַ קאָמיסאַר מיט אַ רעוואָלווער ניט געקענט זיין, אָבער אונדזער ראש־הוועד צמח לאָמזשער און אויך איר, זיין נאָכקרימער, איר ביידע וואָלט אין רוסלאַנד זיכער געווען קאָמיסאַרן," האָט דער לאָהויסקער געענטפערט, און די בחורים האָבן שפּעטער געהאַט צום פאָלטאַווער טענות הלמאי ער הייבט זיך אָן מיטן ציגיינער־יונג. אים קרענקט אַ סך מער ווען מען ענטפערט אים אינגאַנצן ניט.

איינמאָל אינמיטן נאַכט האָט דניאל האָמלער זיך גענומען קאָרטשען פון יסורים. מען האָט אים אַוועקגענומען אין שפּיטאָל און דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען אַז ער דאַרף האָבן אַן אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע. די ישיבה־לייט האָבן געזאָגט תהילים ביים אָפּענעם ארון־קודש און די אָפּעראַציע איז דורך בשלום. שפּעטער האָבן זיך געמאַכט קאָמפּליקאַציעס, דניאל האָט געמוזט בלייבן אין שפּיטאָל. די ערשטע צייט האָבן זיך ביי זיין בעט געביטן קראַנקנ־

שוועסטער. אָבער זיין מחלה האָט זיך פאַרצויגן און די ישיבה האָט באַדאַרפט צאָלן דריי באַזונדערע חשבונות, פאַר אַ בעט אין פּאַלאַטע, פאַר דאָקטוירים מיט רפואות און פאַר באַדינונג. האָט דער ראש־ישיבה באַרעכנט אַז די קראַנקן־שוועסטער קען מען פאַרשפּאָרן. ר׳ שמחה פיינערמאַן האָט צונויפגערופן דעם האַמלערס חברים און זיי געזאָגט: איצט דאַרפן זיי ניט אומגיין זוכן מיט וועמען מטיב צו זיין, כדי קענען פאַרשרייבן אין ביכעלע אַן אויפטו אין הטבה; איצט זאָלן זיי העלפן זייער חבר. די ישיבה־לייט האָבן גענומען זיך בייטן ביים חולה און זיך אויסגעלערנט איבערבעטן זיין געלעגער, אים דערלאַנגען צו דער מינוט די רפואות, פירן אויף נקיות. אָבער דניאל האַמלער איז געווען קאַפּריזנע, אַן אויפהער זיך געבייזערט און געהאַט תרעומות אַז מען באַדינט אים שלעכט. באַליידיקטע פון זיין באַנעמונג, האָבן די בחורים גענומען זוכן תירוצים ניט צו דאַרפן גיין אים באַדינען. דער אייזערנער יאַנקל פּאָלטאַווער האָט געקרעכצט אַז ער אַליין איז ניט בקו־הבריאות. ראובן ראַטנער האָט מיט אַן אַריינגעצויגענעם קאָפּ צווישן די אַרויפגעשפּיצטע אַקסל זיך פאַרענטפערט, אַז ער פירט שמועסן מיט אַ שדכן און דעם אבי־הכלה. שמשול קופּישקער האָט געמורמלט אַז ער קען ניט אָפּרייסן אַזויפיל צייט פון עבודת־הבורא. יענע וואָס האָבן מיטן האַמלער געוואוינט אויף איין סטאַנציע און אים באַזונדער ניט ליב געהאַט פאַר זיין קאַרגשאַפט, האָבן גערעדט אָפן: וויבאַלד אַז ס׳האַנדלט זיך אין פאַרשפּאָרן געלט, דאַרף די ישיבה זיך אָנשטרענגען און שאַפן די בייטיקע סומע.

די רייד זיינען דערגאַנגען צום ראש־ישיבה און ער האָט אויף זיי געענטפערט אין שבת־צונאַכטיקן שמועס פאַרן גאַנצן עולם: העלפן אַ חבר איז תרתי משמע, אים העלפן בחומר וברוח. אויב ער איז אָפּגעריסן פון בית־מדרש און קען ניט עוסק זיין אין לערנען, דאַרף מען אים משמח זיין מיט דברי־תורה, ער זאָל חלילה ניט אַריינפאַלן אין יאוש. אין שבת־צונאַכטיקן פינצטערן בית־מדרש פאַר מעריב האָט דער ראש־ישיבה ניט געקענט אַריינקוקן די צוהערער אין די אויגן. נאָר די בחורים אין רינג אַרום זיין שטענדער האָבן גוט געוואוסט וואָס ער איז אויסן, און ווער עס פילט אַז מען מיינט אים — מיינט מען אים טאַקע! מאי שייך דהאַי שייך? האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן געפרעגט. אויב אַ בעל־מוסר העלפט ניט אַ חבר, זיינען דאָך אַלע רייד וועגן זיך מפקיר זיין פאַרן צווייטן ניט מער ווי שיינע רייד. לא המדרש הוא עיקר אלא המעשה. מאי שייך דהאַי שייך?

די בני־תורה האָבן אומצופרידן געקנייטשט מיט די שטערנס, דאָך זיינען זיי ווידער געגאַנגען צום חולה און דערביי ניט פאַרהוילן אַז ס׳איז פאַר זיי אַן אָפּקומעניש. יאַנקל פּאָלטאַווער האָט געזאָגט, ער וואָלט גערנער אַרומגעגאַנגען איבער נאַרעווע קלייבן ברויט און קאַרטאָפל פאַר דער ישיבה־קיך, באַשטעלן פאַר יינגערע טעג און סטאַנציעס. ראובן ראַטנער האָט געאויקעט, ער איז גרייט

געבן פון דער אייגענער קעשענע צושטייער אויף דינגען פאַרן האַמלער אַ קראַנקנשוועסטער. שמשול קופּישקער האָט געמוזט לאַנג לערנען מוסר און טראַכטן וועגן די יסורים פון די רשעים אין גיהנום, איידער ער האָט ביי זיך געפּועלט ווידעראַמאָל גיין צום חולה.

צוריקגעקומען פון שפּיטאָל זיינען די בני־תורה נאָך מער דערצאָרנטע און פאַרשעמטע. יאַנקל פּאַלטאַוער האָט גוט באַמערקט, אַז בעת אין פּאַלאַטע קומט אַריין אַ קראַנקנשוועסטער אין אַ ווייסן כאַלאַט, מיט אַ הויב אויפן קאָפּ און אין ווייכע פלאַכע שיכלעך, צעשמייכלט זיך דניאל איש חמודות צוקער־זיס און קריגט אַ פּאָר גלאַנציק־פּייכטע אייגעלעך, כאָטש אַ מינוט פריער האָט ער געהאַט אַ פאַריאושטן אָדער בייזן אויסזען. און ווי אויסגעבונדן ער איז עס מיט ,די ווייסע געגנדז', האָט יאַנקל פּאַלטאַוער ווייטער דערציילט. דניאל קען יעדע פון זיי ביים נאָמען. טאָמער שטעלט זיך איינע אָפּ ביי זיין געלעגער און פרעגט אים וואָס ער מאַכט, זעט מען אויף אים באַשיימפּערלעך אַז דאָס גרעסטע גליק האָט אים געטראָפן. אָבער גלייך ווי יענע אין כאַלאַט גייט אַוועק, ווערט זיין פּנים נאָך פאַרזויערטער און ער קוקט אויפן חבר וואָס באַדינט אים מיט אַ פּאָר ביסטרע אויגן. דעם קופּישקער האָט דניאל האַמלער אָפן געזאָגט. „ס'איז מיר אַ חרפּה פאַר די דאָקטוירים וואָס איר טראָגט אַזאַ לאַנגן, פאַרגעלטן און פאַרשלומפּערטן טלית־קטן." ראובן ראַטנער האָט זיך דערוועגט אַ מורמל טאָן, אַז ער ווערט ניט צו־שטאַרק נתפּעל פאַר די באַרעמהאַרציקע שוועסטער, ווייל זיי נעמען פאַר זייער באַרעמהאַרציקייט געצאָלט. האָט דער חולה געענטפערט מיט אַ ווילדן כעס: אים אַרט לחלוטין ניט פאַרוואָס די קראַנקנשוועסטער טוען עס, אַבי זיי טוען עס גוט. אויסער דעם, געפעלט זיי אַיין קראַנקער מער און דער צווייטער ווייניקער, כאָטש אַלע צאָלן גלייך. דערפון זעט מען אַז אויך די קראַנקנשוועסטער טוען ניט אַלץ און דורכויס בלויז צוליב געלט.

„זעט אויס אַז דעם האַמלער געפעלט די וועלט, טאַקע אַ קראַנקע שפּיטאָל־וועלט, נאָר פאָרט אַ וועלט," האָט יאַנקל פּאַלטאַוער אַרויסגעזאָגט זיינע מחשבות אין קיך ביים עסן.

„בטלנים," האָט משה חייט לאַהויסקער זיך אַריינגעמישט. „די קראַנקנ־שוועסטער כשהן לעצמן געפעלן אים. און אַז זיי טראָגן ווייסע כאַלאַטן, זיינען זיי קיין פרויען ניט?"

די בני־תורה האָבן זיך איבערגעקוקט צעטומלטע. בשלמא בעת דניאל האַמלער איז געלעגן אין היץ און יסורים, קען מען זאָגן אַז ער האָט ניט געדענקט וועגן צניעות. אָבער זינט די היץ איז אָפּגעפאַלן און די ווייטאָגן זיינען געוואָרן קלענער, שעמט ער זיך ניט פאַר די פרעמדע יונגע נשים? בפרט אַז ער איז

אויפן לייב איינגעדאַרט און איינגעקוואַרט. משה חיית האָט געזען אַז די בחורים זיינען מבולבל, האָט ער זיך צעלאַכט.

„ווען איר קענט מענטשן אויף אַן אמת, ניט פון דעם חובת־הלבבות און על־פּי אייער ישיבה־בחורשער סברא, וואָלט איר פאַרשטאַנען אַז גראַד דאָס וויל דניאל האַמלער. ער וויל אַז מוידן אין ווייסע מלבושים זאָלן מיט זייערע הענט אָנרירן זיין אויסגעטריקנט לייב, אים צערטלען און קעכלען, אָנטאָן און אויסטאָן, קאָרמען ווי אַ קינד מיט אַ קליין לעפעלע און אים אויך פירן אין בית־הכסא."

די מוסרניקעס זיינען אויפגעשפּרונגען מיט פאַראיבלטע פּנימער, ווי זיי וואָלטן פלוצעם דערזען אַז זיי וואַשן זיך און בענטשן אויף ברויט וואָס איז פול מיט ווערעם. איינער האָט זיך געקאָכט אַז דער לאָהויסקער אבי־אבות־הטומאה איז מטמא דעם טיש מיט זיין ניבול־פּה. אַ צווייטער האָט געשריען אַז דער מופקר טראַכט אויס אויף דניאל האַמלער וואָס ער אַליין איז, כל הפּוסל במומו פּוסל. אַ דריטער האָט געשריען נאָך העכער אַז דער אַפּיקורס האָט ניט קיין וועלטישע באַקאַנטע וואָס זאָלן אים אויסהערן, שטופּט ער זיך צווישן ישיבה־לייט. דאָס היצן זיך פון די בני־תורה און זייער זידלען דעם לאָהויסקער אין קיך איז דערגאַנגען צום ראש־ישיבה. די אויערן האָבן אים גענומען ברענען נאָך רויטער פון זיין באָרד. דאָס האָט ער דאָך דעם האַמלער אָנגערופן דניאל איש חמודות. איז דניאל איצט אַראָפּגעזונקען צו אַזאַ אומגעזונטער תשוקה אַז דווקא פרעמדע נשים זאָלן גיין אַרום אים? דאָס מאָל האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן גערעדט צו די בחורים ניט מיט ׳דערהערן׳ און ניט געהאַלטן די שוואַרצאַפּלען אַריינגע־דרייט אויף אינעווייניק אין די וויסלען, כדי קיינער זאָל ניט חושד זיין אַז מען מיינט עס אים; דאָס מאָל האָט ר׳ שמחה געטייטלט אויף די בחורים מיטן פינגער.

„יעדערער פון אייך האָט געזוכט אַן אַנדער תירוץ ניט צו גיין און איז לסוף געגאַנגען מיט אַ שנאה אין האַרצן. האָט דער קראַנקער דערפילט אַז איר האָט אים פיינט און אים זיינען מער ניחא געדונגענע ווייבער ווי חברים."

די לערנער האָבן פאַרשוויגן אויס דרך־ארץ פאַרן ראש־ישיבה, זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז ער וואַרפט אויף זיי די שולד מער ווייל ער טראַכט באמת. נאָך אַ ישוב־הדעת מיט דער אייגענער לאַנגער באָרד איז ר׳ שמחה פיינערמאַן געקומען צו דער מסקנא, אַז מען דאַרף דעם האַמלער אַריבערפירן אויף אַ סטאַנציע אין אַ הימישער שטוב. פון צייט צו צייט וועט אים באַזוכן אַ דאָקטאָר און די חברים וועלן אים באַדינען. זונדל קאַנאַטאָפּער איז מיט דער שליחות אַוועק אין שפּיטאָל און איז באַלד צוריקגעקומען מיטן חולהס ענטפער, אַז ער וועט זיך מיט אַלע כוחות ראַנגלען מען זאָל אים ניט אַריבערפירן אויף אַ סטאַנציע, ווייל ער וועט דאָרט שטאַרבן, און די ישיבה וויל ער זאָל שטאַרבן. „ער איז משוגע געוואָרן?" האָט דער ראש־ישיבה געפרעגט מיט שרעק און נאָכאַמאָל דורכגעצויגן די

פינגער דורך דער לאַנגער באָרד, ביז ער איז געקומען צו איר שפּיץ און צום אויספיר: אויב דער קראַנקער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַז מען וויל אים חלילה אומברענגען, טאָר מען אים לעת־עתה פון שפּיטאָל ניט רירן. מען וועט נאָר דאַרפן דריקן אויפן האָמלערס חברים זיי זאָלן ווידער גיין צו אים, וויפל זיי זאָלן דערביי ניט מוזן אויסשטיין.

# 12

## לחלוטין ניט געביטן האָט זיך ר׳ דובער ליפּשיץ,

וואָס איז אַמאָל אינאיינעם מיט זונדל קאָנאָטאָפּער געפאָרן צו צמח לאַזשער אים מחזיר למוטב זיין. דובער בערעזינער, ווי מען האָט אים בחורוויז גערופן, האָלט ווייטער פאָרן תכלית פון זיין לעבן צו פאַרשפּרייטן די נאָוואַרעדקער תורה. זיין קורץ האָרט בערדל האָט נאָך אַלץ מורא צו וואַקסן אָן זיין הסכמה. און ר׳ דובער גיט ניט קיין הסכמה אויף גשמיות. נאָר די תנאים פון זיין לעבן האָבן זיך געביטן. איבער אַ מחלוקת מיטן רב און די בעלי־בתים, האָט ער געמוזט אַוועק פון זיין ישיבה־קטנה אין נאָרעווקע, אַ שטעטעלע לעבן נאָרעוועו. גלייך נאָך סוכות איז ער געקומען אין דער ישיבה־גדולה און פאַרלאַנגט מען זאָל מאַכן אַ מקום־תורה אין אַן אַנדער שטעטל, וואו ער, זיינע שטוביקע און אַ טייל תלמידים זאָלן קענען אַריבערפאָרן.

„אונדזערע בחורים ווילן אַנהייב זמן אין ערגעץ ניט פאָרן, זיי ווילן הערן חידושי־תורה און טאָן אין לערנען,״ האָט דער נאָרעוועער ראש־ישיבה אין מזרח־ווינקל פון ישיבה זיך געוויגט פון איין פוס אויפן אַנדערן. „מאידך גיסא ליגט אויף אונדז אי צו גרייטן שיעורים אי צו פאַרזאָרגן מיט אויסהאַלטונג אַזויפיל בני־תורה, כן־ירבו. קענען מיר איצט ניט אָפּלאָזן עלטערע בחורים וואָס העלפן אונדז פירן דעם בית־מדרש.״

„היוצא לנו מדברינו, איך דאַרף בלייבן אין נאָרעוועו און זיך וואַלגערן, ביז מען וועט זיך אויף מיר מרחם זיין,״ האָט ר׳ דובער אָפּגעשניטן. ער האָט זיך ניט געהאַלטן פאַר אַ גדול אין לערנען און ניט געפירט קיין גרויסע ישיבה, האָט ער וועגן זיך גערעדט בלשון יחיד ׳איך׳.

„לעת־עתה האָבן מיר ניט וועמען צו שיקן. אפשר אַרום פורים, דער סדר אין ישיבה ווערט שוואַכער, וועלן מיר דעמאָלט זען,״ האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן געקראָגן אַ פרעמד און פאַרקילט פּנים, דער ראש־ישיבה פון נאָרעווקע זאָל ׳דערהערן׳ אַז ער רעדט מיטן ראש־ישיבה פון נאָרעוועו.

ר׳ דובער ליפשיץ האָט מער ניט געָ׳ספּקט אַז ר׳ שמחה פיינערמאַן פירט מיט אים פּאָליטיקע. דער מרכז פון דער ישיבה אין נאַרעווע האָט פון שטענדיק געוואָלט צעברעכן נאַרעווקע. נאַרעווע פרייט זיך וואָס נאַרעווקע גייט אונטער... און ר׳ דובער האָט דערפילט אַ מישעניש אין קאָפּ פון זיין דאָפּלטער מלחמה סיי מיטן נאַרעווקער רב סיי מיטן נאַרעווער ראש־ישיבה. ער האָט אויך געפּרואווט ריידן מיטן בעל־תשובה.

„אַמאָל, ר׳ צמח, האָט איר געברענט אַ וועלט, איז פאַרוואָס זאָלט איר ניט אַרויספאָרן אָפּזוכן פאַר מיר אַ שטעטל? איך אַליין בין צו דעם ניט קיין בריה.״

„אַרויספאָרן וועל איך מייסד זיין אַ ישיבה, נאָכדעם קען זיך מאַכן אַז איך זאָל ניט קענען אָדער ניט וועלן צוריקקומען, ווי איך האָב שוין איינמאָל געטאָן.״ האָט צמח אַריבערגעצויגן דעם טלית העכער איבערן קאָפּ, כדי צו מאַכן אַ מחיצה צווישן אים און דער וועלט.

דער נאַרעווקער ראש־ישיבה האָט רוגזהדיק געשוויגן און געטראַכט, אַז אַן אמתער בעל־תשובה וואָלט זיך דערפרייט מיטן זכות צו קענען גרינדן אַ נייעם מקום־תורה. ער וואָלט אויך אַזוי שטאַרק ניט געציטערט פאַר אַרויסגיין אויף אַ קורצער צייט פון בית־מדרש. משמעות אַז דעם ר׳ צמח לאָמזשער ציט נאָך שטאַרק אין דער וועלט... און ר׳ דובער איז אַריינגעפאַלן אין עצבות: אם תמצא לומר אַז סוף־כל־סוף וועלן זיך אָפּגעפינען אַ פּאָר בחורים אַרויסצופאָרן, איז ווער ווייס אויב זיי וועלן געפינען אַ שטעטל, ומי יודע ווי לאַנג ס׳וועט דויערן ביז ער וועט קענען אַריבערברענגען די בני־בית. דערווייל וואַלגערט זיך די משפחה אין נאַרעווקע, די ישיבה וואָס ער האָט דאָרט אויפגעבויט מיט אַזויפיל מי צעפאַלט זיך, און ער דרייט זיך אַרום אין נאַרעווע אַן איבעריקער.

פונקט אין דער זעלבער צייט האָט זיך געמאַכט אַז ר׳ שמחה פיינערמאַן האָט באַדאַרפט אָוועקפאָרן אויף דער ווילנער אַסיפה און האָט מיטן נאַרעוור־קער ראש־ישיבה גערעדט שוין לגמרי אַנדערש ווי דאָס ערשטע מאָל: ר׳ דובער בערעזינער און זונדל קאָנאָטאָפּער דאַרפן צונויפרופן דעם וועד פון האָמלערס חברים און פועלן אַז די בחורים זאָלן ווידער גיין אָפּהיטן דעם קראַנקן. על־פי שכל וואָלט מיטן וועד באַדאַרפט אָנפירן ר׳ צמח לאָמזשער, דניאל האָמלער און זיינע חברים זיינען דאָך פון לאָמזשערס אַמאָליקן וועד עשירי־קודש. אָבער ר׳ צמח זאָגט אַז ער איז איצט ניט אין אַ מצב־רוח אָנצופירן מיט אַ שמועס און מען וועט זיך צו אים אויך ניט צוהערן. דאָך איז ער מסכים צו זיין דערביי, אויב דעם שמועס וועט פירן אַן אַנדערער. „הכלל, איר וועט זיין דער ראש־המדברים, אויך איך קען פון דעם אַרויסקומען אַ טובה. נאָר כאַפּט ניט איבער די מאָס, בערעזינער, אין ריבוי אחר ריבוי אלא מעט,״ האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן

זיך געוווערטלט, און ר׳ דובער ליפשיץ האָט ניט געוואוסט וואו ער האַלט אין דער וועלט. וויבאַלד מען טרויט אים אָן דעם וועד עשירי־קודש, איז דאָך משמע אַז נאַרעוועו פירט מיט אים ניט קיין פּאָליטיקע. פון דער אַנדערער זייט קען דאָס גופא זיין פּאָליטיקע. ר׳ שמחה האָט דאָך בלויז אָנגעוואונקען אַז אויך אים, דעם נאַרעוואקער ראש־ישיבה, קען פון דעם אַרויסקומען אַ טובה. למעשה האָט ער גאָרניט צוגעזאָגט.

נאָכדעם ווי דער ראש־ישיבה איז אַוועקגעפאָרן אויף דער ווילנער אַסיפה און יאַנקל פּאָלטאַוואער האָט פאַרפירט די מחלוקת מיטן גבאי סולקעס, האָט דער קאַנאַטאָפּער ממלא־מקום פון ראש־ישיבה גענומען אונטעראיילן מען זאָל צונויפ־רופן דעם וועד. „און בעת מיר וועלן מאָנען הלמאי מען גייט ניט אויף שמירה צום קראַנקן האָמלער, וועלן מיר אויך רייסן שטיקער פון פּאָלטאַוואער, שינדן פון פרא־אדם די הויט!״ האָט זונדל קאַנאַטאָפּער געברומט מיט זיין לייבן־קול, אָבער ר׳ דובער ליפשיץ האָט אַ צאַפּל געטאָן. „חלילה וחלילה! יאַנקל פּאָלטאַוואער איז אַ גרויסער אויפטוער, אַ מזכה־הרבים.״ ר׳ דובער האָט געוואוסט, אַז אויב ער קען נאָך האָפן אויף עמעצן וואָס זאָל אַרויספאָרן אָפּזוכן פאַר אים אַ שטעטל, איז עס אויף אין יאַנקל פּאָלטאַוואער.

דער וועד האָט זיך צונויפגעקליבן נאָך מעריב אין חדר־שני פון בית־מדרש. יעדערער פון דער גרופּע האָט געוואוסט אַז עוד חזון למועד, דער שמועס וועט זיך ציען ביז פאַרטאָג. אויבנאָן ביים טיש האָבן זיך אַוועקגעזעצט ר׳ דובער בערעזינער און זונדל קאַנאַטאָפּער, דער ערשטער ווי דער ראש־הוועד און דער צווייטער ווי דער מחזק. לענג אויס פון ביידע זייטן טיש זיינען געזעסן די בחורים, און אַנטקעגנאיבער ביים צווייטן ברעג — ר׳ צמח אַטלאַס. די געלבלעך־שטוי־ביקע שיין פון עלעקטרישן לאָמפּ איבער די קעפּ האָט געשפּילט אויף די לעדערנע רוקנס פון ספרים אין די אַלמערס. דאָס ליכט וואָס האָט זיך געמיניעט מיט געהיימע גאָלד־קאָלירן, האָט פאַרסודעט און פאַרטיפט די פאַרוואַקסענע פּנימער פון די פאַרזאַמלטע אַרום טיש, פאַרזונקענע אין שטילשווייגן. דער שטייגער איז, איידער מען הייבט אָן אַ שמועס אין מוסר רעדט מען ניט אַ היפּשע ווייל, כדי זיך אויסצוטאָן פון חומר און זיך אַריינטאָן אין העכערע ענינים.

דער ראש־הוועד און דער מחזק שאָקלען זיך אימפּעטיק אַהין און צוריק. בעת ר׳ דובער בערעזינער גיט זיך אַ וויג פאָרויס און טרעפט מיטן ברוסט־קאַסטן אין קאַנט פון טיש, טוט זונדל קאַנאַטאָפּער אַ פאַל אַהינטער. זייערע שאָטנס אויף דער וואַנט קעגנאיבער טוען זיי נאָך און זעען אויס ווי צוויי ריזן וואָלטן געשטאַנען אויף אַ הוידלקע און זיך פאַרוועט, ווער וועט אַ שטויס טאָן די הוידלקע העכער אין הימל אַריין. ר׳ דובער קוקט פון דער זייט מיט רוגזה אויף די בחורים וואָס ווילן ניט אָפּהיטן אַ קראַנקן חבר און ווילן אויך ניט אַרויספאָרן

מאַכן אַ נייעם מקום־תורה. די וואַרעמע געלעגערס און די אכילה צו דער צייט איז זיי אַ שאָד. אויף ראובן ראַטנער זאָגט מען אַז ער איז שטענדיק געווען פון די ערשטע בעלי־הטבה, נאָר לעצטנס איז ער אין צער, ווייל אים גייט זיך ניט איין צו טאָן אַ גוטן שידוך. וואָס זוכט ער, אַ כלה אויף היכצע קאָרקעס? זאָל ער נעמען אַ דינסטמיידל. און בכלל, וואָס וועט ער פאַרשפּעטיקן? צרות פון ווייב מיט קינדער וועט ער פאַרשפּעטיקן? — לאַכט אין האַרצן ר׳ דובער און טראַכט ביי זיך, אַז זונדל קאַנאַטאַפּער איז קליגער פון אַלעמען וואָס ער האָט נאָך ניט חתונה געהאַט. אָבער שמשול קופּישקער איז במחילת כבודו אַ שוטה. ער האַלט אין איין זאָגן פון סידור, איז ווי זאָל ער האָבן צייט פאַר דעם בין אדם לחברו? זיין פריערדיקער מחנך צמח לאַמזשער האָט אים איבער־געלאָזט אינמיטן וועג, איז ער פאַרקראָכן אויפן בית־הקברות.

ר׳ דובערס בליק פאַלט אויף חייקל ווילנער און ער ווערט נאָך פאַרכמור־רעטער. ניט דער ווילנער לערנט און ניט ער טוט אין מוסר. ער האַלט אין איין שמועסן מיט די בחורים און קוקט, קוקט אין אַלע ווינקעלעך אָן אויפהער. וואָס קוקט ער און וואָס זעט ער? זיין וואַלקעניקער מנהל ר׳ צמח קוועלט נאָך אָן פון אים אַז ער איז אַ שאַרפער מבקר. ביים נאַרעווער ראש־ישיבה ווידער איז ער אַ יחסן, ווייל ער איז דעם מחזה־אברהמס אַ תלמיד. איך זע אין אים גאָרנישט! איך וואָלט אים אַרויסגעטריבן! פאַרפלעכט ר׳ דובער זיין בערדל אין אַ האַרטן שפּיץ און אויך זיינע אויגן ווערן שפּיציק. דער ווילנער רעדט מיט נאַוואַרעדקער לשון און איז אַ בריה אויף זאָגן ׳דערהערן׳. דאָך הערט זיך פון אים אַפּיקורסות, ווי פון אַ הערינג־קרעמער דער ריח פון הערינג אַפילו בעת ער טראָגט זיינע שבתדיקע מלבושים. דער איינציקער שטיקל בעל־מדרגה דאָ איז יאַנקל פּאָל־טאַווער, כאָטש ער קען טאַקע אַפּטאָן ווילדע זאַכן, ווי בשעתו זיין פריערדיקער מורה־דרך צמח לאַמזשער. ר׳ דובער וויים ניט ווי אַרויסצוקריכן פון שוויגעניש וואָס האָט אים אַרומגענומען, עלעהיי ער וואָלט פאַרקראָכן אין אַ טייך אין אַן אָרט וואָס איז פול מיט שלאַם און וואַסער־גראָזן, ניט צו שטעלן קיין טראָט און ניט צו שווימען. לסוף דרייט ער אויס דעם קאָפּ צו איינעם וואָס ער האָט אויף אים בכלל ניט געוואָלט אַ קוק טאָן, צום פּולטוסקער חסיד.

דער נאַרעווקער ראש־ישיבה האַלט אַז מוסר און חסידות אינאיינעם זיינען געגליכן צו אָט יענעם שאָטן אויף דער וואַנט מיט די דאָפּלטע פּנימער, אָדער ווי דער צווייקעפּיקער אָדלער פון רוסישן קייסער. גאָר באַזונדער האָט ר׳ דובער פיינט דעם פּולטוסקער חסיד. פאַרוואָס שפּרינגען ביי אים די פּאות פון אונטערן היטעלע ווי צוויי באַרוועסע שקצימלעך? פאַרוואָס טראָגט ער אַזעלכע געפּוצטע שטיוועלעך? קיין צופאַל איז עס ניט. אַז דער קאָפּ ליגט אין געפּוצטע שטיוועלעך, ליגט ער ניט אין עבודת־השם. בעת דער עולם אין קיך ביים עסן שמועסט דברי־

תורה, די מאָגערע סעודה זאָל ניט זיין קיין זבחי־מתים, קייט דער פּולטוסקער אין גרויס איילעניש און הייבט ניט אויף דעם קאָפּ פון טעלער, ווי אַן איזל פון זאַק מיט האָבער, ביז ער רייבט ניט אַלץ אַריין. אַקוראַט אַזוי לערנט ער, זופּט די גמרא אַן מפרשים, אַרבעט מיט ביידע הענט ווי אַ ווינטמיל, דרייט אַ פּילפּול און שיט זאַמד אין די אויגן. אַלץ אין אים איז הוילע פאַרבלענדעניש, אָפּנאַרעריי. ישיבה־לייט שטייען אַ וואָכעדיקע שמונה־עשרה פינף מינוט, צען מינוט; דער פּולטוסקער שטייט אָדער אַ סעקונדע אָדער אַ האַלבע שעה. און וואָס מער ער שאָקלט זיך, אַלץ ווייניקער איז ער מכוון. דאָס קען זען אַפילו אַ בלינדער. אויך איצט שאָקלט ער זיך פרום. נאָר וויפל ער זאָל זיך ניט דבקען און ניט אויקען, ווייס מען אַז ער מיינט עס ניט. אים פאַרדריסט וואָס ער קריגט חלוקה ווייניקער פון אַנדערע. אים פאַרדריסט וואָס מען גיט אים אין קיך ביים עסן אַ קלענערן חלק פלייש, ווי אים דאַכט זיך. אים פאַרדריסט הלמאי מען האָט אים ניט געגעבן יענע סטאַנציע וואָס ער האָט געוואָלט און דערצו נאָך האָט מען אים געגעבן אַ טונקעלן ווינקל אין בית־מדרש. בלויז איין זאַך האָט אים ניט פאַרדראָסן, דאָס ניט שיקן אים אין אַ וועד. האָט זונדל קאַנאַטאָפּער אים פּלוצעם אַריינגעטריבן אין חדר־שני, ווי מען טרייבט אַריין אַן עוף אין שחיטה־שטיבל. אַלע ווייסן אַז פּונקט אַזוי טראַכט ער, דער חסיד. ער האָט דאָך בפירוש געזאָגט פאַרן גאַנצן בית־מדרש, אַז אויף אַ וועד פון די מוסרניקעס איז מען די בחורים בודק ווי אַ רב רייסט מיט די נעגל פאַנאַנדער די קישקעס פון אַ הון און זוכט אין פּופּיק אַ נאָדל. ר׳ דובער גיט אומגעריכט אַ געשריי אָן שום הקדמות, ווי אויסצופּרואוון זיין קול.

„איך האָב געהערט אין אייער נאָמען, פּולטוסקער, אַז ביי די מוסרניקעס וואַקסט מרה־שחורה ווי האָר אונטער די פּאַכוועס. פרעג איך אייך: וואָס איז אויף אייך אַזאַ פריילעכקייט?״

„ווער, איך?״ כאַפּט זיך דער פּולטוסקער מיט ביידע הענט ביים האַרצן. „איך האָב עס קיינמאָל ניט געזאָגט.״

„און פאַרוואָס קריגט איר זיך אַרום מיטן אָרשער און באַברויסקער פאַרן אָרט? לא מקומו של אדם מכבדו אלא אדם מכבד את מקומו,״ טוט אויף אים אַ הוקע זונדל קאַנאַטאָפּער.

„ווער, איך? ס׳איז מיין חזקה,״ פינטלט דער פּולטוסקער מיט די אויגן און קוקט זיך אַרום מיט אַ פאַרקלאָגטער צורה פאַרוואָס אים קומט צו זיין דאָס ערשטע כפרה־הינדל. ער דערציילט אַ לאַנגע מעשה ווי אַזוי דער אָרשער האָט אים געשטופּט, האָט ער געמוזט שטופּן דעם באַברויסקער און דער באַברויסקער האָט אים צוריקגעשטופּט. האָט ער געמוזט צוריקשטופּן דעם אָרשער... „מיר ווילן עס ניט הערן! גראָד ווייל איר האָט אויפן אָרט אַ

חזקה, דאַרפט איר אָפּטרעטן. ניט צונעמען יענעמס איז ניט קיין אויפטו, אויף דעם שטייט אין דער תורה, לא תגזול,״ שרייט דער קאָנאָטאָפּער מיט דער גרויסער באָרד און די קליינינקע שפּיזיקע אייגעלעך. דער נאַרעווקער ראש־ישיבה מיטן קליינעם בערדל און די גרויסע חלפים־אויגן שרייט נאָך העכער. „דאָ איז אייך ניט קיין חסידים־שטיבל, וואו מען וואַרפט זיך מיט נאַסע האַנ־טעכער און ייִנגלעך זאָגן צו זקנים ׳דו׳, דאָ איז נאַוואַרעדאָק!״

דער חסיד שפּרינגט אונטער, וואַרפט זיך און קאָכט זיך אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. איידער ער באַוויזט זיך אַרויסצופּלאָנטערן, גיט זיך ר׳ דובער ליפשיץ נאָכאַמאָל אַ שאָקל און טרעפט אים ווידער מיט אַ וואָרט, ווי אַ געשיקטער יעגער וואָס רייט אויף אַ פערד און טרעפט מיט זיין פייל אַ פויגל אינמיטן פלי. „אויך איר האָט זיך שוין אָנגעשטעקט מיט דער זאַראַזע פון לייענען צייטונגען?״ דער פּולטוסקער נעמט וויינען אָן טרערן אַז ער לייענט בלויז די וואַרשעווער פרומע צייטונג וואו מען זידלט די ציונים. נאָר דער ראש־הוועד הערט אים שוין ניט, ער באַטראַכט ווידעראַמאָל פון דער זייט דעם ווילנער: וואָס טוט ער צווישן פרומע בני־תורה? אַזאַ איינער איז פאַרן בית־מדרש סם־המוות, מען דאַרף זיך פאַר אים היטן ווי פאַר פייער, ער פרעסט אַלץ מיט די אויגן. און ווער איז שולדיק? דער נאַרעווער ראש־ישיבה וואָס איז דעם ווילנער מקרב איז שולדיק!

ר׳ דובער הייבט אָן שטיל, ווי ער וואָלט איינגעטענהט מיט זיך אַליין: דער מסילת־ישרים זאָגט אַז מענטשן פאַרגעסן גראָד אַזעלכע התחייבותן וואָס אַלע ווייסן. דערפאַר זיצן בעלי־מוסר צוזאַמען, כדי איינער דעם אַנדערן צו דערמאָנען וואָס אַלע ווייסן און פאַרגעסן. אַלטע ייִדן מיט ווייסע בערד, גאוני־עולם און צדיקים, ווי ר׳ ישראל סאַלאַנטער, זיינע חברים און תלמידים אשר מפיהם אנו חיים, האָבן איינע פאַר די אַנדערע זיך ניט געשעמט מיט זייערע חסרונות. דאַרפן מיר זיך אַוודאי ניט שעמען, ווייל כל־זמן אַ מענטש ווייס זיין פעלער, קען ער נאָך געהאָלפן ווערן. אָבער יענער וואָס ווייס ניט זיין פעלער, אָדער שטעלט אים נאָך אַרויס פאַר אַ מעלה, אַזאַ סאָרט מענטש איז אַ פאַרפאַלענער לעולם ועד. און דאָס איז דער סימן מובהק פון אַ בעל־מוסר, ער איז אַ מבין אויף זיך גופא און הייבט אָן פון זיך גופא.

דער ראש־הוועד קייט מיט די ציין זיין שפּיץ בערדל און קרימט זיך, ווי פון די אַריינגעכאַפּטע האָר צווישן די ליפּן וואָלט אים ביטער געוואָרן אין מויל. באַלד נעמט ער זיך ווידער שאָקלען. „איז פון וואָס האָבן מיר גערשמועסט, רבותי? אַז אַ מענטש דאַרף קודם־כל אָנהייבן פון זיין אייגענעם חסרון, האָבן מיר גע־שמועסט, רבותי. ווייל איך טאַקע אָנהייבן פון זיך און זייט איר מיינע שופטים.״ ר׳ דובער נעמט דערציילן פון זיין מחלוקת אין נאַרעווקע און זיין פּנים באַדעקט זיך מיט אַ נעץ פון קנייטשעלעך: ער האָט ניט געקענט ליידן אַז דער רב און די

בעלי־בתים זאָלן אים זאָגן אַ דעה ווי צו פירן די ישיבה. נאַרעווקער יידן ווידער האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן זיין אַריינמישן זיך אין די שטעטלשע ענינים. זאָל ער צוזען און שווייגן ווען געגאָלטע מאַרדעס און מחללי־שבת בעל־הבתעווען אין קהילה? און אַז אַ גביר אַ גראָבער נפש קרימט מיט דער נאָז הלמאי אין בית־מדרש הערט זיך אַ שלעכטער געדוך פון די ישיבה־יינגלעך וואָס שלאָפן דאָרט, זאָל ער אַזאַ הדיוט ניט אָפּענטפערן ווי ער פאַרדינט? ניט פאַר זיין כבוד וועגן האָט ער געפירט אַ מחלוקת, לשם שמים האָט ער געפירט אַ מחלוקת און דאַרף אויך איצט ניט אָפּטרעטן. פון דער אַנדערער זייט איז ער געוואוינט צו לערנען מיט תלמידים, בעת אין דער פרעמד איז ער אַ הולך־בטל, זיינע בני־בית אין שטעטל הונגערן פשוטו כמשמעו, און די ישיבה דאָרט צעפאַלט זיך. וואָלט ער אין פלוג באַדאַרפט צוריקפאָרן קיין נאַרעווקע און זיך איבערבעטן מיט די קעגנער. וואָס וועלן אָבער זיינע תלמידים זאָגן? זיי הייסט ער לעבן אויף בטחון און אַליין פאָלט ער כורעים פאַר אַ בעל־הבית, וואָס איז מנדב פאַר דער ישיבה שוואַרץ ברויט מיט הערינג? זיינע תלמידים וועלן אים האַלטן פאַר אַן אָפּנאַרער און טאָן פונקט דאָס פאַרקערטע וואָס ער לערנט זיי. הכלל, ער איז אין דער בחינה פון אַ האָן אין פאַקעלעס, ער קריכט אַרויס מיט איין פוס און קריכט אַריין מיטן אַנדערן פוס. איז אַדרבא, זאָלן יראים ושלמים אים זאָגן דעם אויסוועג.

די צוהערער פאַרשטייען דעם אויסוועג. קיין נאַרעווקע דאַרף מען שיקן אַ פּאָר עלטערע וואָס זאָלן דאָרט איינהאַלטן די ישיבה־קטנה, און פאַר ר׳ דובער בערעזינער דאַרף מען אָפּזוכן אַן אַנדער שטעטל. די בחורים אָבער ווילן ניט פאָרן, שווייגן זיי. ר׳ דובער צעברענט זיך און נעמט אַריינזאָגן: דער מתמיד איז תמיד פאַריאָגט. היום קצר והמלאכה מרובה, זאָגט ער. ער וויל באַווייזן איינצו־שלינגען די גאַנצע תורה און מחדש זיין אַלע חידושים. וואָלט ער אָבער געדענקט אַז ער איז אַ טיפּה סרוחה, וואָלט ער דאָך אויך געדענקט אַז נאָך אים וועלן קומען אַנדערע. וואָס זשע וועט בלייבן פאַר זיי, אויב ער וועט אויסכאַפּן אַלע חידושים? די קשיה איז נאָך גרעסער אויף נאַוואַרעדקער בעלי־מוסר. כדי אַרויסצורייסן אַ יידיש קינד פון די יעווסעקעס אין רוסלאַנד, זיינען זיי געגאַנגען אויף מסירת־נפש. ווי זשע קומט עס אַז היינט, בעת מען דאַרף ניט איינשטעלן דאָס לעבן, וויל מען גאָרניט טאָן פאַר הרבצת־תורה? — ציט ר׳ דובער ליפּשיץ אויס דעם קאָפּ אַהינצו וואו ר׳ צמח אַטלאַס זיצט, ער זאָל וויסן אַז מען מיינט עס אויך אים! דער תירוץ איז, זינגט ר׳ דובער ווייטער, אַז גראָד ווייל מען דאַרף ניט מער היינטיקע צייטן איינשטעלן דאָס לעבן, איז מען געוואָרן אָפּגע־שוואַכט. פאַראַן אַ סאָרט מענטש וואָס די מאָס פון גרויס און קליין איז ביי אים ניט די מצווה אָדער די עבירה גופא, נייערט וויפל ער שטעלט איין דערביי. אויב דאָס ניט נאָכגעבן זיך דאַרף אים קאָסטן אַ סך געזונט, אַ שטיק לעבן, וועט ער

זיך ניט נאָכגעבן. אָבער אין ניט־דערשלאָגן דעם קליינעם נסיון ליגט די גרעסטע סכנה. ס׳איז לייכטער אויסצוהאַלטן אַ גרויסן נסיון וואָס פֿאַרלאַנגט די אָנשטרענגונג פֿון אַלע אונדזערע כּוחות אויף איינמאָל, איידער האָבן צו טאָן מיט קליינע נסיונות טאָג־איין טאָג־אויס — צעקרעכצט זיך דער נאַרעוועקער ראש־ישיבה און ווערט אַנטשוויגן. בא ללמד ונמצא למד, טראַכט ער. ניט בלויז דעם לאָמזשער, אויך אים, דובער בערעזינער, איז בחורוויז אין רוסלאַנד לייכטער געווען זיך מוסר־נפש זיין ווי איצט בייצוקומען קליינע וואָכעדיקע דאגות.

דער מחזק פֿון וועד, זונדל קאָנאָטאָפּער, איז פּלאַם־פֿייער: היתּכן! ער איז געבליבן אַן אַלטער בחור און זיין איינציקע פֿרייד אין לעבן איז, טאָן מיט ייִנגערע אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן בעלי־מדרגה. וועגן זיך אַליין פֿאַרגעסט ער. דער ראש־ישיבה איז צופֿרידן וואָס ער האָט אַן אַרויסהעלפֿער, איילט ער זיך ניט צו געפֿינען פֿאַר אים אַ שידוך און פֿרעגט אים אַפֿילו ניט צי ער דאַרף געלט אויף אַ נייעם בגד. אויב אָבער בעלי־מוסר זאָלן ניט גיין אָפּהיטן אַ קראַנקן חבר, איז עק וועלט און מען דאַרף פֿאַרמאַכן דעם בית־המוסר, ווי אַ קרעמער וואָס האָט אָנגעזעצט. זונדל קאָנאָטאָפּער זוכט מיט די שטעכיקע אייגעלעך פֿון וועמען אָנצוהייבן און נעמט זיך ווידער צום פֿולטוסקער, דעם פֿריערדיקן שעיר לעזאזל. אַ פֿאַרנודעטער צום טויט פֿון מרה־שחורהדיקן שמועס, האָט דער חסיד זיך אַ פּאָר מאָל אַרויסגעכאַפּט אויף נקבים, זיך היפּש געזאַמט, און ביים צוריקקומען זיך לאַנג געוואַשט די פֿינגער, געקוועטשט מיט די אויגן און געזאָגט מיט כּוונה אשר־יצר.

„צדיקל, מיר קענען אייך!״ טוט דער קאָנאָטאָפּער אַ גוואַלדעווע: חסידים מיינען אַז דער רבי איז זיי מוציא, ער קריכט אַנשטאָט זיי אין הימל. בעלי־מוסר אָבער ווייסן אַז די תּורה איז אַ חובת־גבֿרא, אַלץ מוז מען טאָן אַליין! זונדל צעוואַרעמט זיך און נעמט אויך אַריינזאָגן יאַנקל פֿאַלטאַווער: ווער איז נאָך געווען אַ גרעסערער פּרא־אדם ווי ישמעאל? די תּורה אַליין רופֿט אים אַן מיט דעם נאָמען. דערציילן אונדז חז״ל אַז ער האָט זיך געגרייסט קעגן יצחק אבֿינו. „דיך האָט מען מל געווען צו אַכט טעג און איך האָב זיך געלאָזט באַשניידן צו דרייצן יאָר.״ האָט אים יצחק געענטפֿערט אַז אויב דער אייבערשטער וועט וועלן, איז ער גרייט מקריבֿ זיין אַפֿילו דאָס לעבן. און ער האָט עס טאַקע באַוויזן ביי דער עקידה. דער מוסר־השכּל פֿון דעם איז, דער פּרא־אדם שפּרינגט יעדן אין פּנים אַריין און באַרימט זיך נאָך אַז ער פֿירט אַ מלחמה לשם שמים. אָבער דער אמתער פֿרומער און ערלעכער איז אַ געלאַסענער און איידעלער. דאַרף מען, איז ער זיך מוסר־נפש; דאַרף מען ניט, זיצט ער רויִק.

יאַנקל פֿאַלטאַווער דרייט זיך, ווי די באַנק אונטער אים וואָלט געסמאַליעט. ער וואַרט אַז דער מחזק פֿון וועד זאָל נעמען ריידן צו אים אַן אָנצוהערענישן

און ניט פון הינטן אַרום, וועט ער דעמאָלט ענטפערן, אוי, וועט ער ענטפערן! נאָר ר׳ דובער ליפשיץ וויל ניט קיין קריג מיט יאַנקל פּאָלטאַווער, דעם איינציקן פון דער חברה וואָס פּאַרט אַמאָל אַרויס מאַכן אַ ישיבה־קטנה אין אַ שטעטל. רייסט ר׳ דובער איבער דעם צעהיצטן קאַנאָטאַפּער און באַנייט דעם שמועס וועגן קראַנקן אין שפּיטאָל:

דניאל האָמלערס חברים טענהן אַז ער איז געוואָרן אַ מקפּיד, קאַפּריזנע, ער איז ניט מכיר־טובה. דאָס איז דאָך פּונקט וואָס די וועלטישע פאַרלאַנגען, אַז יענער וואָס דאַרף זייער לאָסקע זאָל זיי ניט צופיל מטריח זיין. דערביי מוז ער אויך האָבן אַ נעבעכדיקן אויסזען. אויב ער איז אַ יורד און וויל ניט זיין קיין נכנע, מעג ער שטאַרבן פון הונגער. איז מילא אַז די וועלטישע האָבן ניט קיין סבלנות צום קראַנקן און נויטבאַדערפטיקן, גלייבן זיי דאָך ניט אין אַ רבונו־של־עולם וואָס איז אַן ארך־אפּים אויך מיט זיי. אָבער ווי קומט עס אַז בני־תורה זאָלן ניט וויסן ווי מען דאַרף מטיב זיין? „בימי הבלי האָב איך זיך אַ סך אָנגעזען,״ שאָקלט ר׳ דובער טרויעריק מיטן קאָפּ ביים דערמאָנען זיך וויפל ער איז אויסגעשטאַנען פון די נאַרעווקער מנדבים: פאַראַן אַפילו בעלי־רחמים — פאַרשטעלטע בעלי־מקנא. לגבי דעם מוצלח און בעל־כשרון פילן זיי זיך הינטער־שטעליק, זוכן זיי מיט ליכט דעם שלימזל, אַזעלכע פאַלשע בעלי־רחמים גייען שטענדיק אַרום און זיפצן, אַז ס׳איז אַ וועלט פון הבל הבלים און נאָר דאָס ביסעלע גוטס וואָס זיי טוען האַלט זיי אונטער ביים לעבן...

אַ פאַרזונקענער די גאַנצע צייט אין אַ שטילשוויגן וואָס שטראַלט אויס פון זיך אַ טרויער, ענלעך צו אַ ליכט אין נעפּל וואָס שטראַלט אויס פון זיך אַ ראָד פון געלן שיין — זיצט צמח אַטלאַס דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף דער באָרד און הערט זיך צו. ער ווייס אַז פון ראש־הוועד ר׳ דובער בערעזינער ריידן אויך אַרויס אייגענע פאַראיבלס און טענות. פונדעסטוועגן איז ר׳ דובער ביי אַלע זיינע נסיונות און דורכפאַלן געבליבן אַ גאַנצער מענטש. ער האָט זיך צעקריגט מיט אַ רב און בעלי־בתים, ניט מיט דער תורה, און איז קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטן פון גלייכן וועג. ער זאָל דאַרפן ווערן אַ חוזר־בתשובה. וואָרום דער בעל־תשובה איז אַ מענטש וואָס זיין לעבן איז שוין צונויפגעדראָטעוועט פון שטיקלעך און שערבלעך, ווי אַ געפּלאַצטער ליימענער טאָפּ.

## 13

**די טיר עפנט זיך האַסטיק,** אין חדר־שני שטעלט זיך אַריין משה חיים לאַהויסקער. ער האָט אַן אויסזען ווי ער וואָלט ערשט מיט אַ פּאָר מינוט פריער אַרויס פון דער מסיבה און איז איצט צוריק אַריין. זיין באַווייזן זיך רופט אַרויס אַ שטילע מהומה, די בחורים בלייבן זיצן מיט אויסגעצויגענע פּנימער. די צוויי עלטערע הערן זיך אויף שאָקלען און קוקן אַריבער צו ר׳ צמח לאַמזשער וואָס בלייבט אויך זיצן אַ פאַרצאָגטער. ער פאַרשטייט אַז ווען ער וואָלט ניט געווען ביים וועד, וואָלט דער לאַהויסקער ניט געהאַט די חוצפּה און דעם אינטערעס צו קומען.

משה חיים זעצט זיך פלינק אַריין אויף אַ פרייען אָרט, צווישן ראובן ראַטנער און שמשול קופּישקער.ביידע דרייען אָפּ פון אים די קעפּ, אָבער ער באַמערקט כלומרשט ניט די שטוינונג, די צערודערונג. דער עולם קומט ביסלעכווייז צו זיך, אַלע פאַרשטייען אַז מען דאַרף דעם ניט־געבעטענעם גאַסט ניט באַמערקן און ניט לאָזן זיך פון אים אויפהעצן. ר׳ דובער דבקעט זיך אַ ווייל מיט פאַר־מאַכטע אויגן ביז ער הייבט ווידער אָן:

איז וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט, רבותי? וועגן הבדל צווישן די אנשי־העולם און די אנשי־התורה האָבן מיר גערעדט, רבותי. לכאורה קען דער מענטש וואָס זאָגט זיך אָפּ פון תענוגים ניט זיין קיין גוטער און ווייכער, ווייל ער איז שטענדיק פאַרטאָן אין דער סאַמע שווערסטער מלחמה, אין דער מלחמה מיטן יצר־הרע. איז טאַקע דער איש־הרוח בטבע אַ שטרענגער מענטש, בעת דער מענטש וואָס איז פאַרטאָן אין גשמיות זעט אויס אַ פריילעכער, אַ פאַרגינער, אַ מזג־טוב. און פאַרוואָס זאָל דער עולם־הזהניק זיין שלעכט צו אַנדערע ווען ער איז אַזוי גוט צו זיך אַליין? נאָר אָט די גוטסקייט פון וועלטישן איז בלויז אַן אויבנאויפיקע, לפי האמת וועט ער אויפּן וועג פון זיין ניט־דערגרייכטער תאווה צעטרעטן אַלץ וואָס שטייט אים אין וועג. דער עולם־הזהניק קען העכסטנס זיין אַ גוטמוטיקער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויף אַ באַשטימטער צייט אָנגעזעטיקט. אָבער אַ גוטמוטיקער איז נאָך ניט קיין גוטער, ווי חכמהן זיך איז נאָך ניט קיין חכמה. און דווקא דער פּרוש וואָס פירט זיין גאַנץ לעבן אַ ביטערע מלחמה מיטן יצר־הרע, ער וועט העלפן מיטן גאַנצן האַרצן דאָרט וואו די תורה הייסט אים העלפן. ער ווייס ניט פון נאָכגעבן; דער מענטש וואָס לעבט פאַר אַ ציל און מיט אַ חשבון, וועט אויך אַנדערע ניט נאָכגעבן אָן אַ חשבון; דער איש־הרוח ווייס פון געבן — וואו און ווען מען דאַרף. און אָט די מידה לערנט ער זיך ביים רבונו־של־עולם, מה הוא רחום אַף אַתה רחום. „איר האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, ווילנער?“

גיט זיך ר׳ דובער ליפשיץ אַ דריי־אויס צו חייקלען און די קנייטשעלעך אַרום זיינע אויגן ווערן האַרט ווי שטריק.

„ניין, איך האָב גאָרניט געוואָלט זאָגן," ענטפערט חייקל און כאַפּט זיך פאַרט אַרויס. „לויט דעם קומט אויס אַז חוץ די אנשי־התורה איז עס אַ וועלט פון גאָלע רשעים."

„אַוודאי איז עס אַ וועלט פון גאָלע רשעים!" שרייט זונדל קאָנאַטאָפּער און קוקט אַריבער מיט פאַרוואורף צו ר׳ צמח אַטלאַס הלמאי ער האָט וועגן דעם זיין וואַלקעניקער תלמיד ניט דערציילט.

אָבער דער ווילנער האָט פיינט אַז מען שרייט אויף אים און ענטפערט גלייך אָפּ: דער מענטש זאָל לגמרי אַרויסקריכן פון זיין הויט און טאָן גוטס אָן שום אייגננוץ איז בכלל ניט געמאָלט. אַפילו ווען דער בעל־הטבה האָט ניט קיין אויסרעכענונג פון כבוד צי תשלומים, ווייל יענער האָט אים געהאָלפן, אָדער פון אַ חשבון אויף שפּעטער, יענער וועט אים העלפן — העלפט ער דעם צווייטן כדי דורך דעם אָפּדאַנקען דעם גוטן מזל וואָס ניט אים האָט געטראָפן די צרה. אָדער ער העלפט דעם צווייטן פון פּחד, דאָס הייסט, ער וויל אונטערקויפן דעם גורל אַז מיט אים זאָל ניט טרעפן דאָס זעלבע. אָדער ער איז מיטן געליטענעם מטיב, כדי ער זאָל נאָכדעם קענען רואיק הנאה האָבן פון לעבן. פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס קענען לויט זייער נאַטור ניט קאַרג זיין און גיבן איטלעכן וואָס ער פאַר־לאַנגט פון זיי. דערפון איז קלאָר אַז אין יעדן פאַל קען מען זוכן און געפינען אַן אייגננוציקע סיבה וואָס טרייבט דעם מענטשן צו טאָן גוטס.

דער ווילנער באַווייזט קוים ענדיקן און ר׳ דובער ליפשיץ נעמט שוין קעגן אים פייערן: וואָס מיינט ער מיט די ווערטער אַז דער בעל־הטבה העלפט פון פּחד, כדי דורך דעם אונטערקויפן דעם גורל? ווי קומט אַזאַ רעיון צו אַ מאמין? אַנשטאָט ריידן וועגן השגחה־פּרטית, רעדט דער ווילנער וועגן גורל, און לויט זיינע רייד קומט אויס אַז דער גורל איז עפּעס אַ מין חיה־רעה וואָס מען מוז כסדר אָנקאָרמען, זי זאָל ניט אָנפאַלן און אויפפרעסן. פע! פון אַזעלכע ווער־טער שמעקט מיט טרפות און כפירה, ווי מיט רפואות אין אַ חדר פון אַ חולה מסוכן. היינט די וואַזשנע חכמה אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס קענען לויט זייער נאַטור ניט זיין קאַרג! אטו ברשיעי עסקינן? מיר ריידן דען וועגן לעב־יונגען און פאַרשווענדער? וועגן בעלי־מוסר און אנשי־רוח ריידן מיר.

חייקל האָט גוט געדענקט ענלעכע שמועסן מיטן וואַלקעניקער מנהל. איצט זיצט ר׳ צמח אַטלאַס און שווייגט ווי פון הינטער אַ וואָלקן; און וואָס לענגער ער שווייגט, אַלץ גרעסער ווערט דער וואָלקן אַרום אים. אַנשטאָט אים רעדט איצט ר׳ דובער ליפשיץ ווידעראַמאָל וועגן מענטש, ווי אויסער דעם בן־אדם וואָלט קיין וועלט ניט געווען. חייקל קען נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן דעם וואַלקעניקער

וואָלד מיט די דריי טייכן וואָס גיסן זיך צוזאַמען הינטערן שטעטל. דאָרט וואו זיי גיסן זיך צוזאַמען זעט מען מיטן הוילן אויג זייערע פאַרשיידענע קאָלירן. איין טייך איז גרינלעך־בלוי, דער צווייטער טייך איז גרוי ווי בליי, און דער דריטער טייך איז דורכזיכטיק־געל. ווען מען טונקט אָפּ אַ האַנט אין וואַסער אויפן אָרט וואו די טייכן קומען זיך צוזאַמען, דערפילט מען אַ וואַרעמען שטראָם און אַ קאַלטן שטראָם. די ישיבה־לייט אין וואָלקעניק אויף דאַטשע האָבן זיך קיינמאָל אויף דעם ניט אומגעקוקט. דער מנהל ר׳ צמח האָט בכלל ניט קיין חוש פאַר יופי, ניט פאַר דער שיינקייט פון אַ בוים און ניט פאַר אַן ארון־קודש, אויסגעשניצט פון אַ בוים. אויך דער מחזה־אברהם האָט חייקלען ניט איינמאָל גע־ענטפערט אויף זיין פרעגן, פאַרוואָס ער האָט פאַרן וואַלד ניט קיין התפעלות, „איך קען ניט אַלץ באַוויזן.״ דער מחזה־אברהם איז אַ גאַנץ לעבן אַריינגעטאָן אין ש״ס און פוסקים. די בעלי־מוסר גראָבן זיך אין די כוחות־הנפש פון מענטשן. נאָר חייקל טראַכט אַז די וועלט איז גרעסער און טשיקאַווער פון מענטש, דעם עולם־קטן.

ער נעמט זיך ווידער צוהערן צום שמועס, ס׳רעדט ראובן ראַטנער. ער הייבט אונטער אויף זיין שטייגער די דאַרע אַקסל און באַוועגט מיט די פינגער, ווי ער וואָלט די ווערטער אַרומגעטאַפּט: בני־אדם, זאָגט ער, געהערן צו דער עלנטער משפחה פון די יושבי חושך וצלמות. אפשר איז אַמאָל יאָ געבוירן געוואָרן אַ גליקלעכער בן־מלך, קיינער איז אָבער נאָך קיינמאָל ניט געשטאָרבן קיין גליקלעכער בן־מלך. פון דער אַנדערער זייט איז דער מענטש דער בחיר־היצורים וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם־אלוקים. מיט זיין גוטער אָדער שלעכ־טער פירונג איז ער מתקן אָדער מקלקל די גאַנצע בריאה. לייגט עס אויף אים אַרויף אַ גוואַלדיקע אַחריות, ווייל אויב ער האָט אַן אומריינע כוונה אין עבודת־השם, אָדער ביים העלפן אַ חבר, קען ער חרוב מאַכן וועלטן.

דער ראש־הוועד ר׳ דובער ליפשיץ קרימט זיך און דרייט זיך. אים ווילט זיך אויסשרייען אַז ראובן ראַטנער רעדט מעשה מקובל, דאָך וויל ער ניט גיין אָפּהיטן אַ קראַנקן חבר און וויל אויך ניט פאַרן מייסד זיין אַ נייעם מקום־תורה. אָבער אַזוי שאַרף קען מען צום ראַטנער ניט ריידן, ער איז פון די מצוינים און שטייט אין שידוכים. שווייגט ר׳ דובער, אַ דערצאָרנטער פון די סתם שיינע רייד, און אויך די אַרומיקע שווייגן. אפשר דערפאַר וואָס קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן, האָט חייקל ווילנער ווידעראַמאָל גענומען ריידן, כאָטש שפּעטער האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס ס׳האָט אים געשטופּט דערצו:

דער מענטש איז ניט דער בחיר־היצורים און די וועלט איז ניט באַשאַפן געוואָרן צוליב אים. דער מענטש איז אַפילו טיפער און טשיקאַווער, ווען מיר קוקן אויף אים ווי אויף אַ חלק פון דער בריאה און ניט ווי אויף איר תכלית. ער

איז בלויז איין קעמערל אין גרויסן בנין פון דער יצירה און מיר דאַרפן זוכן צו דערקענען דעם גאַנצן בנין. דערפאַר דאַרפן מיר וויסן אַז דאָס קעמערל איז פריער ווי די חפצים וואָס זיינען אין אים אַריינגעשטעלט, דאָס הייסט, די עצם בריאה פון מענטש און זיינע געוואוינטשאַפטן זיינען פריער ווי זיין שיטה אין לעבן. בעת עמעצער הערט ווי פייגל זינגען, ווערט אים לייכטער אויפן האַרצן, ווייל אין זינגען פון די פייגל דערהערט ער אַז סיי די בייזע חלומות פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט סיי די דאגות פון דעם נייעם טאָג זיינען ניט אייביק. דער מענטש פילט, אַפילו אויב ער טראַכט ניט וועגן דעם, אַז ניט מיט אים האָט זיך די בריאה אָנגעהויבן און ניט מיט אים וועט זי זיך ענדיקן. ער ווייס דאָך אַז פייגל לעבן בדרך־כלל ווינציקער פון אים און קענען זיך באַשיצן נאָך ווינצי־קער, פונדעסטוועגן זינגען זיי. און דאָס מאַכט דעם בן־חלוף לייכטער אויפן געמיט, ער זאָל זיך ניט זען ווי דעם מרכז פון אַלע עולמות און ער זאָל אויך פאַרשטיין אַז מען קען ניט דערקענען זיך אַליין, אויב מען דערקענט ניט די וועלט אַרום זיך.

די בחורים זיצן מיט פאַרקנייטשטע שטערנס און פאַרפרעמדטע צורות, הגם בעת זיי שמועסן מיטן ווילנער ביחידות קענען זיי אויסהערן נאָך שאַרפערע ניט־פרומע געדאַנקען. דער קאָנאָטאָפּער לעכערט חייקלען דורך מיט שפּיזיקע אייגעלעך און ר׳ דובער ליפשיץ קוקט אויף אים לאַנג פון אונטער פאַרשפּיצטע ברעמען, איידער ער ענטפערט אים.

„איר זאָגט אַז מען קען ניט דערקענען זיך אַליין, אויב מען דערקענט ניט די וועלט אַרום זיך. בעלי־מוסר זאָגן פאַרקערט, מען קען ניט דערקענען די וועלט, אויב מען דערקענט ניט זיך אַליין. דער יסוד־היסודות פון מוסר איז: דערקען זיך אַליין!"

„מענטש, דערקען זיך אַליין, האָט שוין געזאָגט סאָקראַטעס טויזנטער יאָר פריער פון די נאָווהאַרעדקער מוסרניקעס," גיט משה חייט לאַהויסקער אַ שפּרונג אַריין אין שמועס פּלוצעם און מיט רציחה.

„נו יאָ, סאָקראַטעס פון די חכמי־יוון, אַפּלטונס תּלמיד," רעדט ר׳ דובער מיט ביטול איבער זיין אַקסל, ווי ער וואָלט די בחורים געוואָרנט אַז זיי זאָלן אַפילו די קעפּ ניט אויסדרייען.

„סאָקראַטעס איז אַפּלטונס רבי, ניט זיין תּלמיד," פאַרריכט אים משה חייט לאַהויסקער.

„פון וואַנען ווייסט איר אַז סאָקראַטעס איז אַפּלטונס רבי און ניט זיין תּלמיד?" טוט ר׳ דובער נאָך אַלץ ניט קיין קוק אויף יענער זייט פּלייצע.

„וואָס הייסט פון וואַנען ווייס איך? ווער ווייס עס ניט? אין איטלעך ביכל

שטייט עס שוואַרץ אויף ווייס," שרייט דער לאָהויסקער און וואַרט אַז די בחורים וואָס זיצן מיט געליימטע צורות זאָלן זיך אַריינמישן.

„איז ביי אייך אין די ביכלעך אַ טעות," ענטפערט רואיק דער נאַרעווקער ראש־ישיבה.

„דעם טעות מאַכט איר, ניט די ביכלעך. סאָקראַטעס איז פּלאַטאָנס לערער, ניט זיין תלמיד. זיין לערער! זיין לערער!" האַלט זיך דער לאָהויסקער ביים קאָפּ ווי די אָדערן אין זיינע שלייפן וואָלטן געפּלאַצט.

„ער איז גערעכט, סאָקראַטעס איז אַפּלטונס רבי און ניט זיין תלמיד," קוקט זונדל קאָנאָטאָפּער מיט שרעק אויפן ראש־הוועד, וואָס לאָזט זיך אַריין איבער אַ שטות אין אַ קריג מיטן מופקר. ר׳ דובער דערקענט אויך אויף די פּנימער פון די אַנדערע בני־תורה אַז דאָס מאָל האָט ער געהאַט אַ טעות. הויקערט ער זיך איין און נעמט ריידן וויך, הכנעהדיק: איצט דערמאָנט ער זיך אַז סאָקראַטעס איז אַפּלטונס רבי און ניט פאַרקערט. אייגנטלעך איז גאָר קיין חידוש ניט וואָס אַ חכם פון די חכמי־אומות־העולם זאָגט דאָס זעלבע וואָס מוסר. מוסר האָלט גאָרניט פון זאָגן נייסן און איז בכלל ניט קיין נייע שיטה אין יהדות, נייערט איז אַ וועג פון מחנך זיין דעם מענטשן דורך דערמאָנען אים זיינע חובות וואָס ער ווייס און פאַרגעסט זיי, ווי מען האָט שוין פריער געשמועסט. אויך אין דעם זעט מען דעם אונטערשייד צווישן וועלטישע מחברים און די אנשי־התורה. פאַר־צייטיקע גאונים האָבן אין די הקדמות צו זייערע ספרים געשריבן אַז זיי זיינען ניט געקומען מחדש זיין חידושים, בעת איטלעכער פון די היינטיקע שרייבערלעך רעדט זיך איין, ער אַנטדעקט אַ נייעם שטערן. אָבער אַקוראַט ווי די שטערן זיינען ווייט פון כדור־הארץ, אַזאַ מהלך איז פון דעם וואָס דער מענטש ווייס ביז צו דעם וואָס ער איז מקיים. מי לנו גדול מאַריסטו? ער איז, דאַכט זיך, דער דריטער נאָך סאָקראַטעסן און אַפּלטון. ווערט וועגן אים געבראַכט אין אַ ספר אַז מען האָט אים אַמאָל געטראָפן ביי אַ זונה. און אַז מען האָט אים געפרעגט, היתכן? האָט ער געענטפערט: איצט בין איך ניט דער פילוסוף אַריסטו.

„די מעשה איז אַ ליגן און נאָך דערצו אַ נאַרישער ליגן," טוט משה חייט אויס די ברילן און רייבט מיט צוויי פינגערביידע זייטן פון נאָז־זאָטל. „ס׳קען זיין אַז אַריסטאָטעל האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ סך אויסגעלאַסענע ווייבער, ניט בלויז מיט איין זונה. נאָר קיינער פון די מחברים פון די בטלנישע ספרימלעך איז ניט געווען דערביי."

„מיר האָבן אמונת־חכמים," שמייכלט ר׳ דובער בנעימותדיק און אַלע אַרום טיש, זעט אויס, זיינען מיט אים מסכים. דאָס רעגט אויף דעם לאָהויסקער נאָך מער און ער נעמט וואַרפן מיט ווערטער ווי מיט שטיינער: די מוסרניקעס איז גוט און וואויל אין זייער עם־הארצות, ווי דעם וואָרעם אין כריין. זיי האָבן זיך

איינגערעדט אַז זיי קענען די וועלט. דער אמת איז אַז זיי קענען זיך קראַצן. חייקל ווילנער איז גערעכט, דער מענטש גופא איז פריער ווי זיין שיטה אין לעבן. אַזוי איז מיטן יחיד און אַזוי איז מיטן רבים. שטאַרבט אַ יחיד, שטאַרבט מיט אים אינאיינעם זיין גאָט וואָס איז ניט עפּעס אַנדערש ווי זיינע מידות, שכל און געפילן. גייט אונטער אַ פאָלק, גייט מיט אים אינאיינעם אונטער דער כאַראַקטער פון פאָלק, זיין סדר אין לעבן און מזל אין היסטאָריע. ניטאָ אַזאַ אמת וואָס איז אויסער דעם מענטשן און איז פאַר אַלעמען דער זעלבער אמת, ווי דער ווילנער האָט ריכטיק געזאָגט...

„איך האָב עס ניט געזאָגט," שפּרינגט אויף חייקל. „ווייל איר האָט קיין מוט ניט צו ריידן אָפן און קלאָר, אָבער דאָס האָט איר געמיינט," לאַכט דער לאָהויסקער און נעמט ווידער זידלען די מוסרניקעס: זיי מאַכן אין מענטשן די טיפסטע וואונדן דורך דעם וואָס זיי ריידן אים איין אַז ער קען זיך איבערברעכן. זיי זיינען מודה אַז די מלחמה מיטן יצר איז די שווערסטע מלחמה, דאָך האָבן זיי פיינט יעדן איינעם וואָס האַלט די מלחמה ניט אויס. זיי ריידן זיך איין אַז זיי זיינען די איינציקע ערלעכע אין אַ וועלט פון גאַלע רשעים און זינדיקע. זיי טרייסטן זיך אַז דער וועלטישער האָט ניט קיין הנאה פון לעבן, ווייל ער קען ניט דערגרייכן וואָס אים ווילט זיך. אין דער זעלבער צייט זאָגן זיי אַז די שטראָף פאַר דער עבירה איז לויט דער הנאה פון דער עבירה. קומט דאָך אויס אַז דער גיהנום דאַרף איביק פוסטעווען, ווייל לויט זיי האָט דאָך דער עולם־הזהניק קיין הנאה ניט פון זיין עולם־הזה. פונדעסטוועגן זעצן זיי אַריין אין גיהנום די גאַנצע וועלט, אויסער נאַוואַרעדקער ישיבה־בחורים. און זיי טוען עס פון קנאה צו די וועל־טישע! אַקוראַט ווי זיי ריידן וועגן רחמנות און זיינען די גרעסטע אַכזרים. וואָס קען זיין נאָך אַכזריותדיקער ווי פאַרלאַנגען פון אַ מענטשן ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער טובת־הנאה אויף פאַר זיינע גוטע מעשים.

„מיר זיינען אָן רחמנות און איר זייט עס דער בעל־רחמים?" קוועטשט ר' דובער ליפשיץ מיט די פּלייצעס. זונדל קאַנאַטאָפּער ברומט מיט זיין לייבן־קול. „מיר זיינען אייך מקנא?"

„יאָ, איר זייט מיך מקנא, ווייל איך האָב ניט קיין מורא צו זאָגן אויפן קול וואָס איר האָט מורא אַפילו צו טראַכטן. איך בין אויך מער בעל־רחמים פון אייך, איך פאַרלאַנג ניט פון קיינעם ער זאָל זיך מקריב זיין," שרייט דער לאָהויסקער און צעברענט זיך אַלץ מער וואָס לענגער ער רעדט:

מוסרניקעס האָבן דאָך ליב זיך סומך זיין אויף אַ חז"ל, וויל ער אויך זאָגן 'אַ דערהער' אין אַ חז"ל. די גמרא דערציילט אַז לעתיד לבוא וועט הקדוש־ברוך־הוא בינדן דעם יצר־הרע און אים קוילענען. דערביי וועלן שטיין סיי די צדיקים סיי די רשעים און וויינען. די רשעים וועלן וויינען הלמאי זיי האָבן ניט

געקענט בייקומען אַ יצר־הרע, שוואַך און דין ווי אַ פעדעמל; די צדיקים וועלן וויינען, ווי אַזוי האָבן זיי געקענט בייקומען אַ יצר־הרע די גרייס פון אַ באַרג. און גאָט אַליין, זאָגט די גמרא, וועט אויך וויינען. איז מילא פאַרוואָס די רשעים וויינען — פאַרשטייען מיר. דער געקוילעטער יצר־הרע זעט זיי אויס כחוט־השערה, וויינען זיי הלמאי זיי האָבן אַזאַ שוואַכן יצר־הרע ניט געקענט בייקומען און פאַרלאָרן זייער עולם־הבא. אָבער פאַרוואָס זעט אויס דער געקוילעטער יצר־הרע פאַר די צדיקים די גרייס ווי אַ באַרג און פאַרוואָס וויינען זיי? דער ענטפער איז, יעדער ניט־דערפילטער פאַרלאַנג זעט אויס די גרייס פון אַ באַרג, און שטענדיק, שטענדיק ווייגט אין מענטש די בענקשאַפט נאָך זיין ניט־דערגרייכטן באַגער. אַפילו די צדיקים וואָס זיינען אויפגעשטאַנען תחית־המתים און זעען ווי די רשעים וויינען פון חרטה הלמאי זיי האָבן זיך נאָכגעגעבן און וועלן דערפאַר אַראָפּזינקען צו אייביקע ליידן, צו אייביקער שאַנד — פונדעסטוועגן וויינען די צדיקים, ווייל זיי זיינען אַמאָל אַוועק פון דער וועלט מיט ניט קיין געזעטיקטער גלוסטעניש. די ניט־געשטילטע לעכצעניש נאָך דעם אויסגעטראַכטן און ניט־דערגרייכטן גליק מאַכט אים אויסזען די גרייס פון אַ באַרג. אַלע פאַרגעניגנס פון דעם לעתיד־לבוא, פון דעם יום שכלו שבת, כלו טוב, אַפילו אויב דער מענטש גלייבט אין דעם באמונה שלמה, קענען אים דאָך ניט פאַרגיטיקן און טרייסטן אין זיין צער און פאַרשעמטקייט הלמאי ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם וואָס ער האָט יאָרן־לאַנג געגאַרט און דערוואַרט. ווער עס פייניקט זיך אמתדיק צו זיין אַ פרוש, דער ווייס אַז מען קען פון יצר־הרע ניט לויז ווערן. בלויז די נאַוואַרעדקער פלוידערזעק מיינען אַז דער מענטש איז פריי צו טאָן וואָס ער וויל.

„דער גרעסטער פלוידערזאַק זייט איר! די צדיקים וויינען פון שמחה וואָס זיי האָבן דעם יצר־הרע ניט נאָכגעגעבן!" ענטפערט אים אָפּ ר' דובער ליפשיץ. די צוויי טומלדיקע בחורים, יאַנקל פּאַלטאַווער און דער פּולטוסקער חסיד, קאַטשען זיך אַזש פון געלעכטער. די מער־איינגעהאַלטענע בחורים שמייכלען און שווייגן. פאַרמאַטערט פון לאַנגן האַלב־נאַכטיקן שמועס, איז דער טומל מיטן אַפּיקורס פאַר אַלעמען אַן אָפּרו. די שטימונג ווערט אויפגעהייטערט, ווי ביי יינגלעך אין חדר ערב דער הפסקה. איין צמח אַטלאַס פאַרזינקט נאָך טיפער אין גליוועריש און טרויער. נאָך גאָר דעם אָפּקומעניש וואָס ער האָט אויף זיך גענומען פאַר זיין שולד קעגן דער פאַרשטאָרבענער כלה פון אַמדור, בענקט ער לעצטנס גאָר שטאַרק דווקא נאָך אַן אשת־איש, צו ראַניע דעם וואַלקעניקער שוחטס יינגערער טאָכטער. וואָס מער ער שטרענגט זיך אָן זי אויסצורייסן פון געדעכעניש, אַלץ אָפּטער שטייט זי אים פאַר די אויגן, און ער פרעגט זיך מיט שרעק: זאָל זיין אַז ער האָט חרטה וואָס ער האָט אין וואַלקעניק זיך ניט נאָכ־

געגעבן אין זיין גלוסטעניש צו איר? דעריבער קלינגען אים דעם לאָהויסקערס ווערטער ווי אַ ווידערקול פון זיינע אייגענע געדאַנקען.

„אַ כופר און בעל־תאווה קען זיך גאָרניט פאַרשטעלן אַז ס׳געפינען זיך צדיקים וואָס טרויערן ניט אויף ניט־נאָכגעבן דעם יצר־הרע,״ רעדט ר׳ דובער ליפשיץ אַרויף מיט אַ פאַרקאַשערט בערדל צום סופיט. „ער איז אַפילו ניט אין דער מדרגה פון די רשעים וואָס האָבן כאָטש שפּעטער חרטה אויף זייערע מעשים,״ גוואַלדעוועט דער קאָנטאָפּער צו יאַנקל פּאָלטאַווער, ווי ביידע וואָלטן זיך גאָר קיינמאָל ניט געקריגט, און יאַנקל ענטפערט אים. „דער לאָהויסקער רב האָט זיין בן־יקיר מיטגעשיקט מיט אונדזער ישיבה, ער זאָל אין רוסלאַנד ניט אויס־וואַקסן אַ באָלשעוויק און קאָמיסאַר. נאָר ככלב שב על קיאו, ציט אים צו דער טומאה.״ און דער פּאָלטאַווער דרייט זיך אויס צום לאָהויסקער, רייצט זיך מיט אים. „בע! איר זייט אָפּגעפרעגט! איר זייט צוגעשטעלט!״ נאָר פריילעכער פון אַלעמען ליאַרעמט דער פּולטוסקער. „ביי אונדז אין שטיבל וואָלט מען אים אַריינ־געלייגט אַ משכנתא אַז דער היגטן וואָלט אים געשוואָלן ווערן ווי אַ באַרג.״ און דער חסיד קוקט זיך פּלינק אַרום אין חדר־שני, ווי ער וואָלט געזוכט אַ צונויפגעדרייטן האַנטעך צו דערלאַנגען דעם אַפּיקורס מיט אַ פּעקל.

„פּראַים! משוגעים!״ שפּרינגט־אויף דער לאָהויסקער און קוקט מיט ברע־נענדיקע אויגן אויף צמח לאָמזשער. „און וואָס זאָגט איר, בעל־תשובה, איר לאַכט אויך פון מיר? אַהאַ, איר שטומט, איר ווייסט אַז איך בין גערעכט. טפו זאָלט איר ווערן, פאַרלייזיקטע בטלנים!״ און ער לויפט אַרויס פון חדר מיט אַ זעץ מיט דער טיר. דער עלעקטרישער לאָמפּ אויפן לאַנגן דראָט איבערן טיש צע־הוידעט זיך און אויך די שאָטנס אויף די ווענט וויגן זיך מיט, ווי דערשטוינטע וואָס מען האַלט אין ישיבה אַזאַ מסית־ומדיח.

## 14

**אין וועד עשירי־קודש** איז מיט יאָרן צוריק געזעסן אַ קראַסנער בחורל, אשר־לעמל. צמח לאָמזשער האָט דעמאָלט פון אים ניט צו־שטאַרק געהאַלטן. דער תלמיד האָט אים אויסגעזען אַ פאַרשלאָפענער, אַ טעמפּ־לעכער, ניט קיין בעל־מחשבה. נאָכן אָפּשווייגן צווישן חברים אַ גאַנצן אויפ־דערנאַכט, ווי ער וואָלט געטראַכט פון מי־יודע וואָס, האָט ער געקענט אַ זאָג טאָן. „מאָרגן איז עשרה בטבת," מעשה אונטער־שמש וואָס לאָזט עס פון דער בימה וויסן די בעלי־בתים. אָבער ווען צמח אַטלאַס איז צוריקגעקומען אין ישיבה האָט אשר־לעמל קראַסנער שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַ צדיק.

ער איז פון דער היים אַ פאַרמעגלעכער און האָט פיינע מלבושים, אַ גוטע סטאַנציע. דאָך בלייבט ער אָפטמאָל שלאָפן אין בית־מדרש אויף דער האַרטער באַנק. אין די נעכט קומען אין ישיבה בני־תורה גלייך פון דער באַן. אַמאָל איז דער געקומענער אַ נייער תלמיד און אַמאָל וויל אויך אַ תושב ניט וועקן די בעלי־בתים. האָט דער קראַסנער אַ שליסל פון דער דירה וואו ער וואוינט און פירט אָפּ דעם אורח צו זיך אין חדר. דער אורח זאָל זיך ניט פילן שלעכט וואָס ער פאַרנעמט זיין בעט, דערציילט אים אשר־לעמל אַ מעשה אַז פונקט די נאַכט האָט ער אַ משמור. ער גייט צוריק אין בית־מדרש און טרעפט דאָרט ווידער אַ גאַסט וואָס איז אָנגעקומען מיט אַ שפּעטערדיקער באַן. אשר־לעמל קראַסנער טרעט אָפּ זיין געלעגער אויף דער באַנק. וויל יענער זיך ניט לייגן, שווייגט דער קראַסנער אַ היפּשע ווייל און זאָגט לסוף. „אויב איר וועט זיך לייגן אויף מיין געלעגער, וועל איך זיך אויסבעטן אויף דער צווייטער באַנק; אלא ניט, וועלן מיר שוין ביידע איבערזיצן ביז אינדערפרי." און דער אורח האָט קיין אַנדער ברירה ניט ווי פאָלגן. אַמאָל בלייבט אשר־לעמל דרימלען אין אַ ווינקעלע פון גרויסן בית־מדרש, ס'זאָל זיין פריילעכער אַ יונג בחורל אַ מתמיד, וואָס איז זיך פאַרזעסן מיט אַ ליכטל אין האַנט ביי דער גמרא און שרעקט זיך פאַר דער אַרומיקער פינצטערניש. אשר־לעמלס בגדים וואַנדערן לאַנג אַרום פון בחור צו בחור ביז מען ברענגט אים אָפּ. אָבער ער געדענקט ניט אָדער מאַכט זיך ניט געדענקען אַז דער מאַנטל איז זיינער, דער אַנטלייער זאָל זיך ניט דאַרפן פאַר־ענטפערן וואָס ער האָט דעם מאַנטל לאַנג געהאַלטן און אים אָפּגענוצט.

זוען די בחורים 'גייען אַ בירזשע', שטעלן זיך צווי יינגערע פון אשר־לעמל קראַסנערס ביידע זייטן און ווילן פון אים עפּעס הערן, שטעלט ער זיך פלינק איבער פון דער זייט און בעט ביים בחורל אינמיטן, יענער זאָל אים זאָגן 'אַ דערהער'. דאָס בחורל לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן און נעמט וואַרפן מיט די

הענטלעך: דער פּשט איז פּונקט פאַרקערט... און דער קראַסנער קוועלט אָן. אַזאַ פּירונג איז קעגן ישיבהשן שטאַט. נאָר איטלעכער פאַרשטייט אַז אשר־לעמל איז דערמיט אויסן, דער יינגערער זאָל קריגן חשיבות אין די אייגענע אויגן, וועט ער דערפילן אַחריות אויף לגבי אַנדערע. אשר־לעמל האָט ניט קיין באַשטימטן וועד, אַמאָל זיצט ער מיט איין גרופּע און אַמאָל מיט אַ צווייטער. בחורים זיינען זיך אין האַלבער נאַכט מתווכח — ער שווייגט, אַ צונויפגעהויקערטער און מיט אַראָפּגעפּאַלענע וויעס, ווי ער וואָלט געדרימלט. די האָר וואַקסן אים אַרויס פון אונטער די אויגן, דאָס שוואַרצע בערדל פאַרשטעלט זיינע באַקן, מויל־ווינקלען און גאָמבע. קען מען אויף אים ניט אָנזען וואָס ער טראַכט. אָבער אַלע וויסן אַז יענעמס שיינע ווערטער ווערן ביי אים פאַרוואַנדלט אין שיינע מעשים. איז וויפל די חברים זאָלן זיך ניט היצן און אַמפּערן, 'דערהערט' מען דעם קראַסנערס שווייגן וואָס איבערגעוועלטיקט דעם וועד. מען שפּירט נאָך זיינע העוויות אויפצוכאַפּן וואָס ער טראַכט. ביי אַ כולל פון יונגעלייט וואָס האָבן געשמועסט אין לערנען און מוסר, האָט אים איינער אַ פרעג געטאָן.

„ר' אשר־לעמל, וואָס שווייגט איר? זאָגט דעם אמת, איר האָט צו עמעצן קנאה אָדער ניט?"

„געוויס האָב איך קנאה," האָט דער קראַסנער זיך געחידושט אויף דער מאָדנער שאלה. „איך בין מקנא יעדן איינעם וואָס האָט אַ גוטן קאָפּ."

בעת דניאל האַמלערס נעענטערע חברים האָבן אויפגעהערט גיין אים באַדינען, האָט מען אויסגעפונען אַז דער קראַסנער איז אים מבקר חולה. ווי אָפט ער באַזוכט דעם קראַנקן און ווי זיי קומען אויס צווישן זיך האָט קיינער ניט געוואוסט. ערשט אויף מאָרגן נאָכן וועד פון די עשירי־קודש, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאַרניט איבערן טומל מיטן לאַהויסקער, און מען האָט אין ישיבה איבערגערעדט אַז דניאל האַמלער וועט בלייבן אָן אַ שמירה — האָט זיך אשר־לעמל קראַסנער אָפּגערופן אַז פאַרן חולה דאַרף מען זיך ניט זאָרגן, ער גייט צו אים שוין אַ לענגערע צייט. דער קראַסנער זאָל דאָס טאָן און דער רבים זאָל פון דעם ניט וויסן, האָט געפּאַסט פאַר זיין כאַראַקטער און הנהגה. מען האָט אים אָבער געפרעגט צי דער קראַנקער שרייט ניט אויף אים, ווי ער האָט געשריען אויף די אַנדערע חברים, אַז ביים באַדינען אים ציטערן זייערע הענט ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט דערשטיקן. אשר־לעמל האָט אויף זיין שטייגער אַ היפּשע וויילע געשוויגן און אַ שמייכל איז פּאַמעלעך אויפגעגאַנגען פון אונטער זיינע פאַר־וואַקסענע באַקן.

„דניאל האַמלער איז אַפילו מסכים אַריינצוקלייבן זיך צו הענעך מאַלאַריטער. הענעך בייט זיך מיט מיר אין שפּיטאָל אַ טאָג איבער אַ טאָג און זיין בעל־הביתטע איז וויליק אַריינצונעמען דעם חולה."

אויף הענעך מאַלאַריטער האָט מען געזאָגט, ער לערנט אַזוי לייכט און געמיטלעך ווי ער טאַנצט שמחת־תורה מיט זיינע לאַנגע פיס פון אַ מענטשן וואָס טאַנצן איז זיין פרנסה. לעבן דער אָפענער גמרא האָט ער געהאַלטן אַ רמב״ם, אַ פּאָר אחרונים — און געבלעטערט. אַ בליק דאָ, אַ בליק דאָרט, אַ קנייטש מיטן שטערן און ער פאַרשטייט שוין דעם ענין, אין זיין מוח האָט זיך אָפּגעלייגט נאָך אַ סוגיא. אויך ביים לימוד־המוסר האָט ער זיך געפירט אַנדערש ווי אַלע. אײַנער האַלט דעם קאָפּ פאַרגראָבן אין די הענט און ברומט ממעמקים, אַ צווייטער האַקט מיט די פויסטן אין שטענדער, אַ דריטער לויפט אַרום איבערן בית־מדרש און גוואַלדעוועט. הענעך האַלט איין פוס אַרויפגעשטעלט אויף דער באַנק, מיט דער רעכטער דלאָניע אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע, און פון דער ווייט קוק ער אַריין אין מסילת־ישרים וואָס ליגט אויפן פענצטער. אַ יונג בחורל, האָט ער געהערט צו צמח לאָמזשערס וועד עשירי־קודש. נאָר ער איז זעלטן געקומען צו אַ שמועס, ווייל דאָס גערייד פאַרציט זיך ביז פאַרטאָג און מען באַווייזט ניט זיך אויסצושלאָפן. להיפּוך צו די אַרומגעריסענע נאַוואַ־רעדקער, איז ער תמיד געגאַנגען אָנגעטאָן אַקוראַטנע. מען האָט אים ניט געזען אין כעס אָדער צערודערט, מען האָט אים אָבער אויך ניט געזען עפּעס טאָן פאַר אַ חבר.

צמח לאָמזשער, וואָס האָט אַמאָל ווייניק געהאַלטן פון אשר־לעמל קראַסנער, ווייל ער איז לחלוטין ניט קיין בעל־כשרון, האָט נאָך ווייניקער געהאַלטן פון הענעך מאַלאַריטער, ווייל ער איז שוין אַ צו־גרויסער בעל־כשרון. אדם לעמל יולד, יעדער מבקש מאַטערט זיך צו דערגרייכן אַ העכערע מדרגה, אָבער דעם מאַלאַריטער קומט אַלץ אָן לייכט. ער קריגט זיך ניט מיט קיינעם און לעבט בשלום אויך מיט זיך אַליין. ער איז תופס דעם האַרבסטן ענין מיטן קוק און ציילט די דורכגעלערנטע סוגיות, ווי ער ציילט מסתמא דעם פּאַק פון איבער־געוואַשענע אייבערהעמדער און ווי ער וועט נאָך דער חתונה ציילן די הונדערטערס פון זיין גרויסן נדן. אַזוי האָט צמח לאָמזשער געהאַלטן אַמאָל. אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער וועלט אין ישיבה האָט ער איינגעזען, אַז ער האָט דעם מאַלאַריטער ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט.

הענעך האָט געוואוסט אַז ער האָט אַ שוואַך האַרץ און ניט דערציילט, ביז ער האָט איינמאָל געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע. דעמאָלט האָבן אַלע פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער היט זיך אָפּ און מען האָט אים גענומען אַרומרינגלען מיט זאָרג, מיט ליבשאַפט. פונדעסטוועגן האָבן אייניקע זיך געקליגלט, אַז דער מאַלאַריטער האָט ניט דערציילט וועגן זיין מחלה, כדי דאָס זאָל אים ניט שאַטן צו אַ שידוך. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט אַז בעת מען לייגט אים פאָר אַ שידוך דער־ציילט ער אַליין וועגן זיין האַרץ־פעלער — און דער צווייטער צד טראָגט זיך

גלייך אַפּ, כאָטש דער מאַלאַריטער געפעלט זייער שטאַרק אויך מיט זיין אויסזען. ער איז אויסגעוואַקסן הויך, שלאַנק, און זיך תמיד געפּוצט. מען וואָלט אפילו אויף אים שווערלעך דערקענט דעם בן־תורה, ווען ניט זיין ישיבה־בחורשע רגילות צו טראָגן דעם קאַפּעליוש אַרויפגערוקט ביז דער פּאָטיליניצע, ער זאָל קענען פריי אַריינטראַכטן אין לערנען. דער ראש־ישיבה האָט זיך מיט אים געגרייסט און אים גערופן ביים ערשטן נאָמען.

„הענעך איז פון אונדזערע בעסטע תלמידים. ער רעדט אַריין אין שיעור ניט צו ווייזן חריפות, נייערט ער איז אויסן, מיר זאָלן די סוגיא בעסער מברר זיין פאַר יענע וואָס כאַפּן ניט. אויסער אַ גוואַלדיקער בעל־כשרון איז ער גם כן אַ מצוין אין מידות. מערניט זיין געזונט, אוי זיין געזונט! אַ דאַנק דעם רופא־חולים וואָס האָט אים אַריינגעגעבן דעם שכל ווי זיך אָפּצוהיטן."

מען האָט אים אָפּט געזען שטיין הינטער דער בימה אַרומגערינגלט מיט אַ חברה בחורימלעך, פאַרקאָכטע אין אַ פּילפּול. מיט איין עלנבויגן האָט הענעך זיך אָנגעשפּאַרט אָן געלענדער פון דער בימה און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן אין איין איבעררוקן אויפן קאָפּ דעם קאַפּעליוש. דאָס פּנים האָט אים געשיינט פון נחת וואָס מער די יונגע בני־תורה אַרום אים האָבן זיך געהיצט, געוויזן חריפות. בלויז פון צייט צו צייט האָט ער אַריינגעזאָגט אַ וואָרט, אַרויפצופירן די בר־פּלוגתאס אויפן גלייכן וועג, און ווייטער אָנגעקוקט פון דעם ווי די תלמידים דרייען מיט די גראָבע פינגער, אַמפּערן זיך מיט זיינ־געוודיקע קולכלעך. לעצטנס האָט ער מיט די ייִנגערע פאַרבראַכט נאָך אָפטער. חברים האָבן באַמערקט אַז די קנייטשן אויף הענעכס פּנים האָבן זיך אויסגעגלעט, ער האָט באַקומען פולע באַקן, אויסגעזען אויסגערוטער, נאָר זיין שמייכל האָט געלויכטן מיט געלייטערטן אומעט. דער בית־מדרש האָט זיך דערוואוסט אַז דער מאַלאַריטער איז געוואָרן אַ חתן אויף אַ ניט־געוויינלעכן און ניט־גליקלעכן אופן.

ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין אַ נייער קוואַרטיר ביי אַן אָרעמער משפּחה וואו מען האָט אים באַהאַנדלט ווי אַן אייגענעם. לכתחילה האָט ער עס ניט באַמערקט, נאָכדעם זיך געחידושט, און ווען ער האָט איינגעזען די סיבה, האָט ער אויף שטום לשון מסכים געווען. זיין בעל־הביתטע, אַן אלמנה, האָט געהאַט אַ שטוב מיט טעכטער. איז איר געקומען אויפן געדאַנק אַז אויך זי איז ווערט ביי גאָט אַן איידעם אַ לערנער. די ייִדענע האָט געוואוסט אַז פאַר רייכע מחותנים איז איר קוואַרטיראַנט אַ גוטע סחורה מיט אַ בראַק; זי האָט געטראַכט אַנדערש. ביים אָפּנעמען דעם חודשלעכן אָפּצאָל פאַרן מאַלאַריטערס חדר, האָט זי געזאָגט צום ראש־ישיבהס ווייב. „מען קען גאָרניט וויסן, מיר זיינען אַלע ביי גאָט אין די הענט." די בעל־הביתטע האָט געוואָלט אַז די ישיבה זאָל וויסן פון איר אויסקוק אויפן קוואַרטיראַנט, האָט זי אים געהאַלטן אין איין לויבן פאַר פרעמדע

לייט, אַז אירע טעכטער זיינען פּראָסט־פּשוט פאַרליבט אין אים. העגעכס חברים האָבן פאַרשטאַנען, ער איז מסכים אויפן אָרעמען און פּראָסטלעכן שידוך, ווייל ער דערוואַרט ניט עפּעס בעסערס. אָנשטעלן אַ פּנים אַז זיי פרייען זיך כלומרשט מיט זיין גליק, אָדער אַז זיי ווייסן בכלל גאָרניט, וואָלט געווען צביעות. האָבן די חברים געערעדט צו אים אויף אַן אופן ווי זיי וואָלטן שוין לאַנג צוריק אים אָפּגעגעבן מזל־טוב און געטרונקען אויף זיינע תנאים. זיי ווייסן אַלע פּרטים פון שידוך און האָבן מער ניט וואָס צו פרעגן.

דעריבער האָט מען אין ישיבה זיך ניט געוואונדערט ווי אַזוי דער מאַלאַ־ריטער האָט ביי דער בעל־הביתטע געפּועלט זי זאָל אַריינגעמען דעם קראַנקן. די יידענע און איר טאָכטער ווילן געפעלן דעם חתן, זיינען זיי גוט צו זיין חבר. אַ חידוש איז געווען ווי אַזוי מען האָט דעם חולה באַווירקט ער זאָל מסכים זיין אַריבערצוציין פון שפּיטאָל אויף אַ קוואַרטיר, פריער האָט ער דאָך פון דעם ניט געוואָלט הערן און געשריען אַז מען וויל אים אומברענגען. אָבער דער גרעסטער וואונדער איז געווען אויפן חתן וואָס נעמט אויף זיך אַזאַ עול פון אַריינברענגען צו זיך אין שטוב דעם קראַנקן, קאַפּריזנעם און שטענדיק־אומ־צופרידענעם דניאל האָמלער. מער פון אַלעמען האָט זיך אויף דער קשיה געמאַ־טערט צמח אַטלאַס: ווי האָט עס געקענט געשען אַז דווקא העגעך מאַלאַריטער זאָל אויסוואַקסן אַ יקר, אַ קלוגער, אַ געדולדיקער, אַ טוב ומטיב, כאָטש ער האָט אויף שלימות ניט געהאָרעוועט און איז בכלל ניט געווען פאַררעכנט צווישן די בעלי־מוסר.

# 15

## אין דער צוגעפּאַלענער פינצטערניש האָבן ווייבער

אין פּאַטשיילעס זיך געצויגן דורך נאַרעוועשער געסלעך און געשוויגן פאַר׳אַבלטע, ווי אַ מחנה אלמנות אויף צוריקוועגס פון בית־עולם. לאַנג האָבן זיי זיך געשלעפּט געהויקערטע און פאַרקעלטערטע, ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו חנה־חייקעס בית־מדרש. די לערנער האָבן אָפּגעדרייט די בלייכע פאַרוואַקסענע פּנימער פון די גמרות און געקוקט אויף די יידענעס וואָס האָבן אַרומגערינגלט יאַנקל פאַלטאַוועך און עפּעס מיט אים אייגעטענהט. יאַנקל האָט געטאָן אַ שפּרונג־אויף מיט שרעק און ווידערווילן עלעהיי די יידענעס וואָלטן אים געהייסן אויסטאָן די בגדים און אַריינקריכן אין תכריכים. אין בית־מדרש איז געוואָרן טויט־שטיל און די בני־תורה ביי די שטענדערס האָבן געהערט ווי די ווייבער טענהן.

„וואָס אַרט אייך, רבי? פאַרט געזונטערהייט לערנען תורה אַנדערשוואו און אונדז לאָזט לעבן אויף דער וועלט. דער ר׳ זושע סולקעס האָט מער אינגאַנצן ניט געוואָלט זיין גבאי. זיינען מיר אים געפאַלן צו די פיס און אויך די בעלי־בתים האָבן פאַר אונדז געבעטן, האָט ער ווידער צוגעשטימט פירן די קאָסע פון גמילות־חסדים. דער גבאי פאַרלאַנגט אָבער אַז איר זאָלט זיך מער ניט ווייזן אין בית־מדרש. טאָמער גיט מען אים ניט נאָך, וויל ער ניט זיין גבאי און מיר מיט אונדזערע עופעלעך וועלן דאַרפן אָנקומען צו בעטל־ברויט.“

דער באַפאַלענער יאַנקל פאַלטאַוועך האָט זיך קוים אַרויסגעריסן אין ווינטערדיקן דרויסן און זיך דאַרט אַרומגעדרייט, אין אַ יאַרמלקע און אָן אַן אייבער־בגד, ביז די ווייבער זיינען זיך צעגאַנגען. אויף מאָרגן האָבן אויך בעלי־בתים געוואָרנט די ישיבה־לייט, אַז אויב דער בחור מיט די ווילדע געגנג וועט ניט אַוועקפאָרן, וועלן די אָרעמע הענדלערקעס נאָך שטיין ביי דער שול־טיר און ניט אַריינלאָזן די לערנער. זונדל קאַנאַטאָפּער און די אַנדערע עלטערע פון דער הנהלה האָבן געענטפערט, אַז זיי קענען גאָרניט באַשטימען. מען מוז וואַרטן ביז דער ראש־ישיבה וועט צוריקקומען פון דער ווילנער אַסיפה, אינגיכן קומט ער צוריק.

יאַנקל פאַלטאַוועך האָט געפילט, ער וועט מוזן אויף אַ שטיקל צייט אויסרינען. וואו צו פאָרן איז אים קיין דאגה ניט, ער וועט זיין אַ גוטער גאַסט אין וואָסער באַוואָרעדקער קיבוץ בית־יוסף ער וועט ניט קומען. אים איז אָבער ניט אָנגעשטאַנען צו זיין דער פאַרשפּילטער. גראָד איז אים אויסגעפאַלן צו זיין דער אויסטיילער פון די פאַרציעס עסן אין קיך, ווייל יעדע וואָך איז אַן אַנדער מחלק. ביים טיש איז געזעסן משה חייט לאַהויסקער מיט אַ צעקנייטשטן אויסזען. זיין

שטענדיקע געמאַכטע האָפערדיקייט איז פאַרשוואונדן. אים האָט נאָך געקראַמפט אין די געדערעם דער געלעכטער פון די מוסרניקעס, וואָס האָבן מיט אַ פּאָר טעג צוריק אים פאַרטריבן פון וועד מיט זייער שפּאָט ווי מיט שטעקנס. איצט ביים עסן האָבן די זעלבע בחורים געשוויגן מיט פיינדשאַפט, מען האָט געקענט אָנטאַפּן זייער מחשבה: ווי ווערט מען פון אים פּטור? יאַנקל פּאָלטאַווער וואָלט אים אַרויסגעשליידערט אינדרויסן, ווי מען וואַרפט אַרויס אויפן מיסטקאַסטן אַ פאַרעיפּושטן הערינג. אָבער נאָך דער מעשה מיטן גבאי סולקעס איז יאַנקל געוואָרן אָפּגעהיטער. ער האָט געוואוסט אַז די הנהלה האָט אַן אויסרעכענונג דעם אַפּיקורס ניט אָנצורירן. האָט ער דעם בזוי ומבוזה דערלאַנגט זיין חלק מיט אַ העוויה ווי איינער רעדט, עס און וואַרג זיך.

אין קיך איז אויך געזעסן מלכקע ווילנער און זיינע אויגן האָבן געגליט פון נצחון. כאָטש ער איז אין ישיבה דער סאַמע ייִנגסטער, האָט ער דורכן וואָלקעניקער מנהל ר׳ צמח אויסגעפירט, ער זאָל מער ניט דאַרפן גיין עסן טעג און אויך ניט גיין צו ר׳ יאַנקלס וועד. זיצט ער זיך ביים טיש צווישן דערוואַקסענע און ר׳ יאַנקל זיין ראש־הוועד בכבודו ובעצמו באַדינט אים. דעם פּאָלטאַווער האָט ניט געאַרט וואָס אַזאַ קטן שבקטנים טראַכט פון אים, נאָר מען דאַרף אַ שנעק מחנך זיין. האָט ער מלכקען אונטערגערוקט זיין שיסעלע זופּ מיטן שטיקל לונג און דערביי הויך אַ זאָג געטאָן.

„אַז אַ בחורל איז אַ בעל־גאווה און וויל עסן דווקא אין קיך, ניט ביי אַ בעל־הבית, לאָזן מיר אים עסן אין קיך; און אַז אַ בחורל איז אַ זולל־וסובא, לאָזן מיר אים זיין אַ זולל־וסובא.“

מלכקעס רונדע בעקלעך האָבן זיך אָנגעצונדן און זיינע אויגן זיינען געוואָרן פייכט, פּונקט ווי מיט דריי יאָר פריער אין וואַלקעניק, ווען מען האָט אים געזאָגט אַ שלעכט וואָרט. נאָר כאָטש ער איז נאָך געווען אָנקרייטיק ווי אַמאָל און צום עסן זיך מער ניט צוגערירט, האָט ער איצט זיך איינגעהאַלטן ניט אַרויסצולאָזן אַ פּיפּס פון מויל און אַ טרער פון אויג. ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ פאַרקוקט אין שיסעלע און געשטומט. די אַרומיקע עלטערע בחורים האָבן אָדער ניט באַמערקט אָדער ס׳האָט זיי ניט געאַרט. בלויז דער לאָהויסקער האָט זיך צוגעקוקט פון דער זייט און געשוויגן.

דאָס מאָל האָבן די ישיבה־לייט אָפּגעגעסן אָן אַ וואָרט דברי־תורה צווישן זיך, אָפּגעבענטשט און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר אַלע מיטאַמאָל. זיי האָבן מער ניט געקענט אויסזיצן אַן איבעריקע מינוט מיטן לאָהויסקער, דעם דם־שונא פון ישיבה. דער לאָהויסקער איז אַרויס פון קיך דער לעצטער און דערזען אינדרויסן שטיין דאָס ייִנגעלע און זיך ווישן די אויגן. אין גאַס האָט מלכקע מער ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

„איר ווייגט?" האָט משה חייט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל. „איר וועט נאָך ביי זיי ניט איינמאָל וויינען, ביז איר וועט אויסוואַקסן און מאַכן אַז אַנדערע זאָלן דורך אייך וויינען. דאָס איז דער דרך פון די מוסרניקעס."

אין אַ נאָוואַרעדקער ישיבה היט מען זיך, ווי פאַר מאַכן פייער אום שבת, ניט צו ריידן פאַר אַ יינגערן וועגן אַן עלטערן וואָס איז קאַליע, כדי דער יינגערער זאָל אים ניט נאָכטאָן. האָט מלכקע ניט געוואוסט פאַרוואָס אַט דער בחור קומט ניט אין ישיבה צום לערנען און האָט גלייך געקראָגן צו אים צוטרוי. „איר האָט אויך געוויינט?" פון לאָהויסקערס האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ הייזעריקער געלעכטער. פון גרויס פאַרביטערונג האָט ער אַפילו פאַרגעסן אַז ער רעדט צו אַ יינגל: אַהאַ וויפל ער האָט ביי די נאָוואַרעדקער געוויינט! די ערשטע יאָרן האָט ער ביים דאַוונען און לערנען געוויינט פאַרוואָס ער איז ניט געגוג פרום, שפּעטער האָבן אים די בעלי־מוסר געמאַכט וויינען. „און פאַרוואָס זייט איר ניט אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה?" האָט מלכקע געפרעגט און דערציילט אַז ער האָט שוין געוואָלט אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה, האָט זיין פריערדיקער וואַלקעניקער מנהל ר' צמח פאַר אים אויסגעפועלט ער זאָל ניט דאַרפן גיין עסן טעג און אויך ניט צו ר' יאַנקל פּאַלטאַוועריס וועד. „זעט איר דאָך אַז אַפילו ר' צמח האָט ניט געקענט אויספירן, אייער ראש־הוועד ר' יאַנקל זאָל אייך ניט ברענגען צו טרערן," האָט משה חייט זיך געגומען היטן ניט צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט. ער האָט מלכקען פאַרבעטן צו זיך אויף סטאַנציע, וועט ער אים מיט עפּעס מכבד זיין. ער האָט דאָך געזען אַז דער ווילנער האָט אין קיך גאַרניט געגעסן. אין שטוב וועט ער אים אויך פאַרענטפערן די קשיה פאַרוואָס ער איז ניט אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה.

משה חייט האָט זיין אורח מכבד געווען מיט ברויט, האַרטן קעז, אַן עפּל, אַ קוואָרט קאַלט וואַסער, און זיך צוגעקוקט ווי פרום דאָס בחורל קוועטשט מיט די אויגן ביי ברכת־המזון. נאָכן אָפּבענטשן האָט מלכקע אָפּגעקרעכצט, ס'איז אים פונדעסטוועגן אַ שאָד וואָס ער האָט פאַרפעלט צום צווייטן סדר אין ישיבה. האָט אויך זיין מכניס־אורח אויסגעקרעכצט, אַז בעת ער איז געווען אין מלכקעס עלטער האָט ער קיין שכל ניט געהאַט צו לערנען מיט התמדה. ער האָט אַקוראַט ווי די אַנדערע נאָוואַרעדקער מבקשים זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געהאַרעוועט זיך איבערצוברעכן, ביז ער איז אויסגעוואַקסן אַן עם־הארץ. זאָגן 'אַ דערהער' אויף אַ פּסוק צי אַ חז"ל קען ער בעסער פון די אַנדערע, נאָר פונקט ווי זיי קען ער ניט גרינטלעך אַפילו קיין איין מסכתא. איינגעזען זיין טעות האָט ער ערשט צו אַ יאָר אַכצן. האָט ער זיך שוין געשעמט פאָרן קיין ראַדין און זיצן אויף איין באַנק מיט צוועלף־דרייצן־יאָריקע יינגלעך. „איצט פאַרשטייט איר פאַרוואָס איך בין ניט אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה?" מלכקע פאַרשטייט

און פּאַרטרויט אים, אַז אויך דער וואָלקעניקער מנהל ר׳ צמח איז ניט קיין גרויסער למדן. צי ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד קען לערנען ווייס ער ניט.

„וכי רבי לא שנאה, ר׳ חייא מנין לו?" לאַכט משה חייט: אויב ר׳ צמח אַטלאַס קען ניט, טאָ פון וואַנען זאָל קענען זיין תלמיד יאַנקל פּאָלטאַווער? און ר׳ יאַנקלס אַ תלמיד דאַרף מיט אַ קל־וחומר קענען באַך ווייניקער. „ווערליק מיין עלטער קען איך יאָ לערנען," רייסט אים מלכקע איבער מיט פּאַראַיבל. קיין ספק ניט, איז דער עלטערער בחור גלייך מסכים און גיט מלכקען צו פאַר־שטיין, גראָד ווייל ער איז ווערליק זיין עלטער אַ למדן, דאַרף ער פון נאַרעווע אַנטלויפן וואָס פריער. אויב ער וועט ווערן אַ מוסרניק אין נוסח פון יאַנקל פּאָלטאַווער, וועט מען אים אפשר יאָ לאָזן עסן אין קיך, כאָטש זיכער איז עס ניט. ער איז דאָך מסתמא ניט לאַנג געוואָרן בר־מצווה, אמת? און אין קיך נעמט מען עסן ערשט פון אַ יאָר זיבעצן־אַכצן. אויב אָבער ער וועט אויך אויף ווייטער זיין אַריינגעטאָן אין גמרא מיט תוספות און ניט לערנען אַ פּאָר שעה אין טאָג מוסר, ניט אָפּזיצן גאַנצע נעכט אויף אַ וועד און ניט גיין אין גאַס ווייזן קונצן פון ניט נתפּעל ווערן פאַר דער וועלט — וועט מען אים טרייבן עסן טעג, מבייש זיין און אַזוי לאַנג מוטשען, ביז ער וועט זיך איינברעכן. ער וועט ווערן אַ נאַוואַרעדקער מבקש און אויסוואַקסן אַן עם־הארץ גמור.

מלכקע קוקט אַראָפּ אויף זיינע שמאָלע דלאָניעס מיט די קליינינקע פינגער־לעך און פרעגט ביים מיטשמועסער, צי ער האָט אַריינגעקוקט אין מדרגת־האדם פון ׳אַלטן׳ פון נאַוואַרעדאָק. ר׳ יאַנקל דער ראש־הוועד זאָגט אַז דער מדרגת־האדם איז אַן אוצר פון תורה און חכמה. „די בטלנישע ספרימלעך פון ר׳ יוסף־יויזל הורוויץ קען איך אויך אויסנווייניק. אין זיי, זעט איר, בין איך אַ בקי און אַ חריף," פאַרגעסט משה חייט ווידער אַז ער רעדט מיט אַ יינגל. „אין דעם וואָס איך האָב געהערט איבערזאָגן פון מדרגת־האדם געפין איך ניט קיין גדלות, ניטאָ פון וואָס נתפּעל צו ווערן," ענטפערט מלכקע מיט דער קילער רואיקייט פון אַ תלמיד־חכם וואָס ׳זעט׳ ניט קיין זייטיקע ספרים.

„איז אויב איר ווילט אויסשטייגן אין ש״ס און פּוסקים, דאַרפט איר פון דאַנען אַוועקפאָרן קיין ראַדין אָדער אין אַן אַנדער ישיבה־גדולה," זאָגט משה חייט. „אָבער אין ראַדין צי אין אַן אַנדער ישיבה־גדולה לערנט מען דאָך ניט די זעלבע מסכתא וואָס אין נאַרעווע, וועל איך ניט פאַרשטיין דעם דאָרטיקן ראש־ישיבהס שיעורים און וועל האָבן געפּטרט אַ זמן," זוכט מלכקע מיט צוויי פינגער־לעך אַ האָר אויף דער גאָמבע, זוכט און געפינט ניט. אמת, ענטפערט משה חייט לאָהויסקער, אַריינפאַלן אינמיטן זמן אין ראַדין צי אין אַן אַנדער ישיבה טויג ניט. טאָ פאַרוואָס זאָל מלכקע ניט צוריקפאָרן אַהיים און לערנען פאַר זיך אין

ווילנער גאונס קלויז? אויפן נייעם זמן וועט ער פאָרן אין וועלכער ישיבה־גדולה ער וועט וועלן.

„און פאַרוואָס זאָל איך אין ווילנע ניט לערנען ביים מחזה־אברהם? מיר קענען זיך נאָך פון וואַלקעניק. חייקל ווילנער איז מער ניט זיין תלמיד. איך בין בטוח אַז דער מחזה־אברהם האָט אים אַרויסגעטריבן, דערפאַר איז ער געקומען אַהער און דאָ לערנט ער אויך ניט, דער בטלן," בעסט זיך מלכקע אויף זיין בן־עיר וואָס זיצט צווישן עלטערע סיי אויף אַ וועד סיי אין קיך און קיינער טוט אים ניט אָן קיין צרות. „דאָס, זעט איר, איר זאָלט בלייבן אין ווילנע לערנען ביים מחזה־אברהם, ווייס איך ניט צי ס׳איז אַ גוטער פּלאַן," קוקט משה חייט אויפן גרויסן צעפּאַרענעם קליידער־אַלמער וואָס די שטוב־בעלי־בתים האָבן געלאָזט אין זיין באַגרעבעניש, ווייל זיי האָבן ניט קיין אַנדער סקלאַד וואו דאָס אַלטע שטיק מעבל אַריינצושטעלן, אַקוראַט ווי ער זיצט אין ישיבה ווייל ער האָט ניט וואו אַוועקצוגיין. „איך אויף אייער אָרט, דאָס הייסט, ווען איך בין אין אייער עלטער, וואָלט איך געפאָרן אין תחכמוני אין ביאַליסטאָק אָדער אין וואַרשע. אין תחכמוני לערנט מען אי תורה אי השכלה."

„איר ווילט אַז איך זאָל זיין ווי דער ווילנער ראַבינער?" פרעגט מלכקע אונטערן נעזל. „און פאַרוואָס ניט ווי דער רמב״ם? ער איז געווען אַ גאון, אַ פילאָזאָף און אויך אַ דאָקטאָר," רופט אויס דער לאַהויסקער און באַטראַכט זיך גלייך אַז דאָס צדיקל קען פון שרעק פאַר בילדונג בכלל חרטה האָבן פון אַוועקפאָרן. „נאָר אויב איר האַלט פון תורה אָן אַ צומיש פון השכלה, דאַרפט איר זיצן ביים חפץ־חיים אין ראַדין, אָדער טאַקע ביים מחזה־אברהם אין ווילנע. די שאלה איז, ווי אַזוי רעכנט איר פון דאַנען אַוועקפאָרן?" וואָס הייסט ווי אַזוי? פאַרשטייט ניט מלכקע. פשוטו כמשמעו, ער וועט דער הנהלה זאָגן אַז ער פאָרט אַוועק.

דער לאַהויסקער שפּרינגט־אויף און ציט זיך אויס אין דער הייך, ביז ער ווערט ענלעך צו אַ לאַנגן שפּיציקן פּלאָקן. „זעט מען דאָך בפירוש אַז איר הייבט ניט אָן פאַרשטיין מיט וועמען איר האָט דאָ צו טאָן," שויבערט ער זיך די האָר פון קאָפּ און נעמט אויסמאָלן וואָס ס׳וועט זיין, אויב די מוסרניקעס וועלן זיך דערוויסן אַז מלכקע האָט בדעה אַוועקצופאָרן. קודם־כל וועלן זיי אים פאַרשלעפּן אויף אַ וועד און מוטשען אַ נאַכט, אַ טאָג, ווידער אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג, ביז זיי וועלן ביי אים אַרויסרייסן אַ תקיעת־כף אויף זיין חלק עולם־הבא און אַ שבועה אויפן געזונט פון זיינע עלטערן, אַז ער וועט קיינמאָל אין לעבן ניט אַוועקגיין פון נאַוואַרעדאָק. אין ישיבה איז ניטאָ קיין איין תלמיד פון די רוסישע ביי וועמען ר׳ צמח אַטלאַס האָט אַמאָל ניט גענומען אַזאַ תקיעת־כף, ביז ר׳ צמח אַליין איז דער ערשטער אַוועק פון נאַוואַרעדאָק און עובר געווען אויף זיין צוזאָג פון שבתי בבית השם לאורך ימים. ערשט שפּעטער איז ער צוריקגעקומען

און געמאַכט אין וואָלקעניק די ישיבה־קטנה. אויך נאָכדעם ווי מלכקע וועט געבן אַ תקיעת־כף און אַ שבועה, וועט מען אים היטן מיט טויזנט אויגן און ביים ערשטן חשד אַז ער וויל אַוועקפאָרן, וועט מען ביי אים צונעמען דעם טשעמאָ־דאַנטשיק, אַפילו דעם מאַנטל וועט מען ביי אים אַוועקנעמען, ער זאָל ניט קענען אַרויסגיין אין גאַס. „ר׳ צמח, זאָגט איר, האָט געפּועלט אַז איר זאָלט מעגן עסן אין קיך, ווייל איר האָט געסטראַשעט מיט אַוועקפאָרן? מעגט איר שוין זיכער זיין אַז מען וועט אייך אויך אויף פּסח ניט לאָזן אַהיים פאָרן!״

„איז וואָס טוט מען?״ בלייבט דאָס בחורל זיצן אין איבערשרעק מיט אַן אָפן פּריש מיילכל. „אָט אַזוי רעדט!״ זעצט זיך דער לאָהויסקער צוריק אַראָפּ אויפן שטול און נעמט אויסלייגן זיין פּלאַן. „מאָרגן צוועלף בייטאָג, אין רעכטן מיטן סדר, זאָלט איר פון ישיבה קומען אַהערצו. מיר וועלן בײדע גיין צו אייער סטאַנציע און איר וועט אַרויפגיין זאָגן דער בעל־הביתטע אַז איר מוזט גלייך צוריקפאָרן אַהיים, אייער טאַטע צי די מאַמע ליגט אין שפּיטאָל. איך וועל וואַרטן אינדרויסן און אייך העלפן טראָגן אייער פּעקל צו דער באַן. אויף אַ בילעט האָט איר?״ מלכקע דערציילט אַז די מאַמע שיקט אים געלט אויף הוצאות קטנות, האָט זיך ביי אים אָנגעקליבן איבערגענוג אויף אַ בילעט. „איז גוט, ווען איר האָט ניט, וואָלט איך באַדיי פאַרקויפט מיין מאַנטל און אייך געגעבן אויף הוצאות־הדרך.״ די באַוואָרעדקער, זאָגט דער עלטערער בחור, האָבן אים פיינט, ווייל ער האָט חרטה אויף זיינע געפּטרטע יאָרן ביי די מוסר־ספרימלעך און וויל ראַטעווען יונגע בעלי־כשרונות אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן אמתע גדולים. מלכקע גייט אַוועק אַ געטרייסטער און אויפן לאָהויסקערס פּנים לייגט זיך אויס אַ וויסטער שמייכל, ווי דאָס ציטערדיקע ליכט פון טאָג אויף שפּינוועבס פון אַ חורבה.

משה חייט האָט מלכקען באַגלייט צום וואָקזאַל און מיט אים גערעדט ווי מיט אַ דערוואַקסענעם. „אויך איך בין אַ מזכה־הרבים ווי די מוסרניקעס, נאָר איך טו עס אויף אַן אופן איר זאָלט שפּעטער מיך ניט שילטן.״ גלייך פון באַן איז ער אַוועק אין ישיבה־קיך. דאָס מאָל איז ער אַריינגעקומען זייער אויפגעלייגט און דערציילט ביים טיש אַז היינט האָט זיך מיט אים געזעגנט מלכקע ווילנער. ער איז צוריקגעפאָרן אַהיים ווייל זיין ראש־הוועד יאַנקל פאָלטאַוועער רודפט אים, און אין דער היים וועט ער זיך צוגרייטן אָנצוקומען אין ביאַליסטאָקער תחכמוני. די בחורים אַרום טיש האָבן גאָרניט געענטפערט. דער מופקר און ציגיינער־יונג פלאַצט וואָס קיינער האָט מיט אים ניט צו טאָן, וויל ער אַלעמען אויפרייצן דורך אַן אויסגעטראַכטער מעשה. מלכקע איז דאָך היינט ביז האַלבן טאָג געזעסן אין ישיבה.

אָבער ביינאַכט אויף מלכקעס סטאַנציע האָט אויך די בעל־הביתטע דער־

ציילט די אַנדערע לערנער, אַז זייער ווילנער חבר'ל איז היינט נאָך האַלבן טאָג אַריינגעקומען און דערציילט, זיין מאַמע איז פּלוצעם פאַרשלאָפט געוואָרן און ער דאַרף גלייך צוריקפאָרן אַהיים. דורכן פענצטער האָט די בעל־הביתטע געזען אַז אינדרויסן וואַרט אויף אים אַ פּיל עלטערער לערנער און העלפט אים טראָגן זיין טשעמאָדאַנטשיקל. איר איז אַפילו געווען מאָדנע פאַרוואָס דער אַנדערער לערנער איז ניט אַרויף אין שטוב. דעם אמת געזאָגט, איז איר די גאַנצע מעשה אַ וואונדער. דער ברייוו־טרעגער דערלאַנגט איר יעדן טאָג אין האַנט די בריוו פאַר אַלע קוואַרטיראַנטן און זי האָט פאַרן ווילנער קיין בריוו ניט באַקומען. איז ווי אַזוי האָט ער זיך דערוואוסט אַז זיין מאַמע איז קראַנק?

אויף מאָרגן צום ערשטן סדר אין ישיבה האָט שוין געקאָכט אויף אַלע בענק וועגן לאַהויסקער ימח־שמוניק וואָס האָט אָפּגערעדט אַ בחור'ל פון לערנען און אים געהאָלפן מאַכן ויברח. אין זעלבן פרימאָרגן איז דער ראש־ישיבה צוריק־געקומען פון דער אַסיפה אין ווילנע. ר' שמחה פיינערמאַן איז אַריין אין בית־מדרש און נאָך ניט באַוויזן אויסטאָן דעם פעלץ — ווי זיינע צעפלאַמטע באַקן פון פראָסט האָבן זיך נאָך שטאַרקער צעברענט פון כעס. די עלטערע פון דער הנהלה האָבן אים גלייך אונטערגעטראָגן וועגן יאַנקל פאַלטאַווערס מחלוקת מיטן גבאי סולקעס און אַז די בעלי־בתים שטעלן אַ תנאי קודם למעשה: אָדער דער פאַלטאַווער וועט אַוועקפאָרן פון באַרעווע, אָדער די גאַנצע ישיבה וועט זיך מוזן אַרויסקלייבן פון חנה־חייקעס בית־מדרש. ר' דובער ליפשיץ האָט דערציילט וועגן לאַהויסקערס אַריינרייסן זיך אויפן וועד פון די עשירי־קודש, און זונדל קאַנאַטאָפּער האָט איבערגעגעבן ווי דער לאַהויסקער האָט איבערגערעדט דעם יינגערן ווילנער צו אַנטלויפן פון ישיבה.

„אַזוי האָט איר עס אָפּגעהיט דעם בית־מדרש?" האָט ר' שמחה פיינערמאַן זיך אָנגעצונדן און זיך באַלד געכאַפּט אַז מען טאָר די מקורבים זיך ניט מאַכן פאַר שונאים. האָט ער זיינע העל־בלויע צעבליצטע אויגן געלאָזט אומלויפן הין און צוריק, הין און צוריק, ביז דער כעס אין זיי האָט אויסגעפלאַקערט. אויף זיין באַפעל איז זונדל קאַנאַטאָפּער אַוועק אויפזוכן דעם פאַלטאַווער און דערווייל האָט ר' שמחה דורכגעטראַכט דעם ענין: אינגאַנצן מרחיק זיין דעם פאַלטאַווער וואָלט געווען אַ היזק פאַר דער ישיבה, ער איז אַ גרויסער אויפטוער. חוץ דעם וועט עס אַרויסרופן אַ שטורעם צווישן בעלי־מוסר אַז באַרעווע איז מער ניט קיין גאַווארעדקער ישיבה, זי שרעקט זיך שוין אַפילו פאַר סטראַשונקעס פון בעלי־בתים. דאַרף מען דעם פרא־אדם דערווייטערן אויף אַ שטיקל צייט, ביז דער טומל וועט זיך איינשטילן.

יאַנקל פאַלטאַווער איז צוגעקומען אַ בלייכער, אָבער אַן אויסגעגלייכטער, אַ שטייפער.

„פּאָלטאַוווער, איר דאַרפט תיכף־ומיד אַרויספאָרן אַפזוכן אַ שטעטל און דאָרט מאַכן אַ ישיבה־קטנה פאַר ר׳ דובער בערעזינער,״ האָט ר׳ שמחה פיינער־מאַן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף ר׳ דובער ליפשיץ. אין דעם מאַך מיט דער האַנט איז געלעגן זיין גאַנצער ביטול צום נאַרעווקער ראש־ישיבה, וואָס האָט זיך צעקריגט מיט זיינע בעלי־בתים און קען אויך ניט דורכפירן בשלום אַ וועד פון דערוואַקסענע ישיבה־לייט.

אַ באַגליקטער וואָס ער האָט אַזוי גוט אַפּגעשניטן, האָט יאַנקל פּאָלטאַוווער אַזש אַ הירזשע געטאָן פון פרייד און געענטפערט אַז ער וועט פאָרן. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ר׳ שמחה האָט האַסטיק זיך פון אים אָפּגעדרייט און, באַגלייט פון אַ גאַנצער סביבה מקורבים, איז ער אַוועק צו ר׳ צמח אַטלאַס. דער בעל־תשובה איז, ווי שטענדיק שפּעט נאָכן דאַוונען, נאָך געשטאַנען אין טלית און תפילין.

„איר שטעלט זיך איין פאַרן לאַהויסקער און ער מאַכט חרוב די ישיבה!״ האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן אויסגערופן.

צמח האָט געשוויגן און געקוקט מיט פאַרגלעזערטע אויגן, ווי די טרערן וואָלטן צוריקגעפאַלן אין אים גופא, געגליכן צו אַ חרובן ברונעם וואו די וואַסער־טראָפּנס פאַלן פון די פייכטע שטיינער צוריק אַראָפּ אין געדיכטן שטייענדיקן שימל. ער האָט געהאָפט אַז אפשר וועט גראָד מלכקע ווילנער אויסוואַקסן אַ גאַנצער מענטש, פאַרגינט אים ניט דער לאַהויסקער דעם נחת פון אַ תלמיד. צמח האָט אַרום זיך דערפילט אַ שטומקייט, ווי אַלע פון בית־מדרש וואָלטן זיך אַרויסגערוקט און אים איבערגעלאָזט אַליין. האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און דערזען: דער ראש־ישיבה, די עלטערע און דער גאַנצער ישיבהשער עולם קוקט צום אַריינגאַנג. דאָרט איז געשטאַנען משה חייט לאַהויסקער.

מיט אַ להכעיס־גרימאַסע אַרום די ליפּן, האָט דער לאַהויסקער געקוקט אויפן ראש־ישיבה מיט זיין סוויטע, וואָס זיינען שטיין געבליבן אַן לשון פון זיין חוצפה. געזען אַז דער ראש־ישיבה און די עלטערע שוויגן, האָבן אויך די היציקע יינגערע בחורים זיך ניט דערוועגט עפענען דאָס מויל. האָט דער לאַהויסקער נאָך מיט מער חוצפּה אַ שפּאַן געטאָן ביז צום מיטן פון בית־מדרש און אַרויסגערוקט דעם קאָפּ קעגן צמח אַטלאַס, וואָס איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען אין טלית און תפילין. משה חייטס לאַנגע צורה איז נאָך לענגער געוואָרן פון שרעק, דאָך האָט ער זיין געוועזענעם מדריך אַ שפּריץ געטאָן מיט אַ נצחון־געלעכטערל גלייך אין פּנים אַריין. אין זעלבן אויגנבליק האָט אים צמח אָנגעכאַפּט ביי די אַקסל און אַ שליידער געגעבן פאַרויס פון זיך צו דער טיר. דער לאַהויסקער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעדרייט און פאַרלאָרן די ברילן. פון שטויס און פאַל האָט ער זיך צעקלאַפּט אין די קאַנטן פון די בענק, אין די ווינקלען פון דער בימה,

אָבער ער האָט ניט געקרעכצט. ער איז נאָר אַרומגעקראָכן אויף אַלע פיר איבערן שטויביקן דיל זוכן די ברילן ביז ער האָט זיי געפונען, אָנגעטאָן און זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט, גרייט אַרויסצוגיין פון בית־מדרש. אַנטקעגן אים איז ווידער אויסגעוואַקסן צמח אַטלאַס, וואָס האָט אים קענטיק ניט פאַרגונען ער זאָל אַליין אַוועקגיין. ער האָט דעם צעשלאָגענעם נאָכאַמאָל אָנגעכאַפּט ביים מאַנטל אויפן ברוסט־קאַסטן און מיטן גאַנצן כוח אים אַ שטויס געטאָן דורך דער טיר אינ־דרויסן אַרויס.

צמח אַטלאַס איז שטיין געבליבן און אַראָפּגעקוקט אויפן שוועל ווי אויף אַ מצבה איבער אַ קבר. אין דער מינוט האָט ער געמאַכט דעם סך־הכל פון זיין לעבן: קיין זאַך האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. ער איז פון יענע וואָס אַ בת־קול רופט אויס אַז מען וועט זייער תשובה ניט אָננעמען. ער וואָלט זיך איצט ניט געוואונדערט ווען מען וואָלט אויך אים אַרויסגעשליידערט פון בית־מדרש און נאָכגעשריען, אַז וואָס אין אים איז געווען פאַרבאָרגן האָט אַרויסגעשלאָגן ווי קרעץ אויף זיינע תלמידים.

## 16

ר' שמחה פיינערמאַן האָט אויף דער אַסיפה פון וועד־הישיבות אין ווילנע ניט געפועלט קיין הוספה פאַר נאַרעווע. אויך די אַנדערע ראשי־ישיבות האָבן זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט די צוגעטיילטע סומעס. איז ביי אַלעמען געבליבן מען זאָל שיקן נאָכן מחזה־אברהם ער זאָל זיין דער בורר. אַ שליח־מיוחד איז אַוועק צו אים אין שטוב אַרויף זאַרעטשער באַרג, אויף יענער זייט בריק פון דער ווילענקע.

אויף זאַרעטשער פאַרשטאָט איז גראָד געווען אַ יאַריד, דער מאַרק־פּלאַץ האָט געקרעשט מיט קויפער און פאַרקויפער, דאָרפס־לייט האָבן אָנגעפילט די געשעפטן. אויך די רביצין יודעס האָט אויסגעקוקט אויף אַ קונה און געטראַכט אַ פּאַראומערטע: זי האָט ניט קיין גרויסן אויסוואַל פון מאַנופאַקטור און איר קלייט איז ווייטלעך פון מאַרק, קומען די קונים ניט אַריין. איר אַלטיטשקער, זאָל לעבן, זאָגט אָבער, ס'איז קיין חילוק ניט צי איר קלייט איז אַרויפצו אָדער אַראָפּצו פון זאַרעטשער מאַרק, קיין מענטש וועט ניט אַריינגיין אין אַ קלייט וואו דער אייבערשטער האָט אים ניט געשיקט. שאַ, אָט גייט דאָך יאָ אַ קונד...

אַריינגעקומען איז דער שליח פון וועד־הישיבות, אַ באָבערדלטער יונגערמאַן, און געפרעגט אויפן רב. „מיין מאַן איז ניט קיין רב,“ האָט אומפריינדלעך גע־

ענטפערט די רביצן מיטן שווערן אַראָפּגערוקטן פּאַרוק און געוויזן מיט אַ פינגער אויף דער טיר אין צווייטן שטיבל.

ר׳ אברהם־שעיה האָט געשפּאַנט הין און צוריק דורכן לאַנגן שמאָלן חדר. די הענט פּאַרלייגט אויף דער ברוסט און דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אַהינטער, מיט טיפע קנייטשן אויפן אויסגעהאָרעוועטן שטערן, האָט ער ווי תמיד אַריינגעטראַכט אין לערנען. דער שליח, אַ רבנישער אידעם אויף קעסט, האָט זיך אומגעקוקט פאַרחידושט און אויך ווי פאַרשעמט הלמאי ער וואוינט אין אַ גרעסערער און שענערער דירה, מיט נייע מעבל און מיט פיר מאָל אַזויפיל ספרים ווי ביים מחזה־אברהם. דער יונגערמאַן האָט גענומען דערציילן וועמענס שליח ער איז. נאָר וואָס יום־טובדיקער ער האָט אויסגערופן, ווי שמחת־תורה צו הקפות, די נעמען פון די ראשי־ישיבות און מנהלים, פאַרזאַמלטע אויף דער אַסיפה, אַלץ דייטלעכער האָט זיך אויפן מחזה־אברהמס פּנים געמאָלן שטומער פּחד. אַ ווייל האָט ער נאָך אַרומגעשפּאַצירט דורכן שטיבל אַ שווייגנדיקער. דערנאָך האָט ער אָנגעטאָן דעם ווינטערדיקן מאַנטל מיטן אויסגעריבענעם פוטערנעם קראַגן און גענומען אין האַנט דעם שטעקן.

„פאַרפאַלן, מען טאָר זיך ניט קעגנשטעלן דער גזירה פון אַזויפיל תלמידי־חכמים, מען מוז גיין,״ האָט ער אָפּגעזיפצט און געעפנט די טיר אין ווייבס שניט־געוועלב וואָס האָט געפירט צום דרויסן.

די רביצן יודעס האָט פון הינטערן צאָלבאַנק אַ קוק געטאָן אויפן מאַן און לויט זיין צעקלעמטן אויסזען גלייך דערקענט, מען שלעפּט אים שוין ווידער ערגעץ־וואו קעגן זיין ווילן. האָט זי צום אומבאַקאַנטן באָבערדלטן יונגנמאַן אויסגעלאָזט איר ביטער האַרץ, אירע דיקע ליפּן האָבן גענומען מאָלן מיט אַ פול מויל צונג.

„נאָך אַ קהלשע קליאַמקע ? קאָרג כלי־קודש אין ווילנע, מאַטערט איר נאָר מיין אַלטיטשקן ? ער זאָל כוח האָבן צו זיין אַ רב און אַ כלל־טוער, וואָלט איך דאָך ניט באַדאַרפט זיצן אין אַ קלייט אָן קונדן. וואו גייסטו ?״ האָט זי אַ פּאַכע געטאָן מיט די הענט, ווי אַן איינגעדרימלטער אָפּגעשלאָפטער פויגל אין אַ שטייג טוט פון שרעק אַ פּאַטש מיט די אָפּגעקראָכענע פליגל. ר׳ אברהם־שעיה האָט גאָרניט געענטפערט און איז גיך אַרויס אינדרויסן, באַגלייט פון צעטומלטן שליח.

„דער גרעסטער עזות־פּנים איז די אייגענע רביצן,״ האָט ער געצוואונגען געלאַכט, ווי איבערצובעטן דעם אָפּגעזידלטן יונגנמאַן, און גענומען שפּאַנען אין גרויס איילעניש, ניט צו לאָזן לאַנג וואַרטן די פאַרזאַמלטע. אָבער וואָס נענטער ער איז געקומען צום פּלאַץ פון דער אַסיפה, אַלץ אָפּטער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ביז זיין פּנים האָט זיך צעפלאַמט פון בושה און עגמת־נפש פאַר דער אייגענער שוואַכקייט. „זאָגט די ראשי־ישיבות און מנהלים אַז איך האָב זיך

צוריקגעקערט פון מיטן וועג. איך קען ניט זיין קיין פוסק ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן פאַרטיילן תמיכה צווישן בני־תורה. ווי קען איך זאָגן וועלכער ישיבה ס׳קומט וויניקער?״

די גדולי־התורה האָבן אויפֿן מחזה־אברהמס ענטפֿער זיך געחידושט און געברוגזט. באַזונדער האָט פֿאַראיבל געהאַט ר׳ שמחה פיינערמאַן. וויבאַלד ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער האָט קיין נאַרעווע געשיקט זיין תלמיד, אָט דעם חייקל ווילנער, דאַרף ער דאָך ניט דערלאָזן אַז מען זאָל באַהאַנדלען נאַרעווע ווי אַ שטיפקינד לגבי מיר און ראַדין. לסוף האָט ער אַפילו ניט באַוויליקט צו קומען אויף דער אַסיפה. איז פֿאַרוואָס דאַרף דווקא נאַרעווע האַלטן זיינעם אַ קאַליע־געוואָרענעם תלמיד? ר׳ שמחה פיינערמאַן האָט זיך שוין געגרייט צוריקפֿאָרן, ווען דער בעל־אַכסניא איז אַריין אים זאָגן, אַן אומבאַקאַנטער ייד בעט דער־לויבעניש אַריינצוקומען. אין קאָרידאָר האָט געוואַרט דער מחזה־אברהם.

זיכער אַז דער אורח איז געקומען זיך פֿאַרענטפֿערן וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין אַ בורר, האָט דער נאַרעווער ראש־ישיבה זיך צערעדט מיט פֿערלדיקע גמרא־ווערטלעך אַז מיר לעבן אין אַ צייט פֿון עת לעשות לשם, טאָר אַ תלמיד־חכם זיך ניט אָפּזונדערן אין די דלד אמות של הלכה. די גאַמבע אָנגעשפּאַרט אויפֿן הענטל פֿון זיין שטעקן, האָט ר׳ אברהם־שעיה אויף זיין שטייגער זיך צוגעהערט און געשוויגן. האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן ווייטער גערעדט מיט געשמאַקע אויסגעקיילעכטע מוסר־דערהערן און זיינע לענגלעכע אויסגע־אײדלטע פינגער זיינען פֿלינק געלאָפֿן איבער די האָר־סטרונעס פֿון זיין שמאָלער, גאָלדענער באָרד ביז דעם גאַרטל. נאָר אַז דער אורח האָט נאָך אַלץ געשוויגן, איז אויך ר׳ שמחה פיינערמאַן אַריינגעפֿאַלן אין אַ לאַנגן שטילשווייגן. ערשט דעמאָלט האָט ר׳ אברהם־שעיה רואיק געענטפֿערט אַז דער נאַרעווער ראש־ישיבה איז גערעכט, מען דאַרף עפּעס טאָן, אָבער ער איז ניט קיין טוער. ער איז געקומען זיך דערוויסן צי חייקל ווילנער לערנט מיט התמדה.

„שווער צו זאָגן, על־כל פּנים האָט ער מער אינטערעס אין שמועסן מיט די בחורים ווי אין זיצן און לערנען,״ האָט ר׳ שמחה געענטפֿערט אַן אָפּגעקילטער און מיט געמאַכטער תמימות אַ פֿרעג געטאָן. „ער איז טאַקע אייער תלמיד?״ ר׳ אברהם־שעיה האָט פֿאַרשטאַנען דעם שטאָך: ער טוט גאָרניט צו זיין אַ מרביץ־תורה, און אַז ער האָט זיך שוין יאָ צוגעקליבן אַ תלמיד, איז ער ניט מן המובחר.

„חייקל האָט אַ גלייכן קאָפּ אין לערנען און איז אַן אדם גדול אין הרגשים,״ האָבן ר׳ אברהם־שעיהס מויל־ווינקלען געצוקט מיט אַ דערצאָרנטן שמייכל, ווי שטענדיק ווען מען האָט אין אים אָנגערירט דעם כבוד־התורה. „לדאבוני איז די גמרא אַליין ניט בכוח אים צו האַלטן. האָב איך אים צוגערעדט ער זאָל בלייבן אויף אַ ווינטער אין נאַרעווע.״

ווערליק דעם ענטפער איז אויסגעקומען אַז דער נאַרעווער ראש־ישיבה פון הונדערטער תלמידים איז ניט קיין מבין אויפן נייעם תלמיד. ר' שמחה פיינערמאַן איז רויט געוואָרן, נאָר ניט געוואָלט איינרייסן מיט מחזה־אברהם און גענומען פּאַרגלעטן מיט ווייכע רייד: קיין ספק ניט אַז נאַרעווע וועט אויפן ווילנער האָבן אַ גוטע השפּעה. אין ישיבה געפינט זיך אויך זיין פריערדיקער וואַלקעניקער מנהל ר' צמח אַטלאַס, וואָס איז נאָך יאָרן בע־ונד צוריקגעקומען קיין נאַרעווע, און ער איז דעם ווילנער מקרב.

„ר' צמח אַטלאַס איז נאָך אַלץ ניט צוריקגעפאָרן צום ווייב קיין לאָמזשע?" האָט ר' אברהם־שעיה אויסגערופן און זיך צעלאַכט מיט האַרצוויטאָג. „ער איז געבליבן דער זעלבער."

אין נאַרעווע האָט מען געוואוסט אַז דאָס האָט דער מחזה־אברהם געהייסן דעם וואַלקעניקער מנהל משלח זיין פון שטעטל. האָט ר' שמחה געענטפערט אַז אַמאָל איז אויך אים ניט געפעלן צמח לאָמזשערס אויפפירונג, גאָר שטאַרק ניט געפעלן. אָבער איצט איז ער אַ חוזר־בתשובה, וויל ער פאַרשטיין פאַרוואָס ר' צמחס הנהגה טויג ניט. ר' שמחה האָט דערוואַרט אַ לאַנגן וויכוח און זיך אויפגעשטעלט, כדי צו העלפן דעם אורח אויסטאָן דעם מאַנטל. נאָר דער מחזה־אברהם האָט זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין און געענטפערט אַז ר' צמחס הנהגה טויג ניט, ווייל נאָך אַלע זיינע איבערלעבונגען אין וואַלקעניק און אין אַמדור ביי גראָדנע, האָט ער באַדאַרפט צוריקפאָרן צום ווייב קיין לאָמזשע.

„זי איז אַ פרוי פון אַ פרייער משפּחה און ער האָט מיט איר חתונה געהאַט בעת ער איז אַוועק פון תורה. איצט וויל ער זי גטן, נאָר זי וויל ביי אים קיין גט ניט נעמען," האָט ר' שמחה געזאָגט, פאַרוואונדערט פון מחזה־אברהמס אויפרעגונג. „אויסער וואָס זיי פּאַסן זיך ניט, האָט ר' צמח איינמאָל מסביר געווען אַז ער קען מיטן ווייב ניט וואוינען מחמת ער פילט בפועל ממש ווי צווישן איר און אים שטייט זיין ערשטע פאַרשטאָרבענע כלה."

„און דאָס איז אַ בעל־תשובה? אַ בעל־תשובה לאָזט איבער זיין אשת־נעורים אויף בושה און יסורים? און אין וועלכן ספר קדמון האָט ער עס געזען אַז מען מעג מבייש זיין אַ לעבעדיק ווייב איבער אַ טויטער כלה?" איז ר' אברהם־שעיה געוואָרן נאָך אויפגערעגטער. אַ מינוט האָט ער געשוויגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ער זאָל קענען בעסער אַריינקוקן אין דער זאַך. „חוץ דעם בין איך ניט זיכער אַז זיין ווייב פּאַסט אים לגמרי ניט. אויב זי וויל ביי אים ניט נעמען קיין גט, איז אַ סימן אַז ער וואָלט ביי איר געפועלט זי זאָל זיך פירן ווי ער וויל."

אויף צוריקוועגס קיין נאַרעווע האָט ר' שמחה פיינערמאַן געהאַט אַ שקלאַ־וטריא מיט זיך גופא און לאַנג געוואויגן אַהין און צוריק, ווי די באַן האָט זיך געוויגט אויף ביידע זייטן, ביז ער איז געקומען צו דער החלטה אַז ער וועט

זיך ניט מישן. קודם־כל איז ער ווייט ניט בטוח אַז ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער איז גערעכט. והשנית דאַרף ער ניט מען זאָל אים האָבן פאָרצואוואַרפן אַז ער האָט דערוויטערט דעם לאָמזשער בעל־תשובה וואָס האָט בשעתו פאַר דער ישיבה אַ סך אויפגעטאָן. און צולעצט האָט ער בילכערע זאַכן פון וואָס צו טראַכטן. ער טראָגט די אַחריות פאַר דער נאַרעווער ישיבה־גדולה און פאַר די אַרומיקע ישיבות־קטנות, כן ירבו. דער וואונדער איז גאָר אויפן מחזה־אברהם. ער וויל ניט זיין קיין בורר צווישן תלמידי־חכמים וואָס בעטן זיך ביי אים ער זאָל געפינען אַן אויסוועג. ער מישט זיך אָבער יאָ אין אַן ענין פון מאַן און ווייב, כאָטש ביידע פאַרלאַנגען ניט זיין עצה אָדער פסק־דין ווי זיך צו פירן. נאָכדעם ווי ר׳ שמחה פיינערמאַן איז צוריקגעקומען קיין נאַרעווע און זיך דערוואוסט פון יאַנקל פאָל־טאַווערס מחלוקת מיטן גבאי סולקעס און פון דער מעשה נורא מיטן לאָהויסקער, האָט ער בכלל מער ניט געהאַט אינזינען ר׳ צמח לאָמזשערס משפחה־צרות. אָמנם מיט חייקל ווילנער האָט ער יאָ געוואָלט האָבן אַ שמועס, און גלייך ווי די מהומה אין ישיבה האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָט ער געהייסן צורופן דעם תלמיד.

„אין ווילנע איז צו אונדז אין אַכסניא געקומען דער מחזה־אברהם זיך פרעגן אויף אייך,‟ האָט דער ראש ישיבה זיך געהוידעט אינאיינעם מיט זיין שטענדער. „אייער רבי איז אַ גאון עצום און האַלט פון אייך, נאָר וועגן אייער הנהגה האָבן מיר ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן.‟

אין דער ערשטער מינוט האָט חייקל דערפילט אַ היץ אין לייב פון פרייד וואָס דער רבי איז געקומען זיך פרעגן אויף אים. באַלד האָט ער זיך פאַרכמורעט: דער רבי האָט דאָך אים געהייסן בלייבן אויף ווינטער אין נאַרעווע און קומט אויס אין ווילנע גאַנץ גוט אָן אים. דער ראש־ישיבה האָט געזען אַז דער ווילנער שוויגט אַ באַטריבטער, האָט ער אים געפרעגט צי ער האָט אַ גוטע סטאַנציע. „אַ גוטע.‟ און מיטן עסן איז ער צופרידן? „צופרידן,‟ האָט חייקל ווידער קורץ געענטפערט. דער ראש־ישיבה האָט אָפּגעלאָזט דעם שטענדער און אַן אויס־געגלייכטער זיך גענומען וויגן פון איין פוס אויפן אַנדערן.

„ביי אונדז פירט זיך, אָדער מען זאָגט אונדז אָדער מיר זאָגן. מיר האָבן געהערט אַז ביים וועד עשירי־קודש האָט איר גערעדט רייד וואָס פאַסן ניט פאַר דעם מחזה־אברהמס אַ תלמיד. איר האָט געזאָגט אַז דער מענטש איז זייער אַ קליינער חלק פון דער בריאה און אַז מיר דאַרפן האָבן התפעלות פאַר דער גאַנצער בריאה. איז טאַקע אמת אַז מיר דאַרפן האָבן התפעלות אויך פאַר דער בריאה מחוץ דעם מענטש, אויב מיר דערזעען אין אַלץ די נפלאות־הבורא, ווי דער בעל־התהילים אין ברכי־נפשי. פאַרגעסן מיר אָבער אויף אַ רגע אַז אַלץ

איז זיין באַשאַפונג, איז אונדזער התפעלות פאַר דער טבע — עבודה־זרה, ווי מיר וואָלטן זיך געבוקט צו שטערן און מזלות, חלילה."

צו־לאַנג ריידן מיט אַ יינגערן, און דערצו נאָך פאַרן גאַנצן רבים אין די אויגן, האָט דער ראש־ישיבה געהאַלטן פאַר ניט לפי כבודו, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז דער שמועס איז פאַרענדיקט. אָבער אויך נאָך דעם שמועס האָט ר' שמחה פיינערמאַן ניט פאַרשטאַנען, מיט וואָס דער ווילנער איז אַן אדם־גדול אין הרגשים, ווערדליק דער מחזה־אברהם זאָגט אויף אים.

זינט ר' צמח אַטלאַס האָט דעם לאָהויסקער אַרויסגעשליידערט פון בית־מדרש, איז קיין ספק ניט געווען אַז דער אַפּיקורס מיטן קופּערנעם שטערן וועט זיך מער ניט ווייזן אַפילו ניט אין קיך צום עסן. נאָר אַנשטאָט מען זאָל זיך פרייען וואָס מען איז פון אים פּטור געוואָרן, איז אַלעמען געבליבן אַ נאָגעניש אין האַרצן. די ישיבה־לייט האָט געטאָטשעט אַ טיפער פאַרדראָס אויפן בעל־תשובה הלמאי ער האָט זיין אַמאָליקן תלמיד אַזוי געוואָרפן און געשטויסן איינ־מאָל און אַ צווייט מאָל. אַזאַ אַכזריות זעט מען ניט ביי אַן אידעלן מענטשן און געוויס ניט ביי אַ בן־תורה. איטלעכער האָט פאַרשטאַנען אַז גראָד ווייל ר' צמח האָט זיך פריער פאַרן לאָהויסקער אַזויפיל מאָל איינגעשטעלט מען זאָל אים ניט דערווייטערן, איז איצט זיין פאַרביטערונג קעגן אים נאָך גרעסער. און דאָך איז געבליבן אַ קשיה, ווי קומט צו אַ בעל־תשובה אַזויפיל כעס און רציחה? דעם גאַנצן עולם איז עס זייער ניט געפעלן און ביי אַ טייל עלטערע האָט עס אַפילו אַרויסגערופן דעם חשד, אַז ווער ווייס צי די צרות און די יאָרן נע־ונד האָבן דעם לאָמזשער געענדערט.

אויך די מקורבים פון ראש־ישיבה זיינען אַרומגעגאַנגען פול מיט טענות. זונדל קאָנאָטאָפּער האָט שעהן־לאַנג געלערנט מוסר מיט אַ צעבייזערט כריפּיק קול, געריסן פון זיך שטיקער ווי מיט אַ טעמפן מעסער — און פאַרט ניט געקענט אַרויסרייסן פון זיך דעם פאַרדראָס. אַזוי האָט איר עס אָפּגעהיט דעם בית־מדרש? האָט דער ראש־ישיבה צו אים געשריען. און אויך אים ווילט זיך אויסשרייען צום ראש־ישיבה: אָט דאָס איז אייער דאַנק פאַר מיין פאַרזיצן אַן אַלטער בחור, כדי איך העלפן פירן דעם בית־מדרש? ר' דובער ליפּשיץ ווידער האָט דעם ראש־ישיבה ניט געקענט מוחל זיין וואָס ער האָט די אויסגעווינטע טובה, יאַנקל פּאַלטאַוור זאָל אַרויספאָרן אָפּזוכן אַ שטעטל, אים צוגעוואָרפן מיטן זעלבן ביטול ווי מען גיט אָפּ ערב פּסח אַ פאַרטריקנטע חלה אויף פאַר־ברענען חמץ, אָדער ווי מען טרייסלט אויס די קעשענעס ראש־השנה צו תשליך.

בלויז דער פּאַלטאַוור האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פריילעכער, ערשט איצט האָט יאַנקל איינגעזען וואָס פאַר אַ כוח ער איז אין ישיבה. וויפל מען האָט אויף אים פון אַלע זייטן ניט געמסרט, האָט דער ראש־ישיבה אים קיין בייז וואָרט

ניט געזאָגט. מען האָט פון אים נאָר פאַרלאַנגט, ער זאָל אַרויספאָרן געפינען אַ מעמד פאַר ר׳ דובער בערעזינער און ממילא אַ קורצע צייט זיך ניט וואַרפן אין די אויגן דעם גבאי סולקעס. יאַנקל האָט נאָך געהאַט אַ געהיימען פלאַן וואָס קיינער האָט ניט געטאָרט וויסן. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן חייקלען און אים אויסגעפרעגט אויף וואָסער גאַס אין ווילנע וואוינט מלכקע, ווי הייסן זיינע עלטערן און וואָס זיי טוען. חייקל האָט אים איבערגעגעבן אַלע פּרטים און געפרעגט הלמאי דאָס אינטערעסירט אים. סתם אַזוי, האָט יאַנקל געענטפערט און ביי זיך געטראַכט: מען וועט נאָך זען ווער עס וועט אויספירן, משה חייט לאַהויסקער, אָדער ער, יאַנקל פּאָלטאַווער! דערנאָך האָט ער באַטראַכט די חברים ביי די שטענדערס און זיך געגומען דערמאָנען ווער פון זיי ס׳האָט אַ שיינעם אָנצוג, אַ נייעם מאַנטל, אַ פּאָר ברוינע שיך, אייבערהעמדער, שניפּסן. די חברים וועלן וואָרטשען, נאָר אים מוזן אַנטלייען זייערע בעסטע מלבושים. ער פאָרט דאָך גריבדן אַ נייעם מקום־תורה.

# 1

די בעל־הביתטע פון חייקל ווילנערס סטאַנציע האָט גערעדט אַ ביסל צו־הויך און זינגעוודיק — אַ פרוי אין די דרייסיקער, אַ הויכע, מיט אַ גרויסן צעווירעוועם גוף, מיט אַ פּאָר אויפגעריסענע בלויע אויגן און טונקעלע פלעקן אונטער זיי. ביילע גוטגעשטאַלט האָט ניט געטראָגן קיין שייטל אָדער אַ טיכל. בלויז ווען די לערנער די קוואַרטיראַנטן זיינען געווען אין שטוב און אויך פרייטאָג־פאַרנאַכט צו ליכט־בענטשן האָט זי צוגעדעקט די אייגענע האָר. דאָך האָט זי זיך געפירט לייטישער און פרימער פון איר מאַן מיטן געשטופלטן פּנים און די קאַסאָקלעכע אויגן. ער האָט חייקלען גוטברודעריש געקלאַפּט אין פּלייצע און דערציילט גראָבלעכע וויצן. די בעל־הביתטע האָט זיך אויף אים צעשריען. „אַרומשלעפּער, הער אויף!" און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ כיטרען בלינצל אין די אויגן.

ניט צו זיין טאָג און נאַכט אין טומל פון בית־מדרש אַרומגערינגלט מיט ישיבה־לייט, איז חייקל צייטנווייז אַוועק אויף סטאַנציע פריער פון זיינע אַנדערע מיטשלאָפער. איינמאָל איז די בעל־הביתטע אַריין אין קוואַרטיראַנטן־חדר און זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים שמועסן. אין די אויערן האָט אים נאָך געקלונגען דער גמרא־ניגון, נאָר פאַר די אויגן איז אים געקראָכן אַ צעוואַקסענער און

וואָרעמער ווייבלעכער גוף אין אַ לויזן שלאָפראָק. ער איז געזעסן אויפן ראַנד פון געלעגער מיט האַלב־אָפענע פאַרשמאַכטע ליפּן און זיך צוגעהערט.

„בעת די פאַרכטיקע טעג פאַראַיאָרן האָט איר אויסגעקוקט אַ סך פריילעכער. אייך איז אומעטיק, ווייל איר בענקט אַהיים?" טוט די בעל־הביתטע אַ זונג מיט אַ צופרידענעם שמייכל וואָס דער ישיבה־בחור פרעסט זי מיט די אויגן. ביילע גוטגעשטאַלט נעמט באַריידן איר מאַן:

זי ווייס אַליין ניט וואָס זי האָט מיידלווייז דערזען אין אים. זי האָט געשטריקט אויף צוויי זאָקן־מאַשינען און געהאַנדלט מיט גאַלאַנטעריי. אַלע פריילינס אין שטאָט האָבן געטראָגן אירע געשטריקטע יאַקעלעך. איז אַנשטאָט נעמען אַ סוחר, האָט זי גענומען אַן אַרומשלעפּער. איצט שפּילט ער ביז נאָך האַלבער נאַכט אין קאָרטן, אָדער שיכורט מיט בלאַטע יונגען, און בייטאָג רעדט ער צו איר אַזוי: וואָס האָב איך געטאָן! וואָס האָב איך געטאָן! איך האָב געהאַט אַ מיידל מיט גאָלד צוגלייך, האָב איך גענומען דיך. איצט נעמט מיך די כאָליערע. ענטפערט זי אים: הלוואי וואָלט איך דיך ניט געקענט! דיין אַמאָליקע ליובאָוויניצע, די ציפּקע, איז דאָך אַ בינטל געדערעם, אַ דאַרעניש און קוואַרעניש, קיי און שפּיי. ענטפערט ער: ווער איז קיי און שפּיי, מיין ציפּקע? אַלע יונגעץ נעמען דאָך פאַר איר די כפּרה, אָבער זי זאָגט: ניין! איך האָב ליב שלמהלען און פאַר קיין אַנדערן וועל איך ניט חתונה האָבן, קיינמאָל אין לעבן ניט! און אויף וועמען האָב איך זי אויסגעביטן? ציפּקע איז דאָך אַן אָנגעצויגענע שטאָלענע ספּרונזשינע, און דו ביסט אַ בעט מיט פלייש. אָט אַזוי רעדט ער צו איר, איר מאַן, דער אַרומשלעפּער. און פאַר זיינע גוטע ברידער קלאָגט ער זיך: איידער אַזאַ ווייב איז שוין בעסער פוילן אין דער ערד. נאָכדעם קומט ער אַהיים און דערציילט איר איבער וואָרט אין וואָרט וואָס ער האָט גערעדט צו זיינע חברים. דאַרף אַזאַ מאַן לעבן אויף דער וועלט? פרעגט ביילע גוטגעשטאַלט און פון איר לויזן קאַפּאָט קוקן אַרויס אַ פּאָר נאַקעטע בלאַנקע פיס, צו־דין פאַר אַזאַ שווערן קערפּער.

לויטן שמייכל אויף דער בעל־הביתטעס ברייטן מעליקן פּנים, פאַרשטייט חייקל אַז זי ווייס וואָס מיט אים קומט פאָר און וואַרט נאָר ער זאָל זי אָנרירן מיט אַ פינגער, וועט זי אים מיט אַ געלעכטער פון זיך אָפּשטויסן. שפּעטער וועט זי דערציילן איר געשטופלטן מאַן מיט די קאָסאָקע אויגן, אפשר אויך די אַנדערע קוואַרטיראַנטן פון דער סטאַנציע, אַז דער ווילנער קריכט צו איר. אים פעלט נאָך מען זאָל אין ישיבה אויף אים זאָגן אַז ער טשעפּעט זיך צו אַן אשת־איש! חייקל שטעלט זיך אויף אַ פאַרשטייפטער עלעהיי ער וואָלט מער ניט געקענט הערן איר פּראָסט לשון און ווי איר צעכראַסטעט אויסזען וואָלט ביי אים אַרויסגערופן ווידערווילן. די בעל־הביתטע שפּילט מיט און טוט אַ פּאַטש אַ האַנט אין אַ האַנט.

„איך האָב זיך פאַררעדט. ווי גאָט איז אייך ליב, דערציילט ניט איבער אייערע חברים וועגן מיין מאַן. אויב זיי זאָלן זיך דערוויסן וואָס פאַר אַ סחורה ער איז, וועלן זיי דאָ מער אַ טאָג ניט וואוינען.“ און ביילע גוטגעשטאָלט נעמט לויבן די קוואַרטיראַנטן: צדיקים! זיי וועלן אָבער קיינמאָל ניט זאָגן וואָס עס פעלט זיי. איז זי תמיד אין שרעק צי זיי זיינען ניט מיט עפּעס אומצופרידן. זי איז אויך אין איינע ציטערניש אַז איר מאַן זאָל די לערנער ניט דערציילן זיינע כאַמסקע וויצן. „זאָלט איר אייערע חברים חלילה אַ וואָרט ניט דאַכטן. איר זייט דאָך ניט ווי זיי,“ שמייכלט די בעל־הביתטע ווידער, ציט זיך, גענעצט, פאַרוואַרפט די הענט אויפן נאַקן, און די אַרונטערגעפאַלענע ברייטע אַרבל פון איר קאַפּאָט דעקן אויף אַ פּאָר פרישע פליישיקע אָרעמס. פויל ווי אַ קאַץ קריכט זי אַוועק אין שלאָפצימער און לאָזט איבער פון איר לייב אַ טרוקענעם וואַרעמען גערוך, וואָס פאַרשיכורט חייקלען און פאַרטשאַדעט אים.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז ער אַוועק פון שטוב נאָך איידער די קוואַרטיראַנטן און דער בעל־הבית זיינען אויפגעשטאַנען, ער זאָל זיי ניט דאַרפן קוקן אין די אויגן. דורכן טאָג האָט דער פאַרבליבענער ריח פון דער בעל־הביתטעס לייב אין זיינע נאָזלעכער זיך אויסגעוועפט און ער האָט מער געפילט דעם ריח פון איר פראָסט לשון, פונקט ווי פון רויען פלייש אויף אַ יאַטקע־קלאָץ. ס'האָט אים געקרענקט וואָס זי האָט אים ביינאַכט געזאָגט אַז ער איז ניט ווי זיינע חברים. מהיום והלאה וועט ער זיך פירן אויף אַן אופן אַז זי וועט זיך מער ניט דערוועגן אַריינקומען צו אים אין אַזאַ הילוך און ריידן מיט אַ מאַרק־שפּראַך. נאָר אָוונט־צייט איז ער ווידער אַוועק אויף דער קוואַרטיר און נאָך פריער ווי נעכטן.

די דירה איז פון אינעווייניק ניט געווען פאַרריגלט. חייקל איז אַריין אין שלאָפשטוב פון די קוואַרטיראַנטן. אין דערבייאיקן שמאָלן קאָרידאָרל איז געפאַלן אַ פאַס ליכט דורך דער האַלב־געעפנטער טיר פון חדרל, וואו ס'איז געשטאַנען די וואַנע און אַן אייוועלע מיט אַ וואַסער־רער. דאָרט האָט געפלייצט פון קראַן און אַ גרויסער גוף האָט זיך געפליושקעט אין דער ענגשאַפט פון אַ פול־אָנגעגאָסענער וואַנע. אין קאָרידאָרל האָט אַרויסגעקנוילט אַ ווייסע פאַרע, דורכגעשטרייפט מיטן רויטן אָפּגלאַנץ פון ברענענדיקן האָלץ אין אייוועלע. דאָס פלייצעניש פון קראַן האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט, ס'האָט זיך דערהערט אַ סאָפּען, אַ רייבן מיט זייף איבער אַ גליטשיק־פייכטן גוף און ווידעראַמאָל אַ פליושקען זיך אין וואַסער, ווי אַ גרויסער פיש מיט אַ ווייסן בויך וואָלט פון אייבערפלאַך אַרונטערגעשוואומען אין דער טיפעניש. חייקל איז געזעסן אויף זיין געלעגער און געפילט זיין חרפה. די בעל־הביתטע ווייס אַז ער איז דאָ, זי האָט נאָך פריער געוואוסט אַז ער וועט קומען. דעריבער האָט זי ניט פאַרריגלט די

גאַס־טיר און געלאָזט האַלב אָפֿן די טיר פֿון באַדצימער, כדי אים צו רייצן נאָך מער.

ער האָט דערהערט ווי זי קריכט אַרויס פֿון וואַסער און זיפּצט־אָפּ פֿון גרויס תענוג. זי האָט זיך לאַנג געווישט און געריבן מיט אַ האַנטעך, עפּעס אונטערגעזונגען. חייקל האָט זיך פֿאַרגעשטעלט ווי זי שטייט אַ נאַקעטע ביים שפּיגל און לאַכט צו זיך פֿון קלויזניק וואָס גייט אויס נאָך איר. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז זי אַרויס פֿון באַדצימערל און פֿאַרבייגעגאַנגען די אָפֿענע טיר פֿון קוואַרטיראַנטן־חדר. אַן איינגעוויקלטע אין שטייף־אָנגעצויגענעם קאַפּאָט, האָבן זיך אָנגעזען נאָך בולטער איר פֿולער בויך, ברייטע היפּטן און גרויסער הינטן. אירע באַקן האָבן זיך געריטלט צעפֿאַרעטע. די פֿייכטע גלאַנציקע האָר, אַרויפֿגעקעמט און צונויפֿגעדרייט אויפֿן מיטן קאָפּ, האָבן נאַקעט געלאָזט דעם נאַקן — אַ ווייסע שטיק מאַרמאָר. זי האָט אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט ביים קוואַרטיראַנטן־חדר און אַרייַנגערעדט אינעווייניק.

„איר זייט שוין געקומען? אַז מען הייצט אונטער דאָס אייוועלע איז פֿון דער היץ ניט אויסצוהאַלטן און מען מוז די טיר פֿון באַדצימער לאָזן אָפֿן,“ האָט זי זיך ווי פֿאַרענטפֿערט און אַוועקגעטאָפּטשעט צו זיך אין שלאָפֿצימער. אָבער אויך דאָרט האָט זי געלאָזט די טיר אָפֿן און איר שווערער גוף איז לייכט אונטערגעשפּרונגען אויף די שפּרינגפֿעדערס פֿון מאַטראַץ. די בעל־הביתטע האָט זיך געוואַלגערט און געקייקלט, זיך געצויגן און געשטרעקט אויפֿן ווייכן בעטגעוואַנט, און אין צווייטן עק קאָרידאָר איז חייקל געלעגן אין זיין חדר צונויפֿגעדרייט אויפֿן האַרטן געלעגער, געטראַכט פֿון אירע געוואַשענע גלידער און זיך גופא פֿיינט געהאַט. ער האָט געזען אַז סיי זיינע יאָרן ביים מחזה־אברהם סיי די סביבה פֿון בעלי־מוסר האָבן אים ניט געהאָלפֿן ער זאָל קענען בייקומען דעם יצר־הרע. אים שרעקט ניט די עבירה און ער האָט אויך ניט מער מורא פֿאַר איר מאַן, אַזוי ווילד איז ער שוין פֿון תאווה צו דער רויער אשת־איש. וואָס אים האַלט אָפּ פֿון אַריינרייסן זיך אין איר שלאָפֿצימער איז בלויז די שרעק אַז זי וועט אים אַרייַנלאַכן אין פּנים און אַרויסטרייבן.

אויפֿן דריטן טאָג איז חייקל ביז שפּעט ביינאַכט געבליבן אין ישיבה, אין חנה־חייקעס בית־מדרש, און פֿון דאָרט איז ער ערשט אַוועק אין בית־המוסר אויף סעראַזער גאַס.

בחורים זיצן אין פֿאַרשאָטנטע ווינקלען און ברומען מיט אַ מרה־שחורהדיקן ניגון. אַנדערע וויגן זיך שטום איבער ספֿרימלעך, אַ טייל שפּרייזן אום הין און צוריק, פֿאַרזונקען אין מחשבֿות. דער בית־המוסר איז קאַרג באַלויכטן, וואו־ניט־וואו פֿלעמלט אַ ליכט, איבער דער בימה ברענט פֿאַרגליווערט אַ רויט אויג — אַ קליין עלעקטריש לעמפּל. חייקל דערקענט אין האַלב־טונקל די ישיבה־לייט

נאָך זייער קול און באַוועגונגען. ער פּרואווט טרעפן ווער פון זיי פּייניקט זיך ווי ער פון תאוות בשר. איידעלע בני־תורה ריידן ניט צווישן זיך וועגן דעם, אַפילו ניט בסוד־סודות מיט אַ נאָענטן חבר. דאָך האָט חייקל ניט איינמאָל באַמערקט ווי אַ פאַרפרומטער בחור גיט אַ ברי־אָפּ מיט די אויגן אַ יונגע פאַרבייגייערין. אויפן לערנערס פאַרוואָקסענעם פּנים בלייבט אַ פאַרגאַפּטע העוויה, אַ פאַרטייעטער פּחד, אָדער ער ווערט צונטער־רויט ווי מען וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ גנבה. אויך פון זיך גופא ווייס חייקל, אַז וויפל ער זאָל דעם יצר־הרע ניט שלעפּן אין בית־מדרש, ווערט דער יצר־הרע ניט אָפּגעשוואַכט, כאָטש די גמרא זאָגט, אם פגע בך מנוול זה משכהו לבית המדרש.

אין אַ ווינקל זיצט שמשול קופּישקער, דער פאַרקוועטשטער פרומאַק, ווי מען רופט אים אין ישיבה. אויפן אָנלען פון באַנק איבער זיין קאָפּ איז אָנגעשמאָלצן אַ ליכט און פון איר געלבלעכן אָפּשיין אויף זיין באַק קריגט ער אַ וואָקסענעם פּנים ווי אַ בר־מינן. ער שאָקלט זיך און מורמלט אָן אויפהער פון זיינע קבלה־ספרימלעך, דרשות פון בייזע מגידים און צוואות פון גאָטספאָרכטיקע זקנים פאַר זייערע קינדס־קינדער. חייקל שפּאַנט אים עטלעכע מאָל פאַרביי און שטעלט זיך לסוף אָפּ. ער וויל וויסן צי אויך דער קופּישקער פירט אַ מלחמת־היצר מיטן בעל־דבר. „ר׳ שמשול, זאָגט אַ דערהער,“ הייבט חייקל אָן אויפן נאַוואָרעדקער שטייגער. דער איינגעשרומפּענער בחור עפנט אַ פּאָר אויגן פון עולם־התוהו און נעמט פּרעפּלען מיט אָפּגעשטאָרבענע ליפּן:

דער מדרש זאָגט, איידער אַ מענטש איז מתפלל אַז דברי־תורה זאָלן אַריינגיין אין זיין גוף, זאָל ער פריער מתפלל זיין אַז מעדנים זאָלן ניט אַריינגיין אין זיין גוף, ער זאָל קיין הנאה ניט האָבן פון עסן. אין חיבור פון אַ קדמון ווערט געבראַכט אַז ווען איינער איז מפסיק אינמיטן דער סעודה, כדי ער זאָל ניט הנאה האָבן פון דער אכילה, ווערט עס אים פאַררעכנט פאַר אַ קרבן. פון איין זאַך מעג מען יאָ הנאה האָבן, פון מרור וואָס מען עסט פּסח צום סדר. מען מוז אָבער עסן אַ גאַנצן כזית, וכל המרבה הרי זה משובח. דער גרויסער ר׳ אהרן־לייבעלע, זכר צדיק לברכה, האָט אַמאָל געזען אין חלום אליהו הנביא. האָט אים דער גרויסער ר׳ אהרן־לייבעלע דערלאַנגט אַ שיסל עסנוואַרג און געזאָגט צו אים אויפן לשון פון די בני־אדם: זאָל דער רבי מאַכן אַ ברכה. האָט אים אליהו הנביא געענטפערט מיט כעס: טיפּה סרוחה, דו מיינסט אַז מיר איז ניחא צו דערמאָנען דעם שם־הקדוש אויף אַ שיסל מיט אכילה? זעט מען דערפון וואויל אַז מען דאַרף זיך בכלל אָפּהאַלטן פון עסן. אַ מענטש זאָל געדענקען אַז ער שטאַרבט ניט איינמאָל, אלא ער שטאַרבט יעדע שעה, יעדע רגע, דאַרף ער זיך אָנגרייטן וואָס מער תורה און מצוות. טראָגן קורצע קליידער אָדער אַ מלבוש נכרי איז פּונקט אַזאַ עבירה ווי טראָגן שעטנז, השם ירחם. די שניידער טאָר מען

ניט טרויען, אַפילו ניט די פּרומסטע צווישן זיי. גאווה איז פון די אבי־אבות הטומאה, והדברים ידועים. מהאי־טעמא טאָר מען ניט רייכערן ציגייערס און פּאַפּיראָסן, ווייל בלאָזן אַ רויך פון מויל איז גאווה. אמת, פאַראַן צדיקים וואָס רייכערן ציגייערס און אַפילו פּיפּקעס, נאָר ביי צדיקים איז עס פאַררעכנט ווי זיי וואָלטן גערייכערט קטורת אויפן מזבח. ס׳איז אַ דבר ידוע אַז אין יעדער אומריינער זאַך זיינען באַהאַלטן הייליקע פונקען. אַנדערע פון אַט די ניצוצין זיינען פּיטשע־מאַנטשיקע, דקין מן הדקין. קען זיי דער צדיק הדור ניט אַרויסציען פון די אומריינע זאַכן און מעלה בקודש זיין סיידן דורך רייכערן. אָבער אַלע אַנדערע בני־תמותה טאָרן ניט בלאָזן קיין רויך, ווייל ס׳איז גאווה, השם ירחם. געוואַלד געשריען, געוואַלד! אַז אַ טאַטע שיקט זיין זון אין מאַרק איינקויפן סחורה און דער זון וועט זיך ערגעץ־וואו פאַרשפּילן, אָדער דאָס געלט פאַרשיכורן, וועט דאָך אים דער טאַטע עוקר מן השורש זיין. און דער מענטש פּטרט אַוועק זיין גאַנצע צייט און נשמה, אַנשטאָט אויף איינקויפן עולם־הבא, אויף דברים־בטלים, אויף ניבול־פּה און ליצנות. אוי לה לאותה בושה! אוי לה לאותה כלימה!

„ווילנער, ס׳איז טאַקע אמת וואָס מען זאָגט אויף אייך אַז איר לערנט תנ״ך און שרייבט שירים?" שעפּטשעט שמשול קופּישקער און זיינע וואָסערדיקע אייגעלעך טרערן פון פּחד פאַר דיבוקים, קליפּות, בייזע רוחות.

„ווער זאָגט?" וואונדערט זיך חייקל הלמאי ער ווייס גאָרניט וואָס דער בית־המדרש רעדט וועגן אים. „און וואָס איז די עוולה אויב מען לערנט תנ״ך און מען שרייבט שירים?"

לערנען תנ״ך מיט הייליקע מפרשים איז קיין בייז ניט, ענטפערט דער קופּישקער. אָבער דער אייבערשטער זאָל שומר ומציל זיין פון איינטייטשן אין שיר־השירים אַז דאָרט רעדט זיך וועגן אַ בחור און אַ מיידל, נייערט וועגן הקדוש־ברוך־הוא און די כנסת־ישראל רעדט זיך דאָרט. דער ווילנער מעג אויך אויסנוצן זיין כשרון פון שרייבן שירים, כדי אָנצושרייבן אַ נוסח אויף דער מצבה פון אַ צדיק, בלבד ער זאָל מכוון זיין לשם־שמים און ניט צו באַווייזן אַז ער קען. אוי ואבוי וועט אָבער זיין צו אים טאָמער שרייבט ער בדחנישע לידלעך. בדחנים זיינען לצים און לצים זיינען ניט מקבל פּני־השכינה. וויל ער ניט פאַרפאַלן ווערן אין גיהנום, זאָל ער זיך היטן פאַר לידלעך ווי פאַר אַ גרוב מיט שלאַנגען. מען טאָר אויך ניט לאַכן בעת מען הערט אַ המצאה, אַ חכמה, הגם מען זעט אויס אַ נאַר וואָס פאַרשטייט ניט קיין חכמה. די חז״ל זאָגן אונדז אַז בעסער זאָל מען אויסזען אַ גאַנץ לעבן אַ נאַר, איידער זיין פאַרן רבונו־של־עולם איין שעה אַ רשע, השם ירחם.

און וואָס פאַר אַ תרופה האָט איר צו הרהורי־עבירה?" פרעגט חייקל.

„גדשנאל!" ענטפערט דער קופּישקער אין גרויס איילעניש: מען דאַרף

אָנשרייבן אויף כשרן פּאַרמעט דעם שם הקדוש גדשנאל און טראָגן אויפן האַלדז. באותו רגע פון די הרהורי אשה דאַרף מען דריי מאָל אויסשפּייען און אָנרירן דעם פּאַרמעט מיטן הייליקן שם, ווערט מען גלייך געהאָלפן. אויב עס העלפט פאָרט ניט און די אויגן פאַרפירן ווייטער נאָכצוקוקן נשים, טאָ זאָל מען טראַכטן, וואָס איז די פּעולה פון מיין קוקן אויף זיי? פון קוקן אויף זיי ווערן זיי נאָך ניט מיינע, בראיה בעלמא לא קני, זאָגט דער קופּישקער מיט אַ פאַרקלאָגט קול. זיינע אויגן ברענען און ער נעמט פּרעפּלען נאָך סודותדיקער:

טאָמער טרעפט אַ מקרה בלתי טהור, דאַרף מען פאַסטן און גיין טבילה. אַפילו אין די גרעסטע פרעסט טאָר מען זיך ניט פוילן גיין אין מקווה. מען דאַרף אויך זאָגן ווידוי און דאָס קאַפּיטל תהילים ט״ז וואָס הייבט זיך אָן מיט מכתם לדוד, און קאַפּיטל ל״ב וואָס הייבט זיך אָן מיט לדוד משכיל. דערנאָך דאַרף מען זאָגן דעם לעצטן מזמור פון ערשטן יום־תהילים און דעם ערשטן מזמור פון צווייטן יום־תהילים. חוץ מזה טאָר מען ניט אָנרירן קיין דבר מאוס, אַ זשאַבע אָדער אַ בוק. מען טאָר ניט הערן קיין געמיין וואָרט און מען טאָר אין די נאָז־לעכער ניט אַריינציען קיין שלעכטן ריח. ער געדענקט שוין ניט, זאָגט שמשול קופּישקער, אין וועלכן ספר ער האָט עס געזען, ער געדענקט אָבער אַז דאָרט איז געווען געשריבן שוואַרץ אויף ווייס וועגן אַן איסור חמור אַרומצוגיין אין שטוב אין די גאַטקעס. מען קען דורך דעם ווערן נכשל אין די האַרבסטע עבירות, השם ירחם. געוואַלד געשריען, געוואַלד! יעדער בעל־חי האָט ליפּן, ציינער און אַ צונג, נאָר ריידן קען בלויז דער מענטש. איז וואָס טוט ער מיטן אוצר פון זיין לשון? ער רעדט דברים־בטלים. דעריבער דאַרף מען, אויסער אין דברי־תורה, טראָגן אויפן מויל אַ שלאָס. פון דעם אר״י הקדוש ווערט געבראַכט, אַז ווער עס שווייגט פערציק טעג רצופים קען דערגרייכן די מדרגה פון רוח־הקודש. נאָר אין ישיבה איז עס שווער דורכצופירן, מען רעדט צו אייך און איר מוזט ענטפערן.

„פון אַלע ספרימלעך זוכט איר אויס נאָר וואָס מען טאָר ניט,“ שטעלט זיך חייקל אויף פון באַנק אַוועקצוגיין.

„איר זוכט אין דער תורה וואָס מען מעג און איך זוך אין דער תורה וואָס מען טאָר ניט,“ טוט דער קופּישקער פּלוצעם אַ געשריי און זיינע פינגער, באַוואַקסן מיט גרויסע נעגל, גיבן זיך אַ קלעם־איין אין ווילנערס אָרעם, ווי ער וואָלט אים געשלעפּט אין גיהנום. חייקל דערפילט אַ ווייטאָג ביז טיף אין פלייש פון מוסקול און רייסט זיך קוים אַרויס. ער פאַרשטייט ניט מיט וואָס ער האָט דעם פאַרקוועטשטן פרומאַק אַזוי דערצאָרנט.

# 2

יום־כיפור קטן פון ערב ראש־חודש שבט האָט דער גאַנצער עולם זיך צונויפגעקליבן אַרום האַלבן טאָג אין בית־המוסר הערן דעם ראש־ישיבהס אַ שמועס. נאָכן שמועס און מנחה־גדולה איז זונדל קאַנאָטאָפּער צוגעגאַנגען צום עמוד, מיט אַ מאַנטל אויף די אַקסל אָנשטאָט אַ טלית. עטלעכע מאָל זיך אַ וויג געטאָן און זיך צעברומט מיט זיין לייבן־קול.

„אבינו מלכנו, חטאנו לפניך!"

די בחורים, אין געדיכטע שורות לענג־אויס די בענק, האָבן זיך געוואָרפן, געפּאַטשט מיט די הענט און נאָכגעזאָגט דעם בעל־תפילה. פון פסוק צו פסוק האָט זונדל קאַנאָטאָפּער געקלעטערט אַלץ העכער און די מוסרניקעס האָבן געזעצט מיט די פויסטן אין די שטענדערס, פאַרהויבן די הענט צום הימל אויפצוברעכן די פאַרשלאָסענע שערי־רחמים. אין אַ מיטנוואָכעדיקן טאָג האָט דער בית־מדרש געשטורעמט פון התלהבות ווי אום יום־כיפור. פון דרויסן האָט אַריינגעשיינט אַ רואיקער און ליכטיקער שנייטאָג, נאָר אין מקום־קדוש איז פון די אַרויס־געשריענע קולות געבליבן אין דער לופט הענגען אַ פינצטערניש. דער קאַנאָטאָפּער ביים עמוד האָט שוין געהאַלטן ווייט אין די אבינו־מלכנוס, און דער עולם איז מיטגעשוואומען ווי אין אַ ברויזיקן רייסיקן טייך שטראָם־אַראָפּ. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געשריי.

„ראַטעוועט! ראַטעוועט!"

דער פאַרטויבטער געוואַלד האָט זיך געטראָגן פון ספרים־חדר, וואו מען איז דורך געדרייטע טרעפּ אַרויף צום בוידעם־שטיבל. עטלעכע בחורים האָבן זיך אַהינצו אַ לאָז געטאָן, אַלע האָבן געוואָרט אין געשפּאַנטן שטילשווייגן. די בחורים האָבן פון ספרים־חדר אַרויסגעטראָגן דעם קופּישקער מיט אַ פאַרגעלטער צורה און פאַרוואָרפענעם קאָפּ. אין איין מינוט איז דער גאַנצער עולם געשטאַנען אַרום פאַרחלשטן און זיך צוגעקוקט ווי מען מינטערט אים. דער ראש־ישיבה און בכלל די עלטערע האָבן ניט געטומלט, זיך ניט געחידושט. מען האָט אַפילו אויסגעמיטן קוקן איינער אויפן צווייטן, ווי מיט אַ פלעק אין דער משפחה וואָס אַלע ווייסן און שעמען זיך. גערעדט האָט בלויז דער אונטער־שמש, אַ תמעוואַטער ייד מיט אַ גרויסער, קיילעכדיקער און ראַזלעכער צורה אָן אַ באָרד:

טאָג נאָך טאָג ווערט אים פאַרפאַלן אַן אַנדער חפץ פון בוידעם־שטיבל וואו ער שלאָפט. טראַכט ער אַז דאָס באַגנבען אים די אַרומשלעפּער וואָס קומען אַריין אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען. די לערנער איז ער, גאָט באַהיט, ניט חושד. אָבער פריער אינמיטן די אבינו־מלכנוס האָט ער דערזען ווי אַ לערנער שאַרט

זיך צום ספרים־חדר מיט שטילע טריט און מיט אַ פּנים פון איינעם וואָס היט זיך. איז אים איינגעפאַלן, אפשר איז עס דער גנב? און ער איז יענעם נאָכגע־גאַנגען דורכן ספרים־חדר איבער די טרעפּ פון בוידעם־שטיבל. ערשט ער זעט ווי דער לערנער פּאַרקניפּט אַ האַנטעך מיט אַ האַנטעך און מאַכט אַ שלייף. דעם שלייף פּאַרוואַרפט ער זיך אויפן האַלדז און קריכט אַרויף אויף אַ באַנק זוכן אין סופיט אַ קרוק. האָט ער יענעם אַרונטערגעשלעפּט פון באַנק און געמאַכט אַ גוואַלד.

„איר זאָלט וועגן דעם קיינעם ניט דערציילן, ווארום מען וועט אייך אָפּזאָגן פון דער שטעל,‟ האָבן די מוסרניקעס געמרוקעט צום אונטערשמש וואָס איז געבליבן שטום, אַ פאַרציטערטער פאַר זייערע בייזע פּרצופים נאָך מער ווי פאַר די סטראַשונקעס.

חייקל ווילנער איז געשטאַנען אַ דערשטוינטער, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערזען אַז די פּנימער פון לאַנג־יאָריקע באַקאַנטע זיינען בלויז מאַסקעס און עפּעס איז געשען וואָס צווינגט זיי אויסצוטאָן די מאַסקעס. אים איז פאַרגעקומען ניט גלייבלעך אַז דער קופּישקער זאָל זיך וועלן הענגען. אַקוראַט אַזוי אויסטערליש איז פאַר אים געווען די באַנעמונג פון די עלטערע ישיבה־לייט. מען האָט געזען באַשיימפּערלעך אַז פאַר זיי איז עס קיין נייס ניט.

איצט האָט מען אויך פון די ניי־געקומענע און די ייִנגערע לערנער מער ניט געקענט אויסבאַהאַלטן, אַז דער קופּישקער האָט שוין צוויי מאָל געפּרוּווט זיך נעמען דאָס לעבן. דעם פאַרגאַנגענעם זומער זיינען בני־תורה געזעסן אויף דאַטשע אין וואַלד ביי נאַרעווע, וואו דער קופּישקער איז געזעסן אויף התבודדות. איז ער איינמאָל געקומען צו לויפן צו די ישיבה־לייט אין וואַלד מיט אַ געוויין אַז ער האָט זיך געוואָלט הענגען. אַלע האָבן געוואוסט אַז דער פאַרקוועטשטער פרומאַק ציטערט אַפילו פאַר אַ גלייכווערטל, ווייל מען טאָר זיך ניט געפינען אין אַ מושב לצים. וועט ער אַזאַ זאַך ניט אויסטראַכטן אָפּצושפּילן אַ קאָמעדיע. האָבן די חברים אַרום אים געמאַכט אַ שמירה — און אים טאַקע דערהיט בעת ער האָט זיך געפּרוּווט הענגען אַ צווייט מאָל. מען האָט אים געבראַכט פון וואַלד קיין נאַרעווע און דער ראש־ישיבה האָט אָנגעזאָגט, קיינער פון די שטאָטישע און די ייִנגערע אין ישיבה זאָלן וועגן דעם ניט וויסן. זינט דעמאָלט האָט מען אים ניט געלאָזט אַליין, ניט אויף דער סטאַנציע און ניט אין בית־מדרש. אויך ווען ער איז אַרויס אויף נקיות איז עמעצער אים נאָכגעגאַנגען און דורך אַ שפּאַלט אין דער טיר אַריינגעקוקט אין בית־הכסא. מער פון יעדן האָט זיך מיט אים אָפּגעגעבן אשר־לעמל קראַסנער, דער טוב־ומטיב, דער צדיק פון ישיבה. אָבער אַז ס'זיינען אַריבער עטלעכע חדשים און דער קופּישקער האָט גאָרניט געטאָן, איז די שמירה אַרום אים ממילא געוואָרן אָפּגעשוואַכט. יום־כיפּור קטן ביים זאָגן

אבינו־מלכנו האָט אַפילו אשר־לעמל קראַסנער פאַרגעסן אין קופּישקער. האָט ער עס אויסגענוצט און זיך געפּרואווט אומברענגען צום דריטן מאָל.

איטלעכער האָט אין האַרצן געזאָגט על־הניסים וואָס מען האָט דעם קופּישקער באַוויזן אָפּצוראַטעווען און מען האָט אַרום אים איינגעשטעלט אַ פּאָר־שטאַרקע שמירה. פריער האָט דער ראש־ישיבה ר׳ שמחה מורא געהאַט, נאַרעווע זאָל זיך ניט דערוויסן און זאָגן אַז די מוסרניקעס האָבן דעם בחור משוגע געמאַכט; איצט האָט ער מורא פאַר דאָס פאַרקערטע, מען זאָל ניט זאָגן אַז אַ לערנער איז קראַנק געוואָרן אויפן קאָפּ און די מוסרניקעס פירן אים ניט צו דאָקטוירים. ר׳ שמחה פיינערמאַן האָט געפילט אַז ער ווערט אַלט און גרוי. אַ זמן מיט אַזויפיל דאגות האָט ער נאָך ניט געהאַט. און ס׳איז דאָך ניט קיין צופאַל וואָס אַלע צרות טרעפן מיט ר׳ צמח לאָמזשערס תלמידים זינט ער איז צוריקגעקומען אין ישיבה. משמעות אַז זיין תשובה איז ניט קיין געהויבענע, אויב דורך אים קען אַרויסקומען אַזאַ תקלה. פון דער גמרא אין שבת ווייסן מיר, מגלגלין זכות על ידי זכאי וחובה על ידי חייב... שמשול קופּישקערס חברים ווידער האָבן זיך געשושקעט אין בית־מדרש, אין דער קיך און אויף די סטאַנציעס: היתכן! אַ ירא וחרד זאָל זיך וועלן אַ מעשה אַנטאָן און פאַרלירן זיין עולם־הבא? זעט אויס אַז פון צופיל פּייניקן זיך איז שמשול אַרונטער פון זינען. חייקל ווילנער האָט געהאַט אַן אַנדער ענטפער אויף דער קשיה. ער האָט אָבער וועגן דעם מיט קיינעם ניט געוואָלט ריידן, אויסער מיט משה חייט לאַהויסקער, און איז צו אים אַוועק.

זינט דער בעל־תשובה ר׳ צמח האָט דעם לאַהויסקער אַרויסגעשליידערט פון בית־מדרש, האָט ער זיך אויך ניט באַוויזן אין קיך צום עסן. דעריבער האָט זיך חייקל געחידושט פון וואַנען ער ווייס די געשיכטע וועגן קופּישקער מיט אַלע פּרטים. משה חייט האָט אויסגעזעזן אויסגעצערט, פאַרוואַקסן און אָפּגעלאָזן, ווי נאָכן אַרויסטרייבן אים פון ישיבה וואָלט ער געוואָרן נאָך מער קלויזניק.

„איך האָב געוואוסט, ווילנער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט איר צו מיר קומען. איך בין אין נאַרעווע אייער נאָענטסטער מענטש, צי איר ווילט זיך אין דעם מודה זיין צי ניט. אויך די אַנדערע מוסרניקעס כאַפּן זיך אַריין צו מיר, קיינער זאָל ניט וויסן. אַזוי לאַנג ווי איך בין געקומען אין קיך צום עסן, האָבן זיי מורא געהאַט מיר צו פאַרטרויען זייערע סודות און ספיקות. איצט קומען זיי און בעטן זיך רחמים איך זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער קופּישקער מטורף האָט זיך געוואָלט הענגען.״

„פון יאוש! ער האָט געזען אַז אַלע זיינע סיגופים פּטור צו ווערן פון יצר־הרע העלפן ניט, האָט ער פון גרויס יאוש זיך געוואָלט אויפהענגען,״ ענטפערט

חייקל האַסטיק, ער האָט זיך קוים דערוואָרט עס אַרויסצוזאָגן. „פונדעסטוועגן בלייבט נאָך אַלץ אַ קשיה. אין ווילנע האָב איך ניט איינמאָל געהערט פון פאַר־ביטערטע אַרעמעלייט אַז זיי טוען זיך ניט אָן אַ מעשה ווייל זיי האָבן מורא פאַר גאָט. איז ווי האָט עס דער קופּישקער קיין מורא ניט געהאַט פאַר דער האַרבער עבירה פון המאבד עצמו לדעת?"

ס'איז קיין צושטעל ניט, ענטפערט דער לאָהויסקער מיט צעברענטע אויגן פון שנאה, ווי שטענדיק ווען ער נעמט ריידן וועגן די מוסרניקעס: אָט די פאַר־ביטערטע אַרעמעלייט אין ווילנע און נאַרעווע האָבן ליב דאָס לעבן. איז אויך אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג געדענקען זיי אַז גאָט האָט געהייסן טייער האַלטן דאָס לעבן און האָפן אויף בעסערע צייטן. אָבער שמשול קופּישקער האָלט ניט פון עולם־הזה. זיין איינציקער יש איז עולם־הבא וואָס ער פאַרגרייט זיך דורך פּייניקן דעם גוף. נאָר וואָס מער ער פּייניקט זיך, אַלץ שטאַרקער ברענט דער יצר־הרע אין זיינע דאַרע ביינער. און פון גרויס גלוסטעניש נאָך אַן אשה האָט זיך אים געטראָפן, לאָמיר זאָגן, אַ מקרה־לילה. ס'קען גריילעך געמאָלט זיין אַז ער האָט עס געטאָן בידים. אָבער נאָכן אָפּטאָן, און אַפילו בעת מעשה, האָט ער געוואוסט אַז ער באַגייט אַ מוראדיקע עבירה, ער איז אַ מוציא שכבת זרע לבטלה. האָט ער גענומען אַריינטראַכטן וואָס פאַר אַן עונש ער דאַרף נעמען אויף זיך אויסצוקויפן דעם חטא. פאַסטן און קייקלען זיך אין שניי איז פאַר אים גאָרניט. כריתת ימים, ווי יהודהס קינדער ער ואונן — גאָרניט! אויך די פייערן פון גיהנום זיינען צו־שוואַך אויסצוברענען די באַגאַנגענע זינד. האָט ער, דער אָנאַ־ניסט, זיך אַזוי לאַנג געריסן דאָס לייב מיט ברודיקע נעגל, ביז ער האָט צוגעטראַכט אַ שטראָף און נקמה אין זיך גופא: ער וועט ביי זיך צונעמען דאָס טייערסטע, ער וועט זיין דער המאבד עצמו לדעת און פאַרלירן יענע־וועלט ווי ער האָט ניט די־וועלט. צדיקים זאָגן זיך אָפּ פון עולם־הבא כדי צו פאַרדינען אַ מצווה, וועט ער זיך אָפּזאָגן פון עולם־הבא כדי זיך צו באַשטראָפן פאַר דער עבירה.

„דער וועלער פּייניקט מיך, ער פּייניקט נאָך מער דעם קופּישקער, און אייך, ווילנער, לייגט ער גאָר אין דער ערד. אין דער אייגענער צייט שווימט איר אין פאַרנעפּלטע פאַנטאַזיעס, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל געזאָגט," לאַכט דער לאָהויסקער און זיינע דינע שפּיציקע קני טרייסלען זיך, שפּרינגען אונטער.

דאָס ציטערן פון זיינע שוואַכע שפּיציקע קני רופט ביי חייקלען אַרויס אַ ווידערווילן. ער איז גרייט שווערן אַז דער לאָהויסקער טוט דאָס זעלבע אין וואָס ער איז חושד דעם קופּישקער, ער איז מוציא שכבת זרע לבטלה. און ווי נאָך זייער שמועס אין דער יום־כיפּור־נאַכט גייט דער ווילנער אויך איצט אַוועק

פול מיט כעס אויפֿן לאַהויסקער וואָס גראָבט אונטער זיין גלויבן אין נאָוואַרעדאָק.

פון די ישיבה־לייט האָט זיך חייקל דערוואוסט אַז שמשול קופּישקערס קוואַרטיר־חברים, אשל־לעמל קראַסנער און ראובן ראַטנער, לאָזן אים פון שטוב ניט אַרויס. פאַרוואָס און פאַרוועץ מען האַלט אים פאַרשפּאַרט זאָגן זיי ניט. מסתמא האָט דער ראש־ישיבה זיי געהייסן שווייגן. חייקל האָט פאַרשטאַנען אַז דווקא דער אַרויסגעטריבענער אַפּיקורס וועט וועגן שמשול קופּישקער וויסן מער ווי יעדער אַנדערער אין ישיבה. איז ער ווידער אַוועק צום לאַהויסקער און יענער האָט טאַקע געוואוסט.

„דער מטורף פאַרלאַנגט איצט זיסוואַרג, צוקער און שאָקאָלאַד,״ האָט משה חייט געלאַכט און דערציילט אַן אויסטערלישע געשיכטע:

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז דער קופּישקער אַפּגעלעגן אַ פאַרגליווערטער, ביז ער האָט אין איינעם אַ פרימאָרגן מיטאַמאָל זיך אויפגעזעצט און פאַרלאַנגט הייסן טיי מיט אַ סך מעלצוקער. זיינע צוויי שומרים האָבן זיך דערפרייט, ווי ער וואָלט געוואָרן פון טויט לעבעדיק, און אים געבראַכט וואָס ער האָט געבעטן. האָט ער אין זיך געגאָסן דעם זודיקן טיי און פאַרלאַנגט נאָך אַנדערע מינים זיסוואַרג, קיכל, לעקעך, שטרודל, שאָקאָלאַד. אַזעלכע מעדנים האָבן אשר־לעמל קראַסנער און ראובן ראַטנער ניט געהאַט, זיי האָבן אים געקענט געבן בלויז מעלצוקער און האַרטן צוקער. האָט דער קופּישקער זיך אַוועקגעזעצט כראַמשקען די קלעצ־לעך און אַזוי לאַנג געכראַמשקעט, ביז אויף די צוויי בחורים איז געפאַלן אַ פּחד. דערנאָך איז ער ווידער געבליבן ליגן אַ פאַרגולמטער, אַ גאַנצן אָוונט און די נאַכט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. אינדערפרי איז ער אַרונטערגעקראָכן פון בעט און פאַרלאַנגט אַ האָר־מאַשינקע. ראובן ראַטנער האָט אים געגעבן אַ מאַשינקע און דער קופּישקער האָט ביי אַ שפּיגעלע זיך אויסגעשאָרן דאָס בערדל ביז די האָר־וואָרצלען. אויך בחורים מיט בערד שערן זיך אָפּ פון צייט צו צייט. שמשול קופּישקער האָט עס קיינמאָל פריער ניט געטאָן. די חברים האָבן זיך נאָך מער דערשראָקן פון זיינע רייד אַז ער וויל גיין אין בית־מדרש צום דאַוונען. די שומרים האָבן פאַרשטאַנען אַז זיין באַווייזן זיך אין ישיבה אָן אַ בערדל וועט אַרויסרופן אַ מהומה. איז אשר־לעמל קראַסנער געבליבן אים היטן און ראובן ראַטנער איז געלאָפן צום ראש־ישיבה זיך אַן עצה האַלטן. דער ראש־ישיבה האָט זיך ביים קאָפּ געכאַפּט און אָנגעזאָגט אַז מען זאָל דעם מטורף פון שטוב ניט אַרויסלאָזן. דער קופּישקער האָט געגוואַלדעוועט אַז ער וויל זיין צווישן מענטשן. קוים וואָס מען האָט אים באַרואיקט און אים ווידער געגעבן צו כראַמשקען צוקער.

„צוקער?״ שטאַמלט חייקל און פילט זיך ווי ייִנגלווייז בעת אַ פלינקערער

חברה־מאַן פון אים האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פיסל און ער איז אומגעפאַלן, צום געלעכטער פון די אַרומיקע שטיפער. „פאַרוואָס עפּעס פאַרלאַנגט ער צוקער?״

משה חייט קוועטשט מיט די אַקסל: ער ווייס ניט. און פאַרוואָס האָט דניאל האַמלער נאָך דער אָפּעראַציע פאַרלאַנגט אַז דווקא קראַנקנשוועסטער, ניט זיינע חברים, זאָלן אים אָנטאָן און אויסטאָן? ווי עס קוקט אויס איז דאָ אַ שייכות צווישן דניאל האַמלערס גלוסטעניש אַז שפּיטאָל־פרויען זאָלן זען זיין אייגנע־קוואַרטן גוף און צווישן שמשול קופּישקערס תאווה צו צוקער, נאָך זיין דורכ־געפאַלענער מלחמה מיטן יצר־הרע.

חייקלען טוט ווי אַ געדאַנק, ווי אים וואָלט געשמאַרצט אַן אויג, פאַרטרייסלט מיט אַ פליגעלע: אין ישיבה ווייסן ניט די בחורים וואָס ביים קופּישקער טוט זיך. די בייס האָט דער לאָהויסקער געקענט הערן פון קופּישקערס קוואַרטיר־חברים. זיכער ניט פון אשר־לעמל קראַסנער, ער רעדט מיטן אַפּיקורס בכלל ניט. הייסט עס אַז פון צווייטן קוואַרטיראַנט.

„איך ווייס שוין ווער ס׳איז ביי איך אַן איינגייער און ברענגט אייך אַלע ידיעות, ס׳איז ראובן ראַטנער.״

דער לאָהויסקער לייקנט ניט און חייקלען לייגט זיך אויפן האַרץ אַ שווערער שטיין, אים טוט באַנג וואָס ער האָט געטראָפן. מיט אַ יאָר צוריק האָט ראובן ראַטנער, פּונקט ווי די אַנדערע בחורים, נאָך געבערענט פון התרגשות. איז ווען האָט דער ראַטנער באַוויזן זיך אויסצוקילן? און אפשר, טראַכט חייקל, האָט ער פאַראַיאָרן אויף די בחורים זיך ניט דערקענט, ווייל ער איז אין נאַרעווע געווען אַ גאַסט בלויז איבער די ימים־טובים? אויב אַזוי האָט ער אומזיסט מקנא געווען די נאַווואַרעדקער מבקשים און ער האָט ניט באַדאַרפט אַזוי זיך רייסן צו פאָרן אין ישיבה.

„צמח אַטלאַס האָט מיט זיינע לאַפּעס מיך אַרויסגעשטויסן פון בית־מדרש, כדי אַלע וואָס האָבן עס צוגעזען זאָלן מיך מבזה זיין. אויסגעפירט האָט ער פּונקט דאָס פאַרקערטע. גראָד איצט קומען צו מיר זיינע תלמידים,״ טריאומפירט משה חייט און דערציילט ווי ראובן ראַטנער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צו אים מיט אַ פּזמון. „אַלץ וואָס מען זאָגט אויף אייך איז שקר וכזב! איך בין זיכער אַז איר לייגט יעדן טאָג תפילין און זייט ניט מחלל שבת!״ ראובן ראַטנער מוז זיך עס איינריידן, כדי ער זאָל קענען קומען אָפּטער און זיך פּאַטשן מיט דער האַנט אין שטערן אויפן זעלבן אָרט וואו ער טוט אָן דעם של־ראש פון זיינע תפילין. איך פאַרשטיי ניט, זאָגט ער, איך פאַרשטיי ניט מיט וואָס ר׳ צמח לאָמזשער האָט בחורוויז אַזוי אויסגענומען ביי כלה־מיידלעך.

נאָך דעם שמועס מיטן אַפּיקורס האָט חייקל אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען

מיטן ראַטנער, ווי בעת מען קומט אומגעריכט אַריין צו אַ שכן און מען ווערט ניט ווילנדיק אַן עדות פון אַ משפחה־סצענע; שעמט מען זיך שפּעטער צו קוקן דעם שכן גלייך אין פּנים. ראובן ראַטנער האָט ווידער גענומען קומען צו די סדרים אין ישיבה, נאָר זיין חבר פון קוואַרטיר, אשר־לעמל קראַסנער, האָט זיך בכלל ניט באַוויזן. די נייגעריקע בחורים האָבן געשמעקט און גענישטערט, ביז זיי זיינען לסוף דערגאַנגען וואָס ס'איז לעצטנס פאָרגעקומען. שמשול קופּישקער האָט ניט געוואָלט גיין צום דאָקטאָר און אים אויך ניט צוגעלאָזט צו זיך. איך בין ניט משוגע, האָט ער געגוואַלדעוועט און דערביי געסטראַשעט, אַז אויב מען וועט אים ניט אַרויסלאָזן אינדרויסן, וועט ער ניט עסן און ניט טרינקען ביז ער וועט אויסגיין. איז צו אים געקומען דער ראש־ישיבה בכבודו ובעצמו און שעהן־לאַנג מיט אים איינגעטענהט אַז אין נאַרעווע טאָר ער ניט בלייבן. אַלע אין שטאָט ווייסן אַז ער האָט געוואָלט ווערן אַ מאבד עצמו לדעת. וועט ער דאָ מער ניט קענען רואיק עוסק זיין אין תורה ועבודה און אויך ניט טאָן קיין גוטן שידוך. ער דאַרף פאָרן אין אַ ישיבה וואו מען קען אים ניט און זיך דאָרט פירן ווי אַלע בני־תורה, ביז ער וועט חתונה האָבן און ערשט דעמאָלט צוריק־קומען קיין נאַרעווע. שמשול קופּישקער האָט זיך געלאָזט איבעררײדן אויסצור־וואַנדערן אין מרחקים, אין אַ נאָוואָרעדקער ישיבה־קטנה העט ווייט אין אַ וואָלינער שטעטל, און אשר־לעמל קראַסנער איז געפאָרן אים באַגלייטן.

## 3

### פון פאַלטאַווער איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע,

אַז ער האָט געמאַכט אַ ישיבה־קטנה אין אַמדור ביי גראָדנע, ר' דובער ליפשיץ זאָל גלייך אַרויספאָרן. אַלע אין בית־מדרש האָבן פאַרשטאַנען, יאַנקל פאַלטאַווער האָט אויסגעקליבן דווקא אַמדור צו באַווייזן אַז ער איז אַן אויפטוער אַפילו דאָרט וואו זיין ראש־הוועד ר' צמח לאָמזשער איז אַמאָל דורכגעפאַלן. אָבער אַנשטאָט זיין צופרידן, האָט ר' דובער ליפשיץ געפּלאַכטן מיט אַלע פינגער זיין האָרט בערדל: אויב ר' צמח האָט בשעתו גאָרניט געקענט אויפטאָן, איז נאָך אַ גרויסער ספק צי אַמדור איז טאַקע צוגעפּאַסט פאַר אַ ישיבה־קטנה. מאידך־גיסא קען זיין אַז דער מצב אין שטעטל האָט זיך געביטן צום בעסערן און אויך די דעה־זאָגער זיינען איצט אַנדערע. אַזוי צי אַזוי וועט ער פאָרן. ער האָט איבערגענוג דאָס וואַלגערן זיך אין נאַרעווע און זיינע בני־בית זיינען איבער־גענוג שוין אָפּגעקומען אין נאַרעווקע.

נאָך ר' דובער בערעזינערס אָוועקפאָרן האָט דער ראש־ישיבה ר' שמחה

געגומען וואַרטן אויף יאַנקל פאַלטאַווער. טאָג נאָך טאָג זיינען אַריבער און מען האָט פון אים ניט געהערט. ר׳ שמחה פיינערמאַן איז געוואָרן אומרואיק. אפשר וויל דער פאַלטאַווער מער ניט צוריקקומען, ווייל מען האָט אים געהייסן אויף אַ שטיקל צייט אַוועקפאָרן פון ישיבה צוליב דעם גבאי סולקעס? חוץ דעם איז אַמדור גלאַט אַ מקום מוכן לפורעניות, צמח לאַמזשער איז דאָרט בשעתו קאַליע געוואָרן. קען זיין אַז יאַנקל פאַלטאַווער האָט געוואָלט נאָכטאָן זיין לאַמזשער ראש־הוועד און אויך ער האָט דאָרט געטאָן אַ שידוך און אויך ער איז דאָרט קאַליע געוואָרן. ר׳ שמחה האָט שוין חרטה געהאַט וואָס ער האָט יאַנקלען אָפּגע־לאָזט. פאַרלירן אַזאַ אויפטוער איז אַ הפסד מרובה, כאָטש ער איז אַ פרא־אדם. און דער ראש־ישיבה האָט געשריבן אַ בריוו צו ר׳ דובער ליפשיץ אויפן אַדרעס פון אַמדורער רב, ער זאָל גלייך צוריקשיקן דעם פאַלטאַווער, מען דאַרף אים בייטיק אין נאַרעווע.

פון ר׳ דובער ליפשיץ איז צוריקגעקומען אַן ענטפער אַז יאַנקל פאַלטאַווער איז פון אַמדור אַוועקגעפאָרן נאָך איידער ער, ר׳ דובער, איז אַהינצו אָנגעקומען, און אַז ער איז טאַקע אַ מענטש אַן אחריות, אָט דער יאַנקל. ער האָט אַרויס־געקראָגן די הסכמה בלויז פון עטלעכע בעלי־בתים, די אַנדערע זיינען אויך איצט קעגן אַ ישיבה ווי אין ר׳ צמחס צייטן. און ר׳ דובער ליפשיץ האָט אין זיין בריוו געסטראַשעט, אַז אויב מען וועט אים ניט צושיקן אַרויסהעלפער וואָס זאָלן טאַקע פועלן אַ ישיבה, וועט ער בלית־ברירה מוזן צוריקפאָרן קיין נאַרעווע. ר׳ שמחה פיינערמאַן איז געוואָרן אש־להבה: ר׳ דובער בערעזינער איז דאָך תמיד נוטה צו די נאָוואַרעדקער ישיבות פון מעזריטש און וואַרשע אַ סך מער ווי ער איז נוטה צום מרכז אין נאַרעווע. איז פאַרוואָס האָט ער זיך אָנגעלייגט דווקא אויף נאַרעווע? און וואו איז אַהינגעקומען יאַנקל פאַלטאַווער?...

יאַנקל האָט געפילט אַז דאָס מוזן עוקר זיין פון נאַרעווע איבער דער מחלוקת מיטן גבאי סולקעס מאַכט צו נישט זיין אָנזען ביי די בחורימלעך פון זיין וועד. דאַרף ער אויפטאָן דאָרט וואו אַפילו דער נשר הגדול ר׳ צמח לאַמזשער האָט ניט אויפגעטאָן, אַ וועלט זאָל זיך טרייסלען. דער אַמדורער רב האָט צו אים גע־טענהט אַז זינט אָט דער ר׳ צמח אַטלאַס האָט זיך געוואַלגערט אין בלאָטע ביי דער טיר פון דעם געוועזענעם מחותן, האָט שטעטל געגומען גלייבן אַז איבער אים, דעם מוסרניק, איז זיין כלה דבורהלע נאָמיאָט טאַקע געשטאָרבן. מהאי־טעמא וועט אַמדור אַ ישיבה פון מוסרניקעס ניט האַלטן. נאָר יאַנקל האָט אַ דריי געטאָן מיטן גראָבן פינגער פונקט פאַרקערט: קאַרג חתנים לאָזן אָפּ שידוכים? פונדעסטוועגן קומט קיינער ניט זיך וואַלגערן אין בלאָטע אַרויסצוקריגן אַ מחילה. וועט שטעטל גרויס דרך־ארץ האָבן פאַר נאָוואַרעדאָק וואָס האָט אַרויסגעבראַכט

אַזאַ ר׳ צמח אַטלאַס. אין זעלבן נוסח האָט דער פּאַלטאַװער אויך גערעדט מיט אַ מנין בעלי־בתּים און זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. האָט ער טעלעגראַ־פירט קיין נאַרעװע אַז ר׳ דובער בערעזינער זאָל קומען און אַליין איז ער אַװעק קיין װילנע צוריקברענגען מלכקע װילנער — משה חײט לאַהויסקער זאָלן פּלאַצן.

אַנשטאָט זעלדע און אירע טעכטער זאָלן מלכקען אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס, װי ער האָט דערװאַרט, האָבן זיי זיך אויסגעקניפּן שטיקער פלייש פון די רויטע צורות נאָכסאָל ער איז צוריקגעקומען אַהיים אינמיטן זמן. אויף זיינע רייד אַז אַ בחור װאָס מען רופט אים יאַנקל פּאַלטאַװער איז אים דערגאַנגען די יאָרן, האָבן די װייבער געענטפערט: קלאָגמוטער! פּאַרװיינטע צורה! האָסט ניט געקענט מאַכן אַז דער בחור װאָס מען רופט אים יאַנקל פּאַלטאַװער זאָל אַנטלויפן פון ישיבה און ניט דו? מלכקע האָט געביסן די ליפּעלעך און געטראַכט, אַז די מאַמע און די שװעסטער האָבן טאָקע פאַרדינט דעם נאָמען ׳די סנחריבס׳, װי מען רופט זיי פאַר זייערע גרויסע מיילער. דאָך האָט ער געפּרואװט זיי געבן צו פאַרשטיין אין װאָס פאַר אַ סאָרט ישיבה ער האָט געלערנט ביז איצט און אַז אויפן נייעם זמן װעט ער פאָרן אין אַ ישיבה װאָס מען רופט תחכמוני און װאו מען לערנט סיי תורה סיי בילדונג. נאָר די מאַמע האָט זיך צעשריען אַז אויב אַזוי, װעט ער שוין זיין אַ רבֿ, אַ גאון און אַ צדיק, װי זי איז די װילנער רביצן. די דריי שװעסטער װידער האָבן זיך קעגן אים אַװעקגעשטעלט מיט די הענט אין די באָקעס. די עלטסטע האָט פון אים אָפּגעלאַכט: חרטה איז ניט מעשה סוחר. פיין װאָלטן אויסגעזען די הורטאָװניקעס װען די הענדלערקעס ברענגען זיי צוריק אָפּ די סחורה. געקויפט איז געקויפט! די מיטלסטע שװעסטער האָט אים איבער־געקרימט: אי גמרא אי בילדונג װילט זיך אים? אָדער אַ רבֿ אָדער אַ גלח! און די סאַמע ייִנגסטע האָט אים דערמאָנט װי ער איז געגאַנגען מיט אַרויסגע־לאָזטע ציצית, מיט לאַנגע פּאות, און אַלעמען אין שטוב משוגע געמאַכט מיט זיין פרומקייט. דער איינציקער װאָס האָט זיך געריבן די הענט אַ צופרידענער פון מלכקעס צוריקקומען איז געװען כתריאלקע, דער טאַטע. ער האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע: דער טאַטע איז אַ בלעכער, דאַרף אויך דער זון זיין אַ בלעכער. אָבער דאָס װייב און די טעכטער זיינען אים געשפּרונגען אין פּנים.

„און אַז דו ביסט אַ ליידיקגייער, אַ שיכור און באַרימער, דאַרף אויך מלכקע זיין אַ ליידיקגייער, אַ שיכור און באַרימער?"

איטלעך מאָל װען מלכקע איז סוף זמן אַהיים געקומען אויף יום־טובֿ, האָט מען אים געצערטלט און געקעכלט. די מאַמע און די שװעסטער האָבן אַפילו אויפגעהערט שילטן די קונדן װאָס דינגען זיך. פרייטאָג־פאַרנאַכט האָבן זיי צוגעמאַכט דאָס אויבס־געשעפט פאַר שקיעת־החמה. איצט אָבער האָט די קריי־

גערייו אין דער משפחה זיך פאַרשטאַרקט און יעדערער באַזונדער האָט אויסגעלאָזט דעם כעס צו מלכקען. מען האָט אים פראָסט־פּשוט אויפגעוואָרפן אַז אומזיסט און אומנישט האָט מען עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד אים געשיקט פּעקעלעך מיט מאַרצעפּאַנעס קיין וואָלקעניק און הייִנטיקן ווינטער קיין נאַרעווע. אָבער מער פון אַלץ האָבן אים געשטאָכן די רייד פון זיין ווייבערשער משפחה אַז די קאָנקו־רענטקע פון אַנטקעגן, וועלע די אויבס־הענדלערקע, וועט איצט דערלעבן אַ נקמה, ווייל איר זון איז ניט אַנטלאָפן אינמיטן זמן פון ישיבה.

די גאַס זאָל זיך ניט דערוויסן און אַפּלאַכן אַז פון שלומפּאַרעס קען ניט אַרויסוואַקסן אַ וואויללערנער, האָט זעלדע אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אַז דער דאָקטאָר האָט איר בן־יחידל געהייסן צוריקפאָרן אַהיים זיך פאַרריכטן, ווארום ער איז פאַרשלאָפט געוואָרן פון צופיל לערנען תורה. איז מלכקע געזעסן אַ פאַראַומערטער ביי דער גמרא אין ר׳ שאולקעס קלויז, און די ווייבער זיינען געזעסן פאַר־אומערטע אין געשעפט ביי קעסטלעך געוויאַנדזלטע פישעלעך, ביי טונען שמאַלץ־הערינג, ביי קוישן מיט אַלערליי פּרוכטן. די הענט האָבן זיך ביי זיי ניט געהויבן צו וועגן און מעסטן, די מיילער האָבן זיך ביי זיי ניט געעפנט צו רופן קונדן, און זייערע אויגן האָבן געקוקט מוטנע ווי ביי לייט וואָס זיצן אויף שטיקער געהילץ פון אַן אָפּגעברענט הויז. דאָס מיזיניקל איז ביי זעלדען און די טעכטער געווען דאָס איינציקע שטיקל צירונג. טיף אין האַרץ האָבן זיי פון אים אָנגע־קוואָלן אויך ווען זיי האָבן געגוואַלדעוועט אַז ער מאַכט אַלעמען משוגע מיט זיין פרומקייט. האָט זיך פון אַלץ אויסגעלאָזט אַ טייך, אַ בוידעם, איצט וועט אויספירן דער טאַטע דער שיכור. זיין זון וועט ווערן אַ בלעכער ווי ער און טרינקען אין שענק בראָנפן אויפן קוואָרט ווי ער. אינמיטן פון אַזעלכע אומעטיקע מחשבות איז אין געשעפט אַריינגעלאָפן מלכקע מיט אַ גדולה, אַז אין ר׳ שאולקעס קלויז איז צו אים געקומען אַ שליח מיוחד פון נאַרעווע אים צוריקצוברענגען אין ישיבה, און דער שליח מיוחד איז דער זעלבער בחור וואָס האָט אים אין נאַרעווע געמאַטערט ער זאָל ווערן אַ מוסרניק.

אַן אויסגעפּוצטער אין די מלבושים וואָס ער האָט צונויפגעליִען ביי חברים איידער ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג, איז יאַנקל פּאַלטאַוור געשטאַנען אין גרויסן פרוכט־געוועלב, און זעלדעס איבערגעוואַקסענע טויזן האָבן זיך געטשוכעט ווי פון אַ זיסן חלום. אָנגעטאָן אין וואָליקעס, פּאַטשיילעס און ברייטע פאַרטעכער, האָבן זיי מיט די דלאָניעס אַרומגעווישט די פאַרשוויצטע פּנימער און געגאַפט אויפן בילד־שיינעם בחור. און אַזאַ איידלמאַן האָט עס געמאַטערט זייער מלכקען? ס׳קען ניט זיין! יאַנקל האָט געקענט ריידן זייער איידל און בעת־מעשה האָט ער נאָך די מוידן געבריט מיט זיינע טונקל־ברוינע אויגן,

ביז זייערע רויטלעך־בלוילעך פאַרפראָרענע באַקן האָבן גענומען פאַרען, זיך געשמאָלצן מיט כשרן וואַקס. זיי איז אַזש הייס געוואָרן פון בחורס קוק נאָך מער ווי פון די פייער־טעפּ צווישן זייערע פיס אין די וואַליקעס. יאַנקל פאַלטאַוועד האָט דערציילט אַז אַ שלעכטער בחור און אַפּיקורס האָט מלכקען איבערגערעדט אַנטלויפן. ביז איצט האָט מען פון אַפּיקורס געליטן, ווייל ער איז פון רוסלאַנד און האָט ניט וואו זיך אַהינצוטאָן. האָט מען אים געהאַלטן פון רחמנות וועגן. איצט אָבער האָט מען דעם איבעררייַדער אַרויסגעטריבן און די גאַנצע ישיבה בענקט נאָך מלכקען. זעלדע האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרפרומטע העוויות און אירע דריי טעכטער האָבן אויסגעשמייכלט האָניק־טייגלעך. ס׳זאָל ניט אויסזען אַז מלכקע איז אין שטוב אַן איבעריק קינד, האָט זעלדע מיט אַ כיוון אָפּגעלייגט איר צושטימונג, און די מוידן האָבן גלאַט געוואָלט אַז דער שיינער לערנער זאָל אַריינקומען נאָכאַמאָל. שפּעטער האָט די מאַמע מיט די טעכטער דערציילט די קונדן, אַז די ישיבה פון נאַרעווע האָט נאָך זייער מלכקען געשיקט אַ שטאַפעט. כאַטש דער ראש־ישיבה פון נאַרעווע האָט הונדערטער תלמידים, איז מלכקע ביי אים דאָס אויג אין קאָפּ.

אָבער בעת מלכקע ווילנער איז שוין געפאָרן אין באַן, האָט ער געהאַט אַ צעקנייטשט פּנימל, ווי אַן איינגעשרומפּן ווינטערדיק עפּעלע. ער האָט זיך גע־שעמט פאַר די חברים אין ישיבה און אים האָט פאַרדראָסן ביז טרערן נאָך אַ זאַך: לויט דער מאַמעס רייד ביים געזעגענען זיך איז אויסגעקומען אַז וויבאַלד ער איז איצט געווען אין דער היים, דאַרף ער ניט צוריקקומען אויף פּסח. מען וועט זיך ביים סדר באַגיין אָן אים. האָט ער ביים פאַלטאַוועד גענומען איינמאָנען זיינע פאַראיבלס און אים אָפן געזאָגט אַז ער איז שולדיק אין זיין אַנטלויפן פון ישיבה נאָך מער פון לאָהויסקער. ר׳ יאַנקל האָט אים אַריינגעשלעפּט אין דער מלחמה קעגן גבאי סולקעס און נאָכדעם אים געטריבן צום זעלבן גבאי אויף זיין שבת. האָט דער גבאי אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגעוואָרפן. אָבער ר׳ יאַנקל אַליין וואָלט ניט געגאַנגען צום גבאי, פון מורא מען זאָל אים ניט אַרויסוואַרפן. דער פאַלטאַוועד האָט אויפגעצאַפּלט: אים זאָל אַ ייגגל זאָגן אַז ער ווערט נתפּעל פאַר דער וועלט? נאָר קודם־כל האָט ער געוואָלט צוריק־ברענגען דעם ווילנער אין ישיבה, האָט ער בלויז געענטפערט. „מיר וועלן נאָך זען ווער עס גייט אויף מסירת־נפש פאַר אַ תורה!" און ער האָט צוגעגעבן. „ס׳איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אויב מען קען ניט אַריבער — מוז מען אַריבער!"

## 4

**ווערליק זיין אַריינשטורעמען אין ישיבה** האָבן אַלע בני־תורה גלייך געוואוסט אַז דאָס גייט יאַנקל פּאָלטאַוואָער, נאָך איידער ער האָט זיך אויסגעוויקלט פון דער שניי־זאַווערוכע וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. פון אונטער זיין פּאַכווע האָט ווי דאָס קעפּל פון אַ קעצל אַרויסגעשטעקט מלכקע ווילנער. בחורים זיינען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך געשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער. יונגעלייט פון דער הנהלה האָבן געפינטלט מיט די אויגן און זיך געטאַפּט ביי די בערד צי זיי חלומען ניט. דער ראש־ישיבה ר׳ שמחה איז אַזש רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן פון שטויגונג און פרייד. ר׳ שמחה האָט אַפילו פאַרקוקט וואָס ער איז אַ מנהיג פון אַ רבים, ער האָט אָנגעכאַפּט יאַנקלען ביים אויער ווי אַ ייִנגל אַ שטיפער און אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

„מזיק !"

אַלע האָבן מלכקען אָפּגעגעבן שלום און מען האָט זיך געפרייט מיטן דורכפאַל פון לאָהויסקער אחיתופל וואָס האָט אים אָנגערעדט צו אַנטלויפן. נאָר מלכקע האָט אויסגעזען אָפּגעצערט און שטאַרק דערשלאָגן, ווי אַ חולה וואָס איז ערשט נעכטן אַרונטערגעקראָכן פון בעט. אויך יאַנקל פּאָלטאַוואָער האָט זיך לאַנג ניט געפרייט מיט זיין נצחון. פאַר פּורים איז אין נאַוואַרעדאָק די תקופה פון אמיצות, יאָגט ר׳ יאַנקל זיינע תלמידים צו באַווייזן אַז זיי ווערן ניט נתפּעל פאַר דער וועלט, ווי מרדכי הצדיק איז ניט נתפּעל געוואָרן און זיך ניט געבוקט פאַר המן הרשע. אָבער דאָס מאָל האָט ער פאַרשפּעטיקט, מאָרגן איז שוין תענית־אסתר. פונדעסטוועגן איז נאָך ניט אַלץ פאַרפאַלן. ער וועט נאָך ווייזן אַזאַ ׳פּרט׳ אַז גאַנץ נאַוואַרעדאָק וועט זיך אַ טרייסל טאָן און מלכקע ווילנער וועט מער ניט האָבן די העזה צו זאָגן, אַז ר׳ יאַנקל מאָנט ביי זיינע תלמידים מער הפקרות פאַר דער תורה ווי ער אַליין ווייזט.

אויסער שמחת־תורה, איז פּורים אין ישיבה דער פריילעכסטער טאָג אין יאָר. אויך דאָס מאָל האָט דער עולם פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אין זינגען און טאַנצן. איין יאַנקל פּאָלטאַוואָער האָט זיך אַרומגעדרייט וואָכעדיק און זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף זיינע בחורימלעך וואָס האָבן זיך אַרום אים געריבן מיט הכנעה, טריי אים אַריינגעקוקט אין די אויגן. פאַרנאַכט האָט דער עולם זיך גענומען צעגיין צו דער סעודה: די עלטסטע צום ראש־ישיבה, די מיטעלע אין דער קיך, און די ייִנגסטע צו בעלי־בתים. האָט דער פּאָלטאַוואָער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו זיינע תלמידים, זיי זאָלן וואָס גיכער זיך אָפּפּאַרטיקן מיטן מאָלצייט

ביי די בעלי־בתים און קומען צו אים אין קיך. אָבער מלכקע איז ניט געגאַנגען צו אַ בעל־הבית. ער איז באַשטאַנען אויף זיין חזקה, נאָך פון דער צייט איידער ער איז אַנטלאָפן, ער זאָל עסן אין קיך אינאיינעם מיט זיין בן־עיר חייקל ווילנער.

ביי דער סעודה האָט יאַנקל פּאַלטאַוווער זיך פריילעך געמאַכט צוגלייך מיט די אַנדערע בחורים, באַר ניט גענומען קיין קאָפּ בראַנפן און ווייניק געגעסן. אויך זיין לאַכן און זאָגן פּורים־תורה איז געווען לפנים וועגן, די חברים זאָלן אויף אים גאָרניט דערקענען. נאָכן בענטשן איז ער אינאיינעם מיט אַלעמען אַרויס פון קיך און איז מיטגעגאַנגען כלומרשט אין בית־מדרש צום פאַרברענגען. ער איז אָבער מיט אַ כיוון געבליבן הינטערשטעליק פון די אַנדערע ישיבה־לייט און איז אינאיינעם מיט מלכקען צוריקגעגאַנגען אין דער ליידיקער קיך. באַלד זיינען זיך דאָרט צונויפגעקומען די בחורימלעך וואָס האָבן ביי די בעלי־בתים אָפּגעכאַפּט די סעודה מיטן תירוץ אַז זיי מוזן זיין וואָס פריער אין ישיבה. לויט ר׳ יאַנקלס שווייגן און שטרענגען אויסזען האָבן זיינע תלמידים פאַרשטאַנען אַז עפּעס גרייט זיך. האָבן זיי אויף אים געקוקט מיט צעפינקלטע אויגן, ווי אונטערגעוואַקסענע וועלפעלעך אויפן וועלפישן טאַטן. דער ראש־הוועד האָט מיטן בליק איבערגעציילט זיין חברה צי קיינער פעלט ניט און קורץ באַפוילן. „קומט!״

די בחורימלעך האָבן באַמערקט אַז ר׳ יאַנקל האָט פון קאָרידאָר אין קיך מיטגענומען אַ גרויסן בעזעם. קיינער האָט פונדעסטוועגן ניט געפרעגט צו וואָס דאַרף מען אַ בעזעם און בכלל, וואו גייט מען. ר׳ יאַנקל האָט זיי געלערנט אַז אַ מבקש דאַרף האָבן אמונת־חכמים אין ראש־הוועד און ניט פרעגן קיין קשיות. האָבן די מבקשים אים נאָכגעשפּאַנט מיט פאַרמאַכטע מיילער, געפּאַכעט מיט די הענט און געפּאַרשקעט מיט די נאָזלעכער. ר׳ יאַנקל האָט געשפּאַנט אַזוי האַסטיק אַז זיי האָבן קוים געקענט אים נאָכהאַלטן. אונטערן לינקן אָרעם האָט ער געהאַלטן דעם בעזעם און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געפירט מלכקען, ווי פאַר מורא ער זאָל נאָכאַמאָל ניט מאַכן אַ ויברח.

די געסעלעך האָבן געגליווערט שטיל און פוסט. די הייזלעך זיינען געשטאַנען גרופּעסווייז צוגעטוליעט איינס צום צווייטן, גלייך זיי וואָלטן זיך געשראָקן אַז ווער ס׳וועט זיך אָפּרייסן פון דער הילצערנער עדה פאַרשנייטע שטיבער וועט פאַרבלאָנדזשען אין מרחקים און ניט טרעפן דעם צוריקוועג אין דער פינצטערניש. פון פחד האָט מלכקע הינטער זיין וואַרעם מאַנטעלע דערפילט אַ קעלט אין לייב און באַלד איינגעזען אַז זיין פחד איז ניט קיין אומזיסטער. ר׳ יאַנקל איז שטיין געבליבן ביי ר׳ זושע סולקעסעס מויערל. דורך די פאַרלאָדנטע פענצטער האָט זיך דורכגעזיפּט אַ שיין, ס׳האָבן זיך געהערט קולות און אַ פריילעכער געפּלאַפּל. ביים גבאי איז מען נאָך געזעסן ביי דער סעודה.

„איצט איז די צייט מיר זאָלן קעגן דעם נאַרעוועך המן ווייזן אמיצות, פּונקט ווי מרדכי הצדיק האָט עס באַוויזן קעגן המן בן המדתא פֿון שושן הבירה. לא קם ולא זע!‟ האָט ר׳ יאַנקל אויסגערופֿן און דערמאָנט זיינע תלמידים אַז איבער דעם גבאי סולקעס האָט ער, דער ראש־הוועד, געמוזט עוקר זיין פֿון נאַרעוועך און מחמת דעם האָט קיינער פֿון וועד ניט געאַרבעט אויף ניט נתפּעל ווערן פֿאַר דער וועלט. מוז מען נאָך איצט באַווייזן אַזאַ פּעולה אַז נאַרעוועך זאָל אַרויס פֿון די כלים און נאַוואַרעדקער מבקשים אין דער גאַנצענער וועלט זאָלן שמוצערן מיט די ליפּן פֿון התפּעלות.

די בחורימלעך האָבן נאָך אַלץ ניט געוואוסט וואָס דער ראש־הוועד קלייבט זיך טאָן, זיי זיינען אָבער גרייט געווען אויף אַלץ. איין מלכקע איז געשטאַנען מיט אָפּגענומענע הענט און פֿיס. ער האָט גוט געדענקט דעם קנאַק־אַרויס וואָס דער גבאי האָט אים געגעבן ווען ער איז געקומען צו אים אויף שבת. „נעמט דעם בעזעם און ציטערט ניט!‟ האָט ר׳ יאַנקל אַ ברום געטאָן און מלכקע האָט אָנגענומען דעם בעזעם מיט ביידע הענט אַקוראַט ווי אַ פֿרומער ייד נעמט אַ לולב. ר׳ יאַנקל האָט אים אַריינגעשטופּט אין פֿירהויז אינאיינעם מיט דער גאַנצער חברה און אַליין אַ שפּרונג געטאָן פֿאָרויס, האַסטיק און דרייסט אויפגעפּראַלט די טיר אין שטוב אַריין.

אין רחבותדיקן עסצימער איז אויבנאָן ביים טיש געזעסן ר׳ זושע סולקעס; לענגאויס פֿון ביידע זייטן — משפּחה־לייט, קינדער און קינדס־קינדער, שניר און איידעמס, ווי אויך אַ פּאָר חשובע בעלי־בתים וואָס זיינען נאָכן מאָלצייט אין די אייגענע היימען אַריין צום גבאי פֿאַרברענגען. דער טיש איז געווען פֿאַרוואַלגערט מיט שיריים, טעלערס מיט ניט־דערגריזשעטע ביינדלעך פֿון עוף, טעצעלעך מיט צעקנאַקטע ביינדלעך פֿון קאָמפּאָט, האַלב־אָפּגעטרונקענע גלעזער זעלצער־וואַסער, שטיקלעך און ברעקלעך חלה, פּורים־קוילעטשן, האַרטע פֿאַרברוינטע ווינקלען פֿון אויסגענאַשטע המן־טאַשן. דער עלעקטרישער הענגלייכטער פֿון סופֿיט און די אָפּגעברענטע ליכט אין די לייכטער האָבן אָפּגעפֿינקלט אין די לידיקע וויינגלעזלעך, אין די איבערגעגאָסענע באַטרונקענע אויגן. מיט אַ יאַרמלקע אויף דער פֿאַרשוויצטער פּאַטילניצע און מיט אַ סערוועטקע אַרומגעשטעקט אַרום האַלדז, האָט דער בעל־הבית אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אַריינגאַנג — און איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל. אויך די בני־בית און אורחים האָבן געגלאָצט אויפֿן יונגנמאַן מיט דער חברה אַרום אים. אַלע האָבן געוואוסט אַז אָט דער ישיבה־בחור איז ר׳ זושעס דם־שונא.

„גוט־פּורים, גוט יום־טוב,‟ האָט דער פֿאָלטאַוועך פֿריילעך אויסגערופֿן און די בחורימלעך האָבן אים נאָכגעשריען אין כאָר. „גוט יום־טוב, גוט יום־טוב.‟

„גוט יום־טוב, גוט יאָר," האָט ר' זושע זיך פֿאַמעלעך אויפֿגעשטעלט און געקוקט מיט פֿאַרדאַכט. ביז דעם מאָמענט האָט ער גאָרניט געוואוסט אַז דער אַרויסגעיאָגטער מוסרניק איז צוריקגעקומען קיין נאַרעווע. ער האָט ניט בדעה געהאַט מיט זיין דם־שונא זיך איבערצובעטן. ווײַבאַלד אָבער יענער איז געקומען צו אים אין שטוב אַריין אינאיינעם מיט זיינע משחיתים, די באַלשעוויקעס אויף דער צווייטער זייט, האָט דעם גבאי ניט געפּאַסט זיי אַרויסצוטרייבן.

„איך און מיינע תּלמידים האָבן אייך געבראַכט שלח־מנות," האָט דער מוסרניק אויסגערופֿן נאָך פֿריילעכער.

„שלח־מנות גאָר? וואָס זשע שטייט איר ביי דער טיר? קומט אַריין, קומט אַריין. איר זייט ביי מיר גאַנץ אָנגעלייגטע געסט. שלח־מנות גאָר?" האָט דער בעל־הבית זיך געחידושט אַלץ מער און מער.

„יאָ, שלח־מנות. און פֿאַר אונדזער שליח האָבן מיר אויסגעקליבן דעם ווילנער בן־תּורה וואָס האָט ביי אייך געגעסן שבת, ביז איר האָט אים אַרויסגע־שליידערט פֿון שטוב און צעמזיקט, ווי איר האָט אַרויסגעשליידערט פֿון אייער געשעפֿט און צעבלוטיקט די אַנדערע בני־תּורה, ווייל זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַר אלמנות און יתומים." יאַנקל פֿאָלטאַווער האָט אַרויסגעשטופּט פֿאָרויס מלכקען מיטן בעזעם איןביידע הענט. אַז ער האָט אָבער דערזען ווי דער מלכקע שטייט אַ פֿאַרגולמטער, האָט ער אַרויסגענומען פֿון זיינע הענט דעם בעזעם און דערלאַנגט דעם געפּלעפֿטן גבאי. „דאָס איז אונדזער שלח־מנות. קערט אויס די אויסגעלאָסענע שניר און טעכטער פֿון אייער הויז, קערט אויס די גנבה און גזלה פֿון אייער געשעפֿט, ראַמט אויס דעם מיסטקאַסטן פֿון אייער פֿאַרפּוילט האַרץ." און ווי עס פּאַסט לכּבוד פּורים האָט יאַנקל נאָך פֿאַרענדיקט צום גראַם. „איר האָט אין אייער לעבן גענוג גע'גבאי'עוועט און געראַבעוועט."

די בני־בית זיינען געבליבן זיצן געליימטע, די אורחים האָבן ניט געגלייבט די אייגענע אויגן און אויערן. אַ מינוט לאַנג האָט מען מחמת שטילקייט געהערט קנאַקן די קנויטן פֿון די אָפּגעשמאָלצענע ליכט אין די לייכטער. אַרום טיש איז געוואָרן אַ באַוועגונג, עמעץ פֿון די געסט האָט דערשראָקן אַ לאַך געטאָן, ווי צו פֿאַרגלעטן. „פּורים־שפּילער!" ערשט דעמאָלט איז דער בעל־הבית געקומען אַ ביסל צו זיך, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ ניט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט פֿון מויל. סולקעס האָט אויפֿגעהויבן די האַנט און אַראָפּגעלאָזט דעם מוסרניק אַ הילכיקן פּאַטש. מיט אויסגעבלייכטע פּנימער און צעברענטע אויגן, האָבן זיך די בחורימלעך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן גבאי, גרייט אים צערייסן אויף שטיקער און אַליין אומקומען אויף קידוש־השם. נאָר ר' יאַנקל האָט זיי פֿאַרשטעלט דעם וועג און דאָס פּנים האָט אים געלויכטן פֿון שמחה מיטן באַקומענעם פּראַסק ווי

מיט אַ געפונענעם אוצר. מען האָט געזען באַשיימפּערלעך אַז מיט זיינע אייזערנע ידים קען ער צעקוועטשן דעם גבאי, זאָפט זאָל פון אים רינען ווי פון אַ ציטרין. אָבער אַנשטאָט אויפהייבן אַ האַנט, האָט ער זיך פאַרן גבאי פאַרנייגט גאָר איידל.

„אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק פאַרן שלח־מנות וואָס איר האָט מיר צוריקגעגעבן," און ער איז געשווינד אַרויס פון שטוב אינאיינעם מיט זיין חברה.

מלכקע ווילנער האָט פאַרשטאַנען, דער ראש־הוועד האָט אים 'צוגעשטעלט' אַז ער אַליין קען ווייזן אמיצות נאָך מער ווי ער פאַרלאַנגט פון זיינע תלמידים. אין גלייך ווי זיי זיינען אַרויס אינדרויסן איז מלכקע צו אים צוגעפאַלן. „רבי, זייט מיר מוחל!" „מוחל במחילה גמורה תיכף ומיד!" האָט ר' יאַנקל געענטפערט ברייטהאַרציק און אָנגעזאָגט דער חברה אַז זיי זאָלן היינט אָוונט אין בית־מדרש גאָרניט דערציילן. דער עולם קען זיך דערשרעקן פאַר דער נקמה פון גבאי און דאָס וועט פאַרשטערן דעם יום־טוב. די בחורימלעך האָבן צוגעזאָגט שווייגן. אַז דער ראש־הוועד האָט געקענט אַרויסווייזן אַזאַ מוראדיקע התאפּקות און דעם רשע סולקעס ניט צוריקגעפּאַטשט, דאַרפן זיי זיך קענען איינהאַלטן און קיינעם ניט דערציילן פון ר' יאַנקלס גדלות וואָס זייערע אויגן האָבן צוגעזען. מלכקע ווילנער איז געגאַנגען נאָך ווייטער און אין האַרצן געטאָן אַ נדר, אַז מהיום והלאה וועט ער ווערן אַ מבקש און בלייבן אין נאַוואַרעדאָק לעולם ועד.

דער פאַלטאָווער האָט געשפּאַנט שווייגנדיק און געטראַכט פון זיינע חברים אין בית־מדרש וואָס זיינען אַוודאי שוין אַזוי שיכור אַז זיי געדענקען ניט מער צווישן ברוך מרדכי און ארור המן. וועט ער זיי באַלד אויך אַריבערשטייגן אין טרינקען בראַנפן און אין זיך משמח זיין. קיין ספק ניט אַז די מלחמה מיטן גבאי וועט זיך אויפסניי צעפלאַקערן און ס'וועט זיין לעבעדיק, טראַכט יאַנקל. די מלחמה פאַר תורה און מוסר וועט אים האַלטן אויפן רוח, ער זאָל ניט אַרונטער־פאַלן פון דער מדרגה און ניט ווערן אויסגעקילט, ווי זיינע חברים פון ר' צמח לאַמזשערס אַמאָליקן וועד עשירי־קודש. אמת, די עלטערע און מסתמא אויך דער ראש־ישיבה וועלן זאָגן אַז ער איז אַ פּרא־אדם. מען וועט שרייען אַז איבער אים וועלן די בעלי־בתים מער ניט העלפן דער ישיבה. איז מאַלע וואָס מען וועט זאָגן און שרייען. נאַוואַרעדאָק איז גרויס דווקא ווען זי פירט מלחמה, נאַוואַרעדאָק איז גרויס דווקא ווען זי הונגערט.

# 5

## דער גרויסער שוואַרצער פליגל פון מלאך־המוות

האָט אַ פלאַטער געטאָן איבער דער ישיבה אויף מאָרגן נאָך פורים. הענעך מאַלאַ־ריטערס בעל־הביתטע, וואָס האָט אויך אַריינגענומען דעם קראַנקן דניאל האַמלער, האָט זיך אַריינגעריסן אין בית־מדרש מיט אַ גוואַלד. „ער איז ניטאָ!" פון אַלע זייטן איז מען צו איר געלאָפן און געשריען. „וואָס איז געשען מיט דניאל האַמ־לער?" נאָר זי האָט געענטפערט אַז ניט מיטן האַמלער, ניט מיטן קראַנקן — הענעך מאַלאַריטער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַק. און די יידענע האָט אַ פאַל געטאָן אין חלשות.

אין די שולן, אין די געוועלבער, אין די שטיבער, אומעטום האָט מען גערעדט וועגן אומגליק. צו דער לוויה איז געקומען אַ גרויסער המון, בעלי־בתישע יידן און אַלע נאַרעוור רבנים וואָס האָבן דערוואַרט מען זאָל זיי מכבד זיין מיט זאָגן הספדים. אָבער די ישיבה־לייט האָבן אויף די שטאָטישע מכובדים זיך ניט אומגעקוקט, זיי האָבן זיך געקלאַמערט צום ארון מיטן נפטר און געשפאָלטן דעם הימל מיט זייער יללה. די געסלעך אַרום חנה־חייקעס בית־מדרש האָבן געכוואַליעט איבערפולט מיט מענטשן. אויסגעשטרעקטע הענט האָבן איבער די קעפּ זיך איבערגעגעבן דעם קאַסטן, וואָס איז געשוואומען ווי אַ פינצטערע נידעריקע כמאַרע איבער ביימער־שפּיצן, ביז מען האָט אים אַריינ־געבראַכט אין ישיבה און אַוועקגעשטעלט אויפן שולחן פון דער בימה. אויף די טרעפּלעך פון ארון־קודש איז אַרויף דער ראש־ישיבה, זיין אויסזען האָט אָנגע־וואָרפן אַ פּחד. דורך איין מעת־לעת איז ער געוואָרן אַן אַלטער ייד מיט געהויקערטע אַקסל, דאָס פּנים — גרוי ווי אויסגעטליעט אַש, די לאַנגע שמאַלע באָרד איז פון זיין גאָמבע אַראָפּגעהאַנגען ווי פון אַ תליה. ער האָט געמאַכט מיט די הענט, באַוועגט מיט די ליפּן, נאָר ניט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. דער ראש־ישיבה איז אַראָפּ און נאָך אים זיינען איינער נאָכן צווייטן אַרויף נאַוואַ־רעדקער יונגעלייט מיט אַ שם פון פייערדיקע דרשנים. אָבער אויך זיי האָבן דאָס מאָל ניט געקענט ריידן, זיי האָבן בלויז געכאָרכלט און זיך באַגאָסן מיט טרערן. מען האָט גענומען אַרויסטראָגן דעם נפטר, עמעץ האָט הויך אַ יאָמער געטאָן: ויהי בנסוע הארון... און די ישיבה־לייט האָבן ווידער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אין נעפּל פון היץ, שווייס און טרערן האָבן געבלאַנדזשעט פייערן — בלוט־רויטע אָקסענע אויגן פון עלעקטרישע לאָמפּן. די כותלי־בית־המדרש האָבן זיך ווי אויסגעבויגן און מיטגעוויינט.

אויפן וועג צום פעלד איז דורך דער שטאָט דורך אַ ציטער. ווען די לוויה

האָט זיך באַוויזן אויף איין גאַס, האָבן קרעמער אויף דער צווייטער גאַס שוין געשלאָסן אין איילעניש די געשעפטן, ווי ערב יום־כיפּור צו כל־נדרי. בעלי־מלאכות האָבן אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט אין די וואַרשטאַטן און זיינען אַרויס באַגלייטן ,דעם הייליקן ישיבה־בחור׳. בעלי־הביתטעס האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר די שטיבער מיט די קליינע קינדער, אַ כאַפּ געטאָן אויף די קעפּ פּאַטשיילעס און געגומען נאָכגיין דער לוויה מיט פאַרבראָכענע הענט. אַפילו פרייע יונגעלייט, וואָס חוזקן געווייגטלעך אָפּ פון די קלויזניקעס און זייער אָפּגעריסענעם הילוך, זיינען שטיין געבליבן אויף די ראָגן און נאָכגעקוקט פאַרטרויערטע. אויפן גאַנצן וועג האָבן די לערנער, די נושאי־המיטה, זיך געביטן און געשוויגן מיט געזונקענע קעפּ. אָבער דעם נפטרס בעל־הביתטע מיט אירע טעכטער האָבן זיך געפליקט די האָר פון קאָפּ און פאַרהילכט די שטאָט מיט זייערע געשרייען. לויטן כבוד וואָס מען האָט דעם געשטאָרבענעם אָפּגעגעבן האָט די משפחה פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ געהויבענעם חתן זי האָט אָנגעוואָרן. האָט די יידענע מיט אירע טעכטער געגוואַלדעוועט ווי דער מאַלאַריטער וואָלט שוין יאָרן־לאַנג געווען דער ראש פון דער משפחה און איינציקער שפּייזער.

אויפן בית־עולם האָבן ווייבער אַרומגערינגלט די בעל־הביתטע און מיט איר איינגעטענהט: ס׳האָט דאָך געקענט פאַסירן נאָך ערגער. דער חתן, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין, האָט געקענט חתונה האָבן מיט איר טאָכטער און שטאַרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אויף מאָרגן נאָך דער חופּה. די יידענע האָט געגומען וויינען שטי־לער, די עלטסטע טאָכטער האָט געשוויגן און דורך איר פאַראומערט שווייגן ווי געענטפערט די טרייסט־זאָגערקעס, אַז אַ פאַרזעסן מיידל איז ניט גליקלעכער פון אַ יונגער אלמנה. בעלי־בתים און רבנים זיינען געשטאַנען אין אַ ראָד און צווישן זיך געשמועסט אַז אויך אין אַן אומגליק, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, זעט מען דעם ביטול פון די מוסרניקעס צו דער שטאָט. זיי האָבן קיין איין נאַרעוווער רב ניט געבעטן זאָגן אַ הספד. די ישיבה־לייט האָבן זיך טאַקע געהאַלטן באַזונדער פון די שטאָטישע. זיי זיינען געשטאַנען אַרום ראש־ישיבה מיט וואַקס־געלע פאַרוואַקסענע פּנימער און די טרערן זיינען פּאַראייזט געוואָרן אויף זייערע באַקן, ווי צוגעפראָרענע טוי־טראָפּנס צו די מצבות.

נאָך דער טהרה פון בר־מינן האָט דער ראש־ישיבה ווידער געפּרוּווט זאָגן אַ הספד, נאָר מער ווי אַ פּאָר ווערטער, תורה, תורה חגרי שק, האָט ער ניט געקענט אַרויסברענגען. דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרשווינדלט, די תלמידים האָבן קוים באַוויזן אים אונטערצוכאַפּן ער זאָל ניט אומפאַלן. געזען אַז פון די מוסרניקעס וועט שוין היינט קיינער דעם נפטר ניט מספּיד זיין, האָט פון דער בעל־הבתישער מחנה זיך אַרויסגערוקט אַ וואויללערנער מיט אַ ווייכער בלאָנד־

לעכער באָרד און אין גאָלדענע ברילן. ער האָט פריער עטלעכע מאָל אָפּגעהוסט און אָנגעהויבן מיט אַ זיס־ווײנענדיק קול: מורי ורבותי! ווייבער האָבן זיך שוין געווישט די אויגן און בעלי־בתים האָבן אָפּגעזיפצט. מערניט די מוסרניקעס האָבן געקראָגן בייז־פאַרכמורעטע צורות און גענומען פון זיך אַרויסשווייגן זייער פײנטשאַפט צו דער בעל־הבתישער וועלט. דער זיידענער יונגערמאַן אין די ברילן מיט די גאָלדענע רעמלעך האָט אָנגעהויבן מיט אַ צוגעפּאַסטן פּסוק. „דער נפטר האָט געהייסן הענעך און מיר געפינען אין דער תורה אין פּרשה בראשית, ויתהלך חנוך את האלקים ואיננו כי לקח אותו האלקים...‟ מיטאַמאָל האָבן צענדלינגער מוסרניקעס אויפגעהויבן די קעפּ און זיך צעשריען.

„זאָגט ניט קיין ווערטלעך!‟

דער ספדן איז אַ צעטומלטער אָפּגעטראָטן פון דער מיטה און בעלי־בתים האָבן זיך איבערגעקוקט: נו? דאַרף די שטאָט זיי אויסהאַלטן? איצט האָבן די מוסרניקעס באַוויזן זייער אמתן פּרצוף־פּנים פון שנאה צו נאָרעוועער בעלי־בתים און רבנים. די אבלות איז אָבער געווען צו־גרויס מען זאָל מאַכן וועגן דעם אַ גערייד. די לערנער האָבן אויפגעהויבן די מיטה מיטן נפטר און זיך געלאָזט באַרג־אַרויף צום אויסגעגראָבענעם קבר. פון צווישן די שניי־פאַרוואַליעטע ערד־בערגלעך האָט אַ ווינט זיך אַ שליידער געטאָן מיט אַ געוואָי אויף די נושאי־המיטה און די מלווים הינטער זיי. די בני־תורה זײַנען ווייטער געקראָכן באַרג־אַרויף צווישן די קרומע און צעוואָלגערטע מצבה־שטיינער. די אַרויסגע־ווײנטע קאַפּיטלען תהילים האָבן ווי גרויסע שוואַרצע פייגל געפלאַטערט אַרום ווייס־געקליידטן בר־מינן. דער ווינט האָט געוואָיעט נאָך פאַרצווייפלטער, ווי גילגולים פון זינדיקע וואָלטן ביי די לערנער געמאָנט אַ תיקון. און פון אונטערן באַרג ביי דער טהרה־שטוב האָט די שטאָטישע עדה אַרויפגעקוקט ווי די מוסר־ניקעס טראָגן זייער חבר העכער, העכער אין הימל אַריין.

אין דער בעל־הבתישער מחנה באַגלייטער האָט געהערשט אַ שטילשווייגן. אַלטע קעפּ האָבן זיך געשאָקלט, ווייסע בערד האָבן געציטערט, געגליכן צו די אַרומיקע פאַרשנייטע ביימלעך. די שטאָטישע האָבן איצט גרויס רחמנות געהאָט אויף די לערנער. זיי זײַנען טאַקע ווילדלעכע, אָבער פון דער אַנדערער זייט מוז מען מודה זיין אַז זיי זײַנען אויסנאַמיקע בחורים. זיי וואָלגערן זיך אין דער פרעמד צוליב לערנען תורה און זײַנען איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן בלב ונפש. למשל, דער פאַרשטאָרבענער. אַ מענטש מיט אַ האַרץ־פעלער, האָט ער געגומען אויף זיך אָפּהיטן אַ קראַנקן חבר. נאָר דער קרבן איז ער געווען, ניט דער קראַנקער, און גיי פרעג ביי גאָט קשיות! און די יידן זײַנען שטיין געבליבן פאַרשטאַרטע, דורכגעקעלטערטע, אין שנייאיקן גרוילעכן ליכט פון ניט־טאָג און ניט־נאַכט.

דער בין־השמשות אויפן ווינטערדיקן בית־עולם האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די פּנימער און איז אַריין אין געמיט פון די לערנער אויף אַ סך טעג און וואָכן. אין די פריערדיקע צייטן האָט יעדער עלטערער בחור דעם ערשטן האַלבן טאָג געלערנט אין אַן אַנדער בית־מדרש פאַר־זיך. וויפל דער ראש־ישיבה האָט זיך ניט געבייזערט אַז אַלע דאַרפן זיך געפינען אין ישיבה צוביידע סדרים, האָט עס ניט געהאָלפן. דאָס לערנען איין סדר ביחידות ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן קלייזל איז געווען אַ סימן אַז מען איז אַן אַליין־טראַכטער אין מוסר, אַ זוכער פון אַן אייגענעם וועג אין לערנען. איצט זיינען אַלע געזעסן אין ישיבה פון אינדערפרי ביז שפּעט אויפדערנאַכט, ווי אַ גרויסע משפחה וואָס זיצט אינאיינעם שבעה.

צוויי בחורים וואָס לערנען צוזאַמען האָבן אָן אַ פאַרוואָס איבערגעריסן דאָס אַמפּערן זיך. איינער איז געבליבן זיצן אָן באַוועגונג, דער צווייטער האָט זיך צעשאָקלט איבער דער גמרא נאָך האַסטיקער, נאָר זיין קול האָט ניט געקענט אַרויסקריכן פון קעל ווי פון אַן אָפּגרונט. ביים לערנען מוסר איז מען מער ניט אַרומגעלאָפן און געפּאַטשט מיט די הענט; מען איז געזעסן ביי די ספרים מיט צונויפגעצויגענע ברעמען און פאַרדריקטע ציין. ביים דאַווענען האָבן די עובדים אויפגעהערט זיך שליידערן און וואַרפן; זיי זיינען געשטאַנען פאַרזונקען אין אַ מרה־שחורהדיקן שווייגן. טאָמער האָט אַ ייִנגערער בחור אינמיטן תפילה אַ כליפּע געטאָן ווי אַ געשלאָגן קינד פון שלאָף, האָט אַן עלטערער זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן גרויסן של־ראש פון די תפילין אויפן שטערן און אים אָנגע־קוקט מיט תרעומת, ביז דער בעל־בכי איז אַנטשוויגן געוואָרן. ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט געזאָגט אַז חסידות כשרט בראַנפן, אָבער מוסר פּסלט אַפילו טרערן, ווייל אויך ווייגען קען זיין אַ תאווה.

ביסלעכווייז האָט מען מיטן אומגליק זיך איינגעלעבט און מען האָט גענומען אַריינטראַכטן אין מאַלאַריטערס אויפפירונג די לעצטע וואָכן פאַר זיין פּטירה. יעדן האָט געפּייניקט דער געדאַנק, צי מען האָט דעם זעלטענעם בעל־כשרון ניט געקענט אויסהיטן פון מלאך־המוות.

זינט הענעך מאַלאַריטער האָט אויף זיין סטאַנציע אַריינגענומען דעם האָמלער, איז ער האַלבע טעג געבליבן אין שטוב באַדינען דעם קראַנקן. ערשט אַזייגער דריי, ווען די לייזונג אין געוועלב ווערט געוויינטלעך שוואַכער און די בעל־הביתטע איז צוריקגעקומען אין שטוב, אָדער געשיקט איינע פון די טעכטער, איז הענעך אַוועק אין ישיבה. אַלעמען איז געווען אַ שאָד הלמאי אַזאַ בעל־כשרון איז מבטל פון לערנען, באַזונדער האָט ער אויסגעפּעלט די ייִנגערע וואָס פלעגן מיט אים איבערריידן דעם ראש־ישיבהס שיעור. האָט דער ראש־ישיבה געזאָגט אַז צוליב באַפרייען הענעך מאַלאַריטער פון זיין אַ משמש, איז

די ישיבה גרייט מאַכן אַן אָנשטרענגונג און ווידער איינאָרדענען דעם האָמלער אין שפּיטאָל. נאָר הענעך האָט געענטפערט אַז דער חולה וואָלט דאָס צוריקגיין אין שפּיטאָל מיט די געדונגענע באַדינערקעס באַטראַכט פאַר אַ גזירה, און אויך ער וואָלט אויף דעם געקוקט ווי אויף אַ גזירה, ער האָט זיך צום חולה שטאַרק צוגעבונדן. אַלע האָבן גוט געדענקט ווי דניאל האָמלער האָט פאַרלאַנגט אַז אים זאָלן באַדינען דווקא קראַנקן־שוועסטער, ניט קיין חברים, איז זיין צובינדן זיך צו הענעך מאַלאַריטער געווען אַ וואונדער, און נאָך אַ גרעסערער וואונדער — דעם מאַלאַריטערס מקריב זיין זיך פאַרן חולה. די בעל־הביתטע האָט שוין אָפּן גערעדט אַז הענעך האָט צוגעזאָגט חתונה האָבן מיט איר טאָכטער פאַר גוט באַהאַנדלען זיין חבר.

אַ פּאָר טעג פאַר פּורים איז דער מאַלאַריטער איינמאָל צו מעריב לאַנג געשטאַנען שמונה־עשרה און הויך געוויינט. בחורים האָבן זיך אומגעקוקט און געחידושט: משנכנס אדר מרבים בשמחה, וויינט ער גאָר? מסתמא איז ער מתפּלל אויף אַ רפואה שלמה פאַרן קראַנקן. ס׳קען אָבער אויך זיין אַז אים פאַרדריסט וואָס ער איז צוליב דעם חולה אַזויפיל מבטל פון לערנען. און אפשר וויינט ער פון חרטה וואָס ער האָט צוגעשטימט צום שידוך מיט דער בעל־הביתטעס טאָכטער? די כלה איז ניט קיין יונגע, ניט קיין שיינע, אַ הויז אַן געלט און אַ משפחה אָן יחוס. נאָר קיינער האָט זיך ניט דערוועגט פרעגן וואָס אים דריקט, איטלעכער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן מצוין וואָס בלויז ער האָט גענומען אויף זיך אַזאַ חוב צוליב אַ קראַנקן חבר.

פּורים נאָך דער סעודה איז אויך הענעך געקומען פאַרברענגען צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם און האָט געטאַנצט אַזוי הייס ווי קיינמאָל ניט פריער. לאַנג נאָך שבעה און שלושים האָבן די ישיבה־לייט נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרשטיין ווי זיי האָבן פּורים ביידערנאָכט זיך אַזוי פאַרשיכורט און פאַרזונגען, ניט צו זען וואָס פאַר זייערע אויגן קומט פאָר. בחורים זיינען געשטאַנען אַרום מאַלאַריטער, דעם וואוקסיקן און גלייכן, דעם זעלטן־שיינעם טענצער, און בתפעל געוואָרן פון זיין קאַזאַצקע, ווי ער זעצט זיך אַראָפּ ביז דער ערד און שיסט אַרויף גאָר הויך, וואַרפט מיט די פיס אין אַלע זייטן און דרייט זיך געשווינד אַרום זיך אַליין. אויך דער ראש־ישיבה האָט אין דעם אויפדערנאָכט געהאַט פאַרשטעלטע אויגן. ער האָט באַמערקט אַז יאַנקל פאַלטאַוער מיט זיין חברה פעלן און איז געוואָרן היפש אומרואיק: ווער ווייס וואָס דער פּרא־אדם קען לכבוד פּורים אָפּטאָן. לסוף האָט זיך יאַנקל מיט זיין חברה באַוויזן און געזאָגט, זיי האָבן ערגעץ־וואו געטאָן אין מוסר אַז דאָס פּורימדיקע פאַרברענגען זאָל זיין לשם שמים... יאַנקל האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען אַ העלפט פון אַ פלעשל בראַנפן, געגעבן צו טרינקען זיינע תלמידים און דערנאָך זיך מיט זיי אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקוד.

דערביי איז געשטאַנען דער ראש־ישיבה און צוגעפּליעסקעט מיט די הענט. האָט ער ניט דערזען אַז אויף אַ צווייטן פּלאַץ פון צע׳רעשטן בית־מדרש טאַנצט הענעך מאַלאַריטער אַזוי ווילד און לוסטיק, ביז ער האָט פון זיך אויסגעטאַנצט די נשמה.

# 6

**דער טויט פון דעם לערנער** האָט אָפּגעהאַלטן פון קריג דעם גבאים משפחה און זיינע גוטע פריינד וואָס האָבן זיך פאַרשוואָרן ניט צו רוען, ביז זיי וועלן דעם יאַנקל פּאַלטאַוער אינאיינעם מיט די אַנדערע מוסר־ניקעס ניט אויסרייכערן ווי בייזע פליגן. אָבער נאָכן מאַלאַריטערס פּטירה האָט איין פריינד דעם גבאי געעצהט צו פאַרשווייגן, ווייל אַלע האָבן איצט אויף די ישיבה־בחורים רחמנות און מען וועט האַלטן מיט זיי. אַ צווייטער האָט געטענהט אַז לויט מען רעדט, איז דער פאַרשטאָרבענער געווען אַ צדיק. זיינען דאָך מסתמא צווישן זיי דאָ נאָך אַזעלכע ווי ער, איז ניט יידישלעך אַז די אומשולדיקע זאָלן ליידן איבער דעם שולדיקן. אַ דריטער האָט דעם גבאי געוואָרנט בכלל ניט אַנצוהייבן זיך מיט פאַרביטערטע הערצער. לסוף האָבן אויך דעם גבאיס קינדער גענומען שרייען. „טאַטע, דער בחור זעט אויס אַ צעדרייטער, און מיט אַ משוגענעם קען מען קיין מלחמה ניט געווינען." האָט ר' זושע סולקעס אויסגעשפּיגן. „מיין כפּרה זאָל ער זיין!" און ער האָט זיך באַגנוגנט מיט אויסגיסן זיין האַרץ פאַרן ראש־ישיבה:

די גמרא זאָגט דאָך אַז ווער ס׳פאַרשעמט זיין חבר איז גלייך ווי ער וואָלט פאַרגאָסן בלוט און ער פאַרלירט זיין עולם־הבא. איז ווי האָט עס אַ לערנער אַ האַרץ אַריינצורייסן זיך מיט אַ כאָפּטע עזות־פּנימער צו אַן עלטערן יידן פורים ביינאַכט צו דער סעודה, אים דערלאַנגען שלח־מנות אַ בעזעם פאַר אַ פולע שטוב מיט געסט און אים הייסן אויסקערן די זינד פון שטוב. סולקעס האָט אויס־גערעכנט וויפל חרפּות ער איז שוין פון פּאַלטאַוער אויסגעשטאַנען און אויס־געפּירט, אַז ווען ניט דער בראָך מיטן ישיבה־בחור, וואָס האָט אַלעמען צעווייקט די הערצער, וואָלט איצט די ישיבה שטאַרק געליטן. „איז זעט טאָקע למען השם אַז די ישיבה זאָל ניט ליידן," האָט דער ראש־ישיבה אָפּגעקרעכצט ווי אַ מענטש אין גרויסע ווייטאָגן. מיטן זעלבן פאַרוויטאָגטן אויסזען האָט ער אויך גערעדט צו יאַנקל פּאַלטאַווער, בעת אַרום זיינען געשטאַנען די עלטערע פון דער הנהלה.

„די ישיבה האָט צייטנווייז פון אייך נוצן, נאָר דער היזק איז גרעסער, ס׳איז יצא שכרו בהפסדו. ניט אומזיסט האָבן מיר פורים ביינאַכטביים פאַרברענגען

איבערגעטראַכט הלמאי מען זעט אייך ניט. שפּעטער זייט איר געקומען און דער־ציילט אַז איר האָט מיט די תלמידים פון אייער וועד געטאָן אין מוסר. למעשה האָט איר געטאָן קעגן מוסר און קעגן דרך־ארץ, איר האָט אָנגעטאָן אַ יידן בזיון און שיער ניט געבראַכט אַ נייע צרה אויף דער ישיבה." ר' שמחה פיינערמאַן האָט נאָך מיט ביטערניש דערמאָנט, אַז ווייל ער האָט כסדר געקוקט צו דער טיר און איבערגעקלערט פאַרוואָס דער פּאַלטאַוּוער מיט זיינע בחורימלעך זיינען ניטאָ, האָט ער ניט אַכטונג געגעבן ווי געוויינלעך אַז הענעך מאַלאַריטער זאָל ביים פאַרברענגען זיך ניט אַרויסשלאָגן פון די כוחות.

דעם ראָש־ישיבהס שטילע שטראָף־רייד און דאָס פאַרצאָגטע שוויגן פון די עלטערע וואָס זיינען דערביי געשטאַנען, האָבן דעם פּאַלטאַוּוער ווי געטאָן שטאַר־קער ווי מען וואָלט אים הויך און גראָב געזידלט. דווקא ער, דער אייזערנער יונג וואָס ווערט פאַר קיינעם ניט נתפעל, האָט אויף הענעכס לוויה זיך איינגע־בראָכן מער פון יעדן אַנדערן. יאָנקל האָט מורא געהאַט פאַר מתים און איז אַפילו ניט צוגעקומען נאָענט צו דער טהרה־שטוב. בעת די אבלות האָט גע־הויערט אויף אַלעמען, האָט ער זיך געשראָקן, אַז דער פאַרשטאָרבענער חבר זאָל ביינאַכט אים ניט קומען צו חלום. די שמחה פון ראש־ישיבה וואָס ער האָט אויסגעמיטן אַ מחלוקת מיטן גבאי, האָט דעם פּאַלטאַוּוער איינגאַנצן אַרונטערגעשלאָגן פון וועג. ער האָט איינגעזען אַז אויך די עלטערע נאָוואַרעדקער זיינען למעשה הכנעהדיקע יידן און זוכן צו לעבן מיט דער וועלט בשלום. זיינע חברים ווידער, די אַמאָליקע מבקשים, זיינען סתם געוואָרן בעלי־תכלית, זוכער פון גוטע שידוכים און שטעלעס. אין זייער סביבה פעלט אים ממש אויס לופט צו אָטעמען.

די אַנדערע בני־תורה האָט גענומען מאַטערן די אייביקע קשיה פון צדיק ורע לו. די פאַרפרומטע בחורים האָבן געהאַט דעם גרייטן תירוץ, צדיקים נתפסים בעוון הדור, דער מאַלאַריטער איז אַוועק פאַר די זינד פון אַנדערע. נאָר ניט קיין תמימים האָט דער פאַרטיקער ענטפער ניט צופרידנגעשטעלט. אַ טייל האָבן געהאַט טענות צו דער השגחה־פּרטית און אַנדערע האָבן געזוכט אַ נעענטערן שולדיקן. ווי אַן אויסגעטריקנטער טייך אַנטפּלעקט אויף זיין גרונט קרומע שפּי־ציקע שטיינער, אַזוי האָבן די ישיבה־לייט נאָכן אויסוויינען אַלע טרערן אויפן נפטר אַרויסגעוויזן אַ האָס צום קראַנקן האָמלער. ער איז דער שולדיקער!

מען האָט דערמאָנט אַז 'דניאל איש חמודות', ווי דער ראש־ישיבה האָט אַמאָל גערופן דעם האָמלער, איז געוואָרן אַ קמצן און אַ מרוק נאָך פאַר זיין אָפּעראַציע. נאָך דער אָפּעראַציע בעת ער איז געלעגן אין שפּיטאָל איז אָט דער 'ליבלעכער מענטש' געוואָרן אַ קפדן ניט אויסצוהאַלטן. ער — און הענעך מאַלאַריטער! אַ גלייכעניש! ס'איז קיין דמיון און קיין דוגמא ניט. ניט קיין בעל־כשרון, ניט

קיין מתמיד, ניט קיין באמת פרומער און געוויס ניט קיין בעל־מידות, גאַרניט שבגאַרניט! און פאַר אַזאַ נפש האָט הענעך מאַלאַריטער זיך באַדאַרפט מקריב זיין?

זיך אַליין האָבן די ישיבה־לייט אויך ניט געשאַנעוועט: אַלטע חברים וואָס האָבן אינאײנעם מיט הענעך מאַלאַריטער דורכגעלערנט ש״ס, זאָלן דערלאָזן אַז ער זאָל דער בעל־הביתטע צוזאָגן חתונה האָבן מיט איר טאָכטער? קיין ספק ניט אַז ער האָט צוליב זיין צוזאָג מוראדיק געליטן. דערפאַר האָט ער אַ פּאָר טעג פאַר פּורים שטאַרק געוויינט אינמיטן שמונה־עשרה און פּורים אויפדערנאַכט אַזויפיל געטאַנצט, כדי זיך צו פאַרגעסן. „אַזאַ שר התורה, און מיר האָבן אים געלאָזט אויף הפקר!" האָבן די בחורים געשטראָפט זיך גופא און גערעדט נאָך שאַרפער קעגן דניאל האָמלער.

אַזאַ מענטשל קען קיינעם ניט ליב האָבן, אים זאָל אַפילו אויסגיין דאָס חיות ליב צו האָבן. מען זאָל עמעצן קענען ליב האָבן מיט אהבה שאינה תלויה בדבר, דאַרף מען דאָך אין יענעם עפּעס באַוואונדערן. אָבער אַז מען איז אַ קליין מענטשעלע וואָס האָט גאָרניט דערגרייכט, ווערט מען אויך אין אַ צווייטן גאָרניט באַוואונדערן און ליב האָבן. מיטן האָמלער איז די צרה נאָך גרעסער. ווען ער ווייס כאָטש אַז ער איז אַ קאַרליקל, וואָלט ער אפשר געקענט אויסזען אַ ביסל העכער דורכן שטעלן זיך אויף די שפּיץ־פינגער; ווייס ער אַפילו ניט אַז ער איז אַ פּיטשעמאָנטשיק מענטשעלע, אָט אַזאַ נפשל! — האָבן די בחורים געוויזן ווי קליין דער האָמלער איז און ס׳האָט זיי לחלוטין ניט געאַרט וואָס זיי ריידן לשון־הרע. עפּעס איז זיי פאַרגעקומען ווי ער וואָלט אַלעמען אָפּגענאַרט; ניט בלויז זיי, אויך דעם מלאך־המוות האָט ער אָפּגענאַרט. דער מלאך מיט די טויזנט אויגן האָט, וויזט אויס, ניט דערזען און פאַרביטן.

דער ראש־ישיבה האָט פאַרלאַנגט אַז חברים זאָלן אַריינגיין צום חולה זיך דערוויסן וואָס ביי אים הערט זיך. נאָר די ישיבה־לייט האָבן זיך אָפּגעטרייסלט, ווי אַ באַפאַלענער פון מוראַשקעס נאָך אַ ברודיקן רעגן. אינגיכן איז די בעל־הביתטע אַליין געקומען צום ראש־ישיבה מיט אַ געשריי מען זאָל אָוועקנעמען פון איר שטוב דעם האָמלער, זי און אירע טעכטער קענען אים מער ניט אָנקוקן. זיי האָבן געמיינט אַז ער ווערט זיין חברס טויט ניט אַריבערטראָגן. ערשט ער ציטערט איצט פאַר זיין לעבן נאָך מער ווי פריער און איז געוואָרן נאָך אומפריינטלעכער, נאָך מרוקוואַטער. די רביצן און אויך דער ראש־ישיבה האָבן מיט דער יידענע לאַנג באַדאַרפט איינטענהן, ביז זיי האָבן געפּועלט אַז זי זאָל כאָטש אויף דערווייל לאָזן וואוינען ביי זיך דעם האָמלער. די יידענע האָט אָבער אויסגענומען אַ תנאי אַז ניט זי און ניט אירע טעכטער וועלן גיין אַרום אים. דער קראַנקער, האָט די בעל־הביתטע געזאָגט, איז די גאַנצע צייט ניט געווען אַזוי

קראַנק ווי ער האָט זיך געמאַכט, און זינט ער האָט ניט מיט וועמען זיך צו שאַפן גיט ער זיך גאַנץ גוט אַן עצה.

אָבער אַ ביסל צייט שפּעטער האָבן אין ישיבה זיך דערטראָגן קלאַנגען אַז די בעל־הביתטע און אירע טעכטער גיבן זיך אָפּ מיטן האָמלער נאָך מער ווי פריער. אַפילו בחורים וואָס פאַרשטייען ניט צופיל אין מילי־דעלמא האָבן זיך גלייך אָנגעשטויסן אויף דער בעל־הביתטעס חשבון, אַז אַנשטאָט הענעך מאַלאַריטער זאָל דניאל האָמלער ווערן איר איידעם. פאַר דער יידענע איז עס נאָך אַ בעסערער שידוך. הענעך האָט דאָך געהאַט אַ האַרץ־פעלער און איר טאָכטער וואָלט באַדאַרפט שטענדיק ציטערן פאַר זיין לעבן, בעת דניאל האָמלער איז אין גרונט גענומען אַ געזונטער בחור, מערניט איבער אַן אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט אַ פאַרשלעפּטע קרענק. לעצטנס בעסערט ער זיך פון טאָג צו טאָג און אַ ווייב וועט מיט אים רואיק אויסלעבן די יאָרן.

דער פרילינג אינדרויסן האָט צעטייעט דעם שניי, ער האָט געקראָגן לעכער און גענומען איינפאַלן. גרוילעך־שיטערע וואָלקנס זיינען געהאַנגען נידעריק און געקאַפּעט ווי אויסגעדרייטע שטיקער גרעט אויף אַ שטריק. צווישן די שטיבער זיינען געקראָכן מילכווייסע און בלוילעכע נעפּלען, אַ רויך האָט זיך פאַמעלעך געוויקלט פון די קוימענס. דער דרויסן האָט שלעפעריק זיך געטשוכעט פון ווינטער און נאָך ניט געקענט זיך אויסטשוכען. אין ישיבה איז די פאָדלאָגע בלאָטיק־נאַס געווען פון אָנגעטראָגענעם און צעטראָטענעם שניי. דער צעקנאָדערטער נאַסער האַנטעך איבערן האַנטפאַס האָט פאַרשפּרייט אַ זויערן ריח, ווי אַ פאַס מיט געשטעלטן קרויט וואָס בעמט צופוילן. אין די נאָזלעכער האָט געביסן אַ גערוך פון שווייסיק־פאַרבע מענטשלעכע לייבער, ווי אין פאַקשטוב פון מרחץ. דער חדר־שני האָט געשמעקט מיט שטויב פון ניט־געלופטערטע אַלטע ספרים. דאָס גרוילעכע טאָג־ליכט אין ישיבה האָט זיך אויסגעמישט מיט פאַפּיראָסן־רויך און די פאַרשוואומענע פּנימער האָבן אויסגעזען נאָך פאַרגעלטער. ערב ראש־חודש ניסן קלייבן זיך שוין ישיבה־לייט אַהיים אויף פסח. אַזוי ווי צווישן נאַרעווער בני־תורה איז אַ קענטיקער טייל רוסישע און זייער היים איז אויף יענער זייט גרענעץ, ווערט זיי דווקא ערב יום־טוב אומעטיק. אָבער מען טרייסט זיך אינדערשטיל מיט דער האָפענונג אַז מען וועט, בעזרת השם, אַריינקומען אין אַ פיינער משפחה און קריגן אַ כלה וואָס וועט אָפּשאַצן די קענטשאַפט ווי אויך די איידעלע באַנעמונג פון אַ מאַן אַ לערנער. האָט די נייס וועגן שידוך צווישן האָמלער און דער בעל־הביתטעס טאָכטער די בחורים אַרויסגעצויגן פון הינטער די שטענדערס און צונויפגעבראַכט אויף אַ שמועס הינטער דער בימה:

אויפן האָמלער איז זיי קיין קשיה ניט. ווער איז ער און וואָס איז ער אַז אים זאָל ניט געפעלן די יידענע מיט איר טאָכטער? ער האָט גאָר קיינמאָל ניט

געחלומט פון עפּעס העכערס ווי פון ווערן אַ בעל־הביתל, אַ קרעמערל. די קשיה איז אויפן מיידל. ניט שוין זשע פאַרשטייט זי ניט דעם אונטערשייד פון אַ הענעך מאַלאַריטער ביז אַ דניאל האָמלער? דער תירוץ איז אַז די קשיה איז קיין קשיה ניט, ווייל די מדוברת פאַרשטייט טאַקע ניט דעם אונטערשייד, אָבי אַ חתן — האָבן די בחורים אויסגעצויגן מיט אַן אומעטיקן ניגון און זיינען צוריק־געגאַנגען צו די גמרות מיט אַ ריס אין האַרצן אויפן פאַרשטאָרבענעם חבר. הענעך מאַלאַריטער איז געווען אַ גדול אין לערנען און געהאַט אַ ליכטיקע נשמה, נאָר ער האָט ניט געהאַט קיין מאָס אין זיין גוטסקייט און ניט דערשאַצט די אייגענע גדלות. ער האָט ניט געוואוסט אָדער ניט געדענקט, אַז אין קיין שום פאַל טאָר מען ניט ווערן אַ נאָענטער מענטש אין אַ משפּחה וואו דיינע מעלות זיינען קיין מעלות ניט.

אַ צווייט מאָל זיינען די בחורים זיך צונויפגעקומען הינטער דער בימה אָפּגעבן שלום־עליכם אשר־לעמל קראַסנער. ער איז צוריקגעקומען פון דער באַוואָרעדקער ישיבה־קטנה ערגעץ אין וואָלין, וואו ער האָט אַוועקגעפירט דעם קופּישקער. אשר־לעמל האָט וועגן אומגליק מיטן מאַלאַריטער נאָך געהערט אין וואָלינער שטעטל און די חברים אין נאַרעווע האָבן אים אויפגענומען מיט אויפסניי אויפגעוועקטן טרויער, ווי אַ משפּחה פון אבלים נעמט־אויף אַ ברודער וואָס האָט פאַרשפּעטיקט צו דער לוויה. בחורים האָבן זיך דערמאָנט ווי זיי האָבן געציטערט אַז דער פאַרקוועטשטער שמשול קופּישקער זאָל חלילה זיך ניט אומברענגען. אַז די סכנה הענגט איבער אַזאַ מצוין ווי הענעך מאַלאַריטער, דאָס איז זיי גאָרניט איינגעפאַלן. „און וואָס מאַכט ער, דער קופּישקער, ער כראָמשקעט נאָך צוקער?“ האָבן די ישיבה־לייט געפרעגט. דעם גוטן און געזעצטן אשר־לעמל קראַסנער איז פאָרגעקומען זייער מאָדנע אַז בני־תורה זאָלן ריידן מיט בייזן שפּאָט וועגן אַ חבר וואָס איז פון צופיל האָרעוואַניע אין עבודת־השם אַריינגעפאַלן אין מרה־שחורה. נאָר אשר־לעמלס שוואַרצע באָרד איז אים געדיכט געוואַקסן פון אונטער די אויגן און האָט צניעותדיק אַרומגעוואַקסן אויך זיין מויל, ער זאָל וואָס ווינציקער ריידן. האָט ער לאַנג געטראַכט און צו לעצט געענטפערט אַז שמשול קופּישקער איז איצט ברוך השם ביי די קלאָרע געדאַנקען. „אַ דאַנק דעם בורא־עולם! און מיר האָבן זיך געזאָרגט ער זאָל ווידער ניט פּרוּוון זיך אויפהענגען,“ האָט איינער פון רעדל זיך אָפּגערופן און די איבעריקע האָבן ביטער געשמייכלט.

# 7

**זה ינחמנו!** הענעך מאַלאַריטער איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, נאָר ער איז פּאָרט געזעסן אין מיין וועד און איז מיר אַ טרייסט פאַר גאָר מיין מאַטערניש. אַזוי פלעגט צמח זיך זאָגן קוקנדיק וואָס פאַר אַ כלי יקר הענעך איז אויסגעוואַקסן. און ווען ס׳איז געשען דאָס אומגליק האָט צמח געפילט, אַז צווישן טויט פון זיין תלמיד און דעם טויט פון זיין ערשטער כלה איז דאָ אַ שייכות. ער האָט אַמאָל ביידן ניט דערשאַצט. מסתמא האָט ער אויך ניט גענוג געטרויערט אויף דבורהלע נאַמיאָט, האָט מען אים פון הימל דערלייגט נאָך אבלות.

אויפן מאַלאַריטערס לוויה האָט צמח ניט געוויינט און אויך שפּעטער מיט קיינעם ניט גערעדט וועגן דער אבידה. ער איז אומגעגאַנגען נאָך אויסגעגלייכטער און שטייפער, ווי זיין רוקן וואָלט געוואָרן אַ פאַרהאַרטעוועט שטענגל פון אַ געוויקס אין שפּעטן אָסיען ווען גאָר דאָס בליעכץ איז שוין אָפּגעוועלקט. נאָר ביינאַכט אויפן געלעגער האָט ער געפילט אַז זיינע הענט און פיס טריקענען. ער איז ביים קלאָרן פאַרשטאַנד, דאָס האַרץ קלאַפּט רעגלמעסיק, מערניט זיינע הענט און פיס דאַרן און קוואַרן, ווערן אַלץ קלענער און איינגעשרומפּענער. צמח האָט גוט געדענקט אַז ער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען, דאָך האָט זיך אים געדאַכט אַז ער ליגט שוין אויפן געלעגער יאָרן־לאַנג. ער קען ניט אַרומגיין ווייל זיין גרויסער שווערער קערפּער קען זיך ניט האַלטן אויף אַזעלכע דינע היבערשע פיס און זיינע קורצע הענט קענען צו גאָרניט דערלאַנגען. אויף מאָרגן האָט ער ווידער אַרומגעשפּרייזט אין שטוב, אין גאַס, אין בית־מדרש, און ביינאַכט האָט ער ווידער איבערגעלעבט די זעלבע גרוילן. איך האָב דאָך ניט גורם געווען אַז הענעך מאַלאַריטער זאָל שטאַרבן, האָט ער געקרעכצט, זיך געדרייט אויפן געלעגער און געשאָלטן דעם מוסרניק אין זיך וואָס זוכט אויף זיך חטאים. אַיי הענעך, הענעך, מי יתן מותי תחתיך! ער וואָלט דעם מלאך־המוות געזאָגט, אדרבא, נעם מיך אַנשטאָט דעם מאַלאַריטער. אַזוי ווייט איז אים מיאוס געוואָרן דאָס לעבן.

אויך בייטאָג אין ישיבה איז הענעך אים אַנטקעגנגעקומען פון אַלע ווינקעלעך: אַ שלאַנקער, מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויפן אויסגעבלייכטן פּנים, דעם קאָפּ אַ ביסל פאַרריסן, דעם קאַפּעליוש פאַררוקט אויף דער פּאַטילניצע און די הענט פאַרלייגט אַהינטער. ער גייט זיך דורך צווישן די בענק, פון זיין שטערן לויכט אַרויס די סוגיא וואָס ער טראַכט איצט איבער. ער שפּאַצירט ווייטער און בלייבט שטיין הינטער דער בימה, וואו די ייִנגערע קלייבן זיך אַרום אים איבעריידן דעם ראש־ישיבהס שיעור... צמח דערפילט אַ קעלט איבערן רוקן, אַ שוידער אין די ביינער. מיטאַמאָל פאַלט אים איין זיך פרעגן: פאַרוואָס איז ער

קיינמאָל ניט געגאַנגען מבקר חולה זיין דעם האַמלער, ניט פריִער אין שפּיטאָל און ניט שפּעטער אויף דער קוואַרטיר? משמעות אַז ער איז ניט געגאַנגען פון מורא, דניאל האַמלער זאָל פונקט ווי משה חייט לאַהויסקער אים ניט אַרויסווייזן שנאה, ווייל אויך דעם האַמלער האָט ער יינגלוויז צוגענומען פון זיינע עלטערן אין ווייסרוסלאַנד. אָבער פאַרוואָס האָבן דער מאַלאַריטער און דער האַמלער זיך צוגעבונדן איינער צום צווייטן? ער מוז וועגן דעם שמועסן מיטן האַמלער, ווי שווער אים זאָל ניט אָנקומען דאָס גיין אַהינצו.

צמח איז אַריין צום חולה בייטאָג, בעת די בעל־הביתטע און אירע טעכטער זיינען געווען אין געשעפט. אינדרויסן האָט געררוישט דער פרילינג מיט וואַרעמע ווינטלעך און ריטשקעס פון צעגאַנגענעם שניי. אָבער אין געררוימען חדר פון חולה האָט אַלץ געבלאַנקט ציכטיק, קאַלט און קאַנטיק. דער טיש איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ נייער גלאַנציקער צעראַטע; דאָס העל־בלויע געפאַרבטע בעט — אַקוראַטנע פאַרבעט און מיט אַן אָנגעבלאָזן ווייס קישעלע צוקאָפּנס; אַ טונקל־ברוינער פּאָלירטער קליידער־אַלמער, מיט אַ שליסעלע אין בלאַט־שלאָס, און אַ גלעזערנע שאַפּקע באַשטעלט מיט אויסגעשייערטע פינקלדיקע כלים. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אין דער קוואַרטיר פון אַן אַלטן בייזן בחור וואָס האָט פיינט אַ טומל פון קינדער און פאַרליידט ניט צו עסן מיט אַ גאַנצער משפּחה פון זעלבן געפעס. אויך דער קוואַרטיראַנט גופא האָט ווי דאָס מעבל אין חדר געהאָט אַ בלאַנק און קאַנטיק פּנים. דערצו נאָך אַ נידעריקן שטערן, טרוקענע ברייטע ליפּן, אַ קליינע שאַרפע גאָמבע און גרויסע אָפּגעשטאַנענע אויערן. אין שטוב און אין אַ לינדן וועטער, האָט ער געטראָגן אַ וואַרעם היטל, שטעק־שיך אויס־געבעט מיט פוטער און אַ האַריק־רויטן שלאָפראָק. פון די ברייטע אַרבל האָבן אַרויסגעשטעקט זיינע דאַרע ביינערנע הענט מיט לאַנגע קנאָכיקע פינגער און פאַרשפּיצטע נעגל. אויך נאָכן אַריינקומען פון אומגעריכטן גאַסט איז ער געבליבן זיצן אויפן ראַנד פון בעט, די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, ווי ער וואָלט מיטן שטעכיקן בליק געבוירעט אַ לאָך אין דיל. מען האָט אויף אים אָנגעזען, ער פאַרגעסט קיין מינוט ניט אַז ער איז געווען ערנסט קראַנק און אַז ער איז נאָך אַ חולה וואָס דאַרף זיך גוט אָפּהיטן.

„איר זייט אַוודאי פאַרחידושט פאַרוואָס איך בין ביז איצט קיינמאָל ניט געקומען אייך מבקר חולה זיין,” הייבט צמח אָן ריידן און ניט געבעטענערהייט זעצט ער זיך אַראָפּ אויף אַ שטול פון יענער זייט טיש. „איך בין ניט געקומען ווייל איך האָב געהערט אַז איר ווילט ניט זען חברים. האָב איך געטראַכט אַז אויך מיך ווילט איר ניט זען.”

„די ישיבה־לייט זיינען געקומען ראַטעווען מיין נשמה ווען מען האָט באַ־דאַרפט ראַטעווען מיין גוף, האָב איך זיי ניט געוואָלט זען,” זייט דניאל האַמלער

אַרויס פון צווישן די ציין און הייבט נאָך אַלץ ניט אויף די אויגן אויפן גאַסט. צמח דערפילט צו זיין תלמיד דעם ווידערווילן וואָס די אַנדערע לערנער פילן צו אים און רופט אויס. „ניט אמת! די בני־תורה האָבן קודם־כל געזאָרגט פאַר אייער גוף און ערשט נאָכדעם פאַר אייער נשמה. און וואָס איז די עוולה אויב חברים האָבן ביים באַדינען אייך געוואָלט מיט אייך שמועסן אין תורה און מוסר?״ דניאל שטופּט דעם אָטעם דורך פאַרלייגטע נאָזלעכער און ענטפערט נאָך אומפריינדלעכער:

די בני־תורה האָבן זיך געזאָרגט פאַר זיין גוף כדי צו ראַטעווען זיין נשמה, ווי דאָס טוען די נאָנעס וואָס קומען אין שפּיטאָל צו די קריסטלעכע קראַנקע. די נאָנעס אין די שוואַרצע קליידער מיט די גרויסע צלמים אויף די העלדזער מיאוסן זיך ניט פונדעסטוועגן מיטן קראַנקנס גוף, בעת די בני־תורה האָבן זיך יאָ געמיאוסט אים צו באַדינען. אַקוראַט ווי בעלי־מוסר גייען אויפן בית־עולם זיך אָפּלערנען אַ מוסר־השכל וועגן סוף פון מענטש, אַזוי זיינען זיי געקומען צו אים אין שפּיטאָל זיך אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון זיין קלאָגעדיקן אויסזען. זיי האָבן נאָך פאַרלאַנגט אַז ער אַליין זאָל זיך אויך מיאוסן מיט זיין גוף, ער זאָל זיך גוט איינקוקן אין זיך און האָבן הרהורי־תשובה. איינער האָט ביים באַדינען אים געזיפצט און געאויקעט אָן ווערטער. אַ צווייטער האָט גערעדט אָפן: זעט, זעט, וואָס עס ווערט פון אַ מענטשן! און אַ דריטער האָט אים דערמאָנט דעם ראש־ישיבהס 'אַ דערהער' ביים זאָגן התעוררות, אַז אויב מיר פאַרזאָרגן ניט אונדזער חבר מיט אַ יענער־וועלט, פאַרזאָרגן מיר אים מיט גאָרניט. האָט ער זיי אַרויס־געטריבן, זיינע כלומרשט גינציקע חברים.

„אין ישיבה האָט מען אויסגעטראַכט אַז איך בין אין שפּיטאָל פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן אומגעזונטער תאווה, פרויען זאָלן מיך זען אַ נאַקעטן, און מען האָט פון מיר אָפּגעלאַכט הלמאי איך שעם זיך ניט פאַר די קראַנקנשוועסטער מיט מיין איינגעדאַרטן גוף. אַלץ וואָס מען האָט וועגן מיר דערציילט איז ליגן. נאָר איך בין מודה אַז מיר איז מער ניחא געווען באַצאָלטע וועכטערינס וואָס באַ־האַנדלען מיך ווי יעדן אַנדערן חולה, איידער בעלי־מוסר וואָס הייסן מיך טראַכטן פון אַ העכערן סאָרט לעבן ווען איך קאָרטשע זיך פון יסורים.״

„און הענעך מאַלאַריטער האָט זיך צו אייך באַצויגן אַנדערש? פרעגט צמח.

„אַנדערש, ווייל ער אַליין איז געווען אַ קראַנקער. גלייך ווי ער איז געקומען צו מיר אין שפּיטאָל האָב איך דערזען אַז ער קומט מיר העלפן, ניט ראַטעווען מיין נשמה. דעריבער בין איך אַריבער צו אים וואוינען. ער פלעגט זאָגן אַז ס'איז דאָ אַ טיפע חכמה אין ווערטל, דער געזונטער פילט ניט דעם קראַנקן. אַ מענטש וואָס ווייס אַז זיין לעבן איז מחמת אַ קראַנקייט אין שטענדיקער סכנה, איז גאָר אַן אַנדער מין מענטש. ער זינקט אין זיין גוף ווי אין ליים, ער איז אין קלעם

פון די אייגענע אברים ווי ער וואָלט אויף זיך געטראָגן קייטן. כאָטש ער פאַר־ברענגט אינאיינעם מיט געזונטע מענטשן, פאַרגעסט ער ניט דעם אָפּגרונט וואָס איז דאָ צווישן זיי. אַ חולה וואָס לעבט לויט די דאָקטוירים על־פּי־נס, טראַכט וועגן זיך אַז ער איז געגליכן צו אַ מענטש אין שפּיגל לגבי אַ ממשותדיקן מענטשן. אַזוי פלעגט העניעך ריידן."

„העניעך איז דאָך געווען אַ פריילעכער בחור, זייער אַ פריילעכער, הגם אַ קראַנקער," מורמלט צמח. ער האָט קיינמאָל קיין חשד ניט געהאַט אַז דער מאַלאַ־ריטער האָט אַזעלכע פינצטערע געדאַנקען.

דניאל האָמלערס קאַנטיק פּנים פאַרקרימט זיך אין אַ קאַלטער גרימאַסע וואָס איז אויף אַזויפיל ענלעך צו אַ שמייכל, אויף וויפל אַ מפּיל־קינד איז ענלעך צו אַ ניי־געבוירן קינד.

„אַ קראַנקער קען זיין נאָך לוסטיקער און פריילעכער פון אַ געזונטן, נאָר דאָס איז אַ פריילעכקייט פון לאחר יאוש. אַז העניעך האָט שוין אויף גאָרניט געהאָפט, זעט מען פון דעם וואָס ער גופא פלעגט די מחותנים גלייך דערציילן אַז ער האָט אַ האַרץ־פעלער און נאָכדעם פלעגט ער איבערשפּילן מיט אַ געלעכ־טער ווי די שדכנים און מחותנים דערשרעקן זיך. איז ווען ער האָט אויסגעפונען אַז די בעל־הביתטע פון קוואַרטיר שרעקט זיך ניט פאַר זיין האַרץ־פעלער, האָט ער, פון פרייד וואָס זי און איר משפחה גלייבן אַז ער וועט לעבן, צוגעזאָגט חתונה האָבן מיט איר טאָכטער."

„און איך האָב געמיינט אַז ער האָט עס געטאָן ווייל ער האָט זיך מקריב געווען פאַר אייך," זאָגט דער דערצאָרנטער צמח מיט געשטיגענעם אומווילן. „מיט וואָס האָט ער זיך פאַר מיר מקריב געווען? ער האָט מיך צו זיך אַריינגע־נומען, ווייל ער האָט איינגעזען אַז איך פאַרשטיי אים פונקט ווי ער פאַרשטייט מיך," ענטפערט דער האָמלער מיט אַ טרוקענעם הוסט און קאַלטן כעס פון אַ לא־יוצלח וואָס לעבט אויפן חשבון פון קרובים, נאָר האַלט ניט אַז ער איז זיי שולדיק אַ דאַנק.

פאַרוואָס זיצט דער האָמלער די גאַנצע צייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן? פרעגט זיך צמח און ענטפערט זיך: ווייל ער איז זיכער אַז ער האָט שוין אַלץ געזען, אַז בלויז ער איז דער גערעכטער און אַז מען דאַרף צו קיינעם ניט האָבן קיין צוטרוי, דערפאַר זיצט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. אין בלאָט־שלאָס פון זיין קליידער־אַלמער שטעקט אַ שליסעלע. האָט ער ניט מורא אַז די בעל־הביתטע אָדער איר טאָכטער, זיין כלה, זאָלן אים באַגנבענען? ער איז אַ נבזה! שרייט צמח אין געדאַנק און רעדט צום בחור אַזוי שאַרף ווי בעת ער איז געווען זיין ראש־הוועד.

„די חברים האָבן אייך ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע ליבשאַפט, מחמת

אויך איר זייט ניט קיין גוטער חבר. איר זייט תמיד געווען אַ מענטש פֿאַר זיך, בלויז פֿאַר זיך אַליין."

און וואָס איז די עוולה אויב ער איז אַ מענטש פֿאַר זיך? קוקט דניאל אַרונטער אויף זײַנע דאַרע הענט און צערעדט זיך פֿאַמעלעך, מיט ישוב־הדעת, נאָר פֿון גרויס אָנשטרענגונג צו בלײַבן רואיק, קריכט איבער זײַן רעכטן שלייף אַרויס אַ בלויער אָדער: די ערשטע צײַט אין ישיבה איז ער געווען פֿון די בעלי־הטבה. ער האָט אָפּגעגעבן זײַן חלק פֿלייש, אַנטליען זײַן מאַנטל און אַליין געפֿראָרן. טאָמער האָט ער אַמאָל פֿאַראיבל געהאַט הלמאי מען צעשלעפּט אַלץ פֿון זײַן קעסטל אָן זײַן וויסן, האָט מען אים דערמאָנט די משנה פֿון פּרקי־אבות אַז יענער וואָס זאָגט, שלי שלי, ושלך שלך, איז ניט פֿון די גרויסע בעלי־מדרגה. האָט ער זיך שוין געבעטן: נעמט! האָט מען אים ווײַטער געמוסרט אַז זײַן 'נעמט' איז עפּעס אַ צו־אײַליקער, אַ צו־אויסגעשריענער, ווי ער וואָלט זיך אַליין געצוואונגען. נאָר ער האָט פּאָרט ניט געקענט בײַקומען זײַן יצר־הרע צו אַ ריינעם האַנטעך, ער האָט פּאָרט ניט געקענט לײַדן ווען מען ציט זיך אויס אויף זײַן געלעגער אין די שיך, און ווי יאַנקל פּאָלטאַווער גיט אים צוריק זײַן קאַפּעליוש אַ צעבויגענעם, אַ צעדרייטן. די ישיבה־לײַט גייען אַרום פֿאַרוואַקסן און זײַנען באַפּאַלן מיט אומפּליי. ווינטער פֿוילן זיי זיך צו וואַשן מיט קאַלט וואַסער און די איבערפֿלאַכן פֿון זייערע הענט זײַנען באַדעקט מיט ברוד. זיי טרינקען פֿון ניט־אויסגעוואַשענע גלעזער, בעת אים עקלט פֿון דעם צום ברעכן. און פֿאַרוואָס טאָר ער ניט אַמאָל אין אַ נאָווינע זיך אָפּטיילן פֿון דער חברותתה און אַוועקגיין אויף סטאַנציע זיך צולייגן, אָדער אײַנבייען אַ קנעפּל אין אַ בגד, צי אָנשרײַבן אַ בריוו? פֿאַרוואָס מוזן די קוואַרטיראַנטן קומען פֿון בית־המוסר צוויי בײַנאַכט און אים אַראָפּשלעפּן פֿון געלעגער אַ באָרוועסן עפֿענען די טיר? מען קען דאָך משוגע ווערן פֿון שטענדיקן הו־האַ אין בית־מדרש, אין בית־המוסר, אין קיך און אויף די סטאַנציעס. אויך אינמיטן דער שטילער שמונה־עשרה גוואַלדעוועט מען, אַפֿילו אין די וועלדער אויף בדידות גייט מען זאַלבעצענט, זאַלבעצוואַנציק. האָט ער געוואָלט האָבן אַן אייגן ווינקעלע, ער זאָל דאָרט רואיק קענען אויס־טרינקען אַ גלאָז טיי, מען זאָל ניט ראַיען ווי מוראַשקעס אין זײַן קעסטל, מען זאָל ניט מאַכן קיין מיסטקאַסטן פֿון זײַן געלעגער. איז וואָס קומט אים דערפֿאַר? האָט מען זיך פֿון אים אָפּגעקערט מיט שנאה, און אַז ער איז קראַנק געוואָרן האָט מען אים אַרויסגעוויזן נאָך מער פֿײַנדשאַפֿט. די חברים האָבן אים באַדינט מיט צערייצטע צורות און ציטערדיקע הענט ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט דער־שטיקן. זאָגן אים אַז זיי פֿאַרטראָגן אים ניט האָבן זיי דאָך ניט געקענט, האָבן זיי אים געהייסן טראַכטן פֿון רוחניות און אַז דער גוף איז עפר־ואפר. אײַן אשר־לעמל קראָסנער האָט ניט פֿאַרגעסן ר' ישראל סאַלאַנטערס אָנזאָג צו טראַכטן

וועגן יענעמס גוף און דער אייגענער נשמה, ניט פאַרקערט. און בעסער פון אַלעמען האָט עס געוואוסט העניך מאַלאַריטער.

„אויך איר, ר' צמח, האָט זיך אַמאָל פאַרבענקט נאָך אַן אייגן ווינקעלע און זייט אומגעריכט געוואָרן אַ חתן אונטערוועגנס. כאָטש פון נאַרעוועו זייט איר אַרויסגעפאָרן מיט אַ געהויבענעם ציל לטובת הכלל. איז פאַרוואָס טאָר איך ניט האָבן מיין אייגן ווינקעלע און אָפּהיטן מיינע חפצים?"

„איר מעגט, געוויס מעגט איר. איידער איך האָב אייך פון האָמעל מיטגענומען קיין פוילן האָבן מיר אייערע עלטערן דערציילט, אַז איר זייט פון קינדוויַיז אָן אַן אַקוראַטנער, אַ ציכטיקער, און ווען איר זייט נאָך געקראָכן אויף אַלע פיר האָט איר שוין אָפּגעהיט אייערע צאַצקעס. נו, האָט זיך אין אייך אָפּגערופן דער סוחריש־בעל־הבתישער אָפּשטאַם. אָבער ס'איז ניט פאַראַן קיין וואָרט אמת אין אייער פּזמון אַז העניך מאַלאַריטער האָט אייך אַריינגענומען ווייל ער האָט געזען אַז איר זייט זיך ענלעך. ער האָט אייך אַריינגענומען און אָפּגעהיט ווייל ער איז געווען דער היפּוך פון אייך. אַ גוטן טאָג."

אין דורכגאַנגס־צימער שטייען צוויי פּרויען, די בעל־הביתטע און איינע פון אירע טעכטער, אַ מיידל מיט אַ געעלטערט פּנים און אַ שרונט אינמיטן די צעקעמטע שוואַרצע האָר, איבער אַ הויכן בולטן שטערן מיט אַ געלבלעכער הויט. דאָס מיידל האַלט אין די הענט אַ טאַץ מיט עסנוואַרג און קען זיך ניט באַשליסן, זעט אויס, אַריינצוגיין צום קוואַרטיראַנט ווען דאָרט זיצט אַ גאַסט. מסתמא די כלה, טראַכט צמח, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און גייט אַרויס אינדרויסן. אַנשטאָט האָבן מיטלייד אויף זיין געוועזענעם תלמיד, איז אים גאָר אַ רחמנות אויף דער כלה וואָס איז שטיין געבליבן אינמיטן שטוב מיטן טאַץ איןביידע הענט אַ טרויעריק־מידע און אַנגעבויגענע, ווי זי וואָלט געשטאַנען אינדרויסן אונטער אַ געדיכטן רעגן. צמח באַוויַיזט נאָך ניט אָפּצוגיין אַ צען טריט ווי ס'יאָגט אים אָן די בעל־הביתטע.

די יידענע, מיט גרויע צעשויבערטע האָר אונטערן קאָפּטיכל און מיט שמאָלע אויגן־שפּעלטעלעך אין אַ נעץ פון קנייטשן, קוקט זיך אַרום צי מען קען זי ניט זען פון קוואַרטיראַנטס צימער און נעמט זיך קלאָגן אַז זי איז אַן אָרעם־מענטש, אַן אלמנה מיט אַ שטוב ניט־אויסגעגעבענע מיידלעך. דניאל זאָגט צו אַז ער וועט חתונה האָבן פאַר דער עלטסטער טאָכטער. האָט זי מורא אַז דער ראש־ישיבה זאָל שוין באַצייטנס ניט אויפהערן צאָלן פאַר זיין קוואַרטיר און אויס־האַלטונג. אָבער צמח באַרואיקט זי: אַזוי לאַנג ווי דניאל איז ניט געזונט און האָט נאָך מיט איר טאָכטער קיין תנאים ניט געשריבן, וועט די ישיבה פאַר אים צאָלן. די יידענע קוקט זיך ווידער אַרום און רעדט וויַיטער אומרואיק, האַלב בסוד.

„קיינער פון די ישיבה־בחורים קומט ניט אַריין צו אים... ווי איך פאַרשטיי, זייט איר זיינער אַן עלטערער חבר אָדער אַ רבי. איז זאָגט מיר דעם אמת, רבי, ער האָט טאַקע בדעה חתונה צו האָבן פאַר מיין טאָכטער? וועגן פריערדיקן, איך מיין הענעך מאַלאַריטער, וועגן אים וואָלט איך ניט געפרעגט. יענער, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין, איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדער סאָרט מענטש, נאָר דער... ער האָט אייך גאָרניט געזאָגט? מען טאָר דאָך אַן אָרעמע אלמנה ניט אָפּנאַרן."

„ער האָט מיר גאָרניט געזאָגט," ענטפערט צמח אַ מאָדנער געפּלעפּטער וואָס ער אַליין האָט וועגן דעם ניט געטראַכט. „גלייבט מיר, איך ווייס אייך ניט וואָס צו זאָגן. איך און אייער קוואַרטיראַנט האָבן גערעדט וועגן אַנדערע זאַכן."

דער בעל־הביתטעס שמאָלע אויגן־שפּעלטעלעך ווערן ברייטער, גרעסער, ס׳קוקן פון זיי אַרויס שווערע אומעטיקע שוואַרצאַפּלען, ווי ביי איר פאַר׳דאגהטער טאָכטער מיטן שרונט אין די שוואַרצע האָר און די געבויגענע אַקסל. די יידענע האָט משמעות מורא איבערצופרעגן כדי זיך ניט דערוויסן צופיל. זיפצט זי אָפּ אויף איר וויסטן מזל פון אַן אלמנה און טאַפּטשעט אַוועק אין צעגאַנגענעם שניי צוריק אין שטוב.

וועט דער האַמלער האַנדלען ווי אין וואַלקעניק יוסף וואַרשעווער וואָס האָט אָפּגענאַרט די יונגע קעכין פון וואַלקעניקער ישיבה־קטנה, אָדער דער האַמלער איז ערלעכער און וועט מיט דער בעל־הביתטעס טאָכטער יאָ חתונה האָבן? צמח האָט זיך אויף דעם ניט געקענט ענטפערן און געטראַכט, אַז אויב אַפילו דער האַמלער וועט זיין צוזאָג האַלטן, איז ער סייווי אַ נישטיק און ווינקלדיק מענטשעלע. ער האָט זיך דאָך איינגערעדט אַז הענעך מאַלאַריטער האָט אים אַריינגענומען פון דער אייגענער טובה וועגן, ניט כדי אים, דעם קראַנקן, צו ראַטעווען; און אַז הענעך איז געוואָרן אַ חתן פאַר דער בעל־הביתטעס טאָכטער אויך פון אייגענער טובה וועגן, ניט צוליב איר, דעם קראַנקן. יעדער בחור אין ישיבה טרויערט נאָכן מאַלאַריטער מער פון אים. אפשר האָט ער מורא מען זאָל אים קיין עין־הרע ניט געבן וואָס ער איז געבליבן לעבן? מסתמא איז ער דעם נפטר אויך מקנא וואָס מען זאָגט אים נאָך אַזויפיל שבחים. דניאל האַמלער ווייס אַז אים וואָלט מען אַזויפיל ניט באַוויינט און באַקלאָגט. אויך משה חייט לאַהויסקער האָט טענות צו נאַוואַרעדאַק, נאָר ער בלאָנדזשעט און זוכט כאָטש עפּעס. וואָס טוט ער איצט און פון וואָס לעבט ער? קיין וועלטישע סביבה האָט ער ניט און ישיבה־לייט חברן זיך ניט מיט אים. דאַרף מען דאָך לכל־הפּחות זיך דערוויסן צי ער הונגערט ניט... און אַנשטאָט גיין מיטן אויסגעטראָטענעם וועג פון דער הויפּטגאַס צו דער ישיבה, האָט צמח אַוועקגעבראָדזשעט דורכן שניי פון זייטיקע געסלעך צום לאַהויסקער.

דורכן לאַנגן, שמאָלן און געדרייטן קאָרידאָר, וואו ער האָט שוין איינמאָל

דעם פֿאַרגאַנגענעם יום־כּיפּור ביינאַכט געטאַפּט אין דער פֿינצטער, האָט ער זיך דערנענטערט צום שטיבל אין צווייטן עק קאָרידאָר. פֿון הינטער דער פֿאַר־מאַכטער טיר האָט צמח דייטלעך דערהערט אַ שמועס און דערקענט די שטימען פֿון די בחורים וואָס זיינען זינט יינגלווייז געזעסן אין זיין וועד עשירי־קודש.

„ווערדליק די סאָציאַליסטן גלייבן ניט אין תורה מן השמים און גלייבן אויך ניט אַז אָרעם און רייך איז פֿון דער השגחה־פּרטית, זיינען זיי פֿון זייער בקודה ניט אומגערעכט וואָס זיי ווילן איבערמאַכן די וועלט," האָט יאַנקל פּאָלטאַווער אינעווייניק זיך געהיצט און דער לאָהויסקער האָט אים איבערגעשפּאַרט.

„יאַנקל איז נאָך אַלץ אַ מוסרניק. מערניט פֿריער האָט ער געהאַלטן אַז אַ מענטש דאַרף אָנהייבן פֿון איבערמאַכן זיך אַליין, און איצט האַלט ער אַז מען קען ניט איבערמאַכן זיך אַליין, אויב מען ענדערט ניט דעם גאַנצן סדר החיים. נאָר אַ מוסרניק און וועלט־פֿאַרזאָרגער איז ער געבליבן. איך וויל קיינעם ניט פֿאַר־זאָרגן, איך וויל הנאה האָבן פֿון לעבן."

„אויב די פֿאַרטיילונג פֿון אָרעם און רייך איז אין עצם אַ ניט־גערעכטע פֿאַרטיילונג, קען ניט זיין אַז דאָס זאָל זיין דער ווילן פֿון דער השגחה עליונה," האָט צמח דערהערט חייקל ווילנערס קול.

„יאַנקל פּאָלטאַווער וויל פֿירן מלחמה. און ווייל ער האָט איינגעזען אַז די מוסרניקעס ווילן ניט פֿירן קיין מלחמה לטובת אָרעמע הענדלערקעס, אַפֿילו ניט מיטן גבאי סולקעס, ציט יאַנקלען צו די אַרבעטער פֿון די פֿאַראיינען," האָט דאָרט געלאַכט דער לאָהויסקער.

„איך בין דאָ אַריינגעפֿאַלן אין אַ מושב־לצים," האָט עמעץ אָפּגעקרעכצט און נאָך עפּעס צוגעגעבן מיט אַ הייזעריקלעכן קול וואָס צמח האָט ניט דערהערט און זיך אויך ניט געקענט אָנשטויסן וועד דאָס רעדט. דער לאָהויסקער האָט זיך ווידער הויך און פֿריילעך אַריינגעמישט, ווי ער וואָלט געוואוסט ווער עס שטייט אויף יענער זייט טיר און אים טוט הנאה יענעם מודיע זיין ווער עס נעמט אָנטייל אין שמועס.

„ראובן ראַטנער וויל מיך איינריידן אַז איך לייג יעדן טאָג תּפֿילין, כּדי ער זאָל מעגן צו מיר אַריינקומען. אַפֿילו די נאַרעוווער בעלי־בתּים וואָס איך לערן מיט זייערע קינדער תּנ"ך און העברעאיש ווייסן אַז איך לייג ניט קיין תּפֿילין."

„די ישיבה איז אין אבֿלות נאָך הענעך מאַלאַריטער און דאָ זיצט מען ווי אין אַ מערת־פּריצים און מען רעדט על השם ועל משיחו," האָט ראובן ראַטנער נאָכאַמאָל אָפּגעזיפֿצט. אָבער דער לאָהויסקער האָט אים געענטפֿערט נאָך האָפֿערדיקער.

„אויך דעם מאַלאַריטער האָבן געטאָטשעט ספֿקות. ווי אַזוי, האָט הענעך געטענהט, מעג מען עס אַ מענטשן זאָגן אַז ער האַלט ביים שטאַרבן. אַפֿילו ווען

דער שכיב־מרע זאָגט אַליין אַז ער פילט זיין סוף, טאָרן די אַרומיקע ניט צושטימען, ווייל דער קראַנקער וויל מען זאָל זיינע רייד אַפּלייקענען. און וואָס פאַר אַ ווערדע האָט שוין די ווידוי פון אַ געבראָכענעם פאַרמשפּטן מענטשן? צו וואָס דאַרף דער רבונו־של־עולם אַזאַ ווידוי? איך האָב געזען אַז הענעך מאַלאַ־ריטער קען דער גמרא ניט מוחל זיין דעם אכזריותדיקן דין וואָס אַ שכיב־מרע דאַרף זיך מתוודה זיין, ווי ער האָט ניט געקענט מוחל זיין אונדזער ראש־הוועד זיין מאַטערן אונדז מיר זאָלן זיך איבערברעכן. אַ פיינער תכלית איז געוואָרן פון צמח לאָמזשערס תלמידים! ער האָט שוין איינמאָל אויסגעפּירט! ער וועט שוין אויך לאַנג ניט זיצן אין נאַרעווע און פראַווען שטיק פון אַ בעל־תשובה. גאָר אינגיכן וועט ער האָבן צו זינגען און צו זאָגן.״

די בחורים זיינען צום לאָהויסקער צוגעשטאַנען ער זאָל זאָגן וואָס ער מיינט אַז דער בעל־תשובה וועט גאָר אינגיכן האָבן צו זינגען און צו זאָגן. נאָר דער לאָהויסקער האָט געענטפערט אַז לעת־עתה איז עס אַ סוד. צמח האָט אַ ווייל זיך נאָך צוגעהערט צום טומל אינעווייניק און דערנאָך פּאַמעלעך אַוועקגעשפּרייזט צום אַרויסגאַנג. ער איז געגאַנגען דורך דער שטאָט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ניט געדענקט די דורכגעגאַנגענע גאַסן און זיך געוואונדערט ווי ער האָט געטראָפן צו זיין קוואַרטיר. אָבער ווען ער איז אַריין אין שטוב און געוואָלט דורכגיין צו זיך אין חדר, איז די בעל־הביתטע אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ צופרידענעם אויסזען און אים דערציילט, אַז אויף אים האָט זיך געפרעגט אַ פרוי, נאָך אַ יונגע און שיינע. די פרוי האָט געזאָגט אַז זי קומט פון לאָמזשע און איז זיין ווייב.

# 8

אין אַ נאַרעוווער האָטעלכל, ווי אַמאָל אין וואַלקעני־קער אַכסניא, זיינען ביידע געזעסן איינער קעגן צווייטן און זיך אָנגעקוקט. סלאַווע האָט באַטראַכט דעם יידן מיט די איינגעצויגענע באַקן אונטער דער צעוואָקסענער באָרד. אַמאָל אַז צמח האָט געשוויגן, האָט מען געזען גבורה אויך אין זיינע צונויפגעפּרעסטע באַקציינער; איצט קוקן אַרויס דורך זיינע האַלב־אָפענע ליפּן פאַרחלשטע ציין. דער סורדוט איז אויף אים צעקנאָדערט, אויסגעריבן אויף די עלנבויגן. די קלאַפּעס זיינען פאַרפעטסט. אַנשטאָט אַן איבערהעמד, טראָגט ער אַ וואָלענעם טלית־קטן ביז צום האַלדז. אין האַלבן שפּיגל אויף דער וואַנט קעגנ־איבער זעט סלאַווע אַז אויך זי האָט זיך געענדערט. אין אירע מויל־ווינקלען באַהאַלטן זיך קנייטשעלעך, אירע אויגן־לעפּלעך זיינען דורכגעוועבט מיט בלויע

אָדערלעך. איר האַלדז איז געוואָרן צו־דיק און איז מער ניט אַזוי פּריש. אירע האָר זײַנען נאָך בלאָנד, אָבער שיטערער און ניט אַזוי ווייך ווי פּריער. זיי זײַנען קורץ געשאָרן פון הינטן און מיט אַ שאַרפן גלײַכן ראַנד פון אַ צוגעשניטענעם טשוב איבערן שטערן. געוויס פּאַסט ניט פאַר אַ ווײַב פון אַ לערנער אַזאַ פריזור. דאָס צו מילדערן, האָט סלאַווע אויף איר בלוזקע פון ברוינעם זײַד מיט די שוואַרצע שטרײַפן צוגעשפּיליעט אַ גאָלדענע בראָש מיט דרײַ באָמבערלעך. נאָר צמח באַמערקט ניט אַפילו אויף איר אָט די פּאַרצײַטיקע צירונג. סלאַווע בײַגט אַרונטער דעם קאָפּ און קוקט אויף דער בראָש, אירע אויגן קומען זיך קאַסאָקע צונויף פון בײדע זײַטן נאָז־וואָרצל.

די באָמבערלעך דערמאָנען זי אין באַגילדעטע לײַכטער אויף אַ ווייסגעדעקטן טיש בײַם טאַטן אין הויז. אויך אירע ברידער און שוועגערינס פירן זיך שבת און יום־טוב ייִדישלעך, מיט בענטשליכט און קידוש. בײַ זײַער באַקאַנטשאַפט האָט צמח מיט זײַן אויסזען און באַנעמונג זי דערמאָנט אין איר טאַטנס היים. ער איז געווען וואָלאָדיעס חבר פון די חדר־יאָרן, האָט זי געהאַט צו אים צוטרוי. נאָר ער האָט איר צוטרוי אָפּגענאַרט און שוין יאָרן ווי זי האָט ניט קיין שבת, קיין יום־טוב. פון האַס צו איר מאַן, לאָזט דער ברודער וואָלאָדיע מער ניט אַריבער זײַן שוועל אַ ייִדן וואָס קלײַבט פאַר אַ ישיבה. וואָלאָדיע איז געוואָרן נאָך דיקער און פוילער, ער שפּילט זיך אַפילו ניט מיטן שטוב־קעצל און מיט אַ הויפן מטבעות. נאַאום איז אינגאַנצן גרוי, געוואַלדעוועט שוין ניט ווי אַמאָל און מישט זיך ניט מער אין קהלשע געשעפטן, ווײַל די אייגענע געשעפטן גייען שלעכט. „דו ווייסט ?" קוקט סלאַווע נאָך אַלץ אויף דער צוגעהעקלטער בראָש מיט די באָמבערלעך. „לאָלאַ, מײַן ברודער נאַאומס, האָט חתונה געהאַט און איז שוין אַ טאַטע פון אַ קינד. ער איז איצט אין געשעפט מיט מײַנע ברידער אַ געזעצטער סוחר. האָסט געהערט וועגן דעם ?"

צמח שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און ס'איז קענטיק אַז ער באַדויערט ניט וואָס ער האָט די משפחה־נייס ביז איצט ניט געהערט. סלאַווע זעט אין האַלבן שפּיגל אויף דער וואַנט קעגנאיבער זײַן געבויגענעם רוקן און פרעגט זיך צום וויפלטן מאָל אין איר לעבן: ווער איז אָט דער ייִד ? נאָר באַלד דערמאָנט זי זיך דעם הויכוואוקסיקן צמח מיטן שאַרפן בלײַכן פּראָפיל, מיט די שטרענג־פאַרשלאָסענע ליפּן און שוואַרצן גלי אין די אויגן וואָס קוקן אין דער נשמה אַרײַן. זי לעבט נאָך אַלץ אין פאַנטאַזיע מיט יענעם צמח פון ערשטן האַלבן יאָר נאָך זײַער חתונה.

אַ מינוט פריער האָט סלאַווע נאָך ניט געוואוסט וואָס זי וועט ריידן צום מאַן און צי זי וועט בכלל אים עפּעס זאָגן. נאָר איידער זי באַוויײַזט אַ טראַכט טאָן רעדט זיך שוין צו אים מיט כעס און אַ הייזעריקן כריפּ. זי דערמאָנט אים דעם קריג וואָס ער האָט פאַרפירט מיט איר משפחה, ווײַל לאָלאַ האָט ניט חתונה געהאַט

מיטן פֿאַרשוואַנגערן דינסטמיידל. אָבער אַז דער זעלבער לאָלאַ, איר פֿלימעניק, האָט חתונה געהאַט און פּירט אַן אָנשטענדיקן משפּחה־לעבן, דאָס אינטערעסירט ניט צמחן. לאָלאַ זאָרגט אויך פֿאַר זיין קינד פֿון סטאַסיען, דאָס קינד און די מאַמע וואוינען אין אַ דאָרף ביי אַ יידן. נאָר אויך סטאַסיע און איר קינד אינטע־רעסירן ניט מער צמחן. דאָס איינשטעלן זיך פֿאַרן דינסטמיידל איז דאָך ביי אים געווען אַן אויסרייד ער זאָל קענען אַוועק פֿון דער היים...

וואָס לענגער סלאַווע רעדט, אַלץ זיכערער ווערט צמח אַז זי איז געקו־מען נאָך אַ גט. זי וואָלט דאָך איצט אים ניט אויפֿגעוואָרפֿן אַלטע חטאים, אויב זי וואָלט ניט געקומען מיט אים זיך שיידן. סלאַווע דערמאָנט אים אַפֿילו ווי זי האָט זיך איינמאָל אינמיטן טאָג איבערגעטאָן, אים צו ווייזן ווי די קליידער פּאַסן איר. אָבער אַנשטאָט איר זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן איר קליידונג און געשמאַק, האָט ער זי גראָב אַ פֿרעג געטאָן פֿאַרוואָס זי האָט ניט קיין קינד. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס זי האָט מיט אים ניט געהאַט קיין קינד. ער וואָלט דאָך סיי ווי זי פֿאַרלאָזט און דאָס קינד וואָלט זיך באַדאַרפֿט האָדעווען אָן אַ טאַטן. און ווען זי האָט זיך ביי אים געבעטן ער זאָל ניט צעברעכן זייער צוזאַמענלעבן איבער אַ דינסטמיידל וואָס האָט זיך געוואַלגערט מיט זייער פֿלימעניק, האָט ער איר געענטפֿערט. „און דו ביסט געווען בעסער?" בעת ער האָט זי שוין געהאַט גענוג און געוואָלט צוריק אַוועק צו די מוסרניקעס, האָט ער נאָך געוואָלט זיין דער געדעכטער, דער צדיק, און האָט זי, זיין ווייב, פֿאַרגליכן מיט אַ ניט־דער־באַקענער נאַרישעוואַטער מויד וואָס האָט פֿון ערשטן באַגעגנטן בחור זיך געלאָזט אַרויפֿוואָרפֿן אויפֿן בעט.

„דאָס איז דאָס סאַמע מיאוסטע וואָס דו ביסט קעגן מיר באַגאַנגען!... הערסט עפּעס פֿון ראַניען, דעם וואַלקעניקער שוחטס טאָכטער? איך שטעל מיר פֿאָר ווי איר האָט עסביידע באַדויערט וואָס איר זייט חתונה־געהאַטע. די ראַניע האָט ניט פֿאַרשטאַנען אַז דו וואָלסט זי איבערגעלאָזט פּונקט ווי מיך. זי איז אַ פֿרוי וואָס דאַרף אַ מאַן און מער גאָרניט ווי אַ מאַן. זי איז טאַקע ניט גליקלעך ווייל איר מאַן קומט אַהיים בלויז אויף יום־טוב. נאָר דו ביסט דאָך אויך אויף יום־טוב ניט געקומען. דערצו נאָך האָט זי צוויי יינגעלעך, איז זי שוין ניט אַזוי אומגליקלעך."

סלאַווע אַליין איז צעטומלט און דערשראָקן פֿון איר אַרויסגעפּלאַצטן כעס. זי שפּרינגט אויף פֿון שטול און בלייבט שטיין קעגן מאַן אַ פֿולבליטיקע, אַ שווער־לעכע, אין אַ האַלב וואַלן קליידל וואָס שפּאַרט אַרויס אירע היפּטן. פֿון צמחס פֿאַרחידושטן בליק לייענט סלאַווע אַרויס אַז ער פֿרעגט זיך, צי זי איז עס די זעלבע וואָס האָט אים אַמאָל פֿאַרפֿירט און פֿאַרשלעפּערט מיט איר קעצישן מרוקען און בייגעוודיקן זיך דרייען אַרום אים. איר פֿאַלט איין אים צו זאָגן אַז

זי קוקט אויס נידעריקער ווייל זי טראָגט טופל מיט נידעריקע קנאָפּל. נאָר זיין פאַרפרעמדטער און פאַרוואונדערטער אויסזען פאַרקילט די וואַרעמע רייד אויף אירע ליפּן. איר קול ווערט נאָך כריפּיקער, די אויגן בייזער.

„מיינע ברידער זיינען געררעכט, זינט מיר האָבן דיך אַריינגענומען אין געשעפט האָט אַלץ גענומען גיין באַרג־אַראָפּ. די קונים וואָס דו האָסט מיט דיין זידלען פאַרטריבן, זיינען צוריק ניט געקומען. מיר האָבן אָפּגעזאָגט דיינע שוועס־טער־קינדער, די דריי ברידער אַטלאָס, מיר דאַרפן ניט מער קיין אָנגעשטעלטע. וואָס שוויגסטו, מוסרניק, דו האָסט הנאה אַז איך זידל דיך? ענטפער!"

„וואָס אַ מענטש ווערט עלטער, אַלץ מער ווערט ער ענלעך צו זיך אַליין. די יאָרן מאַכן פון אַ מענטשן דאָס וואָס ער איז," ענטפערט צמח.

„אַזוי? אין דיינע אויגן בין איך שוין אַלט? און וואָס בין איך?" פרעגט זי אין איין אָטעם.

„אַ קריגערקע, אַן עקשנטע און אַ קריגערקע. דערפאַר האָסטו מיט מיר חתונה געהאַט און דערפאַר האָסטו נאָך ביז היינט ניט גענומען ביי מיר קיין גט," רעדט ער ווי צו זיך אַליין און קוועטשט אַ פאַרוואונדערטער מיט די אַקסל. „צו וואָס דאַרפסטו מיך?"

„איך דאַרף דיך טאַקע ניט," גיט אויך סלאַווע האָסטיק אַ צי מיט די אַקסל. ס'ווילט זיך איר לאַכן אַז ער, דער מיט אַלעמען צעקריגטער, זאָגט אויף איר אַז זי איז אַ קריגערישע. זי זעצט זיך אַריין אין אַ טיפן שטול, הוידעט נערוועז מיטן איבערגעלייגטן פוס און חזרט איבער: זי דאַרף אים טאַקע ניט. ווען זי קען צוריקדרייען די ראָד פון אָפּגעלאָפענע יאָרן, וואָלט זי געוווען קליגער. איצט אָבער איז איר שווערלעך אַלץ אָנהייבן אויפסניי. און וואָס רעכנט ער ווייטער צו טאָן?

„איך רעכן יאָ אָנהייבן אויפסניי, איך וועל ווידער מאַכן אַ ישיבה, נאָר איך וועל מיט די בעלי־בתים און תלמידים זיך שוין פירן אַנדערש. אין אונדזער צייט קען מען מער ניט זיין קיין פייערדיקער קנאי. וועל איך זיין ווייכער, נאָכגיביקער..."

צמח פאַרענדיקט ניט, ער קען מער ניט אַריבערשרייען זיין אומגלייבן אין די אייגענע רייד וועגן ווידער אָנהייבן אויפסניי. אין די אויערן קלינגען אים נאָך די ווערטער, די אויסרופן און דאָס געלעכטער וואָס ער האָט געהערט הינטער דער טיר פון לאַהויסקערס קוואַרטיר. דער אַרויסגעטריבענער פון ישיבה האָט געזאָגט זיינע ישיבה־חברים אַז צמח לאָמזשער וועט לאַנג שוין ניט קענען בלייבן אין נאַרעווע פּראָווען די שטיק פון אַ בעל־תשובה. וואָס ער מיינט דערמיט האָט דער לאַהויסקער ניט אויפגעקלערט. אויך סלאַווע האָט נאָר־וואָס מיט אַזויפיל בייזן שפּאָט געפרעגט וואָס ער רעכנט ווייטער צו טאָן, ווי זי וואָלט געוואוסט אַז

ער וועט לענגער אין נאַרעווע ניט קענען בלייבן. צמח שטעלט זיך אויף און טוט אויפֿן ווייב אַ ברי מיט די אויגן.

„פֿאַרוואָס ביסטו פּלוצעם געקומען צו פֿאָרן?"

„פּלוצעם? ס'איז נאָך ניט צייט?" וויגט זי דעם פֿאַרלייגטן רעכטן פֿוס איבער דער קני פֿון לינקן פֿוס און דערציילט כּלומרשט געמיטלעך, אַז זי האָט באַקומען אַ בריוו פֿון צמחס אַ תּלמיד, משה חייט לאַהויסקער שרייבט ער זיך אונטער. האָט אָט דער משה חייט לאַהויסקער איר געשריבן, אַז ער און איר מאַן זיינען אויף מעסער־שטעך און זי זאָל קומען אים צוריקנעמען פֿון ישיבה אַהיים אָדער אַרויסקריגן ביי אים אַ גט, ווייל לאַנג וועט ער אין ישיבה שוין ניט קענען בלייבן. אַלע תּלמידים וואָס ער האָט אָפּגעריסן פֿון די עלטערן אין רוסלאַנד און געבראַכט קיין פּוילן, זיינען אויסגעוואַקסן זיינע קעגנער. וועט ער גאָר איינגיכן מוזן אַנטלויפֿן פֿון נאַרעווע מיט חרפּה, ווי מיט יאָרן פֿריער פֿון וואָלקע־ניק. האָט זי זיך אַ ביסל דערשראָקן, ער קען דאָך טאַקע פֿאַרפֿאַלן ווערן און זי איבערלאָזן אַן עגונה. ווער ווייס? צמח קען נאָך אַוועקפֿאָרן קיין לאָנדאָן און ווערן אַ מיסיאָנער. סלאַווע האָט געלאַכט און וויטער געפּלוידערט אַז זי האָט זיך דאָ מיטן בריוו־שרייבער שוין געטראָפֿן. ניין, ער איז ניט קיין אינטריגאַנט, ווי זי האָט פֿריער געמיינט. אַן אינטריגאַנט וואָלט איר ניט געזאָגט אַז זי מעג דעם מאַן דערציילן ווער ס'האָט איר געהייסן קומען צו פֿאָרן.

„דיין תּלמיד האָט מיר דערקלערט אַז דיינע אַמאָליקע תּלמידים זיינען איצט דיינע קעגנער, ווייל דו האָסט זיי געלערנט פֿיינט האָבן די וועלט און דערנאָך ביסטו אַליין אַנטלאָפֿן אין דער וועלט. איצט רעכנסטו, זאָגסטו, אָנהייבן נאָכאַמאָל אויפֿסניי און זיך שוין פֿירן אַנדערש. האָסט מיר אָבער פֿריער געזאָגט אַז וואָס אַ מענטש ווערט עלטער, אַלץ מער ווערט ער ענלעך צו זיך אַליין און אַז די יאָרן מאַכן פֿון אַ מענטשן דאָס וואָס ער איז. וועסטו דאָך אויך ניט קענען ווערן קיין אַנדערער מיט דיינע נייע תּלמידים און די בעלי־בתּים. איז אפֿשר בעסער זאָלסט צוריקפֿאָרן אַהיים?"

צמח ענטפֿערט אַז ער האָט ניט איינמאָל געטראַכט פֿון צוריקפֿאָרן אַהיים און פֿאַרריכטן זייער ביידנס לעבן. נאָר גלייך ווי ער באַגעגנט זיך מיט איר זעט ער אַז זיי וועלן אינאיינעם ניט קענען הויזן. „ווייל איך בין אַ קריגערקע, אָדער ווייל בעת דו דערזעסט מיך דערמאָנסטו זיך אין דיין ערשטער כּלה?" רייסט אים סלאַווע איבער. „דו מיט דיין כאַראַקטער און פֿירונג העלפֿסט צו אַז איך זאָל טראַכטן פֿון יענער פֿון אַמדור. שטענדיק ווען מיר טרעפֿן זיך, זע איך ווידער אײַן אַז מיר זיינען קיין פּאָר ניט." פֿאַרענדיקט צמח און גייט אַרויס פֿון צימער אַזוי שטיל ווי אַ שאָטן וואָס פֿאַלט אַרויס פֿון אַ באַלויכטענעם פֿענצטער אין טונקעלן דרויסן.

אין ערשטן אויגנבליק ווײל סלאַווע אים נאָכלויפֿן מיט אַ געשרײ אַז ער איז אַ ווילדע וואַלד־חיה, אַ מענטש גייט ניט אַוועק אָן אַ גוטן־טאָג. זי איז דאָך זײַן ווײַב און ער האָט זי ניט געזען צוויי יאָר! נאָר אַנשטאָט אים נאָכלויפֿן און נאָכשרײַען, טוט זי אַ מאָדנעם פֿאַרגנבעטן בליק צום האַלבן שפּיגל אויף דער וואַנט, ווי זי וואָלט זיך געשעמט פֿאַר דער פֿרוי אין שפּיגל מיט איר מאַנס באַנעמונג. איר שטערן רונצלט זיך, אין נעץ פֿון די קנייטשן צאַפּלען זיך זכרונות:

נאָך צמח אַוועקפֿאָרן פֿון לאָמזשע, צום צווייטן מאָל, איז זיך ביסלעכווײַז צעפֿאַלן די קליינע קאָמפּאַניע פֿון סלאַוועס פֿאַרערער. דער מעל־סוחר פּיווול סאָקאָלאָווסקי, מיטן נידעריקן פֿאַרוואַקסענעם שטערן און די ברייטע הענט ווי לאָפּעטעס, האָט איר דערעסן מיט דערציילן שטענדיק ווי קלוג און כיטרע ער איז בײַם האַנדל. האָט זי אים אָפֿן אַרײַנגעלאַכט אין פּנים, ביז ער האָט זיך געכאַפּט אַז זי האַלט אים פֿאַר אַ נאַר און ער האָט אויפֿגעהערט אַרײַנקומען. מיטן לערער האַלפּערין פֿון די העברעאישע אָוונט־קורסן איז איר אָנגענעם געווען צו זיצן און שווייגן פֿאַר זײַן קלוגן און אומעטיקן שמייכל. זי וואָלט זיך אַפֿילו מיט אים געקושט, ווען ער האָט ניט אַזאַ דינעם האַלדז מיט אַן אַרויסגעקראָכענעם גאָרגל־קנאָפּ און אַ דאַרער גאָמבע מיט אַ לויזער, שאָרסקער, בלויליכער־גלאַנציקער הויט. אויך האַלפּערין האָט ביסלעכווײַז איינגעזען אַז ער האָט גאָרניט צו דערוואַרטן און אויפֿגעהערט אַרײַנקומען. איז זי געבליבן בײַם אַקטיאָר הערמאַן יאָפּע וואָס האָט פּונקט ווי זי בלויז געזוכט צו פֿאַרטרײַבן דעם לאַנגווײַל. פֿון בענקשאַפֿט נאָך אַ גלעט און צערטל־וואָרט, האָט זיך סלאַווע צום אַקטיאָר צוגעטוליעט און אַרײַנגעקוקט אין זײַן גוטמוטיקן אָפּגעלעבטן פּנים, אָדער אים געצופּט בײַ דער גרויער נאָך האַרטער און געדיכטער טשופּרינע. איך בין דאָפּלט אַלט ווי איר, פֿלעגט ער זאָגן צו פֿאַרענטפֿערן פֿאַרוואָס ער פּרואווט ניט מער ווי זי אַ קוש טאָן. נאָר איר האָט ניט אינטערעסירט זײַן עלטער, ווי ס'האָט זי ניט געאַרט וואָס הינטער זײַן ריידן, לאַכן און חכמהן זיך איז ער אַ פּוסטער מענטש. ס'האָט זי אַפֿילו ניט געאַרט וואָס אויך ער אין איר זעט בלויז אַ גאַנץ פֿײַן און לײַכטזיניק ווײַבעלע. צולעצט האָבן די אַמאַטאָרן פֿון לאָמזשער ליבהאָבער־טעאַטער זיך צעקריגט און זייער רעזשיסאָר הערמאַן יאָפּע איז אַוועקגעפֿאָרן.

די טעג פֿון איר לעבן האָבן גענומען גיין איינטאָניק און פּאַמעלעך ווי אַ שיטערער האַרבסטיקער רעגן. זי וואָלט שוין צופֿרידן געווען מיט אַבי אַ מאַן. לאָמזשער יונגעלײַט האָבן אָבער אין איר נאָך אַלץ געזען די צעבאַלעוועטע גבירישע טאָכטער וואָס האָט זיך צוגעקליבן אַ מאַן פֿון אַ ווילד־פֿרעמדער סביבה, בלויז כּדי צו זײַן אַנדערש פֿון אַלעמען. סלאַווע האָט אירע באַקאַנטע ניט געוואָלט דערציילן אַז זי האָט חרטה און נאָר ווײַל זי איז ניט אַזוי לײַכטזיניק

ווי מען מיינט, קען זי זיך ניט שיידן מיטן מאַן וואָס זי האָט איינמאָל ליב באַקומען. זי האָט אַרום זיך אויך ניט געזען אַזאַ פּשוטן און פיינעם מענטשן ס'זאָל צוליב אים זיך לוינען אָנצופאַנגען אויפסניי. איז זי געוואָרן פויל, אָפּגעלאָזט, האַלבע טעג אָפּגעלעגן אויף דער קאַנאַפּע און געבלעטערט זשורנאַלן אָדער געלייענט אַלטע בריוו, ביז פאַרנאַכט אַרומגעשלאָנדערט אין שטוב אין די שטעקשיך. די ברידער האָבן זי געמינטערט זיך דורכצופאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווילנע אָדער וואַרשע. אין אַ גרויסער שטאָט קען זיך גיכער מאַכן אַ צוגעפּאַסטער שידוך און זי וועט זיך אָפּבינדן פון איר מוסרניק. זי אַליין האָט עס אויך געוואָלט. נאָר איטלעך מאָל ווען זי האָט גענומען טראַכטן פון פאָרן, האָט זיך אין איר אויפגע־וועקט דער כעס קעגן מאַן; און גראָד דער כעס קעגן מאַן האָט זי אַרומגעצוימט מיט אייזערנע קראַטן, זי זאָל זיך ניט קענען אַרויסרייסן פון איר פּרייוויליקער תפיסה. אַהאַ, ווען זי ווייס אַז ער גייט אויס אין דער פרעמד פון בענקשאַפט נאָך איר! דעמאָלט וואָלט זי זיך גענומען אַבי וועמען פאַר אַ געליבטן און הנאה געהאַט וואָס זי נאַרט אים אָפּ, דעם בערדיקן מוסרניק. אָבער ווייל זי האָט געוואוסט אַז זי פעלט אים ניט אויס, האָט זי ניט געהאַט קיין כוח אים אָפּצוטאָן און אויך ניט זיך אַרויסצורייסן פון לאָמזשער פאַרוואָרפעניש. ס'האָט באַדאַרפט אָנקומען דער בריוו פון אָט דעם משה חייט לאָהויסקער, כדי זי זאָל ענדלעך באַשליסן אַרויסצופאָרן. האָט צמח זי באַגעגנט נאָך קעלטער ווי אין וואַלקעניק, זי איז שוין פאַר אים אַן אַלטע יידענע. אַזוי גלאַט וועט עס אים ניט אָפּגיין. זי וועט אים דאָ אָפּשפּילן אַזאַ שפּיל אַז ער וועט מער ניט טראַכטן פון איר ווי פון אַן אַלטער יידענע. זי האָט גוט באַמערקט דעם רושם וואָס זי האָט געמאַכט אויף צמחס אַמאָליקן תלמיד, אויף אָט דעם משה חייט לאָהויסקער.

## 9

**אויפן וועג צום וואַלד** שפּאַצירט סלאַווע מיטן לאָהויסקער און דעם ווילנער. דער קאָטקענער קראַגן פון איר העל־גרויען מאַנטל ליגט אַרום איר האַלדז ווי אַ קאַץ. אַ פוטערן היטל מיט אַ ברייטן ראַנד זיצט אָנגערוקט איבער איר לינקער שלייף. זי וויגט מיטן האַנטבייטל און שטעלט געמאָסטענע טריט אין די האַלבע באָטן. יעדע ווייל בלייבט זי שטיין און קוקט זיך אַרום, ווי זי וואָלט נאָך אַזאַ שיינע לאַנדשאַפט ניט געזען. אויך דער לאָהויסקער שטעלט זיך כסדר אָפּ און קוקט זיך אַרום. זיין קליידונג איז אָרעם, זיין אויסזען איז פון אַן עלנטן קלויזניק. דאָך גליט זיין פּנים פון גליק און נצחון, אין דער האָפענונג

אַז נאַרעוועך בעלי־בתים און ישיבה־לייט וועלן אים אפשר באַגעגענען מיטן בעל־תשובהס ווייב.

אָבער חייקל ווילנער פילט ווי דער שוויס פּרירט אים אויפן שטערן. ער האָט מורא אויפצוהייבן דעם קאָפּ און זיך טרעפן מיט די בליקן פון פאַרבייגייער. אינמיטן טאָג האָט ער אויף די אויגן פון גאַנץ נאַרעוועך זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר מיט אַן אשת־איש. געשען איז עס דורך אַ צופאַל. ער איז אַריין צום לאָהויסקער און דאָרט אין דער ענגער, אָפּגעלאָזטער, טוכלער קאַנורע געטראָפן די שיינע רביצן. זי האָט אים אָנגעקוקט פריינדלעך־בייגעריק און ער האָט אויסגערופן אַז ער קען זי נאָך פון וואַלקעניק. מסתמא האָט ער עס אַרויסגעזאָגט זייער אַ דערפרייטער, וואָרום אויך זי האָט אים געענטפערט אַ דערפרייטע: יאָ, יאָ, זי דערמאָנט זיך. די רביצן האָט אים דערלאַנגט די האַנט און געפרעגט צי ער וויל מיטגיין אויף אַ שפּאַציר צום וואַלד. זי האָט דערציילט אַז ביים אַריינפאָרן אין נאַרעוועך האָט זי געזען אַז דער וואַלד איז נאָך פול מיט שניי און זי האָט ליב פאַרשנייטע ביימער. דערביי האָט זי אים אָנגעקוקט מיט אַ געלעכטער, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען אַז ער האָט ניט קיין מוט צו גיין מיט אַ פרוי אין גאַס. געוויס האָט דער לאָהויסקער גאָרניט געוואָלט ער זאָל מיטגיין, נאָר געזאָגט האָט ער. „איר שעמט זיך? איר האָט מורא?“ און חייקל איז מיט־געגאַנגען, ניט אויסצוזען אין אירע אויגן אַ באַנקקוועטשער, אַ כניאָק.

דער שניי אויפןברייטן שליאַך איז געלבלעך, איינגעטראָטן און צעטאָפּטשעט פון וועגענער, פוסגייער. אָבער אין וואַלד קעגנאיבער לויכט נאָך דער שניי בלאַנק און פריש. סלאַווע קוקט אויף די ווייס־פאַרפּעלצטע נאָדל־ביימער אַ פאַרגאַפטע און פאַרבענקטע, ווי זי וואָלט צווישן זיי אָפּגעזומערט אירע יונגע יאָרן. „איר געדענקט?“ דרייט זי זיך אויס צו חייקלען. „אויך הינטער וואַלקעניק איז דאָ אַ גרויסער און געדיכטער וואַלד, אויך אין וואַלקעניק בין איך געקומען ווינטער־צייט. איר ווייסט? איר האָט זיך דורך די פּאָר יאָר שטאַרק געביטן. אין וואַלקעניק האָט איר אויסגעזען נאָך גאָר אַ יונג בחורל.“

לויט איר וואַרעמען בליק און אייבערשטער פאַרשאַרצטער ליפּ, דאַכט זיך חייקלען אַז ווען דערביי איז ניטאָ דער לאָהויסקער, וואָלט זי אים געזאָגט גאָר אַן אַנדער געהיים און פאַרטרוילעך וואָרט. אין אויגנבליק פאַרגעסט ער זיין שרעק וואָס מען וועט זאָגן אין ישיבה און ער טוט אַ קוק אויפן וואַלד מיט אַ פּאָר אויסגעוואַשענע אויגן. די אייבערשטע צווייגן פון די סאָסנעס פינקלען ווי זילבערנע הענגלייכטער; די אונטערשטע צווייגן, שוין באַפרייטע פון שניי, לויכטן מיט פייכטע גרינע נאָדלען. געקאַרבטע דיקע שטאַמען פון הויכע צעוואַקסענע קליאָנען קריכן פון וואַלד־טיפעניש אין מאָכיקע שטיוול. דאָ און דאָרט האָבן אַלטע דעמבעס אָפּגעדעקט זייערע אָנגעקוואָלענע וואָרצלען, ווי באָרוועסע פיס

מיט צעשפּרייטע צעפּאַרעטע פינגער. אייזצאַפּנס טריפן אין זונשיין ווי חלבנע ליכט, פאַרפראָרענע קוסטעס צעשמעלצן זיך אין גלי פון שטראַלן. אויף אַ פלאַכן שטיק באָדן, אָפּגעקערט פון שניי דורכן ווינט, שפּרייט זיך דאָס פאַראַיאָריקע געלבלעכע גראָז, רויט־ראָסטיקע מאָך־טעפּעכער. דאָך איז דער וואַלד נאָך אַלץ באַגוועלטיקט פון ווינטער, געקאָוועט אין אייז און שטילשווייגן.

„דער וואַלד," זאָגט חייקל, „זעט אויס ווי אַ גרויסער טעמפּל מיט טויזנטער קרישטאָלענע הענגלייכטער, אַ סודותדיקער טעמפּל וואו מען קען אַריינגיין, נאָר ניט אַרויסגיין. און וואָס טיפער מען גייט אין דער געדיכטעניש אַלץ מער איז מען זיכער, אַז ערגעץ אויף אַן אָפּגערייניקטן פּלאַץ שטייט אַ גאָלדענער מזבח און די זון ליגט אויפן מזבח ווי אַ פייערדיקער לייב."

„וועגן פייערדיקן לייב אויפן מזבח ווייס ער פון די ספרים און וועגן טעמפּל האָט ער געלייענט אין ביכער, אָדער געזען אויף אַ בילד, אָדער אַליין צוגעטראַכט," לאַכט דער לאָהויסקער מיט אַן אויפגעפּראַלט מויל וואָס ציט אויס זיין לאַנג פּנים נאָך לענגער. „אין נאַרעווער ישיבה פון די נאַוואַרעדקער מוסרניקעס זעט מען קאַפּאָטעס פאַרשמאָלצענע, ציצית פאַרגעלטע, בערד און פאות צעפלויגענע, אָבער ניט קיין קרישטאָלענע הענגלייכטער, ניט קיין גאָלדענעם מזבח."

די שיינע רביצן שענקט דעם לאָהויסקער אַן אַנטציקטן בליק פאַר זיין קלוגשאַפט און צו חייקלען שמייכלט זי מיט אַ פול מויל בלאַנקע ציין. זי פרעגט די לערנער צי זיי האָבן נאָך ניט פאַרגעסן ווי מען וואַרפט זיך מיט שניי־קוילן. נאָך איידער זיי ענטפערן, שפּרינגט זי אָפּ אויף אַ מהלך אָנצוהייבן די שפּיל. ביידע באַגלייטער בלייבן שטיין און קוקן אין דער זעלבער צייט אַרונטער אויף זייער נעבעכדיקן ישיבה־בחורשן הילוך.

„איר זייט זיכער אַז זיי וועלן זיך גטן?" פרעגט חייקל אינדערשטיל און אין דער רגע פאַרליאַפּעט אַ שטיק צונויפגעקנאָטענער שניי זיין צורה. „וואָס איז אייך דער חילוק?" מרוקעט דער לאָהויסקער און אויך אים טרעפט אַ הויפן שניי גלייך אין פּנים.

אַ דערפרייטע וואָס זי קען נאָך צילן און טרעפן, לאַכט סלאַווע און בייגט זיך ווידער אַרונטער צו פאַרקנעטן אַ נייעם הויפן. זי פאַרפּלאָנטערט זיך אין איר ברייטן מאַנטל, אָדער פאַלט אום מיט אַ כיוון. „העלפט מיר אויפשטיין," פּילדערט זי צו די צוויי ישיבה־בחורים וואָס שטייען ווי אַריינגעזעצטע פּלעקענער. דער ערשטער טוט אַ שפּריז חייקל און דער לאָהויסקער גייט אים נאָך. ביידע העלפן איר זיך אויפשטעלן און זי באַפּעלט זיי אָפּטרייסלען דעם שניי פון איר מאַנטל. זי גיט חייקלען האַלטן איר האַנטבייטל און בייגט זיך אײַן פאַרריכטן די לויזגעוואָרענע זאָקן. די רביצן דרייט מיטן געטאָקטן פוס און קלאָגט זיך אַז דער שניי איז אַריין אין אירע שיך. זי שטרעקט אויס דעם רעכטן פוס צום לאָהויסקער,

ער זאָל אַראָפּציִען דעם באָט און אויסטרייסלען, כּדי ניט אומצופאַלן, האַלט סלאַווע זיך מיט אַ האַנט אין חייקלס אָרעם און ער קוקט אויף אירע פינגער אין דער הענטשקע אַזוי אויסגעהונגערט ווי ער וואָלט בדעה געהאַט זיי אַריינצוכאַפּן אין זיינע ציין. דער לאָהויסקער האָרעוועט לאַנג און שווער ביז ער ווערט פאַרטיק. מיט אויסטרייסלען דעם שניי פון לינקן באָט איז זי מכבד דעם ווילנער און בעת מעשה שפּאַרט זי זיך אָן אויף דעם לאָהויסקער, וואָס שטייט ווי אַ סלופּ, האָט אַפילו מורא צו אָטעמען. אויך חייקל פּלאָנטערט מיט די הענט געווג לאַנג און אומגעלומפּערט ביז ער רייניקט אויס און טוט איר צוריק אָן דעם באָט. זי טרייסט אים אָבער. „איר מאַכט עס גאַנץ געשיקט ווי איר וואָלט עס געטאָן ניט דאָס ערשטע מאָל.“

סלאַווע פאַרשפּיליעט דעם מאַנטל און לאָזט זיך מיט אירע באַגלייטער צוריק אין שטאָט. זי ווערט גיך מיד פון גיין, שטעלט זיך אָפּ און דרייט אויס צו חייקלען איר אויסגעלאָשן פּנים. „אייער חבר האָט מיין מאַן זייער פיינט. און וואָס זאָגט איר? איר האָט דאָך ביי אים געלערנט אין וואַלקעניק, דאַרפט איר דאָך אים קענען.“

מיט אַ הויכן בלאַסן שטערן און פאַרצויגענעם טרויער אין די אויגן וואַרט סלאַווע אויפן ענטפער. חייקל וויל זיין וואַלקעניקער מנהל ניט באַריידן, ענטפערט ער אַז ר׳ צמח איז אַן איש אמת. פון איין זייט איז עס אַ חסרון, ווייל זאָגן יעדן וואָס מען קלערט וועגן אים, ברענגט צו מחלוקת. פון דער אַנדערער זייט איז עס אַ גוואַלטיקע מדרגה ווען אַ מענטש איז גרייט אַלץ איינצושטעלן פאַרן אמת. אויך משה חייט פאַרשטייט אַז ס׳איז ניט שיין וואָס ער באַרעדט צמח לאָמזשער פאַרן ווייב, אויב אַפילו זי איז געקומען מיט אים זיך גטן. דאָך קען משה חייט ניט ביייקומען די שנאה צו זיין געוועזענעם ראש־הוועד און נעמט זיך קאָכן: דער ווילנער איז אַ פאַנטאַזיאָר, ער באַהאַלט דעם קאָפּ אין זאַמד ווי אַ שטרויס־פויגל, כּדי ניט צו זען ווי די זאַכן זעען אויס אויף דער וואָר. אַלץ וואָס צמח אַטלאַס האָט געטאָן, פון אַוועקנעמען ייִנגלעך ביי די עלטערן אין רוסלאַנד ביז זיין פּלאַן צו פאַרברענען די וואַלקעניקער ביבליאָטעק, ביז זיין וואַלגערן זיך אין אַמדור אין בלאָטע כּדי אַרויסצוקריגן אַ מחילה פון אַ פאַרדריפּעטן קליינ־שטעטלשן ייִדן — דאָס אַלץ זיינען מעשים פון אַ מענטשן וואָס האָט ליב אַוואַנטורעס און לעבט אויף אַוואַנטורעס.

„אַ מענטש וואָס האָט ליב אַוואַנטורעס איז אָן אַחריות, בעת ר׳ צמח איז אַ מענטש פון גרויס אַחריות. אַפילו דער מחזה־אברהם וואָס האָט אים געהייסן דערווייטערן פון וואַלקעניקער ישיבה, האָט מיר געזאָגט אַז ר׳ צמח איז אַן אדם גדול,“ צעהיצט זיך אויך חייקל און דערציילט דער לאָמזשערקע ווער ס׳איז דער מחזה־אברהם. סלאַווע הערט זיך צו מיט האַלב־אָפּענע וואַרעמע ליפּן און גינציקע

בליקן, גרייט אַרומצוגעמען דעם ווילנערס קאָפּ און אים אויסקושן פֿאַר זיינע ווערטער. חייקל באַמערקט עס און דערפֿילט אַ קלעמעניש אין האַרצן. אים פֿאַר־דריסט פֿונדעסטוועגן וואָס די שיינע רביצן קריגט אַזאַ באַגליקט פּנים ווען זי הערט גוטס וועגן איר מאַן.

ביים אַריינקומען אין נאַרעווע באַדאַנקט סלאַווע די באַגלייטער פֿאַרן שפּאַציר און זעגנט זיך מיט זיי. „קומט אַריין,“ שמייכלט זי צו חייקלען. „און איר אויך,“ טוט זי אַ שאָקל מיטן קאָפּ צום לאַהויסקער. איר פֿריערדיקע מידקייט איז פֿאַרשוואונדן, זי גייט מיט אַ לייכטן געשיקטן טראָט פֿון אַ יונג מיידל, וויגט מיטן האַנטבייטל, מיט די אַקסל, און ביידע ישיבֿה־בחורים קוקן איר נאָך מיט אָפֿענע מיילער. ערשט ווען זי דרייט זיך אַריין אין אַ געסל זאָגט חייקל אַרויס אויפֿן קול זיין מחשבֿה.

„עפּעס זעט מיר ניט אויס אַז זי זאָל זיך האַלטן ביים גטן מיטן מאַן.“

„צי זי וועט זיך מיט אים יאָ אָדער ניט גטן — אייך וועט פֿון דעם גאָרניט אַרויסקומען,“ קוקט דער לאַהויסקער אַראָפּצו און גראָבט מיטן שפּיץ שוך אין דער ליימיק־בלאָטער ערד וואָס דער פֿרילינג האָט צעווירט. „ווי איך פֿאַרשטיי, וועט איר צו איר אַריינגיין. גייט, גייט. איך ווייס נאָך ניט צי איך וועל אַריינגיין.“

אין פֿאַרשלומפּערטן באַשפּריצטן מאַנטל, לאָזט זיך דער לאַהויסקער גיין מיט אַ פֿוילן גאַנג און געבויגענעם קאָפּ צו זיין ענגן און טונקלען שטיבל אין לאַנגן, קאַלטן, געדרייטן קאָרידאָר פֿון אַלטן טויבן פֿאַרפֿאַלק. חייקל קוקט אים נאָך און אויך אים איז ניט פֿריילעך אויפֿן האַרצן. ער שעמט זיך צוריקגיין אין בית־מדרש און זיך באַווייזן אין קיך צום עסן. ער ווייס ניט אַפֿילו ווי ער וועט קוקן אין פּנים די חבֿרים אויף דער סטאַנציע.

# 10

**אין אַ יאַקל אַן אַרבל** און מיט אַ גרויסן האַלדז־אויסשניט, זיצט סלאַווע ביים טיש, דעם קאָפּ צווישן ביידע באַקעטע פֿולע אָרעמס ווי אין אַ פֿליישיקן בייגל. זי בייסט מיט די ציין איר שטייפֿן מוסקול און קוקט אויף דער הויכער, שמאָלער, גלעזערנער כּלי פֿאַר בלומען. דער ווירט האָט די וואַזע אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש אין חדר פֿון דער רייך־געקליידטער פֿרוי, כּדי זי מיט עפּעס אויסטיילן פֿון די אַנדערע געסט אין זיין איינפֿאַר־הויז. סלאַווע וואַרט אויף חייקלען, ער קומט בייטאָג און דער לאַהויסקער קומט אין אָוונט. זי דערוואַרט ביידן יעדן טאָג, כּדי צו זען אַז זי ווירקט נאָך אַלץ ווי אַ

פרוי. איר געפעלט אויך וואָס די צוויי בחורים,ביידע ייִנגער פון איר, קאָנקורירן צווישן זיך. זי פרייט זיך נאָך מער וואָס איר אויפפירונג פאַרשאַפט חרפּות דעם מאַן. זאָל ער זיך שעמען און קומען מאַכן סקאַנדאַלן, דאָס איז דאָך דער איינציקער וועג ווי אים צווינגען צו קומען.

חייקל קומט און סלאָווע קוקט זיך צו אים צו בעסער ווי אין די פריערדיקע טעג. זי געפינט אויס אַז זיין דיקלעכע פיגור מיט די ברייטע פּלייצעס שטימט ניט מיט זיינע קליינע הענט און ליפּן. ער רעדט הויך און היציק, ער זעט אויס אויסגעמאַטערט פון צופיל בחורשן כוח, זיינע אויגן אָבער לויכטן בלוי און פאַר־טרוימט. סלאָווע באַטראַכט חייקלס פרום־פאַרוואַקסענע באַקן, מיט אַ וויכער בלאָנדער שנור־באָרד, און זיינע שטאַרקע תאוותדיקע ציין. זי דערקענט אַז ער איז בייז אויף זיך אַליין הלמאי ער קומט צו איר. „לויט אייער אויסזען זייט איר עלטער פון צוואַנציק, אָבער אָפּטמאָל דאַכט זיך מיר אַז איר זייט נאָך גאָר אַ יינגל," צערטלט זי אים מיט אירע גרויסע שיינענדיקע ווייסלען. „אייער חבר, דער לאָהויסקער, איז אַ קלוגער, אמת?"

„קלוגשאַפט איז ווי זאַלץ, גוט און נייטיק ווי אַ צוגאָב צו עפּעס, ניט פאַר זיך אַליין," ענטפערט חייקל מיט רוגזה וואָס זי דערמאָנט שטענדיק דעם לאָהויסקער.

איר געפעלן זיינע אָפענע שאַרפע ענטפערס. ער רעדט ווי אַ יונגער צמח, כאָטש צמח אַליין איז דאַכט זיך קיינמאָל ניט געווען יונג. סלאָווע שטעלט זיך אויף און ניט טראַכטנדיק גיט זי חייקלען אַ גלעט איבערן פּנים. אירע נאַקעטע אָרעמס מיט די שטייפע מוסקולן גיבן אים אַ בלענד פאַר די אויגן. אַ רגע גלאָצט ער אויף איר פולער ברוסט פון הינטער איר אויסגעשניטענעם יאַקל און טוט זי אַ כאַפּ אַרום מיט ביידע הענט ווי מיט צוואַנגען. ער דריקט זיך צו איר צו מיט די קני און מיטן ברוסטקאַסטן. זיין אָטעם בריט איר פּנים, זיינע ציין פאַרהאַקן זיך ווי אַ פּייער־קאַסע, פון קעל רייסט זיך אים אַרויס אַ געכראַפּע. נאָר אַז די פאַרפירערישע רביצן שטופּט אים אָפּ פון זיך, לאָזט ער זיך אָפּשטופּן.

סלאָווע פילט אַ ציטערניש אין די קני און אין די עלנבויגנס. איר פּנים גליט טונקל, ווי צוגעשטיקט פייער אונטער קוילן. זי שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע וויעס, טאַפּט איר היובן שטערן און שוידערט עטלעכע מאָל אָפּ מיטן גאַנצן גוף. זי טשוכעט זיך פון דער זיסער שיכרות, דאָס האַרץ אין איר קלעמט פאַרטייעט אויף די פאַרלאָרענע יאָרן אָן ליבשאַפט און אָן געזעטיקטע גלוסטן. אָבער ווען זי טוט אַ קוק אויף חייקלען, צעשמייכלט זי זיך פון זיין נעבעכדיקן אויסזען. ער שטייט אָפּהענטיק און איבערגעשראָקן זי זאָל אים ניט אַרויסטרייבן. „טוט אויס דעם מאַנטל און זעצט זיך," באַפעלט זי אים. ער זיצט שוין אין שטול און זי שמייכלט נאָך אַלץ, וואָרנט אים מיט אַ פינגער. זיי זאָלן איינער דעם

צווייטן קענען קוקן אין די אויגן, וויל זי זיין פירונג פאַרגלעטן דורך פאַרוואַנדלען עס אין אַ ליבלעכער שטיפעריי צווישן אַ יינגל און זיין עלטערער שוועסטער. זי הייסט אים זיצן אַרטיק און דערציילן וועגן זיין היים, אָדער ער זאָל ריידן וועגן וואַלד אַזוי שיין ווי אַנומלט. איצט זעט זי אַז ער איז טאַקע אַ פּאָעט, ווי משה חיים לאַהויסקער זאָגט וועגן אים. אפשר וויל ער פאַרלייענען זיינע לידער? שרייבט ער אויך וועגן פרויען? און וועגן איר וועט ער שרייבן?

אין אָוונט קומט דער לאַהויסקער. סלאָווע האָט איר צימער אין נאַרעווער אכסניא איינגעאָרדנט געמיטלעך ווי אין איר לאַמזשער וואוינונג. אויפן טיש שטייט אַ לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור וואָס באַלויכט בלויז דאָס פּנים, בעת אַלץ אַרום זינקט אין נאַכטיקער פינצטערניש און אויף די פיס ליגן שאָטנס ווי אַ וואַרעמער צודעק. זי טראָגט אַ טונקל־בלוי קלייד, די אַרויפגעקעמטע האָר איבער איר שטערן לויכטן, ווי זי וואָלט נאָר־וואָס אַריינגעקומען פון אונטער אַ לייכטן פרילינגדיקן רעגן. מינוטנווייז פילט זי נאָך אין איר לייב דעם שטורעם וואָס חייקל האָט בייטאָג פאַנאַנדערגעוויגט. אָבער דער אָוונט־גאַסט איז אַן אַנדער סאָרט בחור און ער זעט איר אויס קאָמיש ביז רחמנות מיט זיין פלייסן זיך אויסצוזען וועלטלעך.

ביים אַריינקומען טוט דער לאַהויסקער אויס דעם קאַפּעליוש און לאָזט אים ניט אַרויס פון האַנט, ביז סלאָווע ווייזט ניט אָן וואו ער קען דעם קאַפּעליוש אַוועקלייגן. וויפל מאָל זי האָט דעם גאַסט שוין ניט געבעטן אויסטאָן דעם מאַנטל, נעמט ער דעם מאַנטל ניט אַרונטער, ווי ער וואָלט אַריין פאַרבייגייענדיק בלויז אויף אַ פּאָר מינוט. זיין פּנים איז שלעכט ראַזירט און מיט פרישע שניטן, ווי ער וואָלט זיך געגאָלט אין איילעניש, אָדער ווייס נאָך ניט ווי זיך צו באַנוצן מיט ראַזיר־מכשירים וואָס זיינען על־פּי־דין פאַרבאָטן. ער האַלט אין איין זידלען די מוסר־ספרים. סלאָווע איז אַזש דערשטוינט פון זיין פיינדשאַפט צו ספרים ווי צו לעבעדיקע שונאים:

פון חובת־הלבבות האָט זי דאָך געוויס געהערט... זי האָט ניט געהערט? אַ וואונדער אַז איר מאַן האָט איר ניט דערציילט וועגן אָט דעם ספר. זיינע צען שערים, דאָס הייסט, די צען טויערן וואָס פירן אַרויף צו גאָט, זיינען ביי די מוסרניקעס הייליק, כמעט אַזוי ווי די צען געבאָט פון באַרג סיני. שרייבט אָט דער חובת־הלבבות: אָחי, ברודער מיינער, זאָג זיך אָפּ. קודם־כל זאָלסטו זיך אָפּזאָגן פון וואָס מען טאָר ניט. אַ פרעמדע פרוי, למשל, זאָל דיר זיין אַזוי עקלדיק ווי שרצים ורמשים. מייז וואָלסטו געגעסן? אַקוראַט אַזוי זאָלסטו ניט וועלן זיך אָנרירן צו אַ פרעמדער פרוי. דערנאָך זאָלסטו זיך אָפּזאָגן פון דעם וואָס על־פּי־דין מעגסטו יאָ, וויבאַלד אָבער דאָס איז דיר ניט נייטיק אויף דער־האַלטן דאָס לעבן, טאָ זאָג זיך אָפּ, אָחי, ברודער מיינער. און לסוף זאָלסטו

זיך אויך צוגעוואוינען פּאַסטן כאַטש איינמאָל אין דער וואָך, אַחי, ברודער מיינער.

„אויך פרומע יידן האָבן דאָך ווייבער און קינדער," זאָגט די שיינע רביצן. „מיט דער אייגענער פּרוי מעג מען דאָך."

„מעגן מעג מען, נאָר ס'איז אָך און ווי צו יענעם וואָס טוט עס פון זיין הנאה וועגן," לאַכט משה חייט מיט אַ משונהדיקער נקמה־פרייד. אין די הייליקע ספרים שטייט געשריבן, דערציילט ער איר, אַז בעת אַ ייד קומט צום ווייב זאָל ער חלילה ניט אויסן זיין די הנאה פון אייגענעם גוף; די מצווה פון פּריה־ורביה זאָל ער אויסן זיין, דאָס קינד זאָל אַרויסקומען קלאָר און פריש זאָל ער אינזינען האָבן. אויב אָבער ער קען פאַרט ניט מכוון זיין לשם שמים און ער האָט וויטער חשק צום ווייב, זאָל ער זיך דערמאָנען אַז ער איז אַ טיפּה־סרוחה, אַז ער וועט גיין אין דער ערד אַריין וואו עס שווימלט און גריבלט מיט ווערעם, און אַז זיין נשמה וועט זיך דאַרפן שטעלן צום משפּט פאַרן מלך מלכי המלכים הקדוש־ברוך־הוא. טאָמער זעט ער אַז אָט דער חשבון העלפט אויך ניט, טאָ זאָל ער זיך דערמאָנען וואָס דער חכם מכל אדם און קייסער פון טויזנט ווייבער האָט גע־זאָגט. גיב ניט אָפּ דיין כוח צו פרויענצימער, האָט ער געזאָגט. ווי איז אָבער אַז ער קען פאָרט ניט כובש זיין דעם טרייפענעם יצר־הרע צו דער אייגענער כשרער יידענע, זאָל ער זיך דערמאָנען וואָס די גמרא זאָגט, וואָס די דאָקטוירים זאָגן, וואָס אַלע גוטע און פרומע לייט זאָגן. פון צופיל תשמיש־המיטה, זאָגן זיי, שפּרינגט אַרויף די עלטער פאַר דער צייט, פון די אויגן בעמט טריפן, די וויעס און די ברעמען פאַלן אויס, די האָר און די ציין פאַלן אויס. דאָס אַלץ זאָל ער זיך דערמאָנען אויב ער גלוסט צום אייגענעם ווייב, ניט פון מצווה וועגן. נאָר אויב די אַלע תוכחות העלפן אים פאָרט ניט, און די ביינער ברעכן אים פון קרייץ און נידעריקער, און וויפל ער זאָל זיך ניט פאַררייזן וועגן אַנדערע זאַכן האָט ער אומריינע מחשבות — איז פאַרפאַלן, פאַרפאַלן, זאָל ער שוין בעסער גלוסטן צום אייגענעם ווייב איידער צו פרעמדע. ס'איז דערביי אַפילו אַ שטיקל מצווה. ער מעג. איז אַ וואונדער וואָס צווישן די מוסרניקעס דרייען זיך אַרום אַזויפיל משוגעים און מרה־שחורהניקעס?

„דאָס איז אמת אַז אַ מוסרניק איז אַ מרה־שחורהניק. ווי הויך ער זאָל ניט לאַכן, לאַכט ער נאָר מיטן קול, ניט מיטן האַרץ און ניט מיט די אויגן," רופט אויס סלאַווע, ווי איר וואָלט פּלוצעם פאַרענטפערט געוואָרן אַ לאַנגיאָריקע רעטעניש. „מיר דאַכט זיך אויך אַז מען קען זיין אַ מוסרניק און דערביי ניט זיין קיין פרומער, אמת?"

„מען קען אַפילו זיין אַ מוסרניק אַן אַפּיקורס," ציט משה חייט שווער דעם אָטעם. „אַ מוסרניק דאָס איז אַ מענטש וואָס פילט זיך זינדיק און קען דערפאַר ניט הנאה האָבן פון לעבן."

„אייער חבר חייקל רעדט ניט וועגן ספרים, ער רעדט זייער שיין וועגן דער נאַטור. ווי מיר דאַכט זיך, קען ער יאָ הנאה האָבן פון לעבן און פילט זיך ניט זינדיק, כאָטש ער איז אַ מוסרניק.“

„חייקל ווילנער אַ מוסרניק? דערווייל איז ער נאָך אַ יונג פון די ווילנער יאַטקעס, אַ פליישיקער בעל־תאווה. נאָר אים פּאַסט ניט אין דעם זיך מודה זיין, רעדט ער פון וואַלד און פייגל, דער פּאָעט. אָבער די נאַוואַרעדקער לערנער האָבן אין אים שוין פאַרזייט זייערע קערנער, וועלן אין אים וואַקסן דערנער... איר זעט? אויך איך קען ריידן אין גראַמען, אויך איך בין אַ פּאָעט,“ לאַכט דער לאַהויסקער און דערציילט אַז ריידן אין גראַמען האָט ער זיך אויסגעלערנט פון די מוסר־ספרים.

סלאַווע פּילט אַ טעמפּן וויטאָג אין די שלייפן און קוקט מיט אַ פּאָר פאַר־נעפּלטע אויגן פון אַ ניט־אויסגעשלאָפענעם מענטשן. זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר דער לאַהויסקער רעדט שוין ווידער, ער צעשאָקלט זיך און נעמט מרה־שחורהדיק אויסזינגען — ווידער פון אַ מוסר־ספר.

„די כבודה בת מלך פנימה, דאָס הייסט, די נשמה מיינע, איז אַ געגנבעטע פּרינצעסין פון די אייבערשטע וועלטן, און זי קען ניט פאַרגעסן די געטלעכע געצעלטן. און זי, די בת־מלכה די צאַרטע, פּייניקט זיך נעבעך אַ פאַרשפּאַרטע אין דער פליישיקער תפיסה, און זי דערמאָנט זיך איר הויכן אָפּשטאַם פון די מלאכים די זיסע. עפּעס אַ קלייניקייט! און זי וויינט זייער און זייער ווי אַן אלמנה אין אַ שוואַרצן שלייער. וואָס טוט זי דאָ! וואָס טוט זי דאָ! די נשמה מיינע, די צאַרטע הימלשע אינדיק, איז געוואָרן דער שעיר־לעזאזל, דער שוואַר־צער באָק וואָס מוז נעבעך אין מדבר פאַרשווינדן. און אויף אָט דער האַרטער געקוועטשטער עברי פון מליצה־שרייבער האָט אייער מאַן מיך געצוואונגען פּטרן מיינע יונגע יאָרן. איך ווייס ניט אויב צמח לאַמזשער, אייער שפּעטערדיקער מאַן, האָט דעמאָלט אַליין געגלייבט אין אַ נשמה און צי ער גלייבט היינט. נאָר פון מיר האָט ער פאַרלאַנגט אַז איך זאָל זיך פאַסמאַקעווען מיט די געבראָכענע פּסוקים פון שבת־נאָכן־טשאָלנט־ספרל בחינת־העולם, מיט די קאַלאַמבורן פון לשון נופל על לשון, ווי צוויי שיכורים וואָס פאַלן אַרויף איינער אויפן צווייטן...“

„הערט שוין אויף!“ גיט סלאַווע אָפּגעשלאָפּט אַ געשריי. „פאַרוואָס קענט איר עס ניט פאַרגעסן? איר זייט דאָך פון דער ישיבה און פון די מוסר־ספרים שוין אַוועק!“

„איך בין נאָך ניט אַוועק, די מוסר־ספרים האָבן מיר צופיל געקאָסט איך זאָל זיי קענען פאַרגעסן. איך גריבל זיך אין זיי נאָך מער ווי פריער,“ מורמלט דער לאַהויסקער און אין אָפּשיין פון לאָמפּ ווערט זיין פּנים דורכגעפּלעקט מיט גרין, ברוין און געל. „אויסער וואָס אייער מאַן האָט ייִנגלווייז מיך פאַרשלעפּט

פון דער היים און מיך דאָ געפּייניקט יאָרן־לאַנג, האָט ער ערשט לעצטנס פּאַר אַלעמען אין די אויגן מיך אַרויסגעשטויסן און אַרויסגעבריקעט פון ישיבה, ווייל איך האָב געוואָלט ראַטעווען אַ יינגל ער זאָל ניט אויסוואַקסן אַ מוסרניק אַ קאַליקע. האָב איך אייך געשריבן איר זאָלט קומען, אייער מאַן זאָל ניט האָבן קיין מנוחה. נאָר זינט איר זייט געקומען און מיר באַגעגענען זיך, טראַכט איך אויך וועגן אייך, ניט דורכאויס וועגן זיך און וועגן מיין קריג מיט אייער מאַן. דערפאַר דערצייל איך אייך ווי די מוסר־ספרים פאַרסמען, און אַז ווער עס איז איינמאָל אַ מוסרניק, פאַרבלייבט עס אויף שטענדיק.״

פון ריידן מיט די הענט צעשפּיליעט זיך זיין מאַנטל און סלאָווע באַמערקט אַז די הויזן אויף זיינע קני זיינען אויסגעריבן אויף איין אָרט, פאַרלאַטעט אויף אַ צווייט אָרט. איצט פאַרשטייט זי פאַרוואָס ער זיצט שטענדיק אין מאַנטל, ער שעמט זיך מיט זיין אָפּגעריסענעם הילוך. ער איז אפשר צמחן מער שונא פאַר די אויסגעריבענע הויזן ווי פאַר די מוסר־ספרים. דער גאַסט זאָל זיך ניט אָנ־שטויסן אַז זי האָט עפּעס באַמערקט, דרייט סלאָווע אָפּ דעם קאָפּ און קוקט אַרויס דורכן פענצטער. פון איר שווייגן פאַרשטייט דער לאַהויסקער אַז זי איז מער ניט אינטערעסירט אין שמועס. שטעלט ער זיך אויף אַן חשק און פאַרשפּיליעט דעם מאַנטל.

„ווען איך האָב אייך געהאַט געזאָגט מיין מיינונג וועגן אייער מאַנס אומ־רואיקן כאַראַקטער,״ ווייל משה חייט מער ניט איבערחזורן אַז צמח איז אַן אַוואַנטוריסט. „האָב איך נאָך געגלייבט אַז איר זייט געקומען מיט אים זיך גטן... איצט פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב עס געזאָגט.״

צופרידן וואָס ער גייט שוין אַוועק, באַרואיקט אים סלאָווע אַז אים דאַרף ניט פאַרדריסן וואָס ער האָט געזאָגט זיין מיינונג וועגן איר מאַן. די מוסרניקעס זיינען מאָדנע מענטשן, שטענדיק פאַרדריסט זיי עפּעס, שטענדיק שעמען זיי זיך מיט עפּעס. אויסער חייקל, ער איז שוין גאָרניט קיין שעמעוודיקער... סלאָווע באַווייזט ניט ענדיקן, וואָרום דער לאַהויסקער פּראַלט אַרויס מיט אַ געלעכטער.

„חייקל ווילנער, זאָגט איר, איז ניט קיין שעמעוודיקער? ער שעמט זיך דאָך קומען אין קיך און ישיבה, ווייל ער האָט מיט אייך שפּאַצירט און מען ווייס אַז ער איז ביי אייך אַן איינגייער. איך זע אַז איר זייט צעקלעמט, קלעמט זיך ניט פאַר אים. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער האָט נאָך אַ ביסל געלט פון ווילנע, קויפט ער זיך צום עסן, און אינגיכן פאָרט ער סיוווי אַהיים אויף פּסח. איך אָבער האָב ניט וואו צו פאָרן און מען האָט מיר היינט אָפּגעזאָגט מיינע לעקציעס.״

שוין מיט איין פוס אויף יענער זייט טיר, דערציילט דער לאַהויסקער אַז זיינע פּאָר בעלי־בתים האָט ביז היינט ניט געאַרט וואָס ער איז צעקריגט מיט דער ישיבה. ביי זיי איז עס אַפילו געווען אַ מעלה, זיי זיינען משכילים און קעגנער

פון די מוסרניקעס. אָבער לעצטנס האָט מען זיינע ברויט־געבער דערטראָגן אַז ער האָט קיין נאַרעווע אַראָפּגעבראַכט אַ פרוי, וואָס איר מאַן אַ רב האָט פון איר געמוזט אַנטלויפן, און ער טרעפט זיך מיט אָט דער פרוי. ווילן די פּאָר יידן אים מער ניט האָבן פאַרן לערער פון זייערע קינדער. משה חייט לאַהויסקער זאָגט אַ גוטע נאַכט און גייט אַרויס נאָך איידער די געפּלעפּטע סלאָווע באַוויזט אויסריידן אַ וואָרט.

# 11

**אויף צוריקוועגס פון דאַווענען** איז צמח אַריין צום ווייב אין אכסניא. ער איז געשטאַנען אינמיטן חדר, דעם טלית־זאַק אונטערן אָרעם, און זי געמוסרט ווי אַ פאָטער אַ טאָכטער: ממה נפשך! האָט סלאָווע בדעה נעמען ביי אים אַ גט, מעג זי דאָך צוואַוואַרטן ביז זי וועט ווערן פריי. וויל זי ביי אים ניט נעמען קיין גט, טאָר מען דאָך אַוודאי זיך ניט פירן מיט אַזאַ הפקרות. צמח האָט מער ניט געקענט ריידן רואיק, ער האָט געביילט מיט די פויסטן. „שדיכע! אויב דו שעמסט זיך ניט פאַר גאָט און לייט אין נאַרעווע, שטעל איך מיר שוין פאָר ווי דו האָסט זיך געפירט אין לאָמזשע. איך ווייס וואָס דער משה חייט לאַהויסקער איז אויסן, ער וויל מיך פאַרטרייבן פון נאַרעווע. אָבער וואָס ביסטו אויסן? זאָג מיר, וואָס ווילסטו פון מיר?״

איך וויל אַז דו זאָלסט צוריקפאָרן מיט מיר אַהיים, האָט זי אים געוואָלט ענטפערן. נאָר אַז זי וועט עס אים זאָגן, וועט ער אָפּשפּרינגען אַהינטער און נאָך אפשר זיך פאַרקרימען פון עקל. ביים געדאַנק אַז ער קען זיך נאָך פאַרקרימען פון עקל צו איר, האָט סלאָווע אים געוואָלט אָנשפּייען אין פּנים. אָבער זי וועט עס ניט טאָן ווייל גראָד דער שפּיי אין פּנים קען אים שטאַרק געפעלן, דעם מוסרניק. סלאָווע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן איבערגעדרייטן שטול מיטן פּנים צום אָנלען און זיך געוויגט ווי אויף אַ הוידלקע.

„ביסט זיכער אַז אין לאָמזשע האָב איך זיך געפירט נאָך ערגער? דו קענסט טאַקע שטאָלצירן מיט דיינע תלמידים, אויב איך קען זיי אַראָפּפירן פון וועג אָט אַזוי־אָ,״ האָט זי לייכט און טרוקן געקנאַקט מיט צווי פינגער. פון זיצן אויפן שטול רייטנדיק, האָט זיך איר קליידל פאַרריסן ביז איבער די קני און דערביי האָט זי נאָך געלאַכט, ווי אים צו ווייזן אַז זי איז אויסגעלאַסענער נאָך מער ווי ער מיינט. פּלוצעם איז זי אויפגעשפּרונגען און זיך צעשריען מיט אַ ווילדן כעס וואָס מען האָט געקענט הערן אין לעצטן חדר אין קאָרידאָר פון אכסניא.

„אַז דו האָסט מיך געקענט דערנידעריקן און זיך וואַלגערן אין אַמדור אין בלאָטע ביי דער טיר פון דער ערשטער כלה דיינער, מעג איך זיך פירן אין לאָמזשע ווי איך וויל און פאַרברענגען אין נאַרעווע מיט דיינע תלמידים ווי מיר געפעלט.״

ער האָט בשום אופן ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי באַטראַכט פאַר אַ בזיון זיין בעטן מחילה דבורהלע נאַמיאָטס טאַטע און וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט צו איר איצטיקער אויפפירונג. זי רופט עס נאָך אָן ביים פיינעם נאָמען: פאַר־ברענגען מיט זיינע תלמידים! און צמח האָט אַרויסגעשפּאָנט פון איר צימער ניט ענטפערנדיק אַפילו אויף איר נאָכשרייען אים. „דו האָסט מורא אַז איך זאָל דיר ניט דערציילן וועגן מיין אויפפירונג נאָך עפּעס ערגערס, דערפאַר אַנטלויפסטו, פחדן!״

אויך אַנדערע בני־תורה האָבן געוואָלט אָנקוקן ר׳ צמחס רביצן. זיינען זיי אויפן וועג צו דער קיך אָדער צוריקוועגס געבליבן שטיין ביי דער אכסניא. עטלעכע מאָל בעת סלאָווע איז אַרויס אינדרויסן האָט זי דערזען אַ חברה ישיבה־בחורים גלאָצן אויף איר. האָט זי זיי פריינדלעך אַריינגעשמייכלט אין די פּנימער און יענע זיינען גלייך אַוועק מיט איליקע טריט. שפּעטער האָבן די בני־תורה צווישן זיך געשמועסט אַז זי איז מיט גאַרניט אַנדערש פון אַנדערע נשים, בפירוש מיט גאַרניט. פונדעסטוועגן האָט די אשה זיך באַזעצט אין זייערע מחשבות, געגליכן צום פויגל וואָס באַזעצט זיך אין אַ פרעמדער נעסט, און זיי האָבן איינער ביים צווייטן געפרעגט אַ קשיה: וואָס פאַר אַ תכלית דערוואַרט חייקל ווילנער פון אַריינקומען צו איר? ר׳ צמח האָט זיך דאָך נאָך מיט איר ניט גע׳גט, איז זי דאָך נאָך אַן אשת־איש. נאָר יאַנקל פּאָלטאַווער האָט אויף דעם געענטפערט:

„קיין קשיה ניט, חייקל ווילנער האָט חשק אַפילו צו אַן אשת־איש.״

יאַנקלען האָט ניט געפּאַסט זיך אַרומצודרייען אינדרויסן ביי דעם איינפאָר־הויז ווי זיינע תמעוואַטע חברים. ער האָט ניט מורא געהאַט אַריינצוגיין פורים צו דער סעודה צום גבאי סולקעס און אים דערלאַנגען שלח־מנות אַ בעזעם, ווערט ער בתפעל פאַר אַ לאָמזשער יידענע? יאַנקל האָט אַ קנייטש געטאָן מיטן שטערן און באַלד פאַרטיק געהאַט אַ פּלאַן: ער וועט אַריין צו ר׳ צמחס ווייב מיטן אויסרייד אַז ער זוכט עמעצן אין אכסניא און דערווייל אויף איר אַ בליק טאָן. אַזוי האָט ער געטאָן און געשפּאַנט דורכן קאָרידאָר פון איינפאָרהויז מיטן זעלבן אימפּעט ווי דורכן קאָרידאָר פון באַן, בעת ער פאָרט אָן אַ בילעט און וויל זיך ניט טרעפן מיטן קאָנטראָליאָר. אין אכסניא איז אין האַלבן טאָג געווען פּוסט, די אָנגעפאָרענע אורחים זיינען זיך צעגאַנגען איבער נאַרעווע. יאַנקל האָט אַ פּרוּוו געטאָן אַ טיר — פאַרשלאָסן; אַ צווייטע טיר — אַן אָפענער לײדיקער חדר; אַ דריטע טיר — און האָט אַריינגעטראָפן ווי אַ האַק אין קאָרב: חייקל איז געזעסן אין אַ טיפן שטול און גערעדט צו אַ פרוי קעגנאיבער אים.

„ווילנער, די גאַנצע ישיבה זוכט אייך אַרום. פון דער היים איז פאַר אייך אָנגעקומען אַן עקסטרע ידיעה.“

אין חייקלס קאָפּ איז דורכגעפלויגן אַז עפּעס האָט געטראָפן מיט דער מאַמען. ער האָט זיך אויפגעהויבן אַ בלייכער, די הענט האָבן אים געציטערט. אויך סלאָווע האָט געקוקט אויפן אַריינגעקומענעם אין אומרואיקער דערוואַרטונג. „וואָס איז געשען?“ האָט חייקל קוים געקענט אַרויסריידן. יאַנקל האָט ניט גלייך געענטפערט, ער האָט ר׳ צמחס ווייב באַטראַכט מיט חוצפּהדיקע בליקן און לסוף געזאָגט. „קומט אַרויס אינדרויסן, וועל איך אייך דערציילן.“ אין קאָרידאָר האָט ער דעם ווילנער אַ הירזשע געטאָן אין פּנים אַריין. „ס׳איז גאָרניט געשען, איך האָב געוואָלט אָנקוקן אייער יפהפיה. איך זע אַז איר זייט מיט איר קוצעניו־מוצעניו.“ און איידער חייקל האָט באַוויזן זיך אויף אים אַרויפוואַרפן מיט די פויסטן, איז יאַנקל פאַלטאַאווער שוין געווען אינדרויסן און אין קאָרידאָר איז נאָך פון אים געבליבן זיין צעהירזשעטער געלעכטער, וואָס האָט זיך געוויקלט אין חלל ווי דער רויך פון אַ לאָקאָמאָטיוו.

פון אָנקוקן ר׳ צמחס ווייב איז יאַנקלען געבליבן פאַר די אויגן אַ בלענדעניש עלעהיי פון אַ פענצטער־שויב וואָס גיט אַ בליאַסק אין זונשיין מיט אַ וויטער און געהיימער אָפּשפּיגלונג. יאַנקל האָט געוואוסט אַז ער איז אַ שיינער יונג און אַז בעל־הבתישע טעכטער פאַלט אַלץ פון די הענט, ווען ער גיט זיי אַ ברי־אָפּ מיט זיינע הייסע אויגן. האָט ער קיין ספק־ספקא ניט געהאַט אַז ער וואָלט אויף דער לאָמזשער יפהפיה געמאַכט אַ רושם עצום, אויב דאָרט וואָלט פּונקט ניט געזעסן דער ווילנער אָקס. „זאָגן אַז זי איז סתם אַ יידענע וועל איך ניט זאָגן. נאָר ווען איך גיי אַרויס אין דער וועלט, קריג איך אַ גרעסערע יפת־תואר,“ האָט יאַנקל פאַרזיכערט זיינע חברים. דעמאָלט האָבן צום לאָהויסקער אויף דער קוואַרטיר זיך גענומען יאָוועץ אויך אַזעלכע ישיבה־לייט וואָס זיינען פריער צו אים ניט געקומען. די בחורים האָבן געהאָפּט צו טרעפן ביי אים די שיינע רביצן, אָדער הערן וועגן איר טשיקאַווע זאַכן. צו דעם מצב האָט נאָך צוגעהאָלפן דאָס וואָס ס׳איז אונטערגעקומען סוף זמן, ווען דער איינגעשטעלטער סדר אין ישיבה צעפאַלט זיך. מיטגעווירקט האָט אויך די שווערע אבלות נאָך דעם מאַלאַ־ריטער. דאָס טראַכטן און שושקען זיך וועגן דער אשה האָט די בחורים אַרויס געריסן פון טרויער נאָכן נפטר, ווי אַ וואַסער־שטראָם אין פרילינג רייסט זיך אַרויס פון געקאַוועטן אייז.

אָבער די פרומע בני־תורה האָבן געשטורעמט קעגן דער הנהלה הלמאי זי האָט דערלאָזט צו אַזאַ מצב. דער ראש־ישיבה ר׳ שמחה האָט אויסגענוצט דאָס וואָס סוף־זמן דאַרף ער ניט זאָגן קיין שיעור. איז ער ניט אַרויס פון שטוב און געוואַרט אַז די בחורים פון ליטע און פוילן זאָלן זיך צעפאָרן אויף

יום־טוב אַהיים. נאָר זונדל קאָנאָטאָפּער האָט ניט געגלייבט אַז די סכנה וועט פון זיך אַליין אַריבער. האָט זונדל מיט זיינע קליינע גליאיקע אייגעלעך אָפּגעזוכט אַ שותּף, אשר־לעמל קראַסנער, ער זאָל אים העלפן ראַטעווען די ישיבה. אשר־לעמל קראַסנער מיט דער ניט־געשוירענער שוואַרצער באָרד, דער שוויגער, דער מענטש אָן אַ גאַל און תּמים פון ישיבה, האָט באַוויזן אַז ער קען אויך זיין ניט קיין תּמים, ניט קיין גוטער און ניט קיין שוויגער. ער איז אַוועק צום לאָהויסקערס בעלי־בתּים און געשריען מיט אַ יענוועלטיק קול.

„דער העברעאישער לערער פון אייערע קינדער גייט אַרום מיט אַן אשת־איש. איר מאַן איז דער בעל־תּשובה ר׳ צמח אַטלאַס וואָס איז פון איר קוים אַנטלאָפן און דער לאָהויסקער אַפּיקורס האָט די מופקרת דאָ אַראָפּגעבראַכט, זי זאָל אָנטאָן צרות דעם מאַן און חרפּות דער ישיבה. אויב איר וועט דעם לערער ניט אָפּזאָגן, וועלן אייערע קינדער אויסוואַקסן אַזעלכע מופקרים ווי ער. איר העלפט אומברענגען די ישיבה־הקדושה און דאָס וועט אייך ניט געשאָנקען ווערן עד סוף כּל הדורות.״

די בעלי־בתּים האָבן דעם לערער אָפּגעזאָגט די לעקציעס. אשר־לעמל קראַסנער און זונדל קאָנאָטאָפּער זיינען אַוועק צום ראש־ישיבה אין שטוב און פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל דעם לאָהויסקער אַרויסשיקן פון נאַרעווע מיט פּאָליציי. „איר זייט ביים זינען?״ האָט ר׳ שמחה פיינערמאַן אָנגעקוקט זיינע מקורבים מיט פּחד, ווי זיי וואָלטן צוגעטראָפן די מחשבה וואָס האָט אים שוין לאַנג גע־פייניקט. „דער לאָהויסקער איז אַ רוסישער. פאַרלאַנגט איר אַז מיר זאָלן אים איבערגעבן אין גויאישע הענט? מעג מען עס?״ נאָר אשר־לעמל קראַסנער, וואָס האַלט זיך תּמיד ענוותדיק אַפילו קעגן אַ יינגל אַ בעל־כּשרון, האָט דאָס מאָל געענטפערט דעם ראש־ישיבה. „ניט מען מעג, מען מוז. אויב דער לאָהויסקער וועט בלייבן אין נאַרעווע וועט ער קאַליע מאַכן נאָך אַנדערע, ווי ער האָט קאַליע געמאַכט חייקל ווילנער.״

„אין אַלץ איז שולדיק ר׳ צמח אַטלאַס,״ האָט געברומט זונדל קאָנאָטאָפּער. „ווען ער באַזעצט זיך ניט אין נאַרעווע וואָלט זיין לאַמזשערקע דאָ ניט געקומען. דאַרף מען אויך אים הייסן אַוועקפאָרן פון נאַרעווע תּיכף־ומיד.״

ר׳ שמחה פיינערמאַנס בלויע אויגן זיינען נאָך בלויער געוואָרן פון קאַלטן כּעס אויף זיינע מקורבים וואָס פאַרלאַנגען פון אים ער זאָל זיך צעקריגן מיט אַ וועלט. ער האָט אָבער געוואָלט גוט דורכטראַכטן דעם ענין איידער ער ענטפערט און איז אַריין אויף אַ ישוב־הדעת צו זיין רביצן אין שלאָפצימער.

די רביצן, אַ דיקלעכע, מיט אַ גרויס אָנגעקוואָלן פּנים און אַ שווערן פּאַרוק אויף די אייגענע בלאָנדע האָר, איז געלעגן אויפן בעט אין די קליידער און געקרעכצט. איבער די פּיכטע ערב־פּסחדיקע וועטערן האָט זי שטאַרק

געליטן פון פּאָדאַגרע. אויך אין טרוקענע וועטערן איז זי אומגעגאַנגען אַ פאַר־ליטענע און ברוגזע הלמאי די נאַוואַרעדקער ישיבה אין נאַרעווע קריגט אַ קלע־נערן חלק פון די חלוקה־געלטער ווי די ישיבה אין דער מיר. די ישיבה אין דער מיר האַלט נאָר פון 'גיט איר מיר', פלעגט זי זאָגן. אַריינזאָגן האָט זי געקענט בעסער פון צען נאַוואַרעדקער. רביצנס האָבן זיך געשראָקן פאַר איר שאַרפער צונג, איר מאַנס תלמידים און רבנים האָבן פאַר איר געציטערט. מען האָט געשמועסט אַז זי פירט די גאַנצע פּאָליטיקע פון נאַרעווער מרכז. טאָמער האָט אַן אורח געזען אַז די נאַרעווער רביצן איז אים ניט מכבד, האָט ער געוואוסט אַז נגזר דינו, ער איז אַ פאַרלאָרענער. דער נאַרעווער ראש־ישיבה וועט פאַר אים ניט האָבן קיין צייט, קיין האַרץ, קיין אויער. ניט נאָר דער מאַן, אויך פרעמדע האָבן גוואַלדיק געהאַלטן פון איר מאַנסבילשן קאָפּ און מסירת־נפש פאַר תורה. ביי איר טיש האָבן שטענדיק געגעסן אַ צענדלינג יונגעלייט און זי אַליין האָט פאַר אַלעמען געקאָכט. אָפטמאָל איז זי מיט די טעכטער געשלאָפן אין איין בעט, ווייל די שטוב איז פול געווען מיט אורחים. דאָך האָט זי זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט וואָס איר הויז איז אַ רשות־הרבים, וואָס ביז פרייטאָג־פאַרנאַכט האָט זי ניט אויף שבת, און וואָס זי קען זיך ניט פאַרגינען פאָרן מיט אירע קרענק אין די וואַרעם־בעדער, בעת אַנדערע געזונטע רביצנס זיצן אָפּ גאַנצע זומערס אויף דאַטשע. האָט ר' שמחה געהאַט פאַרן ווייב גרויס דרך־ארץ און גערעדט צו איר ווי צו אַ גלייכן, אַמאָל מיט אַ חז"ל און שטענדיק אויפן וואונק. אויך דאָס מאָל האָט ער גערעדט קורץ און האַלב אויף לשון־קודש.

„במה כוחה? און וואָס איז זי אויסן?"

די רביצן האָט פאַרשטאַנען אַז דער מאַן מיינט צו פרעגן: אין וואָס באַ־שטייט דער כוח פון לאָמזשערס ווייב אַז בני־תורה פאַרלירן איבער איר די קעפּ? און מחמת וואָס האָט זי אין איר נעץ אַריינגעצויגן דעם ווילנער מיטן לאָהויסקער? מיינט זי דען זיך גטן מיטן מאַן און חתונה האָבן מיט איינעם פון די צוויי קאַליע־געוואָרענע בחורים? אויף ר' שמחהס ערשטער קשיה האָט די רביצן גע־ענטפערט מיט 'אַ דערהער' פון חומש, פרשה בלק. דער דור דעה פון די יוצאי־מצרים וואָס זיינען דורך דעם ים־סוף און געשטאַנען אונטערן באַרג סיני; דער זעלבער דור דעה האָט פונדעסטוועגן ניט אויסגעהאַלטן דעם נסיון מיט מואבס טעכטער. און אויף ר' שמחהס אַנדער קשיה האָט די רביצן געענטפערט, אַז די לאָמזשערקע האָט אַזוי אינגזינען דעם ווילנער מיטן לאָהויסקער ווי ער, דער ראש־ישיבה, האָט בדעה זיי צו נעמען פאַר איידעמס. ווי עס זעט אויס, וויל די לאָמזשערקע אויף אַזאַ אופן צווינגען איר מאַן ער זאָל צוריקפאָרן אַהיים.

„איז דאָס אַ וועג?" האָט ר' שמחה זיך געחידושט.

ר׳ שמחהס רביצן האָט צמחן ניט ליב געהאַט נאָך פון דער צייט ווען ער האָט אין נאַרעווע געפירט אַ וועד מיט תלמידים און זיך ניט געבויגן פאַר איר מאַן, דעם ראש־ישיבה. אויסער דעם איז די רביצן בטבע געווען אַ פריילעכע און געהאַלטן מיט ווייבער, אַקוראַט ווי זי האָט אונטערן פרעמדן שווערן שייטל געטראָגן די אייגענע האָר. מערניט איבער די פּאָדאַגרע־ווייטאָגן האָט זי איצט קיין סך ניט געקענט ריידן.

„פון אַלץ וואָס איך האָב וועגן לאָמזשערס ווייב געהערט פאַרשטיי איך אַז זי איז אַ קלוגע, נאָר צוליב עפּעס וואָס איך ווייס ניט, וויל זי זיך מיטן מאַן ניט שיידן. קיין צידקנית איז זי ניט, און אַז זי האָט ניט קיין אַנדער וועג ווי אים איבערצורייידן פאָרן אַהיים, איז דאָס אַריינציען די צוויי בחורים אויך אַ וועג.״ די רביצן האָט זיך אויפגעזעצט און פאַרריכט אויפן קאָפּ דאָס שייטל, ווי זי וואָלט זיך געגרייט ליכט־בענטשן. „פאַר דיינע אייגענע טעכטער איז איר זיצן אין נאַרעווע נאָך מער סכנה ווי פאַר דיינע תלמידים. דיינע טעכטער געפעלט וואָס די לאָמזשערקע רעכנט זיך מיט קיינעם ניט און זיי שושקען זיך וועגן איר אין זייער חדרל.״

ר׳ שמחה איז אָפּגעטראָטן הינטערווייילעכץ ביז צו דער טיר און לאַנג געקוקט אויפן ווייב שווייגנדיק. דערנאָך איז ער צוריקגעגאַנגען אין ספרים־חדר, וואו דער קאָנאָטאָפּער מיטן קראַסנער האָבן געוואַרט אויף אים, און זיי באַפוילן איבערגעבן ר׳ צמח לאָמזשער ער זאָל באַלד קומען.

## 12

### „איר דאַרפט אַוועקפאָרן פון נאַרעווע וואָס פריער,״

איז דער ראש־ישיבה אַנטקעגנגעגאַנגען דעם בעל־תשובה גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען. „דאָס ווייס איך. די קשיה איז, וואו פאָרט מען?״ ר׳ שמחה האָט געענטפערט מיט אַ מאָדנער איילעניש און בעת־מעשה ניט געקוקט אויף זיין מיטשמועסער. „מיין רביצן, זאָל געזונט זיין, פאַרשטייט זיך גוט אין מילי־דעלמא, זאָגט זי אַז אייערע איז ניט אויסן קיין שלעכטס, זי איז חף מפשע. מיין רביצן, זאָל געזונט זיין, איז זיך משער אַז אויף אַזאַ אופן וויל אייערע אייך צווינגען צוריקפאָרן אַהיים.״ צמח האָט זיך צוגעהערט און אַראָפּגעקוקט אויף זיינע הענט, ווי ער וואָלט זיי ניט דערקענט. „אויב זי איז ניט אויסן קיין שלעכטס, איז דאָך די עוולה נאָך גרעסער. אַן אַנדערע אויף איר אָרט וואָלט דעם מאַן גערופן צו אַ רב, צו מענטשן, אָבער ניט געהאַנדלט אויף אַזאַ אופן.״ דעם ראש־ישיבה האָט זיך געוואָלט אויסשרייען: איך האָט זיך דאָך פאַרגלוסט אַ

וועלטישע! נאָר כדי ער זאָל ניט אַרויספּלאַצן, האָט ר׳ שמחה אַ מינוט־לאַנג געקוקט אויף אַ פּאָליצע ספרים און גענומען שפּאַנען דורכן חדר, די הענט פאַר־לייגט אַהינטער, ווי צו ביגדן זיין כעס:

לעולם מישט ער זיך ניט אין ענינים פון בינו לבינה, דעריבער האָט ער ביז איצט זיך אָפּגעהאַלטן פון אַרויסזאָגן זיין חוות־דעת וועגן ר׳ צמחס סכסוך מיטן ווייב. ער האַלט אויך ניט פאַר פּאַסיק איבערצוגעבן וואָס אַנדערע זאָגן. אלא אַז ס׳איז שוין געקומען אַזוי וויים, מוז ער דערציילן אַז בעת ער איז ווינטער־צייט געווען אין ווילנע אויף דער אַסיפה פון וועד־הישיבות האָט אים באַזוכט ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער. געקומען איז ער זיך פרעגן אויף חייקל ווילנער. דער ווילנער איז שוין איינמאָל אַ צוגעפּאַסטער תלמיד פאַרן מחזה־אברהם!... נתגלגלו הדברים און מען האָט אויך געשמועסט וועגן אים, ר׳ צמח אַטלאַס. דער מחזה־אברהם איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט נאָך, זאָגט ער, אין זיין לעבן ניט געהערט, מען זאָל איבערלאָזן אַ לעבעדיק ווייב איבער אַ טויטער כלה און מען זאָל נאָך דערביי טראַכטן אַז דאָס איז דער וועג פון תשובה.

דער ראש־ישיבה האָט געזען אַז ר׳ צמח זיצט אויפן שטול מיט אַ געזונ־קענעם קאָפּ, האָט ער זיך איבער אים אָנגעבויגן און גערעדט פאַרטרוילעך. „האָט קיין פאַראיבל ניט, איך וויל אייך ניט מצער זיין. נאָר ס׳איז דאָך פאָרט ניט קיין צופאַל וואָס זינט איר זייט צוריקגעקומען קיין נאַרעווע האָבן מיר אַזעלכע צרות, און דווקא פון אייערע תלמידים, ווי מיר האָבן קיינמאָל פריער ניט געהאַט. אויף עפּעס איז דאָך עס מרמז.“

„דעם רמז האָב איך שוין לאַנג פאַרשטאַנען,“ האָט צמח אויפגעהויבן דעם קאָפּ. „טאָמער בין איך נאָך ניט גענוג געשטראָפט געוואָרן פריער, האָב איך אין נאַרעווע דערזען אין מיינע תלמידים, ווי אין אַ שפּיגל, אַז מיין וועג אין לעבן איז געווען אַ קרומער. אָבער אויך מיין חתונה איז אַ טייל פון אָט דעם קרומען און פאַלשן וועג, איך און מיין ווייב זיינען קיין פּאָר ניט.“

„ווי איר פאַרשטייט, ר׳ צמח. איך האָב אייך נאָר איבערגעגעבן וואָס איך האָב געהערט פון מחזה־אברהם, איך אַליין קען ניט אָפּמאַכן ביי זיך ווי איר דאַרפט האַנדלען. איצט האָב איך בכלל ניט דעם קאָפּ צו קיין זאַך איבער די צרות וואָס מיר שטייען אויס פון לאָהויסקער. פאַראַן אין ישיבה צדיקים און תמימים וואָס האַלטן, מען מעג דערציילן פּאָליציי אַז דער לאָהויסקער איז אַ רוסישער, אָן אַ פּוילישן פּאַספּאָרט, און אַז די ישיבה טראָגט פאַר אים קיין אַחריות ניט, ווייל ער איז געוואָרן אַ קאָמוניסט. אָבער איך וויל צו דעם ניט דערלאָזן אויס מורא פאַר אַ חילול־השם און ווייל מיר איז פאָרט אויף אים אַ רחמנות. העלפט אונדז, ר׳ צמח, פון אים לויז ווערן. איר האָט אים געבראַכט

פון רוסלאַנד און דעם עיקר־חשבון פירט ער מיט אייך. איז פּרואוווט ביי אים פּועלן מיט גוטן ער זאָל אָוועקפאָרן פון נאַרעווע. אָט ווי מיר זיינען ניט געענגט אין געלט, וועלן מיר אים געבן וויפל ער וויל, אַבי ער זאָל אָוועקפאָרן.״

דער ראש־ישיבה האָט גערעדט מיט אַזויפיל תחנונים אַז צמח האָט געוואָלט רייסן קריעה אויף זיין פינצטערן מזל וואָס ברענגט שטענדיק אַ חורבן אויף אים גופא און אויף יענע וואָס האָבן מיט אים צו טאָן.

ביינאַכט אויפן געלעגער האָט זיין געדאַנק זיך געהוידעט צווישן שלאָף און וואַך־זיין: אויב ניט אַהיים, איז וואוהין וועט ער פאָרן? נאָכאַמאָל אָנהייבן מיט אַ ישיבה־קטנה? ער זאָל עס אַפילו וועלן, וועט אים דער נאַרעוווער ראש־ישיבה ניט געבן קיין אַרויסהעלפער. צמח איז אויף אַ ווייל אַריינגעפאַלן אין דרימל — און זיך דערזען זיצן אין עזרת־נשים פון וואָלקעניקער קאַלטער שול. ער שאָקלט זיך אין אַ ווינקל איבער אַ ספרל און טראַכט פון מחזה־אברהם וואָס האָט אים געזאָגט אַז ער טאָר ניט האַלטן קיין שמועסן פאַר תלמידים, ווייל פון זיינע רייד הערט מען ניט אַרויס קיין אמונה אין בורא־עולם. צמח געדענקט אַז ער ליגט אויף אַ בעט אין נאַרעווע, נאָר אין דער זעלבער צייט זעט ער ווי דער צמח אין וואָלקעניקער עזרת־נשים הייבט־אויף די אויגן פון ספרל אויף זיין שטענדער און קוקט דורך דער קראַטע אין דער מאַנסבילשער שול. ער ווייס אַז אויף אַ זייל לעבן דער בימה דאַרף דאָרט הענגען אַ טאַקטורענער טאָוול מיט די דרייצן אני־מאמינס. מיטאַמאָל דערזעט ער ווי אין דער מאַנסבילשער שול שטייט הענעך מאַלאַריטער אָנגעטאָן אין תכריכים. ער קלאַמערט זיך מיט בײדע הענט אין דער קראַטע פון פענצטערל און שרייט מיט אַן אויפגעריסן מויל, ווי ער וואָלט אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ פון וואַסער, נאָר וואָס ער שרייט הערט מען ניט. אויך צמח וויל אַ געשריי טאָן — און קען ניט. אים דאַכט זיך אַז דער געשטאָרבענער פאַרלאַנגט מען זאָל אים אויסגראָבן פון קבר, ווייל מען האָט אים פאַרשאָטן אַ לעבעדיקן. באַלד דאַכט זיך אים אַז דער מאַלאַריטער וויל אים פרעגן, צי זיין חבר דניאל האַמלער וועט טאַקע חתונה האָבן אָנשטאָט אים מיט דער בעל־הביתטעס טאָכטער. פּלוצעם צעלאַכט זיך דער נפטר און רעדט דורך משונהדיקע העוויות אויף שטום לשון. „אַמאָל אין אייער וועד האָט איר מיך געמאַטערט ווי ווייט איך האַלט אין עבודת־השם. איצט פרעג איך אייך: איר האָט אמונה אין בורא־עולם?״ און דער מאַלאַריטער זינקט אַראָפּ אויף יענער זייט קראַטע ווי אין אַן אָפּגרונט.

צמח האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פאַרוואָרגענעם געשריי. ער איז געבליבן ליגן ניט אַ ריר צו טאָן מיט אַן אבר און געפילט אַז דאָס האַרץ אין אים גליווערט פּראַסטיק־שטיל, ווי אַ פולע לבנה אין אַ האַלב־נאַכטיקן ווייטן און קאַלטן הימל אָן איין וואָלקנדל. דורך דער ברייט פון זיין שטערן, פון שלייף צו שלייף, האָט

זיך געוויגט דער פּאָמפּעדיקל פון אַ וואַנט־זייגער מיט יידישע אותיות אויפן ציפערבלאַט — דער וואַנט־זייגער וואָס איז געהאַנגען ביי זיין פאַרשטאָרבענער מומע צערטעלע. דער פּאָמפּעדיקל האָט זיך געוויגט אַהין און צוריק און פּאַר צמחס אויגן זיינען אָנגעשוואומען בתי־מדרשים פון קריניק, סאָקאָלקע, אָסטראָלענקע, שטעטלעך וואו ער האָט אָפּגעריכט גלות איידער ער איז צוריקגעקומען קיין נאַרעווע. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען קאַלטע שולן און קלויזן מיט אויסגעשטעלטע שטענדער־רייען ביי די פּוסטע בענק, ווי הילצערנע מצבות נאָך אויסגעשטאָרבענע מתפּללים, און אין יעדן מקום־קדוש האָט ער זיך אַליין געזען פאַרשלאָגן אין אַ ווינקעלע ביי אַ ספר. אין יעדן ישוב האָבן זיך געפונען אַ פּאָר בעלי־בתים און עלטערע וייבער וואָס האָבן אים פאַרזאָרגט מיט אַ נאַכטלעגער, מיט עסן. ער איז שטענדיק געזעסן אין בית־מדרש ביחידות און זיין שווייגן האָט אים אַרומגערינגלט ווי מיט אַ וואָלקן, מען זאָל צו אים ניט קענען צוקומען.

אָבער די שטעטלשע רבנים און ישיבה־לייט האָבן געוואוסט ווער ער איז. האָבן ביסלעכווייז אויך די בעלי־בתים זיך דערוואוסט אַז דער פּרוש איז אַ באַוואַרעדקער מוסרניק וואָס האָט גענומען אויף זיך אַ תשובה. פלעגט ער אַוועק אין אַן אַנדער שטעטל, פון מורא אַז וייל מען וייס פאַרוואָס ער קומט אָפּ ווערט דורך דעם זיין תשובה זיך אויסוועפּן. ס׳איז ביי אים געוואָרן אַ רגילות אַרומשפּאַנען שפּעט ביינאַכט אין אַ פּוסטן בית־מדרש און אויפסניי דורכפּיבערן זיין וואַלגערן זיך אין אַמדורער בלאָטע, דאָס וויינען אויף דבורהלע נאָמיאָטס קבר און ווי איר טאַטע איז איבער אים געטראָטן. לסוף האָט ער זיך געכאַפּט אַז ער האָט הנאה פון די טרויעריקע זכרונות, אים פאַרשאַפט אַ קרענקלעכער פאַרגעניגן דאָס אָפּקומען. האָט ער איבערגעריסן זיין נע־ונד און איז צוריקגעפאָרן קיין נאַרעווע, דערלעבן נחת פון זיינע אונטערגעוואַקסענע תלמידים.

דער פּאָמפּעדיקל צווישן צמחס שלייפן האָט זיך ווייטער געהוידעט און אַוועקגעשטעלט פּאַר זיינע פאַרמאַכטע אויגן אַ מאַרק־פּלאַץ מיט סטראַגאַנעס, מיט פויערשע וועגענער. אַ בערדיקער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע שטופּט דעם טייסטער אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע און זיין פּנים שמייכלט צופרידן. צמח געדענקט אַז ער איז איינמאָל פאַרביי דעם אָסטראָלענקער מאַרק און דערזען אָט דעם אומבאַקאַנטן יידן מיטן צופרידענעם אויסזען ווייל ער האָט געכאַפּט אַ פאַרדינסטל, האָט עס אויך אים שטאַרק הנאה געטאָן. ער איז דעמאָלט שטיין געבליבן אַ פאַרחידושטער אויף זיך גופא. ער האָט דאָך שטענדיק זיך באַצויגן מיט ביטול צו בעלי־בתים וואָס זוכן עולם־הזה, ער האָט אָפּגעשפּאָט פון קרעמערלעך וואָס יאָגן זיך נאָך פאַרדינסטן. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל ער זאָל זיך פרייען מיט אַ הענדלערס הצלחה אין געשעפט, ער האָט דעמאָלט

געטראַכט אַז דאָס פֿאַסט גיכער פֿאַר ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער... און צמח האָט זיך האַסטיק אויפֿגעזעצט אויפֿן געלעגער, דער גאַנג פֿון פּאָמפּעדיקל צווישן זיינע שלייפֿן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

שוין דאָס צווייטע מאָל ווי ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער מישט זיך אַריין אין זיין לעבן. בעת ער האָט געמוזט אָוועק פֿון וואַלקעניק האָט דער מחזה־אברהם אים פֿאַרגעוואָרפֿן פֿאַרוואָס ער האָט אָפּגעלאָזט דעם ערשטן שידוך פֿון אַמדור. איצט אַז ער דאַרף אָוועק פֿון נאַרעוווע, האָט אים דער ראש־ישיבה איבערגעגעבן אַז דער מחזה־אברהם צאָרנט ווידער אויף אים פֿאַרוואָס ער האָט איבערגעלאָזט דאָס ווייב. צמח האָט דערפֿילט ווי טרערן קייקלען זיך איבער זיין פּנים און בלייבן הענגען אויף זיינע וואָנצעס ביי די מויל־ווינקלען. זיין רבי ר׳ יוסף־יויזל הורוויץ פֿון נאָוואַרעדאָק איז געווען גערעכט. דער גרעסטער גזר־דין אויף אַ מענטשן איז אויב ער קען זיך ניט ענדערן. אַ גאַנץ לעבן האָט ער אַריינגעערדט אין זיך און אין אַנדערע אַז אַ מענטש קען זיך ענדערן און מוז זיך ענדערן. למעשה האָט ער גאָרניט אָדער זייער ווייניק זיך געענדערט. זינט ער געדענקט זיך איז ער דער זעלבער, תמיד דער זעלבער...

אויף מאָרגן איז סלאָווע געזעסן אין חדר אַ פֿאַרזאָרגטע, צמח איז געלעגן קראַנק. ער האָט ניט געפֿילט קיין ווייטאָג און ניט געהאַט קיין היץ, נאָר ניט געקענט זיך אויפֿשטעלן. האָט ער געשיקט די בעל־הביתטע נאָכן ווייב. זיין בלאַס פּנים, אַרומגעראָמט מיט דער זילבער־דורכגעוועבטער שוואַרצער באָרד, האָט געלויכטן מיטן אײדעלן טרויער פֿון אַ טלית מיט שוואַרץ־ווייסע פּאַסן.

„ווען איך בין פֿון וואַלקעניק צוריקגעקומען קיין לאָמזשע האָב איך דיר דאַכט זיך דערציילט, אַז מיין גרעסטער קעגנער אין וואַלקעניק איז געווען אַ ייד אַ גאון און אַ צדיק וואָס קומט דאָרט אויף דאַטשע, ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער, אָדער ווי מען רופֿט אים אויפֿן נאָמען פֿון זיינע ספֿרים, דער מחזה־אברהם. ער האָט עס געהייסן מיך דערווייטערן פֿון מיין וואַלקעניקער ישיבה. איצט גיב איך אים גערעכט... איז ווי נאָר איך וועל צוריקקומען צו די כּוחות וועל איך, בעזרת השם, פֿאָרן צו אים קיין ווילנע, און אויב ער וועט מיר ראָטן צוריקפֿאָרן צו דיר קיין לאָמזשע, וועל איך עס טאָן. דערווייל פֿאָר אַהיים. פֿאָר פֿון דאַנען אַוועק וואָס פֿריער, אויב דו קענסט — נאָך היינט.״

„און דיין האַרץ זאָגט דיר ניט וואָס צו טאָן?״ איז אַ ציטעריקער שמייכל אומגעשפּרונגען איבער איר פּנים, פֿון די אויגן אויף די ליפּן און צוריק, ווי אַ פֿייגל וואָס האָט ניט וואו זיך אַראָפּצוזעצן. „דאַרפֿסט פֿרעגן ביי אַן אַנדערן צי דו זאָלסט צוריקפֿאָרן צום ווייב?״

„איך וועל אים ניט פֿרעגן צי איך מעג מיט דיר וואוינען, כאָטש איך וואָלט

אים אויך וועגן דעם באַדאַרפט פרעגן,״ האָט ער געמורמלט מיט אַ בייזן קנייטש צווישן די צונויפגעצויגענע ברעמען און סלאַוועס פאַרטרערטע אויגן האָבן זיך גלייך גענומען צינדן מיט פונקען פון כעס. נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטן און אים געלאָזט ריידן ווייטער. „איך וויל אים פרעגן צי נאָך אַזויפיל יאָרן פון מאַטערניש פאַר תורה זאָל איך ענדיקן מיט ווערן אַ קרעמער. דערווייל פאָר אַהיים.״

„צי דו מעגסט וואוינען מיט מיר, פרעג ביי מיר, איך ווייס עס בעסער פון דיין גאון און צדיק. נאָר אויב ער וועט דיר עצהן ווערן אַ רב אָדער אַ ראש־ישיבה, וועל איך דיר אין וועג ניט שטיין. איך וועל קיין רביצין ניט ווערן. דערווייל וועל איך צוריק קיין לאָמזשע ניט פאָרן, איך וועל פאָרן מיט דיר קיין ווילנע און פון דאָרט צוריקקומען קיין לאָמזשע אָדער אינאיינעם מיט דיר אָדער מיט אַ גט.״

סלאַוועס האָט גערעדט פאַמעלעך און אויך צמח האָט נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכטן געענטפערט פאַמעלעך.

„גוט, פאָר מיט מיר קיין ווילנע, אויב דו ווילסט. נאָר איך קען פון דאַנען ניט אַוועקפאָרן איידער איך פועל ביים לאָהויסקער אַז אויך ער זאָל אַוועקפאָרן פון נאַרעווע. ער מאַכט חרוב די ישיבה און איך טראָג די אַחריות ווייל איך האָב אים אַהערצו געבראַכט. די ישיבה איז גרייט אים געבן געלט וויפל ער באַדאַרף, אַבי ער זאָל אַוועקפאָרן.״

„ער וועט טאָן פונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם וואָס דו וועסט פון אים פאַרלאַנגען, איך וועל מיט אים ריידן און וועל פועלן,״ האָט סלאַווע געזאָגט.

זי האָט געזען אַז צמח קוקט אויף איר מיט אַ רואיקן פאַרשערישן בליק. אירע באַקן האָבן זיך באַדעקט מיט פורפור. ס'האָט זי ניט באַליידיקט וואָס ער איז זי חושד מיט זיין תלמיד; באַליידיקט האָט זי וואָס דער חשד רופט ביי אים אַפילו ניט אַרויס קיין איפערזוכט און צאָרן, נאָר עפּעס אַ שטילע באַדויערונג און פרומע זאָרג, צי ער וועט לויטן יידישן דין מעגן מיט איר וואוינען. פאַרוואָס האָט זי אים ליב? אַמאָל האָט זי אים ליב געהאַט פאַר דעם וואָס האָט צעבראָכן זייער צוזאַמענלעבן — פאַר זיין מוט און ניט גיין אויף פשרות. אָבער הלמאי האָט זי אים איצט ליב? מסתמא פאַר דעם וואָס ער קען אַזוי טיף ליידן און איז נאָך אַלץ דער איינגעשפּאַרטער מוסרניק. ווער ווייס? ווען ער וואָלט ניט געווען אַזאַ משוגענער וואָלט זי אים אפשר קיינמאָל ניט ליב געהאַט, אָדער לאַנג שוין אָפּגעגט.

# 13

**די שיינע רביצן** האָט פון חייקלען געוואָלט דערגיין, ווי מיינט ער, זיין רבי אין ווילנע וועט איר מאַן עצהן ווערן אַ ראש־ישיבה, אָדער אים הייסן צוריקפאָרן אַהיים. „לויט דעם ווי איך קען דעם מחזה־אברהם וועט ער אייער מאַן הייסן צוריקפאָרן אַהיים," האָט חייקל געענטפערט זייער אַ פאַר־טרויערטער. סלאָוועס אויגן האָבן אויפגעלויכטן, איר איז גוט געוואָרן אויפן האַרצן. האָט זי דעם איינגעליבטן בחור צוגעדריקט צו זיך, ווי אַן עלטערע שוועסטער אים געגלעט און באַרואיקט: זאָל ער ניט זיין אַזוי צעקלעמט. זי איז דאָך אַ סך עלטער פון אים. ער וועט נאָך ליב האָבן פרויען, און פרויען וועלן אים ליב האָבן. אָבער חייקל האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון אירע הענט. „ניט וועגן דעם טראַכט איך, ניט וועגן דעם. איצט וועט זיך דער רבי אַלץ דערוויסן," האָט ער אויסגערופן און איז אַרויסגעלאָפן פון האָטעל־צימער.

ס׳האָט געדויערט ביז סלאָווע האָט זיך אָנגעשטויסן וואָס דער בחור מיינט. אַ ייִנגל, האָט זי געצויגן מיט די אַקסל, אַ ייִנגל. ער האָט פריער, זעט אויס, גערעכנט אַז זי וועט דאָ בלייבן אויף שטענדיק און ער לעבן איר. דער פאַרהאַנג איבערן געעפנטן צימער האָט לייכט געציטערט אין פרילינג־ווינטל און אויס־געשאַרכט אַ בשורה־טובה פון האָפענונג אויף אַ באַנייט משפחה־לעבן. אָבער סלאָווע האָט זיך ניט געפרייט. צמח זאָל אַפילו מער ניט פּרואוון איבערמאַכן די וועלט, וועט ער קיין וועלטלעכער מענטש שוין ניט ווערן און זי וועט זיך מוזן צופּאַסן.

אין אָוונט איז געקומען משה חייט לאַהויסקער און גלייך אָנגעהויבן מיט חוזק. „איך האָב געהערט אַז דער בעל־מוסר ר׳ צמח אַטלאַס פאָרט מעשה חסיד נאָך אַן עצה צו אַ רב קיין ווילנע און איר פאָרט מיט!" איבערן לאַהויסקערס בולטן, גערונצלטן און פאַרשוויצטן שטערן איז געשטאַנען אַ זשמוט דראָטענע האָר. זיינע אויגן פון הינטער די ברילן האָבן געקוקט ווי פון אַ פינצטערן קעלער. מען האָט געקענט זען אַז דאָס האַרץ אין אים פלאַטערט, דאָך האָט ער זיך געפלייסט צו ריידן פריילעך און שפּאַטיש.

„חייקל ווילנער איז אויסער זיך וואָס איר פאָרט אַוועק. פאָרט ער אויך קיין ווילנע, ער לויפט אייך נאָך."

„ער לויפט מיר ניט נאָך, נאָר פאָרט אַהיים אויף יום־טוב," האָט סלאָווע געענטפערט. „חייקל איז צעקלעמט ווייל ער האָט מיטאַמאָל באַקומען מורא אָדער שעמט זיך, זיין רבי אין ווילנע זאָל זיך ניט דערוויסן אַז ער פלעגט דאָ צו מיר אַריינקומען שמועסן."

„איבער דעם איז ער אַזוי צעשרויפט? מיר האָט ער ניט געוואָלט זאָגן די סיבה," האָט דער לאָהויסקער געלאַכט און איז פריילעך געוואָרן אויף אַן אמת. „איך בין צופרידן וואָס איר פאַרשטייט אַז דער ווילנער האָט ניט קיין טיפע געפילן צו אייך. איידער איר האָט עס אַליין פאַרשטאַנען האָב איך עס אייך ניט געוואָלט זאָגן, איר זאָלט ניט מיינען אַז איך בין אים מקנא. איר זייט אים געפעלן ווי דער וואַלד און ווי די פייגל, כדי ער זאָל קענען וועגן אייך שרייבן לידער. אפשר זייט איר אים געפעלן אויך ווי אַ פרוי, נאָר מיטן האַרץ האָט ער אייך ניט ליב."

מיט אים האָב איך ניט געטאָרט שפּילן, האָט סלאַווע געטראַכט וועגן דעם צעפלאַמטן לאָהויסקער. אונטערן רושם פון אירע שטילע רייד איז אויך איר פנים געוואָרן שמעלער. די שיין פון טיש־לאָמפּ האָט אויסגעציטערט אַ רויטלעך־גאָלדענעם קרייז צווישן זייביידן, פאַרטיפט די שטילקייט אין צימער און דעם ערנסט פון אירע ווערטער: איר איז פיינלעך, האָט זי געזאָגט, וואָס איר מאַן האָט אים אַוועקגענומען פון זיינע עלטערן אין רוסלאַנד און ער וואַלגערט זיך יאָרן־לאַנג אין דער פרעמד. איר איז נאָך פיינלעכער וואָס איבער איר האָט ער פאַרלאָרן זיינע פּאָר לעקציעס ביי די נאַרעווער יידן. זי איז גרייט אים העלפן אַוועקפאָרן וואו ער וויל און זיך דאָרט איינאָרדענען. סלאַווע האָט געזען ווי משה חייט האָט אַ שטאַרקן ציטער געטאָן ווייל אויך ער, פונקט ווי חייקל, וויל זיך מיט איר ניט שיידן. „ווייסט איר וואָס? פאָרט אויך קיין ווילנע," האָט זי געזאָגט און גלייך חרטה געהאַט אויף אירע רייד. איר קול איז געוואָרן טרוקן: זי וויל אים ניט נאַרן, זי האָט ליב איר מאַן. און אויב דער רב וואָס צמח פאַרלאָזט זיך אויף אים וועט אים הייסן צוריקפאָרן קיין לאָמזשע און ער וועט פאָלגן, וועט זי פון איר זייט פרואוון פאַרגעסן צמחס עוולות קעגן איר.

„און אויב דער רב אין ווילנע וועט אייער מאַן ניט הייסן צוריקפאָרן מיט אייך קיין לאָמזשע?" האָט משה חייט נעבעכדיק געשטאַמלט, די אויגן צו דער ערד. „וואָס וועט זיין אויב איר וועט ניט שלום ווערן מיט אייער מאַן?"

איר איז געווען אַ חרפה וואָס זי דאַרף זיך קליגלען צו טרעפן ווי איר מאַן וועט האַנדלען לויט דער עצה פון אַ פרעמדן ייד. אָבער זי האָט אויך קיין האַרץ ניט געהאַט וויי צו טאָן דעם בחור און אים ענטפערן, אַז זי וועט מיט אים ניט בלייבן ווי צמח זאָל ניט האַנדלען. האָט זי געשוויגן און דער לאָהויסקער איז געוואָרן אַלץ אויפגעלעבטער. „איך בין ווייט ניט זיכער אַז אייער מאַנס בעל־עצה אין ווילנע וועט אים הייסן צוריקפאָרן מיט אייך קיין לאָמזשע." לויט איר פנים האָט ער דערקענט אַז זי פאַרשווייגט עפּעס און אין איין אויגנבליק איז ער פול געוואָרן מיט חשד. „דאָס האָט אייער מאַן אייך געהייסן מיך צוריידן אַוועקפאָרן פון נאַרעווע?"

„מיין מאַן האָט מיר גאָרניט געהייסן, דאָס האָב איך אים געזאָגט אַז איך וועל ריידן מיט אייך. די ישיבה וויל איך געבן געלט וויפל איר באַדאַרפט אויף אַוועקפאָרן און זיך איינאָרדענען. לוינט אייך צו בלייבן אין נאַרעווע און זיך מוטשען, אַבי אָפּטאָן דער ישיבה אויף להכעיס?"

משה חייט האָט בלויז געוואָרט זי זאָל עס אים זאָגן און ער האָט שוין ווידער גערעדט אַ האַפּערדיק־צעפּלאָמטער: ער וועט אויף קיין פאַל ניט בלייבן אין דער פאַרדריפּעטער נאַרעווע. צו זיינע חברים פון ישיבה האָט ער איבער־הויפּט גאָרניט, אויך זיי באַדויערן זייערע פאַרלאָרענע יאָרן... סלאַווע האָט זיך צוגעהערט ווי ער פּיבערט און פאַנטאַזירט. נאָר זי האָט זיך מיט קיין וואָרט ניט אָפּגערופן און געטראַכט אַז זי נאַרט אים ניט. זיין גאַנצע ליבע צו איר בעמט זיך פון זיין שנאה צו איר מאַן. זאָל ער זיך נאָר וואו עס איז איינאָרדענען, וועט זיך גלייך אויסוועפּן זיין האַס צו צמחן און זיין איינגערעדטע ליבע צו איר.

בלויז די בחורים וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד בלייבן אויף יום־טוב אין ישיבה. אָבער די עלטערע און יינגערע בני־תורה פון פּוילן, ליטע און וואָלין צעפאָרן זיך סוף זמן אַהיים. אַ וואָך פאַר פּסח ווערט דעם ראש־ישיבהס שטוב פול מיט לערנער וואָס קומען זיך געזעגענען. די בחורים זיינען פאַרפּוצט אין זייערע שבתדיקע אָנצוגן, אין ווייסע קרעגעלעך מיט שניפּסן, און טראָגן די קאַפּעליושן פּראַנטיש אָן אַ זייט, אָדער אַרויפגערוקט ביז צו דער פּאַטילניצע, ווי צו באַווייזן די אויסגעהאַרעוועטע שטערנס אין לערנען. בעת אַזאַ מצוין וואָס האָט דורכן ווינטער דורכגעאַקערט די מסכתא יבמות אָדער בבא־בתרא קומט אַראָפּ אין שטעטל, באַפאַלט דעם דאָרטיקן רב אַ פּחד אַז דער מצוין זאָל מיט אים ניט נעמען זיך מתווכח זיין און דערזען אַז ער, דער רב, האָט פאַרגעסן זיין גאַנצע תורה. דער בחור דרייט זיך אַרום אין שטעטלשן בית־מדרש מיט שטייפע אַקסל און רעדט צו קיינעם קיין וואָרט ניט. ער טוט בלויז יעדע וויל אַ קוק אויפן וואַנט־זייגער און אויף זיין האַנט־זייגערל צי זיי שטימען, און קוקט אַרויס דורכן פענצטער, ווי ער וואָלט ערגעץ־וואו באַדאַרפט גיין צו דער מינוט. וואו צו גיין האָט ער ניט, וואַרפט ער אַ זייטיקן ביטול־בליק אויף אַ בעל־הבית ביי אַ ספר. דער אַלטער בעל־הבית געדענקט דעם וואויללערנער ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינער באַדיונג, און אַמאָל אויך פון דער צייט ווען ער האָט נאָך געפּויזעט אויף אַלע פיר. פונדעסטוועגן מחמת אהבת־התורה און אָפּשיי פאַר תלמידי־חכמים שטעלט זיך דער זקן פאַרן יונגן בן־תורה אַ פאַרציטערטער ווי פאַרן גדול הדור.

נאָך צווישן חברים ביים ראש־ישיבה אין שטוב פאַרברענגען די וואויל־לערנער היימיש, מען לאַכט איינגעהאַלטן מיט אַ מויל־ווינקל, מען שמועסט געמיטלעך, מען וואַרט ביז דער ראש־ישיבה וועט אַרויסבאַגלייטן פון ספרים־

חדר איין בחור און אַריינרופן אַ צווייטן. אָבער דאָס מאָל אַז ר׳ שמחה גייט אַרויס פון חדר צום פאַרזאַמלטן עולם דערקענט ער אויף די פּנימער אַ שטילע מהומה. באַלד דערזעט ער די סיבה: פון אַ ווינקל גייט אויף אים משה חייט לאַהויסקער און רעדט צו אים אָן אַ סימן פון דרך־ארץ. „אויך איך בין געקומען מיט אייך זיך געזעגענען, איך פאָר אַוועק פון נאַרעווע.״ דער לאַהויסקער טוט אַ שפּאַן צום ראש־ישיבהס ספרים־חדר און דער ראש־ישיבה גייט אים נאָך, ווי באַצוואונגען פון זיין חוצפּה.

„איך האָב געהערט אַז איר זייט גרייט מיר געבן וויפל געלט איך וויל, אָבי איך זאָל אַוועקפאָרן. טאָ גיט מיר דריי הונדערט זלאָטעס... זאָל זיין צוויי הונדערט מיט פופציק, אויף הוצאות, אויף זיך אויסקליידן און אויף לעבן די ערשטע צייט, ביז איך וועל נעמען פאַרדינען. אָבער גלייך! איך קען ניט וואַרטן!״

משה חייטס אָנשטעל פון ניט־געוויינלעכער העזה האָט דעם ראש־ישיבה אונטערגעזאָגט אַז ער דאַרף גלייך נאָכגעבן, דער מופקר קען נאָך חרטה האָבן. ר׳ שמחה האָט אים געבעטן וואַרטן און אַליין איז ער אַריין אין קיך צו דער רביצן. „גיב מיר אָפּ דאָס גאַנצע געלט וואָס איך האָב דיר געגעבן אויף יום־טוב, מיר וועלן פּטור פון לאַהויסקער.״ די רביצן האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַן און ווי עס פאַרשמעקט דער ריח פון געבראָטנס, איז איר געפעלן אויסצוהאַלטן דעם נסיון, איינשטעלן דעם פּסח, אָבי ראַטעווען די ישיבה. מיטן באַקומענעם פּאַפּיר־געלט אין די הענט איז ר׳ שמחה אַריין צו זיינע תלמידים אין אַנדערן צימער. „רבותי, מיר וועלן פּטור פון לאַהויסקער. ביי דער רביצן האָב איך שוין צוגע־נומען דאָס גאַנצע געלט וואָס זי האָט געקראָגן אויף מאַכן יום־טוב. איצט גיט מיר יעדער פון אייך צושטייער פון זיין הוצאת־הדרך. טאָמער וועל איך ניט האָבן אָפּצוגעבן, וועט איר בלייבן אויף יום־טוב אין נאַרעווע און מיר וועלן הונגערן אינאיינעם.״ קיינער פון די לערנער האָט זיך ניט געוואַקלט, יעדער האָט גלייך אַרויסגענומען זיין בייטעלע. ר׳ שמחהס הענט האָבן געציטערט און ער האָט געבעטן די בחורים זיי זאָלן אָפּציילן צוויי הונדערט מיט פופציק זלאָטעס, אַ פּרוטה זאָל ניט פעלן.

משה חייט אין ספרים־חדר האָט געפילט ווי די אָדערן אויף זיינע שלייפן בלאָזן זיך אָן ביז צום פּלאַצן: וואו וועט ער זיך איצט לאָזן אין דער וועלט אַריין צווישן פרעמדע מענטשן? און פון וואַנען איז ער זיכער אַז סלאָוועס וועט זיך אויף אים אומקוקן, אויב אַפילו זי וועט זיך מיטן מאַן שיידן? זי האָט דאָך אים גאָרניט צוגעזאָגט, גאָרניט... דער ראש־ישיבה איז אַריינגעקומען מיטן געלט אין דער האַנט, דער לאַהויסקער האָט זיך צעלאַכט נאָך מיט מער חוצפּה. ער האָט גיריק אַ כאַפּ געטאָן דעם הויפן פּאַפּיר־געלט, איבערגעציילט און פאַרשטופּט אין קעשענע. „צוויי הונדערט מיט פופציק זלאָטעס פאַר זיבן באַגראָבענע יאָרן,״

האָט ער אַ כּאַרכל געטאָן און איז אַרויס פון ספרים־חדר. ער האָט געוואוסט אַז ער האַנדלט מוראדיק פּראָסט און גראָב. ער האָט געוואָלט צוריקגיין צום ראש־ישיבה, אים אָפּגעבן דאָס געלט און זיך צעוויינען. נאָר אויב ער זאָל דאָס טאָן וועט דער ראש־ישיבה ערשט דעמאָלט אים אַרויסווייזן שנאה און פאַראַכטונג. האָט ער דורכגעשפּרייזט די חדרים מיט אַ הילכיקן טראָט און אָפּלאַכעריש געקוקט אויף די בחורים. יענע האָבן אָפּגעדרייט די קעפּ און באַטראַכט די נעגל פון זייערע פינגער, אַראָפּגעקוקט אויף די שיך צי זיי זיינען כּדבעי אויסגעפּוצט לכבוד דער נסיעה. די בחורים האָבן זיך געהיט אים ניט אַ שטאָך צו טאָן מיט אַ בליק, אַבי ער זאָל אַוועקגיין, אַבי מען זאָל פון אים ווערן אויסגעלייזט. ביים אַרויסגאַנג האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף חייקל ווילנער.

„אויך איך פאָר קיין ווילנע,״ האָט דער לאָהויסקער הויך אויסגערופן, די מוסרניקעס זאָלן הערן און געדענקען, אַז פונקט ווי ער האָט דעם ווילנער ניט אָפּגעלאָזט אין נאַרעווע, וועט ער אים אויף ווייטער ניט אָפּלאָזן, ביז ער וועט פון אים ניט מאַכן אַזאַ מסית־ומדיח ווי ער אַליין איז.

ווי פאַר חייקלען איז ניט געווען אומגעריכט אַז דער לאָהויסקער פאָרט קיין ווילנע, האָט ער איצט וועגן דעם ניט געקענט טראַכטן, ווייל די ישיבה־לייט האָבן אויך פון אים זיך אָפּגעדרייט. פון אַזאַ קבלת־פּנים איז אים ענג געוואָרן אין האַלדז. ער האָט געוואוסט אַז דער דרך־ארץ איז צו וואַרטן ביז דער ראש־ישיבה רופט אַריין. אָבער ער זאָל ניט דאַרפן שטיין אין דער פּיינטלעכער מסיבה פון די ישיבה־לייט, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר פון חדר־מיוחד און איז אַריין אינעווייניק.

ר׳ שמחה פיינערמאַן איז געשטאַנען ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט צי דער לאָהויסקער איז שוין אַוועק. דערזען דעם אַריינגעקומענעם ווילנער, איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק: נייע צרות! נאָר חייקל האָט געמורמלט מיט דרך־ארץ און מיט אַ פאַרשולדיקטן אויסזען אַז ער פאָרט אַוועק, איז ער אַריין זיך געזעגענען.

„און ווען קומט איר צוריק?״

ערשט ווען דער ווילנער האָט אים אָנגעקוקט פאַרחידושט און דערפרייט, האָט זיך ר׳ שמחה געכאַפּט אַז ער האָט די שאלה געשטעלט ניט טראַכטנדיק, ווי ער פרעגט געוויינלעך ביי יעדן בחור וואָס קומט אַריין זיך געזעגענען. „איך פאַרשטיי, איר ווילט אויפן נייעם זמן בלייבן אין דער היים און לערנען ביים מחזה־אברהם. אַזוי איז טאַקע גלייכער.״ ר׳ שמחה פיינערמאַן האָט צייטנווייז אַפילו אַ ייִנגערן דערציילט פון זיינע צרות, כּדי אים צו מאַכן פאַר אַ פריינד. בפרט אַז דער ווילנער דרייט זיך ביים מחזה־אברהם און איז מסתמא אַן איינגייער אין וועד־הישיבות. דאַרף מען אַוודאי זיך היטן ווי פאַר פייער ער זאָל ניט

אַוועקפּאָרן מיט אַ פּאַראַיבל. האָט ר׳ שמחה געגומען אויסקרעכצן זיין צער און ביטערניש אויפן לאָהויסקער. „זיבן יאָר איז ער ביי אונדז אָפּגעזעסן. מרא דעלמא כולא! וויפל מיר האָבן זיך עס פון אים אָנגעליטן! איצט אַז ער פאָרט אַוועק איז ער אונדז נאָך אַ דם־שונא. און איר, ווילנער, איר זייט אונדז אויך אַ שונא? אייך האָבן מיר אויך שלעכטס געטאָן?"

„אַ שונא? איך בין געקומען אָפּדאַנקען," האָט חייקל געשטאַמלט און נאָך געוואָלט צוגעבן אַז ער בעט מחילה פאַר דעם וואָס ער האָט דער הנהלה פאַר־שאַפט קלעמעניש, אַזוי געריירט איז ער געוואָרן פון ראש־ישיבהס אויסדערציילן אים וועגן זיינע יסורים. אָבער ר׳ שמחה האָט דעם ווילנער בכלל ניט געלאָזט קומען צום וואָרט, אים זאָל ניט איינפאַלן בעטן רשות צו קומען אויפן נייעם זמן. מיט דער האַנט אַרום ווילנערס אַקסל, האָט דער ראש־ישיבה אים אַרויסבאַגלייט פון ספרים־חדר, דורכן עסצימער און דורך דער פאָדערשטוב ביז צום אַרויסגאַנג, צו דער שטוינונג פון אַלע תלמידים. ביי דער טיר האָט ער דעם תלמיד דער־לאַנגט די האַנט און צוגעוואונטשן.

„יהי רצון אַז איר זאָלט ניט פאַרגעסן וואָס איר האָט ביי אונדז געלערנט."

# 14

## דער מחזה־אברהם און צמח אַטלאַס שמועסן שוין

אַ לענגערע צייט אין חדר־שני פון פּאַפּלאַווער קלויז. צמח שטייט מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אויפן שולחן אינמיטן שטיבל. ר׳ אברהם־שעיה זיצט קעגנ־איבער אויף דער מזרח־באַנק און רעדט צו אים אַריבער: אין וועלכן ספר שטייט עס געשריבן אַז זיין אַ רב אָדער ראש־ישיבה איז אַ העכערע מדרגה ווי זיין אַ קרעמער? פאַרוואָס זאָל ר׳ צמח גאָר שטעלן די קשיה אויף אַזאַ פאַרשפּיצטן אופן, צי ער זאָל נאָך אַזויפיל יאָרן פון מאַטערניש פאַר תורה פאַרענדיקן מיט ווערן אַ קרעמער. ניט ער פאַרענדיקט מיט דער תורה און ניט ער פאַרענדיקט מיט זיך. דער עצם איינשטעל אַז די מאָס פון גרויס און קליין איז לויטן אָרט וואָס מען פאַרנעמט — אַ דורכויס פאַלשער איינשטעל, אַ דורכויס וועלטישע מאָס און דער היפוך פון רוח־התורה. ווער עס לעבט מיטן בורא־עולם, דער פילט אים איבער זיך אויך ווען ער שטייט אין מאַרק און אין געוועלב. זיין מחשבה איז פאַרבונדן מיט די עליונים, כאָטש די אַרומיקע ווייסן ניט און דאַרפן עס ניט וויסן. אינדערפרי נאָכן דאַווענען לערנט ער אַ פּרק משניות מיט בעלי־בתים און אַ בלאַט גמרא פאַר זיך. האָט ער מער ניט קיין צייט, פאַרמאַכט ער אָן קרעכצעניש דעם ספר און גייט צו זיינע געשעפטן. ער שיקט אָפּ די קינדער אין חדר און

זעצט זיך עסן פרישטיק. ער שטייט אין געוועלב און גיט אַן ערלעכע מאָס, אַ ריכטיקע וואָג. ווערט ער פריי פון געשעפט, גייט ער צוריק אין בית־מדרש און צוריק צו דער תורה. צווישן מענטשן זאָגט מען אויף אים אַז ער איז אַ שטילער ייד, און ער וויל טאַקע ניט זיין עפּעס מער ווי אַ שטילער ייד. אויב ער איז אַ גדול, איז זיין גדלות אַ סוד צווישן אים און דעם רבונו־של־עולם. אַן אמתער תלמיד־חכם קרעכצט וואָס ער מוז זיין אַ רב אָדער אַ ראש־ישיבה. ר׳ עקיבא אייגער האָט זיך אָנגעפּרעגט ביי זיינעם אַ תלמיד, אַ רב אין אַ שטעטל, צי ער קען ניט קריגן פאַר אים אַ מעמד פון אַ מלמד מיט קינדער, ווייל ער וויל מער ניט זיין פויזנער רב. איז אויב איינעם איז באַשערט אַ שטיל לעבן אין אַ וויג־קעלע, דאַרף ער דאָך דאַנקען דעם בורא־עולם פאַר אַזאַ זכות.

די הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט, נעמט ר׳ אברהם־שעיה אַרומשפּאַצירן דורכן שטיבל און רעדט מיט עגמת־נפש.

„איך זאָל אַפילו וויסן אַז צום פאַרלאַנג צו ווערן אַ ראש־ישיבה שטופּט אייך די זאָרג פאַרן קרן התורה וואָס איז איצט שטאַרק געפאַלן; איך זאָל אַפילו וויסן אַז איר וועט מצליח זיין ווי ר׳ חיים וואָלאָזשינער און דער חתם־סופר, וואָלט איך אייך אויך געעצהט צוריקפאָרן אַהיים און ווערן אַ קרעמער. ר׳ חיים וואָלאָזשינער און דער חתם־סופר האָבן דאָך ניט באַדאַרפט זיך צעגיין מיט זייערע רביצנס כדי צו זיין ראשי־ישיבות און רבנים. אָבער וואָס פאַר אַ ממשות קען האָבן אייער לערנען תורה און מוסר מיט אַנדערע, בעת איר צעברעכט דורך דעם דאָס לעבן פון אייער פרוי? זי דאַרף זיין אַן אשה חשובה, אויב זי ליידט אַזוי לאַנג און וויל זיך פאָרט ניט שיידן."

„ס׳איז ביי איר אַן עקשנות," זאָגט צמח.

„כ׳גלייב ניט," טוט ר׳ אברהם־שעיה אַ לאַך וואָכעדיק און טרוקן, ווי בעת ער זעט אַז מפרשים האָבן אָנגעפּילפּולט גאַנצע בערג אויף אַ סוגיא וואָס איר פּלאָנטער איז אַרויסגעקומען פון אַ טעות־הדפוס. „ס׳גלייבט זיך מיר ניט אַז אַ פרוי מיט שכל און פון אַ בעל־הבתישער היים וועט זיך אַזוי לאַנג לאָזן מאַטערן נאָר כדי אויסצופירן דאָס איריקע. איך וועל גיכער גלייבן אַז זי ליידט ווייל זי איז שוין אַריינגעקראָכן, דאָס גופא איז אַ סימן פון אַן אשה חשובה. איר טענהט, זי זאָל נעמען אַ גט. און אַז זי וועט נעמען אַ גט וועט עס גאַנץ מאַכן איר צעבראָכן לעבן? און בעת איר וועט וויסן אַז איר האָט חרוב געמאַכט איר לעבן, האָפט איר נאָך מצליח צו זיין מיט תלמידים?"

אַ פאַרמאַטערטער פון אַרומשפּרייזן, זעצט זיך ר׳ אברהם־שעיה צוריק אויף זיין אָרט, שפּאַרט אַן ביידע עלנבויגנס אָן ברעטל פון שטענדער און דריקט מיט די פינגער די שלייפן.

„אַוודאי פאַרשטיי איך אַז זיין אַ פּרוש און לגמרי ניט האָבן צו טאָן מיט דער

וועלט איז לייכטער ווי זיין אַ קרעמער, אַ סוחר, אַ בעל־מלאכה — און דאָך בלייבן אַ זייטיקער, אַ פרעמדער אין דער וועלט. אָבער דער דרך־התורה איז דווקא אַט דער שווערער וועג פון זיך עוסק זיין אין ישוב העולם צוגלייך מיט אַלעמען און פונדעסטוועגן בלייבן אַ פרוש אין געדאַנק און האַרצן."

„כדי צו זיין אַזאַ סאָרט מענטש טאָר מען די אַרומיקע ניט זאָגן דעם אמת." גיבן זיך צמחס אויגן אַ צינד אָן ווי לעצטע פונקען אין אַש.

„געוויס טאָר מען ניט!" גיט ר' אברהם־שעיה אומגעדולדיק אַ געשריי פון באַנק קעגנאיבער. „חוץ אין אויסנאַמיקע פאַלן ווען מען טאָר ניט צוזען און שווייגן, דאַרפן מיר דעם צווייטן גאָרניט זאָגן וועגן זיין כאַראַקטער און פירונג, ביז ער פרעגט אונדז ניט און ביז מיר זיינען ניט זיכער אַז ער איז מיט זיין פרעגן אויסן אויסצובעסערן זיין כאַראַקטער און פירונג. און אַפילו אין אַזאַ פאַל דאַרפן מיר אים ניט זאָגן מער ווי ער איז משיג און קען זיך ענדערן."

דער שמש האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין חדר־שני און גערופן צו מנחה. זינט אינדרויסן איז געוואָרן וואַרעמער האָט דער מנין געדאַוונט אין גרויסן בית־מדרש. די מתפללים — פיש־הענדלער פון נאָענטן פיש־מאַרק, עטלעכע קרעמער, אַ פּאָר בעלי־מלאכות. דער בעל־תפילה ביים עמוד האָט זיך געיאָגט און גלייך נאָך מנחה זיינען די דאַוונער זיך צעלאָפן פאַרשמייעטע מיטן ערב־פּסח. בלויז ר' אברהם־שעיה איז שטיין געבליבן אין זיין מזרח־ווינקל אַ פאַרזונקענער אין דער שטילער שמונה־עשרה. צמח האָט פון הינטער דער בימה אים נאָכגעקוקט און געטראַכט, אַז דער מחזה־אברהם פירט אַזאַ פאַרהוילן לעבן ווי ער עצהט אַנדערע, ער דאַוונט און לערנט צווישן אָרעמע פּראָסטלעכע יידן וואָס פאַרשטייען זיך אפשר אויף זיין איידעלער הנהגה, אָבער ניט אויף זיין תורה.

אַ גאַנצע ריי פענצטער פון בית־מדרש האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ גרויס פעלד צווישן בערגלעך, מיט צוויי קליינע קיילעכדיקע באַסיינען אויף האָדעווען פיש. די זונשטראַלן האָבן געשפּילט אין וואַסער ווי אין אַ פּאָר פאַרטרערטע צעשמייכלטע אויגן. אויף יענער זייט טאָל איז געשטאַנען אַ הויכער, ווייסער קלויסטער מיט נאָך העכערע צוויי טורעמס פוןביידע זייטן. די הענט פאַרלייגט אַהינטער, האָט צמח אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אינדרויסן און געטראַכט פון חייקל ווילנער וואָס האָט מסתמא אַ סך מאָל מבטל געווען פון לערנען צוליב אָט די צוויי אָזערעס. חייקל ווילנער האָט דאָך אַ שטאַרקן חוש פאַר יופי. דער מחזה־אברהם האָט אָבער געמיינט אַז מען קען אין אַזאַ גרויסן פּוסטן בית־מדרש איינהאַלטן אַ תלמיד דורך לערנען מיט אים גמרא און פּוסקים. פּונקט אַזוי מיינט דער מחזה־אברהם אַז זייענדיק אַ פאַרהאָוועטער קרעמער קען מען אינעווייניק אין זיך בלייבן אינדרויסן פון דער וועלט.

ר' אברהם־שעיה איז אַרונטערגעקומען פון מזרח מיט אַן אויפגעלעבטן

ראַזלעכן פּנים, ווי פון דאַוונען וואָלט אים צוגעקומען אַ שטיק געזונט. ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל, גענומען אין האַנט דעם שטעקן און איז שטיין געבליבן קעגן זיין אורח הינטער דער בימה. „דער נאַרעווער ראש־ישיבה האָט מיר געשריבן אַ בריוו מיט חידושי־תורה און ווי אַגב־אורחא באַמערקט אַז חייקל ווילנער האָט זיך געפירט שלא כהוגן. וואָס מיינט שלא כהוגן, ער האָט ניט געלערנט?" צמח האָט לאַנג אַראָפּגעקוקט אויף זיין באָרד איידער ער האָט געענטפערט.

„ווען מיר האָבן פריער געשמועסט וועגן מיינע תלמידים אין נאַרעווע האָב איך אייך אויך דערציילט וועגן לאָהויסקער בן־הרב וואָס איז קאַליע געוואָרן. און דווקא מיט אים האָט זיך חייקל ווילנער געחברט. שפּעטער איז געשען נאָך עפּעס ערגערס. בעת מיין ווייב איז געקומען קיין נאַרעווע האָט חייקל איר אַרויסגעוויזן אַ חיבה יתירה... משמעות אַז ער האָט זיך דערמיט געשעמט פאַר די חברים, האָט ער אויפגעהערט קומען אין ישיבה. דער אָנהייב איז געקומען פון איר זייט. זי האָט גענומען אַרומשפּאַצירן מיטן ווילנער און מיטן לאָהויסקער, כדי איך זאָל זיין געצוואונגען צוריקצופאָרן מיט איר קיין לאָמזשע. וואָלט איר ניט געקראָגן אַ בריוו פון נאַרעווער ראש־ישיבה און מיך ניט געפרעגט, וואָלט איך ביי זיך ניט געפועלט עס אייך צו דערציילן."

„חייקל איז שוין אַוועקגעפאָרן פון נאַרעווע?" האָט ר' אברהם־שעיה ווידער געפרעגט נאָך אַ לאַנגן און שווערן שטילשווייגן.

„ער איז צוריקגעקומען קיין ווילנע איינאיינעם מיטן לאָהויסקער. די ישיבה האָט דעם לאָהויסקער געגעבן געלט אַוועקצופאָרן," און אויך צמח איז אויף אַ ווייל אַריינגעפאַלן אין שטילשווייגן. „בדיעבד איז אפשר בעסער אַז איר ווייסט אַלץ. איר האָט פריער געזאָגט אַז מיין ווייב איז אַן אשה חשובה, וועט איר איצט וועגן איר קענען ריכטיקער משפּטן... למען האמת מוז איך צוגעבן אַז איך האָב ניט קיין שום יסוד חושד צו זיין עפּעס מער ווי איך האָב אייך געזאָגט, אַז דורכן פלוידערן אין שטוב און אין גאַס מיט אָט די צוויי בחורים האָט זי געוואָלט מיך צווינגען צוריקפאָרן מיט איר קיין לאָמזשע."

„דאַרפט איר וועגן דעם ניט ריידן און אַפילו ניט איבערטראַכטן," האָט ר' אברהם־שעיה אַ געערגערטער שאַרף אָפּגעהאַקט. ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר מיט אַ געבויגענעם רוקן און געטאַפּט מיטן שטעקן פאָרויס, ווי ער וואָלט אין די פאָר מינוט אַלט געוואָרן. פאַרן אַרונטערגיין פון די טרעפּ האָט ער אַ רעד געטאָן צום הענטל פון זיין שטעקן. „חייקל איז אַ גרויסער בעל־דמיון און יעדע ניט־מעגלעכע זאַך קען ביי אים ווערן אַ מציאות. איך מוז מודה זיין אַז אין אונדזער מחלוקת אין וואַלקעניק בנוגע חייקלען זייט איר גערעכט געווען, ניט איך. ער האָט באַדאַרפט לערנען אין אַ ישיבה. דערפאַר האָב איך אים צוגערעדט

פֿאַרן קיין נאַרעווע, ווייזט אויס אַז איך האָב איינגעזען מיין טעות שוין צו־שפּעט.״

אינדרויסן האָט ר׳ אברהם־שעיה געבעטן דעם אורח מיטגיין מיט אים אין שטוב. ער איז פֿון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ אומרואיקער, געוואָלט עפּעס זאָגן און זיך אָפּגעהאַלטן, ביז זיי זיינען צוגעקומען נאָענט צו דער דירה.

„מיין בעל־הביתטע איז היינט אַ מרת־נפש, מען האָט אונדז באַגנבעט.״ און ווי ער וואָלט זיך געריכט אויפֿן שווערן רושם וואָס דאָס וועט מאַכן אויף זיין באַגלייטער, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ געמאַטערטן שמייכל. „גאָר פּשוט. מען האָט אין אונדזער מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט אויסגעהאַקט ביינאַכט אַ גרויסע לאָך אין דער וואַנט וואָס קומט אַרויס אין הויף און אַרויסגעטראָגן די גאַנצע סחורה. זאָלט איר זיך ניט איבערשרעקן אויב מיין בעל־הביתטע וועט נעמען טענהן.״

דער גאַנצער אומעט פֿון געוועלב אָן סחורה און אָן קונים האָט אַרויסגעקוקט פֿון דער רביצנס גרויסע שוואַרצע אויגן. די איינציקע שטיקער שטאָפֿן, אַרויפֿ־געוויקלט אויף האַרטן טאַקטור, האָבן נאָך קענטיקער געמאַכט די ליידיקע נאַקעטע פּאָליצעס. לעצטנס האָט יודעס אויפֿגעהערט שרייען אויפֿן מאַנס אורחים זיי זאָלן אים ניט איינמאַטערן. זי האָט אויסגעקוקט אויף מענטשן כדי זי זאָל האָבן פֿאַר וועמען זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרצן. דער איצטיקער אורח איז איר באַזונדער געפֿעלן מיט זיין געשטעל און וואוקס. יודעס האָט ליב געהאַט אַז אַ רב זאָל זיין אַ מאַנספּאַרשוין, ניט קיין געהויקערט יידל מיט אַן אויסגעדריבלט בערדל.

„האָסט עפּעס צו עסן?״ האָט ר׳ אברהם־שעיה שטיל געפֿרעגט. „איך האָב, איך האָב,״ האָט די בעל־הביתטע געוואָרטשעט און איז אַרויסגעקראָכן פֿון הינטערן צאָלבאַנק. „די הורטאָוויקעס זאָלן האָבן אַזאַ ערב פּסח ווי איך האָב.״

ר׳ אברהם־שעיה איז האַסטיק אַריין אין וואוינשטיבל, ניט צו הערן אירע קללות. ער איז אַוועק אין קיכל הינטערן גרויסן קליידער־אַלמער און איז באַלד צוריקגעקומען מיט געוואַשענע הענט, זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע און געפֿרעפּלט אַ המוציא אויפֿן טרוקענעם ווייסן ברויט. די רביצן האָט אַריינגעטראָגן פֿון קיכל אויף אַ טעצעלע אַ פּאָר ווייך־געקאָכטע אייער און זיך נאָכאַמאָל איינגעקוקט אין פֿרעמדן יידן.

„פֿאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט ווער דיין גאַסט איז? אויך איך בין אַ מענטש און אויך מיר דאַרף מען זאָגן גוט־מאָרגן,״ האָט יודעס זיך געבייזערט. ר׳ אברהם־שעיה האָט זיך גענומען וואַרגן מיטן ביסן און זיך פֿאַרענטפֿערן: זי איז גערעכט, גערעכט, ער האָט פֿאַרגעסן. דער גאַסט איז דער פֿריערדיקער מנהל פֿון וואָלקעניקער ישיבה און לעצטנס אַ פּרוש אין נאַרעווער ישיבה. „אויב ער איז אַ פּרוש, קען דאָס ווייב ביי אים קיין גוט לעבן שוין ניט האָבן,״ האָט יודעס זיך אָפּגעדרייט פֿון אורח און זיך צעשריען אויפֿן מאַן. „עס! פֿאַרוואָס

עסטו ניט?" ר' אברהם־שעיה האָט אויסגעזען אַ האַלב־פאַרחלשטער פון איר גוואַלדעווען און זיך ביי איר געבעטן. „איך עס דאָך. מער ווי איין איי קען איך ניט אויפעסן, די צווייטע עס דו."

יודעס האָט פאַרן מאַן געבראַכט אַ שיסעלע מיט קאַלטן רייז, באַגאָסן מיט מילך, און פאַרן גאַסט אַ טעלער מיט עפל וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש מיט אַ טראַסק. „עסט אַן עפל, איר וועט מיר דעם קאָפּ ניט אָפּעסן!" האָט זי קאָמאַנדעוועט און געמאַלן מיט אַ פול מויל צונג, מיט אַ הויך מאַנסבילש קול: דריי סאָרטן קיילערס און שינדערס האָט זי געהאַט אויף זיך, אײַנגעבראָכן זאָלן זיי ווערן! דער ערשטער איז דער הויזווירט וואָס האָט געשונדן איר הויט פאַר דער דירה, איך בעט איבער אייער כבוד. אַ דירה איז עס? אַ קאַטוך פאַר היגער איז עס! דערנאָך האָט די פּוילישע מלוכה געשונדן פון איר די הויט פאַר שטייערן. אַ מויל קען עס דען אויסריידן? אַ קלייניקייט די פּאָדאַטקעס! אָבער די סאַמע ערגסטע זיינען די הורטאָווניקעס. זיי האָבן אויסגעזויגן די קליי פון אירע ביינער. זיי האָבן ביי איר גענומען אַזעלכע געשוואָלענע פּרייזן אַז זי איז בדיל־הדל געוואָרן נאָך פאַר דער גנבה. און זי האָט געמוזט שווייגן ווייל זיי האָבן דאָך איר געגעבן די סחורה אויף באָרג — געבן זאָל זיי גאָט אַ נייע נשמה און די אַלטע אַרויסוואַרפן פאַר די הינט! נאָך דער גנבה האָבן שניט־סוחרים געוואָלט מאַכן מיט איר אַ טאָלק — מאַכן זאָלן זיי מיט די זייטן! זיי האָבן פאַרלאַנגט זי זאָל באַצאָלן מיט אַ דריטל וויניקער וויפל זי קומט פאַר די געגנבעטע שטאָפן און זיי וועלן זיין קוויט. זאָגט זי צו זיי: איך וויל ניט פאַרכאַפּן פרעמד געלט. גיט מיר אויף באָרג נייע סחורה, וועל איך ביסלעכווייז אויסצאָלן אויך דעם אַלטן חוב. זיינען דאָך די הורטאָווניקעס ווילנער כויכעס, בייטל־שניידער. מיינען זיי אַז זי איז געראָטן אין זיי און וויל אָפּנאַרן. אייער מאַן, זאָגן זיי צו איר, איז דאָך אַ רב. טאָ באַצאָלט פריער דעם אַלטן חוב איידער איר מאַכט נייע. עפּעס אַ האָר דערמאָנט מען איר דעם מאַן דעם רב.

„צו אַלעמען האָט זי טענות, אויסער צו די גנבים," קען ר' אברהם־שעיה זיך ניט איינהאַלטן פון לאַכן און רופט ביים ווייב אַרויס אַ נאָך גרעסערן כעס. „דו ביסט שולדיק!" און מיט אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט אויף דער לינקער דלאָניע נעמט זי עס דערווייזן: ער גייט אַוועק פאַרטאָג צום דאַוונען, בעת זי שלאָפט ווי אַ דערהרגעטע פון צרות. האָבן די גנבים אָפּגעהיט די צייט וואָס ער איז אַוועק און האָבן זיך איינגעבראָכן אין געוועלב דורך דער וואַנט אין טויער. ווען ער גייט אָבער ניט אַוועק אַזוי פרי צום דאַוונען וואָלט גאָרניט געשען. די רביצן נעמט זיך קלאָגן פאַרן גאַסט אויפן מאַן וואָס הייסט איר צומאַכן דאָס געוועלב, וועט זי וויניקער דערלייגן. און וואָס וועט זי טאָן, זיצן מיט פאַרלייגטע הענט? אירע שונאים די הורטאָווניקעס וועלן עס ניט דערלעבן! אין דער מינוט

קומט אין געוועלב אַריין אַ קונהטע. די רביצן יודעס טוט זיך אַ וואָרף צום געשעפט און פון איר זעץ מיט דער האַלב־גלעזערנער שטוב־טיר ציטערן אַזש די שויבן.

„אַז זי איז אין כעס אויף די הורטאָווניקעס קלאַפּט זי מיט דער טיר," ערגערט זיך ר׳ אברהם־שעיה און מיט פאַרמאַכטע אויגן פאַרטיפט ער זיך אין ברכת־המזון. צמח קוקט אויף אים און דערמאָנט זיך ווי בעת זייער סכסוך אין וואַלקעניק האָט דער מחזה־אברהם פאַר אים געקרעכצט. „מעודי לייד איך, דאָך האָב איך ניט חרטה וואָס איך האָב מיט איר חתונה געהאַט און ניט מבייש געווען אַ בת־ישראל." יאָ, אַזוי לעבט און לײדט אַ שטילער מענטש וואָס גייט מיטן שטילן וועג.

פאַרטאָן מיט דער איינציקער קונהטע, האָט די רביצן ניט געלייגט קיין אַכט אויף איר מאַן מיט זיין אורח, וואָס האָבן דורכן געוועלב זיך אַרויסגעגליטשט אינדרויסן. זיי זיינען אַראָפּ פון זאַרעטשער באַרג, אויפן ראָג פּאַפּלאַווער גאַס האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך אָפּגעשטעלט.

„די גנבה איז פאָרגעקומען פאַרטאָג נאָך איידער איך בין אַרונטער פון געלעגער און איך האָב יאָ געהערט די טריט אין קלייט... איך זע אַז איר זייט פאַרחידושט הלמאי איך האָב געשוויגן. אָבער ווען איך געם שרייען, אָדער וועק אויף די בעל־הביתטע זי זאָל מאַכן אַ גוואַלד, וואָלטן די איינברעכער זיך אַריינגעריסן צו אונדז מיט זייערע העק און באַגאַנגען אַ רציחה, אָדער וואָלטן לכל הפּחות אונדז געבונדן און אויך צוגענומען די שבתדיקע לייכטער. האָב איך געשוויגן."

און שווייגט ווייטער! האָט צמח געטראַכט און באַגלייט דעם מחזה־אברהם ביז צום פּאַפּלאַווער בית־מדרש. ביים אַרויפגאַנג האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

„לכתחילה האָב איך בדעה געהאַט פאַרבעטן אייך ביידן צו זיך אין שטוב און מיט אייך זיך געזעגענען, איידער איר פאָרט צוריק אַהיים. נאָר לויט די היינטיקע קולות וברקים פון מיין עקרת־הבית בין איך ניט זיכער אַז זי וועט עס ניט טאָן אַפילו ווען אייער פרוי וועט זיין דערביי, און עס טויג גאָרניט אייער פרוי זאָל זען ווי הויך מען קען שרייען אויפן מאַן," האָט ר׳ אברהם־שעיה געשפּאַסט מיט צעפלאַמטע באַקן פון בושה. „וועל איך מאָרגן אַרום האַלבן טאָג אַריינקומען צו אייך אין אכסניא זיך געזעגענען," און ער האָט זיך געגוי אויס־געפרעגט דעם אַדרעס פון איינפאָרהויז.

## 15

**מאַן און ווייב** האָבן געוואוינט אין זעלבן האָטעל, נאָר אין באַזונדערע צימערן. אויך משה חייט האָט זיך דאָרט אַריינגעקליבן אין אַ קליין חדרל. צמח האָט געשטויגט און געצאָרנט. האָט אים סלאָווע געענטפערט מיט איר להכעיס־שמייכעלע, אַז ס׳איז שוין דאָס דריטע איינפאָרהויז אין דער דריטער שטאָט זינט זי יאָגט זיך נאָך אים. וואָלקעניק איז ניט איינס, נאָרעווע איז ניט צוויי, ווילנע איז ניט דריי. און אין ווילנער איינפאָרהויז וואוינט צמח פאַר זיך ווי ער וואָלט גאָרניט געווען איר מאַן. איז פאַרוואָס האָט זיך דאָ ניט געטאָרט אַריינקלייבן דער לאָהויסקער ? אַ שאָד וואָס דאָ וואוינט ניט אויך חייקל ווילנער, ס׳וואָלט געווען נאָך פריילעכער. פאַרוואָס זעט מען אים ניט, אָט דעם חייקל ? ער באַהאַלט זיך אויס אונטער דער מאַמעס פאַרטעך, אָדער ער האָט מורא אַז זיין רבי זאָל אים ניט אָפּשמייסן ?

מיט יעדן טאָג איז סלאָווע געוואָרן ביי זיך זיכערער אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן ווי זי וויל. און גראָד ווייל זי האָט זיך אויפגעהערט זאָרגן וועגן אירע אויסזיכטן אויף ווייטער, האָט זי אַלץ מער געקרענקט הלמאי צמח איז געפאָרן צו אַ פרעמדן יידן זיך מיישב זיין ווי ער זאָל האַנדלען לגבי איר, זיין ווייב. האָט זי כסדר געלאַכט און געשפּאָסט כדי אים ניט פיינט צו קריגן. אָבער ווען ער האָט איר איבערגעגעבן זיין שמועס מיטן מחזה־אברהם איז זי לאַנג געבליבן אַ געפּלעפטע. „אַזוי האָט ער געזאָגט ? ער גלייבט ניט אַז ס׳איז פון מיין זייט בלויז אַן עקשנות, נאָר ווייל איך בין שוין מיט דיר אַריינגעקראָכן, האָט ער געזאָגט ? אויב אַזוי איז ער טאַקע בעסער פון דיר און אויך קליגער.״

„און אַ טיכל אויף די האָר וועסטו אָנטאָן ?״ האָט צמח געפרעגט. „יאָ, פון זיין כבוד וועגן, ניט דיר צוליב. איך וועל אויך אָנטאָן די בלוזקע מיט די לאַנגע אָרבל און די בראָש מיט די גאָלדענע באָמבערלעך,״ האָט סלאָווע געענטפערט און צמח האָט זיך ווידעראַמאָל געערגערט : איר איז אַזוי פרעמד זיין סביבה אַז זי פאַרשטייט אַפילו ניט, אַז אַזאַ ייד ווי דער מחזה־אברהם קוקט ניט אויפן אָנטועכץ פון אַ פרעמדער פרוי.

ר׳ אברהם־שעיה איז געקומען אויף מאָרגן אַרום האַלבן טאָג, ווי ער האָט אָפּגערעדט. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין צמחס חדר און זיך אַריינגעשאַרט, מיטן שטעקן אין איין האַנט און מיט אַ גרויסן ספר אין דער צווייטער האַנט. ער האָט געטראָגן ברילן און מיט אַ מילדן שמייכל פון הינטער די וואָנצעס זיך גוט איינגעקוקט אין סלאָוון. אין מאַנטל און מיטן שטעקן אין דער האַנט האָט ער זיך צוגעזעצט ביים טיש און אָוועקגעלייגט אויף אים דעם ספר. „איך האָב אייך

געבראַכט אַ מתנה מיין חיבור אויף אורח־חיים. אַז איר וועט האָבן צייט, קוקט אַריין," האָט ער גערעדט צום מאַן און נאָך אַלץ ניט אַראָפּגענומען זיין שטילן, נאָר דורכדרינגלעכן בליק פון דער פרוי. „אין לאָמזשע איז פאַראַן אַ גרויסע ישיבה. איר פלעגט דאָרט אַמאָל אַריינקומען, ר' צמח?"

ניין, האָט צמח געמורמלט מיט אַ פאַרשעמטן אויסזען, אַ פאַרחידושטער אויף זיך אַליין. ר' אברהם־שעיה האָט זיך צעלאַכט און ניט באַדאַרפט אויפקלערן פאַרוואָס ער לאַכט: ר' צמח אַטלאַס, דער גרינדער פון ישיבות זינט זיינע יונגע יאָרן, איז דווקא אין דער ישיבה אין זיין געבוירנשטאָט און וואו ער האָט חתונה געהאַט — ניט אַריינגעקומען.

„אַזוי ליגט שוין אין דער נאַטור פון מענטשן," האָט ר' אברהם־שעיה געשמייכלט צו דער פרוי, ווי ער וואָלט זי איבערגעבעטן פאַר אירע מאַטערנישן, „דער מענטש גייט אַרויס דורך דער פאָדערשטער טיר פון זיין שטוב צו זוכן וואָס אים פעלט. ער זוכט לאַנג און פאַרגייט ווייט, אַמאָל ביז סאַמע עק וועלט. מיט יאָרן שפּעטער קומט ער צוריק אַהיים דורך דער הינטערשטער טיר אַ געבוּיגענער, אַן איינגעבעטענער, און ערשט דעמאָלט געפינט ער אויס אַז וואָס ער האָט יאָרן־לאַנג געזוכט אין דער פרעמד, האָט אויף אים געוואַרט אין זיין אייגן הויז."

סלאַוועס אויגן זיינען פייכט געוואָרן און די ליפּן — טרוקן. אַ מינוט שפּעטער האָט זיך איר שוין געוואָלט לאַכן וואָס זי זיצט מיט אַ פאַרפרומטער צורה פון אַ יונגינקער רביצן דעם ערשטן פרייטאָג־צונאַכט נאָך דער חופּה. האָט זי חנעוודיק אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט מיט אַ ביסל אַ צו־הילכיקן און עזותדיקן קול אַז זי וויל עפּעס פרעגן. צמח האָט אויף איר אַ קוק געטאָן אין הוילער שרעק. אָבער כאָטש סלאַווע האָט געחלשט אים דערגיין די יאָרן פאַר זיין ציטערן איבער איר באַנעמונג, האָט זי פונדעסטוועגן גערעדט צום גאַסט מיט אָפּשיי: ווי מיינט דער רבי, איר מאַן האָט באַדאַרפט פאַרן פרעגן אַן עצה, אָדער ער האָט זיך געמעגט פאַרלאָזן אויף זיך און אויף איר? „אייער מאַן האָט יאָ געמעגט קומען נאָך אַן עצה," האָט דער רבי גלייך געענטפערט און סלאַווע האָט ניט געוואוסט, ער טראַכט אַזוי אָדער ער זאָגט עס פון שלום־בית וועגן.

אַ ווייל איז ער נאָך געזעסן אין שטילשווייגן און דערנאָך זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין. מאַן און ווייב זאָלן זיך ניט באַליידיקן אויף זיין קורצן וויזיט, האָט ער זיי דערציילט אַז ער דאַרף נאָך אַריינגיין צו אַ וויינהענדלער קויפן וויין אויף ארבע כוסות צום סדר. פאַרן אַרויסגיין האָט ער דער פרוי געוואָלט אָנווינטשן אַלדאָס גוטס. אים האָט אָבער געפעלט מענה־לשון און ס'איז ניט געווען אין זיין נאַטור צו בענטשן מעשה רבי. האָט ער זיך פאַררייטלט און בלויז געוואונטשן אַ פריילעכן יום־טוב. צמח איז אַרויס אים באַגלייטן. אין קאָרידאָר האָט דער מחזה־

אברהם אויסגעטאָן דיברילן און זיי אַריינגעלייגט אין אַ פלאַך, האַרט שיידל.

ביי דער טיר פון זיין חדרל איז געשטאַנען משה חיים לאַהויסקער. צמח האָט אים דערזען נאָך פון ווייטן און דערפילט אַזאַ טרויער ווי ער וואָלט געוואוסט אַז ער וועט זיין גאַנץ וויטערדיק לעבן זיך דאַרפן שעמען דערמיט וואָס דער בחור וועט באַלד אָפטאָן. נאָר דער לאַהויסקער האָט זיי פאַרבייגעלאָזט און ר׳ אברהם־שעיה האָט איבער זיין קורצזיכטיקייט אים אַפילו ניט באַמערקט. איבערדרויסן האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך געגומען געזעגענען מיט זיין באַגלייטער.

„געכטן, ר׳ צמח, האָבן מיר געשמועסט וועגן אייך, היינט וויל איך אייך עפּעס זאָגן אויך וועגן זיך. לויט מיין תכונה וואָלט איך קיינמאָל און אין קיין זאַך זיך ניט געמישט, רק געזעסן אין אַ ווינקעלע. גיב איך ניט נאָך מיין יצר־הרע און מיש זיך יאָ וואו איך האַלט אַז מען דאַרף עס, ווי אין אייער ענין, למשל. אייער יצר־הרע, להיפוך, רעדט אייך אָן שטענדיק און אומעטום אַרויסצוזאָגן וואָס איר טראַכט. דאַרפט איר טאָן פאַרקערט און זיך אויסהיטן פון זוכן עוולות. און מוז מען שוין עמעצן שטראָפן אַז ער האָט פאַרבראָכן קעגן יושר און אמת, דאַרף מען עס טאָן אָן כעס. אויב ניט, בלייבט מען נאָר ביים כעס, ניט ביים יושר און ניט ביים אמת. נו, איר האָט מיך שוין געגוג באַגלייט, מער זייט איר ניט מחויב לכל הדעות,“ האָט ר׳ אברהם־שעיה געשפּאָסט ווי צו פאַרטרייבן די עצבות וואָס באַפאַלט ביים געזעגענען זיך.

צוריק אַרויף די טרעפּ האָט זיך צמח געשלעפּט שווער און פּאַמעלעך, ווי דער מחזה־אברהם וואָלט אויף אים אָנגעלאָדן אַ משא איבער זיינע כוחות. ער האָט דערוואַרט צו טרעפן דעם לאַהויסקער ביי דער טיר פון זיין חדר, נאָר יענער איז דאָרט מער ניט געשטאַנען. צמח איז אַריין צו זיך אין צימער, סלאַווע איז צו אים צוגעשפּרונגען מיט אַ פריילעכן געפּלאַפּל. „אַהאַ! דו האָסט מיר דערציילט אַז ער קוקט ניט אויף פרעמדע פרויען; אויף מיר האָט ער יאָ געקוקט. איך האָב גוט געטאָן וואָס איך האָב זיך אָנגעטאָן ווי אַ רביצן אין דער זייד־שוואַרצער בלוזקע מיט די לאַנגע אַרבל און זיך צוגעשפּיליעט די בראָש מיט די באָמבערלעך. וואָס האָט ער דיר וועגן מיר געזאָגט?“

„דער לאַהויסקער איז פריער געשטאַנען ביי זיין טיר מיט אַן אויסזען פון אַ מענטשן וואָס וויל זיך אומברענגען. גיי צו אים אַריין און טו אַ קוק וואָס מיט אים טוט זיך,“ האָט צמח קוים אַרויסגעסאָפּעט אַזוי איבערגעשראָקן אַז סלאַווע האָט ניט איבערגעפרעגט און איז גלייך אַרויס.

משה חיים האָט אין זיין צימערל געשפּאַנט הין און צוריק און זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט בעת סלאַווע איז אַריינגעקומען. ער האָט נאָר אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט און זיך פאַרקרימט. „נו, רביצן, ווען פאָרט איר אַהיים?“ אָבער ווען זי איז, אַ באַליידיקטע פון זיין חוזק, צוריקגעטראָטן צו דער טיר,

האָט ער זיך גענומען בעטן. „גייט ניט אַוועק, זייט ניט אויף מיר אין כעס. איך ווייס אַז דער ייד וואָס איז פריער געווען ביי אייך איז דער מחזה־אברהם. ער האָט צווישן אייך שלום געמאַכט. איר ביידע פאָרט צוריק קיין לאָמזשע, און וואָס וועט זיין מיט מיר?"

סלאַווע האָט זיך געפילט גלייך זי מוז צוקוקן ווי מען שעכט אַן עוף. זי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן וואָס דער בחור איז אַזוי פאַרלאָרן און צעפלאָשעט, האָט אַן אויסגעצויגענע צורה און איז ניט ראַזירט. כאָטש ער האָט זיך צו איר ניט צוגערירט, האָבן אין געדאַנק איר געשטאָכן די האַרטע האָר אויף זיין פּנים. ער מוז האָבן פּייכטע דלאָניעס און זיי שוויצן. ס'האָט זי אויפגערעגט וואָס ער איז פאַרליבט אין איר. האָט ער טאַקע אויף אַן אמת געמיינט אַז אויב זי וועט זיך ניט איבערבעטן מיטן מאַן וועט זי חתונה האָבן מיט אים, ווייל זי פלעגט אין נאַרעווע זיצן און אים אויסהערן? אַזוי איז ער, דאַכט זיך, אַ קלוגער, אַן אָנגעלייענטער, אַ דערוואַקסענער מענטש — און פאָרט אַ קלויזניק. „באַרויִקט איך, זעצט זיך," האָט זי געזאָגט צו אים און איז אַליין געבליבן שטיין.

„איך בין רויִק, אינגאַנצן רויִק," האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט און גערעדט מיט אַ געבראָכן קול: זי איז געוואָרן זיין היים, נאָך אַזויפיל יאָרן פון וואַלגערן זיך אין דער פרעמד האָט ער אין איר געפונען אַ היים. זיין חלום אין לעבן איז, אַן אייגן ווינקל מיט אַ ריינער קישן. אין תנ"ך ווערט דערציילט ווי דער נביא יונה האָט אָנגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָט נינוה און ער איז אַרויס הינטער דער שטאָט וואַרטן ביז נינוה וועט אונטערגיין. און ער איז געזעסן אין שאָטן פון אַ ביימל מיט ברייטע בלעטער וואָס הייסט קיקיון. אָבער גאָט האָט געשיקט אַ וואָרעם וואָס האָט אויסגענאָגט דעם געוויקס קיקיון און ער איז פאַרטריקנט געוואָרן. און די היץ איז געווען אַזוי גרויס, אַז יונה האָט פאַרחלשט און געבעטן אויף זיך דעם טויט. אַפילו אַ נביא קען ניט לעבן אָן אַ שאָטן אין דער היץ, אָן אַ ביידל, אָן אַן אייגן ווינקל.

דער לאָהויסקער איז געבליבן זיצן מיטן פּנים פאַרגראָבן אין די דלאָניעס. אַ גערירטע פון זיינע רייד, האָט זיך סלאַווע צו אים דערנעענטערט מיט ווייכע טריט און מיט איין האַנט אויסגעשטרעקט פאָרויס, אַליין ניט ווייסנדיק צי זי האָט בדעה אים אַ גלעט טאָן, אָדער אים פון זיך אָפּשטופּן ווען ער וועט פּרוּוון זי אָנרירן. „איך האָב ליב מיין מאַן, כאָטש איך האָב זיך פון אים אַזויפיל אָנגעליטן, און אפשר האָב איך אים ליב גראָד ווייל איך האָב זיך פון אים אַ סך אָנגעליטן. זאָל איך אים איבערלאָזן איצט ווען מיר האָבן זיך איבערגעבעטן און ער פאָרט מיט מיר אַהיים?" משה חייט האָט געעפנט אַ פּאָר פאַרווירטע אויגן, סלאַווע האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט. איר איז פאָרגעקומען אַז אָדער ער וועט באַלד

אַ פֿאַל טאָן צו אירע פּיס, אָדער זי אָנכאַפּן ביים האַלדז און נעמען וואַרגן. דאָך איז זי נאָך אַ מינוט שטיין געבליבן און ווייטער גערעדט.

„איר האָט זיך איינגערעדט אַז איר האָט מיך ליב, אײַך דאַכט זיך מער ווי ס'איז אויף אַן אמת. איר וועט מיך פֿאַרגעסן אַזוי גיך ווי איר וועט זיך איינ־אָרדענען און אויפֿהערן טראַכטן וועגן מיין מאַן. גלייך ווי איר וועט מיין מאַן אויפֿהערן פֿיינט האָבן, וועט איר מיך מער ניט ליב האָבן... פֿאַרן פֿאָרן וועל איך זיך נאָך מיט אײַך טרעפֿן," איז זי מיטאַמאָל אָפּגעטראָטן צו דער טיר און איז האַסטיק אַרויס, איידער ער באַוויזט אויסצושרייען אַז זי זאָל ניט אַוועקגיין.

זי איז אַריין אין צמחס חדר און אים דערזען אַרומשפּאַנען הין און צוריק ווי פֿריער דעם לאָהויסקער. סלאַווע האָט צום מאַן אַ שיפּע געטאָן ער זאָל אַריינ־גיין צו זיין משוגענעם תּלמיד. „דו ביסט אין אַלץ שולדיק, דו!" און זי האָט געעפֿנט איר האַנטבייטל, צמח זאָל נעמען וויפֿל געלט ער וויל און עס געבן זיין משוגענעם תּלמיד זיך איינצואָרדענען. „פֿון מיר וועט ער קיין געלט ניט נעמען, פֿון מיר פֿאַרלאַנגט ער איך זאָל אים זיין אַ היים, אַ קישן. איך האָב ניט בדעה צו ווערן זיין קישן. נאָר ווען איך בין מסכּים, וואָלט ער מסתּמא שפּעטער חרטה געהאַט וואָס ער האָט מיט מיר חתונה געהאַט. איך קען דאָך זיין לערער, זיין דערציער."

משה חייט איז נאָך געזעסן ווי סלאַווע האָט אים איבערגעלאָזט, מיטן קאָפּ אין די הענט. ערשט ווען דער אַריינגעקומענער צמח האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ שטול אויף יענער זייט טיש, האָט משה חייט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און זיינע אויגן האָבן זיך צעגליט מיט שטעכיקער פֿיינדשאַפֿט.

„אַ גאַנץ לעבן געשפּילט, האָט איר אויך איצט אָפּגעשפּילט אַ צבֿועקישע שפּיל. איר האָט זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט אַוואַנטורעס און זיך פֿאַרבענקט נאָך אַ רואיק לעבן. אָבער אַן אָנשטעל האָט איר געמאַכט אַז איר וועט קיין לאָמזשע ניט צוריקפֿאָרן סיידן דער מחזה־אבֿרהם וועט עס אײַך הייסן. איז ער אַ קלוגער ייִד און האָט צוגעשטימט צו דעם וואָס איר האָט געוואָלט ער זאָל צושטימען. אָבער כאָטש אָט דער מחזה־אבֿרהם האָט אַמאָל געהייסן אײַך פֿאַרטרייבן פֿון וואַלקעניק פֿאַר אייער משוגעת אונטערצוצינדן די שטעטלשע ביבליאָטעק, קען ער אײַך נאָך אַלץ ניט. ער ווייס ניט אַז איר וועט אויך איצט אין לאָמזשע ניט איינזיצן רואיק, ביז איר וועט ניט אויפֿסניי אונטערצינדן אַ פֿייער."

„איר האָט אַ טעות, איך פֿאָר צוריק קיין לאָמזשע ווערן אַ קרעמער און וועל זיך אין גאָרניט מישן," ענטפֿערט צמח מיט אַ גליווערניש אין קול ווי אין אויסזען.

„איר אַ קרעמער?" צעלאַכט זיך דער לאָהויסקער מיט אַ פֿאַרקרימטער צעקנייטשטער צורה. „נו יאָ, איר מוזט כּסדר בייטן אייער ראָל און מאַסקע, ווייל אינעווייניק זייט איר אַ פּוסטער מענטש, ווי אַן אויסגעפּוילטער שטאָם פֿון אַ

בוים. מיר וועלן נאָך זען ווי לאַנג איר וועט אויסהאַלטן אין דער ראָל פון אַ קרעמער! און אויב יאָ, אויב איר וועט זיך טאַקע איינלעבן אין דער נייער פאַלשער תשובה און וועט עפּעס אַנדערש מער ניט זוכן, וועט איר ווערן אַ קליין מענטשעלע, אַן אויסגעלאָשן קליין מענטשעלע. איר מוזט שטענדיק זיך ווייזן מיט גרויסע מעשים. אַן אַ גרויסן טומל אַרום אייך וועט איר ווערן איינגעשרומפּן און פאַרטעמפּט. איך קען אייך גוט, איך קען אייך בעסער ווי אייער בעל־יועץ, דער מחזה־אברהם, און אויך ווי אייער ווייב.״

„קען זיין אַז איך וועל טאַקע ווערן אַן אויסגעלאָשן קליין מענטשעלע, איינגעשרומפּן און פאַרטעמפּט. קיין ספק ניט אַז דער איצטיקער נסיון איז דער שווערסטער אין מיין לעבן. אַף־על־פּי־כן פיל איך אַז איך וועל עפּעס אַנדערש מער ניט זוכן, איך וועל ביי דעם בלייבן,״ ענטפערט צמח ווידער טרויעריק און רואיק. זיין פאַר׳יאושטער אויסזען און באַנעמונג לעשן דעם לאַהויסקערס כעס. אויך ער נעמט שוין ריידן אַן בייזן ווילן אַריינצוזאָגן און ווי טאָן.

„איך האָב פריער אייער ווייב דערציילט, אַז ווען דער וואָרעם האָט אויפגעפרעסן דעם קיקיון דיונה, האָט יונה געבעטן אויף זיך דעם טויט, ווייל אַפילו אַ נביא קען ניט לעבן אָן אַ שאָטן אין הייסן האַלבן טאָג, אָן אַן אייגן ווינקל. אָבער איר זייט שטענדיק געווען אַ מוצלח, איר האָט איבערגעלאָזט און מען איז אייך נאָכגעלאָפן. קענט איר ניט פאַרשטיין און מיטפילן דעם שלימזל וואָס האָט זיך צו גאָרניט דערשלאָגן.״

לכתחילה האָט דער לאַהויסקער מיט די טרערן זיך נאָך געראַנגלט, ביז ער האָט זיי דערפילט זיך קייקלען איבער זיינע באַקן און ער האָט גענומען הויך שלוכצן. צמח האָט ווי תיכף פאַרגעסן אַז ער האָט גענומען אויף זיך מער ניט צאַרענען און וואָרענען, מער ניט זיין קיין נאָוואַרעדקער מוסרניק. ער איז איצט גרייט געווען דעם לאַהויסקער אויסצופּאַטשן.

„ווי שעמט איר זיך ניט צו וויינען פון רחמנות אויף זיך אַליין! איר זייט עס אַרויס אין דער וועלט? ווייסט איר ניט אַז אויב איר וועט צווישן וועלטישע וויינען ווייל אַ וואָרעם האָט אויפגעפרעסן אייער קיקיון דיונה, וועט מען לאַכן פון אייערע טרערן? ווען איך בין אַוועק פון בית־מדרש, בין איך אַוועק אַליין. איך האָב ביים אַוועקגיין קיינעם ניט געזוכט קאַליע צו מאַכן, ווי איך האָב שפּעטער קיינעם ניט באַשולדיקט אין מיינע צרות און דורכפאַלן. אַפילו פאַר אייער אומדערהערטער חוצפה און הפקרות האָב איך געהאַט מער טענות צו זיך ווי צו אייך. איר האָט אָבער געאַרבעט מעשים אַז אויך אַנדערע זאָלן אַוועק פון בית־מדרש; און פון כעס וואָס איר האָט ניט דערגרייכט אייער תאווה, זוכט איר ווערטער וואָס זאָלן מיך דערהרגענען ווי פאַרסמטע פיילן. איר זייט פון יענע פאַרביטערטע וואָס אין גרונט זיינען זיי די סאַמע צופרידנסטע מענטשן, ווייל

אין זייערע פעלערן און דורכפאַלן באַשולדיקן זיי אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ פערטן. אַלע זיינען כיטרע און פאַרדאָרבן, אַלע זאָגן ליגן, בלויז זיי זיינען די ערלעכע, די ריינע, די אָפּגעגנאַרטע תמימים. אַזעלכע איינגערעדטע צדיקים האָבן עס מיר ענג געמאַכט די וועלט און איך בין צוריקגעלאָפן אין בית־מדרש. איצט מוז איך, דער מוצלח, ווי איר רופט מיך, צוריקגיין צו אָט דער וועלט, צו אָט די מענטשן. איך גיי צוריק אין אַ וועלט וואו מען טרעפט זעלטן אַן אמתן פריינד און אַ מענטש מיט אַחריות; וואו מען זעצט אין תפיסה פאַר גנבענען אַ בייגל און מען טוט גאָרניט פאַר לאָזן אַ צווייטן שטאַרבן פון הונגער. איך גיי צוריק אין אַ וועלט וואו עס שוויבלט און גריבלט מיט אָפּנאַרער, מיט אַזעלכע וואָס נאַרן יענעם, און מיט נאָך אַן ערגערן סאָרט גונב־דעת, דאָס איז דער מענטש וואָס זאָגט ליגן קודם־כל זיך אַליין און ערשט דערנאָך זאָגט ער ליגן אַנדערע. אין אָט אַזאַ וועלט מוז איך צוריקגיין און זיך אויסלערנען זיין טויב־שטום לויט דער עצה טובה פון דער גמרא. מה אומנותו של אדם בעולם הזה? ישים עצמו כאלם!"

אויך צמח האָט געוואָלט וויינען, נאָר ער האָט זיך עס ניט פאַרגונען און צונויפגעצויגן די ברעמען, די טרערן זאָלן ניט אַרונטערפאַלן פון זיינע וויעס. ער האָט פון בוזעם־קעשענע אַרויסגענומען דאָס פאַפיר־געלט וואָס ער האָט געקראָגן ביי סלאַווען און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

„איך לאָז אייך איבער צוויי הונדערט זלאָטעס. אויך פון געלט וואָס דער נאַרעווער ראש־ישיבה האָט אייך געגעבן איז מסתמא אייך נאָך געבליבן. דאַרף עס אייך קלעקן ביז איר וועט זיך איינאָרדענען און נעמען אַליין פאַרדינען. אויב איר וועט זיין געענגט און מיר שרייבן וועגן דעם, וועל איך אייך שיקן וויפל איך וועל קענען."

משה חייט האָט געשוויגן אַ דערשלאָגענער און אַפילו ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַ קוק טאָן צום געלט אויפן טיש. נאָר ווען צמח איז אַרויס פון חדר האָט ער געפילט אַז אין זיין רוקן זיינען שטעקן געבליבן אַ פּאָר אויגן ווי מעסערס. ער איז צוריק אַריין צו זיך אין צימער מיט אַזאַ פאַרפייניקטן אויסזען אַז סלאַווע האָט זיך ניט דערוועגט אויסריידן אַ וואָרט. נאָכדעם איז ער לאַנג געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אין זיין מוח האָט זיך געפלאָנטערט אַ פסוק פון יונה הנביא׳ס טענה צו גאָט: הלא זה דברי עד היותי על אדמתי... בעת אַ דינסט־מיידל אַ יתומה האָט פאַרשוואַנגערט פון זיין שוואָגער נאַאומס זונדל, האָט אויך סלאַווע ניט געזען קיין נבלה אין דעם וואָס איר משפחה וויל די אומגליקלעכע יתומה באַשטאַטן ערגעץ אין אַ דאָרף, זי זאָל דאָרט אָפּהאָבן איר קינד צווישן ערלים. פונקט אַזוי פאַרשטייט סלאַווע אויך איצט ניט אַז מען טאָר ניט פאַרפירן און אָפּנאַרן אַ מענטשן ווי זי דעם לאָהויסקער. ערשטנס, וועט סלאַווע זאָגן, איז זי ניט באַגאַנגען קיין עוולה. צווייטנס, שולדיק איז דער לאָהויסקער און ער, איר

מאַן, און די גאַנצע וועלט, נאָר ניט זי. און דריטנס, וועט זי זאָגן, אַז אויב אַפילו זי איז באַגאַנגען אַן עוולה, איז עס ניט אַזאַ עוולה מען זאָל זיך עס דאַרפן נעמען צום האַרצן. און ער מוז עס אַלץ פאַרשווייגן כדי ס׳זאָל צווישן זיי ניט אויסברעכן אַ נייע קריג? איז כדאַי אַזאַ לעבן?

אָבער ווען צמח האָט געעפנט די אויגן האָט ער דערזען אַז אויך דאָס מאָל איז ער געווען צו־האַסטיק און ממילא ניט גערעכט אין זיין משפט. סלאַווע איז איבער אים געשטאַנען אָנגעבויגן מיט אַ פאַרשולדיקטן, פאַרשעמטן און פאַר־טרערטן שמייכל אויפן פנים. אין צמחס גדעכעניש האָט זיך אויפגעמאַכט אַ געהיימע טיר און אים אַריינגעפירט אין האַלב־טונקעלן געוועלב אין אַמדור, בעת ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין ערשטער כלה. דבורהלע נאָמיאָט האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען אַז ער וועט מער ניט צוריקקומען און זי האָט פאַרשעמט געשמייכלט, ווי איצט סלאַווע, און געהאַט טרערן אין די אויגן, ווי איצט סלאַווע. מוז ער זיך היטן נאָכאַמאָל ניט צו מאַכן דעם זעלבן מוראדיקן טעות אין לעבן און ניט האַנדלען קעגן ווייב ווי קעגן דער ערשטער כלה.

# 16

**װעלע די אויבס־הענדלערקע** האָט דערוואָרט אַז דער זון וועט פון ישיבה צוריקקומען מיט אַ באָרד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ לערנער. איז ער צוריקגעקומען מיט אַ נאַקעטער צורה ווי אַ גוי פון דאָרף, קיין סימן פון קיין באָרד ניט. האָט זי באַטאַפּט איר הויכן שטערן און אים דערציילט אַ נייס: זי האָט איר שבתדיקן שייטל צוגענומען אויף אינדערוואָכן, ווייל דער וואָכעדיקער איז זיך שוין אינגאַנצן צעפאַלן. איצט זוכט זי אַ פאַריקמאַכער אַ שומר־שבת צו קויפן ביי אים פאַר ניט טייער אַ נייעם שייטל לכבוד שבת. דער זון האָט געהאָרכט און געשוויגן, האָט די מאַמע ווייטער דערציילט, ווי צו פאַררייד זיין כמורנעם שווייגן, אַז זי האָט דורכן ווינטער זיך באַפריינדעט מיט זיין רבינס ווייב. איטלעך מאָל ווען די רביצן יודעס איז געגאַנגען אויף שאַוולער גאַס צו די מאַנופאַקטור־סוחרים, איז זי צוגעקומען פרעגן וואָס חייקל שרייבט פון ישיבה. די רביצן יודעס האַלט זיך ניט פאַרריסן קעגן אָרעמע און פּראָסטע, כאָטש איר מאַן איז אַ גרויסער לערנער און צדיק. מערניט די רביצן יודעס איז אַ ביסל אַ צו־טומלדיקע און האָט פיינט יידענעס, דאָס הייסט, אַזעלכע ווייבער וואָס פּלאַפּלען אַ סך. איר מאַן, זעט אויס, איז זייער אַ געדולדיקער... אויך די רביצן איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט... און וועלע האָט זיך פאַרפלאָנטערט. האָט זי אַרומגעווישט

דעם שוים פון די מויל-ווינקלען, ווי אויסצואווישן דעם סם פון לשון־הרע, און פאַרענדיקט אומגעריכט.

„ווי איך זע, ווייסטו גאָרניט אַז מען האָט פון דער רביצנס געוועלב אַרויס־געגנבעט די גאַנצע סחורה."

פון שרעק און פאַר בושה אַז ר' צמח אַטלאַס זאָל דעם מחזה־אברהם ניט האָבן דערציילט אַלץ וואָס אין נאַרעווע איז פאָרגעקומען, איז חייקל ניט געגאַנגען צום רבין אויך נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דער גנבה ביי דער רביצן. ער האָט אָן אויפהער געזידלט אין גערדאַנק ר' צמחס ווייב, 'די יידענע' וואָס האָט אים דערפירט צו דעם ער זאָל זיך אַזוי באַנאַרישן און זיך דאַרפן שעמען. וועלע האָט געפילט אַז עפּעס פאַרשווייגט דער זון, נאָר זי האָט מורא געהאַט אים פרעגן פאַרוואָס ער גייט ניט צום רבין. זי האָט בלויז יעדן טאָג איבערגערעדט. „מאָדנע, די רביצן האָט אויפגעהערט זיך ווייזן. ווייסט ניט? זי קומט ניט מער נאָך סחורה אין אונדזער געגנט?" חייקל האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן און געפּרוּווט זיך איינריידן אַז אים איז גוט ווידער צו זיין אין דער היים. ס'איז ערב פסח און ער דרייט זיך אַרום ווי יינגלוויז אין זעלבן הויף מיט די אָפּגעקראָכענע שטיבלעך און אָפּגעשפּרונגענעם טינק.

שכנות מיט פאַרקאַשערטע אַרבל האָבן געלופטערט קישנס אין רויטע איינשיטן, געקלאַפּט מיט געפלאָכטענע ווייערס אויף בעטגעוואַנט און פעדערן זיינען געפלויגן. ווייבער האָבן מיט קיך־מעסערס געסקראָבעט בענק און טישן, מיט זאַמד־פּאַפּיר געריבן און געשייערט כלים. אונטערגעוואַקסענע מיידלעך האָבן אויסגעטרייסלט דעם נאַפטאַלין פון די אַרויסגענומענע זומערדיקע מלבושים און פאַרפּאַקט די ווינטערדיקע. פאַרשמירטע קינדער זיינען געשפּרונגען ביי די פולע רינשטאָקן, ביי די קאַלוזשעס אַרום פּלומפּעלע, וואו אויסגעטריקנטע הילצערנע צעבערס האָבן זיך געווייקט אין וואַסער. אַ באַנדער האָט מיט נייע רייפן אַרומגענומען אַן אַלט פעסל, די קלעפּקעס זאָלן זיך ניט צעפאַלן. פון אַ קאָטליערס וואַרשטאַט זיינען אַרויסגעקומען בעל־הביתטעס מיט קופּערנע גע־ווייסטע פאַנען. אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטעכער און מיט גרויסע סטופּעס אין די הענט, צו שטויסן מצה אויף מעל, זיינען צוויי יידן אַריינגעקומען אין הויף און גלייך באַפאַלן געוואָרן פון ווייבער, ליאַרעמדיקע קינדער. נאָך אָנגעטאָן אין די ווינטערדיקע וואַליקעס און מיט אַ וואָלענער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, האָט אַ ברייטע, נידעריקע און קרומע יידענע געשלעפּט אַ גלעזערנע בייכיקע פלאַש מיט פּסחדיקן ראָסל. אַ טרעגער האָט זיך געבויגן אונטער אַ גרויסן שווערן קאָרב מיט מצות און דער איינקויפער פון דעם לחמא־עניא איז נאָכגעגאַנגען אַ צופרידענער. אַלע האָבן געהאָוועט און זיך געגרייט צום יום־טוב. וועלע די אויבס־הענדלערקע האָט דעם פּסח אַריינגענומען אין שטוב פריער פון אַלעמען.

עפּעס אַ קליינינקייט, איר לערנער קומט דאָך פון ישיבה! בלויז די מצווה פון איינקויפן ווין צו די סדרים האָט זי געלאָזט פאַר אים. צום סוף זעט זי אַז אויב מען זאָל אים ניט דערמאָנען, וועט ער אפשר אַפילו ניט געדענקען בודק חמץ זיין.

אַ טאָג פאַר פּסח האָט וועלע דערציילט דעם זון אַז די רביצן יודעס איז געווען ביי איר. די הורטאָווניקעס האָבן דער רביצן מער ניט געוואָלט געבן סחורה אויף באָרג, האָט זי אויף דער עצה פון איר מאַן פאַרמאַכט דאָס שניט־געשעפט לגמרי און גייט ניט מער אין שטאָט. מערניט היינט האָט זי באַדאַרפט גיין איינקויפן לכבוד יום־טוב, האָט דער מאַן זי געבעטן איבערגעבן חייקלען ער זאָל קומען. „פאַרוואָס האָסטו מורא זיך וויזן פאַר דיין רבין, מען האָט דיך אַרויסגעטריבן פון ישיבה?" האָט די מאַמע געפרעגט מיט אַ טרוקענעם כעס. „ווּעמען האָט מען אַרויסגעטריבן, מיך? איך וועל נאָך היינט זיין ביי אים!" האָט חייקל געענטפערט מיט אַ נאָך גרעסערן כעס.

געקומען איז ער פאַרנאַכטלעך און געטראָפן דעם רבין אָנגעטאָן אין מאַנטל, מיטן שטעקן אין איין האַנט און מיט אַ פּוסטן עמער אין דער צווייטער האַנט. דער מחזה־אברהם האָט אים געגעבן שלום־עליכם, נאָר גערעדט אַזוי געוויינט־לעך, ווי ער וואָלט אים געזען ערשט נעכטן.

„איך גיי אָנשעפּן מים שלנו. ווילסט מיר העלפן?"

דער מחזה־אברהם האָט דעם סאַמע לעצטן טאָג פון יעדן ערב פּסח געבאַקן שמורה־מצה אין אייגענעם אויוון. ער האָט די מצווה ניט געטרויט קיינעם און אויך ניט זיך אַליין, ביז די מצות זיינען ניט אַרויסגעקומען אינגאַנצן פאַר־ברענטע. איצט איז ער געגאַנגען אָנשעפּן פאַר זיין מצה־געבעק אַן עמערל וואַסער וואָס זאָל שטיין איבער נאַכט, ווי דער דין איז. „ר' צמח אַטלאַס איז שוין צוריקגעפאָרן אַהיים," האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן, ווי צו לאָזן וויסן דעם תלמיד אַז ער ווייס וועגן זיין אויפפירונג אין נאַרעוווער ישיבה און דאַרף עס ביי אים ניט פרעגן. חייקל האָט פון רבינס האַנט אַרויסגענומען דאָס עמערל און איז אים שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען.

פּאַפּלאַווער געסל האָט אין זונפאַרגאַנג אויסגעזען ווי געפלאַסטערט מיט גאָלד. די גרויסע פּירקאַנטיקע קלויז־פענצטער האָבן חייקלען היימיש אַנטקעגנ־געלויכטן און אים דערמאָנט די זומערס און ווינטערס וואָס ער האָט אין פּאַפּלאַ־ווער קלויז פאַרבראַכט ביי דער גמרא. דאָ אויף דער פאַרשטאָט האָט דער ערב פּסח זיך ניט אָנגעזען. דאָס געסל האָט געדרימלט ליידיק און שטיל ווי שבת נאָכן טשאָלנט. דער רבי און תלמיד זיינען צוגעקומען צום טייך, זיך אַראָפּגעלאָזט ביים ברעג און געזוכט פון וועלכן אָרט דאָס וואַסער אָנצושעפּן. דער מחזה־אברהם האָט מיט פאַרדבקעטע אויגן לשם מצווה דאָס וואַסער אָנגעשעפּט און חייקל האָט דעם עמער אַרויסגעצויגן. אים האָט זיך געדאַכט אַז אין פולן עמער

ליגט אויך אַ באַשעפעניש וואָס ציטערט און בעט זיך ביי אים אויף שטום לשון ער זאָל דאָס וואַסער ניט צודעקן מיטן שטיק ווייסן דיקלעכן לייוונט, ווייל אונטערן צודעק איז איר קאַלט, פינצטער, און זי וועט שטאַרבן. פון שרעק פאַר זיין משוגענעם איינפאַל, האָט חייקל אויף גיך איבערגעדעקט דעם עמער מיטן שטיק לייוונט. אָבער ווען ער האָט דעם פולן עמער אויפגעהויבן איז אים פאָרגעקומען אַז דאָס וואַסער איז שווערער געוואָרן, עלעהיי די ניט־געזעענע וואַסער־בריאה וואָלט טאַקע געשטאָרבן. אין די פענצטער פון פאַפלאַווער קלויז האָט דאָס שקיעה־גאָלד שוין אויסגעבליאַקעט און די שויבן האָבן געהיים געמיניעט מיט קאָלירן פון פיאָלעט, טונקל־בלוי און מאַט־גרין, ווי די קלויז וואָלט אויף שטענדיק זיך געזעגנט מיטן בחור דעם לערנער און מיט דער סודותדיקער באַשעפעניש אין פולן עמער מים שלנו.

„איך וואָלט דיר געהאָלפן טראָגן, האָב איך ניט קיין כוח," האָט ר׳ אברהם־שעיה זיך אָפּגעשטעלט אויפן טראָטואַר, כדי אויך חייקל זאָל זיך אָפּשטעלן אָפּרוען. „ווייסט? איך רעכן פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל."

ר׳ אברהם־שעיה האָט עס אַרויסגעזאָגט אַזוי שטיל און געוויינטלעך אַז חייקלען האָט זיך געדאַכט, ער האָט ניט גוט געהערט אָדער שלעכט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך ווידער געלאָזט גיין מיטן פולן עמער וואַסער און זיך צוגעהערט וואָס דער רבי דערציילט אים: די עדה פון חרדים אין ירושלים האָט זיך צו אים געווענדט ער זאָל ווערן איר רב. האָט ער געענטפערט אַז די אַחריות פון אַ ראש־בית־דין וויל ער אויף זיך ניט נעמען, ער וויל אָבער זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל ווי יעדער אַנדער ייד. איצט האָט ער באַקומען אַ בריוו, אַז ניט געקוקט אויף דעם וואָס די עדה פון חרדים באַדויערט שטאַרק הלמאי ער וויל ניט אָננעמען קיין כתב־רבנות, באַמיט מען זיך פאַר אים ביי די ענגלענדער אַרויסצוקריגן אַ כתב־הרשאה און ער וועט דעם סערטיפיקאַט אינגיכן קריגן.

„האָסט דאָך אַוודאי געהערט וועגן דער גנבה ביי אונדז און אַז איך האָב ביי יודעסן געפּועלט זי זאָל מער ניט האַנדלען. רעכן איך אַז איך וועל ביי איר אויך פּועלן מיר זאָלן פאָרן קיין ארץ־ישראל. דערווייל איז עס אַ סוד און דו דאַרפסט וועגן דעם מיט קיינעם ניט ריידן. קום צוגיין יום־טוב אויף כיבוד," איז ר׳ אברהם־שעיה שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג אין שטוב און אַרויסגערופן די רביצן איבערנעמען פון חייקלען דעם עמער וואַסער.

ער האָט מיך פאַרבעטן אויף כיבוד ווי אַ וויטן קרוב. ער האַלט מיך ניט מער פאַר זיין תלמיד, איז אים קיין שאָד ניט אַוועקצופאָרן און מיך איבערלאָזן, האָט חייקל געטראַכט ביים אַרונטערגיין פון זאַרעטשער באַרג. ער האָט גרייַלעך געוואוסט אַז ווען ניט דער רבי וואָלט ער אַוועק פון לערנען נאָך פריער. איצט אַז דער רבי האָט זיך פון אים אָפּגעזאָגט און וועט מער ניט זיין אין דער

נאָענט, איז דער וועג צו דער וועלט פאַר אים פריי. און וואָס וועט זאָגן די מאַמע? זי וועט דאָך אים פאַרוויינען דעם קאָפּ. זי האָט אים ביז איצט, ווען ער איז שוין איבער צוואַנציק, אויסגעהאַלטן פון אירע אָרעמע קאַשיקעס, אַבי ער זאָל בלייבן ביים לערנען.

אויף כיבוד גיי איך ניט, האָט חייקל זיך געזאָגט און איז טאַקע די ערשטע טעג פסח צום רבין ניט געגאַנגען. אַרום אים האָט געיומטובט און געפרילינגט; אים איז געווען טונקל, קאַלט און אומעטיק, ווי אַ באַרג וואָס עס פאַלט אויף אים דער שאָטן פון אַ צווייטן באַרג און דער שאָטן רירט זיך ניט אַזוי לאַנג ווי די זון שיינט.

חול־המועד פסח איז די רביצן יודעס ווידער אַריין צו דער אויבס־הענד־לערקע אין געוועלבל. זינט יודעס האָט פאַרמאַכט דאָס שניט־געשעפט האָט זי געננומען אַרומגיין אָנגעטאָן שבתדיק אינדערוואָכן. זי האָט אויך מער ניט גע־שאָלטן די הורטאָווניקעס. אָבער פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ שוואַרצע לײדיקייט ווי פון אַ דירה וואָס איז געבליבן אומבאַוואוינט. אַלע יאָרן די פאַרדינערקע, האָט זי ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז דער פרנסה־געבער וועט ווערן איר אַלטיטשקער. און פון וואָס, פון זיינע ספרים? אַז אַ רב שיקט אים אַן איבעריקע זלאָטע פאַר אַ ספר, שיקט ער דאָך אָפּ צוריק. זינט דער מאַן האָט איר פאַרטרויט דעם סוד וועגן זייער נסיעה קיין ארץ־ישראל איז יודעס געוואָרן נאָך אומעטיקער. זי דאַרף איבערלאָזן אַזויפיל משפּחה־לייט אויף די בית־עולמס אין די שטעטלעך פון דער ליטע. „און וואָס וועט זיין מיט דיין תלמיד? ווען דו וועסט אַוועקפאָרן וועט ער אינגאַנצן אַראָפּ פון וועג. אַ רחמנות אויף זיין מאַמען,״ האָט די רביצן געזיפצט. „דאָס וויס איך,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געענטפערט און זי געבעטן רופן חייקלס מאַמען.

„און מיין זון מעג וויסן אַז זיין רבי האָט געשיקט נאָך מיר?״ האָט וועלע געפרעגט. „דערווייל איז בעסער ער זאָל ניט וויסן,״ האָט יודעס געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען. וועלע איז געבליבן זיצן אויף איר נידעריק בענקעלע מיט ביידע הענט אין שויס אַ טרויעריק־פאַרטראַכטע. אויך די צוגעשרויפטע וואָגשאָל צו דער וואַנט איבער איר קאָפּ איז געהאַנגען מיטן צינגל פונקט אינ־מיטן שפּינדל, ווי אַן אייזערנער שטומער עדות אויף דער־וועלט און אויף יענער־וועלט אַז די אויבס־הענדלערקע גיט אַן ערלעכע וואָג.

נאָך דריי בייטאָג, ווען די הויפּט־לייזונג מישטיינס געזאָגט איז שוין פאַראַי־בער, האָט וועלע פאַרמאַכט איר פרנסה, אָנגעטאָן דעם שוואַרץ־זיידענעם שבתדיקן שאַל איבערן לאַנגן מאַנטל מיט די גרויסע פערלמוטערנע קנעפּ און איז אַוועק אַרויף זאַרעטשע. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט אַז וועלע האָט קיינמאָל פריער דעם מחזה־אברהם ניט געזען. פון זון האָט זי געהערט אַז זיין רבי איז ניט קיין

הויכוואוקסיקערברייטפלייציקער ייד. דאָך האָט זיך די אויבס־הענדלערקע ניט געריכט אַז ער האָט אַזאַ געוויינלעכן אויסזען און איר ערשטע מחשבה איז געווען אַז איר מאַן, עליו השלום, האָט געהאַט אַ סך אַ שענערע באָרד. אויף דער בקשה פון דער בעל־הביתטע, האָט וועלע אויסגעטאָן דעם מאַנטל און זיך צוגעזעצט, נאָר ניט אָנגערירט דעם כיבוד. ר׳ אברהם־שעיה האָט שפּאַצירט דורכן שטיבל און גערעדט אַן אויפגערעגטער.

„איך וויס אַז איר האָט אַלע יאָרן שווער געהאָרעוועט אויסצוהאַלטן דעם זון. דאַרפט איר וויסן אַז איר פאַרלירט אים, ער גייט אַוועק פון דער תורה.״

„זאָג מיר שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל וואָס אַזוינס דיין תלמיד האָט אָפּגע־טאָן? זיין מאַמע זיצט דאָך אַן איבערגעשראָקענע,״ האָט די רביצן אַריבערגע־שריען צום מאַן.

„ער האָט געהאַט אַ פּיינעם טאַטן,״ האָט וועלע געמורמלט.

„אייער זון האָט געקענט אויסוואַקסן אַ רב ביי יידן. האָט ער אָבער די נאַטור פון יענער קו וואָס לאָזט זיך מעלקן, ביז זי גיט אַ בריק אין דאָניצע און גיסט אויס די מילך,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געענטפערט. „קומט אונטער אַ זאַך וואָס חייקלען גלוסט זיך, אָדער ווען ער ווערט אין כעס, פאַרגעסט ער די גאַנצע תורה וואָס ער האָט געלערנט.״

„אַזויפיל האָב איך ביים אייבערשטן גאָרניט פאַרדינט, מיין זון זאָל אויס־וואַקסן אַ רב. איך וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט ער זאָל בלייבן אַ יידישלעכער יונגערמאַן,״ האָט וועלע פון גרויס אָפּשיי פאַרן בעל־הבית — גערעדט צו דער בעל־הביתטע. „איכל איך זאָגן דעם אמת, רביצן, אויב דער רבי האָט ביי מיין זון ניט אויסגעפירט, וועל איך אויספירן? היינטיקע צייטן האַלטן זיך די אייער קליגער פאַר די הינער.״

לכבוד חול־המועד האָט ר׳ אברהם־שעיה געטראָגן זיין שבתדיקע וויכע הוט מיט די ברייטע ראַנדן. ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און עפּעס געזוכט אין די קעשענעס פון מאַנטל, אַליין ניט וויסנדיק וואָס ער זוכט. „איך דאגה ניט מער וואָס אייער זון וועט ניט אויסוואַקסן אַ תלמיד־חכם, ביי מיר איז שוין אַ ספק צי ער וועט לייגן תפילין.״ ר׳ אברהם־שעיה האָט פאַרקאַשערט די פאות הינטער די אויערן און אַרויסגעצויגן די באָרד אינדרויסן אויף די קלאַפּעס פון מאַנטל. ער האָט די אָרעמע אויבס־הענדלערקע געוואָלט טרייסטן אַז איר שכר וועט זיין גרויס, ווייל זי האָט זיך מוסר נפש געווען דער זון זאָל לערנען תורה. נאָר פון עגמת־נפש, וואָס ער האָט פאַרלאָרן אַזויפיל צייט און כוח אויפן ווידער־שפּעניקן תלמיד, האָט ער מער ניט געקענט ריידן רואיק און איז דורכן פּוסטן האַלב־טונקעלן געוועלב האַסטיק אַרויס אין גאַס.

די רביצן יודעס האָט מיט אַ כיוון זיך פאַררעדט וועגן אַנדערע זאַכן, זיך

געקלאַגט אויף דער דירה וואו עס איז שטענדיק חושך מצרים און איז ווידער־אַמאָל צוריקגעקומען צו דער מעשה מיט דער גנבה, ווי אַזוי די גנבים האָבן זיך אַריינגעבראָכן דורך דער וואַנט אין הויף און אַרויסגעטראָגן די סחורה. וועלע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זיך מיט קיין וואָרט ניט אָפּגערופן, האָט יודעס גענומען פאַרענטפערן איר מאַן. „איר דאַרפט אויף מיין אַלטיטשקן קיין פאַראיבל ניט האָבן. חייקל איז אים טייער ווי אַ לייבלעכער זון, ליידט ער יסורים וואָס חייקל גייט אַוועק פון לערנען. דאָס קלעמעניש זאָל אים נאָר ניט פאַרשאַטן צו זיין שוואַכן געזונט.״ האָט די רביצן אָפּגעזיפצט און אויך זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט געטראַכט וועגן זייער נסיעה קיין ארץ־ישׂראל וואָס מוז לעת־עתה זיין אַ סוד, ווילנער רבנים און בעלי־בתים זאָלן איר מאַן ניט נעמען מוטשען: איר זייט טאַקע ניט קיין שטאָטישער רב, נאָר אַלע הערן זיך צו צו אייער פּסק־דין, טאָרט איר פון ווילנע ניט אַוועקפאָרן, וועט מען אים זאָגן, און ער וועט מיט יעדן זיך דאַרפן אויסטענהן, זיך פאַרענטפערן. און אין ארץ־ישׂראל גופא איז זי שוין זיכער אַז מען וועט אים ניט מוטשען? די ירושלימער יידן ווילן דאָך אים פאַר זייער רב. און פון וואָס וועלן זיי דאָרט האָבן זייער אויסקומעניש? די רביצן האָט געזיפצט אַלץ העכער און וועלע האָט געשוויגן אַלץ טיפער, טרויעריקער. אין צוגעפאַלענעם טונקל האָט קאַלט געבלאַנקט דער ווייסער טישטעך אויפן טיש און פון צווישן די שאָטנס האָבן בלייך אַרויסגע־לויכטן די גאָלד־געלבלעכע געוונצלטע פּנימער פון די צוויי פרויען.

לויט דער מאַמעס בייז־פאַרשנירלטע ליפּן האָט חייקל דערקענט אַז זי איז פון ערגעץ צוריקגעקומען אַ צעקלעמטע. וועלע האָט אים דערציילט וואו זי איז געווען; און ווי שטאַרק זי האָט ניט מורא געהאַט זיך צו דערוויסן וואָס דער זון האָט אָפּגעטאָן, האָט זי פונדעסטוועגן אים פאַרשוואָרן אַז זי זאָל אַזוי דערלעבן אים צו פירן צו דער חופּה, ווי ער וועט איר זאָגן וואָס צווישן אים און זיין רבין איז פאָרגעקומען. „איך וועל דיר זאָגן נאָכדעם ווי איך וועל זיך מיט אים דורכריידן,״ האָט חייקל געענטפערט און גענומען שאַרפן די ציין אויפן וויכוח וואָס ער וועט פירן: דער מחזה־אברהם מיינט אַז צווישן מיר און דער תורה האָט זיך אַריינגעמישט ר׳ צמחס יידענע. וועל איך אים דערווייזן אַז איך בין ניט אַזאַ פלאַטשיקער נפש. איך האָב אַן אַנדער השקפה אויפן לעבן.

אין פּאָפּלאָווער שול איז נאָך מעריב. די בעלי־בתים זיינען זיך שוין צע־גאַנגען, נאָר אין הויכן און קילן רוים איז נאָך געבליבן הענגען דאָס ווידער־קול פון מנין וואָס האָט געדאַוונט בקול רם. לכבוד חול־המועד האָט דער שמש געלאָזט ברענען די הענגלייכטער. דער לאָמפּן־שיין שפּיגלט זיך אין די געפּוצטע בענק פון ווינקאָליר און לויכט אַרויס פון פּאָלירטן האָלץ ווי פון אַ פאַרבאָר־גענעם פּאַלאַץ. דער טונקל־בלויער הימל הויערט אין די פענצטער און וועקט

אין חייקלען אומרו, דערמאָנט אים אַז אינדרויסן איז פרילינג. לעבן אים אין ארון־קודש־ווינקעלע זיצט דער מחזה־אברהם הינטער זיין ברייטן דעמבענעם שטענדער און פאַרגראָבט דאָס פּנים אַלץ מער אין ספר וואָס עזותדיקער דער תלמיד רעדט.

„די גמרא עצהט, אַריינשלעפּן דעם יצר־הרע אין בית־מדרש. אויב ער איז אַ שטיין, וועט ער ווערן אָפּגעריבן; אויב ער איז אַן אייזן, וועט ער צעשפּרינגען. מען קען אָבער די גאַנצע גאַס אין בית־מדרש ניט אַריינשלעפּן. און וואָס ס'איז נאָך מער עיקר: איך האָב ליב די אנשים פּשוטים און וויל פון מיין גאַס ניט אַנטלויפן."

„אַ בן־תורה קען ניט ליב האָבן די גאַס וואָס זינקט אין גשמיות, היט ניט שבת, כשרות, און האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר תלמידי־חכמים," נעמט ר' אברהם־שעיה ניט אַרויס די קורצזיכטיקע אויגן פון ספר און גלעט מיט דער באָרד דאָס רש"י־כתב, ווי ער וואָלט די תורה געטרייסט אַז זי איז נאָך ניט קיין פאַרלאָזענע. „חוץ דעם וויל איך דיך פרעגן: אַ מענטש וועט זיך דאָך ניט אַרומדרייען אין גאַס סתם אַזוי. וויסטו וואו דו גייסט און וועמען דו זוכסט?"

„געוויס דריי איך זיך ניט אַרום סתם אַזוי, איך זוך צו דערקענען די מענטשן פון מיין גאַס. די אנשי־התורה ריידן שטענדיק וועגן גוט און שלעכט, וועגן אמת און שקר, שיין און מיאוס. דערביי טראַכטן זיי אַז גוט, אמת און שיין איז איין זאַך, פּונקט ווי שלעכט, שקר און מיאוס איז אויך איין זאַך פון דער פאַרקערטער זייט. למעשה איז די וועלט פול מיט נמצאים, פון די שטערן אין הימל ביז אַ גרעזל אויף דער ערד, וואָס זיינען ניט גוט און ניט שלעכט, ניט אמת און ניט פאַלש, ניט קלוג און ניט נאַריש, נאָר לעבן מיט זייער אייגן לעבן און פאַרחידושן אונדז דורך די אייביקע חוקים וואָס ווירקן אין זיי אָן איבעררייס. אויך אויף טוב ורע קען מען קוקן פון אַן אַנדער נקודה ווי די אנשי־התורה. זיי קאָנטראָלירן יעדן איינעם ווי וויט זיינע מעשים שטימען מיט דער הלכה און זיינע געפילן מיט די מוסר־ספרים, אָבער צום מענטשן גופא זיינען זיי בלינד און האַרט. פאַראַן דער וועג פון דיכטער און פילאָזאָף וואָס פאַרמשפּט ניט דעם מענטשן, ער דערקלערט דעם מענטשן ביז מיר פאַרשטייען אַז מען קען שלעכטע מידות און געוואוינטשאַפטן ניט אויסרייסן ווי קאָליע־געוואָרענע ציין, אָדער ווי קראָ־פּעווע פון אַ גאָרטן. אויפן בן־אדם ווירקן אַ סך גע'ירשנטע כוחות אין אים און די תנאי־החיים אינדרויסן פון אים. און דורך באַווייזן די גאַנצע שלשלת פון סיבה ומסובב וואָס פירט אָן מיטן בן־אדם, דערלייזן אים די דיכטער און פילאָזאָפן פון דער פינצטערניש אין אים גופא. זיי זיינען מקיים די מצווה פון פדיון־שבויים דורך דעם וואָס זיי העלפן דעם מענטשן זיך בעסער צו דערקענען און טאַקע ווערן בעסער..."

„גוט, חייקל,״ פאַרמאַכט ר׳ אברהם־שעיה דעם ספר און שטעלט זיך. „אויב דו וועסט מיר באַווייזן איינעם וואָס די ביכער פון דיינע דיכטער און פילאָזאָפן האָבן אים געמאַכט פאַר אַ בעסערן מענטשן, וועל איך אים נאָכטראָגן זיינע וועש אין מרחץ. ווי איך פאַרשטיי ווילסטו אַז איידער איך פאָר אַוועק קיין ארץ־ישראל זאָל איך וויסן, אַז דו ביסט אַוועק פון דער תורה לגמרי.״

„איך האָב געוואָלט איר זאָלט וויסן אַז איך בין ניט יענע קו וואָס גיט אַ בריק אין דאָניצע און גיסט אויס די מילך, ווייל איך ווער באַפאַלן פון אַ כעס אָדער פון אַ תאווה, ווי איר האָט עס געזאָגט מיין מאַמען. איך בין ניט אין דער בחינה פון קנעכט וואָס וויל ניט טראָגן דעם יאָך פון תורה און מצוות, ווייל עבדא בהפקירא ניחא ליה. איך האָב אַן אַנדער קוק אויפן לעבן. כלי־קודש קרעכצן הלמאי זיי מוזן האָבן צו טאָן מיט וואָכעדיקע יידן, בעת ביי מיר איז אַזאַ וואָכע־דיקער ייד וואָס מאַטערט זיך פאַר חיונה דער גרעסטער יחסן, אַ למד־וואָווניק!״

דער מחזה־אברהם ענטפערט ניט, ער גלייבט ניט אַז דורך זיך מתווכח זיין קען ער נאָך עפּעס פועלן און פאַרריכטן.ביידע קומען אַרויס אינדרויסן און ער דערציילט חייקלען רואיק, אַז דער סערטיפיקאַט פאַר אים צו פאָרן קיין ארץ־ישראל איז שוין באַלד פאַרטיק. ער רעכנט זיך אַרויסקלייבן אין וועג נאָך תשעה־באב. ביז דעמאָלט וועט ער זיצן אויף דאַטשע אין ניעמענטשין. אַזוי ווי יודעס האָט פאַרמאַכט דאָס געשעפט, וועט זי דאָס מאָל מיטפאָרן אויף דאַטשע.

חייקל האָט געהאַלטן וואָרט און דער מאַמען דערציילט פאַרוואָס דער רבי האָט זיך פון אים אָפּגעזאָגט. וועלע האָט אָנגעקוקט דעם זון מיט אומצוטרוי און כעס, זי האָט דאָך אים באַשוואָרן אַז ער וועט איר זאָגן דעם אמת. אָבער פון זיין אויסזען האָט זי דערקענט אַז ער שפּאַסט ניט, איז זי אַ רגע שטיין געבליבן אָן לשון. באַלד האָט זי מיט אַ שרעק אַ קוק געטאָן צו דער טיר, צי עמעץ אינדרויסן פון געוועלבל האָט זיך צופעליק ניט צוגעהערט. זי איז געוואָרן אַלץ מער פאַר־וואונדערט און מיטאַמאָל זיך צערעדט: ער, אַ ישיבה־בחור, האָט אין נאַרעווע פאַרפירט אַ ליבע מיט אַ פרוי? און דווקא מיט דער פרוי פון זיין פריערדיקן וואָלקעניקער ראש־ישיבה? אַזאַ שיינע איז זי? זי מוז זיין יענע סחורה! און זיין רבי האָט זיך עס דערוואוסט און רעדט נאָך מיט אים? איז דאָך דער רבי טאַקע דער גרעסטער צדיק אין דער וועלט אַז ער רעדט נאָך מיט אַזאַ הולטיי. „ניט געדאַכט זאָלסטו ניט ווערן! טפו זאָלסטו ניט ווערן!״ האָט וועלע זיך געהאַלטן אין איין מינטערן פון גרויס דערשטוינונג. נאָר חייקל איז געווען ניט ווייניקער דערשטוינט: ער האָט געפילט אַז די מאַמע בייזערט זיך אָן כעס, מוסרט אים אָן ערגערניש.

די אויבס־הענדלערקע האָט געווישט די הענט אין פֿאַרטעך, ווי זי וואָלט זיך געוואַשן פֿאַרן זאָגן אַ ברכה, און זיך אָנגעשטרענגט איינצוהאַלטן אַ שטרענג פּנים. אירע אויגן אָבער האָבן געלויכטן פֿון נחת, אירע באַקן האָבן אויפֿגעבליט, זי האָט זיך קעגן איר ווילן שטיל און באַגליקט צעלאַכט. ווּעלע האָט געוואָלט וויסן איין זאַך, ווען און וואו איר חייקל האָט זיך עס אויסגעלערנט? ווי לאַנג איז זינט ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגעלע? און די אויבס־הענדלערקע האָט זיך געווישט די פֿאַרטרערטע אויגן, ווי איר וואָלט אָנגעזאָגט ווערן אַ בשורה־טובה, אַז גאָר אינגיכן וועט זי דעם זון פֿירן אונטער דער חופּה.

# 17

**אויפֿן שיפּוע פֿון אַ באַרג** זיצן חייקל ווילנער און משה חייט לאַהויסקער. הינטער זייערע רוקנס בלענדן אין דער זון די ווייס־געקאַלכטע ווענט פֿון זאַרעטשער שול. צופֿוסנס פֿון באַרג שלענגלט זיך די ווילענקע, אַ הילצערנע בריק איבער איר פֿירט אַריין אין בערנאַדינער גאָרטן. ס׳איז אַ הייסער זומער־טאָג אינמיטן חודש מנחם־אב. אין דער היץ וואו ביידע בחורים זיצן, איז די ערד האַרט און ווייסלעך. די אַרומיקע ביימלעך און קוסטעס גליווערן אין דער בייטאָגיקער היץ, דער האַריקער גרין פֿון די בלעטער איז באַדעקט מיט אַ גרוילעכן שטויב. דאָס וואַסער אין דער ווילענקע איז אָפּגעפּאַלן. דער שטראָם איז געלבלעך, פֿלאַך, און ריזלט שלעפּעריק־פֿויל צווישן די אָפּגעדעקטע גלאַנציק־פֿייכטע און שוואַרצע שטיינער אויפֿן דנאָ פֿון טייך. חייקל קוקט אַרונטער אין בערנאַדינער גאָרטן, דורכגעשניטן מיט סטעזשקעס און ברייטע זאַמד־וועגן. ער זעט די געדיכטע גרינע בלעטער־קרוינען פֿון די ביימער און פֿיר־עקיקע פּלעצער, באַזעצט מיט בייטן בלומען וואָס פֿינטלען פֿון וויַיטן מיט קאָלירן פֿון ווייס, געל, רויט, פֿיאָלעט. אין די זונשטראַלן פֿינקלט דער זילבערנער שטויב פֿון אַ וואַסער־פֿאָנטאַן. די פּנימער פֿון די שפּאַצירער אין גאָרטן קען מען פֿון באַרג ניט זען, מען קען בלויז לויט די קליידער אונטערשיידן אַ מאַן פֿון אַ פֿרוי. די בענק לענג־אויס דעם ברעג טייך זיינען באַזעצט מיט מענטשן. פֿאַרלעך שפּאַצירן אין די אַלייען. אויף אַ זוניקן פּלעצל ליגן עופּעלעך אין וועגעלעך און לעבן זיי שטייען יונגע מאַמעס. חייקל זעט שפּאַצירן אַ מאַן מיט אַ פֿרוי און חלומט אַז די פֿרוי האָט אַ הויכן בלאָסן שטערן. פֿון אונטער איר הוט מיטן

ברייטן ראַנד פאַלט אויף איר פּנים אַ שאָטן, זי שמייכלט פריינדלעך, אָבער קיל. זי האָט נאָך זיכער ניט חתונה געהאַט און אַט דער מאַנסביל ביי איר זייט איז ניט איר מאַן. ער האָט אַ ברייטע פּראָסטע צורה און פעטע האָר, איינער פון דער חברה רייכע ליידיק־גייער, אַ יונג מיט אַ פּאָר אָקסענע אויגן, אַ נאַר, אַ פלאַפּלער. און חייקל קען ניט פאַרשטיין וועגן וואָס אַט די קלוגע און פאַר־בענקטע פרוי אויפן אַנדערן ברעג טייך האָט צו ריידן מיט אַזאַ גראָבן און פּלאַכן נפש ווי איר באַגלייטער.

איידער קוקן אויפן מרה־שחורהדיקן לאַהויסקער ביי זיין זייט, איז חייקלען מער ניחא צו קוקן אויפן בערנאַדינער קלויסטער פון רויטן ציגל. זיינע גאָטישע שפּיצן און טורעמס זעען אויס ווי אַ געביי פון פאַרגליווערטע זונשטראַלן און פאַרהאַרטעוועטע פלאַמען. ווייט אַריבער די געקעסטלטע מויערן מיט די בלעך־כענע דעכער און געדיכטעניש פון קוימענס, סטאַרטשען אין הימל די דריי גרויסע צלמים פון די ׳קרייצבערג׳. אויפן לויטערן, בלויען און שטילן האָריזאָנט איז ווי אַ גרויסע שיף שטיין געבליבן דער שלאָסבאַרג מיט דער חרובער פעס־טונג פון די פאַרצייטישע ליטווישע פירשטן. די ברייט־שטראָמיקע ווילִיע קען חייקל פון זאַרעטשער באַרג ניט זען. פאַרמאַכט ער די אויגן און שטעלט זיך פאָר וואָס עס טוט זיךביים ברעג פון גרויסן טייך אין אַזאַ הייסן זומער־טאָג. ער און דער לאַהויסקער שעמען זיך אַריינקוקן אַ פרוי אין פּנים; דאָרט ביים וואַסער שעמען זיך ניט מאַנסלייט און פרויען אַרומגיין דריי פערטל נאַקעט און זיך באָדן אינאיינעם. די ווייסע זעגל־שיפלעך און די לאַנגע שמאָלע קאַיאַקן, אַנגעפּאַקט מיט מיידלעך אין פאַרביקע באָד־קאָסטיומען, זעען אויס ווי פולע מולטערלעך מיט רויטע פּאַזימקעס, מיט שוואַרץ־בלויע יאַגדעס. אויפן סטאַדיאָן פון ׳מכבי׳ שפּרינגט מען פון די הויכע שפּרינג־ברעטער אין וואַסער, מען פאַר־מעסט זיך אין שווימען, אַ ראַדיאָ שפּילט און די כמעט־נאַקעטע פּאָרלעך טאַנצן מיט באָרוועסע פיס אין הייסן זאַמד. העכער אַרויף שטראָם, נאָך די ׳ווילדע פּליאַזשעס׳, ציען זיך די סאָסנאָווע וועלדער פון אַנטאָקאָל און וואָלאָקומפּיע. נאָכן ברוינען זיך אַ גאַנצן טאָג אין זון און פּלושקען זיך אין דער ווילִיע, גייען די פּאָרלעך זיך ׳אָפּקילן׳ אין די טונקעלע וועלדער. אין אָוונט שפּאַצירט מען דורכן הויכן קאָרן. די יונגע פרויען זיינען אָנגעטאָן אין קורצע געבלימלטע קליידלעך און האַלטן אין די הענט שטעקעלעך, געשניצט פון דינע צווייגן מיט איינגעשני־טענע רינגעלעך אין דער פרישער קאָרע. פון באַקן זיך שעהן־לאַנג אויף דער זון, פילן די מיידלעך אַ שטילן שווינדער און תאווהדיקן ברי אין די ביינער. די בחורים האָבן פּנימער פון בראָנדז און צעפּאַטלטע טשופּרינעס. זיי טראָגן ספּאָרט־

זאַקן, אַריבערגעוואָרפענע קורצע, ברייטע הויזן אויף רימענדלעך וואָס פאַרציען זיך אונטער די קני, און ווייסע העמדער מיט אָפּגעלייגטע קראַגנס און אַרויפ־געקאַשערטע אַרבל איבער די מוסקולירטע אָרעמס. די יונגען גרימפּלען אויף מאַנדאָלינעס, זינגען, און די מיידלעך ביי זייער זייט קוקן מיט סאַמעטענע פאַרבענקטע בליקן אַהינצו וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ צו די הויכע, גאָלדענע, צעכוואַליעטע זאַנגען. הינטער אַנטאָקאָל און וואָלאָקומפּיע ציען זיך ווידער פעלדער און וועלדער ביז צום שטעטל ניעמענטשין. דאָרט אין אַ וואַלד־שטיבל זיצט דער מחזה־אברהם און לערנט פון זיין קליינעם בערלינער ש״סל. ער טראַכט ניט פון דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף די אַרומיקע זומער־וואוינונגען און ער האָט אויך ניט מער אין זינען זיין תלמיד אין ווילנע.

„מיין רבי האָט שוין געזאָלט צוריקקומען פון דאַטשע. לויט ווי ער האָט מיר געזאָגט, האָט ער געזאָלט אַרויספאָרן קיין ארץ־ישראל נאָך תשעה־באב, און היינט האָבן מיר שוין פופצן טעג אין אב,״ מרוקעט חייקל, מיט דער גאָמבע אָנגעשפּאַרט אויף די צונויפגערוקטע קני.

„פון אַלץ וואָס איך האָב זיך פון אייך וועגן מחזה־אברהם אָנגעהערט, זע איך אַז ער איז הימל־ווייט פון צמח אַטלאַס. ווען איך האָב אַזאַ רבין וואָלט איך אפשר פון ישיבה ניט אַוועק,״ ברעכט משה חייט מיט זיינע נערוועזע פינגער די ריטלעך פון אַ טרוקן צווייגל.

„איך האָב עס שוין פון אייך געהערט,״ גיט זיך חייקל צו אים אַ דריי־אויס ווי ער וואָלט בדעה געהאַט אים אַרונטערצושטופּן פון באַרג. „איך דאַרף טאַקע זיין זייער ביטער, אויב איר זייט אַוועק פון ישיבה בלויז כדי אָפּצוטאָן צמח אַטלאַסן.״

דער לאָהויסקער שוויגט, ס׳האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן זיין גאַנצע העזה. ער האָט זיך לאַנג אָנגעמאַטערט ביז ער האָט געקראָגן אַ פּאָר תלמידים וואָס ער לערנט מיט זיי גמרא אין ווילנער גאונס קלויז, און כדי צו געפעלן די תלמידימס עלטערן מוז ער פירן אַ פרומען שטאַט. פון פיינדשאַפט צו זיך אַליין הלמאי ער איז אַ שלימזלניק, גייט ער אַרום אָפּגעלאָזן, מיט אַ פאַרוואָקסענער צורה, דער קלויזניק איז אין זיין יעדער תנועה. ניט ער האָט חברים צווישן די וועלטישע בחורים און ניט ער זוכט זיי, ווייל ער וואָלט מיט זיי ניט געקענט ריידן וועגן זיינע ישיבה־יאָרן. עפּעס אַנדערש אינטערעסירט אים גאָרניט. אויך חייקלען איז שווער זיך צופּאַסן וועלטישע חברים.

„איר טראַכט נאָך אַמאָל פון צמח לאָמזשערס ווייב?״ גראַבלט משה חייט מיט די ברודיקע נעגל אין דער טרוקענער צעקרישלטער ערד. „פאַרן אַוועק־

פאַרן פון ווילנע האָט זי מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל אויפהערן פיינט האָבן איר מאַן וועל איך זי מער ניט ליב האָבן. איר מאַן האָב איך פיינט ווי פריער, אָבער זי האָב איך מער ניט ליב. איר ווייסט פאַרוואָס? ווייל זי האָט אים ליב."

„איז דאָך עס דאָס זעלבע וואָס זי האָט אייך געזאָגט, נאָר אויף אַן אַנדער אופן," דרייט זיך חייקל אומגעדולדיק פון איין זייט אויפן צווייטן. „איך פון איר טראַכט איינגאַנצן ניט מער. כאָטש אין נאַרעווע האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פאַרשייטע, איז זי אַ געוויינלעך ווייבל. העכסטנס וועט זי זיך דערלויבן גיין אין די אייגענע האָר, אָן אַ פּאַרוק. איז פאַרוואָס זאָל איך וועגן איר טראַכטן?"

„די מוסרניקעס וואָלטן אָנגעקוואָלן פון נקמה ווען זיי זעען ווי מיר מוזן אָפּקומען מיט קוקן בלויז פון ווייטן אויף אָט דעם פּאַרק — אויפן גן־עדן וואו די וועלטישע האָבן הנאה פון לעבן. צוויי בחורים אינאיינעם זיינען, ווי די גמרא זאָגט, נהמא בנהמא, ברויט מיט ברויט," געגעצט דער לאָהויסקער אַן אויסגע־צויגענער אויפן רוקן, די הענט צוקאָפּנס און די פאַרמאַכטע אויגן קעגן די בלענדיקע זונשטראַלן. „אין נאַרעווע האָב איך געמיינט אַז איר זייט דער אמתער יונג פון די ווילנער יאַטקעס. איצט זע איך אַז לגבי דער חברה אויף אייער גאַס זייט איר אַן אויסגעווייקטער ישיבה־בחור."

„פונדעסטוועגן וועל איך זיך אַרויסרייסן, פריער אָדער שפּעטער וועל איך זיך אַרויסרייסן, איר אָבער וועט שוין אויף שטענדיק בלייבן אַ קלויזניק," קראַצט זיך חייקל די הענט, ווי מוראַשקעס וואָלטן אים באַפאַלן.

„מיר וועלן פון ישיבה שוין קיינמאָל זיך ניט קענען אָפּרייסן," ענטפערט משה חייט מיט אַ פאַרטראַכט קול וואָס קומט פון ערגעץ ווייט און צעלאַכט זיך פּלוצעם. „איר געדענקט ווי דער פּרא־אדם יאַנקל פּאַלטאַוּוער האָט פּורים צו דער סעודה געבראַכט דעם גבאי שלח־מנות אַ בעזעם? כאַ־כאַ־כאַ!" און דער לאָהויסקער זעצט זיך אויף אַן אויפגעלעבטער, ווי תמיד בעת ער נעמט ריידן וועגן דער ישיבה אין נאַרעווע. חייקל הערט אים קוים, ער בייסט מיט די ציין די היץ־פאַרטריקנטע ליפּן און ווישט דעם שוויס וואָס קוואַלט אַן אויפהער פון זיין שטערן. ער שטעלט זיך אויף, טרייסלט אָפּ פון זיך דעם שטויב און וויזט מיט אַ פינגער אויפן ווייסן געמויערטן בנין.

„אָט דאָ אין זאַרעטשער קלויז האָט געפירט זיין ערשטע ישיבה ר׳ ישראל סאַלאַנטער, דער רבי פון אַלע בעלי־מוסר, קעלמער, סלאָבאָדקער און אויך פון אונדזערע נאַוואַרעדקער. די גאַנצע צייט וואָס מיר זיצן דאָ גייט מיר ניט אַרויס פון זינען, אַז הינטער אונדזערע פּלייצעס געפינט זיך די קלויז פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער."

„זעט איר!“ רופט אויס דער לאָהויסקער אַ דערפרייטער. „איך האָב אייך פריער געזאָגט אַז מיר וועלן פון ישיבה שוין קיינמאָל זיך ניט קענען אָפּרייסן. אייך ציט דווקא אַהער, ווייל בעת איר קוקט פון דאַנען אַרונטער אין גן־עדן פון די עולם־הזהניקעס, שפּיגלט זיך אָפּ פון הינטן אין אייער פּאָטילניצע ר' ישראל סאַלאַנטערס בית־מדרש.“

ביידע קריכן אַריבער אַ צעבראָכענעם פּאַרקאַן און קומען אַריין אין הויף. די טיר אין בית־מדרש איז אָפן, בעלי־בתים קלייבן זיך צו מנחה. אין קאַליטקע פון טויער שטייט דער שמש און קוקט אויס אויף פאַרבייגייער. די צוויי בחורים ווילן אַרויס אין גאַס. כאַפּט זיי דער שמש אָן ביי די אָרעמס און רופט אויס אַז מיט זיי ביידן האָט ער פּונקט אַ מנין. דער לאָהויסקער איז גרייט אַריינגיין אין בית־מדרש, נאָר חייקל מורמלט אַז ער האָט קיין צייט ניט און גייט אַוועק. האָט אויך דער לאָהויסקער חרטה און יאָגט אָן חייקלען וואָס נעמט זיך אויף אים בייזערן.

„אין נאַרעווע האָט איר דער ישיבה אָנגעטאָן געברענטע צרות, איצט פעלט אייך אויס אַ מנחה. איך פאַרשטיי נאָך אַז איר היט זיך פאַר די עלטערן פון די יינגעלעך וואָס איר לערנט מיט זיי אין גאונס קלויז. אויף זאַרעטשע אָבער קען אייך קיינער ניט און איר דאַרפט ניט זיין קיין אָפּנאַרער.“ ,

„איך נאַר קיינעם ניט אָפּ. דער שמש האָט מיך ניט געפרעגט צי איך קען ניט אויסקומען אָן מנחה, ער האָט נאָר געוואָלט איך זאָל זיין דער צענטער צום מנין. און צווייטנס, צווייטנס זייט איר ניט קיין מבין אויף מענטשן. ס'ווילט זיך אַמאָל פילן אַז מען איז ניט קיין איבעריקער אויף דער וועלט, אַז מען איז נאָך עמעצן נייטיק, זאָל זיין באַדיי אויף אַ ווייל און דורך זיין אַ צענטער צו אַ מנין...“

איבער זיין אָפּגעלאָזענעם הילוך און אומזיכערן גאַנג זעט דער לאָהויסקער אויס ווי ער וואָלט געהונקען. זיין נעבעכדיקער שמייכל און מאָדנע רייד צערודערן חייקלען. אים פאַרדריסט שוין הלמאי ער האָט פון זיך אָפּגעשטופּט דעם שמש פון זאַרעטשער קלויז. מיט וואָס וואָלט ער פאַרבראַכן קעגן אמת ווען ער גייט יאָ אַריין דאַוונען כדי די יידן זאָלן האָבן אַ מנין? ער דערפילט ווי דאָס האַרץ אין אים שטעלט זיך אָפּ: דעם מחזה־אברהמס וואוינונג וואָס איז אַ גאַנצן זומער געווען פאַרמאַכט אויף דער שטאָבע, שטייט איצט אָפן. די צוויי האַלבע טירן פון געוועלב זיינען אָפּגעלייגט אויף ביידע זייטן און אויך דאָס איינציקע פענצטער פון וואוינשטיבל איז אויפגעלאָדנט.

„ער איז שוין צוריקגעקומען! דער מחזה־אברהם איז צוריקגעקומען פון

ניעמענטשין און פּאַרט שוין אַוועק קיין ארץ־ישראל!" רופט אויס חייקל טרויע־ריק־באַנג, ווי אַ געהיימער זייגער וואָלט אין האַלבער נאַכט אויסגעקלונגען די צוועלפטע שעה. ער ווייס אַז זיין קורזיכטיקער רבי קען אים דורכן פענצטער ניט דערזען. דאָך גייט ער גיך אַריבער דורך דער ברייט פון דער ברוקירטער גאַס אויף דער אַנדערער זייט. משה חייט גייט אים נאָך און וואונדערט זיך. „איר וועט ניט גיין מיט אייער רבין זיך געזעגענען?" חייקל שווייגט און טראַכט אַז ווען ער וואָלט פריער אויף דער בקשה פון שמש אַריין דאַוונען אין זאַרעטשער קלויז, וואָלט ער איצט געהאַט מוט אַריינצוגיין צום רבין אין שטוב.

וועלע די אויבס־הענדלערקע האָט אויף איר זון און זיין חבר געוואַרט מיט אומגעדולד און זיי גלייך דערציילט, אַז ביי איר איז היינט געווען אַן אומגעריכ־טער גאַסט, דער פריערדיקער וואַלקעניקער ראש־ישיבה ר' צמח אַטלאַס. „ער האָט מיך געבעטן איך איבערגעבן אַז איר זאָלט צו אים אַרויפקומען. ער וואוינט, האָט ער געזאָגט, אין זעלבן איינפאָרהויז וואו אויך איר האָט געוואוינט בעת איר זייט געקומען קיין ווילנע, אויפן ראָג ווילנער און טראָקער," האָט וועלע דערציילט דעם לאָהויסקער און נאָכדעם זיך געווענדט צום זון. „ר' צמח האָט מיר געזאָגט אַז ער איז געקומען אַרויסבאַגלייטן דיין רבין קיין ארץ־ישראל. דו ווייסט גאָר־ניט אַז דיין רבי איז שוין דאָ צוריק פון דאַטשע און פאָרט נאָך היינטיקע וואָך אַוועק קיין ארץ־ישראל?"

דער זון האָט געמרוקעט אַז ער ווייס און איז געוואָרן נאָך מער צעטראָגן. דער לאָהויסקער האָט זיך געקראַצט די פאָרוואָקסענע גאָמבע און זיינע אויגן הינטער די ברילן האָבן זיך פיבערדיק צעגלאַנצט. „כ'וועל אַרויפגיין, געוויס וועל איך צו ר' צמח אַטלאַסן אַרויפגיין," האָט ער געענטפערט און איז אַוועק מיטן נאָכשלעפּיקן טראָט פון אַן אָרעמאַן וואָס נעכטיקט אויף טרעפּ אַ צונויפגעדרייטער אין שמאַטעס. וועלע האָט אים נאָכגעקוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. „מיינע שונאים זאָלן אויך אַזוי ניט אויספירן ווי איר בײדע האָט אויסגעפירט מיטן אַוועקגיין פון לערנען. ר' צמח האָט מיר דערציילט אַז דיין רבי האָט זיך מיט אים געזעגנט אין אַ בריוו. פונדעסטוועגן איז ער געקומען צו פאָרן אים אַרויסבאַגלייטן. און ווען גייסטו צו דיין רבין?"

„כ'וועל גיין, ניט היינט," האָט חייקל אויסגעשריען און איז אַרויסגעלאָפן פון געוועלבל.

לויט איר געוואוינטשאַפט, איז וועלע געבליבן זיצן אויף איר נידעריקן בענקעלע מיט די הענט אין שויס. זי האָט ניט געוואוסט, דאַרף זי זיך פרייען וואָס דער איינציקער זון לאָזט זי ניט איבער און פאָרט ניט מיטן רבין, אָדער זי

דאַרף אויף דעם וויינען. אָט האָט זיין לאָהויסקער חבר, אַ רבס אַ זון, איבער־געלאָזט די עלטערן אין רוסלאַנד און געגנבעט די גרענעץ קיין פּוילן כדי צו לערנען אין אַ ישיבה. איז ער אַוועק פון ישיבה און מאַטערט זיך אין ווילנע ווי אַ רשע אויף יענער־וועלט.

ווֶעלע פאַרבעט דעם לאָהויסקער יעדן שבת אויף טשאָלנט. ביים טיש פירן ביידע חברים וויכוחים און זי האַלט אין איין ציטערן פאַר חייקלס היציקייט. ער דאַרף נאָכגעבן זיין חבר, אויב אַפילו אים דאַכט זיך אַז יענער איז ניט גערעכט. זיין חבר איז דאָך אַן עלנטער און זיין גאַסט ביים טיש. נאָר אַריינמישן זיך אין זייערע רייד וויל ניט ווֶעלע, פּרוּווט זי איינשטילן די קריגערייַ דורך מכבד זיין דעם גאַסט מיט נאָך אַ שטיקל געפילטע קישקע, מיט נאָך אַ פּאָר פאַרברוינטע קאַרטאָפל צי אַ לעפל פלוימען־צימעס. אויך ווען דער לאָהויסקער קומט אַריין אינמיטן וואָך אין געוועלבל זיך פרעגן אויף איר זון, דערלאַנגט זי אים, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ זעקעלע פּירות. פריער איז געגאַנגען דער סעזאָן פון קאַרשן און פלוימען. איצט זיינען אונטערגעקומען די נייע עפּעלעך און בער־נעס. דער בחור וויל ניט נעמען און זי דאַרף אים פאַרזיכערן אַז זי ווערט פון דעם ניט אָרעמער. אָבער זי טוט עס ניט בעת ביידע חברים זיינען אינאיינעם, וואָרום זי האָט באַמערקט אַז דער לאָהויסקער שעמט זיך פאַר איר זון מער ווי פאַר איר. ס׳פּאַסט צו זאָגן, אַ בלאַט גמרא איז ניט קיין בלאַט לאָקשן, און ווער עס האָט געלערנט תורה, דער טויג צו אַלץ. אַזוי רעדט די אויבס־הענדלערקע צו זיך אַליין. דאָס איז לעצטנס ביי איר געוואָרן אַזאַ ווערטל. טאָמער וועט עמע־צער זי שטעכלען אַז איר זון און זיין חבר זיינען אַראָפּ פון גלייכן וועג, זאָל זי וויסן וואָס יענעם צו ענטפערן.

# 18

## דער לאָמזשער מעל־קרעמער ר׳ צמח אַטלאַס

איז געוואָרן אַ געלאַסענער מענטש. ער האָט ניט געשפּרודלט מיט שמחת־הוים, אָבער אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין יאוש, ניט קיין סימן פון כעס און ניט קיין תאווה אַריינצוזאָגן. ערשט אַז מען האָט זיך אין אים גוט איינגעקוקט, האָט מען געקענט באַמערקן אַ מידקייט אין די מויל־ווינקלען און אַ גליווערניש אין בליק, ווי ביי אַ מענטשן וואָס לעבט בלויז פאַר זיינע התחייבותן. זיין פּעך־שוואַרצע באָרד האָט ערטערוויז שוין געבליאַסקעט מיט שנייאיקע פלעקן. אין זיין חדרל אין איינפאָרהויז, אויפן ראָג ווילנער און טראָקער גאַס, איז קעגנאיבער אים געזעסן משה חיט לאָהויסקער און דערציילט אַז ער האַלט זיך אויס פון לערנען מיט אַ פּאָר בעל־הבתישע יינגלעך גמרא. דעריבער מוז ער זיך פירן ווי אַ פרומער בן־תורה. משה חיט האָט דערוואַרט אַן אויסגעשריי: איז וואָס האָט איר מיטן אָוועקגיין פון ישיבה אויסגעפירט? ר׳ צמח האָט אָבער גאָרניט געזאָגט. נאָך אַ ווייל אָפּשווייגן האָט ער בלויז געפרעגט. „און וואו שלאָפט איר?“

„אין אַ סקלאַד פון מאַנופאַקטור־סחורה שלאָף איך.“

פון גרויס איבערראַשונג, האָט ר׳ צמח אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און שוין האַלב געעפנט דאָס מויל. נאָר ער האָט ווידער גאָרניט געזאָגט און שווייגנדיק זיך צוגעהערט וואָס דער לאָהויסקער דערציילט.

„אייגנטימער פון קליטן און לאַגערן מיט סחורה האָבן מורא מען זאָל זיי ביינאַכט ניט באַגנבענען. דינגען געשעפטסלייט פון עטלעכע גאַסן אַ שומר און ער דרייט זיך אַרום אַ גאַנצע נאַכט אינדרויסן ביי זייערע סקלאַדן. פונדעסטוועגן קען דער שומר ניט דערהיטן. בעת ער געפינט זיך אויף איין ראָג גאַס, ברעכן זיך די גנבים דערווייל אַריין אין אַ לאַגער סחורה אויפן צווייטן ראָג. האָבן די געשעפטסלייט זיך דערטראַכט אַריינצולאָזן וועכטער אין די געשעפטן גופא. דער קרעמער פאַרשליסט דעם וועכטער אין אָוונט און לאָזט אים אַרויס אינ־דערפרי. פרייטאָג־צונאַכט דאַרף דער וועכטער קומען פריער, ווייל דער קרעמער פאַרמאַכט פריער, און שבת פרי פוילט ער זיך אויפשטיין. זיצט דער היטער פאַרשפּאַרט אין געשעפט לענגער עלעהיי אַ מויז אין פּאַסטקע. לכתחילה פלעגט מען אַזעלכע נאַכט־וועכטער צאָלן, ביז די אייגנטימער האָבן זיך אַרומגעזען אַז זיי קענען קריגן די מציאה אָן געלט. פאַראַן געגנוג מענטשן וואָס האָבן ניט וואו צו נעכטיקן. און אָט אַזאַ סאָרט שומר אָן געלט איז אויך ער, דערציילט דער לאָהויסקער. בעת דער מאַנופאַקטור־סוחר האָט אים אַריינגענומען, האָט ער מיט

אים, דעם אומזיסטן שלאָפער, אויסגענומען צוויי תנאים. ערשטנס, ער זאָל ביינאַכט און פאַרטאָג ניט ברענען צופיל עלעקטרע; עלעקטרע קאָסט געלט; און צווייטנס, יעדן אינדערפרי איידער ער גייט אַרויס פון געשעפט זאָל ער זיך לאָזן באַטאַפּן צי ער האָט אַרום הוילן לייב ניט אַרומגעוויקלט אַ שטיק שטאָף. דער בעל־הבית האָט אים דערציילט פון זיינעם אַ פריערדיקן אינעוויניקסטן וועכטער וואָס האָט אים בדיל־הדל געשטעלט אַ סך מער ווי דאָס וואָלט געקענט טאָן אַ גנב פון דרויסן. בלית־ברירה האָט ער איינגעשטימט אויףביידע תנאים: דער בעל־הבית זאָל אים יעדן אינדערפרי אַרומטאַפּן צי ער טראָגט ניט אַרויס קיין סחורה, און אַז ער זאָל אין די נעכט ניט ברענען קיין עלעקטרע. וואָס שייך עלעקטרע האָט ער געפּרואווט דעם בעלת־הבית אָפּנאַרן און יאָ געברענט אַ לעמפּל. מען קען דאָך משוגע ווערן פון ליגן וואָך אַ גאַנצע נאַכט אין דער פינצטער און ניט קענען לייענען. האָט אָבער דער מאַנופאַקטורשטשיק די מיאוסע טבע אַרונטערצוגיין שפּעט אין אָוונט פון שטוב און אַריינקוקן דורך די שפּאַרונעס אין זיין געשעפט צי דאָרט ברענט ניט קיין פייער. האָט ער געמוזט זיך אָפּזאָגן פון לייענען ביינאַכט, פאַרפאַלן. נאָר צו איין זאַך איז אים שווער זיך צוגע־וואוינען. יעדן אינדערפרי ווען ער דאַרף אַרויסטראָגן זיין נאַכט־טעפּל און עס אויסריינען, האָט ער ניט וואו זיך צו באַגראָבן פון חרפה און שרעק, מענטשן זאָלן עס ניט באַמערקן. ער פאַרשטייט אַליין ניט פאַרוואָס ער שעמט זיך דערמיט אַזוי שטאַרק. אפשר ווייל ער איז געווען און געבליבן אַ קלויזניק, און קלויזניקעס כידוע שעמען זיך מיט זייערע מענטשלעכע באַדערפענישן.

משה חיים האָט גערעדט כלומרשט פריילעך און האָפערדיק, ווי מיט דער אויסרעכענונג נאָך מער צו צערייסן זיין צוהערערס האַרץ און געוויסן. אָבער וואָס לענגער ער האָט גערעדט און בעת־מעשה באַטראַכט זיין אַלטן בר־פלוגתא צמח לאָמזשער, אַלץ מער האָט ער געפילט אַז זיין איינגעגעסענע פיינדשאַפט האָט שוין ניט קיין זין און ממשות. קעגן אים איז געזעסן אַ מענטש מיטן אויסזען פון איינעם וואָס האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז ער איז אַן אויסגעשפּילטער לעולם ועד.

„איך האָב געוואַרט אויף אַ בריוו פון אייך כדי אייך צו שיקן אַ ביסל געלט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. נאָר איר האָט ניט געשריבן און איך האָב ניט געוווּסט אייער אַדרעס,“ האָט ר׳ צמח אַרויסגעצויגן פון בוזעם־טאַש פּאַפּיר־געלט, צונויפ־געלייגט אין העלפט און צוגעגרייט נאָך פון פריער. ער האָט דאָס פּאַפּיר־געלט דערלאַנגט איבערן טיש דעם לאָהויסקער און יענער האָט עס, ניט געציילטערהייט, אַריינגעלייגט אין הויזן־קעשענע.

„איך האָב ניט געוואָלט אַז אייער פרוי זאָל וויסן וועגן מיין לאַגע. דערפאַר האָב איך ניט געשריבן. אייער פרוי ווייס אַז איר האָט מיר געבראַכט געלט?"

„זי ווייס ניט, און ווען זי ווייס יאָ וואָלט איר דורך דעם אין אירע אויגן ניט אַראָפּגעפאַלן," האָט ר' צמח זיך אויפגעהויבן אַזוי ווייך און שטיל ווי זיינע הענט און פיס וואָלטן ניט געהאַט קיין ביינער און קנאָכנס. „איך בין געקומען קיין ווילנע באַגלייטן דעם מחזה־אברהם, ער פאָרט אַוועק קיין ארץ־ישראל. דאַרף איך איצט צו אים גיין. נאָך זיין אַוועקפאָרן וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען."

„ווי מיינט איר, ר' צמח, ווען איך קום צוריק קיין נאַרעוווע ווי אַ בעל־תשובה, וואָלט מען מיך אַריינגענומען אין ישיבה?"

„ווי מיר דאַכט זיך, איז ניט איר ווילט און ניט איר דאַרפט צוריקפאָרן קיין נאַרעוווע," האָט ר' צמח געענטפערט און דער לאָהויסקער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: אמת, ער האָט געשפּאַסט. ניט ער וויל צוריקפאָרן אין ישיבה און ניט מען וועט אים דאָרט אַריינגעמען, ווייל מען וועט ניט גלייבן אַז ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה. אַ רגע איז ער געשטאַנען מיטן קאָפּ אָפּגעדרייט אַן אַ זייט און עפּעס נאָכגעטראַכט.

„איר ווייסט, ר' צמח? אויף וועלכן וועג אין לעבן איר זייט ניט געגאַנגען, זייט איר געבליבן אומצופרידן. דאָס איז די גרעסטע עוולה וואָס איר זייט באַגאַנגען קעגן אייערע תלמידים און באַזונדער קעגן מיר. איר האָט מיט אונדז געלערנט אַ תורה וואָס איר האָט זיך פאַר איר טאַקע מקריב געווען, נאָר זייט מיט איר ניט געווען גליקלעך. דעריבער זיינען אויך אייערע תלמידים אויסגע־וואַקסן פול מיט סתירות און צעבראָכענע מענטשן. קיין שנאה צו אייך פיל איך ניט מער, איך זע דאָך וואָס פון אייך איז געוואָרן, נאָר קיין דרך־ארץ פאַר אייך האָב איך ניט. גיט מיר ניט מער קיין געלט, אין האַרצן דאַנק איך אייך ניט פאַר דעם. און ווען איך וועל וויסן אַז איך האָב פון קיינעם ניט צו דערוואַרטן קיין הילף, וועל איך אפשר מיט די אייגענע כוחות זיך צו עפּעס דערשלאָגן."

משה חייט לאָהויסקער איז אַוועק און ר' צמח האָט פאַרשטאַנען אַז זיין געוועזענער תלמיד וועט מער צו אים ניט קומען.

נאָך האַלבן טאָג איז דער לאָמזשער מעל־קרעמער געזעסן ביים מחזה־אברהם און ווידער אויסגעשוויגן אַן עצבות וואָס איז געבליבן הענגען אין חלל ווי אַ וואָלקן. לויט זיין רגילות, איז ר' אברהם־שעיה האַלב געזעסן און האַלב געלעגן אויף דער קאַנאַפּע ביי דער וואַנט, מיט דער גאָמבע איינגעשפּאַרט אין קאַנט פון טיש, און געטראַכט מיט אַ שטיפערישן בליאַסק אין די פאַרזשמורעטע אויגן, אַז מיט אַזאַ שווייגן קען ר' צמח פון זיין שטוב פאַריאָגן אַלע בני־בית. פון דער מחשבה האָט ר' אברהם־שעיה, אומגעריכט פאַר אים אַליין, זיך פריילעך צעלאַכט.

„ווען איך ווייס פריער אַז איך וועט איינפאַלן צו קומען פון לאָמזשע מיך באַגלייטן, וואָלט איך וועגן מיין נסיעה אייך געשריבן ערשט נאָכן אָנקומען קיין ארץ־ישראל. ווי וואַרפט מען עס אַוועק געשעפטן אינמיטן דערינען און מען פאָרט אַרויסבאַגלייטן אַ יידן?"

„אויך מיין עקרת־הבית האָט געהאַלטן אַז איך דאַרף פאָרן זיך מיט אייך געזעגענען," האָט ר' צמח טריב געשמייכלט; ער האָט פאַרשטאַנען אַז דער מחזה־אברהם וויל וויסן וועגן זיין שלום־בית. „מיינע גייט אויף הנחות, ווי איר האָט ריכטיק פאָרויסגעזאָגט, נאָר איך בין ניט אַזאַ ווי זי האָט דערוואַרט."

„אויב אַפילו איר זייט מיט אייער איצטיקן אַרט לעבן אומצופרידן, טאָרט איר עס אויך ניט אַרויסווייזן," האָט ר' אברהם־שעיה אויפגעהויבן פון קאַנט טיש די גאָמבע מיט דער צעקנאָדערטער באָרד.

„איך קען עס אָבער ניט אויסבאַהאַלטן," האָט ר' צמחס געמאַטערטער שמייכל זיך אויסגעלאָשן ווי דאָס קאַלטע ליכט פון אַ ווינטער־טאָג. „פון איין זייט מוז איך זיך אָנשטרענגען איך זאָל קענען זיין אַ מעל־קרעמער, און פון דער צווייטער זייט מוז איך זיך היטן ניט צו ווערן אַ מעל־קרעמער אויך אין מיין פנימיות. דאָס איז כמעט איבער מיינע כוחות. קען איך טאָג נאָך טאָג ניט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ שמח־בחלקו."

ער איז געקומען זיך טיילן מיט זיין עצבות, האָט ר' אברהם־שעיה געטראַכט. וואָלט ר' צמח אין זיינע ישיבה־יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, וואָלט ער איצט זיך ניט געשראָקן אַז שטייענדיק אין קראָם זאָל ער ניט ווערן קיין קרעמער אויך אין זיין נשמה. ער וואָלט הנאה געהאַט פון יעדער געדאַוונטער מנחה און זיך געפרייט מיט נאָך אַ בלאַט גמרא וואָס ער האָט באַוויזן דורכצולערנען. האָט ער אָבער אַזוי לאַנג זיך געגריבלט און געחקירהט וועגן אַ בורא־עולם און וועגן דער נאַטור פון מענטשן, ביז ער האָט אויסגעגראָבן אַן אָפּגרונט, ניט צו פאַרשיטן. ר' אברהם שעיהס שטערן האָט זיך שטאַרק געריונצלט, אים איז דאָס מאָל אָנגעקומען זייער שווער צו זאָגן וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו זאָגן.

„אויב ס'איז ניט מן הנמנע, דאַרפט איר האָבן אַ קינד. דעמאָלט וועלן ביי אייך און אייער פרוי אַ סך קשיות ממילא פאַרענטפערט ווערן. זייט מוחל וואָס איך זאָג עס אייך."

ביידע האָבן זיך דערפרייט וואָס זיי זיינען געשטערט געוואָרן אין שמועס. אין שטוב איז אַריינגעקומען חייקל — און איז שטיין געבליבן צעטומלט, ווי פון שרעק ער זאָל ניט דאַרפן אָפּגעבן קיין דאָפּלטן דין־וחשבון סיי זיין רבין סיי זיין וואַלקעניקער מנהל. נאָר ר' אברהם־שעיה און ר' צמח האָבן אים פריינדלעך געגעבן שלום־עליכם און גאָרניט געפרעגט. אין שטיבל האָט זיך געוועבט אַ

שווייגעניש וואָס האָט זיך ווי געצויגן פון זייערע בערד און ברעמען. חייקל האָט ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן. צו זיין גליק איז די רביצן יודעס אָנגעקומען פון גאַס אַ פאַרהאָוועטע מיטן גרייטן זיך אין וועג. „דער אייבערשטער האָט אייך צוגעשיקט, חייקל, איר זאָלט מיר העלפן זיך פּאַרפּאַקן. איר מעגט עס טאָן פּאַר אייער רבין,״ האָט זי געזעדט נאָך געדיכטער ווי שטענדיק. „ער וועט דיר העלפן אין דיין אייגענעם זכות,״ האָט ר׳ אברהם־שעיה געשמייכלט.

אויפן דיל און אויף די בענק אין ליידיקן געוועלב זיינען געלעגן כלים, בעטגעוואַנט, שטויסן ספרים. אַלץ האָט מען באַדאַרפט פאַרפּאַקן אין זעק, טשעמאָ־דאַנעס, געפלאָכטענע קערבלעך. חייקל האָט די זעק אָנגעשטאָפּט מיט חפצים און שטאַרק צונויפגעצויגן די שטריק אויף די פּעק, אַ שוויס האָט אים באַשלאָגן. די רביצן יודעס האָט פון התפעלות געפּאַטשט מיט די ליפּן: אַ בריה! אַ בריה! און די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט ריידן: זי קען דאָך איר אַלטיטשקן, זאָל געזונט זיין, שוין צענדלינגער יאָר, ביז הונדערט מיט צוואַנציק, און אין די מלחמה־יאָרן זיינען זיי דאָך אויסגעוועזן אין אַ האַלב טויט שטעט און שטעטלעך, פונדעסטוועגן זעט זי איצט איין אַז זי האָט אים נאָך אַלץ ניט געקענט. אַ ייד פאָרט אַוועק קיין ארץ־ישראל מיט אַלעמען, פירט ער זיך ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעקליבן איבערן זומער אויף דאַטשע. זי דערציילט אים אַז זי וואָלט געפאָרן זיך אויסוויינען אויף די קברים פון אירע עלטערן אין כווידאַן. איז דאָך כווידאַן ליטע, ווילנע איז פּוילן, און ביידע מלוכות זיינען צעווישן זיך אויף מעסערס. איז ווי אַזוי קען זי דאָרט צוקומען? און זי פרעגט אים, צי ער וועט בענקען נאָך זיין שטעטל קאָסאָווע און נאָך ווילנע? ענטפערט ער: איך וויס ניט, מסתמא וועל איך ניט בענקען. פרעגט זי אים ווידער, וואו וועלן זיי אין ארץ־ישראל וואוינען און פון וואָס וועלן זיי לעבן? ענטפערט ער נאָכאַמאָל דאָס זעלבע אַז ער וויס ניט. וויל זי זיך ביי אים דערקונדיקן צי ער האָט זיך געזעגנט מיט אַלע זיינע פריינד און ווער עס וועט קומען צו דער באַן. ציט ער מיט די אַקסל אַז ער וויל גאָרניט מען זאָל קומען צו דער באַן. ער לערנט פון די ספרים, שרייבט ווייטער אַריין תורה אין זיינע טעטראַדקעס און דאַוונט זיך רואיק ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען.

חייקל האָט גערעכנט אַז ביז ער וועט ענדיקן פּאַקן וועט ר׳ צמח אַוועקגיין און ער מיטן רבין וועלן בלייבן אַליין. דער רבי האָט אים אַ גאַנצן זומער ניט געזען און איצט פאָרט ער אַוועק אויף שטענדיק, מוז דאָך קומען צו אַ שמועס צווישן זיי. האָט ער גאָר אומגעריכט דערזען ווי ר׳ אברהם־שעיה און ר׳ צמח זיינען אַריין אין געוועלב אָנגעטאָן אין די מאַנטלען. ר׳ אברהם־שעיה האָט יודעסן געזאָגט אַז ער גייט מיט זיין אורח אין פּאַפּלאַווער קלויז צו מנחה און חייקלען האָט ער דערלאַנגט די האַנט.

„מאָרגן אָוונט פאָרן מיר אַוועק, ווייל איך זיך מיט דיר געזעגענען."

„איך וועל קומען צו דער באָן," האָט חייקל געמורמלט און דערפילט אין קעל אַ טריקעניש, דערשטיקט צו ווערן. דער מחזה־אברהם האָט גאָרניט גע־ענטפערט און איז אַרויס אינדרויסן אינאיינעם מיט ר' צמחן. חייקל האָט מער ניט געקענט פּאַקן, פון אָנציען די שטריק אויף די פּעק האָט אים געשניטן אין די פינגער און נאָך מער האָט אים ווי געטאָן דעם רבינס באַנעמונג. „ר' אברהם־שעיה פירט זיך טאַקע ווי אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל וואָלט געווען כאילו אַרויספאָרן קיין ניעמענטשין אויף דאַטשע," האָט ער געמרוקעט. „זעט איר, איך האָב אייך געזאָגט!" האָט די רביצן אויסגערופן. זי האָט אָבער געזען ווי דער תלמיד איז צעקלעמט, האָט זי אים גענומען ווייך מוסרן: זי מישט זיך ניט, זי דערציילט אים בלויז אַז בעת זי האָט געהערט אויף דאַטשע איר אַלטיטשקן קרעכצן, האָט זי געוואוסט אַז דאָס קרעכצט ער פון צער וואָס זיין תלמיד רייסט זיך אָפּ פון לערנען.

חייקל איז אַהיים געקומען אַ דערשלאָגענער און דערציילט אַז ער וועט מאָרגן ניט גיין צו דער באַן, ווייל דער רבי האָט מיט אים כמעט ווי ניט געוואָלט ריידן. האָט די מאַמע אים געענטפערט נאָך שאַרפער ווי די רביצן. „ביסט אַ נאַר. מסתמא פאַרדריסט אים דיין אויפפירונג, איז אים שווער מיט דיר צו ריידן." און וועלע די אויבס־הענדלערקע האָט דעם זון באַשוואָרן ווי אַגוסטן, זי זאָל אַזוי דערלעבן אים פירן צו דער חופּה, ווי ער וועט גיין באַגלייטן דעם רבין.

וועלע איז אויך מיטגעגאַנגען. בייטאָג האָט גערעגנט און אָפּגעקילט די אָנגעגליטע לופט, אָפּגעוואַשן דעם שטויב. אָוונט־צייט האָבן די אָנגעצונדענע גאַס־לאָמפּן אָפּגעפינקלט מיט אַ גרינלעכער שיין אין די פייכטע ברוקשטיינער. די דערפרישט בלעטער־קרוינען פון דיביימער האָבן זיך געשפּיגלט אין די רעגן־געוואַשענע פענצטער קעגנאיבער. חייקל און זיין מאַמע האָבן אויפן וואָקזאַל שוין געטראָפן אַ צוויי מנינים יידן אַרום מחזה־אברהם און זיין רביצן.

ביי משפחה־לייט און ווילנער תלמידי־חכמים האָט ר' אברהם־שעיה גע־פּועלט זיי זאָלן ניט קומען אים באַגלייטן. צווישן לומדים האָט מען שוין געוואוסט אַז דאָס ניט וועלן באַמערקט ווערן דערגייט ביים מחזה־אברהם ביז אַ קראַנקייט. טאָמער פאַרבעט מען אים אויף אַ חתונה, שטעלט ער אַ תנאי מען זאָל אים ניט מכבד זיין מיט אַ ברכה; און ער וואָרנט אַז אויב מען וועט אים אויסרופן צו אַ כיבוד קעגן זיין ווילן, וועט ער אַוועק פון אונטער דער חופּה. איז ווען ער איז אַריין צו די שטאָטישע עלטערע רבנים זיך געזעגענען, האָבן זיי אים אויף זיין בקשה געענטפערט: רצונו של אדם זהו כבודו. וויבאַלד ער וויל ניט מען זאָל קומען צו דער באַן, וועלן זיי ניט קומען. מיט די פּשוטע יידן פון מנין אין פּאַפּלאַווער קלויז האָט ער ניט געקענט ריידן ווי מיט די רבנים. ער האָט אָבער

געהאַפּט אַז אויב ער וועט גאָרניט זאָגן, וועט אפשר קיינעם גאָרניט איינפאַלן גיין צו דער באַן. למעשה זיינען געקומען ניט נאָר שטענדיקע מתפללים פון מנין, נאָר אויך יידן וואָס ווייזן זיך אין שול בלויז שבת און יום־טוב.

אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן און פאַרזונקען אין פאַרדבקעטן שטילשווייגן, איז דער מחזה־אברהם געשטאַנען אינמיטן פון געזעמל יידן וואָס האָבן אויך געשוויגן. אַפילו די באַריידעוודיקע רביצן יודעס האָט דאָס מאָל אַ וואָרט ניט געזאָגט, בלויז פון צייט צו צייט אָפּגעזיפצט, ווי בעת זי איז געשטאַנען אין פוסטן געוועלב, די הענט פאַררוקט אין די אַרבל, און געוואַרט אויף אַ קונה. וועלע די אויבס־הענדלערקע האָט דער רביצן גינציק אַריינגעקוקט אין די אויגן און זיך קוים איינגעהאַלטן פון וויינען. אַנטקעגן מחזה־אברהם איז געשטאַנען חייקל מיט פאַרפראָרענע ליפּן אינמיטן זומער, און איבער אַלע בעל־הבתישע קאַפּעליושן, בעל־מלאכהשע היטלען האָט געגליוועט דער הויכוואוקסיקער ר׳ צמח אַטלאַס.

אַ פּאַליאַק, אין אַ בלויען מונדיר מיט גרויסע קנעפּ, האָט אַ זונג געטאָן אונטערן נאָז אינמיטן האַלב טונקעלן וואָרט־זאַל, אַז די וואַרשעווער באַן איז שוין גרייט — און פון אַלע זייטן האָבן פּאַסאַזשירן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויס־גאַנג אויף דער פּלאַטפאָרעם. חייקל איז מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן עולם. זיינע אויגן האָבן זיך פלוצעם פאַרנעפּלט, אין די אויערן האָט אים געהילכט. ער האָט געזען ווי שאָטנס באַוועגן זיך הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ די וואַגאָן־טרעפּ־לעך. דאָס האָבן די פּאַפּלאַווער יידן אַריינגעטראָגן דעם רבינס פּעקלעך אין באַן און זיינען באַלד צוריק אַרויס. ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער האָט יעדערן פון זיי געגעבן די האַנט און געדאַנקט מיט אַ שטומען קאָפּ־שאָקל. אויך די יידן האָבן ניט געטומלט, נאָר אים געוואונטשן מיט אַ שעפּטשעניש ווי ביי דער שטילער שמונה־עשרה אַז ער זאָל אָנקומען קיין ארץ־ישראל בשלום. חייקל האָט דורך פאַרטרערטע אויגן געזען ווי דער רבי און ר׳ צמח אַטלאַס געזעגענען זיך. ביידע דריקן זיך די הענט, אָבער קושן זיך ניט און ריידן ניט אויס קיין וואָרט. די רביצן יודעס איז שוין געווען אינעווייניק אין וואַגאָן און ר׳ אברהם־שעיה איז לסוף אויך אַרויף. „גיי נאָך דיין רבין,״ האָט די מאַמע אַ שעפּטשע געטאָן צום זון און אים אַ שטופּ געטאָן פאַרויס פון זיך.

די רביצן איז געשטאַנען אין וואַגאָן־צימערל און צעשטעלט די טשעמאָ־דאַנעס אונטער די בענק, אויף די איבערשטע פּאָליצעס. דערזען חייקלס מאַמען, האָט זי איבערגעלאָזט דאָס געפּעק און ביידע ווייבער האָבן זיך גענומען האַלדזן, וויינען. די רביצן האָט אויך אַרומגענומען חייקלען, אים געקושט און געשריען מיט איר מאַנסבילש־הייזעריקלעכן קול.

„אַז איר וועט בלייבן ביים לערנען, וועלן מיר אייך אַראָפּברענגען קיין ארץ־ישראל און חתונה מאַכן.״

„איך דאַנק אייך, רבי,״ האָט די אויבס־העגדלערקע געוויינט פאַר דעם מחזה־אברהם וואָס איז געשטאַנען צווישן דעם געפּעק אין ענגן טונקעלן דורכגאַנג. „איר האָט פאַר מיין זון געטאָן מער ווי אַ לייבלעכער פאָטער. זייט אים מוחל וואָס ער האָט אייך פאַרשאַפט יסורים. איך האָף צו דעם וואָס לעבט אייביק אַז מיין זון וועט ניט פאַרגעסן וואָס איר האָט מיט אים געלערנט.״

דער מחזה־אברהם האָט טרויעריק געשוויגן. ער האָט חייקלען דערלאַנגט די האַנט, אַ רגע זיך געקווענקלט צי ער זאָל עפּעס זאָגן און שטיל אָפּגעזיפצט.

„אין אַזאַ מינוט איז שווער צו ריידן.״

ווען מיטן זון זיינען אַרונטער פון די וואַגאָן־טרעפּלעך און נאָך געטראָפן דעם עולם אויף דער פּלאַטפאָרעם. די באַגלייטער האָבן אַרויפגעקוקט צום פענצטער — ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער האָט זיך ניט באַוויזן. די רביצן איז אויף אַ מינוט נאָך צוגעקומען, געמאַכט מיט די הענט און באַוועגט די ליפּן, נאָר דורך די דיקע שויבן האָט מען גאָרניט געקענט דערהערן. אַ קאָנדוקטאָר האָט אַ געשריי געטאָן מען זאָל אָפּטרעטן פון די וואַגאָנעס — און גלייך האָבן האַסטיק געגומען פאַרביישווינדלען פאַרמאַכטע טירן, פענצטער. די רעדער האָבן געררודערט דורך חייקלס שלייפן. דער שטאָלענער געשריי פון דער סירענע האָט אין זיינע אויערן אָפּגעהילכט מיט אַן אומהיימלעך טויב קול פון עולם־התוהו: צעגייט זיך, ווארום איך מאַך חרוב די וועלט! די אָפּגעדעקטע באַן־רעלסן האָבן בלאַנק און שאַרף אַ שניט געטאָן חייקלען פאַר די אויגן, אים האָט זיך געדאַכט אַז זיי ציטערן ווי אַ נעץ פון אָדערן און נערוון. ביסלעכווייז האָט זיך איינגעשטילט דאָס טראַסקעריי פון די אַוועקגעראָלטע רעדער און דער ווינט האָט צעבלאָזן די קנוילן רויך — די צעפּלאַטערטע האָר פון לאָקאָמאָטיוו. די מתפּללים פון פּאַפּלאַווער קלויז זיינען צוריק אַריין אין וואָקזאַל־בנין. אינדרויסן אויף דער פּלאַטפאָרעם זיינען שטיין געבליבן ר׳ צמח אַטלאַס און חייקל. אויך ווען די אויבס־העגדלערקע איז צוריק אַריין אין וואַרט־זאַל און דורך דער גלעזערנער טיר אַרויסגעקוקט אינדרויסן אויף איר זון מיט זיין וואַלקעניקער מנהל.

ר׳ צמח אַטלאַס האָט געקוקט אַהינצו וואו די באַן איז אַוועק און דאָס האַרץ אין אים האָט געוויינט: דער מחזה־אברהם האָט אים געזאָגט אַז ער דאַרף האָבן אַ קינד. ער וויל האָבן אַ קינד און אויך סלאַווע וויל. נאָר זי וואַרט ער זאָל צוריק ווערן איר מאַן מיטן גאַנצן האַרצן, מיט פרייד, דאָס צוזאַמענלעבן מיט איר זאָל ביי אים ניט זיין קיין אָפּקומעניש. דעמאָלט, זאָגט זי, וועט זי האָבן מיט אים אַ קינד. רבונו־של־עולם! אַמאָל בין איך ניט געווען זיכער אַז דו ביסט דאָ, ווייל איך האָב דיך ניט געזען. מיין גאווה האָט מיר ניט געלאָזט גלייבן אין דעם וואָס איך זע ניט און פאַרשטיי ניט. האָסטו אויף מיר געבראַכט אַזעלכע יסורים אַז איך האָב מער ניט גע׳ספקט אין דיר. נאָר אַ בורא־עולם קען שטראָפן אַזוי ווי

דו האָסט מיך געשטראָפט. אמונה אין דיר האָב איך שוין, אָבער ניט גענוג בטחון און ניט קיין לב שמח. שענק מיר אַ ביסל פון דעם מחזה־אברהמס מנוחת הנפש און פון זיין לב־שמח. הבא לטהר מסייעין אותו, העלף מיר, רבונו־של־עולם, העלף מיר! — האָט ר׳ צמח אַטלאַס געשריען אין געדאַנק מיט צונויפ־געפּרעסטע ליפּן, און די אויגן האָבן אים אַזש ווי געטאָן פון טרוקנקייט. אָבער פון חייקלס אויגן זיינען גערונען הייסע טרערן, אים געביסן דאָס פּנים און אַרונטער־געקאַפּעט אונטערן האַלדז.

די פּלאַטפאָרעם איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט נייע פּאַסאַזשירן וואָס האָבן אָפּגעוואַרט אַ באַן. ר׳ צמח אַטלאַס און חייקל ווילנער זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען אין געדראַנג איינער לעבן צווייטן, ווי אַן עלטערער און יינגערער ברודער. אַזוי שטייען אויך צווייביימער ביים שליאַך הינטערן שטעטל. אויפן הימל־ראַנד רוישט און הוידעט זיך אַ געדיכטער וואַלד. בלויז די צוויי ביימער שטייען שטענדיק אומעטיק־פאַרטראַכטע, ווייל דער וואָס האָט געלעבט אין זייער שכנהשאַפט און זיי אָפּגעהיט, איז אַוועקגעפאָרן אין דער וויטער וועלט אַריין און וועט מער ניט צוריקקומען, קיינמאָל ניט צוריקקומען. ר׳ צמח אַטלאַס און חייקל ווילנער האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס וואַרטן נאָך אויף זיי אין לעבן אַ סך נסיונות. אָבערביידע האָב פאַרויסגעפילט, אַז אין אַלע זייערע נסיונות און ראַנגלענישן וועט אויף זיי פאַלן דער אָפּשיין פון דעם איש האלוקים — ר׳ אברהם־שעיה קאָסאָווער, דער מחזה־אברהם.